ז. ווענדראָף



# אונדזער גאָס

## דערציילונגען



„סאָוועטסקי פּיסאַטעל"
מאָסקווע • 1967

דער עלטסטער יִידישער סאָוועטישער שרײַבער ז. װענדראָף (דאָוויד װענדראָװסקי) האָט אָנגעהויבן זײַן ליטעראַרישע טעטי־קײַט אין 1900 י. זײַן קינדהײַט האָט דער צוקינפטיקער שרײַבער פאַרבראַכט אין א קלײנער װײַסרוסישער שטאָט, א טיפּישער שטאָט פון „טכום״, װוּ ער האָט זיך היפּש אָנגעקוקט אף דער נויט און רעכטלאָזיקײַט פון די יִדישע מאַסן. שפּעטער האָט ז. װענדראָף פיל געוואַנדערט, אויסגעמאָסטן אין דער לענג און אין דער ברייט ענגלאַנד און שאָטלאַנד, געווען אין אַמעריקע, אויסגעפּרוּװט פיל פאַרשײדענע פּראָפעסיעס. פאַר די איבער זעכ־ציק יאָר פון זײַן ליטעראַרישער טעטיקײַט האָט ז. װענדראָף אָנ־געשריבן א סאַך קלענערע און גרעסערע דערציילונגען, פאַרצײכע־נונגען, אַרטיקלען. אינעם בוך „אונדזער גאַס״ גײט אַרײַן בלויז א טייל פון זײַנע װערק.

אין זײַנע דערציילונגען האָט דער שרײַבער געשאַפן סאַטירישע פּאָרטרעטן פון יִידישע אונטערנעמער און אויך פון „דיפּלאָמירטע קלײנבירגער״, װעלכע האָבן זיך אָפּגעצאַמט מיט אן אײַזערנער װאַנט פונעם פאָלק.

פיל דערציילונגען װענדראָפס זײַנען געווידמעט די אַרבעטנדיקע מענטשן. װעגן זיי, די פּאָשעטע, האַרציקע און ערלעכע, דער־ציילט דער שרײַבער מיט א ליבן שמייכל, מיט א װאַרעמען הו־מאָר. באַנאַנד מיט דערשלאָגענע מענטשן, געבראָכענע פון דער נויט, באַװײַזט דער שרײַבער אויך דעם טייל פון דער אַרבעטנדי־קער יוגנט, בא װעלכן עס װעקט זיך אוף דער קלאַסן־באַוווסטזײַן, דאָס געפיל פון סאָלידאַריטעט, דער סאָציאַלער פּראָטעסט.

א באַדײַטנדיק אָרט אין װענדראָפס שאַפן פאַרנעמט די שילדע־רונג פונעם פּאָליציייִשן װילקיר אין צאַרישן רוסלאַנד.

# זאָרעך און בולאַני




ינקס פון אונדזער הויז שטייט עליע מילנערס פערדן־מיל, רעכטס — יאבראָווס דרוקערײַ.

די ראָד אין מיל און די ראָד פון דער „אמעריקאנקע" אין דער דרוקערײַ דרייען צוויי זקיינים: אין מיל — בולאַני, אין דרו־קערײַ — זאָרעך.

געפאלן אף דעם לינקן פוס פון פאָרנט און אף דעם רעכטן — פון הינטן, א רוקן דאר און אויסגעקרימט, איין אויג אונטער א בעלמע, די צווייטע — א פארײַטערטע, א קאָלטן אָנשטאָט א גריווע, אן עק — קורץ און שיטער, א פעל — דעם קאָליר פון אָפּגעסמאליעטער שטרוי און מיט צייכנס פון געוועזענע ווונדן באם האלדז, א מאכטלאָז־אראָפּגעהאנ־

גענע אונטערשטע ליפּ, אין וועלכער ס׳דריקט זיך אויס דאָס גאנצע עלנט, וואָס איז אים פאַרבליבן פון דוירעס האָרעפּאשנע פערד בא באַלע־גאָלעס, וואסערפירער און זאמד־פירער — דאָס איז בולאני...

הויך און בייגיק, א פאָנעם — ביז די סאמע אויגן באוואקסן מיט אָן אומגעלומפּערטער געל־גרויער באָרד, האלב־אויסגעלאָשענע, שטענדיק טרערנדיקע אויגן, טיף אין קאָפּ פארזונקען און באהאלטן אונטער גע־דיכטע נידעריק־אראָפּהענגענדיקע ברעמען, דאָס לינקע היפּט־ביין שטארק בוילעט — א זייכער פון א שראפּנעל־וווּנד, — א טראָט פון אַן אויסגעהאָרעוועט פערד, וואָס איז געפאלן אף די פיס, און מיט דעם שטעמפּל פון דרײַסיק יאָר קאזארמע אף זיך — דאָס איז זאָרעך דער ניקאָלײַעווסקער סאָלדאט, זאָרעך דער יאָוון, ווי מע האָט אים פון קיצער וועגן גערופן.

שווער צו זאָגן, ווער פון זיי האָט א שווערערע עלטער: זאָרעך אָדער בולאני.

יעדער פרימאָרגן פירט עליע־לייב ארוף בולאנין אפן מיל־ראָד, בינדט אים צו צום „זשאָלאָב" מיט היי, לאָזט די ראָד און זאָגט יעדעס מאָל דאָס זעלביקע:

— ביסט א נעוויילע, טאָ גיי אפן טאָפּטשאק.

הייבט בולאני אָן גיין און עסן, עסן און גיין... ווערט אים דאָס גיין נימעס פריִער, ווי דאָס עסן, ווייל ער זיך א ביסל אָפּשטעלן און א קײַ טאָן מיט א רויִקן קאָפּ, מאכט ער א טראָט נעענטער צום „זשאָלאָב" — „דער לעצטער טראָט", — קלערט ער און מיינט דאָרט צו פארבלײַבן, — גייט די ראָד אוועק פון אונטער זײַנע פיס... ווייל ער כאָטש אף איין רעגע שטיין בלײַבן און א טראכט טאָן: „וואָס טוט זיך דאָ", — ציט אים די שטריק פארן קאָפּ. גייט ער ווײַטער, און גייט, און גייט... דער אָטעם ווערט קורץ, די זײַטן הייבן זיך, ווי בלאָזזעק, די פיס דינען ניט, דער קאָפּ דרייט זיך, אָבער אָפּשטעלן זיך — קאָן ער ניט...

נעמען וואָס אין מויל, אונטערקרעפּטיקן זיך — איז דערוף אויך קיין קויעך ניטאָ. ער ציט זיך צום „זשאָלאָב", נעמט מער מיט די ליפּן, ווי

מיט די ציין, א מויל — פול טרוקענע פארשטויבטע היי, קײַט ער אָן טאם, האלב פארשיטנדיק אַף דער ראָד. און די ראָד דרייט זיך, און דרייט זיך, און דרייט זיך אונטער זײַנע פיס, און לאָזט אים ניט אָפּשטעלן זיך...

גראָד אנטקעגן אים, אונטערן סאמע דאך, איז פאראן א קליין פענצ־טערל, איינגאנצן מיט מעל־שטויב באשאָטן. דורכן פענצטערל זעט זיך ארויס א ברעקל הימל, וואָס זעט אויס דורך די פארשטויבטע פענצטער, ווי א בלײַענער. קוקט בולאני מיט זײַן פארטרערט אויג אַף דעם גרויען הימל־פלעק, און ס׳דוכט זיך אים, אז דאָס איז דער פּאָטשטאָווער טראקט, ווו ער איז אמאָל געלאָפן מיט א פאריסענעם קאָפּ, פריילעך געקלונגען מיטן גלעקל; געגעסן האָבער אַף די סטאנציעס. שפּעטער — א וואָגן מאסע געפירט. אויך ניט שלעכט געווען: גרינע פעלדער געזען, טיילמאָל, פארבײַגייענדיק, א צופּ געטאָן, א מויל — פול זאפטיק גראָז. אפילע ווען ער האָט א פאס וואסער געפירט, איז אויך בעסער געווען: אלע ווײַלע אָפּגעשטעלט זיך... ס׳האָט זיך געמאכט — א ייִנגל האָט מעכאבעד געווען מיט א געזאלצן שטיקל ברויט... און דאָ — גיי, גיי און גיי...

און אַף בולאניק פאלט אָן א שלעפעריקײַט... די אונטערשטע ליפּ ווערט נאָך מער אָפּגעלאָזט, און אראָפּ פון איר ציט זיך א דינער, קלעפּיקער סליונע־פאָדעם, פאלט אים אַף דער פלאכער קאָפּיטע, די אייבערשטע העלפט שפּרינגט, ווי א נאָכגעלאָזטע פּרוזשינע, צוריק צום ליפּ ארוף...

און א טיפע מידקײַט צעגיסט זיך אונטערן פעל, ס׳ווילט זיך כאפּן א דרעמל, כאָטש שטייענדיק, איין מינוט, ניט מער... די אויגן מאכן זיך צו ניט ווילנדיק, די פיס בלײַבן שטיין מאָדנע פאנאנדערגעשפּרייט, און גלײַך דערפילט ער: די שטריק רײַסט אים די אָדערן פון האלדז... כאפּט ער זיך אוף א צעשראָקענער, ניסט דרײַ מאָל אָפּ, וויל קלוימערשט א הירזשע טאָן, נאָר ס׳קומט בא אים ארויס א מין הייזעריקער הוסט... גיט ער זיך א טרייסל — אופצומונטערן זיך — און גייט ווײַטער, און גייט, און גייט...

* * *

נאָר טאָג, שטעלט זיך זאָרעך דער יאָוון בא דער ראָד פון דער דרוק־מאשין און דרייט זי, און דרייט, און דרייט...

פרימאָרגנס איז ער ווי א הילצערנער: מיט קיין גליד ניט צו רירן. הענט און פיס ציטערן, די אלטע ווונד אין היפט־ביין דערמאָנט אָן זיך, דער קריזש טוט ווי, יעדער דריי מיטן ראָד צעשיקט פונקען איבערן רוקן... קלערט זאָרעך: ער וועט זיך פאַנאַנדערוואַרעמען, וועט אים גרינגער ווערן. נעמט ער שנעלער דרייען דאָס ראָד, ווערט ער גיך אויסגעמאַטערט. דאָס האָריקע, צעכראַסנעטע האַרץ ווערט באַדעקט מיט שוויס, אַרויף און אַראָפּ גייען פון פאָרנט די אַקסל־ביינער, און פון הינטן — די לאָפּעטקעס. ווי שטריק ווערן אָנגעדראָלן די אָדערן אַף די נאַקעטע הענט און אַף דעם אָפּענעם האַלדז. ווי פײַער ברענען די מאָזאָליעס אַף די הענט אַרום הילצערנעם גלאַט־גלאַנציקן הענטל פון דעם מאשין־ראָד, די קני זײַנען ווי פרעמדע, און דאָך — ווייטעקן זיי... די אויגן ווערן ווי מיט הייס וואַסער באַגאָסן און קריכן פון קאָפּ אַרויס... וויל זאָרעך אָנהייבן דרייען לאַנגזאַמער, טרײַבט אונטער דער באַלעבאָס:

— דריי, זאָרעך, דריי, שלאָף ניט!

און דאָס באָכערל אין דעם בלויען העמדל שטייט און לייגט מיט פלינקע פינגער די ווײַסע בלעטלעך אַף דער „אַמעריקאַנקע“, זינגענדיק און פײַפנדיק גייט בא אים די אַרבעט...

אַז מע קאָן מיד ווערן, — פאַרשטייט ער ניט.

פון א ווײַלע אָפּשטעלן זיך טראַכט אַפילע זאָרעך ניט, דרייט ער ווײַטער דאָס ראָד, און דרייט, און דרייט... און עס דרייט זיך דאָס צימער אַרום אים, און די מאשין, און דאָס באָכערל נעבן דער מאשין... די אויגן קריכן פון קאָפּ, אין די שלייפן קלאַפּט, אין קאָפּ פּלאָנטערט זיך עפּעס... קוקט ער אַפן זינגענדיקן באָכערל און, ווי אין כאָלעם, דערמאָנט ער זיך: אויך אַמאָל יונג געווען... א קליינער, באָרוועסער יאָסעמל האָט מען אים געכאַפּט, אין קאַנטאָניסטן אָפּגעגעבן... אין באָד געפירט... האָט זיך

געוואָלט טרינקען... האָט מען געגעבן שמיץ... געצווונגען צום שמאַד, זיך אופגעהאנגען, האָט מען די שטריק איבערגעשניטן... געגאנגען בלוט פון האלדז... ציילן סאָלדאטן מארשירן... עס בלישטשען שפיזן אף דער זון... טרינקען פון בלאָטיק טייכל לאָזט מען ניט... „הורררא!" שרייט מען... פלעווונע געבומען... בראנפן גיט מען... כאסענע געהאט... א געזונטע מויד ציפע געווען... וואָס איז פערציק קאָפּעקעס א טאָג? קום אויס דערמיט... גוט, ס'איז קיין קינד ניטאָ... און עפשער וואָלט עס וואָס אריינגעבראכט... די עלטער פארגרינגערן... א־א, ווי ס'שלעפערט זיך... נו, נו, לעבעדיקער, „פּאָרסיראָוואני מארש"...

און ער טרייסלט זיך אוף, אופצומונטערן זיך, און דרייט ווייטער דאָס ראָד, און דרייט, און דרייט...

* * *

פארנאכט, ווען בולאני טופּעט זיך אָן אף איין און דעם זעלביקן אָרט, שוין ניט וויסנדיק, אף וואָסער וועלט ער איז, נעמט אים עליע־לייב אראָפּ פון ראָד און לאָזט אים ארויס אפּן הויף.

ווי נאָר פון מיל ארויס, אזוי פאלט בולאני, ווי אן אונטערגעהאקטער, מיט א גליד ניט צו רירן.

שווארץ־גראָע קראָען קלייבן זיך ארום אים, ווי ארום א בעווײלע, גריבלען זיך קאלטבלוטיק מיט די טעמפּע שנאָבלען אין זיין קאָלטן, זוכן א קערנדל צווישן די שמוציקע האָר פון זיין אויסגעקראָכענעם עק... שפערלינגלעך גאנעווטעס טאנצן כוצפּעדיק איבער זיין בייניקן קער־פּער: פּיק־פּיק מיט די שנעבלעך, עפשער האָט זיך אָן אים עפּעס וואָס אָנגעקלעפּט, כאָטש פּעטע מיסט א ברעקעלע, מיט וואָס מע קאָן זיך אָדער די אייפעלעך אין נעסט דערקוויקן.

און ער ליגט, ווי א געפּייגערטער. ס'ווילט זיך טיילמאָל א דריי טאָן מיטן קאָפּ: „אוועק, שקאָצים", אָדער, ווען זיי דאָקוטשען שטארק — א שמיץ געבן מיטן קורצן עק, — איז קיין קויעך ניטאָ... זאָלן זיי זיך גריב־לען. מישטיינסגעזאָגט, וואָס זיי וועלן שוין געפינען דאָרט...

* * *

פארנאכט שלעפט זיך זארעך אהיים א צעבראכענער. ווי נאר אין שטוב אריין, אזוי פאלט ער אנידער, ווי א סנאפ. אין א מינוט שפעטער כראפעט ער שוין. גרויסע, פעטע, שווארץ־בלויע פליגן קלייבן זיך אוף אף זיין באוואקסענעם פאנעם, פלאנטערן זיך אין זיין באָרד, קוקן אריין אין זיינע ברייט־אָפענע, האריקע נאזלעכער, זשומען איבער זיין קאָפּ, טוען, וואס זיי דארפן אף זיין צעקנייטשטן שטערן. ער פילט עס ניט...

וועקט אים ציפע: „שטיי אוף מייַרעוו דאוונען, גיי עס וועטשערע".

אבער ער שלאפט, ווי א געהארגעטער. גיט זי א מאך מיטן האנט, שלעפט אראפ פון זיינע פיס די שווערע שטיוול און לאזט אים ליגן אזוי, אפטמאל ביז די זון גייט אוף דעם צווייטן טאג.

* * *

פרייטיק ווערט בולאני ווי ניי אופגעלעבט.

שוין ארום האלבן טאג נעמט אים עליע־לייב אראפ פון ראד, גיט אים א פאטש איבער דער דארער לאפעטקע: „הוליע, דיין וועלט איצט, ווייס אויך, אז ס'איז פאראן שאבעס בא יידן"...

זומער־צייט פירט ער אים צום טייכל זיך אויסבאדן. אמאל קאטשעט ער אים אפ מיט א פאר עמער קאלט וואסער. אפילע א ווינטערדיקער פרייטיק איז אויך ניט שלעכט: פרייטיק איז בולאני ניט אזוי אויסגעמאטערט ווי אין מיטן וואך, גייט ער ארויס אפן הויף, לייגט זיך אנידער אף דער ערד און מאכט א פארזוך אויסצוקייַקלען זיך: א דריגע מיט די פיס אינדערלופטן, א דריי מיטן קאפ, ווי ער וואלט וועמען צוגעוווּנקען, וואס דאס דארף אים העלפן איבערקערן זיך אפן צווייטן זייט. אבער די אלטע ביינער ווייטעקן, די פיס דינען ניט, עס קייקלט זיך ניט...

און נאך א קורצער צייט אומזיסטער מאטערניש שטייט ער אוף

פאוואָלינקע, הירזשעט זיך פאנאנדער, ווי ער וואָלט זיך יאָ רעכט דורכ־געקייַקלט, און גייט געלאסן דאָס מאָל אונטערן ראָד, איין מאָל פאר א גאנצער וואָך גוט אויסרוען און אָפּעסן.

* * *

פרייַטיק נאָך האלבן טאָג פילט זיך זאָרעך, ווי א נייַגעבוירענער: אזייגער צוויי — גלייַך פון דרוקארניע אין באָד אריַין. פארקלייַבט זיך אזש אף דער סאמע אייבערשטער פּאָליצע, טרייַבט ארויס מיטן בע־זעם דעם רעוומאטיזם פון די ביינער, צעפּארעט די מאָזאָליעס אף די הענט און פיס, ווארפט פון זיך אראָפּ דאָס בלייַ און שווייס פון א גאנצער וואָך. טיילמאָל פארגינט ער זיך, טאקע דאָ אין באָד, „לאָזן בלוט" — שטעלן עטלעכע געהאקטע באנקעס אפן פּאָטיליצע... און ער קומט אהיים א צעפריִעטער, אן אָפּגעפרישטער, א יונגער, — כאָטש אין אטאקע גיי...

ווען בולאני עסט מיט א רויִקן קאָפּ דעם האָבער, וואָס עליע־לייב האָט פונזייַנעטוועגן א גאנצע וואָך הויפנסווייַז געשלעפּט בא די פויע־רים, וועלכע קומען אין מיל מאָלן קאָרן, — זיצט זאָרעך א פארהילטער אין דער צימעס־פארע און דאנקט גאָט אין הארצן, וואָס ער האָט אים געגעבן קויכעס אויסצוהאלטן פינף און צוואנציק יאָר ניקאָלייַעווסקע סלוזשבע און בלייַבן א ייִד, וואָס ווייסט דעם טייַנעג פון שאבעס־רו...

און עס שטייען ווידער אָן די וואָכן־טעג, און בולאני און זאָרעך גייען אפסנייַ יעדערער צו זייַן ראָד...

1909

# ווען עס קומט צום לעבן



ײַטל דער וואסערטרעגער איז נאָך ניט געווען קיין אלטער מאן. נאָר זײַן רעכטער אקסל, פון לאנגע יאָרן טראָגן וואסער אף א קאָראָמיסלע, נידעריקער, ווי דער לינקער, זײַן געבויגענער רוקן, זײַן ערדפארביק פּאָנעם און בלויִלעכע נאָז פון א מענטש, וואָס לײַדט פון א כראָנישן יאדישלעוון הוסט, — האָט געמאכט פּײַטלען אויסזען א סאך עלטער פון זײַנע יאָרן.

וואסער טראָגן — א קאָפּעקע פאר אן עמער, דרײַ גראָשן פאר א פּאָר, — האָבן ניט געמאכט פּײַטלען פאר קיין גוויר. דערפאר איז ער רײַך געווען אין קינדער: גאָט האָט געבענטשט די טראכט פון זײַן זיווּג:

זיַין ריקליע האָט אים יעדעס יאָר געבראכט אַ מאטאָנע — אַ קינד. אין אַ געראָטן יאָר — צוויי, אַ צווילינג.

אזוי האָט זיך בא פּיַיטלען אָנגעזאמלט אַ וואָסער צענדליק קינדער, ניט רעכענענדיק די, וואָס זיַינען ניט צופרידן געווען מיט דער אכסאניע און האָבן זיך באצייַטנס אריבערגעפּעקלט אף דער „בעסערער וועלט".

אין איינעם אַ פרייַטיק באטאָג, נאָך דעם, ווי פּיַיטל האָט אָנגעפילט אין אונדזער קיך די דייזשקע מיט וואסער אף צוויי טעג — אף פרייַטיק און שאבעס, — האָט ער אוועקגעשטעלט די ליידיקע עמער און די קאָראָמיסלע אין ווינקל פון דער קיך און ניט דרייסט שטיל אַ זאָג געטאָן:

— כ'וואָלט געוואָלט זען דעם באלעבאָס אף אַ רעגעלע, רעב כאימען, אויב מע קאָן, וואָלט איך געוואָלט זען. אן אייצע האלטן זיך מיט אים.

— איז גייט צו אים אריַין, — האָט די שוועסטער געזאָגט, אָן עפן געבנדיק די טיר פון עס־צימער.

פּיַיטל איז אריבערגעטראָטן די שוועל און געבליבן שטיין באַם טיר.

— גיי אריַין, גיי אריַין, פּיַיטל, — האָט דער טאטע אים גערופן. — וואָס ביסטו געבליבן שטיין ווי אַ אָרעמאן באַם טיר.

— נישקאָשע, איך קאָן באשטיין.

פּיַיטל איז האכנאָעדיק געבליבן שטיין באַם טיר.

— ווילסט עפּעס זאָגן, איז גיי אריַין און זאָג! איך האָב פּיַינט, אז מע שטייט בא מיר באַם טיר.

פּיַיטל האָט געמאכט עטלעכע טריט און איז געבליבן שטיין האלב וועג צום טיש.

— גיי צו נעענטער און זעץ זיך, — האָט דער טאטע שוין אַ ביסל אומגעדולדיק באפוילן, — איך בין ניט דער שטאָט־גוויר...

פּיַיטל איז צוגעגאנגען צום טיש און האלב צוגעזעצט זיך, ווי ער וואָלט ניט זיכער געווען, אז דער שטול וועט אים אויסהאלטן, אָדער ווי ער האָט מוירע געהאט צו פארשמוצן זי מיט זיַינע נאסע הויזן.

— נו, וואָס ווילסטו זאָגן גוטס, פּיַיטל? — האָט דער טאטע געפרעגט.

— איך וויל מיט אײַך זיך אַן אייצע האַלטן, רעב כאַיִם.

— אדעראבע.

— רעב כאַיִם, איר קאָנט מיך ראַטעווען, — האָט פּײַטל גלײַך אָנגעהויבן מיט טאַכנונים.

— וואָס איז געשען? אַן אומגליק, כאָלילע, געטראָפן?

— איך מוז האָבן אַ פערד־און־פאָס, רעב כאַיִם, אַז ניט, בין איך אַ פאַרפאַלענער, — פּײַטלס טאָן איז געשטיגן אין פאַרצווייפלטקײַט.

דער טאַטע האָט אַף אים געקוקט מיט אַ פרעגנדיק בליק.

— נו?

פּײַטל האָט דערקלערט:

מע ווערט עלטער און מיט יעדן טאָג אַלץ שוואַכער אין געזונט. נאָר דאָך וואָלט ער ווי־ניט־איז ווײַטער געטראָגן וואַסער אפן קאָראָמיסלע, „ביז כ׳וואָלט געפאַלן אין די האָלאָבליעס", האָט אָבער פּייסי דער וואַסערפירער אָנגעהויבן פירן וואַסער פון דער קרעניצע, וואָס הינטערן שטאָט, האָט זיך זײַנע, פּײַטלס, באַלעבאָסטעס אויך פאַרגלוסט וואַסער דאַפקע פון קרעניצע. נו, קאָן ער טראָגן וואַסער פון הינטערשטאָט אַף אַ קאָראָמיסלע?

— וואָס איז דאָ צו ריידן וואָס? אָן אַ פערד־און־פאָס בין איך אַ פאַרפאַלענער, — האָט פּײַטל פאַרענדיקט.

דער טאַטע האָט אויסגעהערט און מיטפילנדיק אָפּגעזיפצט:

— יאָ... אָבער וואָס קאָן איך פאַר דיר טאָן, פּײַטל, וואָס פאַר אַן אייצע קאָן איך דיר געבן?

— כ׳האָב געקלערט, רעב כאַיִם, אַז ווען באַלעבאַטים וואָלטן אײַנגעגאַנגען צו באַצאָלן מיר פאַר וואַסער טראָגן פאַר צוויי־דרײַ כאַדאָשים פאָרויס, וואָלט איך עפּשער געקאָנט צונויפקלאַפּן אַף אַ פערדל...

דער טאַטע האָט אַ שמייכל געטאָן.

— גוט, לאָמיר זאָגן, איך וועל דיר באַצאָלן דרײַ רובל פאַר דרײַ כאַדאָשים פאָרויס, וועסטו דאָך פאַר דרײַ רובל קיין פערד־און־פאָס ניט קויפן.

— אָט דאָס טאקע, רעב כאיִם, האָב איך געוואָלט בעטן א טויווע: עפשער וואָלט איר זיך מאטריִעך זײַן איבערצורײדן מיט נאָך עטלעכע באלעבאטים, מיט אײַערע שכיינים, כאָטשבי פון אײַער גאס, זיי זאָלן אויך מיר באצאָלן פאָרויס. אײַך וועלן זיי ניט אָפּזאָגן. אײַך אוואזשעט מען... כאָטשבי א פינף־און־צוואנציקער צונויפשלאָגן. זאָל זײַן א פּאָ־טשאָנטעק, וועט אלץ גרינגער זײַן.

— און מיט וואָס וועסטו דערנאָך די צוויי־דרײַ כאדאָשים מעפּארנעס זײַן דײַן הויזגעזינד? — האָט דער טאטע געוואָלט וויסן.

פּײַטל האָט לאנג געקראַצט זיך אין פּאָטיליצע.

— מ׳וועט זיך שוין ווי־ניט־איז אַן אייצע געבן. דער איקער איז א פערד. אָן א פערד וועלן מיר סײַוויסײַ שטארבן פון הונגער.

דער טאטע האָט א צוק געטאָן מיט די אקסלען.

— גוט, כ׳וועל פּרווון, פּײַטל.

דעם טאטנס שליכעס האָט קיין דערפאָלג ניט געהאט: באלעבאָסטעס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו באצאָלן פּײַטלען פאר צוויי־דרײַ כאדאָשים פאָרויס.

— מאלע וואָסי מאכט זיך, עפשער וועט ער קראנק ווערן, צי גאָר, כאָלילע, שטארבן... ניט מער ווי א מענטש... מיט א מענטשן קאָן אלץ טרעפן. און ווער קאָן עס ביכלאל אויסלייגן מיט איין מאָל דרײַ קארבן פאר וואסער...

פּײַטל איז געווען נידערגעשלאָגן מיטן דורכפאל פון זײַן פּלאַן, נאָר אָפּזאָגן זיך פון זײַן טרוים וועגן א פערד־און־פאס האָט ער ניט געוואָלט און ניט געקאָנט...

פּײַטל האָט נאָרוואָס אָפּגעגעסן וועטשערע. אפן גראָבן טישטעך, וואָס האָט פארדעקט דעם ברעג טיש, איז געלעגן א האלבער לעבל שווארץ ברויט, א מעסער אָן א הענטל, און ס׳איז געשטאנען א טעלער, וואָס איז, קאָנטיק, ניט לאנג צוריק אויסגעווישט געוואָרן מיט א ווייך שטיקל ברויט.

פּיַטל איז געזעסן באַם טיש, געקנעט צווישן די פינגער א שטיקל ווייך ברויט און געקוקט אף דעם בלעכענעם לעמפל מיט דעם פּאַרייכערטן גלעזל, וואָס האָט געקאָפּטיעט אפן וואנט קעגניבער.

ריקליע, דאָס ווייַב זיינס, איז געזעסן אפן בעט און געוויגט מיטן פוס דאָס סקריפּענדיקע וויגעלע, אין וועלכן עס האָט פון אונטער א וויַבערשער וואטאָווער קאָפּטע ארויסגעקוקט א קליין, עלטלעך פּענעמל פון אן אויפעלע. אף די הענט האָט זי געהאלטן נאָך א קליינס, וואָס האָט זיך אלע ווייַלע אָפּגעריסן פון דער פלאך־אראָפּגעהאנגענער ברוסט, א פישטשע געטאָן, ווי א קליין קעצל, און אפסניי געגומען ציִען מיט די בלויע ליפּעלעך.

אפן פּאָדלאָגע, צופוסנס פון בעט, האָבן זיך, פון אונטער א פארשמאָלצענער קאָלדרע, פון איין זייַט ארויסגעזעצן צוויי קעפּלעך: איינס א געגרייַזלטס — א ייִנגלשער, דער צווייטער — מיט גלייַכע שטייפע האָר — א מיידלשער. פון צווייטן זייַט — צוויי פּאָר נאקעטע, ברודיקע פיסלעך...

— וואָלסט גיין, פּיַטל, זיך לייגן אויסרוען? — האָט ריקליע א זאָג געטאָן. — מאָרגן איז פרייַטיק — דארפסטו דאָך פרי פארטאָג אופשטיין, וואָס ס׳טו אויסזיצן? וואָס ס׳טו אויסטראכטן?

— איך טראכט, אז אָן א פערד בין איך אויסגעשפּילט, — האָט פּיַטל געענטפערט מער פאר זיך ווי פארן ווייַב.

האָט אפ אים ריקליע פארווונדערט און דערשראָקן א קוק געטאָן: צי רעדט ער ניט, כאָלילע, פון וועג... וואָס עפּעס גאָר א פערד אינמיטנדערינען? וואָס כאָלעמט זיך אים?..

— כ׳מיין, וואָס קאָן מען אופטאָן מיטן קאָראָמיסלע? — אנטפלעקט איר פּיַטל דעם פארבאָרגענעם געדאנק זיינעם, מיט וועלכן ער האָט זיך שוין לאנג ארומגעטראָגן.

ווייסט ריקליע ניט, מיט וואָס צו טרייסטן אים, און זאָגט, אבי עפּעס זאָגן.

— גאָט וועט העלפן... איז מען דאָך ווי־ניט־איז, גאָט צו דאַנקען, אויסגעקומען ביז איצט.

— און איצט איז פּאַסקודנע: פּיישקע מאַמזער האָט געקויפט א פערד, פירט וואַסער פון הינטערן שטאָט, פון דער קרעניצע. האָט זיך אַלע מײַנע באַלעבאָסטעס אויך פאַרגלוסט וואַסער פון דער קרעניצע.

— גאָר פון קרעניצע? קאַפּרווייטעק פעלט זיי...

— יאָ, נאָר קרעניצע־וואַסער גיב זיי.

— אַנדערש פּאַסט זיי ניט, — מאַכט ריקליע שטאַרק אופגערעגט. — ווי קאָן מען שלעפּן אַפן אַקסל פּאָר צוויי וויאָרסט, ווי?

— ס׳א דײַגע זיי האָבן, די גראָבע גיידערס! זיי גיב קרעניצע־וואַסער, און גאָר!.. מיילע, וואָס איז דאָ צו ריידן? אָן א פערד בין איך א פאַרפאַלענער.

און ס׳איז שטיל געוואָרן. דאָס קינד אַף די הענט איז מיד געוואָרן צו ציִען די לײדיקע ברוסט, איז עס אײַנגעשלאָפן. באַם אויוון האָט גע־שנאָרכט זיצנדיק, א פאַל געבנדיק, צײַטנווײַז, פון רעכטס אַפ לינקס און פון לינקס אַף רעכטס, א רויטהאָריק מיידל; א יינגל אַפן אויוון האָט זיך אומגעקערט אַפן רוקן און אײַנגעשפּאַרט די באָרוועסע פיס אין דער סטעליע; ריקליע האָט מעכאַניש געוויגט מיטן פוס דאָס סקריפּענדיקע וויגעלע, נאָר פּלוצעם האָט זי אופגעהערט צו וויגן און האָט זיך א קער געטאָן צו פײַטלען:

— דאַרף מען טאַקע אָנהייבן קלערן וועגן א פערד.

איצט האָט פײַטל אַף איר פאַרוווּנדערט א קוק געטאָן.

— כ׳מיין, מע וועט אָנהייבן צוביסלעך אָפּשפּאָרן, — דערקלערט ריק־ליע איר געדאַנק.

— פון וואָס וועסטו אָפּשפּאָרן? אַזוי אויך ברויט ניט צו זאַט.

— אַז מע וויל, קאָן מען, — זאָגט ריקליע אַרויס שוין זיכער. — טײ קאָן מען פאַרבייגן, מיטן האָלץ דאַרף מען אויך ניט פוילען, שאַבעס — א ביסעלע אײַנגעהאַלטענער. דער אייבערשטער וועט מויכל זײַן, ביש־קאָשע.

און האָט ריקליע באַוויזן אַ וועג, איז געבוירן געוואָרן אַ האָפענונג, איז דאָס אומעגלעכע געוואָרן אַ זאַך, וואָס קאָן פאַרווירקלעכט ווערן, צו וואָס מע קאָן נאָך דערלעבן און נאַכעס האָבן.

און ביז שפּעט אין דער נאַכט זײַנען פֿײַטל מיט ריקליען געזעסן און געמאַכט פּלענער, ווי צו שפּאָרן אַ קאָפּעקע, גערעכנט, ווי לאַנג קאָן עס דויערן, ביז מע וועט קומען צו אַן אייגן פערדל, פאַרגעשטעלט זיך, ווי גוט ס׳וועט זיי דעמלט זײַן.

ווען זיי זײַנען געגאַנגען שלאָפן, איז שוין דער געדאַנק וועגן אַ פערד אײַנגעוואָרצלט געוואָרן אין זייערע הערצער, ווי זיי וואָלטן אים שוין יאָרנלאַנג אויסגעטראָגן.

אויף מאָרגן האָט שוין דאָס גאַנצע הויזגעזינד געוווּסט, אַז דער טאַטע מוז האָבן אַ פערד און מע דאַרף שפּאָרן אַ קאָפּעקע...

שפּאָרן האָבן אַלע געוואָלט: מענדל האָט געזאָגט, ער וועט באָדיי גיין אַ באָרוועסער, אַבי דער טאַטע זאָל קויפן אַ פערד; דער קליינער לייבעלע האָט אויך אופגעהערט צו וויינען יעדן טאָג, מע זאָל אים קויפן נײַע מײַט־קעלעך, ער וויל אויך, דער טאַטע זאָל קויפן אַ פערד מיט אַ זשערעב־טשיקל, וועט ער קאָנען פאָרן רײַטנדיק... די רויטע זעלדע האָט זיך אַליין אַרויסגערופן דינען בײַ לײַטן פאַר אַ ניאַנקע און די גאַנצע צען רובל אַ זמאַן, וואָס זי וועט באַקומען, וועט זי אָפּגעבן דעם טאַטן... אפילע דאָס קליינוואַרג, הערנדיק שטענדיק איין און דעם זעלביקן שמועס, פלעגן ציִען דער מאַמען פאַרן פאַרטעך און בעטן: „גיב מיר אַ גראָשן, וועל איך געבן דעם טאַטן אויף אַ פערדעלע״...

אָבער שפּעטער האָט זיך ריקליע אַרומגעזען, אַז ס׳וועט לאַנג דויערן, ביז מע וועט פון איינע אָפּשפּאָרענישן אָנקלײַבן אויף אַ פערד. האָט זי גענומען זוכן אַ וועג, וויאַזוי אַ זײַטיקע קאָפּעקע אַרײַנצוברענגען: אָנגע־הויבן אַרײַנעמען אַ פרעמדע ביסל וועש אויסוואַשן, גיין צו לײַטן אַ פּאָד־לאָגע אויסשײַערן, אָפּדערנאַכט — זאָקן געשטריקט, פעדערן געפליקט — אַלץ קומט צו אַ גילדן אין פייסעכדיקן טשײַניק אויף דער פּאָליצע, אין וועלכן די אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס זײַנען אָפּגעלייגט געוואָרן.

ס׳איז ריקליען ניט גרינג אָנגעקומען: ס׳איז געגנוג ארבעט פאראן ארום דעם אייגענעם געזינדל, און קיין איבעריקע קויכעס זײַנען אויך ניטאָ. נאָר דער גדאנק, אז מיט יעדן גילדן, וואָס זי פארדינט, קומען זיי אלץ נעענטער צו זייער צוועק, האָט איר געגעבן קויכעס די שווערסטע ארבעט צו טאָן.

טיילמאָל, שטייענדיק אין א פרעמדער קיך איבער א באליע וועש, פלעגט זי פאר דער באלעבאָסטעס דינסט דאָס הארץ אויסריידן:

— דו מיינסט, טײַערינקע, כ׳וואָלט זיך גדארפט אזוי די קויכעס אײַנרײַסן, פּראצעווען אף די גראָבע גיידערס? האלעווײַ ווײַטער, קיין אשירעס איז ניטאָ, אָבער דאָס שטיקל ברויט און קרופּניק האָט קיינמאָל, גאָט צו דאנקען, ניט געפעלט. איז ניט קיין פליישׁ, אבי איך זאָל זייערע אָפּגעפרעסענע פּענעמער ניט דארפן אָנקוקן... מעכויעוו די וועלט אײַנ־צורײַסן? ניט מער, הײַנטיקע צײַטן איז דיר א מאָדע געוואָרן: וואסער פון דער קרעניצע... לאָזן זיי מײַן פּײַטלען ניט לעבן: וואסער פון דער קרעניצע גיב זיי... בעט איך אײַך, טייערינקע, קאָן מײַנער שלעפּן וואַ־סער אפן אקסל א מײַל ווײַט? אָבער וואָס ארט עס זיי, א דײַגע זיי האָבן! כאָטש לייג אָן מיטן קאָפּ, סוינע־סראָעל, אבי זייער הלאָטקע זאָל ניט פעלן... זאָגט ער, פּײַטל מײַנער: „אָן א פערד בין איך א פארפאלענער". זאָג איך: „גאָט איז א טאטע". זאָגט ער: „עליענאָווע ט׳פון הימל ניט אראָפּ־ווארפן". זאָג איך: „מע קאָן אָפּשפּאָרן". זאָגט ער: „פון וואָס?" זאָג איך: „ס׳איז קיין טערעץ ניט. וויל מען — קאָן מען... ווי מע נעמט זיך אונטער, אזוי העלפט גאָט"... זאָגט ער, פּײַטל מײַנער: „ווייס איך". זאָג איך: „ס׳טו זען"... און הערט איר, טײַערינקע, סע שפּאָרט זיך: פארדינט זיך דאָ א גילדן, דאָרטן — א פערציקער... גיט מען זיך ניט נאָך די האלדז... זאָל נאָר דער, וואָס איך בין ניט ווערט זײַן נאָמען צו דערמאָנען, העלפן קו־מען צו א שטיקל פערדל, וועט שוין אלץ רעכט זײַן...

אף דער מאמע קוקנדיק, האָבן זיך די קינדער געפונען פּארנאָסעס: לייבל האָט געמאכט פּאפּירענע לאָמטערנעס און פארקויפט צו דרײַ קאָפּע־קעס א שטיק; געהאנדלט מיט יעוואָנישע קנעפּ, מיט „ניקאָלײַעווסקע" מע־

סערלעך; מענדל האָט יעדן פּרימאָרגן געהאָלפן ראָשע דער בעקערן אַרויס־טראָגן אַ קאָשעק בייגל אין מאַרק אַרײַן, און די צוויי בייגל, וואָס ער האָט באַקומען פאַר טראָגן דעם שווערן קאָשעק, האָט ער ניט איין מאָל פאַר־קויפט די כאַוויירים אין כיידער, און די פּאָר גראָשן געבראַכט אַהיים „פאַרן פּייסעכדיקן טשײַניק"... די מיידלעך האָבן אַ פרעמד קינד צוגע־ניאַנטשעט, אַ גאַנג געלאָפן פאַר אַ קאָפּעקע — אַלץ אין טשײַניק...

די אַלע פאַרדינסטן זײַנען מיט סימכע געבראַכט געוואָרן אַהיים און אַרײַנגעלייגט געוואָרן אין פּייסעכדיקן טשײַניק.

— דער טאַטע וועט קויפן אַ פערד...

נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט איז פּײַטל געקומען אַהיים, אַראָפּגעשטעלט די לײדיקע עמער מיטן קאַראָמיסלע אין פּירהויז, איז אַרײַן אין שטוב, און מיט די הענט אויסגעשטעלט פאָרויס איז ער געגאַנגען גלײַך צום אויוון אָנצוּוואַרעמען אַ ביסל די פאַרפרוירענע פינגער.

— עפּעס שטיל אין שטוב, — מאַכט פּײַטל, שטייענדיק מיטן פּאָנעם צום אויוון. — די פּיסקונעס שלאָפן שוין אַזוי פרי?

— כ'ווייס אַליין ניט, וואָס מיט זיי איז: כיענעלע עפּעס ניט געזונט, און ציפּקע איז אויך, דאַכט זיך, ניט מיט אַלעמען.

— וואָס איז? — פרעגט פּײַטל אומרויִק.

— כ'ווייס, וואַרעמקײַט האָבן זיי... כיענעלע ברענט...

— אַוואַדע צוגעקילט זיך, — שטויסט זיך פּײַטל אָן, — אָדער פון מאָגנדל... ריצנייל אַ לעפּעלע גיב איר...

— כ'האָב מוירע, ס'איז ניט פון מאָגנדל. עפּעס ברענט כיענעלע, ווי אַ פײַער. און אין העלדזל זעגט באַ איר אַזוי, אַז איך מיין דאָס קינד ווערט, כאָלילע, דערשטיקט... עפּשער מאָטיע דעם רויפע אַרײַנרופן?

— שויך, „מאָטיע דעם רויפע"! סע שיטן זיך באַ איר צוויי גילדער־נערס שיטן זיך! ווו וועסטו זיי נעמען ווו?

— מ'האָט געקאָנט אַנטלײַען פון „יענע", — מאַכט ריקליע ניט זי־

כער, א ווייַז געבנדיק מיט די אויגן צום פּאַליצע, ווו דער פּייסעכדיקער טשייַניק איז געשטאַנען.

פּייַטל איז א צעקאַכטער געוואָרן.

— „פון יענע"... שוין פון יענע! נאָך וואָס ווערסטו אויסטראַכטן? א קינד עפּעס ניט מיט אַלעמען, איז שוין רעכט טשעפּען פון יענע... אָט אזוי וועט מען קומען צו עפּעס, האַ? אָט נעם גיס איר אַרייַן א לעפל ריצנייל, קויף פאר א פּאָר גראָשן טרוקענע מאַלינע־טיי און גיב איר זיך אָנטריבקען, וועט זי דורכשוויצן, און מאָרגן, מירצעשעם, וועט זי אופשטיין א פרישע, א געזונטע.

פּייַטלס רעצעפּט האָט ניט געהאָלפן: כיענקע איז אף מאָרגן ניט אופגעשטאַנען א „פרישע, א געזונטע", און ציפּקע, דאָס צווייטע העלפט פון צווילינג, וואָס איז געשלאָפן מיט איר צוזאמען אין איין בעטל, האָט אויך געברענט, ווי א פייַער. אין די העלדזלעך האָט בא זיי געכאָרכלט, ווי צו דער גסיסע.

איז שוין פּייַטל אַליין, נאָך טאָג, געלאָפן נאָכן רופע. דער רופע האָט גלייַך געשיקט נאָכן דאָקטער. דער דאָקטער האָט זיך שטארק געבייזערט, לעמייַ מע האָט אים בעכטן ניט גערופן, געהייסן צונעמען די איבעריקע קינדער פון שטוב, און איז אוועק, אָפּזאָגנדיק זיך פון דעם האַלבן רובל, וואָס פּייַטל האָט אים געשפּארט אין האַנט.

קעגן נאַכט איז כיענעלע אויסגעגאַנגען.

אין א שאָ ארום איז ציפּקעלע געגאַנגען דעם זעלביקן וועג...

מאָטיע דער רופע האָט געזאָגט: ס'איז געווען דיפטעריט.

פונעם קאַפּיטאַל אין טשייַניק איז געבליבן אײן האַלבער רובל — דער האַלבער רובל, פון וועלכן דער דאָקטער האָט זיך אָפּגעזאָגט.

דאָס איבעריקע איז אוועק אף טאַכריכים און קוורע־געלט...

ווען פּייַטל מיט ריקליען זייַנען צוריק געקומען פון בעסוילעם און געזעצט זיך שיווע, האָבן זייערע אויגן געבלאָנדזשעט פון דעם ליידיק וויגעלע צום פּוסטן טשייַניק און פון טשייַניק צום וויגעלע...

דאָס האַרץ האָט ווי געטאָן אפן צווילינג און אף דער אָפּגעשטאָר־בענער האָפענונג.

גיי הייב וויַיטער אָן פונדאַסניַי.

ווען מע האָט זיך גענוג אָנגערעדט פון דעם געשטאָרבענעם צווילינגס שמייכעלעך און מינעלעך, האָט פיַיטל א פרעג געטאָן:

— וויפל איז דאָרטן געווען, אין טשיַיניק?..

— עלף רובל אָן אכט קאָפּעקעס... ווי צו מיַינע יאָרן!..

און ס׳איז שווער געווען צו זאָגן, וווהין דער „ווי״ געהערט: צו די געשטאָרבענע קינדער אָדער צו דעם פארפאַלן געלט.

און אין א וויַילע ארום האָט זי צוגעגעבן:

— צוויי דריַירובלדיקע, פּאַפּירענע... דריַי זילבערנע רובלס... א האַלבער רובל מיט צוויי זילבערנע פערטעלעך... דריַי פערציקערס, א גריוועניקל, פיר בלישטשענדיקע זילבערנע צענערלעך, א קאָפּעקע און צוויי ניַיע גרעשעלעך... א בראָך צו מיר!.. מיַינע אומשולדיקע אויפּע־לעך!..

און ביידע זיַינען זיצן געבליבן שטיל, צושאָקלענדיק מיט די קעפּ.

טיף ערגעץ, אין א ווינקעלע פון מויעך, איז שוין בא ביידן געבוירן געוואָרן אָן אומדיַיטלעכער געדאנק, אז דער האַלבער רובל אין פייסעכ־דיקן טשיַיניק דארף ניט בליַיבן אליין... נאָר קאָלזמאַן די וווּנד איז פריש געווען, האָבן זיי ווי געשעמט זיך צו ריידן וועגן דעם.

ערשט שפּעטער מיט א שטיק ציַיט, ווען אויסער דער מאַמען האָבן שוין אַלע קימאט פארגעסן אָן צווילינג, האָט מען אפּסניַי אָנגעהויבן שמו־עסן וועגן א פערד...

איצט, האָט זיך פיַיטלען מיט ריקליען געדאכט, וועט גרינגער זיַין דערגרייכן עס: זעלדע דינט אף א שטעלע, די צוויי קלענערע קאָן מען שוין אויך אָפּגעבן פאר ניאַנקעס דעם זמאַן. טאקע שווער, נעבעך, פאר יונגע קינדער, אָבער וואָס זאָל מען טאָן? מע מוז דאָך האָבן א פערד. דער־פאר וועט זיי שפּעטער בעסער זיַין... מענדל ארבעט שוין אויס זיַינע

צען גילדן א וואָך בא א שוסטער, לייבל — בא א סטאָליער אין דער לער — אויך מיט א מויל ווייניקער. אַלץ גרינגער ווי פריִער.

און מע האָט ווידער געגומען אָפּשפּאָרן.

אָבער אין דעם אָפּגעשפּאָרטן געלט איז קיין מאזל־בראָכע ניט געווען: א גאנץ ווינטער האָט פּײַטל צוגעקרענקט, געהוסט און איז אָפּטמאָל א טאָג און צוויי געבליבן זיצן אין שטוב.

פאר אָנדערהאלבן יאָר קוים פופצן רובל אָפּגעשפּאָרט.

דאָס איינציקע, וואָס האָט פּײַטלען אף די פּיס געהאלטן, איז געווען די האָפענונג, אז ער וועט דאָך ווען־ניט־איז קומען צו א פערד און וועט פאָטער ווערן פון דער קאָראָמיסלע.

אָבער וואָס ווײַטער, אַלץ מער האָט ער אײַנגעזען, אז ביז ער וועט דערלעבן די נעכאָמע, קאָן ארויס די נעשאָמע. ווער ווייסט, ווי לאנג ס׳וועט נאָך דויערן, ביז ער וועט, בא הײַנטיקן יאקרעס, האָבן גענוג אף א פערדל.

און זוכנדיק טאכבולעס, וויאזוי וואָס גיכער דערשלאָגן זיך צו א פערד, איז בא אים געבליבן, אז דער איינציקער וועג איז: לײַען עטלעכע קערב־לעך בא זעלדען.

איינמאָל, א שאבייסענאכטס, ווען זעלדע איז געקומען געוואָר ווערן טאטע־מאמע און די איבעריקע קינדער זײַנען אויך געווען אין דער היים, האָט זיך פּײַטל לאנג ארומגעדרייט איבערן שטוב, קלוימערשט ער זוכט עפּעס, דערנאָך האָט ער זיך מיטאמאָל אָפּגעשטעלט באם טיש, אָנגע־שפּארט זיך אף אים מיט די הענט, און קוקנדיק אף זעלדען, האָט ער מיט א ראכמאָנעס־כניפעדיק שמייכעלע א זאָג געטאָן:

— קערסט שוין מיסטאמע האָבן א שטיק מיט געלט, הא, טאָכטער?

— זאָל עס מיר און אונדז אַלע צוקומען, וואָס מיר פעלט, — האָט זעלדע געוווּנטשן. — ווייסט דאָך, וואָס איך האָב: אָט דאָס, וואָס איך האלט בא דיר.

— פינף און זעכציק קארבן? דאָס איז גאָר דײַן נאדן? ע, מינאסטאם פאראן ערגעץ א קניפּעלע, זײַ זיך מוידע...

קוקט אים זעלדע אָן פארוווּנדערט: וואָס רעדט ער עפּעס מיט איר אזוי? דוכט זיך, ער ווייסט פון יעדן גראָשן, וואָס זי פארמאָגט...

— דאכט זיך, איך באהאלט פון דיר ניט, — מאכט זעלדע האלב פארדראָסיק.

— ניין, זעלדע, איך פרעג עס אנטקעגן דעם, וואָס כ׳האָב געקלערט ע־ע... טאָמער האָסטו עטלעכע זײַטיקע קערבלעך, וואָלסטו מיר עפּשער געליִען ע־ע... אף א פערד...

און אזוי ווי ער וואָלט מוירע געהאט, אז זעלדע וועט אים ניט פאר־שטיין האָט ער אײַלנדיק צוגעגעבן:

— פארשטייסט, זעלדינקע, נאָר לײַען, ניט שענקען, כאָלילע... דײַ־נעם א פארהאָרעוועטן גראָשן פארנעמען — זאָל מיך גאָט היטן!..

זעלדע איז געשטאנען ווי א צעטומלטע: דערוף האָט זי זיך ניט גע־ריכט.

איר געלט דארף זי פאר זיך: זי איז שוין ניט קיין יונגינקע... בע־קיוון געקליבן באם טאטן, ניט אָפּגעגעבן אף פּראָצענט, געמיינט: בא אים וועט גאנצער זײַן, בעט ער גאָר „לײַען“!..

— האלעווײַ וואָלט איך נאָר אזוי געהאט זײַטיקע, טאטע, ווי איך וואָלט דיר ניט געליִען — געגעבן, — מאכט זעלדע, פילנדיק, אז איר געלט איז אין סאקאָנע.

— און פון די, וואָס דו האלטסט בא מיר, וואָלסטו מיר געליִען? ניט קיין סאך! איין פינף־און־צוואנציקער... זיבעצן קערבלעך האָב איך! און פאר א פערציק קארבן קאָן מען קויפן א שיין פערדל...

— ווי קאָן איך? ווייסט דאָך, טאטע, אז צאליע וועט מער ווי נאָך א צוויי זמאנים ניט ווארטן. ער וויל כאסענע האָבן און קויפן אן אייגענעם שפּאן. מיִעס געוואָרן, זאָגט ער, זײַן א שמײַסער בא יענעם. מוז איך דאָך האָבן כאָטש א הונדערטער, אכוץ כאסענע־קליידער. ווי זשע קאָן איך דיר אוועקגעבן?

— איַ, טאָכטער, פאַר צוויי זמאַנים וועל איך דיר, אימירצעשעם, אָפּגעבן א הונדערטער פאַר דעם פינף־און־צוואַנציקער, און נאָך מאכן דערצו א כאַסענע, ניט ערגער פון לײַטן.

— כ׳האָב מוירע, טאַטע, ווער ווייסט, וואָס ס׳מאַכט זיך. ציפּע די גראָבע שאַרט זיך אַזוי אויך צו צאַליען... ער וויל ניט וואַרטן...

— איז הייסט עס, זאָל איך זיך לייגן און שטאַרבן? — פּרובירט פּײַטל צו ווירקן אַף איר פון דער אַנדערער זײַט.

— איז וואָס זשע קאָן איך העלפן? — בעט זיך בא אים זעלדע.

— קינדער האָבן אַף דעם אייגענעם טאַטן קיין ראַכמאָנעס ניט...

— איז וואָס האָסטו צו מיר? וואָס קאָן איך העלפן? — האָט זעלדע שוין העכער אויסגעשריִען.

— דער טאַטע וועט דאָך פאַלן אין די האַלאַבאָליעס, — מישט זיך אַרײַן די מאַמע, — ער האָט דאָך שוין קיין קויעך ניט די פיס צו שלעפּן! ווי לאַנג נאָך קאָן ער גיין מיטן קאָראָמיסלע?

— ווו וועט זיך די מאַמע מיט די קינדער דעמלט אַהינטאָן? — פאַלט איר פּײַטל אַרײַן אין די רייד.

— א שטיין איז דאָס, ניט קיין מויד! — וואָרטשעט מענדל.

— זעט נאָר דעם באַל־צדאָקע אַף יענעמס קעשענע! — האָט זעלדע אַרופגעוואָרפן זיך אַפן ברודער, געגרן אויסצולאָזן איר ביטער האַרץ צו זײַן קאָפּ.

— נישקאָשע, כ׳שטיי אויך ניט פונוויַטן, — פאַרענטפערט זיך מענדל. — א גאַנץ ווינטער געטראָגן דעם טאַטן א רובל א כוידעש. דער דאָקטער האָט געזאָגט, כ׳זאָל טרינקען פיש־טראָן, מילך, און איך האָב ביז א גראָשן דער מאַמען אָפּגעגעבן... „א באַל־צדאָקע אַפ יענעם“ — זאָגט זי!

— איז וואָס זשע ווילט איר פון מיר, וואָס! — האָט זיך זעלדע צע־וויינט. — כ׳זאָל פון זיך די העמד אויסטאָן? נעמט, שינדט פון מיר די הויט אַראָפּ!.. כ׳דאַרף גאָרנישט, אַבי ס׳זאָל זײַן א פערד, נעמען זאָל מיך שוין די ערד, ריבוינעשעלוילעם!..

— שאַ, שאַ, ניט — איז ניט! ניט מער, כ׳האָב געמיינט — אַן אייגן קינד...

— נעם, נעם אינגאַנצן! איך דאַרף ניט קיין געלט... כ׳וויל ניט דעם שידעך!.. מעגסט נעמען פינף און צוואַנציק, פופציק, די גאַנצע פינף און זעכציק נעם, די ערד זאָל מיך שוין נעמען!..

— ליַי איך באַ דיר צוואַנציק — דריַיסיק קערבלעך. ווען ניט מאָר־געדיקער יאַריד, וואָלט איך ניט געליַיען, זאָלסט מיך אָפּגילטן!.. מאָרגן קאָן מען קויפן בעכינעם... מיט גאָטס הילף, — אַ הונדערטער אָפּגעבן, מיט כאַסענע־קליידער, מיט מאַטאַנעס...

זעלדע האָט אים שוין ניט געהערט: זי האָט געכאַפּט די פּאַטשיילע אויפן קאָפּ און וויינענדיק אַרויסגעלאָפן פון שטוב...

אויף מאָרגן איז דאָס גאַנצע הויזגעזינד אויף געווען נאָך טאָג. פּיַיטל אַליין איז אומגעגאַנגען אַ צעפּלאָנטער, ריקליע האָט זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען, מענדל און לייבל האָבן זיך אויסגעזוכט טערוצים און ניט געגאַנגען צו דער אַרבעט.

גאַנצפרי, ווען דער אוילעם אויפן פערד־מאַרק האָט נאָרוואָס אָנגע־הויבן אופצוקומען זיך, איז שוין פּיַיטל מיט די זין געווען דאָרטן און באַ־קוקט פערד.

פּיַיטל איז קיין גאַסט ניט געווען אויפן פערד־מאַרק: באַלד, ווי ער האָט נאָר אָנגעהויבן קליַיבן אויף אַ פערד, פלעגט ער יעדער יאַריד אַרויס אויפן מאַרק, געדרייט זיך צווישן די ציַילן אויסגעשטעלטע פערד; הייבט באַ איין פערד דעם עק, באַם צווייטן — אַ פוס, קוקט אין די ציין, באַ־טראַכט די קאָפּיטעס, שפּאַרט זיך איַין מיטן פויסט אין פערדס זיַיט... זעט ער, אַז אַ פערד בײַט אַלע וויַילע די פיס, האַלטנדיק איין פוס אונ־טערגעבויגן — ווייסט ער, אַז ער איז געפאַלן אויף די פיס, און גייט אַוועק: „ניט פאַר מיר קיין סכוירע“... ער דרייט זיך צווישן ציגיַינער,

שמועסט מיט קאַניוכעס און שפּילט די ראָליע פון א קוינע, וואָס זוכט די ריכטיקע סכוירע.

פערד־הענדלער ווייסן, אז ער איז ניט קיין גרויסער קוינע, נאָר אז ער האָט געגעבן געלט אַף א וואָכעדיקן גייער, זײַנען ווי זיכער געווען. אזויפיל יאָרן א מענטש צילעוועט זיך צו א פערד!..

יענעם זונטיק, ווי נאָר ער איז ארויס אַפן פערד־מארק, אזוי באַ־געגנט אים קאַפּל קאַניוך מיט א זעק איבערן פּלייצע:

— האָב איך פאר דיר א סוס, פּײַטל — א צאצקע! דער גובערנאַ־טאָר מעג אַף אים פאָרן, ווי דו זעסט מיך א יידן!

און גלײַך טאקע א כאַפּ געטאָן און ארויסגעפּירט פארן צײַמל א דארע שקאפּע, גענומען שנײַדן מיטן בײַטש־שטעקל, ציִען פארן צײַמל, שרײַען — „ווי־האָ־נו!" און קעסיידער געשאָטן מיט רייד:

— זעסט א גאנג — פײַער!.. פּיס!.. א טראָט! א רוקן מיט א האלדז!

די קליאטשע האָט זיך געדרייט און געדריגעט מיט די פּיס, ווי זי וואָלט געזוכט אן אָרט, וווּהין צו באהאלטן זיך פון קאַפּלס קלעפּ.

פּײַטל איז געשטאנען און געקוקט מײַסע־מיוון. נאכער קאלטבלוטיק א זאָג געטאָן:

— פאָר זיך נאָר, אַף טשיקאַוועס, דורך אַף איר, קאַפּל...

אין א מינוט ארום איז קאַפּל געזעסן רײַטנדיק אַפן פערד, געריטן הין און צוריק פארבײַ פּײַטלען, וועלכער האָט די אויגן ניט אראָפּגע־נומען פון דער קליאטשעס פּיס.

נאָך קאַפּלען איז מענדל דורכגעריטן אַף איר.

דערנאָך האָט פּײַטל באטראכט באַם פערד די אויגן, די ציין, די קאָ־פּיטעס, און איז צופרידן געבליבן מיט דער סכוירע.

קיין גרויסער פארשוין איז די קליאטשע אפילע ניט געווען, און ס'איז א סאָפּעק, צי דער גובערנאטאָר וואָלט אַף איר געוואָלט פאָרן, נאָר פאר פּײַטלען, וואָס האָט שוין יאָרנלאנג געכאָלעמט וועגן אן אייגן פערדל, איז אָט די שקאפּע, וואָס איז שוין דורכגעגאנגען אלע מאדרייגעס פון א האָרעפּאשנעם פערד, — געווען דאָס בעסטע, וואָס ער קאָן זיך ווינטשן.

— וואָס בעט מען פאַר דער נעווייליע? — מאַכט פּיַיטל גלײַכגילטיק, קלוימערשט די סכוירע געפעלט אים ניט.

— ווילסט קויפן? — ענטפערט קאָפּל מיט א פראַגע.

— אויב באַם ווענ...

— ווי דו ביסט א ייִד?

— ווי איך בין א ייִד... כ'מיין, וואָס מיינסטו עפּעס, ע־ע...

— גיב דײַן האַנט.

פּײַטל האָט אויסגעשטעלט די רעכטע האַנט, קאָפּל האָט אַראָפּגעלאָזן א הילכיקן פּראַסק איבער איר און האָט מיט ברען א זאָג געטאָן:

— זי וועט גיין צו דיר פאַר א פּיר און פערציק קאַרבאָוונצעס! מיטן ציימל, מיט האַק־און־פּאַק... כאַפּסט א מציאה — דײַן מאַזל! זאָל דיר גאָט העלפן!..

האָט מען זיך געדונגען, געפּאַטשט איבער די הענט, ביז מע איז מושווע געוואָרן אף זעקס און דרײַסיק רובל מיט פּײַטלס „מאָהאָריטש“.

קאָלזמאַן פּײַטל האָט זיך געדונגען מיט קאָפּלען, האָט ער זיך געמאַטערט צו זײַן קאַלטבלוטיק. ווי נאָר ער האָט אָבער אָנגענומען דאָס פערד פאַרן ציימל צו פירן אים אַהיים, — זײַן אייגן פערד אַהיים פירן, האָבן בא אים אַזש די הענט געציטערט פאַר פרייד.

יאָרן געכאָלעמט פון אן אייגענעם פערד, און — אָט האָט ער אים!..

מענדל און לייבל האָבן זיך געבעטן, ער זאָל זיי לאָזן פירן דאָס פערד פאַרן ציימל, נאָר ער האָט זיי אפילע ניט געלאָזן צורירן זיך צו אים.

— לאָזט, טשעפּעט ניט!..

ווי א יונגער איז ער געגאַנגען, פירנדיק די דאַרע קליאַטשע פאַרן ציימל און אומקוקנדיק זיך אף איר אַלע ווײַלע אַהינטער.

לייבעלע איז אוועקגעלאָפן פאָרויס אָנזאָגן אין דער היים די סימכע, אַז דער טאַטע האָט געקויפט א פערד.

ריקליע מיט די קינדער זײַנען אַרויסגעלאָפן אַנטקעגן.

און ווען זי האָט דערזען פּיַיטלס מיטאמאָל יונג־געוואָרענעם שיַינענ־דיקן פּאָנעם, האָט זי זיך דערמאָנט אָן איר כופּע־טאָג...

אָן ווערטער האָט פּיַיטל מיט בלישטשענדיקע אויגן אָנגעוויזן אפן פערד: „זעסטו!״ הייסט עס...

זי האָט געוואָרפן א בליק אף דער קליאטשע און גענומען ווישן די אויגן מיטן ברעג פארטעך.

זי האָט אפילע ניט געפרעגט, וויפל פּיַיטל האָט באצאָלט פאר איר.

און אזויווי ער וואָלט געוואָלט וויַיזן דעם וויַיב, וואָס פאר אן אָדלער ער האָט איַינגעהאנדלט, האָט פּיַיטל איבערגעגעבן מענדלען דאָס ציַימל און קורץ א זאָג געטאָן:

— פיר אים נאָר דורך אף טשיקאוועס...

מענדל האָט געפירט די קליאטשע הין־און־צוריק, און פּיַיטל מיט ריקליען זיַינען געשטאנען און געקוקט. נאָר וואָס לענגער פּיַיטל האָט געקוקט אפן פערד, אלץ מער האָט זיך געענדערט זיַין אויסזען: דער פיַיער אין די אויגן איז ביסלעכוויַיז אויסגעלאָשן געוואָרן, די הענט זיַי־נען שוואך אראָפּגעהאנגען, דאָס פּאָנעם האָט באקומען אן אש־קאָליר, דער גאנצער קערפּער האָט זיך איַינגעהויקערט, אזוי ווי ער וואָלט צו־זאמען מיט דעם ציַימל זיַינע גאנצע קויכעס איבערגעגעבן. מיט א גליַיכ־גילטיקן אויסגעלאָשענעם בליק האָט ער געקוקט אפן פערד און גע־שאָקלט מיטן קאָפּ.

ריקליע האָט זיך דערשראָקן:

— פּיַיטל, וואָס איז מיט דיר?!

פּיַיטל האָט אָנגעוויזן מיט דער האנט אפן פערד און ייִעשדיק געזאָגט:

— דערלעבט... גאָט ווייסט, צי וועט מיר אויסקומען פאָרן אף אים... גאָט ווייסט!..

— וואָס רעדסטו? גאָט איז מיט דיר?!

— קיין קויעך ניטאָ! — האָט פּיַיטל א מאך געטאָן מיט דער האנט. — געהאוועט, געהאוועט... וואָס?

— וואָס רעדסטו עפּעס? איצט, מיט א פערד, ועסטו ערשט אויס־רוען די ביינער... ניט דארפן שלעפּן די קאַראַמיסלע מיט די עמערס אפן אקסל.

אָבער פּיַיטל האָט ווי ניט געהערט, וואָס זי רעדט.

— גאָט ווייסט, גאָט ווייסט!.. קיין קויעך ניטאָ... ס'לוינט צו האווען אף דער וועלט, האַ? דערלעבט... און וואָס?.. ווען עס קומט צום לעבן... ריקליע איז געבליבן שטיין, ווי א פארגליווערטע.

די קינדער האָבן געקוקט אפן טאטן פארוואונדערט און דערשראָקן.

1909

# די יעסוימע



י גאס האָט זי גערופן פּאָשעט: „די יעסוימע".

ווי די יעסוימע איז זי באַוווּסט געווען אין גאַנץ שטאָט.

איר עמעסער נאָמען — כאַנע — איז שוין פאַרגעסן געוואָרן. ער האָט קיינעם ניט אינטערעסירט.

„די יעסוימע" איז געווען שטאָטס האָדוליע — א מין קאָהאָלשע טאָכטער.

ווען כאַנעלע איז נאָך קיין פינף יאָר ניט אַלט געווען, האָט איר טאַטע — א נאַכט־וועכטער אין א קליינער זייף־פאַבריק — איינמאָל אין

א ווינטערדיקער נאכט, ניט שפּאָרנדיק דעם פאַבריקאַנטס האָלץ, גוט אָנגעהייצט דעם אײַזערנעם אויוון אין פאַבריקל און אוועקגעלייגט זיך שלאָפן באַם סאַמע, ביז רויט אָנגעברענטן, אויוון־טירל. דאָרטן טאַקע, באַם טירל פון אויוון, האָט מען אים פאַרטאָג געפונען א טויטן.

די סיבה פון זײַן טויט איז ניט קלאָר געווען. טייל האָבן געזאָגט: ער'ט זיך פאַרטשאַדעט, אַנדערע — פון א האַרץ־שלאָג:

— פון טאָמיד אָן באַקלאָגט זיך אפן האַרץ...

דער אַלמאָנע איז געווען אַלציינס, פון וואָס איר שפּײַזער איז גע־שטאָרבן. זי האָט בלויז געוווּסט, אז דער מאַן האָט זי, א וויסטע אַלמאָנע מיט פינף קינדער, איינס קלענער פונעם צווייטן, איבערגעלאָזט, „ווי א שיף אָן א רודער", אָן אומגליקלעכע און עלנטע, „ווי אף א וויסטן אינדזל"... יאָמערנדיק, האָט זי געפאָדערט פונעם באַראָאינען, ער זאָל איר זאָגן, אף וועמען ער האָט זי איבערגעלאָזט און וואָס זאָל זי איצט טאָן... זי האָט אויך געהאַט טײַנעס צום מאַלעכהאַמאָוועס, לעמײַ ער האָט אין איין גאַנג אויך זי ניט מיטגענומען...

אפן בעסאַלמען איז די אַלמאָנע שוין געקומען אָן קויכעס און מיט אויסגעוויינטע טרערן. זי האָט בלויז שטום געשלוכצט, און ווען זי האָט זיך א וואָרף געטאָן אפן פריש־פאַרשאָטענעם קייווער, האָט מען זי קוים אָפּגעריסן פון אים.

אין דער נאַכט נאָך דער קוווּרע האָט די נײַע אַלמאָנע געפיבערט און געשראָקן די קינדער מיט איר ריידן פון היץ.

ס'איז נאָך ניט פאַרבײַ די שיווע־וואָך, ווי די אַלמאָנע איז אוועק נאָך איר מאַן, ווי זי וואָלט מוירע געהאַט, אז אָן איר וועט אף יענער־וועלט ניט זײַן, ווער ס'זאָל אכטונג געבן אף איר קיווען...

וואָלט די אַלמאָנע געשטאָרבן כאָטש אף א יאָר שפּעטער, וואָלט עפּשער קיינער זיך ניט אומגעקוקט אף די יעסוימים. קאַרג יעסוימים פאַראַן אין שטאָט, וואָס?.. נאָר דאָ האָט דאָס אומגליק געטראָפן אומגע־ריכט, ווי א דונער פון קלויטערן הימל: א שפּאַס צו זאָגן: טאַטע און מאַמע אוועק פון דער וועלט אין איין וואָך!..

און יעדערער האָט זיך געפּילט מעכויעוו צו טאָן עפּעס פאַר די יעסוי־מים, נעבעך...

אין בעסמעדרעש האָט זיך געטומלט.

— פאַרוואָס טוט מען ניט עפּעס פאַר די יעסוימים? וואָס וועט זײַן מיט די אָרעמע יעסוימים, נעבעך? — האָבן פּראָסטע מענטשן געמאָנט פונעם ראָוו און פון כאַשעווע באַלעבאַטים.

— רופט צונויף וואָס גיכער אַן אַסיפע צו באַטראַכטן, וואָס צו טאָן מיט די יעסוימים.

— נישקאָשע, קאָהאָל וועט ניט בעדאַלעס ווערן, ווען ס'וועט אַף זיך נעמען אויסצוהאַלטן עטלעכע אָרעמע יעסוימים!..

שטאָט־באַלעבאַטים האָבן מוידע געווען, אַז „אוואַדע דאַרף מען עפּעס טאָן פאַר די יעסוימים, נאָר אַ וועלט קאָן מען דאָך ניט פאַרזאָרגן".

— קאָהאָל קאָן אַף זיך ניט נעמען אַזאַ יאָך, — האָבן זיך געהערט שטימען אַף דער אַסיפע.

— גרינג צו זאָגן — פינף נעפאַשעס שפּײַזן, שוכן און קליידן!..

— מע קאָן אויסהאַלטן אַ געזינדל פון פינף נעפאַשעס, קיין אײַנ־האָרע, אַ וואָך, אַ כוידעש, אָבער לאַנגע יאָרן נאָכאַנאַנד... ווער קאָן עס אַף זיך נעמען אַזאַ אָל?..

— ווען ס'וואָלט זיך גערעדט וועגן איין קינד, נו, לאָמיר זאָגן, צוויי, אָבער פינף מײַלער אָנזעטיקן, פינף פּאָר פיסלעך באַשוכן, פינף לײַבער באַקליידן — ראָטשילדס אוצרעס דאַרף מען אַף אַזעלכעס האָבן!..

— קאַפּצאָנים זײַנען אַלעמאָל אַזוי: פלאָדיען אָן קינדער און לאָזן זיי דערנאָך איבער אַף קאָהאָל!

אַזוי האָט יעדערער פון די כאַשעווע באַלעבאַטים אַף זײַן אייגענעם שטייגער זיך באַמיט צו דערווײַזן, אַז קאָהאָל קאָן ניט און איז ניט מע־כויעוו אויסצוהאַלטן אַ וועלט.

אָבער די יעסוימים האָבן זיך געפּלאָנטערט אונטער די פיס, ווי סע רעדט זיך, אַלעמען די אויגן געשטאָכן מיט זייער עלנט. און כעוורע פּראָסטאַקעס האָבן אויך ניט געשוויגן, אַפילע געסטראַשעט „באַ די

גראָבע בײַכער דעם ביסן פון האלדז ארויסרײַסן און געבן די יעסױ־
מים עסן"...

און אָט האָט קאָהאָל אין ווײַטע און נאָענטע שטעט און שטעטלעך אופגעזוכט נאָענטע און ווײַטע קרויווים פון די פאריאָסעמטע קינדער און יעדערן פון זיי צוגעשיקט א יאָסעמל אָדער א יעסוימעלע צוזאמען מיט א בריוו, אין וועלכן דער שטאָטישער ראָוו האָט צוגעזאָגט די קרויווים פארנאָסע און האצלאָכע אף דער וועלט און אייביקע אוילעמהאבע אף יענער וועלט פאר דעם שטיקל ברויט, וואָס זיי וועלן געבן דעם אָרעמען יאָסעם אָדער יעסוימעלע, נעבעך...

בלויז פאר דער יינגסטער יעסוימעלע — פאר כאנעלען — האָט זיך אין ערגעץ קיין קאָרעוו ניט געפונען.

די ווײַטע קרוויווע, אין ווײַטן שטעטל, צו וועלכער מע האָט זי געוועזן אָפּגעשיקט, האָט מיט קוילעס זיך ארופגעוואָרפן אפן שאָליעך:

— יעסוימים שיקן זיי מיר! איך האָב ניט מיט וואָס מײַנע אייגענע קינדער די הונגעריקע מײַלער צו פארשטאָפּן, שיקן זיי מיר נאָך פרעמדע! אוילעמהאבע זאָגן זיי מיר צו, די פרומע נעשאָמעס!

און טאקע מיט דער זעלביקער פור אָפּגעשיקט זי צוזאמען מיט איר באגלייטער צוריק אהין, פונוואנען זיי זײַנען געקומען, ניט לאָזנדיק אפילע דער יעסוימע איבערנעכטיקן איין נאכט.

קאָהאָל האָט קיין אנדער ברײרע ניט געהאט, ווי נעמען אף זיך די זאָרג וועגן דער יעסוימע.

פאר א רובל מיט צוואנציק קאָפּעקעס א וואָך האָט הינדע די גלעזערין זיך אונטערגענומען אויסצוהאָדעווען דאָס קינד.

— כ'וועל זײַן, ווי א לײַבלעכע מוטער פאר דער אָרעמער יעסוי־מעלע, נעבעך! — האָט הינדע פארזיכערט.

הינדע האָט זיך געהאט איר אייגענעם כעזשבן: ווו זיבן מײַלער, וועט פאר אן אכטן מויל זיך אויך געפינען א ברעקל, און אן איבעריקער קערבל וואלגערט זיך אויך ניט אין גאס. נאָר ווען קאָהאָל האָט אופגע־הערט צו זײַן פינקטלעך און האָט גאָר אינגיכן אינגאנצן אופגעהערט

אויסצאָלן הינדען דעם „איבעריקן קערבל‟, האָט הינדע אין אלע גאסן געגומען שרייַען, אז „די מויד עסט איר אָפּ דעם קאָפּ‟... זי איז קעסיי־דער געלאָפן צום ראָוו און צו די גאבאָים, אריינגעריסן זיך שאבעס אין בעסמעדרעש מיט קוילעס, אז זי איז ניט מעכויעוו צו האָדעווען אומזיסט דאָס קאָהאָלשע האָדויליע.

כאָשעווע באלעבאטים האָבן הינדען בארויקט: „נישקאָשע, קאָהאָל וועט, כאָלילע, קיינעם ניט קריוודען‟. מע וועט איר, בעעזרעס האשעם, באצאָלן ביז דער לעצטער פּרוטע...

הינדע האָט זיך מיט צוזאָגענישן ניט באפרידיקט. און אין איינעם א שאבעס האָט זי געבראכט צו פירן כאנעלען אין בעסמעדרעש, א שטויס געגעבן זי צו די שיינע באלעבאטים אין מיזרעך־וואנט:

— נאט אייַך אייַער יעסוימעו!.. גיט מיר א שטיקל ברויט פאר מייַנע קינדער אף דער וועלט, יענע וועלט האלט פאר זיך...

פון דעמלט אָן האָט די יעסוימע אָנגעהויבן איבערצוגיין פון האנט צו האנט.

— זאָל די יעסוימעלע זייַן בא אייַך א שטיקל צייַט, — האָט מען אייַנגערעדט גוטהארציקע באלעבאטים, — גאָט וועט אייַך העלפן!..

גוטהארציקע באלעבאָסטעס האָבן זי בא זיך געהאלטן ווער א כוידעש, ווער לענגער: „נישקאָשע, אזא מיידל קאָן שוין א קינד אונטערניאנטשען, א דיל פארקערן, די געפעס איבערוואשן. זי וועט פארדינען איר ביסן ברויט‟...

מער ווי צען יאָר האָט די יעסוימע זיך אָפּגעוואלגערט אין פרעמדע קיכן צווישן פרעמדע מענטשן, איבערגעטראָגן די קאפריזן פון בייזע באלעבאָסטעס, די קאפּריזן און רישעס פון צעלאָזענע קינדער, ביז איר לעצטע באלעבאָסטע — פערל גראָבער גוידער, האָט פלוצעם דערזען, אז די יעסוימע איז שוין דאָך „קיין אייַנהאָרע, א מויד געוואָרן‟...

— האָט איר געזען, ווי זי האָט עס פלוצעם א ביסל א וואקס גע־טאָן! — האָט זיך פערעלע געכידעשט. — קוקט נאָר אָן, כאסיע־לעב, סארא ברוסט די מויד פארמאָגט! די קאָפּטע ווערט דאָך אף איר צעשפּארט.

— א מויד, א פּאַרשויך, קיין אײַנהאָרע! כאָטש שוין אונטער דער כופּע פיר זי, — האָט כאַסיע די וואָכערניצע, באַטראַכטנדיק די יעסוימע, מאַסקים געווען.

— וואָס זשע מיינט איר, כאַסיע, טײַערינקע, מע דאַרף טאַקע א טראַכט טאָן וועגן דער אָרעמער יעסוימע, נעבעך: אויסגעפינען פאַר איר עפּעס א גלײַכן זיווג.

— אַוואַדע, אַוואַדע דאַרף מען עפּעס צוטראַכטן פאַר איר, אויסגעפינען א וועלכן־ניט־איז כאָסן, — האָט כאַסיע פרום צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. — כאַסענע מאַכן א יעסוימע איז א גרויסע מיצווע. גאָט וועט אונדז דערפאַר באַלוינען סײַ אויף דער וועלט, סײַ אויף יענער וועלט...

צוויי וואָכן שפּעטער האָט כאַסיע די וואָכערניצע ווידער באַזוכט איר פרײַנט פּערעלע, און נאָך דעם, ווי זיי האָבן איבערגעוואַשן די ביינדעלעך אַלע באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע אײַנוווינער פון דער שטאָט, האָט כאַסיע א פּיר געטאָן מיט איר טרוקן, צעקנייטשט הענטל איבער די דינע ליפּן און געזאָגט:

— ווי מיינט איר, פּערעלע, גאָלד מײַנע, וואָס האָט מיך אהער געבראַכט צו אײַך הײַנט? איר טרעפט ניט? טאַקע וועגן אײַער מויד, וועגן דער יעסוימע זאָרג איך זיך.

— שוין? איר האָט שוין עפּעס אויסגעפונען פאַר איר? עפּעס פּאַסיקס? — האָט פּערעלע אויסגערופן. — איך האָב אָבער געוווּסט: אויב כאַסיע נעמט זיך פאַר אן איניען, וועט שוין דערפון אַרויסקומען עפּעס רעכטס... א מאַנצבלשער קאָפּ. וואָס איז דאָ פאַראַן וואָס צו ריידן!

— גייט שויך, גייט, פּערעלע, טײַערינקע, — האָט די אַלטע וואָכערניצע קלוימערשט ניט געוואָלט הערן די שוואָכים. — איר כאַנפעט מיר בלויז. ניט מער, אויב מיר, ווײַבער, וועלן פון צײַט צו צײַט ניט טאָן עפּעס א מיצווע, איז צו וואָס דאַרף מען אונדז אויף דער וועלט?..

און ווידער א פיר געבנדיק מיטן גראָבן און צײַג־פינגער איבער די פרום פאַרשנורעוועטע דינע ליפּן, ווי זי פּלעגט געוויינלעך טאָן, בייס זי פּלעגט זיך קלײַבן צו פאַרפירן א לאַנגן שמועס, האָט זי דערציילט:

איר שנור האָט אַן אם, האָט די אם א שוואָגער, אַן אַלמען אין די מיטעלע יאָרן, זוכט ער פאַר זיך א באַלעבאָסטע אין שטוב, א ווײַב, הייסט עס... האָט זי, כאַסיע, א טראַכט געטאָן, אַז ס'וואָלט געווען א גלײַכע זאַך פאַר דער יעסוימע.

— און וואָס איז ער פאַר א מענטש? ס'הייסט, פון וואָס ציט ער זײַן כאַיונע, דער אַלמען? — האָט זיך פּערעלע פאַרינטערעסירט.

— א דאָרפישער שנײַדער. גייט איבער די דערפער, באַנייט פּויערים.

— פאַרדינט ער, לעכאַלהאַפּאָכעס, געזונט אָף אויסקומעניש?

— קיין גוויר, פאַרשטייט זיך, איז ער ניט, נאָר אָף ברויט מיט צום ברויט קלעקט.

— פאַראַן, פאַרשטייט זיך, קינדער? — האָט זיך פּערעלע אָנגע־שטויסן.

— בעסאַכאַקל פיר, — האָט, ווי וועגן א קלײניקײַט, וועגן וועלכער ס'איז ניט קעדײַ צו ריידן, פאַרבײַגייענדיק א זאָג געטאָן כאַסיע, — איז די עלטסטע, א מויד פון בײַנצן יאָר, דינט שוין לאַנג בא לײַטן, איז דאָך ניטאָ זי וואָס צו רעכענען... דער צווייטער, א באָכערל פון א יאָר זיבעצן, גייט צוזאַמען מיטן טאַטן איבער די דערפער. א מין געזעל בא אים... נאָך איין יינגל — ער איז נאָרוואָס געוואָרן בארמיצווע — איז אָנגעקומען פאַר א לערנייִנגל צו א שוסטער. בלײַבט דאָך נאָר איבער די קלײנינקע, א מיידעלע פון א יאָר זיבן, איז עס דאָך בלויז א נאַכעס, ווען א קינד לויפט אום איבערן שטוב...

די גוטהאַרציקע פּערעלע גראָבער גוידער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אין סאָפּעק.

— איך ווייס ניט, צי וועט זי וועלן כאַסענע האָבן פאַר אן אַלמען.

— וואָס, זי וועט נאָך ניט וועלן? — האָט ניט געקאָנט באַנעמען די גוטהאַרציקע וואָכערניצע. — א קלײניקײַט, א קאַלע אן אויסקלײַבערקע!

א מויד, קאָן מען זאָגן, א הוילע, א נאַקעטע, פאַרמאָגט ניט קיין העמד אויף איר לײַב, א קײַלעכדיקע יעסוימע, קיין קאָרעוו, קיין גויעל. וועט זי נאָך אויסקלײַבן כאַסאַנים, ווי קלערט איר?..

— וועד ווייסט... — האָט געקוועטשט פּערעלע. — א יונג מיידל וויל כאַסענע האָבן פאַר א יונגן באָכער. דאָס איז, אזוי צו זאָגן, אין דער טעווע...

— יונגע באָכערים וואַרטן אויף איר, ווי מיינט איר! — די וואָכער־ניצע האָט צונויפגעפּרעסט אירע דינע, טרוקענע ליפּן אין א סאַרקאַסטיש שמייכעלע, — פּאַשעט זיי רײַסן זי איינער בא דעם אנדערן פון די הענט...

— ווייסט איר וואָס, כאַסיע, טײַערינקע, לאָמיר זי א רוף טאָן און פרעגן.

— וואָס איז דאָ פאַראַן וואָס צו פרעגן וואָס? די מויד דאַרף זאָגן א דאַנק, וואָס גוטע מענטשן זאָרגן זיך פאַר איר.

— אוי, כאַסיע, גאָלדענע! סאַראַ מאָדנע ייִדענע איר זײַט, מיט גוואַלד קאָן מען זי דאָך אונטער דער כופּע ניט פירן. אפילע אין דער הייליקער טוירע שטייט געשריבן: „לאָמיר טאָן רופן די יונגפרוי און לאָמיר טאָן פרעגן אירע ליפּצן“...

— נו, מעכעטייסע, איר ווילט פרעגן — פרעגט, — האָט כאַסיע מאַסקים געווען. — ווי קלערט איר, איך בין דאָך גוואַלדיק פאַרינטערעסירט צו פאַרדינען דערבײַ שאַדכאָנעס־געלט! — האָט זיך געכאָכמעט די וואָכערניצע.

— כע־כע! — האָט פּערעלע געענטפערט מיט א געלעכטערל. — כאַסיע וועט אײַך שוין זאָגן, כי־כי־כי!.. הער, דו! — האָט זי א געשריי געטאָן אין דער אָפענער טיר פון קיך. — קום נאָר אהער!

די יעסוימע, א באָרוועסע, די הענט נאַסע ביז די עלנבויגנס, האָט זיך באוויזן אין טיר און איז שטיין געבליבן מיט איין פוס אין קיך, מיטן צווייטן אין צימער, וואַרטנדיק, וואָס די באַלעבאָסטע וועט זאָגן.

— קום נאָר אהער! — האָט באַפוילן פּערעלע.

— כ'האָב קיין צײַט ניט. בא מיר איז א וועש. זאָגט, וואָס ווילט איר, באַלעבאָסטע.

— קום נאָר צו נעענטער. לאָמיר נאָר אָף דיר א קוק טאָן, קאַלע! — האָט די וואָכערניצע, באַמיִענדיק זיך צוצוגעבן איר סקריפּענדיק קעלעכל א ווייכקייט, גערופן זי מיטן פינגער צו זיך.

די יעסוימע האָט מיט דער אויסערלעכער זייַט האַנט צורעכט געמאַכט די האָר, וואָס זיינען איר געפאַלן איבער די אויגן, פארקנעפּלט דעם אייבערשטן קנעפּל פונעם קאָפטל, און, באהאלטנדיקביידע הענט אונטערן נאַסן פאַרטעך, איז זי צוגעגאַנגען עטלעכע טריט נעענטער.

— וואָס וויל די באַלעבאָסטע? דאָס וואַסער אין דער באַליע ווערט מיר קאַלט.

— קוקט נאָר אָן, ווי זי אײַלט זיך עס א ביסל. מיטאַמאָל אָף איר אָנגעפאַלן א כיישעק וואַשן, — האָט פערעלע מיט א גוטווילִיקן שמייכל זי אונטערגעמוטיקט.

— אַז די באַלעבאָסטע רופט דיך, מינאַסטאַם דאַרף זי דיך אָף עפּעס האָבן, — האָט מיט א זיס־זויערן שמייכעלע צוגעגעבן די וואָכערניצע.

— זאָל שוין די באַלעבאָסטע זאָגן, וואָס זי דאַרף, — האָט, א שנאָרכע געבנדיק מיטן נאָז, אומגעדולדיק זיך אָפּגערופן די יעסוימע.

— איך דאַרף גאָרנישט, נארישע מוידן! אָט כאַסיע, זאָל איר גאָט געבן געזונט, וויל דיר עפּעס זאָגן.

דאָס מיידל האָט אָנגעשטעלט א פרעגנדיקן בליק אָף דער וואָ־כערניצע.

כאַסיע, וואָס האָט שוין א פּאָר מינוט באַטראַכט די יעסוימע פון קאָפּ ביז די פיס, האָט זיך אָנגעבויגן צו איר בוזעם־פּריינט און, אָנווײַזנדיק מיט די אויגן אָף דער יעסוימע, עפּעס אײַנגערוימט איר אין אויער. איר פּאָנעם האָט אויסגעדריקט גרענעצלאָזן ווונדער, קימאַט שרעק, אויסגע־מישט מיט פרייד פון א מענטשן, וואָס האָט נאָרוואָס געמאַכט אַן אומ־דערוואַרטע אַנטדעקונג.

מיט דער וואָכערניצעס יעדער וואָרט האָט זיך פערעלעס פּאָנעם גע־ביטן, דאָס בלייך ווערנדיק, דאָס רויט ווערנדיק, דאָס אָנעמענדיק אַן אַש־קאָליר. דער דרײַגאָרנדיקער גוידער האָט זיך געטרייסלט, ווי פּעטשאַ, און די פּוכקע געלע הענט פון אַ דיאַבעטיק האָבן געציטערט, זוכנדיק אַן וואָס אָנצוכאַפּן זיך.

— גאָט איז מיט אײַך, וואָס רעדט איר! סע־סע קאָן ניט זײַן, — האָבן געשעפּטשעט אירע בלוי־געוואָרענע ליפּן.

— אי־אי, טײַערינקע מײַנע! גיט נאָר אַ קוק אויף איר טאַליע... אויף איר בויך...

— איר... איר האָט אַ טאָעס, — האָט פערעלע געמורמלט, אײַנ־גראָבנדיק זיך מיט אירע דערשראָקענע אויגן אין דעם מיידלס פיגור.

— אײַ, סאַראַ מאָדנער מענטש איר זײַט, פערעלע, טײַערינקע! גלייבט מיר, ס'איז שוין נעענטער ווי ווײַטער...

פערעלעס אויגן האָבן זיך אײַנגעגראָבן אין דער יעסוימע, אין איר בויך. איר פּאָנעם האָט זיך אָנגעצונדן פון קאַס. אויסגלײַכנדיק זיך, האָט זי ניט מיט איר קאָל אַ געשריי געטאָן:

— אהער גיי, מויד! נעענטער צו מיר!

די יעסוימע, וועלכע האָט די גאַנצע צײַט, בייס די צווי מיצוואָטני־צעס האָבן זיך געשעפּטשעט צווישן זיך, געשטאַנען ווי אויף הייסע קוילן, האָט אַ ציטער געטאָן, ווי מע וואָלט איר דערלאַנגט מיט אַ בײַטש איבערן פּאָנעם, און כאַפּנדיק זיך מיט די הענט דאָס פאַרן פאַרטעך, דאָס פאַר דער פאַרקנעפּלטער קאָפּטע, געשטאַנען אויף איין אָרט, ווי זי וואָלט צו־געשמידט געווען צום דיל.

— וואָס שטייסטו ווי אַ סטויפּ? גיי אהער, דו, לײַדאַצקע! — האָט מיט אַ הייזעריקן פּאַלצעטל געשריִען פערעלע גראָבער גוידער.

מיט אַ פלאַמענדיק פּאָנעם און מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן האָט די יעסוימע געמאַכט עטלעכע טריט און איז געבליבן שטיין מיט אַ זײַט צו דער באַלעבאָסטע.

— גיב זיך נאָר אַ קער צו מיר! — האָט פערעלע באַפוילן.

דאָס מיידלֿ האָט זיך ניט געריִרט פון אָרט. איר פּאָנעם האָט זיך פאַרקרימט פון שמערץ און אירע אויגן זײַנען געלאָפן איבערן צימער, ווי פאַרפּאָלגט פון יאַגד־הינט.

— גיב זיך א קער צו מיר, זאָגט מען דיר, הולטײַקע דו אײנע, גאַסן־מויד!

— אז א באַלעבאָסטע הייסט, דאַרף מען פאָלגן, — האָט מיט א זיס קעלֿכעלֿע און מיט א גיפּטיק שמייכעלֿע ארײַנגעשטעלֿט די וואָכערניצע.

די יעסוימע איז ווי פאַרשטיינערט געוואָרן. בלויז אירע הענט האָבן אָן אופהער זיך באַוועגט אונטערן פאַרטעך. מע האָט געקאָנט הערן, ווי אירע פינגער קנאַקן. פּערעלֿע האָט זיך אופגעהויבן פון קאַנאַפּע, איז צוגעגאַנגען צו דער יעסוימע און האָט מיט קויעך א ריס געטאָן פון איר דעם פאַרטעך.

דאָס מיידלֿ האָט אופגעהויבן די הענט צום פּאָנעם, ווי זי וואָלט זיך געשיצט פון א קלאַפּ, דערנאָך האָט זי זיי האַסטיק אראָפּגעלאָזט אַפן בויך, ווידער אופגעהויבן די הענט און, פאַרדעקנדיק דעם פּאָנעם, מיט א געוויין ארויסגעלאָפן פון צימער.

דרײַצן יאָר האָט זיך קיינער ניט דערמאָנט אָן דער יעסוימע. א סאך האָבן אפילֿע ניט געוווּסט, צי לעבט נאָך „דאָס קאָהאָלשע קינד“, וואָס האָט פאַרלאָרן טאַטע־מאַמע אין איין וואָך. בלויז די פילֿצאָליקע באַלעבאָסטעס, בא וועלֿכע זי האָט די אַלע יאָרן געניאַנטשעט קינדער, געשײַערט דילן, געוואַשן וועש, האָבן ניט פאַרגעסן, אז האַלטנדיק בא זיך די אָרעמע יעסוימע, טוען זיי א גרויסע מיצווע. איצט אָבער, ווען מיט דער יעסוימע האָט פּאַסירט אַן אומגליק, האָבן אַלע זיך דערמאָנט, אז זיי זײַנען אירע אָפּעקונעס און זײַנען גרייט געווען צו באַשטראָפן די לײַדאַצקע.

קאָשערע נעשאָמעס האָבן געהאַלטן, אז „אַזאַ מויד דאַרף מען אָנ־

לערנען, ס׳זאָל זײַן אַ מוסער פאַר אַנדערע״. כאָשעווע באַלעבאַטים האָבן זיך געוווּנדערט איבער דער „העפקיירעס פון הײַנטיקער יוגנט״. יונגע באָכערים האָבן געוואָלט אַ קוק טאָן, „ווי זעט זי אויס, די כעוורעטע״, און „לײַטישע מיידלעך״ האָבן געכיכיקעט אין הויפן און געבערענט פון נײַגער: „וואָס וועט איצט טאָן די יעסוימע״.

נאָר ווען דער ערשטער קאַס אויף דער „הולטײַקע״ איז אַריבער, האָט דער פּראָסטער עולם גענומען טראַכטן, וויאַזוי קאָן מען העלפן דער יעסוימע.

— וואָס ווילט איר — אַ יעסוימע, נעבעך, אונטער טאַטע־מאַמעס האַזשגאָכע וואָלט מיט איר אַזוינס ניט פּאַסירט.

— וואָדען, אָן האַזשגאָכע, אָן האַדראָכע, נעבעך, אַ סאַך דאַרף אַן עלנטע נעשאָמע אַראָפּגעפירט צו ווערן פון גלײַכן וועג?..

— קוידעמקאָל דאַרף מען דערגיין, ווער איז שולדיק אין איר אומגליק און באַוואָרענען, ער זאָל צודעקן די שאַנד, — האָט אַרויסגעזאָגט זײַן מיינונג מאָטיע דער שמיד.

— צווינגען דעם הולטײַ טייקעף גיין מיט איר אונטער דער כופּע! — האָט אונטערגעהאַלטן עליע דער קאָלעסניק.

— אויב ער׳ט ניט וועלן, איז הענט און פיס אים אויסדרייען, — האָט צוגעגעבן יעכיעל דער באַלעגאָלע.

— מירן ניט דערלאָזן איזדיעקעווען זיך איבער אַן אָרעמער יעסוימע!

— איר מיינט, אַז זי איז שולדיק? וואָס ווייסט אַ נאַריש מיידל?.. עפּשער האָט זי דאָרטן עפּעס אַ הולטײַ גאָר פאַרגוואַלדיקט?

— פאַרגוואַלדיקט, ניט פאַרגוואַלדיקט, לאָמיר נאָר אופזוכן דעם לײַדאַק, וועט ער בא מיר גיין אין שפּאַן ווי אַן אונטערגעשמידטער, — האָט פאַרזיכערט בערל דער באַלעגאָלע.

פּונקט ווי פריִער האָבן זי אַלע באַשולדיקט, אַזוי האָט איצט יעדערער זיך באַמיט אויסצוגעפינען אַ זכוס פאַר דער יעסוימע און העלפן איר ווי ווײַט מע קאָן.

— אלע אומגליקן נעמען זיך פון גרוניע דער באבקע, — האָט עמע־צער אונטערגעזאָגט.

גרוניע די באבקע — די הייבאם — האָט זיך געשפּיַיזט ניט אזויפיל פון איר „אקושערסטווע", ווי פון איר „קלוב": שאבאָסים און יאָמטויווים פלעגן צו איר אין שטוב זיך אופקלײַבן באָכערים און מיידלעך פון פּראָסטן פאָלק פריילעך פארברענגען די צײַט.

דער אריַינגאנג אין גרוניעס קלוב איז געווען פרײַ. זי האָט היפּש געלייזט פון אירע קליענטן פאר סעמעטשקעס, טרוקענע באָב און ארבעס, זשוראווינעס, וויַינפערלעך, אגרעסן, געזײַערטע עפּל, עפּל־קוואס און ניט געשטערט זיי צו פארברענגען ווי זיי געפעלט: שפּילן אין קאָרטן, טאנצן און פארוויַילן זיך ווי ווער ס'האָט געוואָלט. וואָס מע האָט ניט געדארפט זען, האָט גרוניע ניט געזען. און ווי אלעמאָל, ווען מיט א מיידל האָט פּאַ־סירט אַן אומגליק, האָט מען אויך איצט געוווסט, אז די שפּורן דארף מען זוכן אין גרוניעס „קלוב".

לאנג זוכן דעם שולדיקן אין דער יעסוימעס שאנד האָט מען ניט גע־דארפט. טאקע אליין פון גרוניען איז מען דערגאנגען, אז דער שולדיקער אין דער יעסוימעס אומגליק איז דער פּיַיקלער פון דער צווייטער ראָטע קונין, וועלכער האָט זיך שוין לאנג געשאדכנט צו דער יעסוימע און צו־געזאָגט כאסענע האָבן מיט איר, ווי נאָר ער וועט ענדיקן דינען.

ביז מיליטער־דינסט האָט קונין, א דאמסקער שנײַדער, געארבעט אין דער גובערניע־שטאָט. איצט האָט ער אין זײַן פרײַער צײַט באנייט די אָפיצערישע וויַיבער און ניט שלעכט פארדינט.

קונין האָט שטענדיק געהאט א פרײַען רובל אין קעשענע, געפּראנטעװעט אין א מונדיר, איבערגענייט פּונקט אף זײַן מאָס, אין אייגענע כראָ־מאָווע שטיוול און אין אן אייגענער סאָלדאטסקער היטל. געשמירט זיך די שווארצע ווענצעלעך מיט „פיקסיטואר", און, אוועקלאָזנדיק זיך א שאבעס באטאָג אין „קלוב", האָט ער זיך א ביסל באשפּריצט מיט פּאר־פּום „פאטשולי".

קונין איז געווען דער בעסטער שפּילער אויף א הארמאָניקע, דער בעסטער זינגער פון הארץ־שטשיפּענדיקע ליבע־לידער, דער בעסטער טענצער פון קאדרילן, פון פּאָלקעס און קאזאטשקעס.

ניט איין מיידלש הארץ האָט געצאַפּלט פאר שיינעם פּייַקלער.

נאָר זייַן הארץ האָט מער ווי אלע אנדערע געוואונען די יעסוימע, וואָס האָט, בישטיקע פון דער באַלעבאָסטע, אָנגעהויבן קומען אין גרוניעס קלוב — דאָס איינציקע אָרט, וווּ זי האָט זיך געפילט ווי א גלייַכע צווישן גלייַכע, וווּ זי האָט דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן געהערט, אז זי איז יונג און שיין, און וווּ זי האָט דערפילט, אז זי געפעלט, וווּ מע האָט געזוכט איר נאָענטקייַט.

אליין קונין האָט, צו גרויס קינע פון אלע אנדערע מיידלעך, געלערנט די יעסוימע טאנצן קאדרילן און לאנסעען, באשאָטן זי מיט איידעלע קאָמפּלימענטן, פון וועלכע איר פּאָנעם איז באגאָסן געוואָרן מיט רויטקייַט. ער האָט געשוואָרן, אז אויב זי וועט מיט אים ניט כאסענע האָבן, באלד ווי ער וועט פארענדיקן דינען, וועט ער מיט זייַן אייגענער שנייַדערשער שער זיך אופשנייַדן דעם בויך, אָדער ער וועט, פון גרויס פארצווייפלונג, דערהארגענען דעם פעלדפעבעל.

— אויב דו ווילסט ניט ענטפערן אויף מייַן ליבע, איז מיר שוין אלצייינס: אויף קאטאָרגע איז אויף קאטאָרגע!..

און די יונגע אומגעניטע יעסוימע האָט באשלאָסן בעסער „ענטפערן אויף זייַן ליבע", איידער זען איר געליבטן מיט אן אופגעשניטענעם בויך, אָדער דערלאָזן, אז ער זאָל צוליב איר, א געשמידטער אין קייטן, אוועק אויף קאטאָרגע...

סייַוויסייַ ענדיקט ער דאָך באלד דינען און זיי וועלן כאסענע האָבן...

אויסגעפונען דעם שולדיקן, האָט מען אים טייקעף גענומען אפּן צימבל.

גרוניע די באבקע, וועלכע האָט שטענדיק געמאכט דעם אָנשטעל, אז זי הייבט קלוימערשט ניט אָן צו וויסן, וואָס בא איר אין שטוב טוט זיך,

האָט זיך איצט דערשראָקן, מע זאָל איר ניט באַשולדיקן אין פאַרנאַרן מיידלעך און ברענגען זיי צו זינד, האָט זי העכער פון אַלעמען געפאָדערט, מע זאָל צווינגען דעם לײַדאַק צודעקן די שאַנד פון דער אָרעמער, עלנטער יעסוימע, נעבעך.

זי האָט אַרויסגערופן צו זיך קוניגען — קלוימערשט, די יעסוימע וואַרט אויף אים. נאָר אָנשטאָט דער יעסוימע האָבן אויף אים געוואַרט אַפּע־טראָפּסים פון דער יעסוימע: זעליק דער קאָלעסניק, פּייסי דער טרעגער, טעוויע דער בעקער, מאָטיע דער שמיד און דער יונגער באַלעגאָלע יעכיעל — אַלץ מענטשן, וואָס האָבן פּײַנט אַ סאַך צו ריידן און מיט וועל־כע מע קאָן קיין קאַטאָוועס ניט טרײַבן...

דערהערט, אין וואָס מע באַשולדיקט אים, איז דער גלענצנדיקער קאַ־וואַליער בלייך געוואָרן, ווי קאַלך, נאָר באַלד איז ער צו־זיך געקומען און כוצפּעדיק אַ זאָג געטאָן:

— וואָס עפּעס איך? קנאַפּ באָכערים האָבן זיך אַרום איר געדרייט?

אַ פּראַסק אין פּאָנעם פון מאָטיעס שמידערישער האַנט איז געווען דער איבערצײַגנדיקסטער ענטפער אויף דעם פּײַקלערס פּרעכע רייד.

— האָסט נאָך די האָזע צו טרײַבן רעכילעס אויף דעם אומגליקלעכן מיידל, הולטײַ דו איינער! מירן דיר ווײַזן, ווי צו פאַרפירן ערלעכע ייִדישע טעכטער, טענצער!

— דו'סט געמיינט, אַ יעסוימע, איז הפקר די וועלט, ניטאָ ווער ס'זאָל זיך פאַר איר אָנעמען? — האָט אונטערגעהאַלטן פּייסי דער טרע־גער, — ניין, ברודערקע, האָסט אַ טאָעס געהאַט! וועסט האָבן צו טאָן מיט אונדז וועסטו.

— בעסער גיי אין שפּאַן מיט גוטן, — האָט יעכיעל דער באַלעגאָלע אים געצייצעט, — און אויב דו וועסט זיך בריקעווען, וועלן מיר דיר הענט און פיס אויסדרייען!..

— מירן גיין צום ראָטנע קאָמאַנדיר וועלן מיר גיין, צום בריגאַדנעם, ביזן סאַמע פּאָלקאָווניק דערשלאָגן זיך, און אַן אָרעמע יעסוימע וועלן מיר ניט לאָזן באַאַולען, פאַרשטייסטו, צי ניין?!

מאָטיע דער שמיד האָט זיך געהאט זײַן אייגענע מיינונג:

— וואָס טויגן אונדז פאָלקאָווניקעס, צו וואָס דארפן מיר גענעראלן... ער׳ט בא מיר ניט גייך — ער׳ט לויפן מיט דער יעסוימע אונטער דער כופּע.

דער בראווער פּײַקלער האָט גלײַך פארלאָרן דעם גאנצן קוראזש. ווישנדיק דאָס בלוט פון מויל און נאָז, האָט ער געבעבעטשעט:

— וואָס ווילט איר פון מיר האָבן וואָס? איך קלײַב זיך דען ווארפן זי?

— מאָרגן אונטער דער כופּע, הײַנט! אי ניקאקיך! — האָבן עטלעכע מיטאמאָל אונטערגעכאפּט.

א בלייכער, מיט א געשוואָלענער ליפּ און מיט פארגליווערט בלוט אף די וועגצעלעך איז אין קוניגען וויניק־וואָס פארבליבן פון דעם פראנטע־וואטן פּײַקלער.

צוגעשפּארט צו דער וואנט, האָט ער זיך געדרייט אף אלע זײַטן, זוכנ־דיק עפּעס אן אויסוועג.

— איך זאָג זיך דען אָפּעט כאסענע האָבן מיט איר? לאָזט מיר נאָר פארענדיקן וואָיענע סלוזשבע... אײַנאָרדענען זיך...

— אזוי? פארענדיקן וואָיענע סלוזשבע, און דערנאָך — זוך מיך, כאפּ מיך?! דאָס מיינסטו?!

— און וואָס זאָל דערווײַל טאָן די יעסוימע, נעבעך? ווו זאָל זי זיך דערווײַל אהינטאָן מיט איר בויך ווו?

— גענוג צו ריידן, — האָט פעסט א זאָג געטאָן מאָטיע דער שמיד. — מאָרגן שטעלן מיר א כופּע, און שוין!..

נאָך די פּענעמער פון דער יעסוימעס אפּעטראָפּסים האָט קונין געזען, אז אויב ער וועט זיך ווײַטער דינגען, קאָן ער מער ווי פרישע פּעטש פון זיי ניט דערווארטן.

— כ׳וואָלט געשטעלט א כופּע כאָטש מאָרגן, — האָט ער גע־שטאמלט, — נאָר מיט וואָס וועל איך שפּײַזן די ווײַב? איך בין דאָך א סאָלדאט... און א כאסענע פראווען קאָסט דאָך אויך געלט... איך האָב ניט א גראָשן בא דער נעשאָמע...

— דאָס איז עפּעס אַנדערש. גלײַך געדאַרפט אָנהייבן דערפון. געלט אַף אײַנאָרדענען זיך א שטיקל באַלעבאַטישקײַט וועלן מיר צונויפקלײַבן, און א כאַסענע וועלן מיר אויך פּראַווען ווי ס׳געהער צו זײַן. מיר׳ן א יעסוימע, כאַלילע, ניט פאַרשעמען, נאָר לייקענען שטיין און בײַן, זנאַט ביע זנאַיו אי וועדאַט ביע וועדאיו — דאָס, ברודערל, וועט בא אונדז ניט גיין.

נאָך א קורצער דינגעניש איז אָפּגעמאַכט געוואָרן, אַז דער קאַלע וועט מען געבן קאַן קערבלעך נאַדאַן, און ווי נאָר עס וועט צוזאַמענגעקליבן ווערן די הונדערט פופציק רובל, וועט מען גלײַך שפּילן א כאַסענע — אויך אַף קאָהאָלשן כעזשבן.

ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די כאַסענע זאָל זײַן א שטילע. אַזא כאַ־סענע איז דאָך בלויז לײַטיש געלעכטער. איז צו וואָס פאַרשאַפן דער אָרעמער יעסוימע איבעריקע ביזיוינעס?..

פונדעסטוועגן האָט צו דער שטילער כופּע זיך אופגעקליבן א היפּשער עוילעם.

פערעלע גראָבער גוידער האָט געשפּילט די ראָליע פון דער ערשטער מעכוטענעסטע פון דער קאַלעס צאַד. אָן אויסגעפּוצטע אין א שוואַרצער זײַדענער קלייד, האָט זי א האַלב־טרויעריקע, א האַלב־פרייי־דיקע זיך געדרייט צווישן די געסט און פרום געזיפצט:

— א דאַנק זײַן ליבן נאָמען, וואָס איך האָב דערלעבט פירן די אָרעמע יעסוימע אונטער דער כופּע... וויפל געזונט האָט עס מיר אָפּגע־קאָסט!..

— מיר ווייסן ניט וואָס? — האָבן ווײַבער געשאָקלט מיט די קעפּ. — איר זײַט דאָך איר געווען ווי א לײַבלעכע מאַמע...

— האַלעוויי זאָל איר בא איר מאַן זײַן ניט ערגער, ווי בא פערעלען.

— זי דאַרף טאָג און נאַכט דאַנקען פריִער גאָט, דערגאָך פערעלען, וואָס ס'האָט זיך אַזוי אויסגעלאָזט...

— ווען ניט פערעלע, זאָל לעבן, וואָלט זי געבליבן בלויז באַם פראָצענט פון דעם שאָלטיק, — האָט יעדערע פון פערעלעס פרייַנט זיך באַמיט איבערצושטייַגן די אַנדערע אין שוואָכים פאַר פערעלען.

כאַסיע די וואָכערניצע, אויך אַן אויסגעפּוצטע יאַמטעוודיק, מיט אַ שוואַרצן זייַדענעם טיכל איבערן שוואַרצן שייַטל און מיט אַ שנירל פערל — אַ ניט אויסגעקויפּטער מאַשקן פון אַ באַלכויוו — אַף איר צעקנייטשטן האַלדז, האָט בעאַריכעס דערציילט, וואָס פאַר אַ טייַער האַרץ, וואָס פאַר אַ גאָלדענע נעשאָמע פערעלע, זאָל לעבן, פאַרמאָגט:

— איר ווייסט, אַפּאָנעם, ווער פערעלע איז? — האָט זי פּאַוואָלינקע און פאַרזיכטיק געציילט די ווערטער, ווי זי וואָלט געציילט געלט, וואָס אירע באַלכויוועס ברענגען איר אָפּ, — איר ווייסט, אַפּאָנעם, וואָס פאַר אַ צאַדייקעס עס גייט צווישן אונדז אַרום? זאָלן מייַנע סאָנים אַזוי לעבן, ווי מע וואָלט איצט געשפּילט אַ כאַסענע, ווען ניט פערעלע, זאָל לעבן!.. איר פאַרשטייט, טייַערינקע מייַנע?

פילנדיק, וואָס פאַר אַ רוישעם איר מייַסע וועט מאַכן, האָט זי, ווי איר געוווינהייַט איז, אַ וויש געטאָן מיטן גראָבן און צייַג־פינגער די דינע ליפּן. — איר פאַרשטייט, טייַערינקע? איז זיך דער כאָסן מעיאַשעוו: ער'ט ניט גיין צו דער כופּע, קאָלזמאַן מע וועט אים ניט אוועקלייגן אַפן טיש די צוגעזאָגטע קאַן קערבלעך נאַדאַן. ס'פאַרשטייט זיך, אַלע אין איין קאָל: „גייך און גייך!“ מע קאָן, הייסט עס, אַזאַ סוויסטון קיין קאָפּעקע ניט געטרויען, קאָלזמאַן ער'ט דער יעסוימע ניט צודעקן דעם קאָפּ. נאָר דאָ האָט זיך פערעלע אַרופגעוואָרפן אַף זיי: גאַזלאָנים, אַכזאָרים! וואָס האָט איר צו דער אָרעמער יעסוימע, נעבעך? פאַרוואָס צאַפּט איר זי דאָס בלוט?.. זי וועט זיך דאָך, כאָלילע, אַ מייַסע אָנטאָן, ווען ס'וועט מאָרגן די כאַסענע ניט זייַן!.. און האָט זיי דערלאַנגט, און דערלאַנגט: „די מינוט זאָלט איר אים אַרייַנטראָגן געלט! איז ניט קאַן קערבלעך, איז כאָטש אַ הונדערטער, און זאָל נעמען אַ סאָף צו דער יעסוימעס יעסורים!..“

3–2064

— אײַ, אײַ, אײַ! — האָבן די װײַבער געטשמאָקעט מיט די ליפּן.

— און מ'האָט אַרײַנגעטראָגן?

— נאָך װי־אַזוי! אָפּגעציילט אַ מייע און איבערגעגעבן דעם כאָסן פון האַנט צו האַנט. פּערעלע האָט אָרעװ געװען פאַרן הונדערטער... „טאָמער װאָס, באַצאָל איך, זאָגט זי, ביז דער לעצטער קאָפּעקע". אַז איך זאָג אײַך, אַ גאָלדענע נעשאָמע, אַ צאַדייקעס! — האָט זי זיך צעריסן אין שװאָפּים פאַר פּערעלען, װי יענע װאָלט דערבײַ ניט געװען.

פאַר אַן אונטערפירערקע איז באַשטימט געװאָרן אַ צװייטע קאָשערע נעשאָמע — ציװיע די באַבקע.

באַ איר אין שטוב האָט געדאַרפט אײַנשטיין דער כאָסן, ביז ס'װעלן קומען די אונטערפירער אָפּצופירן אים צו דער קאַלע און פון דאָרטן — אונטער דער כופּע.

צו ציװיען אין שטיבל האָבן זיך פאַרזאַמלט אַלע איבעריקע מעכוטאָ־נים, װאָס האָבן זיך אָנגענומען דער יעסוימעס קריװודע.

ס'איז געקומען פּייסי מיט זײַנע זין, אַלע אײנס אין אײנס גיבוירים. ס'איז געקומען דער צװייטער מעכוטן — טעװיע אין אַ נײַער קאָרטענער קאַפּאָטע, אַ שטײַפע, װי זי װאָלט געװען געמאַכט פון בלעך. עס זײַנען געקומען זעליק דער קאָלעסניק און מאָטיע דער שמיד, ביידע מיט אױס־געשײַערטע פּענעמער, װי פון באָד אַרױס. װי אַ נאָענטער מעכוטן פון דער קאַלעס צאַד איז געקומען יעכיעל באַלעגאָלע אין שטיװל, אױסגעװע־שמירטע מיט דזעגעכץ.

סאַמע אױבנאָן זײַנען געזעסן כאַשעװע באַלעבאַטים, װאָס האָבן זיך באַטיילִיקט אין צונױפקלײַבן דעם נאַדאַן פאַר דער יעסוימע. זיי האָבן געפירט צװישן זיך אַ שטיקל שמועס: „פּריִער קיינמאָל פון אַזעלכע כאַסענעס באַ ייִדן ניט געװוּסט..." — „מ'נאַ, װאָס זאָל מען טאָן? אַ יעסוימע!"...

— פאַרװאָס איז נאָך דער כאָסן ניטאָ? — האָט, אַ קוק געבנדיק אױפן זייגער, געפרעגט אײנער פון די כאַשעװע כאַסענע־געסט.

— יאָ, ער'ט שױן לאַנג געדאַרפט זײַן דאָ.

— ער איז דאָך א סאָלדאט, ניט קיין פרײַער מענטש, — האָט זעליק געפּרווּוט געפינען א זכוּת אפן כאָסן.

— און די קאַזאַרמע איז הינטער שטאָט, — האָט אונטערגעהאַלטן יעכיעל.

ס׳האָט געשלאָגן זיבן אזייגער, אכט, ניין, און דער כאָסן איז נאָך אַלץ ניט געווען. דער אוילעם האָט אָנגעהויבן ווערן אומרויִק.

— די מײַסע הייבט מיר אָן ניט צו געפעלן, — האָט עמעצער באַמערקט.

— מע קאָן דאָך ניט זיצן ביז האַלבער נאַכט און וואַרטן אף אים, — האָט א ביסל רוגזעדיק א זאָג געטאָן רעב שימעלע דער שניטקרעמער.

— ניין, בעעמעס! ווען די קאַלע וואָלט ניט געווען קיין קײַלעכדיקע יעסוימע און ווען ס׳וואָלט זיך מיט איר ניט געמאַכט אזא מיִעסע מײַסע, וואָלטן מיר, אפּאָנעם, דאָ געווען מעכוטאָנים אף אזא כאַסענע?

— בעקיצער, מע דאַרף געוואָרע ווערן, וואָס איז די מײַסע, פאַרוואָס איז ער נאָך ניטאָ.

— יעכיעל! — האָט א רוף געטאָן מאָטיע, — לאָמיר אָקאָרשט א שפּרײַז טאָן אין די קאַזאַרמעס!

— טאָמער לאָזט ער זיך בעטן, איז ברענגט אים אונטער די הענטע-לעך, — האָט גערייצט טעוויע.

— זײַ רויִק, ער וועט בא אונדז גיין, ווי א צוציקל!

וואָס לענגער די שליכים האָבן זיך ניט אומגעקערט, אַלץ מער אומגעדולדיק און אומרויִק זײַנען געוואָרן די מעכוטאָנים.

— וואָס האָט געקאָנט פּאַסירן?

עטלעכע מאָל איז מען געקומען צו לויפן פון פערעלען, ווו ס׳איז איינגעשטאַנען די קאַלע, דערוויסן זיך, פאַרוואָס פירט מען ניט דעם כאָסן. עלף אזייגער איז געקומען פערעלע אַליין.

— כ׳וועל דאָס ניט אויסהאַלטן! — האָט זי געטייַנעט. — די קאַלע האָט שוין דרייַ מאָל געכאַלעשט... און איין גאָט ווייסט, וואָס ס׳איז געוואָרן מיט דעם הונדערטער, פאַר וועלכן איך האָב אָרעוו געוועזן...

ערשט ארום האַלבע נאַכט האָבן זיך די שליכים אומגעקערט.

באַ דעם ערשטן קוק אַף זיי האָט מען גלייַך געזען, אַז זיי האָבן קיין גוטע בסורע ניט געבראַכט.

פאַרשפּריצטע מיט בלאָטע ביז די גאַרטלען, האָבן זיי זיך מיד אַראָפּגעלאָזט אַף די בענקלעך און, ווישנדיק די פאַרשוויצטע פּענעמער, שווייַגנדיק געקוקט איינער אַפן צווייטן.

— נו, דערציילט, יעכיִעל! — האָט אָפּציִענדיק דעם אָטעם, געזאָגט מאָטיע.

— בעסער דערצייל דו, מאָטיע.

— וואָסי דאָ פאַראַן וואָס צו דערציילן, — האָט נאָך אַ רעגע שווייַגן, מיט אַ זיפץ אַ זאָג געטאָן מאָטיע. — ניטאָ קיין כאָסן!

— וואָס הייסט ניטאָ קיין כאָסן?! — האָבן עטלעכע מיטאַמאָל זיך אָפּגערופן.

— אַנטלאָפן דער כאָסן! — האָט יעכיִעל געענטפערט, איידער מאָטיע האָט נאָך צייַט געהאַט אָפּצורופן זיך מיט אַ וואָרט.

— וואָס הייסט אַנטלאָפן? ווען, וויאַזוי אַנטלאָפן? — האָבן זיך פון אַלע זייַטן געשאָטן פראַגן.

— לאָזט מיך דערציילן, — האָט געפאָדערט מאָטיע, — איך וועל דערציילן פּאָ פּאָריאַדקו, קעסיידער.

— זאָל שוין איינער פון אייַך דערציילן! — האָבן די געסט געשריִען. — דאָס האָט איינער געוואָלט, דער צווייטער זאָל דערציילן, דאָס לאָזן זיי איינער דעם אַנדערן אַ וואָרט ניט אויסריידן. רעדט איינער!

— מיר קומען אין קאַזאַרמע, — האָט יעכיִעל אָנגעהויבן, — און פרעגן: „באַראַבאַנשטשיק קונין איזשדעס״? ענטפערט מען אונדז: „נאָך נעכטן אָטלוטשאיעט זיך אין שטאָט״.

איז אונדז די מײַסע גלײַך ניט געפעלן: וואָס עפּעס ערעוו כופּע אין שטאָט? און אין שטאָט האָט ער זיך דאָך ניט באוויזן...

— און אף ווי לאַנג איז ער אָפּגעלאָזן געוואָרן אין שטאָט? — פרעג איך. „ביז הײַנט, — ענטפערט מען אונדז, — א פעטער בא אים גע־שטאָרבן, האָט ער געבעטן אָפּלאָזן אים אף דער לעווײַע". דאָ האָט אונדז באלד א שלאָג געטאָן אין קאָפּ: וועלכער פעטער, וועלכע לעווײַע?.. זאָג איך: „גאָספּאָדין פעלדפעבעל, גיט א קוק, איך בעט אײַך, אין זײַן סונ־דוקל"...

— דאָס האָב איך געזאָגט, — האָט מאָטיע איבערגעשלאָגן.

— לאָז אָפּעט! — האָט יעכיעל אומגעדולדיק א מאך געטאָן מיט דער האנט. — ווײַל, זאָג איך, גאָספּאָדין פעלדפעבעל, ער האָט ניט קיין פעטער און קיינער איז בא אים אין שטאָט ניט געשטאָרבן. דאָ איז עפּעס א שווינדלערײַ... „וואָט קאק, — זאָגט דער פעלדפעבעל, — אזא געשיכטע! אָט וועלן מיר באלד א קוק טאָן".

— ער עפנט אוף דאָס קעסטל — לײדיק, — האָט מאָטיע ארויסגע־כאפּט בא יעכיעלן דעם סאמע צימעסדיקן סאָף.

וואָרפנדיק אף מאָטיען א בייזן בליק, האָט יעכיעל איבערגעכאזוערט:

— דער פעלדפעבעל האָט אופגעעפנט דאָס קעסטל, ער זעט: דער סונדוקל איז פּוסט!..

— פריער צוביסלעך אלץ ארויסגעטראָגן, — האָט מאָטיע זיך ניט געקאָנט אײַנהאלטן.

— אנטלאָפן פון פּאָלק! — האָבן אלע אין איין קאָל אויסגערופן.

— אנטלאָפן דער כאָסן! — האָט יעכיעל פארפינקטלעכט.

— דער פעלדפעבעל האָט טאקע אזוי געזאָגט: „אָן וו'בעגאַך, סוקין סין!" — האָט מאָטיע ארײַנגעשטעלט.

מענטשן האָבן שווײַגנדיק געקוקט איינער אפן צווייטן און געשאָקלט מיט די קעפּ: וואָס א הולטײַ קאָן...

דער אוילעם האָט שטילינקערהייט אײנציקווײַז גענומען ארויסרוקן זיך פון שטוב.

איין פּערעלע בלויז האָט געבראָכן די הענט און שיר ניט געוויינט:

— הונדערט קארבן! פארפאלן מײַנע הונדערט רובל! זיי וועלן דאָך מיר לעבן ניט לאָזן, איך זאָל זיי אומקערן די הונדערט רובל. כ׳האָב דאָך, נארישע יידענע וואָס איך בין, אָרעוו געווען פאר די הונדערט רובל... געקראָכן מיט א געזונטן קאָפּ אין א קראנקער בעט... גאָט מײַנער, הונ־דערט רובל, הונדערט בלוטיקע קארבן!..

1915

# א בריוועלע דער טאָכטער



אַלקע, א ייִדענע, וואָס האנדלט זומער מיט גרינע עפּעלעך און ווינטער — מיט געפּרוי־רענע עפּעלעך, האָט זיך שטענדיק באקלאָגט, וואָס איר באַסיעכידע, איר איינציק אויג פון קאָפּ, איז פארוואָרפן אף יענער זײַט יאם — אזש אין דער ווײַטער אמעריקע.

— וואָס איז די פּולע, וואָס זי איז דאָרטן, קיין אײַנהאָרע, א גאנצע גראפיניע, אז מײַנע אויגן זעען דאָס ניט? — קרעכצט מאַלקע, ווישנדיק די אויגן מיטן ברעג פארטעך.

אפילע די צענרובלדיקע, וואָס די טאָכטער שיקט איר יעדן כוידעש, פרייען זי ניט.

— כ׳וואָלט בעסער איין מאָל געוואָלט זען דעם ליכטיקן פּאָנעם אירן, איידער צען מאָל קריגן געלט. כ׳שרײַב איר: „טאָכטער מײַנע, שיק מיר בעסער דײַן בילד אָנשטאָט געלט״. ענטפערט זי מיר: „ליבע מוטער, מיט א פּיקטשע וועסטו ניט זאט זײַן״... מיינט איר, זי האָט מיר, פונדעסטוועגן, ניט געשיקט א פּיקטשע... מיר פאר איר, וואָס פאר א ליכטיק פּאָנעם זי האָט!

מאלקעס איינציקע נעכאָמע זײַנען די בריוו, וואָס קומען איר אָן פון דער טאָכטער. שרײַבן שרײַבט זי ניט אָפט. אין אמעריקע איז קיין צײַט ניטאָ צו שרײַבן. מע איז שטענדיק ביזי און ביזי, אף אמעריקאנישן לאָשן — שטארק פארנומען, אָבער קלײַבט זי זיך שוין אויס שרײַבן א בריוו, שרײַבט זי אלץ געננוי: ווי דער באָס — אף זייער לאָשן דער באלעבאָס — איז צו איר בעסער ווי צו אלע מיידלעך, ווי זי גייט נאָך דער ארבעט שפּאצירן, ווי זי איז געווען אף א באל, ווי עס שאדכענען זיך צו איר א סאך ווילע באָכערים — זי רופט זיי „באָיעס״, וואָס פאר א קלייד — בא זיי רופט זיך עס „דרעס״ — זי האָט זיך געמאכט און וואָס פאר א הוט זי טראָגט...

די בריוו לייענט מאלקען און שרײַבט אף זיי אן ענטפער בעניע דער קלעזמער, מאלקעס שאָכן פון קעגניבער, וועלכן זי האלט פאר דעם גרעסטן קענער, ווײַל ער לייענט ווי א וואסער און שרײַבט — מיטן אויג ניט צו כאפּן.

האָט אָבער בעניע דעם כיסאָרן, וואָס ער אליין האלט פון זיך נאָך מער, ווי מאלקע האלט פון אים. די גאל קאָן פּלאצן, איידער זי בעט אים אײַן איבערלייענען איר טאָכטערס בריוו און ענטפערן אף זיי.

באקומען א בריוו, גייט זי אריבער צו רייזען די רויפעטע, בא וועלכער בעניע פארנעמט אן אלקערל, און, אויסציִענדיק דעם האלדז, פרעגט זי:

— ער שלאָפט נאָך?

— שוין אופגעשטאנען, דער קאָלבאסניק! — ענטפערט רייזל בע־

קיוון הויך, בעניע זאָל הערן. מאַלקע רוקט אַרײַן דעם קאָפּ אין טיר פונעם אַלקערל, און, מאַכנדיק א כניפּעדיק פּאָנעם, ציט זי זיס:

— א גוטינקן מאָרגן דיר, בעניעלע! עפּעס זעט מען דיך ניט אַף דער ווײַסער וועלט...

— פאַרבענקט זיך נאָך מיר? וואָס, ווײַטער א לעטער פון אײַער פּיקטשע, — קרימט בעניע איבער איר טאָכטערס שרײַבן.

— גאָט צו דאַנקען, אָנגעקומען א בריוו. לייען נאָר אַף טשיקאַווע איבער, בעניעלע, וואָס שרײַבט זי, א געזונט אין אירע גלידער!.

— פאַרשפּאָרט צו לייענען, מינאַסטאַם, ווידער א באַי מיט א פּיקטשע, מיט א דרעס... — ווייסט שוין בעניע אַף אויסווייניק.

— נו, נו, געגנוג דיר שוין כויזעק מאַכן פון אן אַלטער ייִדענע, — בעט אים מאַלקע אין איין שרעק, ער זאָל זיך, כאָלילע, ניט פאַרקאַ־פּריזען, ווי עס טרעפט בא אים אמאָל, און גאָר אָפּזאָגן זיך צו לייענען. — לייען איבער, קרוין מײַנס, און שרײַב מיר טאַקע שוין אָן אן ענטפער. זײַ א גוטער.

— אַזוי, איבערלייענען און אָנשרײַבן?.. טאַקע שוין אפן פלעקל? אַנדערש ניט! וואָס מיינט איר, מער האָב איך טאַקע ניט וואָס צו טאָן, ווי נאָר לייענען און שרײַבן אײַערע בריוולעך, האַ?

— בעניעלע, טײַערינקער! וואָס האָט דאָס בא דיר פאַר א ווערט? איין מינוט, ביסטו דאָך פאַרטיק.

בעניען איז געפעלן, וואָס מע האַלט אים פאַר אַזא גרויסן שרײַבער, נאָר ער מאַכט, פונדעסטוועגן, דעם אָנשטעל נאָך גרעסער.

— טאַקע? אין איין מינוט! איר מוזט, אפּאָנעם, מיינען, אז א בריוו שרײַבן איז אַלציינס ווי עפּעלעך פאַרקויפן. כ׳וואָלט געוואָלט זען, ווי איר וועט זײַן א בעריע און אָנשרײַבן א בריוול אין איין מינוט.

— איך? ווי קום איך? ע, ווען איך האָב דײַן קאָפּ מיט דײַן פּען. כ׳וואָלט יעדן טאָג געשריבן גאָלדעלעך, זאָל געזונט זײַן, א בריוו אַף צען בויגן, — כאַנפעט אים מאַלקע.

— ניט ווייניקער, ווי צען בויגן? א יענטע בלײַבט א יענטע! —

ווערט בעניע אין קאס, לעמיי מאלקע מאכט די קונסט פון שרייבן פאר אזא גרינגער זאך. — איך קאן קיין איין בויגן אויך ניט שרייבן, און גייט אייך געזונטערהייט...

מאלקע קען שוין דעם טרייפענעם בייז מיט אלע זיינע טרייפענע שטיק, נעמט זי זיך צו אים אף אן אנדער אויפן.

— אוי, בעניעלע, ביסט דאך גאר ניט אזא שלעכטער, ווי דו מאכסט זיך... איך גיי אנומלט אריין צו מיילעך באנדורע, הער איך, ווי ער זאגט צו זיין פערלען: „אזא גאלדענער באכער, ווי בענדעטן, ווערסטו מיט טויזנט קארבן נאדן ניט אופהייבן... ווען איך האב קויעך צו געבן אונד־זער גיטעלען כאטש א פינף הונדערט קערבלעך נאדאן, וואלט איך אים שוין אריינגעכאפט פאר א כאסן...

בעניע ווייסט אפילע, אז מיילעך באנדורע, וואס האלט די קאפעליע, רופט אים ניט אנדערש, ווי „שיקער" און „קאלבאסניק", נאר דאך ווילט זיך אים גלייבן, אז מיילעך כאלעשט טאקע אריינכאפן אים פאר אן איי־דעם, און בעניע הירזשעט אזש פון סימכע:

— אזוי האט ער טאקע געזאגט? הע, הע, הע!..

— נאכעס זאל איך אזוי אין דיר דערלעבן, — שווערט מאלקע. — „ווען איך האב אים פאר אן איידעם, זאגט ער, וואלט איך געוווסט, אז אונדזער גיטל וועט האבן ברויט צו זאט און איבער הונדערט און צוואנ־ציק יאר וועט די קאפעליע זיין אין רעכטע הענט"...

— מאלקע, איר כאנפעט ניט? — פאלט בעניען מיטאמאל איין א כשאד.

— גאט איז מיט דיר, בעניעלע, וואסער א מאדנער מענטש דו ביסט! ס'איז מיר עפעס א נאפקעמינע? נאר זאל איך שוין אזוי דערלעבן נאכעס פון מיין גאלדעלען, זאל געזונט זיין, ווי ער האט וועגן דיר גע־רעדט עפשער א האלבע שא נאכאנאנד, — שווערט מאלקע, ווינטשנדיק אים אין הארצן: „זאל דיר נאר מעקויעם ווערן כאטש א צענטל פון די קלאלעס, וואס ער האט אין דיר אריינגעלייגט, טאטע זיסער, וועל איך ניט דארפן אנקוקן דיין טרייפענעם פאנעם"...

— און מיר אין די אויגן וועט ער קיינמאָל א גוט וואָרט ניט זאָגן, די באַנדורע, א רועך אין זײַן טאַטנס קינדער אַרײַן!

— בעקיוון, בעניעלע, בעקיוון, — שמועסט אים אײַן מאַלקע, — ער וויל, דו זאָלסט צופיל ניט האַלטן פון זיך, וועט אים, מיינט ער, גרינגער אָנקומען אַרײַנכאַפּן דיך פאַר אַן איידעם...

— האָט ער טאַקע געזאָגט: בעניע איז א ווילער יאַט? — ווילט זיך אים נאָכאַמאָל הערן, ווי מיילעך באַנדורע האָט אים געלויבט.

— אַזויפיל גוטע יאָר מיר, וויפל מאָל ער האָט דײַן נאָמען דערמאָנט!

— און וואָס האָט זי געזאָגט, די מאַרשאַס, דאָברוסקע?

— זי? זי זאָגט: אוואדע וואָלט עס געווען א גליק, א באָכער, ווי א סאָסנע... און א גערעאָטענער: א נאָט אָנשרײַבן, צי א בריוול — איז ער דאָך איין מאַזיק...

— וואָס דען? יאָלדן קענען עפּעס? — ווערט בעניע אָף אַן עמעס שטאָלץ בא זיך. — מיר, אַז מיר גיבן זיך א זעץ אַנידער, ווערט בא אונדז פאַרטיק א בריוול — איינס, צוויי!..

זעט מאַלקע, אַז די גינסטיקע מינוט איז געקומען, מאַכט זי, ווי פאַרבײַגייענדיק:

— כ'ווייס ניט וואָס? אין איינע פינף מינוט ווערט בא דיר פאַרטיק א בריוול צו מײַן גאָלדעלען.

— א באַטרעף א גרויסער! זאָגט מיר נאָר, וואָס איר ווילט שרײַבן, קאַטעווע איך דאָס אָן אין איין מינוט...

— אַזא יאָר אָף מיר, וואָס פאַר א גאָלדענער באָכער דו ביסט, בע־ניעלע, נאַ, נאַ, שרײַב טאַקע אָן...

אַרויסשלעפּנדיק פון אונטערן פאַרטעך אַן אופגעוויקלט בייגעלע פּאַ־פּיר און א קאָנווערט, וואָס זי האָט שוין לאַנג געהאַלטן אָנגעגרייט, און אויך א פלעשל בראָנפן, אָן וועלכן בעניע האָט זיך קיינמאָל ניט געזעצט שרײַבן אירע בריוו, רוקט זיביידע זאַכן צו צו אים און ווינטשט צו נאָכאַמאָל:

— דינען זאָלן דיר די הענט דײַנע, טאַטע זיסער!..

— נו, פריִער פון אַלץ וועט מען אַרײַנגיסן אין לאָמפּ... — בעניע גיט אַ זשליאָקע גלײַך פון פלעשל. — און איצט זאָגט, וואָס איר ווילט שרײַבן.

באַ מאַלקען ווערן די אויגן גלײַך פול מיט טרערן, די נאָז ווערט מיטאַמאָל רויט און ווי אָנגעשוואָלן. אונטערשפּאַרנדיק די לינקע באַק מיט איין פינגער און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, הייבט זי אָן מיט אַ דין קעלכל דיקטירן און זיפצן:

— מײַן ליבע, טײַערע טאָכטערל גאָלדעלע, לעב וואויל, אָמיין סעלאָ! ערשטנס, קום איך דיר צו מעלדן, אַז איך בין, גאָט צו דאַנקען, אין בעסטן געזונט, דאָס נעמלעכע פון דיר צו האָרכן אויף אימער און עוויג... די צען רובל, וואָס דו האָסט מיר געשיקט, האָב איך מיט פיל גליק דערהאַלטן... גאָט דיר געב...

— וואַרט, וואַרט! זע, ווי זי האָט זיך עס אַ ביסל צעלאָזט! — האָט בע־ניע איר איבערגעשלאָגן אינמיטן. — איר מיינט, אַפּאָנעם, ס'איז עפּע־לעך פאַרקויפן... לאָזט דעם אָטעם אָפּכאַפּן.

און אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם מיט נאָך אַ לאַנגן זופּ פונעם פלעשל, האָט ער אײַנגעטונקט די פּעדער, אַ ווײַלע געדרייט זי איבערן פּאַפּיר, צוגרייטנדיק זיך צו אוועקצושטעלן דעם ערשטן אָס. פון זיכערקײַט וועגן האָט ער אויסגעטרונקען נאָך אַ ביסל און אופגעשריבן: „צו מײַן פיל געליבטער און האָכגעשעצטער טאָכטער גאָלדעלע, לעב וואויל און עוויג“, און האָט זיך פאַרטראַכט.

אין קאָפּ האָט אים געשווינדלט און פאַר די אויגן האָט אַלץ זיך גע־דרייט. יעדעס מאָל, ווען ער האָט זיך אָנגעבויגן צום טיש, קלײַבנדיק זיך שרײַבן ווײַטער, האָט אים דאָס בלוט אַ שפּאַר געטאָן אין קאָפּ און די אויסיעס אַפן פּאַפּיר זײַנען ווי צוזאַמענגעגאָסן געוואָרן אין איין גרויסן פלעק: דאָס גרינלעכע פלעשל האָט זיך ווי אָנגעבויגן צו אים און דער קעלישעק אַפן דינעם פּיסל האָט שעלמיש געווונקען...

דורכצולײַטערן דעם קאָפּ, האָט בעניע געמאַכט נאָך אַ קויסע און, פּלאָנטערנדיק מיט דער צונג, אַ פרעג געטאָן:

— נו, גראַ־ראַ־פּיניע פּאָ־פּאָ־טאָצצ־קע, וו־וואָס ווײַטער שרײַבן?

— שוין אָנגעשריבן „גאָט דיר גיב פּיל גליק", בעניעלע?

— אָנגע־שריבן... ווײַטער!..

מאלקע האָט צונויפגעשנורעוועט די ליפּן, אָפּגעזיפצט און ווײַטער דיקטירט:

— ..."און איך בעט דיך, טאָכטערקע, היט דײַן שוואכן געזונט. פּראַ־צעווע ניט איבער די קויכעס, די וועלט קאָן מען ניט איַינרײַיסן... לעמאַ־נעשעם — ווינטער טראָג די וואָלענע זאָקן און דעם וואַטאָוון לײַבל, וואָס איך האָב דיר מיטגעגעבן... דו ביסט דאָך בא מיר א שוואכינקע, אַן איידעלע, קרוין מײַנס"...

מאלקע האָט דיקטירט, און בעניע איז געלאָפן מיט די דינע קלעז־מערישע פינגער איבערן פּאַפּיר, שטארק סאָפּענדיק מיט דער נאָז און פינטלענדיק מיט די אויגן. געענדיקט, האָט ער א הייב געטאָן דעם קאָפּ און צווישן די ציין ארויסגעקוועטשט:

— וו־ווײַטער... כ'כאלעש שלאָפן...

צוטראָגנדיק דאָס פלעשל צום מויל, האָט ער גענומען אויסבולבען דאָס לעצטע ביסל בראָנפן, אינמיטן אָפּגעריסן זיך און אײַלנדיק ארײַנ־געוואָרפן:

— כ'הער... זאָגט, וואָס ווילט איר ווײַטער שרײַבן...

מאלקע האָט זיך פארטראכט. זי האָט אזויפיל צו זאָגן איר גאָלדעלען, זי וואָלט געוואָלט אויסגיסן איר אָנגעווייטעקט הארץ, איר בענקעניש נאָך איר קינד. כאָטש מיט א גוט וואָרט, מיט אַן אייצע באשיצן איר באָסיעכידע פון אלדאָסבייז, וואָס לויערט אף איר אין דער פארוואָרפע־נער ווײַטער מעדינע... א, ווען זי וואָלט אליין געקאָנט, וואָלט זי שוין געוווסט וואָס צו שרײַבן. אָבער דאָ, מיט דעם קאָלבאָסניק...

— ניט־טאָ בר־ראָנ־פן? — האָט זיך בעניע דערמאָנט.

מאלקע האָט זיך דערשראָקן. אָט־אָט שלאָפט ער אײַן, וועט זי גאָר־ניט האָבן, ווער ס'זאָל איר ענדיקן דאָס בריוול, און, טיף אָפּזיפצנדיק, האָט זי מיט א ציטעריק קאָל ווי צו זיך אליין גערעדט:

— „וויַיטער, מיַין ליבע טאָכטערקע, דארפסטו וויסן, אז דו ביסט שוין א מיידל ניט קיין יונגינקע, קיין איַינהאָרע... און איך, די אָרעמע מאמע דיַינע, קאָן דיר גאָר ניט העלפן, ווי צו מיַינע יאָרן! זע זשע, קרוין מיַינס, זוך זיך אליין אויס דיַין באשערטן זיווּג און האָב כאסענע, ווי גאָט האָט געבאָטן... א בראָך צו דער מאמען, וואָס קאָן איר איינציק קינד צו דער כופּע ניט פירן!..״

— עמ־מעס! א בראָ־אָך צו׳ר ממא־אמען, — האָט בעניע אריַינ־געוואָרפן.

— „נאָר זע, גאָלדעלע, — האָט מאלקע מיט א וויינענדיקער שטים דיקטירט, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, ווי בייס א טכינע לייענען, — זע, זאָלסט, כאָלילע, אין שלעכטע הענט ניט אריַינפאלן״...

בעניע האָט שוין לאנג ניט געהערט, וואָס מאלקע רעדט. מיט פאר־לאָפּענע אויגן האָט ער געקוקט אף מאלקען, ווי זי שטייט פאר אים, שאָקלט מיטן קאָפּ און באוועגט מיט די ליפּן. אין די אויערן האָט אים געהודזשעט און אינעם שיקערן קאָפּ האָבן זיך אים געפלאָנטערט מאל־קעס ווערטער צוזאמען מיט אלטע, פארוואלגערטע און אָפּגעריסענע געדאנקען. אָט איז גאָלדע, מאלקעס טאָכטער, א מיידל א ברען, וואָס פלעגט זיך שטענדיק רייצן מיט אים און לאכן פון אים... אָט איז זלאט־קע, בינעם דעם כאזנס טאָכטער, וואָס האָט פון אים געהאַט א קינד און איז דערנאָך געלעם געוואָרן פון שטעטל. אָט איז ביילצע, א גראָבע מויד און א נארישע, וואָס האָט אים אזויפיל ביזיוינעס אָנגעטאָן... איינ־מיטן פלאָנטערט זיך מיילעך באנדורע אין קאָפּ...

— דו הערסט, בעניעלע, וואָס איך רייד? — האָט אים מאלקע גע־צופּט פארן ארבל. — דער איקער, זי זאָל זיך היטן פון שלעכטע הענט... אזוי זאָלסטו איר טאקע שריַיבן: דער איקער, מיַין ליבע טאָכטערקע, היט זיך, זאָלסט, כאָלילע, אין שלעכטע הענט ניט אריַינפאלן״.

— ג־גוט, גוט... איכ׳ל שוין אליין. כ׳וויס שוין, וואָס איר ווילט שריַיבן...

און, טיף אָנבייגנדיק זיך איבערן טיש, האָט ער מיט אַן אומזיכערער האַנט געפירט איבערן פּאַפּיר: „ביסט דאָך בא מיר אַן איידעלֿע פּריצטע, ניט געלֿאָזט צורירן זיך... זע, זאָלֿסט טראָגן דער מאַמעס זאָקן מיט די וואַטאָווע לײַבלֿעך... מיר פאַר דיר, א בראָך צו דיר!.. צו דער מאַמע, וואָס קאָן איר טאָכטער אונטער דער כופּע ניט ברענגען... און זע, זאָלֿסט אין בייזע הענט ניט אַרײַנפאַלן... אזא מאַן, ווי בענדעט דער קלֿעזמער, ווען דו מיט טויזנט רובלֿ נאַדאַן ניט קריגן... ער גייט אויס נאָך דײַנע טריט... אַן ערלֿעכער ייִד און א גוטער מאַן זאָלֿ ער זײַן... זאָלֿסט מיר ניט זײַן, ווי זלֿאַטקע ביניאָמינס, וואָס טראָגט פינגערלֿעך מיט בראַסלֿעטן אין בונעסײַרעס. פון פּראַצע אָנקלֿײַבן א רובלֿ... קום אהיים. בעניע וועט דיך נעמען ווי דו שטייסט און גייסט... ער׳ט וואַרטן אַף דיר ביזן גרויען צאָפּ אַרײַן... דײַן באָס, א רועך אין זײַן טאַטן אַרײַן, שפּײַ אָן א פולן פּאָנעם... הענט און פיס דאַרף מען אים צעברעכן מיט מײַלֿעך באַנדורען איניינעם... זע, היט דײַן שוואַכן געזונט, ווי עס ווינטשט דיר דײַן האָכגעשעצטע און פילֿגעאַכטעטע מוטער.

מאַלֿקע קנוריק“.

— שוין! מער שרײַב איך ניט, — האָט בעניע אָנגעזאָגט, — נאָר דעם אַדרעס אָנשרײַבן, און פאַרטיק.

און, אָנשרײַבנדיק מיט מאַטערניש דעם אַדרעס, האָט ער זיך א וואָרף געטאָן אפן האַרטן באַנק און אָנגעהויבן כראָפּען. מאַלֿקע האָט געכאַפּט די פּאַטשיילֿע אפן קאָפּ און אָן אַן אָטעם געלֿאָפן אַראָפּלֿאָזן אין פּאָסט־קעסטלֿ דאָס בריוועלֿע דער טאָכטער...

1911

# א מענטש מיט פּרינציפּן



א דעם ערשטן בליק אויף מאַרקוס בע־
לענקין האָט מען גלײַך געקאָנט זען,
אַז דאָס איז אַ מענטש אַ געזעצטער,
אַ סאָלידער, אַ באַרעכנטער, אַ פּינקט־
לעכער, אַ מענטש מיט פּרינציפּן.

זײַן פּונקט אין דער מאָס אויסגעפּאַשעטער גוף, זײַן בײַכל, וואָס האָט זיך פאַרקײַלעכדיקט נאָר אויף אַזויפיל, אַז די וועסט זאָל אויף אים בעסער ליגן; זײַן גלאַט, פריש פּאָנעם, ענלעך אויף אַ פּאָנעם פון אַ מיטליאָריק ווײַבל, וואָס האָט אַ גוט לעבן פאַר איר מאַן; זײַנע קליינע, קאַלטע אויגן, וואָס האָבן רויִק און זיכער געקוקט דורך די בלישטשענדיקע

ברילן־גלעזלעך אף גאָטס וועלט, זײַן געלאַסענער גאנג, זײַנע רויִקע באַוועגונגען, דער שטענדיק פרישער קנייטש אף זײַנע הויזן, די ווײַסקײַט פון זײַן העמד, די שטײַפקײַט פון זײַן קראגן, דער פינקטלעך אויסגעבונדענער קראוואט — מיט איין וואָרט, אַלץ, אָנהייבנדיק פון זײַן געפוצט בערדל ביז דער זיכערקײַט פון זײַן טאָן, האָבן איידעס געזאָגט, אז באם הער מארקוס בעלענקי איז קיין זאך ניט צופעליק, אז אין אַלץ פירט ער זיך לויט שטרענגע, איינמאָל פאר אַלעמאָל אויסגעארבעטע פרינציפּן.

און פרינציפּן האָט הער בעלענקי טאקע געהאט גרייט אף יעדן שריט אין לעבן.

אפילע אזעלכע נייטיקע און מענטשלעכע באדערפענישן, ווי עסן און שלאָפן, האָט ה׳ בעלענקי געטאָן ניט מאכמעס א מענטש מוז עסן און שלאָפן, נאָר ווײַל פרינציפּיעל האָט ער פיר מאָל א טאָג געגעסן, איין מאָל שפּאצירט און צוויי מאָל אין מעסלעס געשלאָפן — אכט שאָ באנאכט און אָנדערהאלבן שאָ באטאָג, נאָך מיטיק.

פאר דעם ה׳ בעלענקי האָבן איבערהויפּט קיין קלייניקײַטן ניט עקזיסטירט. צי עס האָט זיך געהאנדלט וועגן דעם גלאנץ אף זײַנע שיך, צי וועגן האָלץ אף ווינטער פאר אָרעמע לײַט, צי עס איז געווען אַ פראגע וועגן א ביסל בראנפן פאר פיש, צי וועגן א טאלמעדטוירע פאר אָרעמע קינדער, — הער בעלענקי האָט זיך אף אַלץ געהאט זײַן פעסטע מיינונג און זײַנע פרינציפּן, פון וועלכע ער איז פאר קיין פאל ניט אָפּגעטראָטן.

ה׳ בעלענקי האָט ביכלאל געהאלטן, אז אַלע אומגליקן אונדזערע — סײַ פונעם יאָכיד, סײַ פון ראבים — נעמען זיך פון אונדזער פרינציפּלאָזיקײַט.

א מענטש אָן פרינציפּן איז ווי א הויז אָן א פונדאמענט — איז געווען ה׳ בעלענקיס פרינציפּ, דערבײַ פלעגט ער זײַן פרינציפּיעלן געדאנק באגלייטן מיט לײַכטע באוועגונגען פון די קליינע, ווייכע, ווײַבער־

שע הענט, ווי ער וואָלט מיט א לײַכטן מאסאזש געוואָלט אריַינרײַבן אין דעם צוהערער זײַנע מיינונגען און זײַנע פּרינציפּן.

באזונדער פעסט האָט זיך ה׳ בעלענקי געהאלטן בא דעם פּרינציפּ ניט צו געבן קיין צדאָקע, אָדער וועמען־ניט־איז אויסהעלפן מיט געלט, אפילע מיט א האלוואָע, אכוץ אונטער א מאשקן און אף גוטע פּראָצענטן.

— איך גיב פּרינציפּיעל קיין נעדאָוועס ניט, — איז שטענדיק געווען זײַן ענטפער אף ענלעכע באקאָשעס. — נעדאָוועס, פילאנטראָפּיע וואָ־אָבשטשע, מאכט קאליע דעם מענטשן... דאָס פארדארבט סײַ דעם גע־בער, סײַ דעם נעמער. דער ערשטער בארויִקט זיך מיט דער נעדאָווע, וואָס ער גיט, און טוט ניט קיין וויכטיקערע געזעלשאפטלעכע ארבעט, און דער לעצטער געוויינט זיך אײַן צו נעמען און ווערט ביסלעכווײַז א פּראָפעסיִאָנעלער שנאָרער, א לײדיקגייער.

ער וועט אײַך שטיצן מיט וואָס איר ווילט: מיט א גוט וואָרט, מיט א גלײַכער אייצע, מיט א רעקאָמענדאציע, אָבער געלט — דאָס גיט ער ניט פּרינציפּיעל.

הער בעלענקיס פּרינציפּן זײַנען גוט באקאנט געווען אין שטאָט. און דאָרטן, ווו עס האָט זיך געהאנדלט וועגן זאמלען געלט אף א קאָהאָל־שער זאך, האָט מען אים ניט באומרויִקט.

די איינציקע, וואָס האָבן ניט געוואָלט זיך רעכענען מיט בעלענקיס פּרינציפּן, זײַנען געווען זײַן פעטער קאלמען און די מומע פייגע.

דער פעטער קאלמען, א ייִד מיט זייער א סאך קינדער און מיט זייער ווייניק פּרינציפּן, איז געווען דער גרעסטער קאפּצן אין דער מישפּאָכע פון קאפּצאָנים, אין ווּעלכער דער הער בעלענקי איז געווען דער גרעס־טער גוויר.

באם פעטער אָן פּרינציפּן איז רעכט געווען קימאט יעדן ערעוו־שאבעס קומען בעטן באם פּלעמעניק מיט פּרינציפּן א גמילעסכעסעד אף שאבעס, כאָטש דער פּלעמעניק האָט אים ניט איין מאָל קלאָר און דײַטלעך געזאָגט, אז פּרינציפּיעל גיט ער קיין געלט ניט.

— וואָס איז דער כידעש, וואָס איר זײַט א קאפצן, אז איר האָט קיין שום פּרינציפּן ניט, — פּלעגט דער פּרינציפּיעלער פּלעמעניק, אָנשטאָט א גמילעסכעסעד, לייענען דעם פעטער א לעקציע וועגן פּרינציפּן, — אײַער אייסעק איז, דוכט זיך, געוועזן טרוקענע שוועמלעך, אינמיטנדריי־נען נעמט איר גאָר האנדלען מיט טוווע, ווערט איר גאָר א מעקלער פון דירעס, א קאָלעקטאָר פון לאָטעריי־צעטלעך. אָט האנדלט איר מיט עסרויגים, אָט זײַט איר אן אגענט פון גאזעטן, א שאדכן, א קאליגראף, דער גוטער יאָר ווייסט אײַך וואָס! אז אלץ איז פאר אײַך אן אייסעק, אלץ איז אײַער האנט, קאָן דערפון ארויסקומען עפּעס גוטס?

— אבי א קערבל פאַרדינען, — זאָגט דער פעטער מיט אן אָרעמאַ־נישן האכנאָע־שמייכל.

— ניין, דאָס טויג ניט! א מענטש מוז האָבן פעסטע פּרינציפּן... אָט נעמט מיך: מײַן געשעפט איז דיסקאָנט, היפּאָטעקן, וואָבשטשע געלט־אָפּעראציעס. פּרווּוט זשע מיר זאָגן, לעמאָשל, נאכנאמעס, צי סטאם אן אנדער ריזיקאליש געשעפט, וועל איך עס פּרינציפּיעל ניט אָנעמען. איך זאָל וויסן, איך וועל ווער גליקלעך, נעם איך עס ניט אָן! א מענטש מוז אין אלץ האָבן זײַנע פּרינציפּן, איר פארשטייט, צי ניין?

— ווער קאָן זיך גלײַכן צו דיר? — שמייכלט דער פעטער אין די וואָנצן מיט פאַרבאָרגענער לעצאָנעס, — דו האָסט, קיין אײַנהאָרע, א סאך געלט, קאָנסטו זיך פארגינען צו האָבן אף יעדער זאך א באזונדער פּרינציפּ, אָבער איך, א ייִד אן אָרעמאן, דאנק גאָט, אז איך האָב כאָטש איין פּרינציפּ.

— וואָס אן ערעך פאר א פּרינציפּ האָט איר, פעטער, טשיקאַווע צו וויסן.

— מײַן פּרינציפּ איז: זײַן מײַן רײַכן פּלעמעניקס אָרעמער פּע־טער, העי!

— מיילע, אויב עס געפעלט אײַך, קאָנט איר עס ווײַטער בלײַבן, — ווערט ה׳ בעלענקי אין קאַס, וואָס דער קאפּצן דערלויבט זיך צו טרײַבן

מיט אים קאַטאָוועס. — נאָר מיר, וועל איך אײַך בעטן, פּעטער, ניט קומען דולן דעם קאָפּ.

— כאָלילע, כאָלילע! גיב מיר נאָר א גמילעסכעסעד — און דו זעסט מיך מער אין די אויגן ניט אָן... ביזן צווייטן גמילעסכעסעד.

— אומזיסט אײַערע רייד, פּעטער. קיין גמילעסכעסעד קאָן איך עס ניט אָנרופן, ווײַל איר וועט עס מיר קיינמאָל ניט אומקערן. און קיין נעדאָוועס, ווי איר ווייסט, פּעטער, שענק איך פּרינציפּיעל ניט.

אָפּגעזאָגט און ארײַן אין קאַבינעט, צומאַכנדיק הינטער זיך די טיר.

דער מומע פייגע אָבער איז שוין ניט געווען אזוי גרינג אָפּצופּאַטערן.

זי פלעגט קומען מיט גאַנצע טײַנעס און דערבײַ דערמאָנט ה׳ בעלענקין צײַטן און זאַכן, וועלכע אים האָט זיך זייער שטאַרק געוואָלט פאַרגעסן.

— נישקאָשע, מעגסט נאָך באַהילפיק זײַן דער מומען מיט עטלעכע קאַרבאָוואַנצעס, — טײַנעט די מומע, — ווען ניט איך, וואָס וואָלט פון דיר געוואָרן, דעם פאַרלײַזיקטן יאָסעם? דײַן גאַנצע מישפּאָכע די שיינע האָט דאָך אפילע ניט געוואָלט אַרומקוקן זיך אף דיר. בלויז איך איינע האָב דיך ארײַנגענומען צו זיך, און געוואַשן, און געצוואָגן, און געהיילט דײַן פאַרלײַזיקטן קאָפּ.

— הערט שוין אוף! גענוג זאָל אײַך שוין זײַן צו פּלאַפּלען, — פלעגט ה׳ בעלענקי זיך קרימען, ווי פון א ניט געשמאַקן טאַם אין מויל.

— וואָס, ס׳איז עפּשער ניט עמעס? — מאַכט זיך די מומע ניט ווייסנדיק. — אזויפיל פונט גאָלד זאָל איך פאַרמאָגן, וויפל פונט גאַזע איך האָב אויסגעגאָסן אף דײַן קאָפּ, ביז כ׳האָב אים ריין געמאַכט...

— זי האָט זיך שוין צערעדט האָט זי זיך... א מײַסע אָן א סאָף.

— א טויווע פאַרגעסט זיך, — טײַנעט די מומע דאָס איריקע, — און ווער האָט דיך געמאַכט פאַר א מענטש ווער? ווער האָט אָפּגעשלאָגן בא זאַלמאַנאָוויטשן די שוועל, ער זאָל דיך צונעמען פאַר א יינגל אין זײַן שניטקראָם? נישקאָשע, האָסט צו אים ניט דערלייגט... און ווען ניט איך, וואָלסטו עפּשער כאַסענע געהאַט מיט זײַן באַסיעכידע? מײַנע סאָ־

נים זאָלן אזוי לעבן! עס מאכט ניט אויס, וואָס מע האָט אף איר גערעדט אין שטאָט וואָס אין דער קאָרט שטייט, אבי דריי טויזנט רובל נאדאן האָט איר דער טאטע געגעבן און זיין הויז מיט דער שניטקראָם האָסטו געיארשנט, ניט איך!..

— אָבער וואָס האָט איר זיך דערמאָנט מייסעס פון פאר צענדליקער יאָרן? — קרימט זיך ה׳ בעלענקי אלץ מער פון אירע רייד.

— וואָס האָב איך זיך דערמאָנט וואָס? איך וויל דיר נאָר דערמאָנען וויל איך, אז די מומע דיינע האָט נאָך בא דיר פארדינט, זאָלסט איר באהילפיק זיין אין א נויט, כ׳לעבן.

— איר ווייסט דאָך, אז איך גיב פּרינציפּיעל קיין געלט ניט...

— וואָס דערציילסטו מיר פון דיינע פּרינציפּן, שמינציפּן! נישקאָשע, צוליב די פאָר קערבלעך, וואָס דו וועסט מיר געבן, וועסטו דיינע מאַ־יאָנטקעס מיט דיינע פּרינציפּן, כאָלילע, ניט דארפן פארקויפן.

ה׳ בעלענקי ווייסט, אז פון דער מומע פייגע ווערט מען אזוי גיך ניט פּאָטער, נעמט ער אומגערן ארויס א פינפערל און דערלאנגט איר, אנזאָגנדיק דערביי:

— איר זאָלט אָבער וויסן, מומע, אז דאָס שענק איך אייך ניט, איך גיב פּרינציפּיעל קיין נעדאָוועס ניט, איך גיב עס אפּ כעזשבן פון דעם, וואָס דער פעטער וועט בא מיר זומער פארדינען מעקלעריי פאר געפּי־נען שכיינים אין מיינע הייזער.

— זאָל זיין אזוי, אבי גיב שוין, — איז די מומע מאסקים.

נאָר קאָלזמאן דער פעטער קאלמען איז געזונט געווען, האָט די מומע פייגע ניט שטארק דאָקוטשעט דעם רייכן פּלעמעניק: „זאָל אים אזוי ניכע זיין צו לעבן, ווי מיר איז ניכע גיין בעטן בא אים״, — זאָגט די מומע. זינט אָבער דער פעטער האָט אָנגעהויבן צו טאָן מיט די לונגען, איז די מומע געוואָרן גאָר אָן אָפּטער גאסט בא בעלענקין.

אָבער גראָד איצט איז איר א סאך שווערער אָנגעקומען ארויסצורייסן פון אים א קערבל, ווי ווען־ניט־איז פריער.

— מיילע, פריִער פלעג איך אים כאָטש לײַען אפן כעזשבן פון דער מעקלערײַ, אָבער איצט וואָס? גלאט נעדאָוועס שענקען? ווייסט איר דאָך, אז איך שענק פרינציפּיעל קיין נעדאָוועס ניט.

— אָבער, גאזלען, דער פעטער הוסט דאָך אויס די נעשאָמע! — האָט די מומע געוויינט.

— וואָס קאָן איך העלפן? איך בין, אפּאָנעם, א דאָקטער?

עס פארשטייט זיך, אז די מומע פייגע האָט ניט געשוויגן. זי איז געקומען יעדן טאָג, זי האָט אים ניט איין מאָל אָפּגעשטעלט אינמיטן גאס, אפילע געסטראשעט, אז זי וועט ארײַנפאלן שאבעס אין שול און מאכן אים מיט דער בלאָטע גלײַך.

— זאָלן לײַט וויסן, וואָס פאר א שיינער מענטש דו ביסט! אדעראבע, זאָלן גוטע לײַט זאָגן, צי דארף מען לאָזן אויסגיין פון הונגער א קראנקן פעטער מיט א הויזגעזינד, צי ניט.

ה׳ בעלענקי האָט געפילט, אז ס׳וועט אים זייער שווער זײַן אויסצו־האלטן זײַנע פרינציפּן מיט דער מומע פייגען. די מומע איז א ביטערע יידענע. זי וועט פאר קיין זאך ניט אָפּשטעלן זיך.

האָט ער גענומען קלערן, ווי קריגט מען פאר דעם פעטער עפּעס א לײַכטע באשעפטיקונג, ער זאָל האָבן פונוואנען צו לעבן, און זאָלן די שנאָרערס אופהערן צו דולן אים א קאָפּ.

ער האָט גענומען באטראכטן, וווהין ער וואָלט אים קאָנען „ארײַנ־שפּארן“, און האָט זיך דערמאָנט, אז אין דער שפּאָר־ און לײַ־קאסע, ווו ער איז א מיטגליד פון דער פארוואלטונג, פאָדערט זיך א קוריער: עמעס, גיין א גאנג אין באנק, לויפן אף פּאָסט, דערלאנגען די אָנגע־שטעלטע טיי איז מער פּאסיק פאר א יינגל, ווי פאר א מענטשן אין די מיטעלע יאָרן, אָבער אלץ איז עס בעסער ווי נעמען נעדאָוועס. נישקאָשע, אז אים פּאסט, זײַן פעטער זאָל זײַן א „מענטש“ אין דער שפּאָר־ און לײַ־קאסע, ווו ער איז א מיטגליד פון דער פארוואלטונג, מעג דעם פע־טער אָנשטייט צו זײַן א קוריער. אז די פארוואלטונג פון דער שפּאָר־ און לײַ־קאסע וועט צונעמען זײַן פעטער אף דער וואקאנטער שטעלע,

איז בעלענקי זיכער געווען. ווייל כאָטש מע האָט אים געהאַלטן אין שטאָט פאַר א גרויסן כאזער, אָבער בעסער פון אים פאַרשטיין א געלט־אייסעק און וויסן יעדן איינעמס קרעדיט־פייִקייט, האָט מען געוווּסט, וועט קיינער ניט. איז די פאַרוואַלטונג זייער צופרידן, וואָס ער האָט לעסאָף מאסקים געווען צו לאָזן אויסקלייבן זיך. און אז ער וועט זאָגן: ער וויל, מע זאָל זיינעם א קאָרעוו צונעמען אף דער פרייער שטעלע, וועט קיינער ניט זיין דאגעגן.

אָפּגעמאכט בא זיך אריינצונעמען דעם פעטער אף דער שטעלע, האָט ה׳ בעלענקי גלייך אף מאָרגן איבערגערעדט אין בענקל, און ווען די מומע פייגע איז ווידעראמאָל געקומען רייסן אים בא די פּאָלעס, האָט ער זי בא די ערשטע ווערטער אָפּגעשטעלט:

— נו, מומע, זאָל איינמאָל פאַר אלעמאָל נעמען א סאָף צו אייערע גייענישן צו מיר. איר ווייסט דאָך, אז איך בין פּרינציפּיעל קעגן אזא מין הילף. איך האָב אָבער פאַר אייך א בעסערע זאַך, ווי געלט: איך האָב פאַר דעם פעטער א שטעלע מיט סכירעס פון דריי רובל א וואָך, צוועלף קאַרבן א כוידעש! ניט שלעכט, הא?..

— וואָס פאַר א שטעלע? — האָט זיך די מומע פאַרוווּנדערט.

— אין אונדזער קרעדיט־געזעלשאַפט, אין בענקל. א גרינגע אַרבעט: גיין א גאַנג, עפּעס דערלאַנגען צו דער האַנט.

— דער פעטער האַלט זיך קוים אף די פיס, און ער גיט אים שטע־לעס אף אַרומלויפן.

— נישקאָשע, אז ער וועט האָבן וואָס צו עסן, וועט ער האָבן קויעך אַרומצוגייען.

— האָסט געזען דעם פעטער? יענער שפּייט, ניט פאַר קיין מענטשן געדאכט, מיט בלוט, און ער רעדט גאָר פון אַרומלויפן.

— עס מאכט ניט אויס, ער וועט זיך פאַריכטן. פרישע לופט איז בעסער פאַר אים, ווי זיצן פאַרשפּאַרט דאָרטן אין אייער שטיבל.

— האַלעוויי, ריבוינעשעלוילעם! — האָט די מומע געווישט די אויגן. — ווען זשע וועט עס שוין זיין, די שטעלע דיינע?

— דאָס מוז נאָך דויערן א פּאָר וואָכן. עס דארף זײַן א זיצונג פון דער פּראוולעניע... וועט עס באשטעטיקט ווערן. אָבער זײַט רויִק, די שטעלע איז ווי בא מיר אין קעשענע.

— ביז מע וועט דערלעבן די נעכאָמע, וועט ארויס די נעשאָמע, — האָט די מומע געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— פארפאלן. מע מוז האָבן געדולד. איר וועט שוין ווי־עס־איז אי־בערשטופּן די פּאָר וואָכן.

אָפּגעזאָגט און האָט, ווי שטענדיק, זיך פארשפּארט אין קאבינעט.

די מומע איז ארויס פון שטוב וויינענדיק.

פאר די נאָענטסטע פּאָר וואָכן איז זי ווידער עטלעכע מאָל געקומען, אָבער ה׳ בעלענקי איז אפילו ניט ארויס צו איר.

— ס׳וועט שוין לאנג ניט דויערן, — האָט ער איר געלאָזט וויסן דורך דער דינסט.

די מומע איז יעדעס מאָל ארויס פון שטוב, וויינענדיק און שילטנדיק דעם פלעמעניק מיט טויטע קלאָלעס.

* * *

יענעם פרימאָרגן איז ה׳ בעלענקי געווען צופרידן מיט זיך מער, ווי שטענדיק. נעכטן אין אָוונט איז געווען א זיצונג פון דער פּארוואל־טונג, אף וועלכער עס איז אָפיציעל באשלאָסן געוואָרן אָנצונעמען דעם פּעטער קאלמען פאר א מענטש אין בענקל.

א סאך, איצט וועט אים די זלידניע כאָטש אופהערן דרייען א מויעך. אָבער צו אלדי שווארצע יאָר! גראָד, ווען מע דארף זי, איז זי ניטאָ, סײַדן שיקן אָנזאָגן...

פּלוצעם איז אים אײַנגעפאלן: ער וועט גאָר אליין גיין אָנזאָגן דעם פּעטער די גוטע בסורע. זאָלן זיי טאקע זען, אז דאָרטן, ווו ס׳איז ניט קעגן זײַנע פּרינציפּן, איז אים גאָר ניט שווער צו טאָן א מענטשן א טויווע.

ה׳ בעלענקי איז שוין אוואדע א יאָר צוואנציק ניט געווען באַם פּעטער. ער האָט אפילע אקוראט ניט געוווסט, ווו ער וווינט. פון דער מומעס רייד האָט ער בלויז געדענקט, אז זיי וווינען נאָך אלץ אף „אמעריקע" — דער טייל שטאָט, ווו עס וווינט דער גאנצער שטאָטישער דאלעס. אָבער עס מאכט ניט אויס. ער וועט זיך שוין דערפרעגן צו זיי.

עס וועט זיי טאקע האנאָע טאָן אויך, ווען ער וועט אליין צו זיי קומען, האָט בעלענקי צופרידן געטראכט, און אז עס קאָסט קיין געלט ניט, פארוואָס זאָל ער זיי דעם נאכעס־רועך ניט פארשאפן?

אָנגעטאָן דעם טונקל־גרויען מארענגאָ־מאנטל, האָט ער געגומען דאָס שווארצע שטעקל מיט דער זילבערנער גאלקע, און זיך אוועקגעלאָזט אף „אמעריקע" אופזוכן דעם פעטער.

„אמעריקע" האָט זיך קימאט ניט איבערגעביטן פאר די פאָר צענדליק יאָר, וואָס בעלענקי איז דאָרטן ניט געווען.

ווי דעמלט, זײַנען די געסלעך געווען שמאָל, קרום און מיט גרינע, פארשימלטע בלאָטקעס אינמיטן, כאָטש ס׳איז געווען טאמוז; אָפּגעריסענע, האלב־נאקעטע און באָרוועסע קינדער, אייניקע מיט קראנקע אייגלעך אָדער מיט אומריינע קעפּלעך, האָבן געזשומעט, ווי פליגן אין א יאטקע. האלטנדיק איינער דעם צווייטן פאר די עקלעך פון די העמדלעך, האָבן זיי זיך געטראָגן אין גאלאָפּ, ווי די יונגע זשערעבטשיקעס, אופהייבנדיק א שטויב ביזן הימל. אנדערע האָבן אינמיטן גאס געשפּילט אין פלאנטעס, אָדער צוטוליענדיק זיך צו א וואנט — אין קנעפּלעך, האקנדיק דעם „גייער" מיטן גאנצן קויעך. צען־צוועלפיאָריקע מיידעלעך מיט צעפּלאָנטערטע הערלעך איבער די אויגן זײַנען, איבערבייגנדיק זיך אהינטער, געשטאנען מיט בײַכיקע, בלייכע, פארמאָרעטע אייפעלעך — ברידערלעך אָדער שוועסטערלעך — אף די הענט און, שנאָרכענדיק מיט די פארשליומפּערטע נעזלעך, צוגעקוקט זיך צו דער שפּיל פון די ייִנגלעך. ייִדן מיט ליידיקע זעק האָבן זיך געיײַלט אין שטאָט קלײַבןביינער און שמאטעס; אן אלטע ייִדענע מיט טרערנדיקע אויגן האָט זיך געבויגן אונטער צוויי שווערע קוישן גרינע עפּעלעך, א קאַטע־

רינשטשיק האָט זיך געלאָזן מיט זײַן קאַטערינקע אַפן פּלייצע און מיטן גרינעם פּאַפּוגײַ אין שטײַגל אין שטאָט אַרײַן; אַף א דאַך פון א כאַ־לופּקע, אונטערגעשפּאַרט פון אַלע זײַטן מיט בערווענעס, איז געזעסן א ייִד מיט א קלאָטשעוואַטער באָרד און געלאַטעט דעם אַלטן דאַך מיט נײַע שינדלעך; א ייִדענע מיט א פּאַריסענעם שפּיציקן בויך איז גע־שטאַנען נעבן ברונעם און געמאַטערט זיך אַרויסשלעפּן א פולן עמער וואַסער. אַלץ איז דאָ אַזוי אָרעם, עלנט, כמורע און אַזוי פאַרשידן פון דעם, צו וואָס בעלענקיס אויג איז געוווינט אין יענעם טייל שטאָט, ווו ער ווינט...

„די מענטשן לעבן דאָ נאָר מיט דײַגעס פון דער איצטיקער מינוט און אָן שום באַדערפעניש פאַר א בעסער לעבן"... — האָט בעלענקי געטראַכט.

דאָס עלנטע לעבן האָט דערוועקט אין בעלענקין א צווייענדיק געפיל: פון איין זײַט איז אים געוועז ניט אָנגענעם צו דערמאָנען זיך זײַנע קינדער־יאָרן, ווען ער, אַן אָפּגעריסענער און באָרוועסער יאָסעם, איז דאָ אויך אַרומגעלאָפן מיטן עקל פון העמדל פונפאָרגט און פון הינטן, אין א גרויסן, איבער די אויערן, אַראָפּגערוקטן היטל, וואָס האָט גע־דאַרפט פאַרדעקן דאָס „קרוינדל" אַף זײַן קאָפּ. פון דער צווייטער זײַט האָט ער געפילט א שטאָלץ, וואָס ער האָט מיט אייגענע קויכעס דער־גרייכט אזא הויכע מאַדרייגע.

„אז א מענטש ווייסט, צו וואָס ער שטרעבט און האָט זײַנע פעסטע פּרינציפּן, וועט ער זיך שטענדיק דערשלאָגן צו זײַן ציל", — האָט ער, צופרידן מיט זיך אַליין, געקלערט.

„ווו זשע האָבן זיי זיך ערגעץ פאַרקליבן?" — האָט ער זיך אָפּגע־ריסן פון זײַנע געדאַנקען.

אָפּשטעלנדיק א באָרוועס ייִנגל, וואָס איז געלאָפן מיט א שוואַרצן לעבל ברויט אין איין האַנט און מיט א נאַקעטן הערינג אין דער צוויי־טער האַנט, האָט ער א פרעג געטאָן:

— זאָג נאָר, ייִנגעלע, ווייסט עפּשער, ווו ווינט דאָ קאַלמען רײַצעס?

— קאַלמען רײַצעס? דער יאַדישלעוווער? אין שטריקמאַכערס געסל, בא דעם ראָד־ברונעם, אָן־אָ דאָרטן־אָ, דאָס צווייטע געסל, וואָס פון דער האַנט, ווו איך האַלט דעם הערינג, — האָט ער אָנגעוויזן לינקס, — און דאָרטן וועט איר זיך נעמען אין דער אַנדערער זײַט, ווו איך האַלט דאָס לעבל ברויט.

בעלענקי איז שוין געווען באַם געסל, וואָס פון הערינג, ווען פון דאָרט האָט זיך מיטאַמאָל אַרויסגעריסן אַ שרעקלעכער יאָמער. גלײַך נאָכדעם האָט זיך פון געסל באַוויזן אַ לעווײַע, נאָך וועלכער עס זײַנען נאָכגעגאַנגען אַ ייִדענע מיט אַ פאַטשיילע איבער די אויגן און דרײַ דער־וואַקסענע מיידלעך, וואָס האָבן אַלע איניינעם געיאָמערט אויפן קאָל און אײַנגעלייגט די וועלט... פיר קליינע קינדער, פון זעקס ביז צוועלף יאָר, האָבן האַלב נאָכלויפנדיק נאָך דער שוואַרצער אַגאָלע, וואָס איז געפאָרן צו גיך פאַר זייערע קליינע פיסלעך, געשלוכצט און געפישטשעט, ווי פאַרוואָרלאָזטע הונגעריקע קעצלעך.

דער קליינער אוילעם, וואָס איז נאָכגעגאַנגען נאָך דער לעווײַע, האָט אונטערגעזיפצט און אונטערגעקרעכצט. אַ פּאָר ווײַבער האָבן אונטער־געהאַלטן די יאָמערנדיקע אַלמאָנע אונטער די הענט און אויך געמאַ־טערט זיך וויינען...

דערזען אַ לעווײַע, האָט ה׳ בעלענקי געמאַכט אַן אומעטיק, ערנסט פּנים, איז אַראָפּ פון דער הילצערנער קלאַדקע אויפן מיטן גאַס און איז צוגעשטאַנען צו די באַגלייטער, ווי עס פאָדערט דער אַלטער ייִדישער מינהג.

„נאָכגיין עטלעכע טריט, אין איין גאַנג האָבן אַ מיצווע אויך, פאַר־וואָס ניט"...

— ווער איז עס געשטאָרבן? — האָט ער שטיל געפרעגט אַ ייִדן, וואָס איז געגאַנגען נעבן אים.

דער ייִד האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם ריינעם, גלאַטן, פּײַן אָנגעטאָ־נענעם פאַרשוין און, גלײַך דערקענענדיק, אַז דאָס איז אַ פרעמדער אין דער געגנט, האָט ער געענטפערט:

— איינער, קאלמען רײַצעס, א מעקלער...

ה׳ בעלענקי איז ניט ווילנדיק שטיין געבליבן.

— הא, ווער זאָגט איר?!

— א געוויסער קאלמען רײַצעס, איר קענט אים געוויס ניט...

ה׳ בעלענקין האָט אָנגעכאפּט א שרעק. אים האָט זיך געדוכט, אז אָט באלד דערזעט אים די מומע און מאכט אים א סקאנדאל אינמיטן גאס, טאקע דאָ, בא דער לעווײַע... די שטאָט וועט דאָך מיט אים דאן אוף זײַן.

ארויסגליטשנדיק זיך פון צווישן אוילעם, האָט ער זיך צוריק ארופגעכאפּט אפן הילצערנעם טראָטואר, ארײַנגעכאפּט זיך אין דעם ערשטן באָענטסטן געסל און מיט גיכע טריט אוועק אין שטאָט.

— פו, צו אלדי שווארצע יאָר! — האָט ער פרײַ אָפּגעצויגן דעם אָטעם, ווי נאָר ער איז ארויס פון סאקאָנע. — געזען אן אײַנפאל? דו כלאָפּאָטשעסט, דו אייסעקסט זיך פונזייערטוועגן, און אז אלץ איז שוין פארטיק, נעמט ער און שטארבט גאָר אוועק! א קאפּצן טאָר מען פרינציפּיעל קיינמאָל קיין טויווע ניט טאָן...

1914

## דער ערשטער שטרײַק




עכער פון מיטעלן וווקס, א ברייטפּלייציקער, מיט א „רוסישער“ באָרד ארום די פולע רויטע באקן, מיט א ברייטן און זיכערן גאנג פון א מענטשן, וואָס איז צופרידן אי מיט זיך אי מיט דער וועלט, איז פּאַליע קראוועץ קיין האָר ניט ענלעך געווען אף אונדזער אלטן באקאנטן יידישן שנײַדערל — דעם הונגעריקן, אָבער פריילעכן קאפּצן.

פּאָליע קראוועץ איז ניט געווען אבי א שנײַדער — ער איז געווען א פּריצישער שנײַדער — „מוזשסקאָי אי דאמסקי, שטאטסקי אי וואָ־

יעני״, — וועגן וואָס עס האָבן, אין וואָרט און בילד, ברייט געמאָלדן די שילדן באַם אַרײַנגאַנג אין זײַן וואַרשטאַט.

פון איין שילד האָט אַראָפּגעקוקט אַ יונגערמאַן מיט רויטע באַקן, אין אַ וויזיטקע מיט קלאַפּעס, אין פּאַסקאָווע הויזן און מיט אַ צילינדער אויפן קאָפּ. קעגניבער האָט, פון דער צווייטער שילד, אַרונטערגעשמייכלט אַ ניט ווייניקער עלעגאַנטע דאַמע אין אַ גרינעם קלייד מיט אַ לאַנגער שלעפּע און מיט אַ דעקאָלטע, וואָס איז אפילו פאַר אַ דאַמע אויף אַ שילד געווען אַ ביסל צו טיף. אויף איין האַנט פון דער בלאָנדער שיינהייט איז געהאַנגען אַ רעגנמאַנטל, אין דער צווייטער האַנט האָט זי געהאַלטן אַ רײַט־בײַטשל, וואָס האָט געדאַרפט לאָזן וויסן, אַז דאָ נייט מען אַלץ — פון אַ באַל־קלייד ביז אַ רעגנמאַנטל. אַ בראַוונער מיליטערישער פאַרשוין אין אַ „ניקאָלײַעווסקן״ שינעל מיט אַ פּעלערינע איבער די אַרבל און מיט אַ גרויסן באָבראָוון קאָלנער האָט מיט אַ גאַזלאָנישן בליק שטרענג געקוקט פון דער דריטער שילד — אָט־אָט, דאַכט זיך, גיט ער אַ ריטשע: „סמירררנאָ!״ אָדער „מאַל־טשאַט!״...

אַ מיליטערישער מונדיר, באַהאַנגען מיט מעדאַלן, און אַ וויצע־מונדיר מיט זילבערנע קנעפּ,ביידע אָנגעצויגן אויף שטאַרקע מע־נערשע ברוסטן, האָבן זיך זאַלבענאַנד אײַנגעאָרדנט אויף דער פערטער שילד.

די דאָזיקע שילדן, וואָס פּאָליע האָט געלאָזט מאַכן אַזש אין דער גובערניע־שטאָט, זײַנען, אייגנטלעך, געווען מער אַ באַדערפעניש פון זײַן קינסטלערישער נאַטור, ווי אַ געשעפטלעכע נויטווענדיקייט. פּאָליע קראַוועץ האָט זיך אין קיין רעקלאַמעס ניט געניטיקט. יעדער איינער אין שטאָט און אין דער אומגעגנט האָט אַזוי אויך געוווּסט, אַז בײַ פּאָליע קראַוועץ קאָן מען זיך באַשטעלן — פון אייגענעם אָדער פון שנײַדערס שטאָף — „אינלענדישע און אויסלענדישע״ וואָס דאָס האַרץ גלוסט: פון אַ וויזיטקע ביז אַ מונדיר, פון פּאַסקאָווע הויזן ביז אַ מילי־טערישן שינעל, פון אַ כופּע־קלייד ביז אַן אַמאַזאָנקע, אין וועלכער דעם מאַרשאַלעקס פאַרשײַטע טעכטער פאָרן רײַטנדיק. די שילדן, וואָס

האָבן פארנומען די גאנצע פאָדערשטע וואנט פון זײַן פײַנער שטוב אױף דער הױפּט־גאס פון דער שטאָט, זײַנען געװען ניט מער װי א טײל פון דער באפּוצונג אױף זײַן הױז, אָט װי די געשניצטע געזימסן, װי די קאָ־לירטע שײַבלעך אין דעם באגלאָזטן גאנעק, װי דאָס געפּארבטע װע־טער־הענדל אפן שפּיץ דאך.

פּאָליע קראװעץ איז בעטעװע געװען א גרױסער ליבהאָבער פון קונסט און א מעצענאט. זײַן שטוב איז, װי א מוזײ, אָנגעפּיקעװעט מיט קונסט־װערק: מיט לײמענע, רױטפּענעמדיקע, צעשמײכלטע און באַ־מיצלטע דײַטשן מיט שױמענדיקע ביר־קופּלען אין די הענט און מיט לאנגע ליולקע־ציבעקעס אין די מײַלער; מיט גיפּסענע איטאליענישע ייִנגלעך אין פארלאטעטע הײזלעך, אין היטעלעך מיט די דאשעקעס פארהדרײט אָן א זײַט און מיט די פּאפּירעסלעך אין די מײַלכלעך; מיט פּאָרצעלײַענע הינטלעך, מיט שטײנערנע העלפאנדן, מיט טעראקאָטענע אלטיטשקעס, װאָס שטריקן זאָקן, מיט קוקושקע־זײגערס, מיט בילדער און גראװיורן, װי אשטײגער: „מױשע מאָנטעפּיאָרע"[1] פּאָרט מיט א װיזיט צו דער ענגלישער מאלקע װיקטאָריע", „דרײַ דוירעס", „מעזו־מען און קרעדיט" — א מוסערהאסקל־בילד פאר סאָכרים, און נאָך אזעלכע קונסט־װערק, ביסלעכװײַז אופגעקױפטע בײס זײַנע נעסיִעס נאָך סכוירע קײן לאָדז, ביאליסטאָק און טאָמאשעװ.

נאָר דערמיט האָט זיך ניט אױסגעשעפּט זײַן ליבע צו קונסט.

האָבן אין שטאָט פארבלאָנדזשעט עטלעכע פּעכאָטנע אקטיאָרן — א רעשטל פון א צעשאָטענעם װאנדערנדיקן ייִדישן טעאטער, — איז פּאָליע געװען דער ערשטער אַרײַנצונעמען זײ צו זיך אין הױז, געבן זײ עסן און טרינקען, אױספּױעלן באם איספּראװניק א דערלױבעניש אױף עטלעכע ספּעקטאקלען פון דער „ייִדיש־דײַטשער" טרופּע, אָרעװ זײַן פאר זײ בא יאבראָװון אין דרוקערײַ פאר אפישן, באקומען אומזיסט דעם פּאָזשארנעם דעפּאָ פאר די פּאָרשטעלונגען, אלײן שטײן בא דער טיר

[1] מױשע מאָנטעפּיאָרע — א באװוסטער פילאנטראָפּ.

און אכטונג געבן, אז מער פון א העלפט אוילעם זאָל אָן געצאָלט אין טעאַטער ניט אריַין. קורץ, ער האָט דאָס לעבן געלייגט, אז די טרופּע זאָל ניט אוועק פון שטאָט אזוי, ווי זי איז געקומען, — צופּוס.

כאזאָנים זיַינען פארפאָרן צו אים ווי צו זיך אהיים. די גאנצע כאזאָנישע וועלט — פון ליטע ביז וואָלין — האָט געוווּסט, אז מיט עסן און דירע, סיַי פאר זיך, סיַי פאר כעוורע מעשוירערים, איז מען בא פּאָליען פארזאָרגט. זאָל איינער פרווון ניט פארפאָרן צו פּאָליען, קויפט ער זיך א סוינע אפן גאנצן לעבן. און א סוואָרע, אז דאָס דאוונען זיַינס וועט שוין אָן א סקאנדאל ניט דורכגיין.

א רעוואָל, וואָס האָט ארומגעטראָגן זיַין כיבער איבער די היַיזער, א פארבלאָנדזשעטער מאגיד, אָן אָרעמע קאלע, א ריַיטערקע פון א וואנדערנדיקן צירק, א טשינאָווניק א שיקער, וואָס לעכצט נאָך א טראָפּן צו אָטכיַיען זיך נאָך א פילטאָגיקער זויפעריַי, די טאלמעדטוירע און „וואָלנע פאָזשארנע קאָמאנדע", די יעשיווע, די שטאָט־באָד און די קלויז — אף אלץ און פאר אלעמען האָט זיך בא פּאָליע קראַוועץ געפונען א קערבל.

פּאָליע קראַוועץ האָט זיך געקאָנט פארגינען צו זיַין א מעצענאט און באלצדאָקע: אויסער וואָס ער האָט באנייט גאנץ נאטשאלסטווע אין שטאָט, האָט ער נאָך גענומען פּאָדריאַדן אף באקליידן די גאראָדאָוויע, די וועכטער פון דער טפיסע, די שטאָטישע פיַיערלעשער און די קוריערן פון דער „וואָינסקער פּריסוטסטוויע".

פּאָליע איז פארוואָרפן געוועזן מיט ארבעט א קיַילעכדיק יאָר, געפירט, קאָן מען זאָגן, א גאנץ פאבריקל מיט וואָסערע צען־צוועלף געזעלן און עטלעכע לערן־ייִנגלעך, אכוץ וואָס ער האָט פּראָסטערע ארבעט ארויסגעגעבן די אָרעמע שניַידערלעך, די „כאלופּניקעס", אהיים.

פּאָליע איז געוועזן אָן אריַינגייער צו פריצים, אָן אייגענער מענטש בא נאטשאלסטווע, אָן אָנפּארטרויטער באַם איספּראַווניק. קליינע טשינאָווניקעס, לערער פון גימנאזיע און פּראָרעמטע פריצים, וואָס האָבן בא אים גענייט אף באָרג און שלעכט געצאָלט כויוועס, האָבן אים אפילע

אָנגעטאָן דעם קאָוועד צו קומען צו אים אין שאַבאָסים אַף ייִדישע גע־פילטע פיש מיט רוסישן בראַנפן.

צוליב זײַן נאָענטקייט מיט נאַטשאַלסטווע איז פּאָליע שוין אויך גע־ווען א שטיקל מאַכער. האָט א ייִד געדאַרפט אַרײַנמאַכן א קינד אין גימנאַזיע, אַרויסמאַכן זיך פון א בילבל וועגן א פאַרדעכטיקטער סרייפע, צערײַבן א פּראָטאָקאָל, א טויווע אין פּריזיוו־זאַכן, נעמען באַ שטאָט א פּאָדריאַדל צי דורכפירן עפּעס אַן אַנדער איידעלן איניען, — האָט מען געבעטן פּאָליען, ער זאָל פאַרוואַרפן א וואָרט ווו מע דאַרף, און פּאָליע האָט געטאָן וואָס מע קאָן.

קיין געלט האָט פּאָליע פאַר אַזעלכע טויוועס ניט גענומען. ער טוט עס, האָט ער געזאָגט, פון מיצווע וועגן און ווײַל ער האָט בעטעווע ליב טאָן א ייִדן א טויווע. נאָר „זיי“ האַלטן ניט פון מיצוועס, „זיי“ האָבן ליב א קערבל. און פּאָליע האָט אין אַזעלכע פאַלן גלײַך אָפּגעשאַצט, וויפל אַן ערעך דאָס דאַרף קאָסטן.

— איך וועל זיך דינגען ווי פאַר זיך אַליין. א ייִדישע קאָפּעקע איז באַ מיר טײַער, נאָר גלײַכער מיט עטלעכע רובל מער, וועט זיך עס גיכער לאָזן דורכפירן... אַז מע שמירט גוט, פאָרט זיך בעסער.

און כאָטש ייִדן מעיוכאָסים, שיינע באַלעבאַטים האָבן אין האַרצן מע־וואַטל געמאַכט דעם רײַך געוואָרענעם שנײַדערוק, האָבן זיי אים פונ־דעסטוועגן אין די אויגן גערופן „רעב רעפּאָעל“ און געזעסן מיט אים באַ איין טיש אין אַלע קאָהאָלשע איניאָנים.

— אַז איר ווילט, איז ער דאָך גאָר קיין שנײַדער ניט, מער פּאָד־ראַטשיק ווי שנײַדער, — האָבן שיינע ייִדן, גײַוועדיקע יאַכסאָנים פאַר־ענטפערט די אָנוועזנהײַט פון א שנײַדער אין זייער איידעלער סוויווע.

— יענער האָט שוין עפּשער ניט געהאַלטן קיין נאָדל אין דער האַנט פון ווייס איך ווען. עס אַרבעטן אַף אים מענטשן.

— און פאָרט אַן אָפּענע האַנט!

— און טוט אַמאָל א טויווע באַ נאַטשאַלסטווע, — האָט יעדערער גע־זוכט אַף אים א באַזונדער זכוס.

5–2064

בלויז די ארבעטער זײַנע האָבן אַף אים קיין זאַכיעס ניט געזוכט און ניט געשאנעוועט זײַן קאָוועד — ניט אין די אויגן, ניט אונטער די אויגן.

פּאַליע קראוועץ איז געווען דער ערשטער און דער איינציקער אין שטאָט, וואָס האָט אײַנגעפירט בא זיך אין ווארשטאט שטיק־ארבעט.

— בא שטיק־ארבעט איז יעדערער פון אײַך באלעבאָס פאר זיך, — האָט פּאַליע אײַנגערעדט זײַנע געזעלן, — ווילסטו, זיצסטו א שאָ לענ־גער און פארדינסט אן איבעריקן גילדן; ווילסטו ניט, מאכסטו שאבעס באצײַטנס. וואָס ארט אײַך, איר׳ט זען, אז שטיק־ארבעט וועט אײַך בע־סער לוינען. און פּאַליע קראוועץ איז סטאם ניט דער מענטש, וואָס זאָל עמעצן קריוודען.

אָבער אינגיכן האָבן זיך די ארבעטער ארומגעזען, אז זיי זײַנען שטארק געקריוודעט. דער פארדינסט האָט זיך פארקלענערט בא וועמען אף א פערטעלעך און בא וועמען אף א גאנץ דריטל. פּאַליע האָט גע־מאָנט ארבעט „פערווי סאָרט". עפּעס ניט אזוי, איז א פיר מיטן מעסערל איבערן נאָט, א טרען אוף פון אויבן ביז אראָפּ א לאַץ און א וואָרף דעם ארבעטער אין פּאָנעם ארײַן:

— נאַ, מאַך איבער! אזוי וועסטו נייען פאר דאָרפישע כאסאנים. פּאַליע קראוועץ נייט ניט פאר פארדריפּעטע יידעלעך — פאר פריצים נייט ער, פאר נאטשאלסטווע! פון מײַן ווארשטאט לאָז איך ארויס ארבעט נאָר פערווי סאָרט!

פאר איבערמאכן האָט ער, פארשטייט זיך, ניט געצאָלט.

— וואָס ארט אים, אז איכ׳ל דרײַ מאָל איבערמאכן, סע קאָסט אים עפּעס, וואָס?

— מיט זײַן טאָג־כאיונע איז ער דאָך שוין באוואָרנט.

— אפילע אף אויספּײַנעך זיך מיט שיינע נעדאָוועס אויכעט.

— א באלצדאָקע אף יענעמס קעשענע...

— ער שטעלט זיך ברייט שטעלט ער זיך, א רועך אין דעם פּעמ־פיקס טאטן ארײַן! — האָבן די ארבעטער געקילט די הערצער.

שלוימקע דארער פויגל, דער סאמע באוווסטזיניקער צווישן פאָליעס געזעלן, איינער פון די פלייסיקסטע צוהערער פון די לעקציעס וועגן פאָליטישער עקאָנאָמיע, וואָס זײַנען געלייענט געוואָרן אינעם אומלעגאַלן קרײַזל, האָט ניט איין מאָל געפרווט דערקלערן פאר זײַנע כאווירים אין ווארשטאט דעם עקספּלואטאטאָרישן מעהוס פון זייער באַלעבאָס, וועלכער לעבט פון דעם מערוועדט, וואָס זיי, די ארבעטער, ברענגען אים ארײַן. נאָר זימל דוואָשעס, דער עלטסטער ארבעטער אין ווארשטאט, — אַן אויסגעטריקנט מענטשל מיט א שיטער בערדל, ווי פון טרוקן שטרוי, און מיט פארזשמורעטע קראנקע אויגן הינטער ברילן מיט דאָפּלטע גלעזער, — קאָן ניט פארלײַדן שלוימקעס געלערנטע ווערטער.

— וואָס דרייסטו מיר א יארמלקע מיט דײַן לאטיין און פראנצויזיש וואָס? עקספּלאָטאטער־שמאטאטער, מערווערט־שמערווערט! איכ׳ל דיר זאָגן אין פּראָסט מאמעלאָשן, ווער פאָלקע איז און וואָס ער איז: א פארך און א סוואָלעטש, א נאכאל און אַן אונטערלעקער, א מאָסער און א יאטעבעדאמניק, א פּיאווקע און א טשעכאָטקע פאר א נאש־בראט אַרבעטאָרער — אָט האָסטו דיר דעם גאנצן פאָלקען, ווי אפן טעלער, אָן לאטיין און אָן פראנצויזיש!

א טרייסל מיטן קאָפּ, און די ברילן פאלן צוריק פון שטערן אף דער נאָז.

כעוורע איז צופרידן.

— איַי, זימל! אָפּגעמאָלט פאָלקען, ווי אף א פּאָרטרעט.

זימל פארזשמורעט די קאליע אויגן און, ארײַנציִענדיק א פּאָדעם אין נאָדל, רעדט ער ווײַטער, שוין אָן כאָכמעס, אָבער ניט ווייניקער פארביטערט:

— פופצן יאָר זיץ איך אָט אָ־דאָ־אָ, בא פאָלקען אפן טיש. און וואָס האָב איך אָנגעלעבט פאר די פופצן יאָר, און וואָס האָט פאָלקע גאנעוו אָנגעלעבט. ער פארמאָגט א גרויסע שטוב מיט מעבל, מיט פּיאנעס, מיט

דיוואנעס, מיט קארטינעס, מיט די כאָליערע ווייסט אים וואָס! און איך פארמאָג מערידן מיט טשאכאָטקע און קאליע אויגן אן אומזיסטן צולאָג! פאָלקעס יינגלעך לערנען זיך אין גימנאזיע, ווי די פריצימלעך, און מיינע לויפן באָרוועסע אין טאלמעדטוירע; פאָלקעס ווייב גייט ארויס אפילע אינמיטן וואָך אויסגעפוצט ווי א סראָרעטע, און מיין דאָבע האָט ניט מיט וואָס דאָס לייב צודעקן אפילע שאבעס... איך און פאָלקע זיינען מיר ביידע אין איינע יאָרן — צוויי און פערציק יאָר געוואָרן כאַלעמויעד סוקעס, — ביידע אין איין צייט זיך געלערנט די מעלאָכע בא יאָשע ברייינדלס, און זעט, ווי פאָלקע זעט אויסעט, און ווי איך זע אויס! ס׳רינט דאָך פון אים שמאלץ רינט דאָך פון אים! א זאטער, א גלאטער, אן אויסגעפאשעטער, מיט א בויך, מיט א באָרד ווי בא א יענעראל! און בא מיר וואָס? — גיט זימל א צופ זיין שטרויען בערדל מיט ביטל און פאראכטונג, ווי אָט דאָס שטרויפארביק בערדל וואָלט סימבאָליזירט דעם גאנצן דאלעס זיינעם.

נידעריק אָנגעבויגן איבערן שטיקל ארבעט, נייט זימל א ווייַלע שווייַגנדיק. נאָר די געדאנקען זיינע דרייען זיך, קאָנטיק, אַלץ ארום דעם אָנגעווייטעקטן אָרט.

— ביישער, — הייבט ער ווידער אָן, ווי ער וואָלט גאָר ניט איבערגעריסן דעם שמועס, — ביישער פאָלקע גאנעוו איז אוועקגעפאָרן אף א יאָר קיין וואַרשעוו און איז געקומען צוריק מיט א ליגן, אז ער׳ט זיך געלערנט צושניידעריי אין א בערלינער אקאדעמיע צי אין ברעסלאוו — די כאָליערע ווייסט אים! איז דעריבער וואָס? מעג ער שוין פון אונדז די קישקעס אויסמאָטעווען? כ׳מאך נאָך איצט אויכעט א שטיקל ארבעט בעסער פון אים, כאָטש איך בין אין וואַרשעוו ניט געווען און קיין ליגנס וועגן בערלינער אקאדעמיעס ניט אויסגעטראכט.

זימלס פאָשעטע רייד דערגייען צו די ארבעטער אין וואַרשטאט בעסער ווי שלוימקעס געלערנטע ווערטער. עס הייבט זיך אָן אן אלגעמייַנער געשפרעך וועגן די קליינע פארדינסטן, וועגן פאָליעס טשעפען זיך צו דער ארבעט, וועגן דער נייער מאָדע, וואָס ער האָט איינגעפירט —

שטיק־ארבעט גאָר, קיינמאָל פון אזעלכע זאכן ניט געוווסט. א ניכפּע אין זײַן טאטן אריַין!

ווען פּאַליע קומט אריַין אין ווארשטאט, הערן די רייד אוף, נאָר קעדיי צו נעמען אים די לעבער, באוויַיזן, אז מע האָט אים אין דער ערד, צעזינגט זיך דער גאנצער ווארשטאט אפן קאָל:

דו גייסט ארום און ארום די פּע־ען־צטער,
דו מיינסט, אז איך וועל ארויס צו די־י־יר,
אוי, גע־וואַ־א־אלד, צי דען בין איך דער שע־ענ־סטער,
וואָ־וואָס ס׳צעך אײַנ־גע־ליבט אין מיר...

— צעזונגען זיך, די לאפּיטוטן! זעט בעסער מאכן א שטיקל ארבעט, איר זאָלט האָבן מיט וואָס גיין פריַיטיק אהיים, — גיט פּאַליע א זאָג, א פּאָך מיט דער ברייטער באָרד און גייט ארויס פון ווארשטאט.

אפצולאָכעס באגלייט אים כעוורע מיט נאָך א העכערן געזאנג:

אָנגע־קר־וווּ־וווּשט און אָנגעהאַ־וואַ־וואלדזט
און דער פּאָ־וואָ־וואָיעזד שטייט נאָך אלץ...

— לאָפּטשע די גאָל! — גיט א זאָג איינער פון די עלטערע לערן־יינגלעך, ווי נאָר די טיר פארמאכט זיך הינטער פּאַליען. און דער גאנ־צער ווארשטאט קוועלט פון נאכעס, ווי דאָס ייִנגל וואָלט עס ווייניקסטנס אריַינגעזאָגט דעם באלעבאָס גליַיך אין די אויגן.

פּאַליע האָט צעמאזיקט א לערן־ייִנגל. ער האָט מיט אזא האסט אראָפּ־געלאָזן זיַין האנט אפן צוועלפיאָריקן שמוליקן, אז דאָס ייִנגל האָט א פאל געטאָן מיטן פּאָנעם אפן פּרעס־אײַזן, וואָס ער האָט געהאלטן אין פאנאנדערבלאָזן.

שלאָגן לערן־ייִנגלעך איז ניט געווען אזא אומגעווייִנלעכע זאך ניט פאר די ייִנגלעך, ניט פאר פּאַליען, ניט פאר אלע איבעריקע אין ווער־

שטאט, אז מע זאָל מאכן דערפֿון א גרויס וועזן. יעדערן פֿון זיי האָט מען אין זײַן צײַט געשלאָגן. פּעטש און סטוסאקעס זײַנען געווען א טייל פֿון דער לערע, פּונקט ווי טראָגן וואסער, שלעפּן פּאָמויניצעס, ניאַנ־טשען דער באַלעבאָסטעס קינדער און קאָלערליי שווערע און שמוציקע ארבעט, מיט וועלכע לערן־ייִנגלעך האָבן געצאָלט פאר אויסלערנען די מעלאָכע. אָבער דער ביטערער פּארדראָס און די סינע, וואָס האָט זיך שוין לאנג אָנגעקליבן אין די הערצער פֿון פּאַליעס געזעלן קעגן אים, האָט איצט, באַם אָנזען פּונעם צעבלוטיקטן און כליפּענדיקן ייִנגל, גע־פֿונען אַן אויסוועג.

— פּאַוואָליע מיט די הענט, באַלעבאָס, — האָט זימל, אַרומווישנדיק דאָס בלוט פֿון ייִנגלס פּאָנעם, א זאָג געטאָן. — בײַשער ער איז א יאַ־סעם, קאָן מען אים שוין מיימעסן צום טויט. וואָס? בלוט איז ניט וואַ־סער, פּאַליע.

פּאַליע איז אַן אופּגעקאָכטער געוואָרן. ער ווייסט, אז הינטער די אויגן שפּעטן זײַנע מענטשן פֿון אים, שעלטן אים אין דער מאמען אַרײַן און ווינטשן אים דעם טויט צען מאָל א טאָג. ער מאכט זיך ניט וויסנדיק, ווען זיי צעזינגען זיך אים אפּצולאָכעס יעדעס מאָל, ווען ער קומט אַרײַן אין ווארשטאט. אָבער ער זאָל שוין ניט טאָרן אויספּאַטשן א סמארקאַטן לערן־ייִנגל — אף דעם וועט ער ניט אײַנגיין.

— כ׳פרעג באַ דיר ניט! — האָט ער אָפּגעהאקט. — דערווײַל בין איך נאָך דאָ באַלעבאָס.

זימל האָט א רוק געטאָן די ברילן אפּן שטערן.

— ועסט פרעגן, פּאַליע! וועסט זען, אז דו׳סט פרעגן.

פּאַליעס דיקער קארק האָט זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט ביז צו די סאַמע אויערן.

— מאך צו דעם פראַנצעוואַטן מויל דײַנעם, דו הערסט, וואָס איך זאָג דיר? אז ניט, ווארף איך דיך ארויס אף צוויי שפּענדלעך. שוין לאנג געקליבן זיך דורכטרײַבן דיך צו אלדי שווארצע יאָר! דו זעסט דאָך

שוין באלד ניט, וויאזוי א נאָדל־פּאָדעם אַרײַנציִען, בלינדער פערד דו איינער!

זימלס בערדל האָט א ציטער געטאָן.

— אַף דיר אויסגעבלענדט זיך די אויגן, פּאָליע, אַף דיר, ניט אַף קיין אַנדערן, — האָט זימל באַטאָנט א זאָג געטאָן, זשמורענדיק די קאַליע אויגן אָן ברילן אַף פּאָליען.

— איז גענוג זאָל זײַן צו בלענדן אַף מיר די אויגן! די מינוט פאַר־נעם זיך פונדאַנען! טאַקע די רעגע, דו הערסט, וואָס איך זאָג דיר? — האָט פּאָליע זיך צעשריִען. — וועסט קומען פּרײַטיק, וועל איך דיר אויס־צאָלן, וואָס ס׳קומט דיר אַרויס פון מיר. און ביז וואָס ווען — וואָן פונדאַנען!

זימל האָט ניט געענטפערט. בלויז זײַן בערדל האָט געציטערט און דער פאַרלאָרענער בליק איז אומגעלאָפן פון איין געזעל צום צווייטן, ווי ער וואָלט זיי אײַנגעלאַדן צו זײַן איידעס, אַף וואָס פּאָלקע גאַנעוו איז פייִיק. „טאַקע העפקער א וועלט? וועט זיך טאַקע קיינער פאַר מיר ניט אײַנשטעלן?״ — האָט זײַן קרומער שמייכל, אָן ווערטער, גערעדט.

דער גאַנצער װאַרשטאַט האָט שטום אָנטייל גענומען אין דעם צוזאַ־מענשטויס צווישן זימלען מיט דעם באַלעבאָס, און יעדערער האָט דערויף רעאַגירט אַף זײַן שטייגער. די עלטערע אַרבעטער האָבן נידעריקער זיך אָנגעבויגן איבער דער אַרבעט און, מיט צונויפגעדריקטע ליפּן, גיך־גיך גענייט, ווי זיי וואָלטן מיט דער פאַרשנעלערטער באַוועגונג פון דער האַנט געוואָלט פאַרטויבן אין זיך דאָס געפיל פון אופּרעגונג און פּראָ־טעסט, וואָס פּאָליעס הינטישע שטיק האָבן אין זיי דערוועקט. צו דער זעלביקער צײַט האָבן זיי גוט געדענקט, אז ס׳איז גלײַכער ניט אַרײַנ־מישן זיך. ייִנגערע כעוורע, פאַרקערט, האָבן אינגאַנצן אָפּגעלייגט די אַרבעט אָן א זײַט און אָנגעשטרענגט געוואַרט, מיט וואָס וועט זיך דאָס ענדיקן. זיי האָבן געוווּסט, אז זימל שעמט זיך ניט דערמאָנען דעם באַ־לעבאָס די צײַטן, ווען זיי האָבן ביידע געטראָגן פּאַמויניצעס בא יאָשע ברײַנדלס, און אַרײַנזאָגן אים אין דער לעבער אַרײַן. אָבער איצט איז

דער צוזאמענשטויס אוועק צו ווײַט, אז ער זאָל זיך ענדיקן מיט גאָר־נישט, ווי געווײנלעך.

— אויסגעזויגן בא א מענטשן דעם לעצטן טראָפּן קליאָק, און דער־נאָך — וואָן!? — האָט שלוימקע דער ערשטער אײַנגעשטעלט זיך פאר זימלען.

די געשפּאנטע שטילקייט, וואָס האָט זיך אײַנגעשטעלט נאָך פּאָליעס קאָמאנדע „וואָן פונדאנעןן!“, איז איבערגעריסן געוואָרן. די, וואָס האָבן ביז איצט האסטיק געניטט, האָבן אראָפּגעלאָזט די שטיקלעך ארבעט אף די קני און אָנגעשטעלט זייערע בליקן אף פּאָליען מיט זימלען, ווי זיי וואָלטן ערשט איצט זיך געכאפּט, אז דער שטרײַט צווישן זימלען און דעם באלעבאָס איז אויך זייער שטרײַט, אלעמענס שטרײַט. אפילע יוינע דער זשילעטניק, וועלכן פּאָליע האָט געהאלטן איין איין דערמאָנען, אז ער האלט אים נאָר פון ראכמאָנעס וועגן — „ס׳איז מיר א ראכמאָנעס אף דײַן ווײַב און קינדער“, — אפילע ער האָט אף איין מינוט אופגעהערט צו שטעפּן אף דער מאשין און, אומקערנדיק דעם קאָפּ אהינטער, בײַ־גנייווע און האלב דערשראָקן, געוואָרפן בליקן פון פּאָליען צו שלוימקען און פון שלוימקען צו פּאָליען.

פּאָליע האָט דערפילט, אז דער צוזאמענשטויס האָט דערגרייכט אזא מאדרייגע, ווען אָדער מע דארף אים גלײַך איבעררהאקן, אָדער ער וועט אָנעמען אזא ווענדונג, וואָס וועט פאר אים איצט ניט לוינען. און כאָטש דאָס בלוט האָט אין אים געזאָטן פון דעם „יונגס כוצפּע“, האָט ער אין זיך פארשטיקט דעם קאס, און ווי ער האָט שלוימקעס רייד קיין שום בא־דײַטונג ניט צוגעגעבן, האָט ער א זאָג געטאָן:

— אז מע וועט דיך דארפן, וועט מען דיך שיקן רופן, שלוימקע. דער־ווײַל נעם אײַן א פּאָרציע שטומעניש און טו דײַן ארבעט.

אָבער שלוימקע האָט ניט געוואָלט שווײַגן. דאָס איז פאר אים געווען די ערשטע געלעגנהײַט ארויסצוטרעטן ווי א באוווסטזיניקער ארבע־טער. אין איין מינוט האָט ער פארגעסן אלץ, וואָס ער האָט געהערט וועגן דער וויכטיקײַט פונעם גינסטיקן מאָמענט אין קאמף צווישן ארבעט און

קאפּיטאל, ער האָט פאַרגעסן די גאַנצע טעאָריע וועגן „מאַסן און קלאַסן״, וואָס ער האָט געלערנט אין קרײַזל, — ער האָט בלויז געדענקט איין זאַך: מע דאַרף ווײַזן פּאָלקע דעם עקספּלואַטאָר, אַז מיט אַרבעטער וואַרפט מען זיך ניט.

אַזש בלייך ווערנדיק פון אופרעגונג, האָט ער גלײַך געענטפערט:

— אַף זאָגן דעם עמעס וועל איך בא קײנעם קיין דערלויבעניש ניט בעטן. איך זאָג אײַך נאָכאַמאָל: פּופּצן יאָר עקספּלואַטירן אַן אַרבעטער, מאַכן אים פאַר אַ האַלבן קאַליקע און דערנאָך אַרויסוואַרפן אים אַף דער גאַס נאָר דערפאַר, וואָס ער לאָזט ניט זיך איזדיעקעווען איבער אַ לערן־ייִנגל, — איז די סאַמע נידערטרעכטיקסטע פאָרמע פון בלוטזויגערײַ און עקספּלואַטאַציע!!

גרויסע טראָפּן שווייס זײַנען אַרויסגעטראָטן אַף פּאָליעס גלאַנציקן שטערן — אַזוי אומגעריכט איז פאַר אים געווען דעם יונגס אומדער־הערטע כוצפּע. דערהויפּט האָט אים אופגעבראַכט דאָס אומפאַרשטענד־לעכע וואָרט „עקספּלואַטאַציע״... און כאָטש ער האָט געפילט, אַז עס וועט זיך ענדיקן מיט אַ סקאַנדאַל, האָט ער זיך שוין מער ניט געקאָנט אײַנהאַלטן.

— פאַרשטאָפּ דעם פּאַסקודנעם פּיסק דײַנעם, דו שטינקענדיקער טכויר! אַז ניט, נעם איך דיך אָן פאַרן קאַרק און וואַרף דיך אַרויס צוזאַ־מען מיטן בלינדן קאַליקע! — פּאָליע האָט זיך אַזש פאַרשטאַמלט פון גרויס אופרעגונג.

— וואַרפט זיך ניט אַזוי, גאָספּאָדין קראַוועץ! זעט אפּריער, צי מיר וועלן ווײַטער אַרבעטן בא אַזאַ עקספּלואַטאָר, בא אַזאַ בלוטזויגער, ווי איר זײַט.

ווי אַף אַ שרויף האָט זיך פּאָליע אַ דריי אום געגעבן אַרום זיך און, אויסער־זיך פון קאַס און אופרעגונג, האָט ער, אַף אַ פּאַלצעטל, וואָס האָט גאָר ניט געפּאַסט צו זײַן גרויסן, שווערן גוף, זיך צעשריִען:

— אַז איך וועל דיך, פאַרשיווער סיציליסט, דורכטרײַבן, וועט דאָך דיר קײנער קיינמאָל קיין שטאָך אַרבעט ניט געבן! געדענק, וואָס איך

זאָג דיר: דו וועסט נאָך אין טפיסע פארפוילט ווערן פאר דײַן סיצילי־סטישער בילערײַ, וועסט זען!

דער געדאנק, אז ער טרעט דאָ ארויס, ווי דער אָנפירער פון ארבע־טער אין א קאָנפליקט מיט אן אונטערנעמער, האָט געשטויסן שלוימקען אף געוואגטקײַט ביזן סאָף.

— מע ווייסט, אז פאָלקע קראווע׳ץ קאָן אונטערזאָגן, ווו מע דארף, — האָט ער פילדײַטיק געענטפערט, — נאָר איר ווייסט, וואָס מע טוט מיט מאָסרים? — האָט ער אופגעשטעלט א פארזשמורעט אויג אף פאָליען.

פאָליע איז אזש אופגעשפרונגען פון אָרט.

— סטראשעסט מיך? זײַט איידעס, אז ער סטראשעט מיך צו האר־גענען! — האָט ער זיך א קער געטאָן צו די ארבעטער אין ווארשטאט.

און ערשט איצט באמערקנדיק, אז קיינער אין ווארשטאט ארבעט ניט, האָט ער זיך צעשריִען:

— וואָס׳ט איר אויסגעלופעט די אויגן וואָס, לאפיטוטן! נעמט זיך צו דער ארבעט! און מיטן דארן טכויר וועל איך זיך שוין אליין ספּראַ־וועז, וואָן, ארויס פונדאנען! דײַן זוואניע זאָל דאָ ניט בלײַבן, איך זאָל דיך דאָ מער ניט אָנקוקן! — האָט ער זיך ווידער א וואָרף געטאָן צו שלוימקען.

— שא, וואָס טרײַבט איר זיך אזוי? וואָס׳ט ער דאָ אזוינס געזאָגט, וואָס׳, ס׳איז עפשער ניט עמעס? — האָט עמעצער פון דער זײַט א זאָג געטאָן.

איצט האָט שוין פאָליע גאָר ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. פארלאָרן איז זײַן בליק אומגעלאָפן פון איין געזעל צום צווייטן, געזוכט שטיצע, אָבער די בליקן פון איינע האָבן קאַלט און פײַנטלעך אָפּגעשטויסן זײַן זוכנדיקן בליק, און די אויגן פון די צווייטע האָבן אים אינגאנצן אויסגע־מיטן. אפילע יויגע האָט דאָס מאָל ניט געקוקט מיט זײַן אונטערטעניקן און בעטנדיקן בליק, מיט וועלכן ער האָט געווײנלעך געקוקט אפן באַלעבאָס.

שלוימקע האָט דערפילט, אז איצט איז אָנגעשטאנען דער אנטשיי־דענער מאָמענט.

א קער אום געבנדיק זיך צו די טישן, אף וועלכע אלע זיינען נאָך געזעסן מיט די פיס אונטער זיך און מיט די שטיקלעך ארבעט אף די קני, האָט ער, מיט א קלינגענדיקער שטים, ווי ער וואָלט גערעדט פאר א גרויסן עולם, אויסגערופן:

— כאווײרים ארבעטאָרער! אויב איר האָט אָפשיי פאר זיך אליין, אויב איר ווילט ניט, אז די פּאָלקעס, די עקספּלואטאטאָרס זאָלן פעט ווערן אף אייער בלוט און שוויים, אויב איר ווילט ניט, אז זיי זאָלן שלאָגן אייערע ייִנגערע ברידער די לערן־ייִנגלעך, טאָ באווייזט, אז איר זייט באוווסטזיניקע ארבעטער, — לייגט גלייך אוועק די ארבעט, און זאָל פּאָלקע זען, ווער פון וועמען לעבט: מיר פון אים אָדער ער פון אונדז.

— דערקלערן אים א שטרייק, ניט אנדערש! א שטרייק! — האָבן אונטער־געכאפּט די יונגע געזעלן.

מיט קווענקלעניש האָבן אויך די עלטערע ארבעטער אוועקגעלייגט די ארבעט אָן א זייט און, ווי אומגערן, אראָפּגעשארט זיך פון די טישן.

— איר, ווי איר ווילט זיך, איך מאך קיין סטאטשקעס ניט, — האָט יוינע געוואָרפן ביגנייווע א בליק צום באלעבאָס.

— לייג אוועקעט די ארבעט, אז ניט, פלעט איך דיר מיט אן אייזן דעם מויעך! — האָט בענטשיק, דאָס עלטערע לערן־ייִנגל, אומגעריכט פאר אלעמען א וואָרף געטאָן זיך צו יוינען.

— קוקט אים נאָר אָנעט, דעם סמארקאטש! ער אויכעט! א נייער זאבאסטאָווטשטשיק! דו'סט געבן מיינע קינדער עסן, וואָס?

— קום, יוינע, שטיי ניט אָפּ פון כעוורע. מירן ניט לאָזן דיינע קינ־דער הונגערן! — האָט זימל ארופגעלייגט א האנט אף זיין אקסל.

אומצופרידן וואָרטשענדיק, האָט יוינע אָן כיישעק אופגעהויבן זיך פון אָרט, ווידער ווארפנדיק א בליק צום באלעבאָס, ווי ער וואָלט גע־

זאָגט: „זעסט דאָך, אז ס׳איז ניט מײַן שולד. וואָס קאָן איך טאָן מיט די היצעלס? בא זיי איז רעכט הארגענען א מענטשן אויך״...

— ווארט, דו קרעציקע צויג! איכ׳ל דיר ווײַזן ווי צו מאכן זאבאס־טאָווקעס! מ׳וועט ניט וויסן, ווו דײַן געביין איז אהינגעקומען, וועסט שוין זען, פארשיווער סיציליסט! און איר, לאפיטוטן, — האָט פאָליע זיך א קער געטאָן צו די איבעריקע ארבעטער, — איר וועט נאָך מיר צו די פיס פאלן, איך זאָל אײַך נעמען צוריק צו דער ארבעט, איר׳ט שוין זען!

— מ׳האָט דיך אין דער ערד, פאָלקע! — האָט מען אים געענטפערט שוין פון יענער זײַט טיר.

דער שטרײַק, דער ערשטער שטרײַק אין שטאָט האָט זיך אָנגעהויבן.

ס׳איז געווען א זעלבסטפארשטענדלעכע זאך, אז שלוימקע זאָל ווערן דער אָנפירער פון שטרײַק. אָבער פאר אלעמען איז געווען פולשטענדיק אומגעריכט דאָס, וואָס זימל דוואָשעס, א מענטש שוין אין די פופציקער און א טאטע פון מער קינדער, ווי ער איז אימשטאנד געווען אָנצוזע־טיקן, — איז געוואָרן שלוימקעס רעכטע האנט און דער סאמע פײַער־דיקער שטרײַקער.

— סי רויט אָדער טויט, — האָט געמאָלדן זימל. — אָדער מירן בייגן פאָלקעס אָקסענעם קארק, אָדער ער׳ט אונדז אלעמען ברעכן די קארקן. טאָ זעט, כעוורע, גארטלט זיך אונטער, אז קיין איין נאָט זאָל בא אונדז ניט פלאצן.

זימל האָט געפאָדערט, אז מע זאָל ארויסרופן אָף א שטרײַק אלע שנײַדער־געזעלן אין שטאָט. ער מיט שלוימקען ווען גיין שאבעס אין דער שנײַדערשער שול אגיטירן די שנײַדער־געזעלן פאר אן אלגעמיי־נעם שטרײַק פון די שנײַדער... נאָך בעסער וואָלט געווען — אָרגאני־זירן אלע ארבעטער אין שטאָט, ניט דאפקע שנײַדער, — און זאָלן זיי

אויף פארשטרײַקן, ביז פּאָליע וועט ניט נאָכגעבן די פּאָדערונגען פון זײַנע מענטשן.

— אָט לאָמיר זיך אראָפּנעמען א מאָשל פון אונדזערע באַלעבאַטים, — האָט געטײַנעט זימל. — זיי, נישקאָשע, האָבן שוין לאַנג פאַרשטאַנען צו אָרגאַניזירן זיך אין די צעכן: זיי האָבן א שנײַדערשע שול, א קירזשנערשע שול, א פּארבערשע שול, א קאַצאָווישע, א שמידישע, א גארבערשע שול, יעדער פאַך האָט זיך זײַן שול. איז וואָס מיינט איר: ס'איז נאָר ווײַל שנײַדער ווילן דאַוונען דאַפקע מיט שנײַדער און קירזשנער מיט קירזשנער? ניין, ברידערלעך, דאָס איז אָרגאַניזאַציע איז דאָס! זיי ווילן זיך האַלטן צוזאַמען, האָבן אַן אָרט, ווו צונויפריידן זיך וועגן זייערע איניאָנים, צונויפריידן זיך, וויאַזוי בעסער ציִען פון אונדז דעם קליאַק — אָט וואָס ס'איז די שולן זייערע לויט די צעכן!.. און מיר, אַרבעטאָרער, וואָס? מיר פּראַוועון שאַבעס יעדערער פאַר זיך. דאָס, ברידערלעך, טויג ניט. אַן אַלגעמיינע זאַבאַסטאָווקע מעלדן, און פאַרטיק! — האָט זימל געפּאָדערט.

און ביזוואַנען וואָס וועז, דאַרף מען אַרויסשטעלן כעוורע, וואָס זאָלן אכטונג געבן, אַז קיינער זאָל זיך ניט דערוועגן גיין אַרבעטן צו פּאָלקע גאַנעווו.

— גיין ברעכן שויבן בא פּאָלקען! — האָט עמעצער פאָרגעשלאָגן.

— און קעפּ בא שטרײַקברעכערס, אויב ס'וועלן זיך געפינען אַזעלכע פּארכעס.

נאָר שלוימקע האָט זיי אָפּגעקילט.

— קאָך זיך ניט, זימל. אַז וועסט זיך צופיל פאַרמעסטן, וועט די גאַנצע זאַך אַראָפּ פון דער מאָס. לאָמיר אָקאָרשט ברעכן פּאָליען, דעמאָלט וועלן די פּאָלקעלעך בעמיילע געבראָכן ווערן. און פון ברעכן קעפּ און שויבן זאָל מען אפילע ניט ריידן. פּאָלקע איז דעם איספּראַווניקס רעכטע האַנט, ער איז א גאַנצער שמעלקע מיט די זשאַנדאַרן, וועט איר אים גיין ברעכן שויבן. יענער קוקט נאָר אויס, איר זאָלט אים צעברעכן עטלעכע שויבן, אַז ער זאָל קאָנען צעברעכן אונדזער שטרײַק.

ניין, נאָר רויִק און אויסגעהאַלטן, רויִק און אָרגאַניזירט. ער האָט אָנטיילגענומען אין א שטרייַק אין קאַטעריִנאָסלאַוו, ווייסט ער, אז א שטרייַק קאָן מען געווינען נאָר דורך אויסגעהאַלטנקייַט און אָרגאַניזאַציע.

צו רויִקייַט און אויסגעהאַלטנקייַט האָט אויך גערופן יעפים ריפּס, דער לערער פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע אין אומלעגאַלן קרייַזל, וואָס שלוימקע האָט באַזוכט.

— לעגאַלע מעטאָדן פון קאַמף, — האָט ריפּס אין טאָן פון זייַנע לעקציעס אין קרייַזל געלערנט, — וועלן פאַר אייַך געווינען די סימפּאַטיעס פון דער געזעלשאַפט, וואָס איז זייער א וויכטיקער פאַקטאָר אין קאָנפליקט צווישן ארבעט און קאַפּיטאַל. טעראָר, פאַרקערט, וועט אייַך, פון איין זייַט, צעקריגן מיט דעם פּראָגרעסיוון טייל פון דער געזעלשאַפט און וועט אייַך, פון דער צווייטער זייַט, ברענגען אין א שאַרפן צוזאַמענשטויס מיט דער מאַכט, וואָס עס לוינט פאַר אייַך ניט אין דער געגעבענער סיטואַציע פון קיין שום שטאַנדפּונקט...

אָבער בא גאָר דעם רעספּעקט, וואָס די שטרייַקערס, פּאָשעטע אַרבעטער, האָבן געפילט צו דעם געלערנטן ריפּסן, וואָס איז געווען א יאָר אין דער שווייץ און האָט זיך דאָרטן געקענט „מיט די גרעסטע רעוואָליוציאָנערן", — האָט קיינער איצט קיין געדולד ניט געהאַט צו הערן לעקציעס אין א געהויבענער שפּראַך.

— וואָסי דאָ פאַראַן וואָס צו ריידן, — האָט שלוימקע מאַסקים געזעטן, — אַוואַדע טאָר מען קיין סקאַנדאַלן ניט מאַכן. אָבער זאָגט אונדז בעסער, וויִאַזוי אַראָפּצונעמען פּאָלקען א מאָס, אז ער זאָל נאָכגעבן אונדזערע פּאָדערונגען.

— יאָ, יאָ, וויִאַזוי זאָלן מיר אים גיכער ברעכן דעם קאַרק, וואָרעם לאַנג האַלטן זיך איז אונדז שווער. ניטאָ א קאָפּעקע בא דער נשמה.

— עפּשער זאָלן מיר זיך דורכריידן מיט נאַטקינען דעם פּאָדנאַד־

זאָרגעם? — האָט שלוימקע פאָרגעשלאָגן. — ער דארף זײַן געניט אין אזעלכע זאכן.

— דורכריידן זיך מיט נאָטקינען שאט ניט, — האָט ריפס מאסקים געווען, — אָבער דאָס דארף געטאָן ווערן קאָנספּיראטיוו, עס זאָל ניט דערגיין צו פּאָלקען אָדער צום איספראווניק. לאָזט עס איבער פאר מיר.

נאָך א קאָנספּיראטיווער באראטונג מיט נאָטקינען האָבן די שטרײַקערס ארויסגעשטעלט פּאָליען פאָלגנדיקע פאָדערונגען:

1. אָפּשאפן שטיק־ארבעט און צוריק אײַנפירן וואָך־לוין.
2. אײַנשטעלן א צענשאָיִקן ארבעטסטאָג.
3. אָפּשאפן ארבעט אין די ווינטערדיקע שאבייסענאכטסן, ווען עס ווערט אָפּגעארבעט פאר די ניט־דערארבעטע שאָען אין די ווינטערדיקע פרײַטיקן.
4. ניט שלאָגן און ניט זידלען קיין לערן־ייִנגלעך. ניט באנוצן זיי פאר שטוב־ארבעט. לערנען זיי די מעלאָכע גלײַך פון אָנהייב לער־טערמין. פון דריטן יאָר — ניט ווייניקער ווי איין רובל א וואָך ארבעטלוין.
5. אלע שטרײַקערס ווערן צוריק צוגענומען צו דער ארבעט.

פּאָליע האָט געלאָזט אין גאנג זײַן גאנצע נאָענטקײַט מיט נאטשאלסטווע אָף צו ברעכן דעם שטרײַק.

דער איספראווניק האָט, דורך א גאָראָדאָוואָי, געלאָזט ברענגען צו זיך, איינציקווײַז, שלוימקען, זימלען און ריפסן און, „ווי א פרײַנט", גערעדט זיי וואָס גיכער מאכן א סאָף צום שטרײַק.

ער ווייסט, האָט ער געזאָגט, אז זיי, די „טראָיקע", זײַנען די אָנפירער פון דעם שטרײַק און אז הינטער זיי שטייט דער ניהיליסט נאָטקין. ער וואָלט זיי אלעמען געקאָנט אופדרייען ווי א בייגל און פארשפאָרן

פירן מיט זיי שמועסן. נאָר ס'איז אים א ראכמאָנעס אף יונגע מענטשן... אָבער צופיל פּרווון זײַן געדולד זאָלן זיי, פונדעסטוועגן, ניט. דאָ איז ניט שווייצאריע און ניט יעקאטערינאָסלאַוו, ווו מע קאָן מאכן שטרײַקן. אין זײַן שטאָט זײַנען קיין סטאטשקעס קיינמאָל ניט געווען, און קאָל־זמאן ער איז באַלעבאָס אין שטאָט, וועלן זיי ניט זײַן.

— ניע פּאָטערפּליו! — האָט ער מיטאמאָל א ריטשע געטאָן, און זײַן קארק איז אָנגעגאָסן געוואָרן מיט בלוט. ער וועט דערצו ניט דער־לאָזן.

אויב קראוועצעס מענטשן האָבן גערעכטע טײַנעס צו זייער באַלע־באָס, — כאָטש ער קען פּאָליע קראוועץ און ווייסט, אז ער וועט קיין מענטשן ניט קריוודען, — איז זאָלן זיי אים בעטן מיט גוטן. ער, דער איספּראווניק אַליין, איז גרייט אויסצוגלײַכן זיי „פּאָ סאָוועסטי". אָבער שטרײַקן, בונטן — „ניע פּאָטערפּליו!" ניט אין זײַן שטאָט! וואָס? עס ווענדט זיך ניט אָן זיי? גוט, זאָלן זיי גיין אהיים און איבערלייגן זיך: וועלכער קלימאט געפעלט זיי בעסער — דער היגער אָדער דער סי־בירער...

זאכארקין דער אָקאָלאָדאָטשניק איז גאנצע טעג ארומגעלאָפן פון פּאָליעס אײַן געזעל צום צווייטן און געזוכט עפּעס אזוינס, וואָס זאָל אים געבן א „געזעצלעכע" מעגלעכקײַט ארײַנצופּאקן כאָטש איינעם פון זיי אין אָקאָלאָדאָק. אָבער צו וואָס בינדן זיך איז ניט געווען: די שטרײַקערס זײַנען געזעסן יעדערער בא זיך אין דער היים און קיינעם ניט אָנגע־רירט. בלויז אין אָוונט פלעגן זיי זיך צונויפקומען אין דער שנײַדערשער שול. פאר גיין אין שול קאָן ער זיי דאָך ניט ארעסטירן.

דער ראָוו האָט זיך אויך ארײַנגעלייגט אין א שאָלעם צווישן פּאָליען און זײַנע מענטשן.

איינמאָל, נאָך מײַרעוו, האָט ער דורכן שאמעס געלאָזט צורופן צו זיך זימלען און יוינען און זיך געגומען אײַנטײַנען מיט זיי: מיילע, יענע זײַנען דאָך העפקער־יונגען. ניט קיין מוירע פאר גאָט, ניט קיין דערעכ־ערעץ פאר לײַטן. אָבער זיי זײַנען דאָך שוין, באָרעכהאשעם, ניט קיין

יִינגלעך, טאַטעס פון קינדער, קיין אײַנהאָרע. ווי זשע פּאַסט עס פאַר עלטערע יִידן צו זײַן יאַדאַכעס מיט באָסיאַקעס?.. אוואַדע קאָן געמאָלט זײַן, אַז זיי האָבן גערעכטע טײַנעס צו זייער באַלעבאָס — האַגאַם ער קאָן זיך ניט מעשאַער זײַן, אַז רעב רעפּאָעל קראַווועץ זאָל עמעצן קריוו־דיען. אַן ערלעכער מאַן ביז גאָר, אַ שיינער באַל־מענאַדעוו, אַ מענטש מיט אַן אָפענער האַנט... נאָר דאָס אייגענע פאַרקערט: עס קאָן געמאָלט זײַן, אַז ער האָט יאָ וועמען־ניט־איז געקריוודעט בעשויגעג — מיר זײַנען קיינער פון שטרויכלונגען ניט באַוואָרנט. אָבער לוי זו האַדערעך. ס׳איז ניט קיין יִדישער גאַנג... פאַראַן, אַ דאַנק דעם בוירע, אַ ראָוו באַ יִידן, פאַראַן דאַיאָנים, זאָלן געזונט זײַן. פאַראַן אין שטאָט קלוגע יִידן, מענטשן מיט גלײַכע קעפּ, מיט יוישער. פאַראַן, באָרעכהאַשעם, אַף וועמען צו פאַרלאָזן זיך. אַדעראַבע, זאָל מען קומען צו אים, וועט ער זיי, בעעזראַס האַשעם, אויסגלײַכן אַל צאַד האַיויסער טויוו, אַפן פײַנסטן אויפן, און וועט באַ זיי אַפּילע קיין פּסאַק־געלט ניט נעמען, כע, כע!.. יִידן דאַרפן צווישן זיך אויסקומען ווי יִידן: באַם ראָוו, באַ בויי־רערים. אָבער שטרײַקן, מערידעס — פּע, כאַלאָשעס! ניט קיין יִדישער דערעך...

יוינע האָט זיך פאַרענטפערט פאַרן ראָוו:

— כ׳ווייס ניט וואָס? אַז ניט, וואָלט איך געשטרײַקט? כ׳בין דאָך אַ פאַרפאַלענער בין איך דאָך. פּאָליע ט׳מיך אַפן שוועל מער ניט לאָזן. נאָר וואָס האָב איך געקאָנט טאָן, אַז זיי האָבן מיר געוואָלט דעם מויעך פּלעטן, אויב כ׳וועל צו זיי ניט צושטיין.

— עט, דעם מויעך פּלעטן! — האָט דער ראָוו ניט געגלייבט. — לאָבוסעס זײַנען זיי טאַקע גרויסע, אָבער דעם מויעך פּלעטן — אייסעך! יִידן זײַנען גאָר ניט אַזעלכע גאַזלאָנים.

— וואָס הייסט, געוואָרפן זיך צו מיר מיט אַ פּלעט־אײַזן. זאָל ער זאָגן! — האָט יוינע געשטעלט זימלען פאַר אַן איידעס.

— און ווו איז מאַלכוס דעאַרע, באַטשאַלסטווע ווו איז, פּאָליציע,

הייסט עס? — האָט דער ראָוו אַלץ ניט געוואָלט אָנעמען דעם טערעץ. — מ׳וואָלט זיך שוין אָן אייצע געגעבן מיט די באַסיאַקעס. ערלעכע ייִדן האָבן געדאַרפט גיין אַף קידעש־האַשעם און צו קיין שטרײַק ניט צו־שטיין.

זימל איז אַ צעקאָכטער געוואָרן.

— הער אוף צו בעבען, יוינע! דעם מויעך פּלעטן! מער, ווי דו אַליין פּלעטסט זיך דעם מויעך מיט אַזעלכע רייד פאַרן באַלעבאָס און פאַר דעם באַלעבאָס׳ ראָוו, וועט דיר שוין קיינער ניט פּלעטן. אַז מיר ווילן, אונדזערע קינדער זאָלן ניט אומגיין מיט אופגעבלאָזענע בײַכלעך פון גאָלע קאַרטאָפל — אי דאָס ניט צו זאַט — זײַנען מיר לאָבוסעס און באָסיאַקעס, רעבע? — האָט ער זיך אַ קער געטאָן צום ראָוו. — אַדע־ראַבע, פּויעלט בא רעב רעפאָעל קראַוועץ, ער זאָל פון אונדז ניט ציִען דעם לעצטן קליאַק, ער זאָל זיך ניט איזדיעקעווען איבער אָרעמע לערן־ייִנגלעך, ער זאָל ניט שפּײַען יוינען אין פּאָנעם אַרײַן דרײַ מאָל אַ טאָג, וועלן מיר אײַך זאָגן אַ דאַנק. אָבער איר וועט עס ניט טאָן, רעבע, ווײַל „רעב רעפאָעל טוט, כאָלילע, קיינעם קיין אוולע ניט״... טאָ בעסער מישט זיך ניט, מירן שוין אַליין ווי־ניט־איז דורכקומען מיט אים, רעבע.

באַלעבאַטים, וואָס זײַנען געשטאַנען און זיך צוגעהערט צום ראָווס שמועס מיט די שטרײַקער, האָבן געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

— אַ כוצפּע אַ ביסל פון אַ שנײַדערוק!

— אַז אַ באַלעבאָס זאָל שוין בא זיך, אין אייגענעם וואַרשטאַט, קיין דייע ניט האָבן, איז דאָך קאָלו קאָל האַקיצים — אויס וועלט!

— מע קאָן שוין גאָר אַ סמאַרקאַטש אַ ייִנגל ניט אויספּאַטשן. ט׳איר שוין אַזוינס געהערט?

— כ׳מיין, אַז ס׳איז העפקער די וועלט!

— וואָס אַרט אײַך, פּאָליע קראַוועץ וועט זיך שוין אָן אייצע געבן מיט די באָסיאַקעס.

— וואָס דען, ער וועט זאָגן דעם איספּראַווניק איין וואָרט, וועט זײַן אַז אָך און ווי צו זיי אַלעמען, — האָבן שיינע באַלעבאַטים שוין לעכאַטכילע געפּרייט זיך אַף דער מאַפּאָלע פון די שטרײַקער.

אָבער פּאָליע האָט זיך קיין אײַצע ניט געקאָנט געבן, און דער איספּראַווניק האָט אים אויך ניט געקאָנט העלפן. דער שטרײַק האָט געטראָפן פּאָליען אין רעכטן ברען פון פאַר־יאָמטעװ־סעזאָן, דערצו האָבן אַף אים געדריקט די קאָנטראַקטן אַף צוצושטעלן „אָבמונדיראָווקע" פאַר די פײַערלעשער און גאָראָדאָווױ אין גאַנצן אויעזד.

און פאַרטײַענדיק אין האַרצן אַ ביטערע סינע קעגן שלוימקען און זימלען, מיט וועלכע ער וועט זיך נאָך „מיט גאָטס הילף אָפּרעכענען", איז ער אַפן צענטן טאָג פון שטרײַק אײַנגעגאַנגען אַף אַן אויסגלײַך מיט זײַנע געזעלן.

אוואַדע וועלן אַלע באַ אים צוריק אַרבעטן. ס'וועט קלעקן אַרבעט נאָך פאַר צען. אַ קלייניקײַט, סאַראַ „גאָריאַטשקע" ס'איז באַ אים איצט! צאָלן פון וואָך — דאָס איז ער גרייט נאָכצוגעבן, נאָר אַף אַ צענשאָיִקן אַרבעטסטאָג קאָן ער ניט אײַנגיין. ווען ס'איז ניטאָ קיין אַרבעט, קאָנען זיי, פונזײַנעטוועגן, גיין אַהיים כאָטש אָנהייב אָוונט, נאָר ווען ס'מאַכט זיך אַ „ספּעשקע", קאָן ער אַפן זייגער ניט קוקן. שאַבייסענאַכטס ניט אַרבעטן? די גאַנצע וועלט אַרבעט שאַבייסענאַכטס... נאָר אַז זיי שפּאַרן זיך אײַן דאַפקע ניט — איז ניט! ער איז ניט דער מענטש, וואָס זאָל זיך שטעלן אַף קלייניקײַטן. וואָסי שײַעך די לערן־ייִנגלעך, מעג מען זיך פאַרלאָזן אַף אים. זיי ווייסן אַליין אויך, אַז פּאָליע איז ניט קיין גאַזלען. טאָמער האָט ער ווען־עס־איז אָנגערירט אַ סמאַרקאַטש, איז וואָס מאַכט מען עס דערפון אַזאַ ווען וואָס? וועלכער באַלעבאָס גיט עס ניט אַמאָל אַ פּאַטש אַ לערן־ייִנגל, אַז ער פאַרדינט?.. שאַ, זאָל זימל זאָגן: ווייניק פּעטש און קלעפּ האָבן זיי ביידע אַרײַנגעכאַפּט פון יאָשע ברײַנדלס, בייס זיי זײַנען באַ אים געווען אין דער לער? נאָר גאָרנישט, אַז זיי זאָגן „סי ניט אַמאָליקע יאָרן", איז ניט! גלייבט אים, אַז פון הײַנט אָן וועט ער אַף זיי מער קיין פינגער ניט לייגן, ער'ט אַפילע אין זייער זײַט

ניט קוקן. נאָר זיי קאָנען זיכער זײַן, אַז קיין בעסערע באַלמעלאָכעס וועלן די ייִנגלעך דערפֿון ניט ווערן... צאָלן די ייִנגלעך, אָנהייבנדיק פֿון דריטן יאָר? פֿאַרלאָזט זיך אויף אים, אַז ער׳ט זיי ניט קריוודען. פּאָליע איז ניט דער מענטש, וואָס זאָל עמעצן קריוודען. אַ סאַך, אַן עק, זאָל מען נעמען צו ביסלעך בראַנפֿן און זיך זעצן צו דער אַרבעט!

די שטרײַקערס האָבן געפֿאָדערט אַ געשריבענעם און געכאַסמעטן אָפּמאַך.

נאָך אַ טאָג דינגעניש איז פּאָליע אײַנגעגאַנגען אויך אויף דער פֿאָ־דערונג. דער ערשטער שטרײַק איז געווען פֿאַרענדיקט.

1939

# דאָס גרויסע געווינס



אלקע, זימל האָלץ־הענדלערס ווײַב, גייט אום אָן א קאָפּ:

פארבליבן אינגאנצן צוויי וואָכן צו יאָמטעוו, און אף אן ענדיק איז נאָך קיין אויסזיכט ניטאָ.

אלע יאָר אין דער צײַט שפּאצירט שוין גאדלעסדיק ארום אין אל־קערל א דרײַסיקפּונטיקער ענדיק, וואָס בלאָזט פון זיך און בייזערט זיך מײַסע־באלעבאָס, ניט פילנדיק, אז די קליסקעלעך און די פערפעלעך גיט מען אים ניט פון זײַן האנאָע וועגן...

און האיאָר — ניט אומקערן זאָל זיך אזא יאָר, טאטע זיסער! שטייט א קאַלטער ווינטער, לעבט מען זיך ווי־עס־איז דורך און מע מאכט א פּייסעך ליַיטן גליַיך, אָבער אז פון ווינטער איז גאָר קיין זייכער ניט געווען דאָס יאָר, איז טאקע ביטער, וואָס ביטער הייסט.

וויאזוי מע וועט אריַינשלעפּן דעם פּייסעך אין שטוב — ווייסט איין גאָט אין הימל.

עמעס, מאצע האָט מען שוין אָפּגעבאקט, א פּעסעלע בורעקלעך אויך פארזאָרגט, נאָך א שטיק פאר פּורים, אָבער מיט מאצע און ראָסל קאָן מען דאָך דעם פּייסעך ניט אָפּאטערן. מע דארף שמאלץ, אייער, קארטאָפל, א קינד א שיכל, א קאפּאָטקעלע, מע קאָן עפּעס אויסרעכענען, וואָס מע ברויכט ערעוו פּייסעך?

נאָר דאָס אַלץ קימערט מאלקען ניט אזוי שטארק, ווי דער ענדיק.

אָן אן ענדיק איז בא איר דער יאָמטעוו קיין יאָמטעוו ניט.

פּרובירט איר זימל טרייסטן:

— מיילע, וואָס עסטו זיך אָפּ דאָס הארץ, איז אָן אן ענדיק, מ׳וועט, כאַלילע, הונגעריק ניט בליַיבן: מאצע פאראן? בורעקעס פעלט ניט? קארטאָפל וועט זיַין, שמאלץ וועט אויך ניט פעלן, איז אן איי, א ציבעלע — האַלעוויַי א גאנץ יאָר ניט ערגער...

— איַי, סארא מאָדנער מענטש דו ביסט, זימל! — מאכט מאלקע פארדראָסיק. — ס׳גייט דאָ אפּאָנעם וועגן דער אכילע? דו ווייסט, דוכט זיך, אז איך בין אלעמאָל די לעצטע... ניט מער, עפּעס פּייסעך אָן אן ענדיק — פארשטייסט?.. אכט און צוואנציק יאָר א באלעבאָסטע פאר זיך און קיינמאָל ניט געווען אָן אן ענדיק אף פּייסעך, און היַינט...

און מאלקע קערט זיך אָפּ אָן א זיַיט, דער מאן זאָל ניט זען, ווי די אויגן זיַינען איר פול געוואָרן מיט טרערן.

אָבער נאָך איר שוויַיגן פארשטייט שוין זימל, אז „ס׳ווערט פּיַיכטלעך", און וועלנדיק טרייסטן זי, מאכט ער פון איר א ביסל לעצאָנעס:

— אײַ, אײַ, אײַ, וואָס פאר א האלעטיינע דאָס איז!.. ניטאָ קיין שטיקל קראָפּ פון ענדיק, גיסט זי מיט טרערן, ווי ערעוו יאָמקיפּער צו ליכט־בענטשן.

— יאָ, א האלעטיינע, — כליפּעט מאלקע, ווישנדיק די טרערן מיטן ברעג פארטעך, — ס'איז פּאָשעט אומעטיק אין שטוב אָן אים...

זימלען אליין דריקט אויך דאָס הארץ, נאָר ער איז דאָך עפּעס א מאנצבל, מאכט ער קוראזש:

— אײַ, ייִדענע, ייִדענע! צעכליפּעט זיך, פרעג וואָס!

— א כארפּע פאר שכיינים... ערעוו פּייסעך, אין שעכטהויז... מע קומט זיך צונויף... א ריידערײַ!.. עפּעס זעט מען מאלקען ניט... לײַטישע צינגער... דערלעבט...

— נו, נו, געווג זאָל זײַן! זײַ ניט קיין שויטע... געווג זאָל זײַן, זאָג איך! א פרעמדער מענטש גייט...

די טיר האָט זיך לאנגזאם געעפנט, און עס האָט זיך באוויזן פריִער א קאָפּ פון א מענטשן, דערנאָך — א קאָפּ פון אן ענדיק. נאָך די צוויי קעפּ האָט זיך, זײַטווײַלעכס, ארײַנגערוקט געצל פּלעטניק.

געצל פּלעטניק, א ייִד שוין אין די פופציקער, האָט זײַן גאנץ לעבן אָפּגעלעבט דערפון, וואָס ער האָט שטענדיק עפּעס „געפּלעט".

דאָס טראָגט ער זיך ארום מיט א גאנג כומאָשים, דאָס קלײַבט ער פּלעטן אָף א צוקער־פּושקע, ער רײַסט אויס זעקסערס אָדער צענערס — נאָכן כייפּעץ נאָך — אָף א טאנאכל, אָף א פּאָר מעשענע לײַכטער, וואָס דארפן זיך אָט־אָט פּלעטן, ס'פעלט נאָר איין נומער; ערעוו יאָמטעוו גייט ער איבער די הײַזער מיט א גאנג מאכזיירים אָדער מיט א האלבן טוץ „פּראזשעטענע" טיי־לעפעלעך. נאָר אז עמעצער זאָל ווען געווינען פון זײַנע „פּלעטן" — געדענקט קיינער ניט.

געזאָגט האָט מען, אז ער פּלעט גאָר קיין זאך ניט, נאָר פּאָטער ווערן פון געצלען, ניט געבנדיק אים א „פּלעט", איז ניט פון די גרינגע זאכן: געצל איז א ייִד, וואָס אײַלט זיך ניט; גיט איר אים ניט גלײַך דעם זעק־

סער, פוילט ער זיך ניט אָפּצושטיין א שאָ און צוויי, און שעמט זיך ניט אָנצובייזערן זיך, און אז דאָס העלפּט אויך ניט, איז רעכט גוט אויס־זידלען, מעג עס אפילו זיין די שענסטע באַלעבאָסטע...

נאָר איין מאָל אין יאָר גיט מען אים גערן די צען גראָשן א פּלעט — פאר פּייסעך.

אלע יאָר, צוויי וואָכן פאר פּייסעך, קויפט געצל א גרויסן ענדיק — „א קאלב ניט אן ענדיק״, — בינדט אים די פּיסלעך און לאָזט זיך ארויס איבער די הייזער קלייבן פּלעטן.

„אינגאנצן הונדערט פּלעטן״, — ווי ער זאָגט, און „דריי הונדערט פּלעטן״, — ווי די ווייבער זאָגן.

אָבער ווי די מייסע איז, די צענערלעך טראָגט מען אים אנטקעגן, ווייל דאָס ווייסט מען זיכער, אז דעם ענדיק פּלעט ער טאַקע בעעמעס.

אָט האָט פאראיאָרן כייצע הירשל־שאָול ביילעס געוווּנען דעם ענדיק, פארצווייייאָרן — עטל־מעניע קאלבס, פארדרייייאָרן — גוטקע די נייע גווירנטע — א גוויר האָט דאָס מאזל...

דערזען געצלען מיטן ענדיק, האָט מאלקע אויסגעווישט די אויגן און געוואָרפן א בליק אפן מאַן.

עפשער, הייסט עס, וועט דורך אים קומען די יעשוע...

— וואָס וועט איר עפּעס זאָגן, רעב געצל? — מאכט זימל.

— וואָס זאָל איך זאָגן וואָס? נעמט א פּלעט אפן באָכער, און מירן זיך רוקן וויטער, — מאכט געצל אָנגעבלאָזן, אָנווייזנדיק מיטן קאָפּ אפן „באָכער״.

— איר וועט דאָך אים אָבער ניט פּלע־עטן? —זינגט זימל אויס מיט א געמאָרע־ניגן.

— ניט פּלעטן? — בורטשעט געצל בארויגעז. — וואָס זשע וועל איך מיט אים טאָן? אין צימעס לייגן?..

— און אליין וועט איר ניט פארדינען א שטיקל ענדיק?

— איך דארף קיין ענדיק ניט איך... פאר מיר איז גענוג מאצע מיט ראסל... ענדיק!...

— גיב אים א פלעט, — בעט מאלקע, — מ׳קען וויסן?..

— מירן אים געבן א פלעט, — מאכט זימל מיט א ברייטקייט, אשטייגער, ווי ער וואלט דא געדארפט שענקען א הונדערטער. — וואס קאסט א פלעט?

— טארפאט אלאפים קערבלעך!.. — בייזערט זיך געצל. — וויפל קאסט א פלעט? א צענערל!

— נו, פארשרייבט. וואס פאר א נומער וועסטו נעמען, מאלקע? גראד צי אום?

מאלקע האט ניט געוווסט, וואס צו טאן: א קלייניקייט, וואס זי שטעלט דא אין קאן! זאל זי נעמען א „גראד״, איז טאמער „אום״ מאזל־דיק. אויסקלייבן אן „אום״ — איז טאמער א „גראד״ באשערט צו געווינען דעם ענדיק...

— כ׳ווייס, — זאגט מאלקע קווענקלענדיק, — נעם, וועלכן דו ווילסט.

— איך מיש זיך ניט אין די זאכן, — וויל זימל אף זיך ניט שטעלן, — טו, ווי דו פארשטייסט...

בא מאלקען האבן זיך די הענט אראפגעלאזן.

וואס טוט מען דא? גראד צי אום? אום צי גראד?..

— ווייסטו וואס, זימל? — האט זי זיך מיטאמאל דערפרייט. — נעם גאר צוויי נומערן, א גראד מיט אן אום!..

— טאקע אוועקגעבן אים א גאנצן גריוועניק?.. — האט זיך זימל פארקרימט. — הא? אן אווירע געלט!..

— גיב צוויי פלעטן, זימל, גיב, זאלסטו געזונט זיין! דאס הארץ זאגט מיר, אז דאס געווינס וועט ארייַנפאלן הייַנטיקס מאל צו אונדז.

זימל האט ארויסגענומען דעם גרויסן לעדערנעם בייטל, האט זיך לאנג געפארקעט דארטן, האט ארויסגעשלעפט א קלייניק זילבערן

צענערל און פינף איינציקע קאָפּעקעס, איבערגעגעבן עס געצלען און געזאָגט:

— איז נאָך צען קאָפּעקעס ארויסגעוואָרפן! קאָסט אזויפיל יאָמטעוו, זאָל קאָסטן נאָך עטלעכע קאָפּעקעס. צו וואָס ווייַבער קאָנען ברענגען... נא, באהאלט די נומערן. דו האָסט די נומערן כ״א און ל״ו...

— אין א מאזלדיקער שאָ, — האָט מאלקע שטיל א זאָג געטאָן.

פון דעמלט אָן איז מאלקען דער ענדיק פון זינען ניט ארויס. דאָס הארץ זאָגט איר, אז דאָס געווינס וועט צו איר אריינפאלן... אָבער טאָמער ניט?.. ס׳איז דאָך אלעמאָל אזוי, בעשאס עס גייט מיט דער פּוטער אראָפּ...

נאָר פונדעסטוועגן האָט זי שוין באטראכט דעם ענדיק קימאט ווי איר אייגענעם.

טרעפט זי געצלען אין גאס שלעפנדיק דעם ענדיק פאר די געבונדענע פיסלעך אָדער צונויפגעקוועטשט אונטערן אָרעם, שטעלט זי אים אָפּ און רעדט אים אויס:

— וואָס דארפט איר אים אומשלעפּן מיט זיך? איר מאכט דאָך פון אים א טעל מאכט איר דאָך...

— דערווייל נאָך ניט אייַערער, — שניידט אָפּ געצל, — וואָס ארט אייַך?

— ס׳איז דאָך א צארבאלעכייַים, — פארדריסט מאלקען, — ניט דאָס עסט, ניט דאָס טרינקט, א געבונדענער, א צעקוועטשטער... זעט נאָר, ווי ער זעט בא אייַך אויס!..

— נאָך פרעמדע ענדיקעס עפשער קאָרמענען אייַך?..

— אָבער ס׳איז דאָך אָף אייַך אויך א ראכמאָנעס, — פּרובירט מאלקע ארויסראטעווען דעם ענדיק אָף אן אנדער אויפן, — שלעפּ זיך ארום א גאנצן טאָג מיט אזא מאסע... די הענט קאָנען דאָך פארכאלעשט ווערן!.. מע וואָלט אייַך ניט געבן א פּלעט, ווען איר זאָלט דעם ענדיק איבערלאָזן אין דער היים?..

— אוואדע, וואָס פרעגט איר! עפּעס גרינג אָנגעקומען נעמען בא אײַך א פלעט אפילע מיטן ענדיק?..

מאלקע זיפצט אָפּ און גייט אוועק.

טו, מאך עפּעס מיטן אכזער!..

און וויפל מאָל נאָכדעם זי האָט ניט באגעגנט געצלען אין גאס, האָט זי יעדעס מאָל געפרעגט:

— נו, וואָס הערט זיך?

— מ׳וועט אײַך שוין אָנזאָגן! — וואָרטשעט געצל און גייט ווײַטער. אָבער אז מע לעבט, דערלעבט מען.

צו בדיקאס־כאָמעץ, — זימל האָט נאָרוואָס צעלייגט שטיקלעך הארט ברויט אף די פענצטער און געקליבן זיך אָנהייבן געפינען כאָמעץ, — ווען די טיר האָט זיך געעפנט און געצל, ווי זײַן שטייגער איז, האָט זיך ארײַנגעשארט אין שטוב מיט א זײַט פאָרויס.

— געווונען! — האָט ער קורץ און ווי בארויגעז אָנגעזאָגט.

מאלקע האָט א פאטש געטאָן מיט די הענט:

— גאָט צו דאנקען!

און איר פּאָנעם שטראלט פון סימכע.

— ניט געריכט זיך, — שמייכלט זימל צופרידן.

— טאָ ווו זשע איז ער? — וויל שוין מאלקע וואָס גיכער זען זיך מיטן ענדיק.

— און אָנזאָג־געלט? — וויל געצל וויסן.

— וואָסער אָנזאָג־געלט?

— אפּאָנעם קיינמאָל קיין ענדיקעס ניט געווונען... פינף גילדן נעם איך אָנזאָג־געלט...

— א קלאָג צו מיר ניט! אזא אויצער מיט געלט?..

— וואָס דען ט׳איר געוואָלט? האָבן אן ענדיק אף פייסעך פאר צען גראָשן?..

האָט זיך אָנגעהויבן א דינגעניש, און א רעדעניש, און א בעטעניש. מאַלקע באָט אָן צוויי גילדן, און דריי גילדן, און א האַלב קערבל — געצל שטייט בא דאָס זײַניקע: פינף גילדן, קיין גראָשן ניט ווייניקער!.. קוים אָפּגעדונגען פאַר פיר גילדן מיט צען גראָשן. צוגענומען דאָס אָנזאָג־געלט, איז געצל אוועק. אין א פערטל שאָ ארום איז ער צוריק געקומען מיטן ענדיק.

דערזען דעם ענדיק, איז מאַלקען פינצטער געוואָרן אין די אויגן.

האַלב פעדערן אויסגעקראָכן, דער עק אויסגעפּליקט, דאַר, ווי א שפּאָן, און בלוי, ווי א מילץ, דאָס קעפּל — אראָפּגעלאָזן, דער קראָפּ — בלייך און וויאַלע... זימל פּײַפט צו אים — ווי די וואַנט!..

— א קלאָג צו מײַנע יאָרן, וואָס ט׳איר געטאָן מיטן ענדיק! ס׳איז דאָך גאָר ניט דער זעלביקער ענדיק!..

נאָר געצל איז שוין געווען אַף יענער זײַט טיר.

— מאַלקע, כאַפּ גיכער די פּאַטשיילע און לויף צום שויכעט, — האָט געזאָגט זימל.

מאַלקע האָט א כאַפּ געטאָן די פּאַטשיילע אפן קאָפּ, דעם ענדיק אונטער דער פּאַטשיילע און איז אוועקגעלאָפן צום שויכעט.

די נאַכט איז געווען א וואָלקנדיקע, אין דרויסן איז געווען פינצטער. נאָר מאַלקע האָט ניט געקוקט דערויף און אײַלנדיק געבראָדזעט איבער די ערעוו־פּייסעכדיקע קאַליוזשעס, צוהערנדיק זיך אַלע ווײַלע, וואָס עס טוט זיך אונטער דער פּאַטשיילע.

עפּעס איז ער צו שטיל, עפּעס לאָזט ער אראָפּ דאָס קעפּל... אפילע א גאַנץ שווערער, נאָר א מאָגערער...

ארײַנגעלאָפן אין שעכט־שטיבל, האָט זיך מאַלקע דורכגעריסן דורך די ווײַבער, צוגעלאָפן גלײַך צום שויכעט און, קוים אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם, געבעטן:

— זאָלט איר געזונט זײַן, רעב אָרע!.. קוילעט מיר גיכער מײַן אָף... כ׳אײַל זיך — ס׳פעלט מיר פון די הענט...

און ארויסכאפנדיק דעם ענדיק פון אונטער דער פאטשיילע, האָט זי אים אריַינגעשפּארט דעם שויכעט אין די הענט...

— וואָס זיַיט איר עפּעס, ייִדענע, מעשוגע צי כאָסערדייע, ראכמאָנע ליצלאָן! שפּארט מיר א נעוויילע אין האנט!.. ס'איז דאָך א געפּייגערטע אָף! איר זעט ניט, וואָס?..

מאלקע האָט פארבראָכן די הענט און געבליבן שטיין אָן לאָשן...

וויַיבער ארום האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ און באדויערט:

— אָן אקציע פארלאָפּן! בא איר אָף די הענט אויסגעגאנגען... אזא אומגליק, אזא אומגליק!..

1910

# זלאַטעס אומגליק




ען מע האָט שלוימע פינדריקן — דעם גרעסטן שלימאַזל און דעם גרעסטן מעטופּל מיט קינדער — אוועקגענומען אַף דער מילכאָמע, האָט די גאַנצע גאַס געקײַכט פון געלעכטער:

— קוקט נאָר אָן דעם „זאַשטשיטניק אָטעטשעסטוואַ“!

— אַז אָך און וויי צו ניקאָלײַען, אַז פינדריק דאַרף שוין פּאַרטײדיקן זײַן טראָן!

אַזאַ מאַזל האָט שוין פינדריק געהאַט, אַז פון זײַן געבוירן־טאָג אָן האָט מען פון אים נאָר געלאַכט.

— שלימאזל! קיין בעסערע אכסאניע, ווי בא יעכיעל פינדריק, האָט ער זיך שוין ניט געקאָנט אויסקלײַבן, — האָט מען מיט כויזעק־גע־לעכטער באגעגנט זײַן ערשטן פּיפּס אָף אונדזער זינדיק וועלטל, אשטיי־גער, ווי ס׳וואָלט געווען זײַן שולד, וואָס ער איז געבאָרן געוואָרן דער צענטער בא א טאטן אן עוויען — ניט דער ערשטער בא א טאטן א גוויר.

שפּעטער האָט מען געלאכט פון זײַן צו גרויסן קאָפּ, פון זײַן אופגע־בלאָזט בײַכל, פון זײַנע קרומע פיס — אלץ זאכן, וואָס זײַנען צו אים אריבער בעיערושע פון זײַן יאדישלעוון טאטן און פון וועלכע ער וואָלט זיך גערן אָפּגעזאָגט, ווען עס ווענדט זיך בלויז אָן אים. צו דרײַצן יאָר האָט מען פון שלוימען געלאכט, וואָס ער זיצט אין טאלמעדטוירע צווישן אכטיאָריקע קינדער; צו אכצן יאָר האָט מען געלאכט פון זײַן פריצײַטיק שיטער בערדל, וואָס איז געוואקסן ווי אים האָט זיך געגלוסט; מע האָט געלאכט, ווען מע האָט אים צוגענומען צו מיליטער־דינסט; מע האָט פון אים געלאכט, ווען ער איז צוריקגעקומען פון סאָלדאטן נאָך מער פאר־טיוקעט, ווי ער איז אוועק. ווען פינדריק האָט כאסענע געהאט מיט דער געשטופלטער דינסטמויד „זלאטע, לייג־מיר־א־לאטע״, האָט די גאס זיך געהאלטן בא די זײַטן לאכנדיק, פונקט ווי א באָכער מיט רויטע האָר, מיט קרומע אויגן און א ביסל א טאמעוואטער טאָר שוין גאָר ניט כאסענע האָבן... אז פינדריק איז פונקט נײַן כאדאָשים נאָך דער כאסענע געוואָרן א טאטע פון דעם ערשטן צווילינג, האָט די גאס געקלונגען פון געלעכ־טער, ווי פינדריק וואָלט דאָ אופגעטאָן ווער ווייסט וואָס פאר א קאָמישע זאך, וואָס קיינער אויסער אים טוט ניט.

— כ׳ווייס ניט, וואָס סי דאָ צו לאכן וואָס? — האָט פינדריק גע־קוועטשט מיט די פּלייצעס. — וואָס, נאָר מײַן זלאטע האָט קינדער? אלע ווײַבער האָבן קינדער. און וואָס צווילינגס? איז דאָס בא איר א מיש־פּאָכע־זאך: איר מאמע האָט געהאט זעקס צווילינגס.

דאָס האָט ערשט ארויסגערופן א ברייטן געלעכטער, אשטייגער, ווי קליגערע פון פינדריקן וואָלטן געקאָנט געבן א בעסערע דערקלערונג.

מענטשן האָבן שוין אזא טעווע — לאכן אָפּט פון דעם, פון וואָס מע דאַרף גאָר וויינען. עס דאַרף בלויז זייַן, פון וועמען צו לאכן.

ניט געלאכט האָט בלויז דאָס ווייַב זייַנס.

ווען פינדריק איז אוועק אַף מילכאָמע, האָט זלאטע באַגלייט דעם מאַן מיט טרערן און מיט טייַנעס צום ריבוינעשעלוילעם, פאַרוואָס ער האָט די גאַנצע טויכעכע אויסגעגאָסן אַף איר איינער.

עס מאַכט ניט אויס, וואָס זי פלעגט אים טאָגטעגלעך באַשיטן מיט אַ האָגל מעשונע־ווילדע, פון איר אַליין פאַרפאַסטע, קלאָלעס, און וואָס זי איז שטענדיק געקומען צום אייבערשטן מיט האַרציקע באַקאָשעס, ער זאָל זי איינמאָל פאַר אַלעמאָל באַפרייַען פון איר „אומגליק", פון איר „פּינצטערער אָנשיקעניש" און זי זאָל שוין דערלעבן די מינוט צו ווערן אַ „גליקלעכע אַלמאָנע". אַ מאַן איז, פונדעסטוועגן, אַ מאַן, און אַז ער שטאַרבט אָדער מע נעמט אים אַף מילכאָמע — וויינט זיך טאַקע.

אַגעוו, ווי ווינציק פינדריק האָט ניט פאַרדינט פון זייַן לאַטוטערייַ, איז ער דאָך געווען דער איינציקער שפּייַזער פון זייַן געזינד.

נאָר אַז די ערשטע פּאָר וואָכן זייַנען פאַרבייַ, האָט זיך זלאַטע אַ ביסל באַרויִקט. זי האָט דערזען, אַז „דער הימל לייגט זיך נאָך ניט אַף דער ערד". עס האָבן זיך געפונען גוטע מענטשן, וואָס האָבן ראַכמאָנעס געהאַט אַף דער „אומגליקלעכער רעזערוויסטקע מיט די נייַן קינדער נעבעך", און האָבן אַרייַנגעבראַכט אַ פּאָר רובל אין שטוב. שפּעטער אַ ביסל איז געוואָרן אַ הילפס־קאָמיטעט פאַר פאַמיליעס פון סאָלדאַטן. דערנאָך האָט קאַזנאַ אָנגעהויבן צו זאָרגן פאַר איר.

עמעס, ס'איז געווען אַז אָך און ווײ צו דער זאָרג, נאָר פאַר זלאַטען איז עס געווען מער, וויפל דער מאַן האָט ווען־ניט־איז געקאָנט זי פאַר־זאָרגן.

זלאַטען איז קיינמאָל אַזוי גוט ניט געווען, ווי איצט. פאַר פיר קינדער ביז פינף יאָר גיט מען איר צו צוויי רובל אַ כוידעש, פאַר פינף קינדער

איבער פינף יאָר — צו דרײַ רובל א כוידעש אף א קינד, מע האָט זי אַליין אויך ניט פארגעסן: פינף קארבן כוידעש אין כוידעש. בעסאכאַקל איז דאָס א קאפיטאַל פון אכט און צוואנציק קארבן א כוידעש מעזור־מאָנים — א מאטמען גאָלד, וואָס זלאטע האָט פריִער אפילע אין כאָלעם ניט געזען פאר איין מאָל.

פינדריקיכע האָט אַליין אין איר גליק ניט געגלייבט. איר האָט זיך געדוכט, אז אזא גליקלעך לעבן קאָן לאנג ניט דויערן: עס וועלן זיך שוין געפינען בייזע צינגער, סאָנים, ניט־פארגינערס, וואָס וועלן קאליע מאכן איר מאראָכע בא „קאזשנא“, און מע וועט איר אופהערן צו צאָלן „פענשע“.

און קעדיי אונטערצוהאַלטן בא „קאזשנא“ דעם ראכמאָנעס צו זיך, איז זי שטענדיק געגאנגען נאָך דער „פענשע“ דאפקע מיט אַלע נײַן קינדער, און זאָל מען גיין איצט מאסערן, אז זי דארף ניט קיין „פענשע“.

מיט קיין באזונדער גווורע און שיינקײַט האָבן זיך זלאטעס קינדער ניט אויסגעטײלט. עס זײַנען געווען צווישן זיי אי ראכיטיקעס, אי סקראָפּעליטשנע, אי מיט קראנקע אויגן, אי מיט אומריינע קעפּלעך. ווי האָט עס אנדערש געקאָנט זײַן בא אזא טאטן, ווי פינדריק, און א מאמע, ווי פינדריקיכע? אָנגעטאָן זײַנען זיי אויך געווען ניט נאָך דער לעצטער מאָדע און ניט דאפקע ייִנגלעך אין ייִנגלשע און מיידלעך אין מיידלשע מאַלבושים.

נאָר אָנשטאָט ראכמאָנעס צו האָבן אף דער אָרעמער ייִדענע מיט די נײַן לעבעדיקע יעסוימים, נעבעך, האָט מען גאָר כויזעק געמאכט פון איר:

— זלאטע מיט איר ראָטע גייט שוין נאָך דער „פענשע“, — האָט מען אין גאס באגעגנט די פּראָצעסיע.

— נו, זלאטא, פּאָסטראָי־קא סוואָיו ראָטו! — האָט דער שרײַבער פון אופראווע אונטערגעלאכט פון איר.

— וואָס, פּינדריקיכע, קלײַבסט עפּעס געלט? — האָבן די באַאַמטע געוויצלט זיך איבער איר.

— דער פּאַן נאַטשאַלניק לאַכט פון מיר, — האָט זיך זלאַטע יעדעס מאָל געשראָקן, מע זאָל זי, כאָלילע, אָף אָן עמעס ניט כּוישעד זײַן, אַז זי איז שוין טאַקע אַ גווירע געוואָרן.

— מע קאָן טאַקע געלט קלײַבן, אַז מע האָט נײַן מײַלער — אַליין אַ צענטע. אַנצוזעטיקן. האַלעווײַ זאָל כאָטש זײַן ברויט צו זאַט.

— נו, נו, זלאַטאַ, ניטשעוואָ, קלײַב געלט... וועסט קויפן אַ הויז, אַ קראָם עפּענען, הע, הע, הע!

זלאַטען האָט ניט געאַרט, וואָס מע לאַכט פון איר. אַ דײַגע זי האָט, זאָל מען לאַכן, אַבי מע זאָל זי ניט פאַרלאָזן.

איין זאַך נאָר האָט זי צום אָנהייב באַאומרויִקט: טאָמער ווערט איר מאַן, כאָלילע, דערהארגעט אָף דער מילכאָמע. וואָס וועט זי דעמלט טאָן? מע זאָגט אפילע, אַז מע צאָלט דעמלט אויך „פּענשע" דער אַלמאָנע. אָבער וואָס, מישטיינסגעזאָגט, איז שוין דאָס לעבן פון אַ פינצטערער אַלמאָנע? און אַפן מאַן איז אויך אַ ראַכמאָנעס, טאַקע אַ שלאַק אַ מאַן, אַ צאָרע, אָבער פאָרט אַ מאַן און אַ טאַטע פון אירע נײַן קינדער.

נאָר זינט „ליבע, טײַערע זלאַטע לעב" האָט געקראָגן אַ בריוו, גע־שריבן גאָט ווייסט פון וועמענס האַנט, נאָר אונטערגעכאַסמעט פון „דײַן הויכגעשעצטן און געליבטן מאַן שלוימע" — איז פון איר דער דאָזיקער אומרו אויך אַראָפּ.

דער הויכגעשעצטער מאַן האָט, ערשטנס, געלאָזט וויסן, אַז ער איז „גאָט צו דאַנקען אין בעסטן געזונט, דאָס נעמלעכע פון דיר צו הערן", אַז ער איז אין „טילאָוואָי אָבאָז" און האָפט צו זען זיך „אין בעסטן גע־זונט, גליק און פריידן אָף אימער און אייביק, אָמיין".

און געזאָגט האָט מען איר, אַז אין „טילאָוואָי אָבאָז" איז קיין שום סאַקאָנע ניט פאַראַן. „אָט אַלציינס, ווי אַ באַלעגאָלע זײַן"...

איצט איז שוין זלאַטעס גליק אינגאַנצן פול געוועזן.

און זי האָט טאַקע ניט אופגעהערט צו דאַנקען „פריער גאָט, דער־נאָך קאַזשנאַ, זאָל געזונט זײַן" פאַר דעם כעסעד, וואָס עס ווערט איר געטאָן.

עטלעכע טעג פאַר שוועס איז זלאַטען אײַנגעפאַלן צו באַקן פּוטער־קיכלעך אַף יאָמטעוו.

זי אַליין דאַרף עס אַף קאַפּאָרעס, נאָר זי וואָלט געוואָלט, די קינדער זאָלן כאָטש איין מאָל אין לעבן האַנאָע האָבן פון א יאָמטעוו.

ביז איצט, נעבעך, קיינמאָל ברויט צו זאַט ניט געהאַט. זי גיסט זיי איצט אויך ניט קיין גאָלד אין האַלדז, טאָ לאָזן זיי כאָטש איין שוועס ניט שלינגען די שפּײַעכץ, קוקנדיק, ווי לײַטישע קינדער עסן פּוטער־קיכלעך און טרינקען ציקאָריע... אָט וועט זי נעמען א פאָר פונט „ווטאָרע" מעל — ס'מוז עס דאַפקע זײַן „פּערוועי"? א קוואַטירל אייל — פּוטער איז צו טײַער — און וועט אויסבאַקן פאַר זיי פּוטער־קיכלעך. לאָזן זיי אויך וויסן, אז ס'איז יאָמטעוו אַף דער וועלט. אז גאָט העלפט, פאַרוואָס ניט? כ'מייך, וויפל וועט עס אײַנגאַנצן קאָסטן? א גאָרניט מיט א גאָרניט. דרײַ פונט ווטאָרע מעל — א גילדן מיט צוועלף גראָשן, א קוואַטירל אייל — פערצן גראָשן, הייווז, א ביסל צוקער, עטלעכע ראָזינקעס — נאָך צוועלף גראָשן, וועט זי דאָך אײַנשפּאָרן ברויט אַף א וואָסער גילדן. און שוועס איז דאָך נאָר איין מאָל אין יאָר, — האָט זלאַטע אַלץ געזוכט א העכשער אַף איר אויסברענגערײַ.

עס פאַרשטייט זיך, אז אָפּגעטאָן דאַרף עס ווערן בישטיקע, גאַנץ געהיים, שכיינים זאָלן, כאָלילע, ניט דערשמעקן: הײַנטיקע צײַטן, ווער ווייסט, עס קאָנען זיך געפינען בייזע מענטשן, ניט־פאַרגינער, און מאַ־סערן „קאַזשנאַ", אז זלאַטע פּינדריק האָדעוועט אירע קינדער מיט פּו־טער־קיכלעך און ציקאָריעס אַף קאַזשנאַס כעזשבן, און — אויס! קאַזשנאַ וועט ווערן אין קאַס און וועט איר אַף ברויט אויך אופהערן צו געבן.

אָבער ניט דערלעבן וועלן אירע סאָנים, זיי זאָלן בא איר דערשמעקן אפילע דעם רייעך פון פוטער־קיכלעך מיט ציקאָריע!

זי איז ניט אזא נאר, זי זאָל עס באקן אין דער נאכט אף ערעוו שוועס, ווען גאנץ שטאָט איז וואך. זי וועט עס אָפּטאָן מיט צוויי נעכט פריִער, נישקאָשע, אַן אלטגעבאקן פוטער־קיכל איז נאָך געשמאקער, שפּאָרעוודיקער אוואדע...

און, אוועקגייענדיק אף דער צענטער גאס, ווו קיינער קען זי ניט, האָט זלאטע איַינגעקויפט אלץ, וואָס מע דארף האָבן צו פוטער־קיכלעך. אפילע פאר דריַי גראָשן צימערינג ניט פארגעסן, — באהאלטן עס טיף אין קאָשעק אונטער א שווארצן לאבן ברויט און אונטער א ביסל קאר־טאָפל, און האָט עס בעשאָלעם געבראכט אהיים, ניט ארויסרופנדיק קיין כשאד אפילע בא די אייגענע קינדער.

שפּעט באנאכט, ווען די קינדער זיַינען שוין געלעגן פאָרלעכוויַיז און דריַיענוויַיז אף זייערע געלעגערס און דאָס גאנצע געסל האָט שוין אויך געזען דעם צווייטן כאָלעם, האָט זלאטע ארויסגענומען דאָס מעל און הייוון, פאראָשטשעט דאָס טייג, איבערגעדעקט עס מיט א האנטעך, אפּן האנטעך ארופגעלייגט אַן אלטע וואטאָווע קאָלדרע — אין ווארעמקיַיט געדיַיעט עס בעסער — און געזעצט זיך ווארטן, ביז דאָס טייג וועט אופגיין.

צולייגן זיך שלאָפן האָט זי מוירע געהאט: טאָמער פארשלאָפט זי, כאָלילע, און דאָס טייג וועט דערוויַיל איבערדראָשניען?..

אין דער ריכטיקער ציַיט האָט זלאטע איַינגעהייצט דעם אויוון און גענומען מאכן די פוטער־קיכלעך.

מיט גרויס טיַינעג, ווי זי וואָלט שוין געפילט דעם טאַם פון די פוּ־טער־קיכלעך, האָט זי געגאָסן אייל, געשאָטן צוקער און צימערינג, גע־לייגט די ראָזינקעס, געמישט, געקנאָטן, געשניטן דאָס טייג אף קליינע שטיקלעך און געמאכט פוטער־קיכלעך, עמעס, אָן פוטער, אָבער דער־פאר פון אלערליי פאָרמעס און פאסאָנען: לאנגע, קיַילעכדיקע, געפלאָכ־טענע, איבערגעלייגטע.

איר האָט ניט אַזוי האַנאָע געטאָן די פּוטער־קיכלעך, ווי זי האָט געשעפּט נאַכעס פון דעם, וואָס זי איז, גאָט צו דאַנקען, אַ באַלעבאָסטע מיט ליַיטן גליַיך. פאַרדראָסיק נאָר, וואָס זי מוז זיך באַהאַלטן פון ליַיטן. זי וואָלט, דוכט זיך, אַ העלפט פון אירע פּוטער־קיכלעך אַוועקגעגעבן, זי זאָל קאָנען אָפן פאַר דער גאַנצער וועלט אַרויסשטעלן איר געבעקס, און זאָל מען זען, אַז זי איז ניט ערגער פון אַנדערע, אַז זי קאָן אי קאָכן, אי באַקן, זאָל נאָר דער איבערשטער געבן פון וואָס.

אָבער וואָס זאָל מען טאָן, אַז מענטשן זיַינען אַזעלכע שלעכטע, אַזעלכע ניט־פאַרגינערס. אָט איז ראָכע־לייע — די טיַיערע שכיינע אירע — דאָס לעבן פאַרגינט זי יענעם ניט. זי מאַכט צו איר אַנומלט: „פאַר וועמען די מילכאָמע איז אַ שטריק, און פאַר איַיך, זלאַטע, איז זי אַ גליק״...

שטעכט איר די אויגן יענעמס גליק שטעכט איר...

אויסגעהייצט דעם אויוון, האָט זלאַטע איַינגעטונקט דעם בעזעם אין פּאָמעשאָף, אויסגעקערט דעם אַש, אַ שאָט געטאָן אַ היַיפעלע מעל צו זען, אויב דער פּאָד איז ניט צופיל אָנגעברענט, און, אַריַינרוקנדיק אין אויוון די צוויי בלעכן פּוטער־קיכלעך, האָט זי גענומען אופראַמען אַלע שפּורן פון איר געהיימער אַרבעט.

די פּוטער־קיכלעך זיַינען שוין געוועזן פאַרטיק. צוויי מאָל האָט זלאַטע אָפּגערוקט אַ ביסעלע די זאַסלאָנקע און מיט נאַכעס געקוקט, ווי געראָטן אירע געבעקס זיַינען אַרויסגעקומען: גוט אויפגעגאַנגען, פאַרברוינט. יאָ, זיי זיַינען שוין אינגאַנצן פאַרטיק, מע קאָן שוין אַרויסנעמען, זלאַטע האָט פאַרטשעפּעט מיט דער קאָטשערע דעם ערשטן בלעך פּוטער־קיכלעך און גענומען ציִען עס פונעם אויוון, ווען עס האָט זיך דערהערט אַ ליַיכטער קלאַפּ אין טיר.

זי האָט אַ ציטער געטאָן, ווי מע וואָלט זי געכאַפּט באַ אַ גרויס פאַר־ברעכן.

עס איז אַוואַדע ראָכע־לייע. דער שוואַרציאָר האָט זי אָנגעטראָגן אַהער אַכצן וואָכן פאַרטאָג.

איי̆לנדיק האָט זלאטע צוריק פארמאכט דעם אויוון און אוועקגעכאפּט דעם בעזעם פון ווינקל. אָבער עפּענען האָט זי זיך אלץ ניט געקאָנט באשליסן: עס שמעקט ארויס פון אויוון — די גאנצע שטוב איז פול מיט דעם רייעך פון פרישע פּוטער־קיכלעך. די גאנעווטע וועט גלייַך דער־שמעקן... גוואלד, וואָס טוט מען?..

דאָס קלאפּן אין טיר איז געוואָרן א ביסעלע שטארקער.

— שא, וואָס פּרעלט דאָרטן אזוי? — האָט זלאטע, צוגייענדיק צו דער טיר, אומצופרידן געוואָרטשעט. — וואָס ווילט איר, ראָכע־לייע, דעם בעזעם? ווארט א מינוט, איך וועל אים איי̆ך גלייַך ארויסטראָגן. איך וועל נאָר עפּעס ארופוווארפן אף זיך...

— ס׳ניט ראָכע־לייע, סי איך... עפן, זלאטע.

זלאטע האָט אירע אויערן ניט געגלייבט. ניט אנדערש, ווי איר דוכט זיך אָדער זי כאָלעמט.

— ווער איז דאָרט? — האָט זי א צערודערטע געפרעגט.

— סי איך, שלוימע... עפן, זלאטע.

זלאטע האָט האסטיק אן עפן געטאָן די טיר און מער דערשראָקן, ווי דערפרייט, אויסגעשריען:

— שלוימע, ווי קומסטו אהער! פונוואנען?..

פינדריק, א בלאסער, אן אויסגעדארטער, אין אן אָפּגעבליאקעוועט זעלנעריש העמדל, וואָס איז אף אים געהאנגען, ווי אף א שטעקן, איז געשטאנען אינמיטן שטוב און, שמייכלענדיק מיט זייַן טאמעוואטן שמייכל, געשטאמלט:

— מ׳האָט מיך אָסלאָבאָניעט האָט מען מיך...

— אָסלאָבאָניעט? אינגאנצן פרייַ? — האָט זיך זלאטע ניט גע־גלייבט. — וואָס איז, א קויל האָט דיך, כאָלילע, געטראָפן?

— נייִן, מי׳ט מיך ניט פארוווּנדעט... איך בין געווען קראנק. אונ־טערגעריסן זיך... און אָפּענע מערידן... געמאכט מיר א ריפּעראציע...

אכט וואָכן אָפּגעוואַלגערט זיך אין לאַזארעט. דערנאָך ט׳מען מיך אָפּגע־לאָזן... אינגאנצן שוין איצטער סלאָבאָדנע.

— א דאנק דיר, גאָט, וואָס כאָטש א לעבעדיקער געקומען!.. נאָר וואָס וועל איך איצט טאָן מיט די קינדער? — זלאטע האָט זיך געכאפּט פארן קאָפּ. — וואָס וועל איך זיי עסן געבן?

אָן די פּוטער־קיכלעך אין אויוון האָט זי אינגאנצן פארגעסן. דער־מאָנט האָט זי זיך אָן זיי ערשט דעמאָלט, ווען זיי זײַנען שוין געווען האַלב פארברענט.

1916

# באם גרויסן סאמאָוואר



ף דעם פארגעלטן שארבלאט פון דעם אין לעדער געבונדענעם „מוירע נעװוכים"[1] פלעגט דער טאטע פארציי־כענען די װיכטיקסטע דאטעס פון דער מישפּאָכע־כראָניק: געבורטן אף איין זײַט בלאט, יאָרצײַטן — אף דער צװייטער זײַט.

מײַן געבורט האָט דער היסטאָריאָגראף פון דער פאמיליע פארשריבן אין דער נײַנטער שורע אף דער פריידיקער זײַט בלאט.

---

1 מוירע נעװוכים — רעליגיעז־פילאָסאָפיש װערק פון שלוימע מײַמאָן.

גרינג זיך אָנצושטויסן, אז מע וואָלט זיך גרייַלעך געקאָנט באגיין אָן מיר.

צום בריס, ווי איך האָב שפּעטער פיל מאָל געהערט דערציילן, האָט דער טאטע זיך באמיט צו זייַן האָפערדיק, ווי עס פּאסט פאר א באל־סימכע, נאָר די מאמע האָט קיין גרויסע פרייד ניט ארויסגעוויזן. זי האָט געוווּסט: נאָך א קינד — נאָך א זאָרג אף איר קאָפּ.

דער טאטע — א לאמדן, א מאסקל, אַן אופגעקלערטער — האָט מער באשיינט, ווי געשפּייַזט די פאמיליע. די הויפּט־שפּייַזערן, די אופטוערקע איז געווען די מאמע.

די מאמע האָט געהאלטן דעם טאטן אין גרויס קאָוועד, ווי ער וואָלט געווען דער קאָפּ אין שטוב. נאָר סייַ מיר, סייַ לייַט האָבן געוווּסט, אז די שטוב האלט זיך איינגאנצן אף איר, אף דער מאמען.

דעם טאטן האָב איך זייער ליב געהאט, אָבער קיין האָר ניט מוירע געהאט פאר אים. מייַן ליבע צו דער מאמען איז מער ענלעך געווען אף א פארגעטערונג, געמישט מיט מוירע. די דאָזיקע פּאָרכטיקע פארגע־טערונג איז ווי א וואנט געשטאנען צווישן מיר מיט דער מאמען און ניט דערלאָזן קיין שום צערטלעכקייַט צווישן אונדז, כאָטש געגארט האָב איך נאָך אירע צערטלעכקייַטן מיט אלע גלידער.

אין מייַן קינדערשן דימיען האָב איך זיך שטענדיק פאָרגעשטעלט מייַן מוטער מיט א פאָרויס אויסגעשטרעקטער האנט, ווי זי וואָלט מיך אָפּגעהאלטן: „ניט צו נאָענט!“

די מאמע האָט קיינמאָל ניט אופגעהויבן דאָס קאָל, קיינמאָל ניט גע־בייזערט זיך — ניט אף אייגענע, ניט אף פרעמדע.

ווען איר איז עפּעס ניט געפעלן געווען, האָט זי אָנגעכמורעט די געדיכטע צוזאמענגעוואקסענע ברעמען, און שטיל, אָבער וואָגיק א זאָג געטאָן:

— אזוי טויג ניט!

אין ערנסטערע פאלן:

— פע, כאלאָשעס!.. אזוי טוט מען ניט.

אזוי האָט זי זיך באַגומען מיט פרעמדע מענטשן, אזוי אויך מיט אירע אייגענע קינדער.

און געווירקט האָבן אָט די קאַרגע ווערטער אירע א סאך שטאַר־קער, ווי דעם טאַטנס אַרויסגיין פון די קיילים.

ליַיט האָבן פון דער מאַמען געהאַלטן א וועלט.

— זעלדע — א כאַכאָמע!

— א פּיקכעס! א באַרדאַס!

— א מאַנצבעלשער קאָפּ! א מענטש מיט א לויטערן מויעך!..

— א גרויסע אופּטוערקע — זעלדע!

אזעלכע מיינונגען וועגן מיַין מאַמען האָב איך קעסיידער געהערט, נאָך איידער איך האָב ווי געהעריק געקאָנט אָפּשאַצן זייער מיין.

א שטאַלטנע, א שטאָלצע, שטענדיק רויִק און צוריקגעהאַלטן, האָט זי שוין בלויז מיט איר אויסערלעכן געשטאַלט אַרויסגערופן אָפּשיַי צו זיך.

אין איר קלייד מיט דעם סאַמעטענעם קאָלנערל באַם האַלדז און מיט די סאַמעטענע קריַיזלעך אונטן, אין א שוואַרצן אַטלאַסענעם בורנוס ווינטער און אין א שוואַרצער זיַידענער פּעלערינע זומער, איז זי מיט שטאָלצע געמאָסטענע טריט — נאָך שטאָלצער און געמאָסטענער ווי אינמיטן וואָך — געגאַנגען שאַבעס איבער דער גאַס מיט אַזאַ מין אויס־זען, ווי די שטאָט וואָלט, לעכאָלהאַפּאָכעס, געהערט צו איר.

לויטן ברייטן „גוט־שאַבעס“, וואָס יעדערער — אַפילע כאָשעווע באַלעבאַטים — טראָגט איר אַנטקעגן, שטויס איך מיך אָן, אַז „מיַין מאַמע איז ניט אַבי־ווער“, און איך אַליין הייב זיך אָן פילן א גאַנצער יאַכסן.

נאָר אין איר גאַנצער „געטלעכער“ גרייס זע איך די מאַמע שאַבייסע־נאַכטס, באַם „גרויסן סאַמאָוואַר“.

מיר פאַרמאָגן צוויי סאַמאָווארן. איינער אָף צוואַנציק גלעזער, וועלכער הייסט פּאָשעט — דער סאַמאָוואַר, און א צווייטן — אָף זעכציק גלעזער, וואָס טראָגט דעם נאָמען „דער גרויסער סאַמאָוואַר“.

„גרויס“ איז געווען אָט דער סאַמאָוואַר ניט בלויז מיט זײַן מאָס, נאָר אויך — און דעריקער — מיט דער ראָליע, וואָס ער האָט געשפּילט אין שטוב.

דעם סאַמאָוואַר, דעם סטאַם סאַמאָוואַר, שטעלט מען יעדן פרימאָרגן און יעדן אָפּדערנאַכט. טרינקען טיי פונעם סטאַם סאַמאָוואַר איז א וואָכעדיקער איניען, ווי עסן אָנבײַסן אָדער וועטשערע. דער סטאַם סאַמאָוואַר שטייט אפן טיש פון פינף באַגינען, ווען דער טאַטע מיט דער מאַמען שטייען אויף פון שלאָף, ביז האַלבן טאָג, ווען די מיטעלע שוועסטער, די „מאַנציפּאַציע“, וואָס לייענט ביז שפּעט אין דער נאַכט און שלאָפט שפּעט אפן טאָג, טרינקט אָפּ טיי. עטלעכע מאָל דורכן פרימאָרגן דערגיסט מען אין דעם סטאַם סאַמאָוואַר וואַסער און מע דערשיט הייסע קוילן. יעדערער טרינקט פון אים טיי, ווען ער וויל און וויפל ער וויל. אין פרימאָרגנס כאַפּן זיך אַרײַן שכיינעס פאַרבריִען פון אים א פּיצל סוכאַרעק פאַר א קינד, „אויב איר׳ט קיין פאַריבל ניט האָבן“, און א שאָכן קומט אַמאָל אַרײַן „אַראָפּשווענקען דעם שלאָף פון האַרצן“ מיט א לעבלעך גלעזל טיי, „אויב ס׳איז פאַראַן“.

דעם גרויסן סאַמאָוואַר שטעלט מען בלויז אין די פּײַערלעכע אָוונטן — אין א שאַבייסענאַכטס — דער מאַמעס שאַבייסענאַכטסן.

די מאַמע זאָגט, אז שאַבייסענאַכטס איז דער איינציקער אָוונט, ווען זי פּילט, אז זי לעבט נאָך אף דער וועלט. א גאַנצע וואָך מאַטערט זי זיך — ניט זי לעבט.

אין די אָוונטן, ליגנדיק אין צווייטן צימער אף מײַן בעטל, הער איך, ווי די מאַמע באַקלאָגט זיך פאַרן טאַטן, אז זי ווערט דערשטיקט, אז זי ווייסט ניט ווי אויסצוקערעווען זיך, אז די פּראָצענטן עסן זי אויף, אז „דער בלוטזויגער וועט אונדז ברענגען צו בעטל־ברויט“.

מיר איז א ראַכמאָנעס אף דער מאַמען, כאָטש וויִאַזוי פּראָצענטן עסן אויף א מענטש און וויִאַזוי די מאַמע „ווערט דערשטיקט“, קאָן איך זיך ניט פאָרשטעלן. אָבער „דער בלוטזויגער“ איז פאַר מיר א רעאַלע זאַך,

א מענטש פון בלוט און פלייש, וועלכן איך האָב פּיַינט מיט דער גאַנצער סינע פון מיַין קינדערש האַרץ.

„דער בלוטזויגער" — דאָס איז רעב שאַבסע באַדאַנעס, דער וואָכער־ניק, בא וועלכן די מאַמע נעמט געלט אַף פּראָצענט.

די מאַמע האָט צו טאָן מיט נאָך פּראָצענטניקעס, נאָר רעב שאַבסע „דער בלוטזויגער", ווייס איך, איז דער ערגסטער פון זיי אַלעמען.

יעדן פריַיטיק, וואָך־איַין, וואָך־אויס, שיקט מיך די מאַמע אָפּטראָגן אים וואָכער — א טייל פון דער האַלוואָע מיט פּראָצענט, און יעדעס מאָל קוק איך אַף אים מיט דעם זעלביקן ניַיגער און שרעק, מיט וועלכן איך האָב אַף אים געקוקט, ווען איך האָב אים צום ערשטן מאָל דערזען.

הויך, דאַר, מיט לאַנגע דאַרע פיס אין פּאַנטאָפל און וויַיסע זאָקן ביז די קני — דער איינציקער זאָקן־ און פּאַנטאָפל־טרעגער אין דער ליט־וויש־מיסנאַגדישער שטאָט, — מיט לאַנגע געקריַיזלטע פּייעס, מיט א לאַנגער, שאַרפער נאָז, וואָס הענגט אים איבער דעם פאָרויס אַרויסגע־רוקטן קין מיטן ציגן־בערדל, און מיט אויגן, טיף באַהאַלטענע אונטער געדיכטע צעשויבערטע ברעמען, — האָט רעב שאַבסע אויסגעזען אין מיַינע אויגן ווי דער קראָקאָדיל, דער שפּאַרבער, דער פּיפּערנאָטער, דער לינדנוואָרעם, „די שלאַנג, וואָס טוט פויזען אַף איר בויך", — אַלץ כיַיעס און שראָצים, גוט מיר באַקאַנטע פון דער כומעש־זאָאָלאָגיע...

גערעדט האָט רעב שאַבסע שטאַרק פּאָנפּעוואַטע און מיט א מין טרער אין דער שטים.

— הווער איז הדאָס יינגעלע? — האָט ער יעדעס מאָל אפּסניַי גע־פרעגט, כאָטש ער האָט מיך שוין פריִער צענדליקער מאָל געזען און האָט גוט געוווּסט, „הווער איז הדאָס יינגעלע"... — דאַנכט זיך זעלדעס באָנכערל?.. הנו, הנו, קום נאָר, אַף טשיקאַנוועס, אַהער, וויַינז נאָר, וואָנסטו דאָרטן געבראַנכט.

ווי א פאַרגליווערטער בליַיב איך שטיין באַם שוועל און מיט ברייט צעעפנטע אויגן קוק איך, ווי ער ציט זיך צו מיר מיט זיַינע לאַנגע דאַרע הענט אין די וויַיסע אַרבל פון זיַין העמד. מיר הייבט זיך אָן

דאכטן, אז די הענט זײַנע ציִען זיך אויס אַלץ לענגער און לענגער — אָט־אָט, דאכט זיך, וועלן זיי דערגרייכן צו מיר און אָנכאַפּן מיך מיט זייערע לאַנגע, בייניקע פינגער.

ניט ווילנדיק נעם איך זיך רוקן הינטערווײַלעכס צו דער טיר.

— הנו, הנו, האָנב קיין מוירע ניט. כ׳וועל דינך, כאַלילע, ניט אונ־פעסן. גיב אהער דאָנס געלט.

צוגענומען פון מיר דאָס פּעקעלע זילבער־געלט, גיט ער עס איבער דעם ווײַב.

— הנא, נענכע, צייל איבער.

נעכע ציילט איבער און דערלאַנגט עס אים צוריק.

— ריכטיק, דרײַ רובל קערן און דרײַ גילדן פּראָצענט.

רעב שאַבסע וויל דאָס געלט ניט נעמען.

— צייל נאָר איבער נאָכאַמאָל. געלט האָט האָלט, מען זאָל עס ציילן צוויי מאָל.

נעכע ציילט א צווייט מאָל.

— ריכטיק, ריכטיק, כ׳קאָן שוין קיין דרײַ קערבלעך ניט איבער־ציילן, וואָס? — שטופּט זי אים דאָס געלט אין די הענט ארײַן.

— גיי פאַרלאָנז זיך אף ווײַנבער! נו, וויינז שוין אהער!

און אַליין איבערציילנדיק דאָס געלט מיט גרויס קאַוואָנע, גיט ער א זאָג:

— אז זעלדע זאָגט דרײַ רובל מיט דרײַ גילדן, מינעסטאמע איז רינכטיק, זעלדע וועט ניט אָפּנארן...

די ערגסטע פּרײַטיקן זײַנען פאַר מיר געווען יענע, ווען די מאמע האָט בעשום־אויפן ניט געקאָנט אָפּשיקן דעם וואָכער. בעטן, ער זאָל קיין פאַריבל ניט האָבן פאַר דער אומפּינקטלעכקײַט, איז פאַר מיר געווען טויזנט מאָל ערגער, ווי טראָגן אים דעם וואָכער.

מיט דעם מוט פון איינעם, וואָס זעצט זיך צום ציין־דאָקטער אפּן שטול א צאָן רײַסן, הייב איך אָן, גלײַך פון דער טיר, אין איין אָטעם:

— רעב שאבסע־די־מאמע־ט׳געבעטן־איר־זאָלט־קיין־פאריבלֿ־ניט־האָבן־וואָס־זי׳ט־אײַך־הײַנט־ניט־געשיקט־קיין־געלט־זי׳ט־אײַך־איבער־אכטאָג־פרײַטיק־מירצעשעם־אָפשיקן פאר־צוויי־וואָכן־מיטאמאָלֿ־קערן־מיט־פראָצענט־א־גוטן־טאָג...

אָפגעקלֿאפט און פארקערעוועט אף צוריק. אָבער רעב שאבסע פאר־האלֿט מיך.

— שטיי, שטיי א ווײַנלֿינקע! וואָהין אנטלֿויפסטו? וואָנס איז די מאנסע, וואָנס זי לֿייגט ענס מיר אָנפעט אף איבעראנכטאָג?

דעמלֿט זע איך שוין רעב שאבסעס אויגן — גרינע, שפיציקע, דורכ־נעמענדיקע אויגן, וואָס עגבערן מיך אדורך און, ווי מיר דאכט זיך, דער־גרייכן דורך מיר צו דער מאמען.

— די מאמע ט׳געוואָלֿט שיקן אײַך געלֿט, נאָר זי׳ט ניט געקאָנט. זי איז זייער פארענגט הײַנטיקע וואָך, — שטאמלֿ איך אויס, וואָס איך האָב געהערט אין שטוב ריידן.

— אנזוי, אנזוי, — שיפעט רעב שאבסע, — פארענגט, נענבעך, זאָג־סטו. ייִבדן זײַנען, נעבעך, פארענגט, זײַנען ייִבדן... אײַ, אײַ, אײַ!.. איך בין אוינך פארענגט. ניטאָ א קאָנפעקע אף דער הוינצאָע, ניטאָ...

— זי וועט אײַך אָפצאָלֿן... איבעראכטאָג פרײַטיק... מיט פראָ־צענט... — שטאמלֿ איך שוין בייזלֿעך.

— וואָנס דען, זי וועט ניט אָפצאָלֿן? — איז רעב שאבסע מאסקים. — אוואנדע וועט זי אָפצאָלֿן. זעלֿדע איז אן ערלֿעכע ייִדענע, זי וועט פרעמדס, כאָלֿינלֿע, ניט פארנעמען... אָבער אין דער צײַנט, אין דער צײַנט! — קלֿאפט ער מיטן בייניקן פינגער אָן טיש. — געלֿט האָט האָלֿט, מען זאָלֿ עס צאָלֿן אין דער צײַט, האָט געלֿט האָלֿט! זאָג דער מאמען, אז אזוי טויג ניט...

איך ווייס ניט, וווּהין זיך אהינצוטאָן. מיר דאכט זיך, אז דאָס בייזערס ער זיך אזוי ניט אף מיר, נאָר אף דער מאמען, דאָס שטייט זי פאר אים, און ער „צאפט איר דאָס בלֿוט“... מײַן קינדערש הארץ קאָכט אוף אף

דעם „בלוטצאפּער“, און איך זאָג העכער, ווי מע דאַרף געוויינלעך, קי־
מאַט איך שרײַ אויס:

— ווו זאָל זי נעמען, אַז זי האָט ניט? האָט קיין מוירע ניט, זי וועט
אײַך באַצאָלן.

מײַן הויכע שטים און די בייזע פײַערלעך אין מײַנע אויגן זײַנען,
אַפּאָנעם, אַ ניט דערוואַרטע זאַך פאַר רעב שאַבסען. זײַנע גרינע אויגן
קוקן אַף מיר קאַלט און אַ ביסל פאַרוווּנדערט.

— אַוואַנדע איז אַף דער מאַמען אַ ראַכמאָנעס... אָבער איך בין אוינך
ניט ראָנטשילד... זאָגג דער מאַנמען...

אָבער איך הער שוין ניט, וואָס איך דאַרף „זאָגגן דער מאַנמען“.
אָן „אַ גוטן־טאָג“ לויף איך אַרויס — אַ בייזער און צעקאָכטער.

אויב די מאַמע האָט צוויי וואָכן נאָכאַנאַנד ניט אָפּגעשיקט אים דעם
וואָכער, פלעגט רעב שאַבסע אַליין אַראָפּקומען צו אונדז. די דאָזיקע
וויזיטן זײַנען פאַר דער מאַמען געווען די גרעסטע אָפּקומעניש. דער־
זעענדיק רעב שאַבסען, פלעגן איר די בלוטן אײַנפאַלן. געוויינלעך אַ
שטאַרקע און אײַנגעהאַלטענע, פלעגט זי באַ די וויזיטן בלאַס ווערן און
די הענט פלעגן איר אָנהייבן ציטערן. מער פון אַלץ האָט זי מוירע גע־
האַט, לײַט זאָלן, כאָלילע, ניט געוואָר ווערן, ווי „שמאָל זי האַלט“.

אופהאַלטן די פירונג אין שטוב אַף דער מאַדרייגע פון די פריִערדיקע
בעסערע צײַטן איז געווען דער מאַמעס וויכטיקסטע זאָרג. צוליב דעם
איז זי געגאַנגען אַף די גרעסטע קאָרבאָנעס.

— מע מוז זיך האַלטן, ביז מיר וועלן כאָטש די מיידלעך אויס־
געבן! — האָט זי פאַרזאָרגט גערעדט מיטן טאַטן.

דער שאַבייסענאַכטיקער „גרויסער סאַמאָוואַר“ איז געווען איינער
פון די מיטלען אופצוהאַלטן דעם נאָמען פון אַן אָפּענער שטוב.

צום שאַבייסענאַכטיקן „גרויסן סאַמאָוואַר“ קומען זיך צונויף שכיי־
נים, באַקאַנטע, כאָשעווע מענטשן, לאָמדים און מאַסקילים, וואָס האָבן
ליב צו הערן און זאָגן אַ גוט וואָרט, אַרומריידן וועלטלעכע איניאָנים און
סטאַם פאַרברענגען אַן אָוונט אין אַן איידעלער סוויווע.

עס קומט אונדזער שאָכן שמואל־יויסעף ראַבינאָוויטש, אַן אופגע־קלערטער מעגטש, וואָס לערנט טאַנאַך מיט מענדעלסאָנס[1] ביור און טראָגט אַפילע אינמיטן וואָך אַ מאַנישקע מיט אַ שוואַרץ בענדל אָנשטאָט אַ שניפּסל; עס קומט אַלטער סאַלאַנטער, אַ מאַסקל, וואָס שרייַבט „קריטי־קעס" אין „האַמיילין"; זיסל „הערטשעמיכויסעט", אַ ייד מיט אַ פולן קאָפּ יעדיעס, וואָס פּאַלט יעדערן אַרייַן אין די רייד מיט זייַן „הערטשע מיך אויסעט"; אַ שטענדיקער גאַסט באַם שאַבייסעגאַכטיקן „גרויסן סאַמאָוואַר" איז דער פעטער העסל — אַ ביסל אַ מעגושעמדיקער, אָבער פריילעכער ייד, וואָס האָט שטענדיק צו דערציילן אַ מייַסע, וואָס ס'האָט זיך מיט אים „אַנומלט פאַרלאָפן"; עס קומען איידעלע יונגעלייַט, וועלכע זייַנען אויסן ביט אַזוי די הויכע שמועסן אין דער איידעלער סוויווע, ווי פאַרברענגען אַ ביסל מיט מייַנע שוועסטער, דערהויפּט מיט דער „מאַנ־ציפּאַציע", וואָס קלייַבט זיך פאָרן שטודירן און איז אַ באַכיינט מיידל דערצו.

אין עסצימער ברענט העל דער גרויסער בליצלאָמפּ; דער „גרויסער סאַמאָוואַר" אַפן טיש בלאָזט פון זיך וואַזשנע מיט פּאַרע און ברומט גע־מיטלעך אונטער, ווי אַ גוט־אופגעלייגטער באַלעבאָס נאָכן שאַבעס־באַטאָ־גיקן שלאָף; דער טאַטע לייענט אַף אויסווייניק גאַנצע שטיקער פונעם „מוירע נעווויכים". עס פאַלן ווערטלעך און עס ווערן אַרויסגעזאָגט פייַנע געדאַנקען; אַלטער סאַלאַנטער דערציילט די לעצטע נייַס פון „האַמיי־לין", און עס גייט אַוועק אַ שמועס וועגן הויכער פּאָליטיק... ס'איז יאָמטעוודיק, היימיש און געמיטלעך. און איבער אַלץ און אַלעמען קיניגט די מאַמע.

ווען געשעפּט, וועגן סטאַם וואָכעדיקע זאַכן טאָר באַם „גרויסן סאַ־מאָוואַר" ביט גערעדט ווערן.

— לאָזט מיך איין מאָל אין וואָך פאַרגעסן אָן מייַנע זאָרג און קאָפּ־דרייעניש, — זאָגט די מאַמע, — ווען איך זאָל איין אָוונט אין וואָך ביט

[1] מענדעלסאָן — דער גרונטלייגער פון דער האַסקאָלע.

אראָפּוואַרפֿן פֿון זיך דעם שווערן יאָך פֿון די פּלייצעס, וואָלט איך שוין לאַנג אונטער אים געפֿאַלן, — זאָגט זי דעם טאַטן.

אויף איר גרויסן שטול מיטן גלייכן ווענטל און מיט די געשניצטע קעפּלעך פֿון אומבאַוווּסטע כּייעס אויף די אָנלענער זיצט זי, ווי אויף אַ טראָן, אויבנאָן באַם „גרויסן סאַמאָוואַר" און רייכערט געמיטלעך אַ דיקן טוטינענעם ציגאַר, האַלטנדיק דערבײַ אַן אויג און אַן אויער אויף אַלץ און אויף אַלעמען אין שטוב. זי הערט און זעט, דאַכט זיך מיר, אַפֿילו דאָס, וואָס עס קומט פֿאָר אין צווייטן צימער, ווו עס פֿאַרברענגען מײַנע שוועסטער מיט די איידעלע יונגעלײַט און פּונוואַנען עס דערגרייכט אָפּטמאָל אַן אײַנגעהאַלטענער פֿריילעכער געלעכטער.

דער טאַטע קוקט זיך בייסמײַסע איבער מיט דער מאַמען, ווי ער וואָלט געזאָגט: „ניט קיין שטאַט", אויף וואָס דער מאַמעס בליק ענטפֿערט: „קיין בייז, כאָלילע, ניט. יונגע קינדער, זאָלן זיי לאַכן"...

נאָך דעם אויפֿן, ווי די מאַמע פֿאַרציט פֿון ציגאַר — ניט אָפֿט, נאָר טיף, נאָך דעם אַרט אַרויסלאָזן דעם רויך — אין געדיכטע זײַלן, אין צוויי שטראָמען פֿון די נאָזלעכער, אין רינגלעך, וואָס פֿליִען איינס נאָך דעם אַנדערן, — זעט מען, אַז דאָס רייכערן פֿאַרשאַפֿט איר גרויס האַנאָע.

אָט דער ציגאַר אין דער מאַמעס מויל מאַכט מיך גאַפֿן יעדעס מאָל אָפּסנײַ, ווי איך וואָלט עס צום ערשטן מאָל געזען. איך האָב קיינמאָל ניט געזען אַנדערע מאַמעס רייכערן ציגאַרן, אַפֿילו ניט פּאַפּיראָסן. מאַנצבלען אַפֿילו דרייען ציגאַרעטלעך פֿון טאַבאַק און פּאַפּיראָס־פּאַפּיר. בלויז זי איינע רייכערט דיקע, שוואַרצע ציגאַרן, פֿון וועלכע עס שווינדלט מיר דער קאָפּ.

דער ציגאַר אין דער מאַמעס מויל איז אין מײַן קינדערשער פֿאָר־שטעלונג געוועזן פֿאַרבונדן מיטן באַגריף וועגן מאַנצבלשקײַט, גווורע, כאָכמע, הערשאַפֿט. די מאַמע מיטן ציגאַר אין מויל האָט באַ מיר יעדעס מאָל אַרויסגערופֿן נײַע באַוווּנדערונג, אָפּשײַ, פּאָרכטיקע פֿאַרגעטערונג.

מײַן בליק איז ווי צוגעשמידט צום אַש אויפֿן שפּיץ ציגאַר, וואָס דערמאָנט אָן אַ פֿינגער מיט אַ רײַף געוואָרענעם געשוויר באַם נאָגל.

וועט דאָס אש באַלד ארונטערפאַלן, אָדער דער מאמען וועט געראָטן דער־האַלטן עס, ביז דער ציגאַר וועט זײַן קימאַט האַלב אויסגערייכערט, ווי זי האָט עס ליב?.. ווען דאָס אש פאַלט ענדלעך אראָפּ און צעשיט זיך אין גרויען שטויב אפן ווײַסן טישטעך, זיפץ איך אזש אָפּ מיט דער־לײַכטערונג, ווי איך וואָלט ענדלעך באפרײַט געוואָרן פון א וויכטיקער פליכט, וואָס האָט מיך געהאַלטן אין גרויס שפּאַנונג.

עס טרעפט, אז יידן ארום „גרויסן סאמאָוואר" אמפּערן זיך וועגן עפּעס און קאָנען צווישן זיך ניט אדורכקומען. אפילע דער טאטע קאָן זיי ניט אויסגלײַכן. דאַן גיט איינער פון זיי א זאָג:

— שאַ, זעלדע, איר האָט דאָך א גלײַכן קאָפּ. אדעראבע, זאָגט איר, ווי זעט דאָס בא אײַך אויס?

דער צאַד שעקענעגעד כאפּט גלײַך אונטער:

— אדעראבע, זאָל טאקע זעלדע זאָגן!

וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, פארשטיי איך ניט. איך זע בלויז, אז נאָכדעם, ווי די מאמע זאָגט, ווי די זאַך זעט איר אויס, הערן די צדאָדים אויף צו אמפּערן זיך און שמועסן געמיטלעך, ווי קיין זאַך וואָלט צווישן זיי ניט פאָרגעקומען. און איך שטויס זיך אָן, אז דאָס האָט די מאמע געמאכט צווישן זיי שאָלעם.

אָן אנדערשמאָל טרעפט, אז נאָכדעם, ווי דער אוילעם גייט זיך פאנאנדער, בלײַבן נאָך א פּאָר מענטשן ביז שפּעט אין דער נאכט און פירן עפּעס א לאנגן שמועס מיט דער מאמען. ווען זיי גייען אוועק, הער איך, ווי דער טאטע זאָגט:

— קעדײַ דיר טאקע, זעלדע־לעבן, אָפּזיצן ביז נאָך האַלבער נאכט און דאָס געזונט פּאטערן אף קאָהאָלשע אסאָקים. וואָלסט זיך גלײַכער אויסגעשלאָפן.

אף וואָס די מאמע ענטפערט:

— אז מענטשן ווילן זיך מעיאשעוו זײַן וועגן א שטאָטישן איניען, קאָן איך זיי דאָך ניט דורכטרײַבן, און צוריק די זעלביקע זאַך: אז יעדערער וועט פון זיך אָפּשארן, ווי דו רופסט עס, די קאָהאָלשע אסאָ־

קים, ווער זשע וועט זיך מיט זיי פארנעמען? אליין פון זיך טוט זיך דאָך קיין זאַך ניט.

אָט דאָס אַלץ האָט אין מיר דערוועקט אַ שטאַלץ מיט מײַן מאַמען, אַ גרויס אָפּשײַ, אַ מוירע פאַר איר. איר גאַנץ געשטאַלט האָט מיך אַ צוגעצויגן, אַ דערוויַיטערט פון זיך. מײַן קינדערש האַרץ האָט אַזוי געגאַרט נאָך אַ ביסעלע אויפמערקזאַמקײַט, נאָך אַ טראָפּן צערטלעכקײַט פון מײַן גרויסער, קלוגער מאַמען, וואָס קיניגט איבער אַלעמען, ווי אַ קייסעריניע!.. מיר האָט זיך אַזוי געוואָלט, אַז מײַן מאַמע זאָל צו מיר זײַן אַ מאַמע, ווי אַלע מאַמעס!..

אָבער ווייניקער פון אַלץ האָט זיך די מאַמע אָפּגעגעבן מיט אונדז, קינדער. זי האָט קוים צײַט געהאַט צו האָבן קינדער. אָף האָדעווען קינ־דער האָט זי שוין קיין צײַט און קיין געדולד, אפּאָנעם, אויך ניט געהאַט. דאָס איז אינגאַנצן געלעגן אָף אונדז, קינדער, גופא: די עלטערע האָבן געניאַנטשעט די יינגערע, די יינגערע — די נאָך יינגערע, אַזוי ביז צום סאַמע מיזיניקל.

אַ קאַרגער שמייכל, אַ פאַרבײַגייענדיקער גלעט איבערן קעפּל — דאָס איז אַלץ, וואָס איך האָב געהאַט, אַ דאָס ניט אָפט, פון מײַן פאַר־געטערטער מאַמען.

1937

# איך ווער, נעבעך, געזונט



אָך באַטאָג האָט מען דער מאַמען אָנגעזאָגט, אַז איך בין ניט מיט אַלעמען, נאָר אַהיים איז זי געקומען ניט פֿריִער ווי געווײנלעך: אַכט אין אָוונט. אַראָפּ־ציִענדיק פֿון זיך דעם ווינטערדיקן מאַנטל, פֿרעגט זי:

— וואָס איז מיטן ייִנגל?

מײַן האַרץ גיט אַ צאַפּל. אָט באַלד וועט די מאַמע צו מיר צוגיין.

יאָ, זי וואַשט די הענט, גייט צו צו מײַן בעטל, און, אַרופֿלייגנדיק אַ נאָך עטוואָס פֿײַכטע, קאַלטע האַנט אויף מײַן הייסן שטערן, פֿרעגט זי ווייך, אָבער רויִק:

— וואָס פֿעלט דיר, זונעלע? וואָס טוט דיר וויי?

איך פֿאַרמאַך די אויגן, איך שווײַג... מיט ביידע הענטלעך דריק איך איר קאַלטע, האַרטלעכע האַנט צו מײַן שטערן, ווי איך וואָלט גע־וואָלט דערמיט אַף שטענדיק צובינדן זי צו זיך. איך וויל זאָגן: „ווען דו ביסט לעבן מיר, טוט מיר גאָרנישט ווײ, מאַמעלע... ס'איז מיר גוט, גיי נאָר ניט אַוועק פֿון מיר..." נאָר איך געטרוי זיך ניט אַ וואָרט אויסצו־ריידן. איך ווייס, אַז ווי נאָר איך וועל עפֿענען דאָס מויל, וועל איך זיך פֿאַנאַנדערוויינען. און דאַן וועט די מאַמע זיכער אַוועק פֿון מיר — זי האָט פֿײַנט, אַז מע וויינט. וואַרט איך, ביז דאָס קנײַלכל, וואָס שטיקט מיך אין האַלדז, וועט צעשמאָלצן ווערן, און צי דערווײַל מיט איין האַנט פֿאַרן אַרבל פֿון איר קלייד, בעטנדיק זי, אָן ווערטער, זי זאָל זיך צוזעצן לעבן מיר אַפֿן בעט, מיט דער צווייטער האַנט דריק איך אַלץ פֿעסטער איר האַנט צו מײַן שטערן, ווי איך וואָלט געהאָפֿט, אַז מײַן הייסער באַ־גער וועט דורך דער מאַמעס האַנט אַרײַנדרינגען אין איר האַרץ...

די מאַמע פֿאַרשטייט ניט אָדער מאַכט זיך ניט פֿאַרשטיין מײַן שטום געבעט. פֿאַוואָלינקע אַראָפּנעמענדיק די האַנט פֿון מײַן שטערן, גיט זי אַ זאָג אין שטוב אַרײַן:

— דאָס ייִנגל האָט וואָרעמקייט, מע דאַרף אים אײַנגעבן אַ ביסל ריצנייל. מיטן גלעזל ריצנייל אין האַנט שטייען איבער מיר פּריִער דער טאַטע, דערנאָך, איינע נאָך דער אַנדערער, די שוועסטער. זיי זאָגן מיר צו גאָלדענע בערג פֿאַר אויסטרינקען איין לעפֿל ריצנייל, אָבער איך לאָז זיך ניט אײַנריידן. איך וויין מיט זודיקע טרערן, איך וויין אָן אויפֿהער פֿון פֿאַרדראָס אַף מײַן מאַמען, וואָס זיצט אין צווייטן צימער מיטן רוקן צו מיר און עסט זיך רויִק וועטשערע, ווי איך וואָלט איר געווען אַ פֿרעמ־דער... איך וויין אָן אויפֿהער, לעמײַ מײַן שטום געבעט איז ניט דערגאַנגען צו מײַן מאַמען, איך וויין ביטער פֿון ראַכמאָנעס אַף זיך אַליין.

עטוואָס אַ קער געבנדיק דעם קאָפּ אין מײַן זײַט, ניט הערנדיק די שטים, אַ ביסל אומגעדולדיק, גיט אַ זאָג די מאַמע:

— וואָס אייסעקט איר זיך דאָרטן מיט אים דרײַ זייגערנע שאָ? האַלט אים צו די הענטלעך און גיסט אים אַרײַן דעם לעפֿל ריצנייל.

א פרישער, נאָך שטאַרקערער אויסברוך פון געוויין, מיט קאָנוואולסי־ווער צאַפּלעניש און וואַרפעניש, איז מײַן ענטפער אויף דער מאַמעס עט־לעכע קאַלטע ווערטער.

דאָס איבערצײַגט זי, אפשר, אז איך בין קראַנק ניט אויף א געלעכ־טער. זי לאָזט שטיין דאָס עסן, דערנעענטערט זיך צו מיר, גלעט צערט־לעך מײַן, מיט טרערן פאַרגאָסן, פּאָנעם.

— נו, נו, זונעלע, גענוג צו וויינען. וואָס טוט מײַן קינד, נעבעך, ווי? נו, טײַערינקער, נעם אײַן דאָס קאַפּעלע ריצנייל, וועט דיר גלײַך בעסער ווערן. נו, קינד מײַנס, שאַ, שאַ!..

דער דאָזיקער אויסערגעוויינלעכער פּלוס פון צערטלעכע ווערטער רופט ארויס גאָר א פרישן שטראָם טרערן פון מײַנע אויגן — וואַרעמע, פריידיקע טרערן, וואָס מײַן פאַרבאָרגענער באַגער איז ענדלעך דער־גאַנגען צו מײַן מאַמען. כליפּענדיק און שנאָרכנדיק מיטן נאָז, באַרויִק איך זיך ביסלעכווײַז און טרינק אויס דעם לעפל ריצנייל פון איר האַנט. מיט איר אייגענער האַנט דערלאַנגט זי מיר צו פאַרבײַסן א לעפּעלע מאַלינע־אײַנגעמאַכטס און זיצט דערנאָך אויף מײַן בעטל, ביז איך שלאָף אײַן.

אויף מאָרגן איז געשען אן אויסערגעוויינלעכע זאַך: זינט איך געדענק די מאַמע, איז זי דעמלט צום ערשטן מאָל געקומען אהיים אינמיטן טאָג. גלײַך נאָך איר איז אויף א סקריפּענדיקער דראָזשקע אראָפּגעקומען דער אַלטער דאָקטער פראַנציסקעוויטש — דער גרעסטער און טײַערסטער דאָקטער אין שטאָט.

בייס אַלע אנדערע דאָקטוירים אין שטאָט האָבן גענומען א האַלבן רובל פאַר א וויזיט און זײַנען געגאַנגען צו כאָלאָיִם צופוס, האָבן גווירים געצאָלט פראַנציסקעוויטשן א גאַנצן רובל, אַכוץ דעם גילדן, וואָס מע האָט באַזונדער באַצאָלט דעם איזוואָזטשיק, ווײַל צופוס איז דער אַלטער דאָקטער ניט געגאַנגען. אפילו געדריקטע מענטשן האָבן בא זיך ניט

געקאָנט פֿויעלן צו געבן פֿראַנציסקעוויטשן וויניקער פֿון א קערבל, כאָטש אז אַן אָרעמאַן האָט אים גאָרניט באַצאָלט, איז אויך רעכט געווען.

וועגן פֿראַנציסקעוויטשן האָט מען אין שטאָט דערציילט, אז אליין שטאַמט ער דאָפֿקע פֿון אָרעמען שטאַנד: „דער טאַטע זײַנער איז געווען א שטיקל עקאָנאָם בא א פּאַרעץ", נאָר וועדליק זײַנע קענטעענישן, האָט ער געדאַרפֿט זײַן פּראָפֿעסאָר אין סאַמע וואַרשעווע. איז ער אָבער אמאָל פֿאַרמישט געווען אין דעם גרויסן פּוילישן מיאַטעזש, האָט מען אים דער־פֿאַר פֿאַרשיקט קיין סלוצק אף „פּאָסעלעניע", און אזוי איז ער שוין דאָ פֿאַרבליבן. „וואָרעם אז ניט, וואָלט דען שטאָט געהאַט אמאָל בא זיך אזא דאָקטער?" אז א סלוצקער כוילע קומט צו די וואַרשעווער פּראָפֿע־סאָרן קורירן זיך, שיקן זיי אים טייקעף אָפּ צוריק אהיים, — אזוי האָט מען איבערגעגעבן. „אז איר האָט, — זאָגן זיי, — בא זיך אין שטאָט אזא פֿראַנציסקעוויטשן, פֿאַרשפּאָרט איר פֿאָרן צו אונדז קיין וואַרשעווע"...

אז מע האָט געזען פֿראַנציסקעוויטשן אראָפּקומען צו אן אָרעמאַן, האָט מען שוין געוווּסט, אז מיט דעם כוילע האַלט שמאָל.

— ער איז א פֿאַרבײַיִקער, אראָפּגעבראַכט פֿראַנציסקעוויטשן...

דאָס האָט באַטײַט, אז אלע אַנדערע דאָקטוירים האָבן זיך שוין פֿונעם כוילע מעיאעש געווען און ס'איז געבליבן בלויז נאָר איין מיטל: אַרײַנ־פֿאַלן מיט א יאָמער אין אָרנקוידעש און מיט א געוויין צו פֿראַנציסקע־וויטשן, אז גאָט אָדער דער דאָקטער אָדער ביידע צוזאַמען זאָלן דעם כוילע ראַטעווען.

גאַנץ שטאָט האָט געקענט פֿראַנציסקעוויטשן, און פֿראַנציסקעוויטש האָט געקענט גאַנץ שטאָט — יעדערן בא זײַן נאָמען און יעדערן מיט זײַן קרענק. ער האָט זיך בלויז באַדאַרפֿט באַוויַיזן ערגעץ בא א כוילע, ווי די שטוב איז פֿול געוואָרן מיט שכיינים, וואָס זײַנען געקומען הערן, וואָס זאָגט פֿראַנציסקעוויטש. אין איין גאַנג וועט מען שוין בעטן בא דעם לאַסקאַווע פֿאַן דאָקטער א מיטל צו א פֿאַרעלטערטן הוסט, א פֿרעג טאָן, צי זאָל מען באַנייַען דעם רעצעפּט, וואָס ער האָט אַנומלטן — „דאַכט

זיך, פאַראיאָרן ווינטער", — אויסגעשריבן, אויסהערן אַן אומזיסטע אייצע וועגן קינדער האָדעווען...

דער לאַסקאַווע פאַן דאָקטער — אַ מאַסיווער, שווערלייַביקער מענטש מיט אַ קייַלעכדיק־געבויגענעם רוקן, ווי אונטער אַ שווערער מאַסע, און מיט אַן אויסדרוק פון ניט־דערשלאָפנקייַט און מידקייַט אויף זייַן אופגעבלאָזן פּאָנעם, — קוקט אויף די ווייַבערשע אָנפאַלן, ווי אויף אַן אומפאַרמייַדלעכקייַט פון זייַן פּראָפעסיע: ער קאָן עס, האַלט ער, ניט אויסמייַדן, פּונקט ווי ער קאָן ניט אויסמייַדן, מע זאָל אים, אַן אַלטן און מידן מענטשן, ניט וועקן איינמיטן נאַכט צו „מעסוקן קראַנקע", וועלכע נייטיקן זיך בעסאַכאַקל אין אַ גוטער פּאָרציע ריצנייל.

— אַהאַ, שוין ווידער אויף אַ קאָנסיליום צו פראַנציסקעוויטשן! — באַגעגנט ער געווייַנלעך דאָס בינטל צונויפגעלאָפענע ווייַבער. — איי, קאָביעטעס, קאָביעטעס! איר שאַנעוועט ניט דעם אַלטן פראַנציסקעוויטש, — שמייכלט ער מער מיט די אויגן, ווי מיט די ליפּן, — איר וואָלט גלייַכער אַ פרעג געטאָן גרייצער דעם רויפע. ער פאַרשטייט בעסער פון מיר.

די ווייַבער לאַכן כניפעדיק: כע, כע, כע, זאָל דער לאַסקאַווע פאַן דאָקטער געזונט זייַן! גרייצער דער רויפע פאַרשטייט בעסער, כי, כי!..

און פראַנציסקעוויטש לאַכט מיט, אין זיך, פון וואָס זייַן גרויסער בויך טרייסלט זיך, ווי אַ פאַרגליווערטע פּעטשאַ.

פראַנציסקעוויטשעס פּוילישע שפּראַך, ווען ער רעדט מיט יידישע ווייַבער, איז פול מיט יידישע ווערטער, וואָס ער האָט געלערנט פאַר פערציק יאָר היילן יידן.

— עך, ווייַבער, ווייַבער! — שאָקלט ער מיט זייַן גרויסן גרויען קאָפּ. — נאָר איר וואָלט געלאָפן צו דאָקטוירים, ליעפּשע פאַרקויפן די שאַבעס־לייַכטער און קויפן קאָזעס. עפּנט יעדן טאָג די פענצטער, לופטערט אָפטער דאָס בעטגעוואַנט, האַלט ריין אייַערע פּיסקליאַטעס, גיט זיי פּישטראָן און שטאָפּט ניט אין זייערע מייַלכלעך קיין צעקייַטן לעקעך פון אייַערע מייַלער, עסט מער און קינדלט ווייניקער, וועט איר

פארשפּאָרן גיין צו פראנציסקעוויטשן!.. נו, וואָס זאָל איך מיט אײַך טאָן? טאטעס אָן קראפּט, מאמעס אָן מילך, קינדער אָן קליאָק, טשיסטא ניענדזא יאק באָגא קאָכאם!.. — וואָרטשעט ער מער זיך אין דער געדיכטער באָרד ארײַן, ווי אָף די ווײַבער.

אָפּגעבייזערט זיך, ענטפערט ער, פונדעסטוועגן, יעדערער אָף איר פראגע און שרײַבט אפּילע אָפּט אויס א רעצעפּט אויך, אין איין גאנג. און ווען א ווײַבל נעמט, קלוימערשט, גריבלען זיך אין האנטבײַטל, פּאָכעט אָף איר פראנציסקעוויטש מיט דער האנט:

— ניע שוקײַ, ריווע, וועסט מיר באצאָלן מיט א טפּילע אין סינא־גאָגע, כע, כע.

אויך דאָס מאָל האָט די גאנצע גאס געוווּסט, אז זעלדע האָט אראָפּ־געבראכט פראנציסקעוויטשן צו איר יינגל, „אוואדע גאָר שלאָף, נע־בעך!"... און די פּאָדערשטוב איז פול געוואָרן מיט שכיינעס, וואָס זײַנען געקומען געווירע ווערן, וואָס איז מיטן קינד. אָבער ארויסגייענדיק פון מײַן צימער, האָט דער דאָקטער גענומען פּאָכן אָף די ווײַבער, ווי מע טרײַבט אָפּ היגער:

— קיש, קיש, קיש! קיין שום קאָנסולטאציעס הײַנט, קיין קליניקעס! די מינוט אוועק פונדאנען! דאָ איז סקארלאטינע, א קלעפּיקע, אָן אָנ־שטעקנדיקע קרענק! אוועק, אוועק, אוועק!..

מײַן קראנקײַט — שארלעך מיט קאָלערליי נאָכוויייענישן — האָט זיך פארצויגן אָף עטלעכע וואָכן, נאָר מיר האָט זיך געוואָלט, זי זאָל זיך ציִען כאדאָשים, ווײַל קיינמאָל פריִער האָב איך אזוי ניט געפילט, ווי גוט עס איז, ווען די מאמע איז א מאמע.

ווי שטענדיק, גייט די מאמע אוועק פון דער היים נאָר טאָג און קומט צוריק שפּעט אין אָוונט. אָבער פארן אוועקגיין גייט זי צו מיר צו, גלעט מיך איבערן פּאָנעם און בעט מיך, איך זאָל ניט קאפּריזעווען, פאָלגן די שוועסטער, וועט זי מיך ליב האָבן. די ערשטע צײַט פון מײַן קראנ־

קײַט האָט זי זיך עטלעכע מאָל אראָפּגעכאַפּט געװױרע װערן מיך אפילע אינמיטן טאָג. װען איך האָב אָנגעהױבן בעסערן זיך, האָב איך זי געזען בלױז אין אָװנט. דערפאר אָבער זײַנען די אָװנטן אינגאנצן געװען מײַנע.
די מאמע איז געזעסן בא מײַן בעטל, געהאָדעװעט מיך מיט ײַכלעך, מיט זיסער טײ און סוכאריקעס, געביטן מיר קאָמפּרעסן אף די געשװירן הינטער די אױערן, אײַנגערעדט מיך, בארױקט, געצערטלט, ביז איך בין אײַנגעשלאָפן.
געװען נעכט, װען איך האָב לאנג ניט געקאָנט אײַנשלאָפן, אומזיסט װארטנדיק אף דער מאמען. דאָס זײַנען געװען די נעכט, װען מע האָט אף דער מאמעס „פאבריק״ געקאָכט זײף.
די מאמע האָט געפירט א זײף־„פאבריק״ מיט אן ארבעטס־קראפט פון אײן־אײנציקן מענטשן — דעם זײף־קאָכער.
די מאמע האָט געזאָגט, אז ער פארמאָגט גאָלדענע הענט, נאָר „דאָס איז א װײַסל פון אן אײ״. מע טאָר אים אף אײן מינוט אלײן ניט לאָזן.
מיר האָט זיך זײער געװאָלט זען א מענטשן מיט גאָלדענע הענט, װאָס אלײן איז ער א װײַסל פון אן אײ. דאָס דארף זײַן פּונקט אזױ טשי־קאװע, װי א שרעטעלע, װי א פארשטעלטער, װי א רױע װײנע נירע... די פאבריק גופע, װוּ עס גײען ארום מענטשן מיט גאָלדענע הענט, מוז זײַן עפּעס א מין קישעף־פּאלאץ, װוּ עס קומען פאָר װוּנדערלעכע זאכן.
קוים מיט צאָרעס האָב איך אײַנגעבעטן די עלטערע שװעסטער, זי זאָל מיך כאָטש אײן מאָל לאָזן אװעקטראָגן דער מאמען װארמעס אין פאבריק.
נאָר אָנשטאָט א קישעף־פּאלאץ האָב איך געפונען א האלב־פינצטערע שטוב מיט פארײַכערטע װענט און מיט א נאסן און גליטשיקן דיל; ס׳האָט געשמעקט מיט בעװײלע, מיט פארלעגערטן כײלעװ, און די לופט איז פול געװען מיט פּײַכטן דאמף, װי אין א באָד.
דער זײף־קאָכער איז קײן טראָפּן ניט ענלעך געװען אף א װײַסל פון אן אײ, און קײן גאָלדענע הענט האָט ער אױך ניט געהאט. דאָס איז

געווען א מענטש מיט א געלער באָרד און וואָנצן און מיט א סאך געלע האָר אף די הענט מיט די פארשאַרצטע ארבל.

איך בין געווען ביטער אנטוישט.

אפילע די מאמע גופע האָט אין פאבריק א סאך פארלאָרן פון איר מאיעסטעטישקייט. ס׳איז גאָר ניט געווען די זעלביקע שטאָלצע, געלאַ־סענע, צוריקגעהאַלטענע מאמע, וואָס איך האָב געקענט פון דער היים, די „קייסעריניע״ פונעם „גרויסן סאמאָוואר״.

א נערוועזע, אן אומרויִקע, א פארשוויצטע, האָט זי יעדער ווײַלע געטאָרעט דעם זייף־קאָכער:

— גיט אכטונג אפן קעסל... זעט נאָר, אף טשיקאַוועס, צי דער כיי־לעוו איז שוין פארטיק... דעם קאוסטיק ריכטיק אָפּגעוויגן?.. שיט ניט אזויפיל סאָדע... איר שיט אזויפיל מאטעריאַל, אז ס׳וועט נאָך אויסקומען דערלייגן צום אייסעק... קאניפאָליע און זאַלץ פארגעסט ניט...

— דאָס ערשטע מאָל קאָך איך זייף, ווי מיינט איר? — האָט דער ייִד מיט דער געלער באָרד בארויגעז געבורטשעט.

דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן האָב איך געהערט, עמעצער זאָל ענטפערן מײַן מאמען אנטקעגן.

מיך האָט די מאמע קוים באמערקט.

— זע, דו גאָר טראָגסט שוין מיר וואַרמעס? ווו איז ליבע? — האָט זי צעשטרייט באמערקט.

צוגענומען פון מײַנע הענט דאָס טעפּעלע, אוועקגעשטעלט עס אפן פענצטער און גלײַך פארגעסן סײַ אָן מיר, סײַ אָנעם וואַרמעס.

פון דעמלט אָן האָב איך שוין מער אין דער „פאבריק״ ניט געוואָלט גיין.

איך האָב ניט געוואָלט זען די מאמע אין אזא מיִעס, שלעכט־שמעקנ־דיק אָרט און אין אזא אויסזען, ווי איך האָב זי דאָרטן געזען.

נאָך מער איז מיר די „פאבריק״ נימעס געוואָרן אין די לאַנגע נעכט פון מײַן קראנקייט.

צוליב אזא פאסקודנער פאבריק און עפּעס א ייִדן מיט א געלער באָרד און מיט האָריקע הענט לאָזט זי מיך ווארטן א האלבע נאכט, ביז זי וועט קומען אײַנשלעפערן מיך מיט אירע גוטע רייד און ליבע צערטלעכקײַטן!

פע, איך האָב פײַנט די „פאבריק", פײַנט, פײַנט, פײַנט!..

מיטן אויסנאם פון די זייף־נעכט איז מיר קיינמאָל אזוי גוט ניט געוועזן ווי דעמלט. פאר אלע מײַנע קינדערשע יאָרן האָב איך פון מײַן מאמעס מויל אזויפיל מאָל ניט געהערט די צערטלעכע ווערטער: „זונעלע", „קינד מײַנס", „טײַערינקער", וויפל איך האָב עס פון איר געהערט אין די געציילטע וואָכן פון מיין קראנקײַט און דערהיילונג.

און אָט די דאָזיקע ווערטער, גאנץ געוויינלעכע פאר די אויערן פון אנדערע קינדער, האָבן אין מײַנע אויערן געקלונגען ווי דער העכסטער אויסדרוק פון ליבע און צערטלעכקײַט. מיר האָט זיך אזש געוואָלט וויינען פון גליק און געריררטקײַט. נאָר צו אלץ קומט א סאָף, און ס'איז אויך געקומען א סאָף צו מײַן קראנקײַט. עס זײַנען ווידער אָנגעשטאנען וואָכעדיקע טעג, קאלטע און טרוקענע, אָן ווארעמקײַט און אָן צערטלעכקײַט, לאנגע, איינטאָניקע טעג מיט כיידער, מיט לערער, מיטן גאנצן יאָך פון א ייִדיש ייִנגל בא עלטערן, וואָס ציִען פון זיך די הויט און ציִען די הויט פון זייערע קינדער צו מאכן זיי פאר „לײַט".

די מאמע האָב איך פארגעטערט נאָך מער ווי פריִער און נאָכ מער ווי פריִער געגארט נאָך אירע צערטלעכקײַטן. אָבער אומזיסט: איך בין שוין, נעבעך, געוועזן געזונט.

1937

# א מעכוטן צו דער לעווייַע



וין עטלעכע וואָכן, אַז די מאמע ליגט צוגעשמידט צום בעט. עס איז שוין גאָר קיין האָפענונג ניטאָ, אַז זי זאָל געזונט ווערן.

— דער גאזלען, דער גאָרגל־שנייַדער האָט זי פון דער וועלט אומגעבראכט! — זיפצט דער טאטע, זיפצט די שוועסטער, זיפצט דער פעטער העסל.

„דער גאָרגלשנייַדער" — דאָס איז באָרעך פריוועס, דער מאמעס סוינע און ביטערער קאָנקורענט, וואָס האָט זיך אָפגעלייגט אומצוברענגען זי פון דער וועלט.

די מאַמע האָט געטאָן אַלץ, וואָס זי האָט געקאָנט, בײַצושטיין קעגן איר שטאַרקן קאָנקורענט. איר „מראַמאָרנער" זייף — ווײַסע האַרטע זייף מיט בלויע אָדערן — איז געווען בעסער פון פּריוועסעס פאַבריטשנער יאַדראָווער זייף, און זי האָט זי פאַרקויפט אַ קאָפּעקע אַפּן פונט ביליקער, ווי פּריוועס האָט פאַרקויפט זײַן זייף.

אָבער באָרעך פּריוועס האָט טאַקע געהאַט אַ פאַבריק, מיט אויסשטאַטונג און מיט מענטשן, און דעריקער — באָרעך פּריוועס האָט געאַרבעט מיט אײגענעם קאַפּיטאַל — „אָנגעשטאָפּט מיט געלט, ווי אַ זאַק" — און די מאַמע איז אויפגעגעסן געוואָרן פון פּראָצענט און איז דערשטיקט געוואָרן פון וואָכערניקעס...

איז דער מאַמעס „פאַבריק" סאָפּקאָלסאָף געבליבן שטיין, און צוזאַמען מיט דער „פאַבריק" האָט זיך אָפּגעשטעלט די מאַמע.

אַזאַ שאַנד האָט די מאַמע ניט געקאָנט אַריבערטראָגן. איר האָט ניט אַזוי געקרענקט דער פאַרלוסט פון דער „פאַבריק" — „אײַסאָקים קאָן מען געפינען אַנדערע", — ווי דאָס, וואָס זי האָט פאַרלאָרן איר גוטן נאָמען.

סטײַטש, זעלדע, וועמען אַ שטאָט מענטשן האָט געשעצט און געטרויט, — זאָל זיך „אָפּשטעלן"!

זי האָט קימאַט אויפגעהערט צו באַווײַזן זיך אין גאַס, זי האָט אויסגעמיטן מענטשן. די שאַבייסענאַכטיקע גרויסע סאַמאָווארן זײַנען אָפּגעשאַפט געוואָרן...

די מאַמע האָט אַלץ אָפּטער און אָפּטער גענומען זיך באַקלאָגן אַף ווײטעקן אין האַרץ, ביז זי האָט זיך אין אײנעם אַ טאָג געלייגט אין בעט אַף קײנמאָל מער ניט אויפצושטיין.

אַ וואַרעמער שפּעט־זומערדיקער אָוונט. דורך די אָפענע פענצטער דערטראָגט זיך צו מיר דער גאַלאָפּ פון באָרוועסע און באַשוכטע פיס. דאָס, ווייס איך, שפּילן מײַנע כאַווײרים אין פערדלעך אָדער אין פּאָ־

זשארניקעס. איך זיץ ווי אף פריסעק: מיר ווילט זיך שטילינקערהייט ארויסגאַנוועגען זיך פון שטוב און צושטיין צו דער שפּיל. אָבער ווי קאָן איך, אז הינטער דער וואנט, אין צווייטן צימער, ליגט געפּערלעך קראנק די מאמע. דער טאטע איז אוועקגעלאָפן ברענגען א קאָנסיליום — פראנציסקעוויטשן און נאָך צוויי דאָקטוירים. אָט־אָט דארפן זיי קומען, אלע ווײַלע קומען אנדערע מענטשן געוווירע ווערן: „וואָס הערט זיך". שכיינעס שטעקן ארײַן די קעפּ אין אָפענעם פענצטער:

— וואָס מאכט זי?

— געוועזן שוין דער קאָנסיליום?

— אוי־ווי, אזא בוים אוועקגעפאלן! — ברעכן זיי די הענט, ווי די מאמע וואָלט שוין געלעגן א טויטע אף דער ערד.

איך ווייס נאָך ניט, אז די מאמע דערלעבט שוין אירע לעצטע שאָען, אז אָט באלד ווער איך א יאָסעם. איך זע בלויז, אז בא אונדז טוט זיך עפּעס, און הייב זיך אָן פילן ווי א מעכוטן צו דעם „עפּעס".

מיט אונדז זיצט דער פעטער העסל, דער מאמעס ברודער, א שיי־נער, א הויכער, שטארקער מענטש, וואָס האָט ליב אָפּצועסן און האָט ניט פײַנט אויסצוטרינקען.

— קוידעמקאָל דארף בא א מענטשן אָנגעפּאקט זײַן דער טשעמאָ־דאַן, — האלט דער פעטער העסל, — מימאָנעפשעך, לעבט ער, וועט ער קויעך האָבן צו עסן א צווייטן מאָל. שטארבט ער, כאָלילע, וועט ער כאָטש קויעך האָבן צו קריכן אפן טארעבערעט...

ארײַנגעצויגן אין נאָז א געזונטן שמעק טאבאק, גיט דער פעטער א זאָג צו מײַן שוועסטער:

— פאראן בא אײַך א קאַפּ בראנפן אין שטוב? עפּעס כאלעשט מיר דאָס הארץ.

אויסגעטרונקען איינס נאָך דאָס אנדערע צוויי היפּשע גלעזלעך בראנפן, געפינט דער פעטער, אז „ווען מע האלט שוין דערבײַ", וואָלט ניט געשאט נעמען עפּעס אין מויל ארײַן.

מיט גרויס האנאָע עסט דער פעטער העסל דעם ווײַניקן בורעקעס־

ראָסל מיט סמעטענע, וואָס „א קאַפּאָרע פאַר אים דאָס בעסטע געבראָטנס".

א טראַסקעריַי פון רעדער איבערן ברוק שטעלט אָפּ אין סאַמע מיטן דעם פּעטערס באַגײַסטערטע שוואָכים פאַרן מילכיקן באָרשטש.

פראַנציסקעוויטש מיטן טאַטן אַף איין דראָזשקע און צוויי דאָקטוי־רים אַף א צווייטער פאָרן צו צום שטוב.

די דאָקטוירים האָבן זיך ניט לאַנג פאַרהאַלטן בא דער מאַמען.

— סײַדן דער האַר גאָט וועט העלפן. די מעדיצין איז דאָ מאַכט־לאָז, — צעפּירט פראַנציסקעוויטש מיט די הענט, אַרויסגייענדיק פון דער מאַמעס צימער.

ווי איבעריקע גייען נאָך אים אַרויס די צוויי יינגערע דאָקטוירים.

שטיל שטייען מיר אַלע אַרום דער מאַמעס בעט. דער טאַטע, דער פּעטער, די שוועסטער מײַנע — פון פאָרנט, און איך מיט מײַן יינגסטן ברודערל — פון הינטן. איך האָב מוירע צו קוקן אַף דער מאַמען. זי ליגט אפן בעט אָן שום באַוועגונג, דאָס פּאָנעם אויסגעצויגן און געל, די וועקסענע דורכזיכטיקע הענט, ווי טויטע, ליגן אפן ווײַסן לײַלעך, די געשלאָסענע אויגן טיף אײַנגעזונקען אין קאָפּ, די נאָז — פאַרשפּיצט און מאָדנע בלאַס.

אָבער מײַן בייגער איז גרעסער ווי די שרעק: איך שפּאַר דורך דעם קאָפּ צווישן די דערוואַקסענע און כאַפּ אַן אײַלנדיקן קוק אַף דער מאַמען. איך זע, ווי דער דינער לײַלעך אַף איר ברוסט הייבט זיך קוים־קוים אַרוף און אַראָפּ און די בלאַסע ליפּן באַוועגן זיך, דאַכט זיך. עפּ־שער וויל זי מיר עפּעס זאָגן?..

אָפּזיפּצנדיק, גייט דער פּעטער העסל אַרויס אַף די שפּיץ פינגער. אין א פּאָר מינוט אַרום באַווײַזט ער זיך ווידער אין דער טיר, ער וויִנקט, אַז מיר זאָלן צוגיין נעענטער, און שעפּטשעט:

— וואָס קומט אַרויס פונעם שטיין אַרום איר? זי דאַרף לופט דאַרף זי. געבנוג איין סטיסיע זאָל לעבן איר בלײַבן, און איר אַלע גייט אַרויס פונדאַנען. גיט איר לופט גיט איר.

ווי נאָר אַריבער די שוועל, טראָגט ער אונטער דעם טאַטן א גלעזל בראַנפן.

— נא, כאַיִם, דערשטאַרק א קאָפּ דאָס האַרץ...

דער טאַטע קערט זיך פון אים אָפּ א פאַרקלעמטער.

— טאָ נעם כאָטש עפּעס אין מויל אַרײַן, דו האָסט דאָך אוואדע א גאַנצן טאָג אין מויל ניט געהאַט.

— וועמען ליגט אין זינען עסן? — גיט דער טאַטע אומגעדולדיק א מאַך מיט דער האַנט.

— וואָס מיינסטו, אַז דו וועסט פאַרכאַלעשט ווערן, וועט איר דער־פון גרינגער זײַן? זײַ ניט קיין אקשן, נעם א קאָפּ בראַנפן און כאַפּ עפּעס איבער...

אָבער פּונקט אין דער רעגע האָט זיך אין דער טיר באַוויזן די שוועסטער און מיט א פאַרשטיקט געוויין גערופן:

— גיכער, גיכער!.. קומט... קומט אהער. זי... זי... די מאַמע... זי גייט אויס...

מער מיט נײַגער ווי מיט שרעק קוק איך זיך צו, ווי דער פעטער העסל ציט אַרויס א פעדער פון קישן און לייגט עס צו אונטער דער מאַמעס נאָזלעכער.

גלײַך נאָך דעם ווערט די גאַנצע שטוב פול מיט האַרצרײַסנדיקן יאָמער און געשרייען. אין אַלע צימערן — פרעמדע מענטשן. אַלע טירן שטייען אָפן. שכיינים גייען אַרײַן און אַרויס. די שוועסטער שרײַען מיט באַנומענע קולעס, דער טאַטע שטייט מיטן פּנים צום קאַלטן קאַכל־אויוון און ווײנט שטיל, צוקנדיק מיט די דאַרע אַקסלען.

איך ווייס, אַז איך דאַרף אויך וויינען, נאָר איך וויין ניט, מיר ווילט זיך זען, וואָס דאָ קומט פאָר, זען, וואָס יעדערער טוט און ווי יעדערער ווײנט. מער פון אַלעמען איז מיר טשיקאַווע דער פעטער העסל: טאָמיד אַזאַ פריילעכער, מיט שטײַפע רויטע באַקן, וואָס שפּאַרן אַרויס, ווי רויטע עפּל, פון זײַן געדיכטער שוואַרצער באָרד, — שטייט ער איצט

צוקאָפּנס פון דער מאַמעס בעט און פאַרגייט זיך אין געוויין, ווי אַ קליין יינגל.

— אוי, זעלדע, זעלדינקע, לעמיי האָסטו עס געטאָן?.. — כליפּעט ער, שאָקלענדיק זיך פון זייט צו זייט, ווי באַם דאַווענען.

מיר איז אַזוי מאָדנע אי דאָס, וואָס ער וויינט, אי דאָס, וואָס ער האָט טייַנעס צו מייַן מאַמען: וואָסי, זי האָט „דאָס", אַפּאָנעם, געוואָלט טאָן?

איך כאַפּ זיך, אַז אַלע אין שטוב, אַפילע פרעמדע פּעטערס און מומעס, וויינען מיט ביטערע טרערן. בלויז איך איינער וויין ניט. און איך פאַרשעם זיך פאַר זיך אַליין. איך הייב אָן מאַכן גרימאַסן, איך שנאָרכע מיטן נעזל, איך רייַב די אויגן מיט די פויסטלעך, אָבער מייַן ביי‏גער שטופּט מיך צו קוקן פון אהינטער די פויסטלעך צו די טנועס און גרימאַסן, וואָס יעדערער מאַכט בייסן וויינען, און צוהערן זיך צו די שוואַכים, וואָס ווייַבער זאָגן אַרויס נאָך מייַן מאַמען, קלאָגנדיק מיטן ניגן פון טכינעס.

נאָר אָט גייט צו מיר צו דער טאַטע, לייגט אַרויף זייַן האַנט אויף מייַן קאָפּ און זאָגט כליפּענדיק:

— וויין, וויין, זונעלע... האָסט שוין, נעבעך, ניט קיין מאַמע...

איך ווייס שוין אַליין, אַז איך האָב שוין ניט קיין מאַמען, נאָר דעם טאַטנס אָנזאָג, באַגלייט מיט אַ צערטלעכער באַרירונג פון זייַן האַנט, רופט אַרויס אַ שטראָם הייסע טרערן פון מייַנע אויגן. איך וויין, ווי עס וויינען קינדער: אַפן קאָל, מיט שלוכצן און כליפּן, ווי איך פלעג וויינען, בייס איך בין אויסגעגאַנגען נאָך אַ צערטלעכקייט פון דער מאַמען.

— נעמט צו פונדאַנען די קינדער. זיי פּאַלן דאָך, נעבעך, פון די פיסלעך. לאָז מען זיי ערגעץ אָוועקפירן שלאָפן, — גיט עמעצער אַ זאָג אין שטוב.

אונדזער שכיינע זלאַטע די ברויט־בעקערקע, — אַן אויסגעהאָרע־וועטע יידענע מיט אַ פּאָנעם געלב און טרוקן, ווי אַלטער פּאַרמעט,

גיט אונדז, מיך און מײַן זעקסיאָריק ברודערל, א נעם פאר די הענטלעך און פירט אונדז אוועק צו זיך אהיים.

זי מאכט פאר אונדז א געלעגער אפן דיל באם ברייטן באק־אויוון, דעקט אונדז צו ביידן מיט איין האָריקער, בײַסיקער קאָלדרע און זאָגט מיט ראכמאָנעסדיקער האנאָע פון א פרעמדן אומגליק:

— שלאָפט, קינדערלעך, שלאָפט, בידנע יעסוימימלעך מײַנע! מאָרגן וועט איר דארפן פרי אופשטיין צו דער מאמעס לעווײַע...

די ווערטער „יעסוימימלעך" און „לעווײַע" פארמישעפּען מיך ניט. איך ביז איצט פול מיט איבערלעבן דאָס שלאָפן אפן דיל.

שלאָפן אפן דיל איז א פּריווילעגיע, פון וועלכער מיר, קינדער, געניסן בלויז נאָר איין מאָל אין יאָר — ערעוו פּייסעך, ווען די שטוב איז שוין אופגעראמט און די דילן זײַנען אויסגעבעט מיט שטרוי, זיי זאָלן בלײַבן ריין ביז יאָמטעוו. א גאנץ יאָר דערלויבט מען אונדז בע־שום־אויפן ניט אזא פארגעניגן, און דאָ ליג איך אינמיטן וואָך אפן דיל, ווי ס'וואָלט געווען ערעוו פּייסעך!

איך מאטער זיך צו דערפילן דעם ערעוו־פּייסעכדיקן טאם פון שלאָפן אפן דיל און קאָן ניט: עס פעלט מיר דאָס קײַקלען זיך איבערן שטרוי, די פּײַכטקײַט פון די פריש־אויסגעוואשענע דילן און די ערעוו־פּייסעכדיקע רייכעס, מיט וועלכע די שטוב איז דעמלט פול. דער האר־טער דיל, דער זויערער רייעך פון ראָטשינע צוקאָפּנס פון אונדזער געלעגער, דאָס שקראבען פון מײַזלעך הינטערן באק־אויוון דערמאָנען מיר קעסיידער, אז דאָס איצטיקע שלאָפן אפן דיל איז גאָר־גאָר ניט קיין ערעוו־פּייסעכדיקס...

— זיאמקע, טאקע אן עמעס — דײַן מאמע געשטאָרבן?

דאָס פרעגט פון הינטערן ווענטל מײַן כאווער לייבקע, א יינגל מיט א קײַלעכדיקן קאָפּ, געדיכט באוואקסן מיט הארטע, שטייענדיקע האָר, ווי א בארשט.

— שטיל זאָל זײַן, סמארקאטש דו איינער! — בייזערט זיך אף אים זלאטע, די מאמע זײַנע. — פּאָף און לאָז די יעסוימים, נעבעך, שלאָפן.

מײַן ייִנגער ברודערל כאַפּט מיך פאַר א האַנט, טוליעט זיך צו מיר און שעפּטשעט:

— אוי, זיאַמעלע, איך האָב מוירע... — איך דריק אים צו זיך און באַמי זיך צו באַרויִקן אים, ווי איך קאָן.

— האָב קיין מוירע ניט, בערעלע! מיר שלאָפן דאָך זאַלבעננאַנד... איאָ, ס'איז גוט צו שלאָפן אַפן דיל? ווי ערעוו פּייסעך...

נאָר אַליין בין איך ניט געטרייסט! עפּעס איז דאָ סומנע, אומהיימלעך און פרעמד...

„מאָרגן פרי אופשטיין צו דער לעווײַע".

די דאָזיקע ווערטער שרעקן מיך ניט. פאַרקערט, איך דערפיל זיך א גאַנצער מעכוטן צו דער לעווײַע, צו דעם אַלעמען, וואָס בא אונדז אין שטוב טוט זיך.

מיט דעם דאָזיקן געפיל שלאָף איך אײַן מיט א פעסטן קינדערשן שלאָף.

אינדערפרי, ווען מע האָט אונדז, האַלב־פאַרשלאָפענע, צוריקגעבראַכט אהיים, איז שוין די גאַנצע גאַס פאַר אונדזער שטוב פול געווען מיט מענטשן. פאַר דער טיר איז געשטאַנען די לײדיקע שוואַרצע מיטע, און שמערל דער קאַברען — א קליין יידל, ביז די סאַמע אויגן פאַרוואַקסן מיט א געדיכטער געקרײַזלטער שוואַרץ־גרויער באָרד און מיט געדיכטע געקרײַזלטע ברעמען, — איז געזעסן אַפן ערשטן טרעפּל פון גאַנעק און גלײַכגילטיק געפּיפּקעט זײַן ציבעק, אָן וועלכן קיינער האָט שמערלען קיינמאָל ניט געזען, סײַדן שאַבאָסים אָדער יאָמטויווים. זײַן גאַנץ געשטאַלט האָט אויסגעדריקט: „כ'האָב ניט וואָס צו אײַלן זיך, דער באַרמינען וועט פון מיר ניט אַנטלויפן"...

דערזען שמערלען, האָב איך פאַרגעסן אָן דער געשטאָרבענער מאַמען. אָט דער סוידעספולער פאַרשוין האָט שוין לאַנג געבריצט מײַן קינדערשן נײַגער: שמערל שטעלט זיך מיר פאָר אויב ניט ווי דער

מאלעכהאמאָוועס אַליין, איז, לעכאָלהאפּאָכעס, ווי גאָר א נאָענטער מע־
כוטן זײַנער. שוין דאָס אַליין, וואָס שמערל האָט קיין מוירע ניט צו
נעכטיקן אפן בעסוילעם און, וועדליק מע דערציילט, אפילע מיט מייסים
אין טארעשטיבל, — איז א באוויַיז, אז ער איז אנדערש פון אַלע
מענטשן.

געשטאָרבענע איפּעלעך — „פּלאָטקעס", ווי זיי הייסן בא שמער־
לען, — טראָגט ער אפן בעסוילעם אין פּאָלע פון זײַן קאפּאָטע, אָפטמאָל
צו צוויי אף איינמאָל, צו איין „שטיקל" אין יעדער פּאָלע, אָט ווי שימען
דער שאמעס, זלאטע דער ברויט־בעקערנס מאן, טראָגט פאנאנדער צו
באַלעבאטים די לאבנס ברויט, וואָס זײַן וויַיב באקט אויס.

איך ווייס אפילע א מײַסע וועגן די „פּלאָטקעס".

אין איינעם א ווינטערדיקן טאָג, ווען דער פראָסט האָט געסמאַליעט
און א שנײַדנדיקער ווינט האָט געדרייט אינדערלופטן דעם טרוקענעם,
שטעכנדיקן שניי, איז שמערל מיט א „פּלאָטקע" אין פּאָלע אפן וועג
צום בעסוילעם, אף איין רעגע ארײַן צו יאָשע־מאָשע מינעס אין שענק
דערוואַרעמען זיך מיט א גלעזל שפּירעטעס. שמערל האָט זיך אזוי לאנג
„געוואַרעמט", ביז יאָשע־מאָשע מינעס — א שענקער מיט א פּאָנעם,
באָרד און ברעמען, ווי בא טאָלסטאָיען אף דער עלטער, — האָט אים
דערמאָנט:

— שמערל, שוין באַלד נאכט, צײַט דיר צו גיין.

מיט ניט גאנץ פעסטע טריט איז שמערל ארויס פון שענק.

קומענדיק אפן בעסוילעם, האָט ער זיך געכאפּט, אז איין פּאָלע איז
ליידיק: ער האָט פארלאָרן די „פּלאָטקע" ערגעץ אין שניי אפן וועג פון
שענק צום בעסוילעם.

אָט די דאָזיקע און אנדערע גרויליקע מײַסעס, וואָס גייען ארום אין
שטאָט וועגן שמערלען, פארנעמען איצט מײַן געדאנק. איך קאָן פון
אים די אויגן ניט אָפּרײַסן. מער פון אַלץ וויל איך דערגיין דעם סאָד:
וויִאזוי האָט ער עס קיין מוירע ניט פאר מייסים?

אַן אויסברוך פון מוירעדיקן יאָמער און גוואַלדיקע געשרייען, וואָס רייַסן זיך ארויס פון שטוב אין גאס אריַין, ווענדן אָפּ מייַנע געדאנקען פון שמערלען. דאָס קלאָגן אזוי מייַנע שוועסטער, בייס מע טראָגט ארויס די מאמע פון שטוב. עמעצער גיט מיך אַ כאַפּ אונטער די פּאכוועס און גיט מיך אַ זעץ אריַין אין אַ פול געפּאקטער דראָזשקע, ווו עס זיצן שוין צונויפגעקאָרטשעט מייַנע פארכאַלעשטע שוועסטער. זיי ספּאזמירן, כאַלעשן, ליגן אייַן די וועלט. אין אַ צווייטער דראָזשקע, מיט מומעס, פארגייט זיך אין געוויין מייַן ייִנגער ברודערל. בלויז איך איינער וויין ניט. איך פיל זיך שולדיק, וואָס איך וויין ניט אַ ביסל. מיט אַלע קויכעס מאטער איך זיך ארויסצוקוועטשן כאָטש איין טרער פון מייַנע אויגן און קאָן ניט. די האנאָע, וואָס איך האָב פון פאָרן, איז גרעסער פון מייַן צאר... ביז איצט האָב איך בלויז געוווּסט דעם טאַם פון פאָרן, אונטערהענגענדיק זיך הינטער אַ פויערש פורל, ריזיקירנדיק צו כאַפּן מיט דער בייַטש, און איצט פאָר איך אזא ווייַטן וועג אַף אַ דראָזשקע, ווי אַן עמעסער פּאסאזשיר, און איך קאָן דעם פארגעניגן ניט דערשטיקן אין זיך.

ווען מייַן אויג כאַפּט איינעם פון מייַנע כאווירים, וואָס פּלאָנטערן זיך צווישן אוילעם הינטער דער לעווייַע, צעציִען זיך מייַנע ליפּן ביט ווילנדיק אין אַ ברייטן שמייכל און מיר ווילט זיך זיי זאָגן: „אהא, איך פאָר, און איר — אַ פייַג!..“

1937

# די געהיימניספֿולע פֿאַרשווינדונג פֿון פּאַווליקן



ר האָט געהייסן פּאַווליק. איך — זיאַמקע. פּאַווליק איז געווען פֿלאַקסהאָריק, בלוי־אויגיק און האָט פֿאַרמאָגט אַ נעזל, וואָס האָט געקוקט אַרויף. איך בין געווען טונקלהאָריק, ברוין־אויגיק, און מײַן נעזל האָט געטײַטלט אַראָפּ. נאָר דאָס האָט אונדז ניט געשטערט צו זײַן פֿאַרקניפּט און פֿאַרבונדן איינער מיטן צווייטן ווי לײַבלעכע ברידער.

אויב איר ווילט, זײַנען מיר טאַקע געווען ברידער — מילך־ברידער. מע קאָן זאָגן — קימאַט אַ צווילינג.

מיר זײַנען געווען אין איינע יאָרן. ניין, אין איינע טעג. פּונקט דעמלט,

ווען פּאַווליקס טאַטע מיט זײַנע פֿרײַנט האָבן אויסגעטרונקען לעקאָוועד פּאַווליקס קרעסטינעס, האָט אַ מיניען ייִדן געהויבן צו מײַן טאַטן גלעזלעך „לעכאַיִם" און צוגעווונטשן אים, ער זאָל מיך, דעם נאַרוואָס געמאַלעטן, מעגאַדל זײַן לעטוירע, לעכופּע אולעמײַסים טויוויִם.

די ערשטע טעג נאָך פּאַווליקס — און מײַן — געבורט, ווען אַגאַפּיעס בריסט זײַנען צעשפּאַרט געוואָרן פֿון צופֿיל מילך, האָט מען מיך געבראַכט צו איר אָפּזויגן זי. פֿאַר מײַן מאַמען איז עס געווען אַ גליק: ניט זי האָט געהאַט מילך, ניט זי האָט געהאַט צײַט צו האָדעווען מיך. פֿאַר אַגאַפּיען, ווידער, איז עס געווען אַ גרויסע דערלײַכטערונג: אירע פֿולע, מעכטיקע בריסט זײַנען געווען שטײַף און איבערפֿולט, אַזש דער קאָפּ האָט באַ איר געררישט פֿון בלוט־צופֿלוס.

שווער געווען צו זאָגן, וועמען אַגאַפּיע האָט מער ליב געהאַט: מיך צי פּאַווליקן.

ביידן גלײַך געהאָדעוועט פֿון אירע בריסט, ביידן גלײַך געבאָדן אין דער וועש־מולטער, ביידן גלײַך געוויקלט, ביידן גלײַך אַרויסגעטראָגן אױפֿן גאָרטן און, פֿאַנאַנדערגעוויקלטע, אַוועקגעלייגט אױף איין קאָלדרע אין שאָטן פֿונעם אײַנציקן בוים, ביידן גלײַך אויסגעטיילט אייגע און די זעלביקע צערטלעכקײַטן און פּעטשלעך אין די ווייכע טיילן.

ווען די מאַמע איז עטלעכע יאָר שפּעטער געשטאָרבן, האָט אַגאַפּיע אינגאַנצן גענומען מיך אונטער איר שוץ.

ס'פֿלעגט פּאַסירן, איך און פּאַווליק צערײַסן זיך איבער אַ יעוואָנישן קנאָפּ אָדער איבער אַ שטיקל קאָלירט גלאָז, — האָט אַגאַפּיע ניט געפֿרעגט, ווער דער שולדיקער איז, נאָר אַ כאַפּ געטאָן פּאַווליקן פֿאַרן קאָלנער און אָפּגעשלײַדערט אים אָן אַ זײַט.

— איך וועל דיר געבן, היצעל דו איינער, קריוודען זיאַמקען!..

עטלעכע מאָל אין טאָג שרײַט זי אַריבער איבער דער ברייט פֿון דער גאַס צו מײַן עלטערער שוועסטער, וועלכע איז נאָך דער מאַמעס טויט געוואָרן די באַלעבאָסטע אין שטוב:

— ליובושקא, שיק נאָר אהער זיאמקען! זאָל ער גיין עסן פּאָזעמ־קעס מיט סמעטענע.

פארנאכט גיט זי מיך א נעם פאר דער האנט און, ניט קיין קרים געבנדיק זיך אפילע פון מײַנע געשרייען, זייפט זי מיר אָן א פולן קאָפּ, פארקלײַבט זיך מיט אירע פינגער ביז צו די סאמע טיפענישן פון מײַנע אויערן, ארויסגראבלענדיק פון זיי דאָס ביסל שמוץ, וואָס ס׳האָט זיך דאָרט אָנגעקליבן פארן טאָג, רײַבט מיט אן אָנגעזייפטן וויכעטש מײַנע פיס, פארשטויבטע ביז איבער די קני, און, א ריינעם, אן אויס־געצוואָגענעם, שיקט זי מיך אָפּ אהיים שלאָפן.

דער טאטע איז ניט איבעריק צופרידן דערמיט.

— „מײַן זיאמקע!" — וואָרטשעט ער אונטער. — א נײַער קאדעש אירער!..

נאָר העלפן זיך קאָן ער ניט: אגאפיע וועט איר רעכט אף מיר ניט אָפּגעבן, ווי זי וועט ניט אָפּגעבן איר רעכט אף מײַן „ברודערל" פּאוו־ליק. קריגן זיך מיט איר קאָן דער טאטע ניט: מיר און די זאכארטשוקס זײַנען פון קאמע יאָרן שכיינים. אונדזערע הײַזער שטייען, ווי די שטאָט־טויערן, איינס קעגן דעם אנדערן באם סאמע ארײַנפאָר אין שטאָט מיטן באָברויסקער טראקט.

אונדזער שטוב — א גרויסע, א כמורנע, אן אראָפּגעזעצטע און אָפּ־געלאָזענע, ווי אן אלטער מאן, וואָס דערלעבט שוין זײַן לעצט ביסל יאָרן, — פון איין זײַט טראקט; די זאכארטשוקס שטיבל — א קליינס, א ווײַס־אָפּגעקאלכטס, א פריילעכס, ווי א שטיפעריש, לאכנדיק ייִנגל, — פון דער צווייטער זײַט טראקט.

די שכיינים האָבן איינער פון צווייטן געהאלטן א וועלט.

— א לײַטישער מענטש ביז גאָר! — זאָגט דער טאטע וועגן אנדריי זאכארטשוקן. — קאָנסט אים אָנפארטרויען א מאיאָנטעק, וועט ער עס ניט אָנרירן. און גאָלדענע הענט האָט ער: ווילסט א באָנדער, איז א באָנ־דער, א טעסלער, איז ער דיר א טעסלער, א מולער, איז ער א מולער, טאָמער דארפט איר א דאך דעקן צי א ברונעם גראָבן, — אנדריי איז

אף אלץ א מײַסטער! און טרינקט קימאט ניט! — געפינט ער אויס גאָר א זעלטענע מײַלע זאכארטשוקס.

— גאָ־לאָ־ווא! — זאָגט זאכארטשוק מיט גרויס אָפּשײַ וועגן טאטן. — א קאָמפּמענטש! קיינער וועט דיר אזוי ניט ראסטאָלקאָווען אָן איניען, קיינער וועט דיר ניט געבן אזא גלײַכע אייצע, ווי כאַים. גאָלאָווא!

קיין גרויסע נאָענטקײַט איז צווישן די שכיינים, פונדעסטוועגן, ניט געווען.

— איך האָב מיט יידן באַנדארעס קיינמאָל קיין איבעריקע מאגע־מאסע ניט געהאט, וואָס זשע פאר א היסקארוועס קאָן שוין בא מיר זײַן מיט זאכארטשוקן דעם באַנדער? — זאָגט דער טאטע. — כ׳וועל אים א שטיקל ראמבאם פארטײַטשן, צי ספּינאָזעס פילאָסאָפיע מיט אים ארומ־שמועסן, וואָס?

נאָר מיר מיט פּאווליקן גייט עס לאכלוטן ניט אָן. ווי מיר זײַנען גע־ווען ברידער, אזוי זײַנען מיר פארבליבן ברידער, ווי א צווילינג.

צו פינף יאָר האָבן זיך אונדזערע וועגן אָנגעהויבן צעשיידן: מיך האָט מען אײַנגעשפּאנט אין יאָך פון טוירע און מיצוועס — אָפּגעגעבן אין כיידער, און פּאווליק איז, ווי פריִער, פארבליבן א פרײַער פויגל: גע־שפּילט זיך מיט הינט, געיאָגט טויבן, ארומגעלאָפן איבער די גאסן, גע־טאָן, וואָס זײַן הארץ גלוסט.

נאָר די כאווערשאפט אונדזערע איז דערפון ניט קלענער געוואָרן. ווי נאָר א פרײַע מינוט, אזוי לויף איך צו פּאווליקן אָדער פּאווליק צו מיר.

מיר שפּילן זיך אין די זאמד־גריבער הינטער זאכארטשוקס גאָרטן אָדער אין אונדזער סאָד.

ווי א פארוואָרפענער בעסוילעם ליגט הינטער אונדזער שטוב א פארוואָרלאָזטער, כאָרעוו־געוואָרענער סאָד: א פאָר צענדליק עפּלביימער מיט צווײַגן פארדארטע און צעקרימטע, ווי רעמאטעסדיקע פינגער בא א זקיינע; עטלעכע בארנביימער, וואָס ברענגען שוין לאנג קיין פרוכט ניט; ארום פארקן — א צייל לינדנביימער, וואָס בלויז זייערע קרוינד־

לעך גרינען נאָך א ביסל, דערנערנדיק זיך מיטן לעצטן ביסל זאפט פון זייערע האלב אויסגעטריקנטע וואָרצלען. אף א בערגל אינמיטן סאָד שטייט אָפּגעזונדערט אן איין־איינציקער, פון א דונער צעשפּאָלטענער, אויסגעהוילטער דעמב, ווי א מאציוווע אפן קייווער פון זײַנע אָפּגע־שטאָרבענע כאוויירים.

דאָ, אין דעם אויסהויל פונעם בוים, באהאלטן מיר זיך אויס פון גאזלאָנים, וואָס לויערן אף אונדז. מיר שפּירן אויס פײַנטלעכע ווילדע שוואָטים און פארברענגען די נעכט אין אונדזערע געפערלעכע נעסיִעס איבער מידבאָריעס און וועלדער.

אן אנדערשמאָל פארקלײַבן מיר זיך אין אונדזער גרויסן שפּײַכלער מיט די געקאָוועטע טירן — א זייכער פון דער אמאָליקער שעפע, — וואָס דינט אונדז אלס פעסטונג, אָדער מיר קלעטערן ארוף אפן דאך פון אונדזער האלב־צעפוילטער שטאל — א זייער אלטער שינדל־דאך, וואָס גרינט מיט מאָך און גראָזן ווי א געמויזעכץ, אָבער וועלכער ווערט בא אונדז פארוואנדלט אין א פּרעכטיקן פּאלאץ אָדער אין א רויבער־נעסט — עס ווענדט זיך, וואָס די שפּיל פאָדערט.

אין די זאמד־גריבער הינטער זאכארטשוקס גאָרטן בויען מיר פעס־טונגען, מיר גראָבן היילן און אונטערערדישע דורכגאנגען, ריזיקירנ־דיק פארשאָטן צו ווערן אונטער אן אָפּגעריסענעם בארג זאמד.

אויב פּאווליק איז לאנג ניט געקומען אהיים, האָבן שוין די זאכאר־טשוקס געוווּסט:

— אָן או זיאמקי.

ווען איך האָב האלבע טעג ניט געסטײַעט אין שטוב, האָט דער טאטע אומצופרידן געפרעגט:

— ווו ווערט עס דער באָכער פארפאלן גאנצענע טעג? מינאסטאמע שוין ווידער בא די זאכארטשוקס. א שיינער טאכלעס וועט פון אים ווערן. ניטאָ וואָס צו ריידן.

ער האָט קיינמאָל ניט פארפעלט די געלעגנהײַט צו מוסערן דעם „באָכער“:

— וואָס היניעסטו דאָרטן גאַנצענע טעג בא דעם פּאַוולִיק? וואָס ווּעסטו פון אים אָפּלערנען? הינט אַרומטרייַבן אָדער טויבן יאָגן? א כיידער־יינגל דאַרף זיך כאַווערן מיט יינגלעך זייַן גלייַכן און העכער, מיט לייַטישע, סטאַטעטשנע קינדער, פון וועלכע מע קאָן עפּעס לער־נען גוטס.

„מיט יינגלעך זייַן גלייַכן און העכער“! א מאָשל! וואָסער יינגל פון „מייַן גלייַכן און העכער“ קאָן זיך פאַרגלייַכן מיט פּאַוולִיקן? ווער פון זיי פאַרמאָגט אַזא טויבנשלאַק מיט טיגראַשעס, קראַסנאַגאָלאָווקעס, סי־זאַרקעס, טורמאַנעס? ווער האָט אַזויפיל שטייַגעלעך מיט פייגעלעך — קאַנאַריקעס, טשיזשן, שטשעגאָלן? ווער קאָן אַזוי גוט, ווי פּאַוולִיק, אויס־לײדיקן פייגלשע נעסטן? ווער איז אַזא בעריע אַף קריכן אין פרעמדע סעדער רייַסן עפּל? ווער שפּילט אַזוי גוט אין פלאַנטעס, אין ניעמצעס, אין באַבקעס, ווי פּאַוולִיק? ווער לויפט אַזוי געשווינד, ווער שווימט אַזוי פלינק — קראָל, בראַס, קלאַפּטער און אונטערן וואַסער, — ווי פּאַוולִיק? ווער קאָן אַזוי צונעמען און דערלאַנגען א קלאַפּ און ווער ווּעט זיך אַזוי אייַנשטעלן פאַר מיר, ווי פּאַוולִיק? מיט פּאַוולִיקן און מיט זייַן הונט פּאָלקאַן בא דער זייַט האָב איך פאַר קיינעם קיין מוירע ניט. און ער, דער טאַטע מייַנער: „מיט יינגלעך דייַן גלייַכן און העכער“!

איך קאָן ביכלאַל ניט פאַרשטיין מייַן טאַטן: ער אַליין זאָגט, אַז ער ווּעט ניט פאַרבייַטן איין זאַכאַרטשוק אַף צוויי אַנדערע ייִדן. פאַרוואָס זשע דאַרף איך פאַרבייַטן פּאַוולִיקן אַף עפּעס יינגלעך „מייַן גלייַכן און העכער“?

אַז דעם טאַטן ווערט ענג, גייט ער נאָך א גמילעסכעסעד צו זאַ־כאַרטשוקן.

— כ'וועל ליבערשט אַנטלייַען צען מאָל בא אים, איידער איין מאָל בא א ייִדן, — זאָגט דער טאַטע. — ער טראָגט דיר דעם פינף־און־צוואַנציקער אַנטקעגן בעקאָוועד גאָדל, און קיין בענאָדאָם ווּעט דערפון ניט וויסן.

דאָס לעצטע איז פאַרן טאַטן פּונקט אַזוי וויכטיק, ווי דער גמילעס־חסדים גופא.

די אויסגעצויגענע, פיל מאָל געצירעוועטע גאַרדינעס אַף אונדזערע פענצטער דאַרפן פאַרשטעלן פון דער וועלט דעם אײדעלן ייִכעסדיקן דאַלעס, וואָס הערשט שוין לאַנג בא אונדז אין שטוב.

אָבער אַגאַפיען וועט איר ניט נאַרן. זי ווייסט, אַז דער קאָפּ אין שטוב, די אופּטוערקע איז געווען די מאַמע, און אַז „זינט זעלדע — אַ ליכטיקן גאַניידן איר — איז געשטאָרבן, בידעווען זיי, נעבעך, אָרעמינקע". און מיט אַן אײדעלן אויסרייד ברענגט זי אָפּט אַרײַן, מײַסע שכיינע, אַ ביסל גרינס פון איר גאָרטן, אַ טעלער קאַרשן ערשט פון בוים, אַ טעפּל געבריטע מילך אָדער אַ לאַדעשקע זויערמילך.

— פאַר מײַן וויכאָוואַנעק, פאַר מײַן זיאַמקען.

אין האַרבסט שיקט זי אַרײַן מיט אַנדרייען אַ פּאָר זעקלעך קאַרטאָפל, עטלעכע צענדליק קעפּ קרויט, אַ זעקל בורעקעס פון איר גאָרטן — שפּײַז אַף אַ האַלבן ווינטער.

— עס גייט צו ווינטער, ליובושקאַ. מע דאַרף זיך אָנגרייטן. ווערסט באַצאָלן אַ צווייט מאָל, ווען דו ווערסט האָבן אַן איבעריקע קאָפּעקע.

דער טאַטע קערט זיך אָפּ און זיפצט שטיל. די שוועסטער דאַנקט און זאָגט צו „מירצעשעם אָפּצאָלן, ווי נאָר ס'וועט אַרײַנפאַלן אַ פרײַער רובל אין האַנט..." דערווײַל איז זי מעכאַבעד אַגאַפיען מיט אַ שטיקל געפילטע פיש, מיט געפילטע קישקע אָדער מיט אַנדערע ייִדישע מײַכאָלים — אויך מײַסע שכיינע.

אַז בא אַגאַפיען ווערט קראַנק אַ קינד, קומט זי צו דער שוועסטער.

— ליובושקאַ, גאָלובושקאַ! דו ביסט דאָך אַ געלערנטע. גיי גיב נאָר אַ קוק, וואָס סע טוט זיך מיט מײַן אַניוטקען.

און מיט אַ געניטער האַנט שמירט די שוועסטער אַניוטקען אין העלדזל, רײַבט איר קערפּערל מיט קאַמפער־אייל, גיסט איר אַרײַן אַ לעפל ריצנייל, און אַניוטקע ווערט געהאָלפן.

— הערסט, ליובושקא, איר זײַט ניט נאָר גוטע שכיינים, איר זײַט גוטע פרײַנט.

— אזא יאָר אף אונדז אלעמען, סארא גוטע שכיינים און טײַערע מענטשן איר זײַט! — בלײַבט די שוועסטער ניט קיין באלכויוו.

די שכיינעס צעקושן זיך — אזוי צופרידן זײַנען זיי איינע מיט דער צווייטער.

ווען פאווליק איז נעלעם געוואָרן, האָבן די עלטערן זײַנע, אנדריי און אגאפיע זאכארטשוק, ניט אזוי באומרויִקט זיך, ווי די עלטערע שוועסטער מײַנע און שפעטער דער טאטע.

אזייגער צען אין אָוונט איז אגאפיע ארויס פאר דער טיר פון איר שטוב און איבער דער ברייט פון דער גאס א רוף געטאָן:

— פאווליק! א, פאווליק! אהיים גיי, פאוו־ליק!

די שוועסטער האָט ארויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורכן אָפענעם פענצ־טער און צוריקגעשריִען:

— פאווליק איז בא אונדז ניטאָ, אגאפיע!

א האלבע שאָ שפעטער האָט אגאפיע ארײַנגעשטעלט דעם קאָפּ אין דער טיר פון אונדזער שטוב און א פרעג געטאָן:

— ניט געזען פאווליקן?

— ניין, אגאפיע, ער איז דאָ געווען נאָך מיטיק. פון דעמלט אָן האָב איך אים ניט געזען.

— און זיאמקע איז אין דער היים?

— יאָ, דעם גאנצן נאָכמיטיק אין דער היים. עפעס איז ער הײַנט דעם גאנצן טאָג אומגעגאנגען, ווי א קוואָקע. ניט מיט אלעמען, צי וואָס. נאָר אָוונט פארקליבן זיך אין בעט.

— ווו זשע האָט עס מײַן לײַדאק געקאָנט אהינקומען? איך וועל אים שוין געבן, דעם באָסיאק.

— עפשער פארבלאָנדזשעט? — האָט די שוועסטער ארויסגעזאָגט א האשאָרע.

— פארבלאָנדזשעט? ניטאָ אזא לאָך אין שטאָט און דרײַ מײַל ארום שטאָט, ווו פאווליק איז שוין ניט אויסגעווען. טרײַבט זיך, מינאסטאם, ערגעץ ארום מיט כעווריע, דער היצעל. ווארט, זאָל ער נאָר קומען אהיים, וועט אים שוין דער טאטע אָנשיטן א פולן הינטן.

איידער די שוועסטער איז געגאנגען שלאָפן, איז זי ארויס פאר דער טיר און א רוף געטאָן:

— אגאפיע, א, אגאפיע! פאווליק איז געקומען?

— ניין, ליובושקא, נאָך אלץ ניטאָ.

— אוי, ווײ איז מיר! ווו קאָן ער עס זײַן אזוי שפּעט? שוין באלד האלבע נאכט, — האָט די שוועסטער מיט גרויס אומרו געזאָגט.

אגאפיע האָט זי בארויִקט:

— דער טײַוול וועט אים ניט נעמען. אוואדע אוועקגעלאָפן צו דער מומע פראָסיע אף אָסטראָווע.

— געדארפט, פונדעסטוועגן, א זוך טאָן אים, — האָט די שוועסטער אלץ ניט געקאָנט בארויִקן זיך.

— ווער וועט עס אים גיין זוכן אום האלבע נאכט? אנדריי שלאָפט, און איך האָב זיך אזוי אָנגעמאטערט פארן טאָג, אז קוים וואָס איך שטיי אף די פיס. נישקאָשע, ער וועט גאנץ זײַן. א גוטע נאכט, ליובע.

— א גוטע נאכט, אגאפיע.

— וואָס מענטשן זײַנען! — האָט ליבע געטיילט איר אומרו מיטן טאטן. — פארפאלן געוואָרן א קינד, און זאָל עס זיי אָנהייבן ארן. געלייגט זיך שלאָפן, ווי ניט זיי מיינט מען.

— אָט, זיי ווערן דיר שטארק ניספּאָעל! — האָט דער טאטע דער־קלערט אף זײַן אויפן. — וואָס מיינסטו, זיי טרייסלען זיך איבער א קינד, ווי ייִדן?

— אָבער א קינד ווערט ניט... האלבע נאכט... מע קאָן דאָך, כאָלילע, פון זינען אראָפּ! — האָט די שוועסטער אלץ ניט געקאָנט זיך בארויִקן.

— שלאָף שוין, שלאָף! ער וועט גאַנץ זײַן, דײַן פּאַווליק.

ווען די שוועסטער איז פֿאַרטאָג אַרויס עפּענען די לאָדן, האָט זי שוין געטראָפֿן אַגאַפּיען אויף די פֿיס, זי האָט געמאָלקן די בעהיימע. נאָך פֿאַרן גוט־מאָרגן האָט די שוועסטער אַ פֿרעג געטאָן:

— געקומען פּאַווליק?

— ניין, ליובע, נאָך אַלץ ניטאָ. אַוואַדע פֿאַרגענעכטיקט בײַ דער מומע אויף אָסטראָווע, — האָט אַגאַפּיע, ניט אויפֿהערנדיק צו מעלקן, רויִק געענט־פֿערט.

— טאָ גיי אַריבער, אַגאַפּיע, ווער געוווּיר, ט׳איר געזען אַ ביסל מענטשן! שוין באַלד אַ מעסלעס, אַז אַ קינד איז ניטאָ, און זאָל עס זײַ כאָטש אַרן! — האָט די שוועסטער, ווי אַן אייגענער מענטש, איר פֿאַר־געוואָרפֿן.

— אוי, ליובע, סאַראַ מאָדנער מענטש דו ביסט! — האָט אַגאַפּיע, ניט איבעררײַסנדיק דאָס מעלקן, אויפֿגעהויבן די אויגן צו דער שוועס־טער. — איך דאַרף מעלקן די בעהיימע, איך דאַרף אָנקאָרמענען דעם כאַזער מיט די כאַזיירימלעך, איך דאַרף צוגרייטן פֿאַר אַ שטוב מענטשן עסן, איך דאַרף יעטן דעם גאָרטן. פֿולע הענט מיט אַרבעט — אַזש איך ווער צעריסן, זאָל איך עס אַלץ איבערלאָזן און גיין זוכן פּאַווליקן! אַנדריי דאַרף באַלד סײַוויסיי זײַן אויף אָסטראָווע, וועט ער שוין, אין איין גאַנג, אָפּטרעטן צו דער מומע.

אָבער פּאַווליק איז בײַ דער מומען ניט געווען. קיינער האָט אים אויך ניט געזען אין שטאָט. מע האָט אים געזוכט בײַם טײַך, אין בערעזניאַק הינטערן שטאָט, אין די זאַמד־גריבער, אַפֿן אַלטן מאָהילניק — אַלץ ערטער, וווּ פּאַווליק האָט ליב געהאַט צו פֿאַרקלײַבן זיך מיט פֿאַלקאַנען אויף גאַנצע טעג, — ניטאָ פּאַווליק, פּאַווליק איז ווי אין וואַסער אַרײַן!

— דו ווייסט ניט, וווּ איז פּאַווליק? האָסט ניט געזען פּאַווליקן? פּאַוו־ליק האָט דיר ניט געזאָגט, וווּהין ער גייט? — מיט אַזעלכע פֿראַגעס זײַנען צו מיר, שוין צום צענטן מאָל, צוגעשטאַנען אַגאַפּיע, דער טאַטע, די שוועסטער.

— ניין, איך ווייס ניט, ווו פּאווליק איז... כ'האָב פּאווליקן ניט געזען... יאָ, כ'האָב אים געזען... בלויז איין מאָל אים געזען: נעכטן נאָך מיטיק... ניין, מער האָב איך אים ניט געזען... כ'בין גאָר ניט רויט געוואָרן... טשעפּעט זיך פון מיר אָפּעט!..

— צי האָט ער זיך אמאָל ניט אוועקגעלאָזן צום פּעטער קיין ראָמאַנאָווקע, דער היצעל? — האָט פּאווליקס טאַטע ארויסגעזאָגט א האשאָרע.

— וואָס רעדט איר עפּעס, אנדריי איוואַניטש! — האָט די שוועסטער געטיינעט, — אַן אכטיאָריק קינד וועט אליין זיך אוועקלאָזן פאַר צען ווי'אָרסט אזש קיין ראָמאַנאָווקע! וואָס אייך קאָן איינפאלן.

— א גרויסע זאך פאַר פּאווליקן — צען וויאָרסט! פאַר דעם ווילדן יונג איז קיין זאך ניט צו קליין.

געווען שוין א שטיק נאָך האלבן טאָג, און פון פּאווליקן איז נאָך אלץ קיין שפּור ניט געווען.

די זאכאַרטשוקס האָבן אָנגעהויבן ווערן אומרויק. נאָך אומרויקער איז געווען די שוועסטער מיינע. זי איז אזוי געווווינט געווען צו זען אונדז ביידן שטענדיק צוזאמען, אז איצט, ווען פּאווליק איז ניט געוואָרן, האָט זיך איר געדאַכט אז עפּעס פעלט פון מיר אליין.

אפילע דער טאַטע האָט אָנגעהויבן ארויסווייזן סימאָנים פון אומרו.

— געדאַרפט זוכן אין טייך, דעם ברונעם געדאַרפט א גרונטעווע טאָן, — האָט ער געייצעט, — אין די זאמד־גריבער א קוק טאָן. מאלע־וואָס מיט א קינד קאָן פּאסירן.

די ידיעה, אז בא אנדריי זאכאַרטשוקן איז פאַרפאלן געוואָרן אַן אכטיאָריק יינגל, האָט זיך דערווייל שנעל פאַרשפּרייט איבער דער שטאָט.

די אָסטראָוויאנצעס פונעם ביישטאָטיקן פּאָסאַד אָסטראָווע האָבן אָנגעהויבן אונטערמורמלען, אז עפּעס איז דאָ ניט גלאַט.

אין מארק האָבן זיך געזאמלט קופּקעס אָסטראָוויאנצעס, וואָס האָבן ארומגערעדט די פּאסירונג פון אלע זייטן. עס האָבן זיך געפונען מענטשן, וועלכע האָבן זיך דערמאָנט, אז זיי האָבן נעכטן געזען, ווי עפּעס א ייד מיט א באָרד האָט געפירט א וויינענדיק יינגל פאַר א הענטל. עפּעס א פאַר־

שוין מיט א קליאַטשע־בערדל און אין שקראבעס אף באָרוועסע פיס האָט געוואָלט וויסן, ווי ווײַט ס׳איז נאָך צו דער ייִדישער פאסכע... אנדערע האָבן געוווסט צו דערציילן מייַסעס וועגן פארפאלן געוואָרענע קריסט־לעכע קינדער, וואָס זײַנען נאכער געפונען געוואָרן דערמאָרדעטע אף א געהיימניספולן אויפן.

טאראס באָרזענקאָ פון דער בויניע האָט יעדע ווײַלע אָפּגעשטעלט אן אנדער ייִדן און, זשמורענדיק די פארליאַמעוועטע אייגלעך אפן שמאל־ציקן פּאָנעם, קלוימערשט טאמעוואטע געפרעגט:

— טשי טי טאקי ניע ווּיעדאיעש, הדיע דיווסיא פאצאנאָק פאווליק?

— זיי וועלן דיר זאָגן! — האָבן אנדערע געענטפערט פאר די ייִדן. — בא זיי איז אכדעס — וואָ!

צו זאכארטשוקן האָבן אָנגעהויבן קומען פארשיידענע פארשוינען גע־ווירע ווערן:

— נאָך ניט געפונען זיך דײַן ייִנגל?

— בא ייִדן געדארפט זוכן, — האָבן זיך געפונען אייצעגעבער.

— פרעג דעם שאָכן דײַנעם. ער דארף וויסן.

די צאָל בײַגעריקע ארום זאכארטשוקס שטוב איז געוואקסן.

אגאפיע האָט זיי מיט בייזער געטריבן.

— קוקט נאָר אָן דעם האמויך, וואָס דאָ האָט זיך אָנגעקליבן! זעט נאָר דעם טומל, וואָס זיי האָבן דאָ אופגעהויבן! מע בעט זיי זיך מישן, די דארמאָיעדן. גייט, גייט, פונוואנען איר זײַט געקומען. מע וועט זיך שוין ווי־ניט־איז באגיין אָן אײַך.

ייִדן האָבן זיך באמיט אויסמײַדן די פארזאמלטע קופקעס אָסטראָ־וויאנצעס; קרעמער האָבן זיך געיִשעווט צווישן זיך, צי וואָלט ניט גלײַ־כער געווען שליסן הײַנט די קראָמען א ביסל פריִער. אן אומרו איז גע־האנגען איבער דער שטאָט.

פארנאכט זײַנען צום טאטן געקומען עטלעכע באלעבאטים זיך אן אייצע האלטן.

— געהערט, רעב כאיִם, וואָס סע טוט זיך אין שטאָט?

— וואָס טוט זיך אין שטאָט? כ׳בין היינט אין גאס ניט געווען. איך זע, דאָ, ארום די זאכארטשוקס, טומלט זיך עפּעס.

— וואָס רעדט איר, רעב כאַים, ארום די זאכארטשוקס! איר וואָלט זען, וואָס אין מארק טוט זיך! אומעטום רעדלעך... און נאָר מע הערט: יידן... א קריסטלעך קינד... פאראן שוין אײדעס, וואָס האָבן געזען, ווי א ייד האָט געשלעפּט פּאווליקן א וויינענדיקן...

— דער גאלעך פון סאָבאָר, פּראָטאָיערײ פּעראפאָנט, זאָגט מען, האָט היינט אין קלויסטער געדרופן דעם האמוין גיין אפן מאָנאסטירסקן מאָהילניק אָפּריכטן א טפילע אפן קייווער פון דעם „פון יידן פארפייניקטן" הייליקן גאווריליאָ...

— דער פּריאָר פון מאָנאסטיר, שמועסט מען, קלייבט זיך שיקן שליכים אין די ארומיקע דערפער רופן די פּויערים צו א קרייץ־צוג דעם קומענדיקן זונטיק. גאָט ווייסט, מיט וואָס אזא קרייץ־צוג קאָן זיך ענדיקן...

— מע זאָגט, אז דער סטארשי זשאנדארמסקער וואכמיסטער אָנופּריעוו האָט שוין אָנגעהויבן א שטילע אויספאָרשונג וועגן דעם איניען.

— אָנופּריעוו ווי אָנופּריעוו, נאָר דער פּריסטאוו באטורין לויפט שוין ארום און בישטערט, ווי א הונט אף פּאָליוואניע, — האָט יעדערער צוגעגעבן עפּעס ביים.

— איז וואָס זאָגט איר, רעב כאַים? איר זייט דאָך א ייד מיט א גלייכן קאָפּ. וואָס, רעכנט איר, דארף מען טאָן?

— העלפן זוכן אָדער, עפּשער, גלייכער ניט מישן זיך? ווי מיינט איר, רעב כאַים?

דער טאטע האָט אריינגענומען דאָס בערדל אין הויפן און האָט זיך פארטראכט. איצט איז ער, קאָנטיק, אומרויִק געוואָרן ניט בלויז פאר פּאווליקן, נאָר פאר זיך אליין, פאר דער שטאָט יידן.

— יאָ, די מייסע הייבט אָן ווערן כאלאָשעס... — האָט ער איינגעשטימט. — צי זאָלן יידן העלפן זוכן? — האָט ער זיך ווי מעיאשעוו געווען מיט זיך אליין. — ניין. ניט צווישן יידן איז ער פארלאָרן געגאנגען,

און ניט יידן דארפן אים געפינען. וואָרעם מיט וואָס זײַט איר זיכער, אז זיי וועלן ניט זאָגן, אז מיר האָבן זיך דערשראָקן און אונטערגעוואָרפן אים?

אָפּגעזאָגט און געקוקט אַף די יידן, ווי ער וואָלט פון זיי דערוואַרט אן ענטפער אַף דער געשטעלטער פראגע.

— איז וואָס זשע טוט מען פּאָרט, רעב כאים? עפּשער קלאפּן א דע־פּעש דעם גובערנאטאָר?..

דער טאטע האָט ווידעראמאָל א ווײַלע זיך מעיאשעוו געווען מיט זײַן בערדל און נאכער א רוף געטאָן די שוועסטער:

— ליבע, גיב נאָר, אַף טשיקאוועס, א רוף אַרײַן זאכארטשוקן! זאָג אים: אַף איין ווײַלינקע.

דערזען בא אונדז אין שטוב עטלעכע פרעמדע מענטשן, איז אנדריי אומזיכער געבליבן שטיין אפּן שוועל, צוגויפגעוויקלט און פארשטעקט דעם פּארטעך הינטערן גארטל און א פּיר געטאָן מיט דער האנט איבערן קאָפּ, אויסרייניקנדיק די סטרוזשקעס, וואָס האָבן געשטעקט בא אים אין די האָר.

— זיץ, אנדריי איוואניטש! — האָט דער טאטע אים פארבעטן.

— מיר האָבן קיין צײַט ניט, באלעבאָס. נו, מירן זיך אַף א ווײַלינקע צוזעצן. וואָס ווײַסטו עפּעס זאָגן, כאים אבראמיטש?

— זאָג מיר נאָר, אנדריי איוואניטש, — האָט דער טאטע א קער געטאָן זיך צו אים, — וואָס הערט זיך מיקויעך דײַן פּאווליקן? נאָך אַלץ ניט געפונען?

— ווו ווײַסטו אים, דעם שעד, געפינען? — האָט אנדריי מער מיט פּארדראָס ווי מיט אומרו געענטפערט.

— כ׳וואָלט געזאָגט, זאָלסט מעלדן דער פּאָליציי. זאָל זי העלפן זוכן אים, — האָט דער טאטע געראטן.

ווי דאָסראָוו מענטשן פון פאָלק, האָט אנדריי קיין גרויס צוטרוי צו דער פּאָליציי ניט געהאט און קיין גוטס פון איר ניט דערוואַרט.

— אנו איך ק ליאכו! — האָט ער א מאך געטאָן מיט דער האנט. — בעסער ניט אָנהייבן זיך מיט איר, מיט דער פּאָליציי, זי וועט דיך נאָך פארפלאָנטערן. ער'ט זיך שוין ווי־ניט־איז אליין געפינען.

— יאָ, אנדריי, — האָט דער טאטע אומבאשטימט געענטפערט, — אָבער אין שטאָט, פארשטייסטו מיך, טומלט זיך... פינצטערע מענטשן פארשפרייטן אלערליי נארישע קלאנגען, מע קאָן זאָגן — געפערלעכע מייַסעס...

— דאָס איז אויך ריכטיק, — האָט אנדריי, ווי שטענדיק, גלייַך מאָס־קים געווען מיטן טאטן. — עס קומט צו מיר הייַנט צו גיין עפּעס איינער א היצעל און נעמט מיך אויספרעגן: ווער זייַנען געווען פּאוליקס כאוויי־רים, מיט וועמען האָט ער זיך געשפּילט, איידער ער איז ניט געוואָרן, און נאָך טויזנט נארישע פראגעס. מיט וועמען, זאָג איך, זאָל ער זיך שפּילן? ווי אלעמאָל — מיט זיאמקען. ווער, וויל ער וויסן, איז דער זיאמקע? דא זיאמקע, זאָג איך, מייַן שאָכן כאַימס יינגל. וועסט זיי, זאָג איך, פאר קיין זאך אין דער וועלט ניט צעשיידן — מייַן פּאוליקן מיט זיאמקען. פרעגט ער מיך: צי האָב איך ניט כשאד אף דיר, כאַים, אז דו, הייסט עס, האָסט פארנארט מייַן פּאוליקן. — די דאָזיקע פראגע פון דעם „שלאק" זעט אויס אנדרייען אזוי קאָמיש, אז דערמאָנענדיק זיך אָן איר, צעציִען זיך זייַנע ליפּן אין א ברייטן שמייכל. — א נא קאַי ליאך אָן יאמו דאלסיא? — זאָג איך. ער האָט אייגענע פינף מייַלער צו זעטיקן, וועט ער נאָך בא מיר מייַנעם אוועקנעמען? — אנדריי באווייַזט ווידער א פול מויל געזונטע ציין. — אָט אזוי איז עס, כאַים אבראמיטש, מענטשן האָבן ניט וואָס צו טאָן...

דער טאטע און די איבעריקע ייִדן קוקן זיך איבער. פון אנדרייס טמי־מעסדיקע רייד איז זיי קלאָר, אז ס'איז ניט אזוי פּאָשעט, ווי ער מיינט.

— האקלאל, אנדריי, — האָט דער טאטע ארופגעלייגט א האנט אף זייַן שאָכנס אקסל, — דו דארפסט אוועקלייגן אלע אנדערע ארבעט אָן א זייט און זיך נעמען ווי געהעריק זוכן פּאוליקן. און אויב דו וועסט אים

ביז מאָרגן פרי ניט געפינען, דארפסטו מעלדן דער פאָליציי. דאָס וועט זײַן גלײַכער אי פאר דיר, אי פאר אונדז אלעמען.

— גוט, כאַיִם אבראמיטש. מירן שוין מוזן פאטערן א האלבן טאָג.

פארטײַעט, ווי א מײַזל, בין איך געזעסן אין א ווינקל און צוגעהערט זיך צו די שמועסן. וועגן וואָס עס האנדלט זיך, האָב איך געגוי ניט פאר־שטאנען, נאָר איך האָב געזען, אז דער טאטע און אלע אנדערע ארום אים זײַנען אומרויִק און ווי דערשראָקן, און עס האָט מיך געהויבן פון אָרט.

אין דער גאנצער שטאָט האָט בלויז איינער געוווּסט דעם סאָד פון פאווליקס אנטריגונג — איך, זײַן בעסטער כאַווער און שוטעף צו זײַן געהיימניספולער פארשווינדונג. שוין דעם צווייטן טאָג טראָג איך זיך ארום מיט דעם גרויסן סאָד אין הארצן. ער פּײַניקט מיך, ער מאטערט מיך, מאמעש איך ווער צעשפּארט פון דעם פארלאנג אופצודעקן די גע־היימניס. אכוץ אלעמען, ווילט זיך מיר מאכן א סאָף צו דער זוכעניש און צו דעם אומרו, וואָס האָט, ווי איך זע, אלעמען ארומגעכאפּט. אָבער ווי קאָן איך? א כאַווער טאָר מען ניט ארויסגעבן, און פאווליק האָט מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל קיינעם ניט אויסזאָגן, אז ניט, וועט ער מיט מיר קיינמאָל מער ניט שפּילן...

דער שטול אונטער מיר האָט א סקריפּע געטאָן. דער טאטע האָט מיך באמערקט און א רוף געטאָן:

— קום נאָר אהער, זיאמקע.

די קני האָבן מיר אָנגעהויבן ציטערן, מיר האָט זיך געדאכט, אז דער טאטע האָט אראָפּגעלייענט פון מײַן פּאָנעם אלץ, וואָס מיר איז באוווּסט וועגן פאווליקן.

מיט אומזיכערע טריט האָב איך זיך דערנעענטערט צום טיש און געבליבן שטיין מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

— זאָג נאָר, זיאמקע, — דער טאטע האָט מיך אָנגענומען פארן קין און אופגעהויבן מײַן קאָפּ, — דערמאָן זיך נאָר, עפּשער האָט דיר פאווּ־ליק געזאָגט, וואָס ער גייט טאָן אָדער וווהין קלײַבט ער זיך גיין?

די פארבן האָבן זיך מיר גענומען בייַטן אין פּאָנעם.

— זע נאָר, זע, ווי ער ווערט רויט און טויט! — האָט זיך מייַן שוועסטער אַרייַנגעמישט. — ניט אנדערש, אז ער ווייסט עפּעס. זאָג שוין, זאָג גיכער: דו ווייסט, ווו פּאווליק איז?

די אָנשטרענגונג איז געווען צו גרויס, און מייַן כאַוורשע געטרייַקייַט האָט געפּלאַצט.

— אוי, כ׳האָב מוירע, דער טאַטע ט׳מיך שלאָ־אָגן... — האָב איך זיך צערעוועט.

— כ׳וועל דיך ניט טשעפּען, — האָט דער טאַטע מיך באַרויִקט. — זאָג שוין, גיכער, וואָס ווייסטו.

— איך... איך בין ניט שולדיק, או־הו!.. נע־עכטן... נאָך וואַרמעס... או־הו... האָט פּאווליק מיך אייַנגערעדט גיין צו מאַליאַנקעוויטשן אין סאָד רייַסן עפּל, מהו־הו... — האָב איך געהאַלטן אין איין כליפּען. — מאַליאַנקעוויטש ט׳אונדז דערזען... אָנגערייצט אַף אונדז זייַן הונט, או־או־הו!.. איך בין קוים אַנטלאָפן... פּאווליקן געכאַפּט... דער הונט ט׳אַף אים צעריסן זייַנע נייַע מייַט־קעעס... ס׳היטל אַראָפּגעריסן, או־הו... פּאווליק ט׳מוירע קומען אהיים... דער טאַטע ט׳אים האַר־געגנעען. ט׳ער זיך באַהאַלטן! און — או־או־מהו... — האָב איך ווידער זיך צערעוועט אפן קאָל.

— אַלע בייזע כאָלימעס צו אונדזערע סאָנימס קעפּ! פאַרוואָס זשע האָסטו פריִער ניט געזאָגט? ער זעט, מענטשן ווערן מעשוגע זוכנדיק, און ער שטומט, טפו זאָלסטו ווערן! — האָט די שוועסטער אזש אויסגעשפּיגן פון פאַרדראָס.

און אַרויסשטעקנדיק דעם קאָפּ פון פענצטער, האָט זי זיך הויך צעשריִען איבער דער ברייטער גאַס:

— אגאַפיע, גיכער, קום אהער, פּאווליק ט׳זיך געפונען!..

ווישנדיק מיטן פאַרטעך די מילייענעס פון די פייַכטע הענט, איז אגאַפיע אייַלנדיק אַרייַן אין שטוב.

— ווו, ווו איז ער? ווער׳ט אים געפונען?

— אָט־אָ, ער, דער וויכאָוואנעק דײַנער. ווייסט, ווו ער איז, און האָט געשטומט! — האָט די שוועסטער אָנגעוויזן אַף מיר, ווי אגאפיע וואָלט שולדיק געווען פאר איר וויכאָוואנעקס מײַסים.

— אוי, גאָלדעלע מײַנס! — האָט זיך אגאפיע א וואָרף געטאָן צו מיר. — דו ווייסט, ווו פאווליק איז? פארוואָס זשע האָסטו מיר ביז איצט ניט געזאָגט?

— כ׳האָב מוירע געהאט פארן טאאאאטן... פאר פאווליקן מוירע געהאט... ער׳ט געזאָגט, ער׳ט מיר מאכן א טויט, אויב כ׳וועל אויס־זאָאָאָגן, או־או־הו...

— שא, שא, גאָלד מײַנס, הער אוף צו וויינען. איך וועל ניט לאָזן, מע זאָל דיך טשעפּען. זאָג, ווו באהאלט ער זיך, דער לײַדאק?

— יאָ, יאָ, לאָמיר שוין אמאָל הערן, — האָט מען מיך געצופּט פון אלע זײַטן.

— שא, ניט אלע מיטאמאָל! דאָס קינד איז דאָך, נעבעך, דערשראָקן אַף טויט, — האָט אגאפיע, ווי שטענדיק, גענומען מיך אונטער איר שוץ. — קום נאָר צו מיר, מײַן קרוין, זאָג מיר, ווו פאווליק איז.

— אין שטאל... אפן בוידעם... אונטערן היי...

— איך זע עפּעס, די טויבן גייען ניט פון נעכטן אָן אין טויבנ־שלאק! — האָט אנדריי ערשט איצט פארשטאנען די סיבע דערפון.

— אזא לײַדאק! פון נעכטן פרי אָן קיין זאך אין מויל ניט געהאט. — האָט אגאפיע אי באדויערט, אי באוווּנדערט פאווליקן.

— כ׳האָב אים באנאכט דערלאנגט ברויט און אוגערקעס... — האָב איך, נאָך אלץ כליפּענדיק, בארויִקט מײַן גוטע אגאפיע.

— אוי, א געזונט אין דײַנע ביינדעלעך, כאָכעם מײַנער!.. — אגאפיע האָט מיך אזש געקושט פאר מײַן „כאָכמע״. — נו, קומט שוין, לאָמיר אים אראָפּנעמען, דעם צירונג מײַנעם.

געפירט פון אגאפיען פאר דער האנט, האָב איך זיך מיט איר געלאָזט פאָרויס, און דער איבעריקער עולם נאָך אונדז.

אנדריי זאכארטשוק האָט פאַריסן דעם קאָפּ צום פענצטערל פון היי־בוידעם און א רוף געטאָן:

— עי, פאוליק, קריך נאָר ארונטער!

פאוליק האָט זיך ניט אָפּגערופן.

— פאוליק, האָב קיין מוירע ניט. דער טאַטע וועט דיך ניט טשעפּען, — האָט די מאַמע אים פאַרזיכערט.

פאוליק האָט ניט געגעבן קיין שום סימאָנים פון לעבן.

— צי ליגט ער דאָרטן ניט א פאַרכאַלעשטער? איבער א מעסלעס, אז א קינד ליגט אונטערן היי, — האָט די שוועסטער מיַינע זיך באַומרויִקט.

— סלעזיַי, פאוליק, באַראַנקו דאם! — האָט אגאַפּיע אָנגעווענדט אַן אויסגעפרוווט מיטל.

דערהערט „באַראַנקו", האָט פאוליק פאָרזיכטיק ארויסגערוקט דורכן דאַך־פענצטערל א צעפּאַטלטן קאָפּ און, אומרויִק באַטראַכטנדיק דעם פאַרזאַמלטן אוילעם, א פרעג געטאָן:

— א באַטשקאָ ביטש ניע בודזשע?

און ערשט נאָך דעם, ווי ער האָט פון טאַטנס אייגענעם מויל געהערט, אז ער וועט אים ניט טשעפּען, איז ער, אַן אָפּגעפליקטער, א צעשויבערטער, מיט א פולן קאָפּ היי, אראָפּגעקראָכן פון בוידעם.

— עך, פינצטערע מענטשן! אומזיסט אופגעהויבן א טומל! — האָט אומצופרידן א וואָרטשע געטאָן דאָס קליאָטשע־בערדל, וואָס האָט זיך ווער ווייסט פונוואַנען דאָ גענומען.

ווי אָפּגענאַרטע, מיט שטילן פאַרדראָס האָט דער פאַרזאַמלטער האַמוין אָנגעהויבן פאַנאַנדערגיין זיך.

1940

# צעזאַר און נעראָן



יך און מײַן כאַווער, נאָטקע דער אַלמאָנעס, האָבן בעשוטפעס געהאָדעוועט אַ הונט. דאָס איז געווען אַ געוויינלעכער גאַסן־הונט, אָן אַ היים און אָן אַ נאָמען. מיט שטיקלעך ברויט און מיט אָפּגעהריזעטע ביינער האָבן מיר אים פאַרנאַרט צו אונדז אין הויף אַרײַן, און אַזוי איז ער שוין בײַ אונדז פאַרבליבן. אונדזער ערשטע זאָרג איז געווען — אַ נאָמען פאַרן הונט. אַז אַ הונט האָט אַ באַלעבאָס, דאַרף ער האָבן אַ נאָמען. הינטישע נעמען האָבן מיר געוווּסט אַ סאַך: ריזשיק, שאַריק, זשוטשקאַ — פאַר קליינע הינטלעך; באַרבאָס, טרעזאָר, פאָלקאַן — פאַר גרויסע הינט. אָבער

הינט און הינטלעך מיט אזעלכע נעמען זיינען אף אונדזער גאס און אין די ארומיקע געסלעך שוין געווען א סאך, און איך מיט נאָטקען האָבן געבויט גרויסע פּלענער אף אונדזער הונט. האָט זיך אונדז געוואָלט אָנרופן אים מיט עפּעס א באזונדער נאָמען, וואָס זאָל אים גלייך אויס־טיילן פון אלע אנדערע הינט.

נאָך א לאנגן יישעוו־האדאס איז בא אונדז געבליבן, מיר זאָלן אים אָנרופן צעזאר — א נאָמען נאָך א דרעסירטן הונט פון א וואנדערנדיקן צירק, וואָס האָט ניט לאנג צוריק גאסטראָלירט בא אונדז אין שטאָט.

די ערשטע צייט האָט אונדזער קעסטניק — א היימלאָזער, הונגערי־קער הונט מיט א האלב־אויסגעקראָכענער פעל און איינטערדיקע אויגן — קיין שום צוטרוי צו אונדז ניט געהאט: א כאפּ געטאָן די סקאָרינקע צו דעם ביין, וואָס מיר האָבן אים צוגעוואָרפן, און וואָרטשענדיק אנטלאָפן דערמיט אין א ווינקל.

הריזענדיק דעם ביין, האָט ער פון אונדז קיין אויג ניט אראָפּגעלאָזט, ניט גלייבנדיק, אפּאָנעם, אז עס קאָן געמאָלט זיין, א מענטש זאָל צו־ווארפן א ביין, ניט נאָכווארפנדיק אף אים, דעם הונט, גלייך א שטיין. נאָר ווען צעזאר האָט זיך איבערצייגט, אז מיר מיינען פּאָשעט אָנזעטיקן אים, האָט ער אונדז אָנגעהויבן נאָכגיין פוסטריט און אף אלערליי אויפאַ־נים ארויסווייזן זיין הינטישע געטרייקייט, ווי ער וואָלט אונדז געוואָלט אָפּדאנקען פאר דער גוטער באציִונג צו אים, וועלכע ער האָט קיינמאָל פריִער ניט געזען — ניט פון מענטשן, ניט פון הינט זיין גלייכן.

געוווּנען צעזארס צוטרוי, זיינען מיר צוגעטראָטן צו פארווירקלעכן אונדזער גרויסן פּלאן.

מיט דער הילף פון שטיקלעך צוקער און שטיקלעך בייגל, אָפּגע־שפּאָרט פון זיך אליין, האָט נאָטקע, מיט גרויס געדולד און מיט גוטע רייד, געלערנט צעזארן אלע קונצן, וועלכע מיר האָבן געזען מאכן דעם געלערנטן הונט אין צירק: שטיין אף די הינטערשטע פיס, כאפּן שטיקלעך צוקער פון דער אייגענער נאָז, שפּרינגען דורך רייפן, מאכן זיך געפּייגערט, זיצן אנטקעגן א ביין און ניט צורירן זיך צו אים, כאָטש די

סלינע איז אים גערונען פֿון מויל; אראָפּרײַסן מײַן היטל פֿון קאָפּ און ברענגען עס נאָטקען, טראָגן זאכן צווישן די ציין פֿון איין אָרט צום צווייטן און נאָך אזעלכע קונצן, וואָס נאָר איין נאָטקע האָט געקענט א פּאָשעטן גאס־הונט אויסלערנען.

דערפֿירט צעזארן קימאט צו דער מאדרייגע דרעסירטקײַט פֿונעם געלערנטן הונט אין דעם וואנדערנדיקן צירק, האָבן מיר פֿארווירקלעכט די צווייטע העלפֿט פֿון אונדזער גרויסן פּלאַן: געעפֿנט בא אונדז אין שטאל אן אייגענעם צירק.

די פּרײַז פֿאר א בילעט האָבן מיר אײַנגעשטעלט — איין קאָפּעקע. ווער עס האָט ניט קיין קאָפּעקע, איז א גוטער קנאָפּ אויך געלט.

אין אונדזער פֿאנטאזיע האָבן מיר שוין געזען בערג מאָראָזשענע, הרודעס צוקערקעס און טײַכן סאָדע־וואסער מיט זאפט — די פֿרוכט פֿון אונדזער מי, די פּראָפֿיטן פֿון אונדזער גראנדיעזער אונטערנעמונג.

אונדזערע האָפֿענונגען זײַנען מעקויעם געוואָרן נאָר אף א העלפֿט: קנעפּלעך האָבן מיר געלייזט לאָרויוו, נאָר קאָפּעקעס — ווייניקער, ווי מיר האָבן דערווארט.

די ראָלן אין דעם ניי־געעפֿנטן צירק האָבן מיר אײַנגעטיילט אזוי: איך בין צירק־דירעקטאָר, אקראָבאט און קונצנמאכער. נאָטקע — כײַעס־צוימער און זשאָנגלער. איך בין געשטאנען באם ארײַנגאנג פֿון צירק און אָפּגענומען די סאך קנעפּלעך און די קנאפּע קאָפּעקעס, צעזעצט, ריכטיקער — צעשטעלט דאָס פּובליקום אף די ערטער. בייס דער פֿאָרשטעלונג זיך געבראָכן אף דער טראפּעציע — אונדזער פֿארעווע וואלגערהאָלץ, צוגעבונדן אף צוויי שטריקלעך צום בעלעק, געגאנגען אף די הענט, געשטאנען אפֿן קאָפּ, אָנגענומען א פֿול מויל מיט גאזע און געשפּריצט דערמיט אף א ברענענדיק פּאפּיר, געהאלטן א פּאפּיראָס מיט דער פֿארייכערטער זײַט אין מויל און געבלאָזן דעם רויך „פֿון מויל, פֿון נאָז און פֿון די אויערן“.

נאָטקע האָט זשאָנגלירט מיט א שטעקל אפֿן שפּיץ פֿינגער און אפֿן צאָן, געוואָרפֿן דרײַ פּילקעס און קיין איינע ניט געכאפּט און — צום שלוס

פֿון דער פּראָגראַם — געוויזן קונצן „מיט אַ געלערנטן הונט און מיט אַנדערע ווילדע כייעס“ — ווי ס׳האָט געמאָלדן דער דירעקטאָר, כאָטש קיין „אַנדערע ווילדע כייעס“, אויב מע זאָל ניט רעכענען אונדזער קאַץ, וואָס איז געזעסן אין אַ ווינקל און אויסגעלעקט די פֿליי פֿון איר פֿעל, — זיינען אין צירק ניט געווען.

מיין פּראָגראַם האָט קיין גרויס דערפֿאָלג ניט געהאַט, ווייל יעדער איינער פֿונעם פּובליקום האָט געקאָנט באַווייזן די זעלביקע קונצן, אויב ניט מער, נאָר נאָטקע מיט זיין געלערנטן הונט האָט אַרויסגערופֿן גוואַלדיקן בייפֿאַל.

איינמאָל, אין רעכטן ברען פֿון אַ פֿאָרשטעלונג, בייס איך בין געשטאַנען אויפֿן קאָפּ און געדריגעט מיט די פֿיס, וואָס האָט, ווי דער דירעקטאָר האָט געמאָלדן, געדאַרפֿט פֿאָרשטעלן, ווי „איך רייט אויף אַ פֿערד, שטייענדיק מיטן קאָפּ אַראָפּ“, — איז אין צירק מיטאַמאָל שטיל געוואָרן. גלייך נאָך דעם האָב איך דערפֿילט, ווי עמעצער האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן פֿאַר אַ פֿוס.

מיין ערשטער געדאַנק איז געווען, אַז דאָס איז אַ פּלוצלינגדיקער איבערפֿאַל פֿון אונדזער ערגסטן סוינע ליפּע־די־ליפּ, מיט וועלכן מיר פֿירן אַן אייביקע מילכאָמע. האָב איך אַרויסגעלאָזן אונדזער אינדיאַנישן קריגס־רוף:

— העי, טשורדאַ־מורדאַ־כאַלאַבורדאַ! דעקט אים מיט זיין כעוורע! נאָטקע! רייץ אויף אים אָן צעזאַרן!

צו מיין גרויס וווּנדער, האָט זיך מיין כאַיל ניט אָפּגערופֿן. און אַזוי ווי איך בין שוין געלעגן מיטן פּאָנעם אין שטויב און מיין סוינע האָט מיך פֿעסט געהאַלטן פֿאַרן קאַרק, האָב איך געביטן די קריגס־טאַקטיק:

— ליפּע־די־ליפּ, לאָז אָפּעט! שאָלעם!

— איכ׳ל דיר געבן, הולטיי דו איינער! איך וועל דיר ווייזן, ווי צו קריכן אויף די גלייכע ווענט און פֿאַטערן גאַנצענע טעג אויף גאָרנישט!

דאָס מאָל בין איך אויפֿגעשפּרונגען אויף די פֿיס מיט דער פֿלינקייט פֿון אַן עמעסן אַקראָבאַט. פֿאַר מיר איז געשטאַנען ניט ליפּע־די־ליפּ,

נאָר מייַן טאטע. זייַן פּאָנעם און בליק האָבן מיר קיין גוטס ניט צוגעזאָגט.

— סי־סי... סי ניט מייַן קאָמעדיע... ניט מייַן הונט... נאָטקעס.

— קום, קום! איך וועל דיר ווייַזן, ווי ארומצוטרייַבן זיך מיט הינט, די הויט וועל איך פון דיר אראָפּשינדן, באָד־יונג דו אייגער! און דייַן פארשיוון הונט וועל איך נאָך הייַנט איבערגעבן עליע דעם היצעל, זאָל ער אים צורעכט מאכן.

בענעגייע מייַן הויט האָט דער טאטע געהאלטן וואָרט, נאָר בענעגייע מייַן הונט האָט ער זייַן סטראשונעק ניט געקאָנט אויספילן: נאָך איידער ער האָט באוויזן ארומקוקן זיך, איז פון נאָטקען מיטן הונט, ווי פון גאנצן פּובליקום, קיין זייכער ניט פארבליבן.

נאָך אזא מיִעסן דורכפאל איז בא אונדז אין הויף פארן הונט מער קיין אָרט ניט געווען. האָבן מיר אים אריבערגעפירט צו נאָטקעס מאמען אפן גאָרטן אינעם שטרויענעם בייַדל, ווו נאָטקע און זייַן עלטערער ברודער צאליע האָבן געגעכטיקט, אָפּהיטנדיק דאָס גרינס פון גאנאָווים.

נאָטקעס מאמע, ליע די אלמאָנע, האָט פּונקט אזוי ליב געהאט הינט, ווי מייַן טאטע, אָבער וואָיעווען מיט נאָטקען צוליב א הונט האָט זי קיין קויעך ניט געהאט און קיין צייַט אויך ניט. דער קאָפּ האָט איר קעסיידער געדארט פון זאָרג: ווי זעטיקט מען אָן „זעקס קישקעס אָן דעקן“. אגעוו, איז דער צעניאָריקער נאָטקע שוין געווען א שטיקל מאנצבל אין שטוב: ער האָט געהיט דעם גאָרטן, ער האָט געטראָגן קוישן גרינס אין מארק ארייַן, געהאָלפן אין שטוב, — האָט ליע ניט געקאָנט ארומקריגן זיך מיט אים צוליב א הונט.

— זאָלסטו אזוי קויעך האָבן צו לעבן, ווי איך האָב קויעך צו וואָיעווען מיט דיר, היצעל דו אייגער! — דאָס איז געווען אליץ, וואָס זי האָט געזאָגט, ווען זי האָט צום ערשטן מאָל דערזעון צעזארן בא זיך אפן גאָרטן.

— וואָס ארט דיך, מאמע, ער וועט אונדז היטן דעם גאָרטן, — האָט נאָטקע זי בארויִקט.

— היטן זאָל איך שוין די נעשאָמע דײַנע, טרײפֿענער בײַך וואָס דו ביסט?

דערמיט האָט זיך לײיעס פּראָטעסט געענדיקט. צעזארן אליין האָט זי ניט געטשעפּעט. פֿאַרקערט, ווען אפֿן הארצן איז איר ניט געווען שטארק אָנגעזאָליעט, האָט זי אים נאָך אָפּטמאָל צוגעוואָרפֿן א פּיצל ברויט אָדער א טרוקענעם טשאָלנט־בײַך.

נאָטקע האָט געלערנט צעזארן נײַע קונצן, און מיר האָבן געווארט אַף בעסערע צײַטן, ווען מיר וועלן ווידער קאָנען עפֿענען א צירק און פֿאַר־דינען קאָפּעקעס און קנעפּלעך. אָבער, אפּאָנעם, ניט באַשערט געווען אונדז צו האָבן נאַכעס פֿון צעזארן, און צעזארן — אויסלעבן זײַן רעשטל הינטישע יאָרן ווי א לײַטישער הונט.

אין איינעם א הייסן זומערדיקן פֿרײַטיק באַטאָג, נאָרוואָס באַפֿרײַט זיך פֿון כיידער, האָבן מיר, איך און נאָטקע, גענומען צעזארן און זײַנען אוועק צום טײַך אַף די קאָלאָניעס באָדן זיך.

גײן אַף די קאָלאָניעס איז פֿאַר ייִדישע ייִנגלעך פֿון אונדזער גראַד געווען א היפּשע אײַנשטעלעניש: צו די קאָלאָניעס האָט מען געדאַרפֿט גײן דורך דער סאַדאָוווער גאַס — די פּריצישע גאַס, אַף וועלכער עס האָט געוווינט די נאַטשאַלסטווע פֿון שטאָט: דער איספּראַווניק, דער מיראָוואָי סודיא, דער סמאָטריטעל פֿון אָסטראָג, דער גלאַוונער אקציזניק, דער מאַרשאַלעק, דער זעמסקי נאַטשאַלניק, דער קאַזנאַטשיי, דער דירעק־טאָר פֿון גימנאַזיע און אנדערע גרויסע לײַט און פּריצים. דאָ, אַף דער סאַדאָוווער גאַס, איז אויך געווען די „אוטשעניטשעסקע קוואַרטיר“, די דירע פֿאַר אויסערשטאָטיקע גימנאַזיסטלעך. גלײַך נאָך דער סאַדאָוווער גאַס האָבן זיך אָנגעהויבן די קאָלאָניעס, — עטלעכע שטילע, זאַמדיקע, מיט סעדער באַוואַקסענע געסלעך, ווו עס האָבן געוווינט — יעדערער אין זײַן שטיבל, מיט זײַן גערטנדל, מיט זײַן הינטל און מיט זײַן קאַ־

נאריקל אין שטײַגל — קלײנע באאמטע, אלטע פענסיאָנערן, פאראָרעמטע אלטע פריצטעס און אנדערע „אָרעמע, אָבער נאָבעלע" לײַט.

יעדן ייִדיש ייִנגל — כוץ די, וואָס האָבן געטראָגן גימנאזיסטישע היטלען מיט הערבן, אָדער סטאם באקאנטע גווירישע קינדער, — האָבן די גימנאזיסטלעך פון דער סאדאָווער גאס און די ייִנגלעך פון די קאָ־לאָניעס באטראכט פאר זייער סוינע און געהעריק אים באגעגנט: אָנגע־רייצט אף אים הינט, פארוואָרפן מיט שטײנער, אז שוין גאָר גוט — בא־וויזן אים א כאזערשן אויער און נאָכגעשריִען: „זשיד כאלאמיי, האָמאָ־נאָוואָ אוכאָ!"

און נאָר דרײסטע יאטן, גרײטע צו ענטפערן מיט א קלאפּ אף א קלאפּ, האָבן זיך אײַנגעשטעלט צו גײן זיך באָדן אף די קאָלאָניעס. די איבעריקע האָבן זיך געמוזט באנוגענען מיט באָדן זיך אף זארעטשיע אונטערן בריק, ווו דאָס וואסער איז געווען ניט אזוי טיף און ניט אזוי ריין, ווי אף די קאָלאָניעס.

אונדזער קאָמאנדע, אונטער דער אָנפירונג פון דעם אטאמאן פישקע־בלינדע־קישקע, האָט זיך קײנמאָל ניט געלאָזט אָפּשרעקן פונעם סוינע. מיר האָבן געפירט אָפּטע מילכאָמעס מיט די גימנאזיסטלעך און פּרי־צישע זינדלעך פון דער סאדאָווער גאס און פון די קאָלאָניעס, און די צוזאמענשטויסן האָבן זיך ניט שטענדיק געענדיקט מיט אונדזער מאפּאָלע.

איצט, מיט צעזארן לויפנדיק פאָרויס, זײַנען מיר געגאנגען ווי אף אן אײַזערנעם בריק. אָהאָ! זאָל נאָר עמעצער פּרווון אונדז פארטשעפּען, וועלן מיר זיי ווײַזן, ווער מיר זײַנען! צעזאר וועט זיי צערײַסן אף שטיקלעך!

אָבער דאָס מאָל האָט די געפאר געלויערט אף אונדז פון א גאנץ אנדערער זײַט, פונוואנען מיר האָבן זי גאָר ניט דערוואַרט.

מיט אן אָפן מויל און מיט אן ארויסגעהאנגענער צונג איז צעזאר געלאָפן פאָרויס, אומקוקנדיק זיך אלע ווײַלע אהינטער, ווי ער וואָלט

אונדז צוגעײַלט: „גייט גיכער, דאָ איז אַזוי הייס און שטויביק, און דאָרט וואַרט אַף אונדז טײַך און שאָטן. רירט זיך!..“

נאָר אַף דער סאַדאָווער גאַס האָט ער זיך אַליין פאַרהאַלטן לעבן איספּראַווניקס שטוב, ווו ס׳איז אין שאָטן פון צעוואַקסענע קאַשטאַנען־ביימער געלעגן דעם איספּראַווניקס באַליבטער הונט נעראָן.

דאָס איז געווען אַ הונט פון דער הינטישער מישפּאָכע קורצהאָריקע סענבערנאַרס. אַ גרויסער, ווי אַ קאַלב, מיט אַ גלאַטער, גלאַנציקער פעל, עטוואָס געדרונצלט באַם האַלדז, מיט אַ האָריקער ברוסט, מיט אַ קײַלעכדיקן קאָפּ און טעמפּער מאָרדע, מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם ווײדל, אַ גלאַטן, ווי אַ קאַלבאַס, און מיט לאַנגע, שטאַרקע פיס, באַוואַקסן פון דער אינוויינוויקסטער זײַט מיט שטייענדיקע האָר.

ווען נעראָן האָט, שטייענדיק אַף אַלע פיר, זיך אויסגעצויגן אין זײַן גאַנצער לענג, אָנשטרענגענדיק אַלע מוסקולן פון זײַן שטאַרקן קערפּער, איז אין אים געווען עטוואָס, וואָס האָט דערמאָנט אָן זײַנע אור־אורעלטערן — דעם וואָלף און די וואָלפיכע פון די ווײַטע דזשונגלס, נאָר ווען ער איז, אין האַלב־דרעמל, געלעגן מיט אַן אַרויסגעהאַנגענער צונג, האָט מען אין אים גלײַך געקאָנט דערקענען דעם פויל־געוואָרענעם און אָפּגעלאָזענעם שטוב־הונט, וואָס ער אַליין און זײַנע עלטערן, אַ סאַך דורות פאַר אים, האָבן שוין געלעבט פונעם גרייטן און באַוועלכן די אינסטינקטן פון דער צוק־כּײַע זײַנען שוין לאַנג אײַנגעשלאָפן.

דערזען צעזאַרן לעבן נעראָנען, האָבן מיר נאָך פונווײַטנס גענומען רופן:

— צעזאַר, צעזאַר! נאַ, צעזאַר, קום אַהער! נאַ, נאַ!

גערופן האָבן מיר ניט דערפאַר, ווײַל אונדז איז ניט אָנגעשטאַנען צעזאַרס באַקאַנטשאַפט מיט נעראָנען, נאָר ווײַל מיר האָבן געוווּסט, אַז קיין גוטס קאָן פון דער באַקאַנטשאַפט ניט אַרויסקומען — ניט פאַר צעזאַרן, ניט פאַר אונדז.

יעדער איינער אין שטאָט האָט געקענט דעם איספּראַווניקס הונט,

ווי מע האָט געקענט דעם איספּראַווניק גופֿע. ווען נעראָן האָט זיך באַוויזן אין גאַס מיטן איספּראַוויקס רײַט־בײַטשל צווישן די ציין, האָט מען געוווּסט, אַז הינטן קומט נאָך דער איספּראַווניק אַליין, און יעדערער האָט געאײַלט אָפּצוטרעטן אים דעם וועג. טאָמער האָט זיך נעראָנען פֿאַרגלוסט מאַכן אַ שפּאַציר אײנעם אַליין אָן דעם באַלעבאָס, האָט ער עס אויך געקאָנט רויִק טאָן, זײַענדיק זיכער, אַז קיינער וועט ניט וואַגן אָנצורירן ניט זײַן פֿעל, ניט זײַן קאָוועד.

מיט לאַנגזאַמע פּוילע טריט האָט ער זיך אָפּט שפּאַצירט איבער די טראָטואַרן, ווי איבער זײַן אייגענעם הויף. פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט ער זיך אָפּשטעלן און פֿאַרקוקן זיך אויף אַ שוועלבל, וואָס איז דורכגעפֿלויגן איבערן וועג, אָדער אַ כאַפּ טאָן מיטן מויל אַ פֿליג און ווײַטער רויִק גיין זיך זײַן וועג.

דאָס, וואָס יעדערער טרעט אָפּ זײַן הונט דעם וועג אין דער צײַט, ווען אַנדערע הינט, וואָס פּלאָנטערן זיך אונטער די פֿיס, כאַפּן אַ שטויס מיטן פֿוס, — האָט דער איספּראַווניק אָנגענומען פֿאַר זעלבסטפֿאַרשטענדלעך. און נעראָן האָט זיך אַוואַדע ניט פֿאַרטראַכט וועגן דעם.

נעראָן, כאָטש ער האָט געטראָגן דעם נאָמען פֿון גרויזאַמען און בלוטדאָרשטיקן רוימישן הערשער, איז בעטעווע געווען אַ רויִקער, פֿלעגמאַטישער און גוטער הונט. אַפֿילע אויף די פּויערים, וואָס פֿלעגן קומען צום איספּראַווניק מיט זייערע קריוודעס און באַקאָשעס, פֿלעגט ער אויך בילן מער פֿון כּיוון — צו בילן אויף אַן אָרעם אָנגעטאָנענעם מענטשן — ווי פֿון בייזקייט. אָפּגעטראָטן נעראָנען דעם וועג האָט מען ניט אויס מוירע פֿאַר אים אַליין, נאָר פֿאַר זײַן באַלעבאָס. יעדערער אין שטאָט האָט געוווּסט, אַז דער איספּראַווניק איז פֿאַר זײַן הונט אַ קאַפּאָרע, און ווײ איז צו דעם, וועמ ס'וועט אָנרירן זײַן ליבלינג.

צום איספּראַווניק, האָט מען געוווּסט, קאָן מען צוקומען אָדער דורך זײַן ווײַב, אָדער דורך זײַן הונט. ער אַליין נעמט ניט...

ווער ס'האָט געפֿונען כּיין אין נעראָנס אויגן, האָט אַלץ געקאָנט פּויעלן באַם איספּראַווניק. אויף וועמען נעראָן האָט געוואָרפֿן אַן אומכיין,

יענער איז געווען אונטער א שטארקן כשאד באם איספראווניק און האָט אפילע מיט מאטאָנעס דער איספראווניציכע גאָרנישט געקאָנט פויעלן בא אים.

אָבער צעזארן איז ניט באקאנט געווען ניט נעראָנס ייִכעסדיקע אָפּ־שטאמונג, ניט זײַן הויכע לאגע. פאר אים איז נעראָן געווען א הונט, ווי אלע הינט. איז ער אים ארומגעגאנגען און ארומגעשמעקט און געוואָלט זיך כאווערן מיט אים, ווי מיט א הונט זײַן גלײַכן, ניט אומקוקנדיק זיך אין זײַן הינטישער גלוסטעניש אף אונדזער רוף און אונדזער פײַפן צו אים, ווי ער וואָלט עס גאָר ניט געהערט.

צי נעראָנען איז ניט אָנגעשטאנען די באקאנטשאפט מיט א נאוואָט־נעם גאסן־הונט, צי די הינט זײַנען איבער עפּעס אנדערש ניט דורכגע־קומען צווישן זיך, נאָר ווען מיר זײַנען צוגעלאָפן צום איספראווניקס הויז, האָבן זיי זיך שוין ביידע, ריטשענדיק און וואָיענדיק, געקײַקלט אף דער ערד אין א בלוטיקן גראנגל.

דער ריינבלוטיקער נעראָן איז געווען א סאך גרעסער און אָן אן ערעך שטארקער פון צעזארן — דעם געוויינלעכן גאסן־הונט, און נע־ראָן האָט אים גלײַך פון אָנהייב געהאט אונטער זיך. אָבער דאָס העפ־קער־לעבן, דער ביטערער קאמף מיט אנדערע היימלאָזע הינט זײַן גלײַכן פאר יעדן צופעליקן בייך, די בוכצעס מיט די פיס, די שטעקנס און שטיינער, וואָס ער האָט אין זײַן הינטיש לעבן ארײַנגעכאפּט פון יעדערן, ווער ס'איז נאָר ניט פויל געווען צו שלאָגן, — האָבן אויסגע־ארבעט אין צעזארן א גרעסערע ווידערשטאנד־קראפט, אויסגעלערנט אים צו זײַן פארביטערטער אין קאמף און אומראכמאָנעסדיקער צום קעגנער, ווי דער נאָכגעגעבענער און אויסגעכאָליעטער נעראָן, וואָס האָט פון הינטלווײַז אָן טאָמיד געלעבט אין ראכוועס און ווילטיק.

ליגנדיק אונטער נעראָנען, האָט צעזאר ניט אופגעהערט פארביטערט צו קעמפן פאר זײַן פעל: געריטשעט, געשטשירעט די ציין, געריסן שטי־קער פון זײַן קעגנער. זײַן גאנצע מאָרדע איז געווען אין בלוט פון אייגענע ווונדן און פון ווונדן, וואָס ער האָט געמאכט זײַן סוינע. נעראָנס

אויערן זײַנען צעפּליקט געװען אױף שטיקלעך און זײַנען געהאַנגען װי בלוטיקע פּרענזן.

מיר און נאָטקען האָט זיך זייער געװאָלט זען, מיט װאָס די שלאַכט װעט זיך ענדיקן. מיר האָבן געגאַרט זען די מאַפּאָלע פֿונעם איספּראַװו־ניקס הונט ניט װײניקער, װי מיר האָבן געװאָלט זען די מאַפּאָלע פֿון אונדזערע סאָנים — די גימנאַזיסטלעך און קאָלאָניסטן, אָבער די מוירע פֿאַרן איספּראַװוניק איז געװען צו גרויס, אַז מיר זאָלן זיך דערװעגן בלײַבן דאָ כאָטש איין מינוט לענגער און מיר האָבן זיך געלאָזט לויפֿן צוריק אַהיים אַזוי גיך, װי נאָר אונדזערע באָרװעסע פֿיס האָבן אונדז געקאָנט טראָגן.

װען מיר זײַנען שוין געװען באַם ראָג גאַס, האָט צעזאַרס פֿאַר־צװייפֿלטע סקאַװוטשערײַ געצװוּנגען אונדז אומקוקן זיך אַהינטער. דאָס, װאָס מיר האָבן דערזען, האָט פֿאַרקילט דאָס בלוט אין אונדזערע אָדערן: דער איספּראַװוניק אַלײן, צעיושעט און פֿול מיט רעציכע, האָט אַרומגע־טאַנצט אַרום די צונױפֿגעקלאַמערטע הינט, װאָס האָבן זיך געקײַקלט אין איין בלוטיקן קנויל איבער דער ערד, און מיט שוים אױף די ליפּן געהאַקט מיט אַן אַנטבלויזטער שװערד איבער צעזאַרן.

אָן אָטעם האָבן מיר זיך געלאָזט לויפֿן װײַטער, װי דער איספּראַװו־ניק װאָלט נאָך אונדז אַלײן זיך געיאָגט מיט זײַן אַנטבלויזטער שװערד. מער האָבן מיר זיך אַהינטער ניט אומגעקוקט. צעזאַרס גסיסעדיק הוילן האָט אױפֿגעהערט, און מיר האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז קיין הונט האָבן מיר שוין מער ניט...

איבער דער שטאָט איז געהאַנגען אַ כמאַרע. דער איספּראַװוניק האָט געלאָזט װיסן, אַז ער װעט ניט רוען, קאָלזמאַן ער װעט ניט דערגיין, װעמען ס׳האָט געהערט דער פֿאַרשיװער הונט, װאָס האָט געװאַגט אָנ־צופֿאַלן אױף זײַן נעראָנען.

אז דער הונט האָט געהאט א באַלעבאָס, איז פאַר אים קלאָר: „ער איז געווען צו גוט אין ליַיב און צו ריין פאַר א גאסן־הונט“. און ער איז זיכער, אז דאָס איז געווען א ייִדישער הונט. ער קען אין שטאָט יעדן הונט, וואָס פּאַרדינט, מע זאָל אים קענען, און קיין איינער פון זיי איז ניט ענלעך אף דער פאַרשיוועטער דוואָרניאַגע. עס האָט דערהויפּט נאָך קיינמאָל ניט פּאַסירט, אז צווישן קריסטלעכע הינט און זיַין נעראָנען זאָל פאָרקומען א ריַיסעריַי. נאָר א ייִדישער הונט פון געמיין בלוט און נידעריקן שטאם האָט געקאָנט האָבן די כוצפּע אָנצופאַלן אף זיַין נאָבעלן, ראַסעווון נעראָן.

— איך וועל די זשידקעס אָנלערנען! איך וועל זיי איינציקוויַיז דורכ־טרייבערן, אָבער דעם אייגנטימער פונעם פאַרשיוון הונט וועל איך גע־פינען! — האָט דער איספּראַווניק געסטראַשעט.

די אויספאָרשונג האָט זיך אָנגעהויבן דעם זעלביקן טאָג. ביידע אָקאָ־לאָדאָטשניקעס און א גאַנצע כאָפּטע גאָראָדאָוואָיעס זיַינען אומגעלאָפן פון איין ייִדישער שטוב צו דער צווייטער, פון איין הויף צום צווייטן און געזוכט די שפּורן פונעם שולדיקן הונט, אָבער קיינער האָט זיך אַלס באַלעבאָס פונעם הונט ניט געוואָלט אָנרופן.

צערייצט פון דעם דורכפאַל, האָט די פּאָליציי גענומען אָנווענדן רעפּרעסיעס: געשריבן פּראָטאָקאָלן, ארופגעלייגט שטראָפן, פאַרפירט מישפּאָטים און אָנגעמאַכט כורבוינעס אין די מאָגערע בייטלעך פון גרויסע און קליינע קאַפּצאָנים.

ס'איז דערגאַנגען אזוי וויַיט, אז די פּאָליציי האָט גענומען מאַכן אקטן פאַר סמעטניקעס, וואָס זיַינען דוירעסלאַנג געלעגן אף די הויפן און ס'האָט קיינמאָל קיינעם ניט געקימערט. אָדער שטראָפירן פאַר אויס־גיסן פּאָמויניצעס פאַר די טירן, וואָס אויב מע זאָל פאַר אזעלכע זאַכן שטראָפירן, דאַרף מען שטראָפירן האַלב שטאָט.

מער פון אַלעמען האָט זיך באַמיט דער אָקאָלאָדאָטשניק זאַכאַרקין. אויספילן דעם איספּראַווניקס באַפעל איז פאַר זאַכאַרקינען געווען א פראַגע פון ערע און פּרעסטיזש: סטיַיטש, ער, וואָס איז געבאָרן און

אויסגעהאָדעוועט געוואָרן צווישן ייִדן, וואָס רעדט ייִדיש ווי א ייִד און ווייסט, „וואָס בא יעדער ייִדלאַק אונטער די נעגל טוט זיך", — ער וועט ניט דערגיין, וועמעס הונט דאָס איז געווען!

א קליינוואוקסיקער, אין א מונדירל קימאט אָן אָפּיצערסקן, דאָס ווײַס־פּלאַקסיק בערדל ארויסגערוקט פאָרויס, ווי ער וואָלט עס געשיקט אויס־שפּירן פאר אים דעם וועג, איז ער, מיט גיכע טריטעלעך און מיטן רעכטן זײַטל פאָרויס, אומגעלאָפן גאנצענע טעג איבער דער שטאָט און, ווי א יאגד־הונט, געשמעקט און געניִשטערט די שפּורן פונעם פאר־ברעכער.

ער האָט באשטראָפט קרעמער פאר צו פרי עפענען און פאר צו שפּעט פארמאכן זייערע קראָמען, פורמאנעס — פאר האלטן ניט ריין זייערע געשפּאנען, באלעבאטים — פאר צעבראָכענע בריקלעך, פאר אויסגעקרימטע פּלויטן, פאר פוסטע וואסער־פעסלעך בא זייערע הײַזער, מארק־ווײַבער — פאר פארמיסטיקן דעם מארק, באלמעלאָכעס — פאר ארבעטן אָן פּאטענטן, פאר אָפּגעבליאקעוועטע שילדן. ניט געווען קיי־נער, וואָס זאָל אַף זיך ניט פילן דעם צאָרן פון דעם צערייצטן האר און הערשער פון שטאָט.

זאכארקין האָט געוואָרנט, אז דאָס איז ערשט אָן אָנהייב, אויב מע וועט אים ניט ארויסגעבן דעם שולדיקן.

אָבער אָן דערפאָלג: דער הונט איז געבליבן אָן א טאטן.

דער איספּראווניק אליין איז אומגעגאנגען איבער דער שטאָט א פינצטערער, א בייזער, אָן אָנגעכמורעטער. און ווי איז געווען דעם, ווער ס'איז אים געקומען אונטער דער האנט אין די דאָזיקע גרויזאמע טעג!

מיר מיט נאָטקען האָט אוואדע שטארק ווי געטאָן דער טראגישער סאָף פון צעזארן — אונדזער איבערגעגעבענעם פרײַנט, אונדזער בא־שיצער פון סאָנים און געלערנטן פארנאָסעגעבער. נאָר מיר זײַנען שוין קימאט געווען צופרידן, וואָס דער איספּראווניק האָט אים דערהארגעט אפן אָרט. וואָרעם וואָלט צעזאר ארויס א לעבעדיקער פון זײַנע הענט,

וואָלט ער דאָך אנטלאָפן אהיים און געבראכט נאָך זיך דעם איספּראַווניק גלײַך צו אונדז. אָך־און־ווי וואָלט דאַן געווען צו אונדז!..*

אָבער אויך איצט, כאָטש צעזאָר האָט אוועקגעטראָגן דעם שרעקלעכן סאָד מיט זיך אין קייווער אַרײַן, — זײַנען מיר דאָך ניט געווען רויִק, ווײַל וואָס טוען מיר, אויב עמעצער פון אונדזערע צירק־באַזוכער כאַפּט זיך אַרויס מיט א וואָרט וועגן אונדזער געלערנטן הונט? וואָס וועט מיט אונדז דעמאָלט זײַן?! מיר האָבן גאָר מוירע צו טראַכטן וועגן דעם.

און אונדזער שרעק איז געווען ניט אומזיסט.

איינמאָל אינדערפרי, מיר זײַנען נאָרוואָס אופגעשטאַנען, ערשט — זאַכאַרקין איז דאָ.

עס האָט מיר א טיאָכקע געטאָן אין האַרצן: שוין אַליין זאַכאַרקינס וויזיט האָט קיין שום גוטס ניט צוגעזאָגט.

— נו, כאַיִם, — האָט ער אָן שום האַקדאָמעס א זאָג געטאָן, — דײַן הונט וועט דיר טײַער קאָסטן.

דער טאַטע האָט לעכאַטכילע ניט פאַרשטאַנען, וועגן וואָס זאַכאַר־קין רעדט. וואָסער הונט? וועמעס הונט? א הונט איז קיינמאָל אין זײַן גוואוּף ניט געשטאַנען.

— דו האָסט קיין הונט ניט געהאַלטן, האָט דײַן יינגל געהאַלטן. א געּ־לערנ־טער איז ער בא אים געווען!.. א צירק האָט ער מיט אים געמאַכט. זאַכאַרקין ווייסט אַלץ, פון זאַכאַרקינען וועסטו קיין זאַך ניט אויסבאַהאַלטן.

מיר איז קאַלט געוואָרן אין אַלע גלידער. אַזוי איז עס: עמעצער פון ליפּע־דער־ליפּס כעווּרע האָט אונדז געמאַסערט.

דער טאַטע איז אַזש בלאָס געוואָרן: ער האָט זיך, אַפּאָנעם, דערמאָנט אָן דעם הונט, וועלכן ער האָט אַנומלט זיך געקליבן מאַכן פאַר א פייגער.

— גאָספּאָדין אָקאָלאָדאָטשני! איוואַן פּעטראָוויטש! דער הונט איז גאָר ניט געווען מײַן יינגלס הונט! א גאַנצע כאָפּטע לאָבוסעס זייערע האָט זיך דאָרטן געשפּילט מיט עפּעס א פריבלודנעם הונט בא מיר אפן

הויף, האָב איך זיי אַלעמען דורכגעטריבן אינײנעם מיטן הונט נאָך מיט צוויי כאַדאָשים צוריק. און פון דאַן אָן...

— נו, באַלעבאָס, — האָט אים זאַכארקין איבערגעשלאָגן, — טײַנען דאַרפסטו ניט מיט מיר, נאָר מיט אים, מיטן גאָספּאָדין איספּראַוניק. ער וועט זיך שוין פאַנאַנדערקלײַבן...

געוויינלעך, אַז ס׳פלעגט קומען צו רייד וועגן מוירע פאַר נאַ־טשאַלסטווע, פלעגט דער טאַטע זאָגן, אַז פאַרן עמעס איז ער גרייט צו שטרײַטן „אַפילע מיטן איספּראַווניק אַליין". נאָר איצט, כאָטש ער האָט אין דער מײַסע מיט צעזאָרן געפילט זיך אינגאַנצן אומשולדיק, האָט ער דאָך קיין מינדסטן כיישעק ניט געהאַט צו פאַרפירן א וויקוּעך מיטן איספּראַווניק.

מיט ציטערנדיקע הענט האָט ער אַרויסגענומען צוויי פּאַפּירענע קערבלעך פון קעשענע און אַרײַנגעשטופּט זיי זאַכארקינען אין יאַד אַרײַן.

— איך בעט אײַך, גאָספּאָדין אָקאָלאָדאָטשני!

— אָט וואָס איך וועל דיר זאָגן, כאַים, — איז זאַכארקין גלײַך פרײַנטלעכער געוואָרן. — איך וואָלט דיר גערן געהאָלפן אין דײַן איניען. פאַרוואָס ניט העלפן אַן ערלעכן מענטשן? נאָר די זאַך, פאַרשטייסטו מיך, שטעקט דאָ דערין, וואָס איך האָב שוין דעם איספּראַווניק ראַפּאָר־טירט, אַז כ׳האָב דעם אייגנטימער פונעם הונט אויסגעפונען, אַזוי אַז אויסבאַהאַלטן דיך פון אים איז שוין איצט אוממעגלעך. דו ווייסט דאָך, וואָס הייסט פאַר אים פאַרטשעפּען זײַן ליבלינג! דאַרף מען דאָ דעריבער דייסטוועווען זייער דעליקאַטנע! אַז ניט, קאָן אָנשטאָט א טויווע אַרויס־קומען א ראָע אי פאַר דיר, אי פאַר מיר.

זאַכארקין האָט אָנגעבויגן זײַן קאָפּ אָן א זײַט און, דרייענדיק די בלאָנדע וואָנצע, א ווײַלע זיך פאַרטראַכט, דערנאָך זיך א קער געטאָן צום טאַטן.

— אָט וואָס כ׳וועל דיר ראַטן, באַלעבאָס: מאָרגן, אַזייגער צוועלף, גיי אַריבער צום איספּראַווניק און פאַרענטפער זיך, ווי דו קאָנסט, אַזוי

און אזוי, גנעדיקער האר איספראווניק, ס'איז א ריינער בילבל אף מיר. עמעצער, א סוינע מײַנער, מינאסטאמע, האָט ארײַנגעפירט דעם גאָספּאָ־דין אָקאָלאָדאָטשנע אין טאָעס... כ'האָב אין לעבן קיינמאָל קיין הונט ניט געהאָדעוועט. ניט איך, ניט מײַנע קינדער... דערבארעם זיך אף אן אומשולדיקן מענטשן. מיט איין וואָרט, רייד מיט געבעט, לאָז א טרער, ער האָט דאָס ליב... נו, קורץ, טו, וואָס דו קאָנסט, און איך וועל טאָן פאר דיר, וואָס איך קאָן. און גיב אכטונג, אין וואָס פאר א שטימונג ער איז. וועסטו האָבן מאזל צו טרעפן אים אין א גוטער שאָ, איז רעכט, אז זאָלסט אָפּקומען מיט גאָרנישט... נו, זײַ געזונט דערווײַל. מירן זיך נאָך מיט דיר זען...

— דו זעסט, וואָס דו האָסט דאָ אָנגעמאכט? — האָט דער טאטע זיך א נעם געטאָן צו מיר, ווי נאָר זאכארקין איז אוועק. — איצט וועט מיר שוין קיין צאָרעס ניט פעלן. ווארט, ווארט, לאָמיר נאָר אָקאָרשט פאָטער ווערן פון זיי, וועל איך זיך נעמען צו דיר. דו וועסט שוין, דאכט זיך, פארזאָגן א צענטן ארומצוטרײַבן זיך מיט הינט!

די גאנצע גאס האָט גלײַך געוווּסט, אז זאכארקין האָט געפונען דעם באלעבאָס פון דעם שולדיקן הונט און אז מע האָט דעם באלדאָווער ארויסגערופן צום איספראווניק.

און כאָטש יעדערער איז אין הארצן צופרידן געווען, וואָס איצט וועט עפּשער נעמען א סאָף צו די שטראפן מיט די אקטן, האָט מען, פונדעסט־וועגן, דעם טאטן מיטגעפילט.

— א ראכמאָנעס אף כאַימען. ער וועט שוין איצט האָבן צו זינגען און צו זאָגן.

א גאָראָדאָוואָי אָן א מונדיר, די ארבל פון דער קאָלירטער ציצענער העמד פארשארצט איבער די עלנבויגנס, מיט א גלאנציקן שטיוול אָנ־געצויגן אף דער לינקער האנט און מיט א בערשטל אין דער רעכטער

האנט האָט האלב געעפנט די היגטערטיר פונעם איספּראווניקס הויז און שטרענג א פרעג געטאָן:

— טיעבע טשעווא?

א האלב קערבל איז געווען דער ענטפער אף דער בייזערדיק־שטרענגער פראגע.

די טיר האָט זיך גלייַך געעפנט.

— צו זייער וויסאָקאָבלאגאָראָדיע? — האָט דער פּאָליציייִשער שטיוולפוצער שוין פרייַנטלעכער געפרעגט. — מיט א פּראָשעניע?

— ניין, אזוי... באפוילן קומען...

— טאק־ס... אָבער א ביסל צו פרי געקומען, באטענקא. זיי שלאָפן נאָך. שפּעט געקומען פון קלוב. געטאָגט שוין, ווען זיי זייַנען געקומען אהיים. נו, אויב דו ווילסט צוווארטן — ווארט. ער דארף, פונדעסטוועגן, באלד אופשטיין. פּאָרט שוין א שטיק נאָך האלבן טאָג. זעץ זיך אָן דאָרט אפן בענקל און ווארט.

איבערלאָזנדיק דעם טאטן אין קאָרידאָר, איז ער, הוקנדיק אף דער גלאנציקער כאָליעווע, פארשווונדן הינטער דער קיך־טיר.

נעראָן איז געלעגן אין וויגקל אף א קליין טעפּיכל. דערזען דעם טאטן, האָט ער אופגעהויבן דעם גרויסן קאָפּ פון די אויסגעצויגענע פּאָ־דערשטע לאַפּעס. גאכער אופגעזעצט זיך אף די הינטערשטע פיס, א צי געטאָן מיט דער נאָז די לופט און אופמערקזאם באטראכט דעם אומבאקאנטן, מעיאשעוו זייַענדיק זיך, אפאָנעם, וואָס האָט ער דאָ צו טאָן: צי איז ער מעכויעוו א ביל טאָן, ווי אף אן אומגעבעטענעם גאסט, אָדער, פּארקערט, קלאַפּן מיטן וויידל אָן דיל אלס צייכן פון גוטפרייַנטשאפט.

מיט זייַן געניט הינטיש אויג האָט ער גלייַך דערזען, אז דער פרעמדער געהערט צו יענער קאטעגאָריע צווייפיסיקע, וועלכע מע דארף באַגעגענען פרייַנטלעך. די, אף וועלכע מע דארף האווקען און אָפּטמאָל אפילע כאפּן פאר די פּאָלעס, טראָגן ניט אזעלכע קליידער און די פיס גלאנצן בא זיי ניט אזוי, ווי בא אָט דעם.

אָפּגעמאַכט בא זיך, אַז דער אומבאַקאַנטער געהערט צו אייגענע לײַט, האָט נעראָן א פּאָר מאָל א קלאַפּ געטאָן מיטן ווײדל אָן דיל רעכטס און לינקס, נאָכער ברייט א גענעץ געטאָן און צוריק זיך אויסגעצויגן געמיטלעך אפן טעפּיכל פאר דער טיר, ווי ער וואָלט געזאָגט: „זייַ זיך, אויב דיר געפעלט, און איך וועל נאָך דרעמלען א ביסל". נאָר, פונדעסט־וועגן, האָט ער, פון צווישן די האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, אונטערגעקוקט אפן פרעמדן: ביסט טאַקע, הייסט עס, א גאַנץ לײַטישער מענטש, נאָר אכטונג געבן שאַט ניט...

דער טאַטע האָט געקוקט אפן הונט מיט מער כשאַד, ווי דער הונט אף אים. מער פון אַלץ האָט ער מוירע געהאַט, אַז נעראָן זאָל זיך ניט צעבילן. ווײַל זאָל ער נאָר א ביל טאָן אף אים, אַזוי ווערט ער געפּאַסלט באַם איספּראַווניק.

— צע־צע־צע! — האָט ער געקנאַקט מיט דער צונג און געוווּנקען צום הונט, ווי ער וואָלט געזאָגט: „דו זעסט דאָך אַליין, אַז איך בין קיין שלעכטס, כאַלילע, ניט אויסן. לאָמיר זײַן גוטפרײַנט..."

נעראָן האָט ברייט פאַנאַנדערגעעפנט זײַנע מילדע ברוינע אויגן און מיט זײַן הינטיש־איבערגעגעבענעם בליק פרײַנטלעך געקוקט אפן פרעמדן, פאָכנדיק דערבײַ מיטן ווײדל, — א סימען, אַז ער איז גרייט אופצונעמען די אָנגעבאָטענע פרײַנטשאַפט.

דאָס האָט דעם טאַטן צוגעגעבן מוט צו פּרוּוון ווערן נעענטער מיטן איספּראַווניקס האָדולניק, וועלכער קאָן אים דאָ א טויווע טאָן מער, ווי אַן אַנדער מענטש... שמייכלענדיק צו אים נאָך ברייטער, האָט ער אים גערופן צו זיך:

— נאַ, נאַ! נעראָן! קום אַהער, נעראָנטשיק, נאַ, נאַ! — האָט ער קעסיידער געטשמאָקעט מיט דער צונג און געקנאַקט מיט די פינגער.

נעראָן האָט ניט געאײַלט זיך אופגעהויבן אין זײַן גאַנצער גרייס. צע־שפּרייט די שטאַרקע פיס, אָפּגעטרייסלט זיך, ברייט און לאַנג א גענעץ געטאָן, אויסגעווישט מיט זײַן לאַנגער, פײַכטער צונג פריִער איין אויג, דערנאָך דאָס צווייטע און ערשט דערנאָך מיט גרויס זעלבסטווירדע צו־

געגאנגען צום טאטן און אוועקגעשטעלט זיך פאר אים אין אזא פּאָזע, ווי ער וואָלט געזאָגט: „ווילסט מיך א גלעט טאָן — גלעט. וואָס קאָן דאָס מיך ארן...״

ניט גאנץ זיכער האָט דער טאטע אויסגעצויגן די האנט און פּאָרזיכ־טיק א קיצל געטאָן דעם הונט צווישן די אויערן. נעראָן האָט אונטער־געוואָרטשעט פון פארגעניגן און צוטרוילעך אוועקגעלייגט זיין גרויסן קיילעכדיקן קאָפּ אף זיין נייעם פריינטס קני.

דאָ האָט שוין דער טאטע א ביסל דרייסטער געגלעט דעם הונט איבערן קאָפּ און איבערן רוקן. ער האָט זיך אפילע אָנגענומען מיט מוט אריינצונעמען אין דער האנט נעראָנס טעמפּע מאָרדע. נעראָן האָט שנעל א רוק ארויס געגעבן זיין פייכטע צונג און א לעק געטאָן זיין פריינטס האנט. פון אומגעריכטקייט האָט דער טאטע א כאפּ געטאָן די האנט צוריק. נעראָן האָט אף אים א קוק געטאָן מיט פּאָרוואורף. און, אפּאָנעם, קעדיי צו איבערצייגן זיין נייעם פריינט, אז ער האָט די בעסטע קאוואָנעס, האָט דער הונט ארופגעשטעלט די פּאָדערשטע לאפּעס אף דעם טאטנס קני און מיט זיינע גוטע אויגן פון א כייע, וואָס האָט קיינ־מאָל ניט געדארפט זיך שלאָגן פאר א צופעליקן ביין און האָט דעריבער קיין סיבע ניט צו זיין שלעכט, — אריינגעקוקט אים אין פּאָנעם אריין.

דעם טאטן האָט זיך געדאכט, אז אָט־אָט עפנט דער הונט דאָס מויל און זאָגט: „איצט זעסטו שוין, אז מע דארף פאר מיר קיין מוירע ניט האָבן?״...

ווי א מענטש, וואָס האָט קיינמאָל ניט געהאָדעוועט קיין הינט און זייער באטור ניט געקענט, האָט דער טאטע נאָך אלץ ניט געטרויט נעראָ־נען: פּאָרט א הונט!.. נעראָן אָבער האָט אזוי ווארעם געקוקט אים אין די אויגן אריין און אזוי פריינטלעך געפּאָכעט מיטן וויידל, אז דער טאטע האָט דערפילט א ווארעמקייט אין הארצן צו אָט דער גוטער כייע, וואָס ווייזט צו אים ארויס אזויפיל צוטרוי און לאשטשעט זיך צו אים ווי צו אן אייגענעם...

— אך, דו גוטער הונט, אך, דו ווילדער הונט, א טײַערער הונט, אף מײַן וואָרט!.. ווען דו קאָנסט ריידן, וואָלסטו זיכער געבעטן פאַר מיר בא דײַן באַלעבאָס...

א פאָר מינוט איז דער איספּראַווניק געשטאַנען אין טיר פון קאַבי־נעט און שווײַגנדיק צוגעקוקט זיך צו דער פרײַנטשאַפט־סצענע צווישן זײַן הונט און דעם אומבאַקאַנטן מענטשן. זײַן פּאָנעם, געוויינטלעך פאַר־כמורעט און שטענדיק ווי מיט עפּעס אומצופרידן, איז אויסגעלײַטערט געוואָרן, און זײַנע פאַרדרייטע מיליטערישע וואָנצעס האָבן זיך לײַכט באַוועגט איבער די דיקע ליפּן, וואָס האָבן זיך צעצויגן אין א צופרידן־איבעראַשטן שמייכל.

— וואָס, געפעלט דיר מײַן הונט?

דער טאַטע האָט א ציטער געטאָן, איז האַסטיק אופגעשפּרונגען פון בענקל און זיך א דריי אויס געגעבן מיטן פּאָנעם צום איספּראַווניק.

דערהערט די אים גוט באַקאַנטע שטים, האָט נעראָן פאַרלאָזן זײַן נײַעם פרײַנט און א וואָרף געטאָן זיך צום באַלעבאָס. לעקנדיק אים די הענט, האָט ער אים אַרײַנגעקוקט אין די אויגן, ווי ער וואָלט געפרעגט: „וואָס דאַרף איך איצט טאָן? דו קוק ניט, וואָס איך בין מיט אים אזוי פרײַנטלעך, איין ווונק דײַנער — און איך טו אים זײַן רעכט...״ נאָר זעענדיק, אז דער באַלעבאָס שמייכלט גוטמוטיק, האָט ער זיך גענומען ווארפן פון אים צום טאַטן און פון טאַטן צו אים, געשנאָרכעט מיט דער נאָז, ארומגעשמעקט דאָס איינעם, דאָס דעם צווייטן, ווי ער וואָלט גע־וואָלט אויסגעפינען, צי קאָן מען זיי דאָ ניט אמאָל צוזאמענפירן...

— עהע! איך זע, איר זײַט דאָ געוואָרן גאַנצע גוטע־ברידער, — האָט דער איספּראַווניק, פּונקט אזויפיל צופרידן ווי פאַרוווּנדערט, גע־זאָגט. — מיט וואָס זשע האָסטו עס אים אזוי גענומען, וואָס ער האָט זיך אזוי גיך צוגעלאָזט צו דיר?

דער טאַטע האָט גלײַך דערשמעקט, אז די אומגעריכטע פרײַנטשאַפט

מיטן הונט קאָן אים דאָ א סאך אויסהעלפן, און מיט דער געמאכטער היספּײַלעס, מיט וועלכער מענטשן לויבן א קינד, קעדיי צו געפעלן ווערן דער מאמען, האָט ער אויסגערופן:

— וואשע וויסאָקאָבלאגאָראָדיע! ווי קאָן מען ניט ליב האָבן אזא גאָלדענעם הונט? איך האָב נאָך קיינמאָל אין מײַן לעבן ניט געזען אזא ברילִיאנטענעם, אזא זעלטענעם הונט!

— דו קוק ניט, וואָס ער לאשטשעט זיך אזוי צו דיר, — האָט דעם איספּראַווניק א ביסל פאַרדראָסן, וואָס מע נעמט אָן זײַן נעראָנעץ פאר עפּעס א לעמעלע, — ווען מע דאַרף, קאָן ער זײַן בייז אויך, און נאָך ווי! ער האָט אין זיך א מוירעדיקן קויעך...

— וואָס הייסט, ס'איז דאָך א לייב — ניט קיין הונט! — האָט דער טאטע געײַלט צו פאַריכטן זײַן פעלער.

— זאָל ער נאָר דערשמעקן עפּעס א פאַרדעכטיקן סוביעקט לעבן שטוב, וועט ער אים דעם האַלדז איבערהריזען.

— נאָך ווי! — האָט דער טאטע אונטערגעכאַפּט. — מיט אזא הונט אין שטוב קאָן מען שלאָפן רויִק בא אָפענע טירן.

— אָדער, זאָל זיך אים אויסדאכטן, אז עמעצער וויל מיך קריוודען, וועט ער יענעם דעם קאָפּ אָפּרײַסן, — האָט דער איספּראַווניק אויסגע־רעכנט אלץ מער מײַלעס פון זײַן ליבלינג.

— יאָ, איך בין ניט מעקאַנע דעם נאַכאַל, וואָס וועט זיך דערוואגן אין נעראָנס קעגנוואָרט קרום א קוק טאָן אף אײַך, וואשע וויסאָקאָבלאַ־גאָראָדיע, — האָט דער טאטע באַמיט זיך איבערשטײַגן דעם איספּראַוו־ניק אין שוואָכים פאַרן הונט.

ניט געווען קיין גרעסערער פאַרגעניגן פאַרן איספּראַווניק, ווי ריידן וועגן זײַן הונט. און אז ער האָט געזען, מיט וואָס פאר א ליבע און היס־פּײַלעס דער טאטע רעדט וועגן נעראָנען, האָט ער פאַרגעסן, מיט וועמען ער האָט זיך דאָ אַרײַנגעלאָזן אין א שמועס, און גענומען אויסרעכענען דעם הונטס מײַלעס, דערציילן פון אים העלדנטאטן און ווונדער און אויסרעכענען זײַן יִכעס פון ביידע זײַטן ביזן דריטן דאָר אריין.

דער טאַטע האָט געשמייכלט, געשאָקלט מיטן קאָפּ אין גרויס כידעש, געטשמאָקעט מיט די ליפּן און אַף אַלערליי אַנדערע אויפאַנים אַרויסגע־וויזן זײַן גוואַלדיקע היספּײַלעס. דערבײַ האָט ער די גאַנצע צײַט ניט אויפגעהערט צו גלעטן נעראָנען מיט אַזאַ ליבשאַפט, ווי ער וואָלט גאָר ניט געקאָנט זיך אָפּרײַסן פון אים.

אויסגעשעפּט דעם גאַנצן קוואַל רייד וועגן נעראָנען, האָט זיך דער איספּראַווניק דערמאָנט.

— אייגנטלעך, ווער ביסטו? וואָס דאַרפסטו?

די גאַנצע האָפענונג און מוט, וואָס זײַן פרײַנטשאַפט מיט נעראָנען האָט אין אים געהאַט דערוועקט, איז ווי אויסגעלאָשן געוואָרן, ווען דער טאַטע האָט געדאַרפט צוטרעטן צום עצעם איניען.

— וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע!.. איך... איך... איך... טאַקע וועגן הונט, וועגן אײַער נעראָנען בין איך געקומען... — האָט ער געשטאַמלט.

— וו טשאָם דיעלאָ?

— עמעצער האָט אַרויסגעלאָזן אַ פאַלשן קלאַנג, אַז קלוימערשט מײַן יינגל האָט געקענט דעם קרעציקן הונט, וואָס האָט געוואַגט אָנצופאַלן אַף אײַער זעלטענעם נעראָנען... ס'איז אַ בילבל, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָ־ראָדיע! אַ ריינער בילבל! איך האָב ליב הינט — דאָס כּיעס, נאָר איך בין אַן אָרעמער מענטש, און איך בין ניט אימשטאַנד אויסצוהאַלטן זיי... אָט, אָנשפּיגלען זיך, אָנקוועלן פון אַזאַ הונט, ווי אײַער נעראָן, — דאָס יאָ, אָבער אַליין האָב איך קיינמאָל קיין הונט ניט געהאַלטן.

— אָט וואָ־אָס! איז דאָס דײַן יינגלס הונט? הם!..

— ניין, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע! ניט איך, ניט מײַן יינגל, ניט מײַנע איבעריקע קינדער האָבן קיינמאָל ניט געהאָדעוועט קיין הינט. עס קלעקט ניט פאַר זיך עסן צו זאַט, ווי זשע קאָנען מיר האַלטן הינט? דאָס האָבן סאָנים, בייזווייליקע מענטשן, בעקיוון אַרײַנגעפירט דעם גאָס־פּאָדין אָקאָלאָדאָטשני אין טאָעס. אַ פאַלשע מעסירע, ניט מער, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע!..

— נו, אָט וואָס: איצט האָב איך קיין צײַט ניט פאַנאַנדערצוקלײַבן זיך אין דעם. קום אַרײַן אין עטלעכע טעג אַרום. דו זעסט אויס צו זײַן א לײַטיש מענטשל. מיט ניט לײַטישע באַנעמט זיך מײַן נעראָן ניט אַזוי... נו, דערווײַל — גיי!

אויף דער צווייטער וואָך, ווען דער איספּראַווניק איז אַרויס פון קאַ־בינעט, איז ער געבליבן שטיין אין טיר ווידעראַמאָל א פאַרכידעשטער: דער טאַטע האָט געלייגט נעראָנען שטיקלעך צוקער אויף דער נאָז. נעראָן האָט יעדעס מאָל געמאַכט א באַוועגונג מיטן קאָפּ פון אונטן אַרויף, אונטערוואַרפנדיק דאָס שטיקל צוקער אין דער הייך און אונטערכאַפּנ־דיק עס נאָכער מיטן מויל.

— אַ־האַ־האַ! — האָט דער איספּראַווניק זיך צעלאַכט מיט א צופֿריי־דענעם געלעכטער, ווי עס לאַכט א טאַטע פון זײַן קינדס א כאָכמע. — ער האָט אים אויסגעלערנט א נײַעם קונץ, אויף מײַן וואָרט! אַך, דו מאַ־שעניק! אַך, דו בעסטיע!

דער טאַטע האָט ניט געוווּסט, וועמען דער איספּראַווניק באַצייכנט מיט די ווערטער „מאַשעניק" און „בעסטיע" — אים אָדער דעם הונט. נאָר פון זיכערקײַט וועגן האָט ער געהאַלטן פאַר גלײַכער אונטערצו־האַלטן זײַן היספּײַלעס.

— אַזעלכע קלוגע הינט זעט מען דאָך גאָר ניט הײַנטיקע צײַטן, וואָשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע...

און ער האָט גענומען דערציילן נעראָנס כאָכמעס און ווונדער, וואָס זײַנען אים די מינוט געקומען אויפן זינען און וועלכע ער האָט געהאַט צוגעגרייט פון פריִער.

— דאָס ערשטע מאָל אין לעבן באַגעגן איך א ייִד, וואָס זאָל אַזוי ליב האָבן הינט, — האָט דער איספּראַווניק זיך געכידעשט, — געוויינ־לעך אַנטלויפט דאָך אײַער איינער פון א הונט פאַר א מײַל.

— א הונט צו א הונט איז ניט גלײַך, וואָשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע, — האָט דער טאַטע דערקלערט די מערקווירדיקע דערשײַנונג, — מער ווי לאָשן פעלט דאָך אים ניט...

— אי טאָ פּראַוודאַ! — האָט דער איספּראַווניק גערן אײַנגעשטימט. דער טאַטע איז געוואָרן נאָך דרייסטער.

— וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע! דערלויבט מיר ווענדן זיך צו אײַך מיט אַן אונטערטעניקער באַקאָשע.

— איך ווייס, איך ווייס! — האָט אים דער איספּראַווניק איבערגעשלאָגן. — וועגן דײַן ייִנגל. טשעפּע איך דאָך אים דערווײַל ניט. מיר וועלן נאָך די זאַך באַטראַכטן.

— ניין, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע, ניט וועגן מײַן ייִנגל. איך ווייס, אַז איר האָט אַ גוט האַרץ און וועט אַן אָרעם ייִנגל אומזיסט ניט באַשטראָפן. איך וויל בעטן אײַער דערלויבעניש אונטערטראָגן נעראָגען אַ קליינע מאַטאָנע.

— אַ מאַטאָנע?! וואָס פאַר אַ מאַטאָנע? מיר נעמען ניט קיין מאַטאָנעס! — האָט ער גערעדט פאַר זיך און פאַרן הונט.

— אַ האַלדזבאַנד, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע, געמאַכט לויט אַ ספּעציעלער באַשטעלונג... גאָר אַן אַנטיקל, ווי עס פּאַסט פאַר אַזאַ הונט. ווײַזט אײַער גנאָד, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע!

דעם איספּראַווניקס הונט־ליבנדיק האַרץ איז גערירט געוואָרן.

— אַלס קלאַל נעמען מיר קיין שום מאַטאָנעס ניט, — האָט ער שטרענג געזאָגט, — נאָר איך זע — נעראָן איז צו דיר צוגעבונדן, און דאָס אַליין איז אַ באַווײַז, אַז דו ביסט אַן אָרנטלעך מענטשל, וועל איך פאַר דיר מאַכן אַן אויסנאַם: גוט, קאָנסט אים שענקען אַ האַלדזבאַנד, אויב עס ווילט זיך דיר אַזוי שטאַרק.

— איך ווייס ניט, ווי צו דאַנקען אײַער גנאָד!

— נו לאַדנאָ, סטופּײַ!

ווי נאָר דער טאַטע איז געקומען אַהיים, אַזוי איז די שטוב פול געוואָרן מיט שכנים, וואָס האָבן געגאַרט צו וויסן, מיט וואָס האָט זיך עס געענדיקט.

— געענדיקט האָט זיך עס, קאָן מען זאָגן, בעשאָלעם, — האָט דער טאַטע געזאָגט. — נאָר הערט איר, ייִדן, אַז אַך־און־ווײ צו אונדז אַלע־

מען, ווער ס׳געוועלטיקט איבער אונדז! מיט וואָס, מיינט איר, האָב איך זיך אויסגעקויפט בא דעם מעשוגענעם האַמאָן? איך האָב גויסע־כיין געווען בא זיין טאַכשיט — בא דעם טייערן הונט זיינעם! — האָט דער טאטע מיט ביטערניש געזאָגט. — האקלאל, יידן, ס׳איז אונדז שוין גוט. פון היינט אָן און ווייטער האָבן מיר שוין, ווער עס זאָל אונדז באשיצן און באשירעמען פון אלע גזיירעס און פוראָניעס. טאָמער וועט מען וועל־ניט־איז ווידעראמאָל, כאָלילע, דארפן אָנקומען צום וויסאָקאָבלאגאָראָד־נעם הינט־טרייבער — פאר קאָהאָל צי פאר א יאָכיד, — איז לאָזט מיך: איך וויים שוין, באָרעכהאשעם, ווי מע דארף צוגיין צו הינט...

1940

## די שמידישע גאַס



לאַנגן און שווערן קאַמף איז מיר אויסגעקומען צו פירן מיט מײַן טאַטן פאַר דעם רעכט אויסצוקלײַבן זיך כאַווײרים. דער טאַטע האָט געהאַלטן, אַז גוטע כאַווײרים — דאָס זײַנען קינדער פון לײַטישע עלטערן, שטילע, סטאַ־טעטשנע, קינדער מײַן גלײַכן און העכער. קינדער, פון וועלכע מע קאָן עפּעס לערנען צום גוטן.

און באַ מיר איז אויסגעקומען, אַז גוטע כאַווײרים — דאָס זײַנען פּישקע בלינדע קישקע, שלוימקע דאַרער פויגל, העסל־פּעסל, פּײַטל־בײַטל, שײַקע, אײַזקע, נאָטקע — אַלץ קינדער, כאָטש נישט „מײַן

גליַיכן״, דערפֿאַר אָבער א פרײלעכע געזונטע כעוורע, וואָס קאָנען דער־לאַנגען א קלאַפּ, יאַטן, וואָס קיין זאַך איז פֿאַר זיי ניט צו קליין.

דאָס, וואָס זייערע טאַטעס זיַינען באַלעגאָלעס, שמידן, קאַרעטניקעס, באָנדערס, שוסטערס און די מאַמעס — בייגל־בעקערקעס, קורעלאַפּני־צעס, דינסטן, — האָט מיך ניט אָנגעהויבן אַרן. אַדעראַבּע, איך האָב נאָך מעקאַנע געווען אָט די כאַווירים מייַנע: יעדערער פֿון זיי האָט געהאַט מיט וואָס צו באַרימען זיך: פּישקע בלינדע קישקע האָט זיך באַרימט, אַז זייַן טאַטע קאָן אונטערשמידן דעם סאַמע נאַראָוויסטן פֿערד: ער דאַרף בלויז פֿאַרקוועטשן דעם פֿערדס פֿיס צווישן די קני, קאָן דאָס פֿערד זיך ניט רירן פֿון אָרט. נאָר פּייַטל־בייַטל לאַכט זיך אויס פֿון אַזאַ גוורע: „אויך מיר א קונץ!״ זייַן טאַטע קאָן אָפּשטעלן א טראָיקע אין רעכטן גאַלאָפּ. ער דאַרף נאָר א כאַפּ טאָן זיך פֿאַר דער הינטערשטער ראָד פֿון דער קאַרעטע, און די טראָיקע בלייַבט שטיין, ווי צוגעקאָוועט צו דער ערד...

און זייַן טאַטע, באַרימט זיך ניאָמע שקאַנדיבע, האָט איינמאָל אין וואַלד איינער אַליין זיך אַנטקעגנגעשטעלט דרייַ גאַזלאָנים, וואָס זייַנען באַפֿאַלן זייַן בויד מיט שעדאַקעס... נאָר פּייַטל ווערט פֿון אַזאַ העל־דישקייַט אויך ניט ניספּאָעל: מיט זייַן טאַטן האָבן גאַזלאָנים גאָר מוירע אָנצוהייבן זיך...

אַנדערע כאַווירים האָבן אויך ניט וואָס צו שעמען זיך מיט זייערע טאַטעס: איינער קאָן, ווען מע דאַרף, אונטערהייבן מיטן אַקסל א וואָגן מיט מאַסע, א צווייטער — טראָגט אויף די אַקסלען א צענפּודיקן זאַק מעל, א דריטער באַווייַזט גוורעס באַם לעשן סרייפֿעס...

„אָט דאָס זייַנען טאַטעס! — האָב איך געטראַכט. — זאָל נאָר עמע־צער פֿאַרטשעפּען ווען פֿון מייַנע כאַווירים, איז פֿאַראַן, ווער עס זאָל זיך פֿאַר זיי אָננעמען. אָבער מייַן טאַטע, וואָס? נאָר ער הוסט, נאָר ער לאָזט זיך שטעלן באַנקעס — ס'איז גאָר א כאַרפּע עמעצן צו דערציילן עס!..״

שאָען נאָכאנאנד האָב איך געקאָנט אָפּשטיין פאר די צעעפנטע טירן פון יודע דעם שמידס קוזניע און קוקן, ווי ער מיט זײַנע זין ארבעטן. מיט דרײַ האמערס — איינעם א קליינעם, א צענפונטיקן, און מיט צוויי גרויסע, האלבפודאָווע, קלאפן זיי דעם ביז ווײַסן אָנגעגליטן שטיק אײַזן ריטמיש אין טאקט: איין קלאפּ מיטן קליינעם האמער און צוויי קלעפּ מיט די גרויסע. טא, טא־טא! טא, טא־טא! ניט זיי ארבעטן — זיי שפּילן זיך.

מיר דאכט זיך, אז די גאנצע ארבעט טוען יודעס זין — מאָטע און בענדעט: זיי הייבן די שווערע האמערס, מאכן מיט זיי א קרײַז איבערן קאָפּ און לאָזן זיי אראָפּ מיט קויעך אף דער צעגליטער שטאנגע. יודע, דאכט זיך מיר, קלאפּט מיטן קליינעם האמער נאָר פון יויצע וועגן, בלויז צו האלטן טאקט. נאָר ווען איך קוק זיך צו, הייב איך אָן צו פארשטיין, אז דער עמעסער מײַסטער איז דאָ יודע: ער פירט אָן מיט דער ארבעט, ווי א דיריגענט מיט אַן אָרקעסטער. לויט זײַן קלאפּן מיט דעם קליינעם האמער ווייסן מאָטע און בענדעט, וואָס זיי דארפן טאָן מיט זייערע האַמערס. פאר דעם דריטן זון, נאפטאָלע, איז עס א סיגנאל, ווען און ווי צו קערעווען דאָס אײַזן אף דער קאָוואדלע, ווען ארויסנעמען און ווען צוריק ארײַנלייגן עס אין פײַער־האָרן.

מיטן גרעסטן נײַגער קוק איך זיך צו, ווי א פּאָשעט שטיק אײַזן ווערט ביסלעכווײַז פארוואנדלט אין זייערע הענט אין א זאך: אין אַן אקס, אין א שינע, אין א שוואָרען, אין אַן אקער־אײַזן, אין א ברעך־אײַזן, אין וואָס איר ווילט! דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן זע איך, ווי עס ווערן באשאפן זאכן, און דאָס איז זייער טשיקאווע!..

פונקט קעגניבער יודעס קוזניע שטייט לייבע יוכעס קוזניע. לייבע איז א מענטש פון א יאָר פופציק, א ריז, א גוואר. לייבע ארבעט מיט זײַנע צוויי באָנים — פונקט אזעלכע געוויקסיקע, שטארקע, ווי ער, און מיט צוויי געזעלן. אלע פיר — פריילעכע און שיינע יונגען, איינער שע־נער פונעם צווייטן.

נאָך יודען רעכנט זיך לייבע פאַר דעם בעסטן שמיד אויף דער שמידישער גאַס.

ווען פישקע, יודעס יינגל, וואָלט ניט געווען איינער פון מיינע בעסטע כאַווערים, וואָלט איך געזאָגט, אַז דער בעסטער שמיד איז לייבע.

אַזוי שפּאַרעוודיק און פרייליך, ווי עס אַרבעט לייבע מיט זיין כעוורע, אַרבעט ניט אַפילו יודע מיט זיינע זין.

לייבע מיט זיין קאָמאַנדע און יודע מיט זיינע זין שטעלן זיך פאַר אין מיין פאַנטאַזיע ווי די בני־אַנאַקים — ריזן, אַרויסגעקומענע פון די מאַלאָכים, וואָס גאָט האָט, ווי עס דערציילט די לעגענדע, אַראָפּגעוואָרפן פון הימל אויף דער ערד דערפאַר, וואָס זיי האָבן געדערעדט לאָשנהאָרע אויף מענטשן...

אין לעדערנע פאַרטעכער, די אַרבל פון די העמדער פאַרשאַרט ביז צו די מעכטיקע מוסקולן פון די אַנטבלויזטע הענט, די פּענעמער באַלויכטן פון דעם שיין פון פייער אין האָרן, מיט אַ רעגן פון פייער־פונקען, וואָס שפּריצן אַרום זיי פון אונטער זייערע האַמערס, — זיינען זיי געווען אַזוי אַנדערש פון די מאָגערע, הוסטנדיקע, כראַקענדיקע, מערידאַלנע יידן פון אונדזער גאַס!

אין וואָס זשע, אויב ניט אין לעגענדאַרע בריים פון אַן אַנדער וועלט האָט זיי געקאָנט פאַרוואַנדלען מיין יינגלשע פאַנטאַזיע, באַרייכערט פון די לעגענדעס פון מעדרעש און האַגאָדע?!

אין פאַרגלייך מיט אונדזער גאַס איז די שמידישע גאַס פאַר מיר געווען ניט אַן אַנדער גאַס — אַן אַנדער וועלט, אַ לעבעדיקע, אַ פריילעכע און טומלדיקע.

די גאַנצע גאַס איז באַזעצט מיט שמידן, מיט סטעלמאַכער, מיט באָנדערס. עס אַרבעטן אויף איר אויך עטלעכע רימאַרעס, טאָקערס, בלעכער. דאָסראָוו פון זיי טוען זייער אַרבעט דרויסן, אָפן פאַר דער גאַנצער וועלט.

— מיט אונדזער מעלאָכע וועסטו זיך אין שטוב ניט אויסקערעווען! — זאָגט ליאָמע סטעלמאַך. — אַדראַבע, צעלייג זיך מיט אַ וואָגן

צי אפילע מיט א ראַד פון דיליזשאַנס אין שטוב! אונדזער מעלאָכע פּאָ־
דערט פרייַע לופט, פּראָסטאָר, ס'זאָל זייַן ווו א קער צו טאָן זיך!

די טירן פון די קוזניעס זייַנען ברייט צעעפנט און יעדערער קאָן
זען, ווי די ארבעט ווערט דאָרט געטאָן.

די גאַס הילכט גאַנצע טעג פון קלעפּ מיט אייַזן אף אייַזן, פון אייַזן
אף האָלץ, אף בלעך. שמידן שמועסן זיך דורך מיט פערד: „טפּרו! שטיי
רויִק, ווען מע טוט דיר אָן נייַע שטיוולן!" מיט טראַסקערייַ קומען צו
פאָרן איזוואָשטשיקעס — פאַריכטן א דראָזשקע, אָנציִען א שינע אף א
ראָד. שווער און פּאַוואָליע, ווי א העלפאַנד, באַוועגט זיך איבער דער גאַס
א צעקאַליעטשעטער דיליזשאַנס. צו לייבעס גרויסער קינע שטעלט ער
זיך אָפּ לעבן יודעס קוזניע. יודע האַלט, אז רעמאָנטירן דעם דיליזשאַנס,
וואָס קורסירט צווישן סלוצק און באָברויסק, איז זייַן כאַזאָקע, און לייבע
רעכנט, אז ער האָט פונקט אזא רעכט צו פאַריכטן דעם דיליזשאַנס, ווי
יודע. יעדעס מאָל, ווען מע ברענגט אף דער גאַס פאַריכטן א דיליזשאַנס,
גייען לייבע מיט די זין ארויס פאַר דער טיר פון זייער קוזניע און פון
ביידע זייַטן הייבט זיך אָן אן איבערלייד:

— א פּאָדריאַד געגומען — פאַריכטן דיליזשאַנסן! — פאַרדריסט
לייבען.

— ביסט מעקאַנע? — גיט א זאָג יודע, באַטראַכטנדיק דעם דילי־
זשאַנס, ווי א דאָקטער זייַן כולע.

— אומזיסט רייַסטו אייַן די וועלט, יודע! דאַרפסט דאָך שוין סייַ־
וויסייַ באַלד גיין א גאַנג...

— איך וועל נאָך דיך איבערלעבן! — בלייַבט יודע ניט קיין באַל־
כויוו.

— די וועלט איז זיי ווייניק, — מישט זיך ארייַן איינער פון לייבעס
זין. — דעם דיליזשאַנס פאַריכטן — זיי, די פּאָטשטאָווע קאַרעטעס —
זיי, אַלץ זיי, א רועך אין זייער טאַטן אריַין!

— זאָלסט דיר אין די אויגן, פעפער אין נאָז, שוואַרצער שעד! —
שפּרינגט ארויס נאַפּטאָלע יודעס.

— שפּיַ אַף זיי! ענטפער ניט, — שטעלט דער עלטערער און געלאַ־
סענער בענדעט אָפּ זײַן ייִנגערן, היציקן ברודער.

דאָס צעווערטלען זיך גייט אָפּטמאָל איבער אין א זידלערײַ, אָט־אָט,
דאכט זיך, וועט אויסברעכן א געשלעג.

ס׳וועט זײַן ווײל אָנצוקוקן א געשלעג צווישן אזעלכע גיבוירים!
נאָר, צו מײַן גרויס באדויערן, ענדיקט זיך אלץ בעשאָלעם. ווײַטער פון
זידלערײַ, קלאָלעס און קעגנזײַטיקע סטראשונקעס איז קיין איין מאָל
צווישן די שכיינים ניט דערגאנגען. די איינציקע האָפענונג איז געווען
אַף בענדעטס כאסענע, וואָס האָט איגגיכן געדארפט פאָרקומען: מיר,
ייִנגלעך, זײַנען זיכער געווען, אז „ס׳וועט זיך טאָן כוישעך!" לייבע מיט
די באָנים וועלן שוין אָפּטאָן עפּעס א שפּיצל דעם כאָסן. אונדזער נעוויִעס
איז ניט מעקויִעם געוואָרן. פארקערט, יודע האָט פארבעטן אַף דער כאַ־
סענע לייבן „מיט דער סעמייסטווע". יענע זײַנען געקומען, געקושט
זיך מיטן מעכוטן און מיטן כאָסן, געטרונקען לעכאַיִם און געווונטשן
איינער דעם צווייטן:

— לעכאַיִם, יודע! זאָלסט דערלעבן א סאך נאכעס פון אים!

— אייניקלעך און אורייניקלעך! — האָט לייבעס ווײַב פון איר זײַט
צוגעלייגט.

— מירצעשעם סימכעס איגגיכן בא דיר, לייבע! — האָט יודע געענט־
פערט מיט א בראָכע.

א גאנצע נאכט און אַף מאָרגן א האלבן טאָג האָט מען געטרונקען, גע־
געסן, געטאנצט קאראהאָדן, געקושט זיך און ווידער געטרונקען, ווי זיי
וואָלטן קיינמאָל איינער דעם צווייטן קיין קרום וואָרט ניט געזאָגט.

אַף דער שמידישער גאס ארבעט מען שווער און א סאך, און מע עסט
מיט אפּעטיט און א סאך. יודעס ווײַב, העניע־לייע, א געזעצטע, קרעפּ־
טיקע ייִדענע, מיט שטײַפּע, רויטע באקן, קערעוועט אין אויוון שווערע
טשוהונעס מיט באָרשטש און באווײַזט קוים צו דערלאנגען צום טיש א
שיסל נאָך א שיסל.

לאבנס ברויט, גרויסע און קײַלעכדיקע, ווי רעדער, שטאבעלן לאט־קעס, גרויסע שיסלען פליישׁ, און אז ס׳איז ניטאָ קיין פליישׁ, איז לעבער אָדער לונגען מיט קארטאָפל, ווערן גיך איבערגעמאָלט מיט געזונטע ציין און איבערגעקאָכט אין מאָגנס, וואָס קאָנען, דאכט זיך, פארדײַען שטיינער.

— וואָס אין זיך איז ניט פון זיך, — זאָגט העניע־לייע. — איר ווייסט, וואָס כ׳וועל אײַך זאָגן, טײַערינקע: צוויי געגנדז קאָסטן וועלכוועדער, ווי איין מאָל א דאָקטער, האלעווײַ זאָל מען ניט דארפן! נאָר עסן, עסן און געזונט זײַן.

ווײַבער פון דער שמידישער גאס זײַנען מאסקים מיט העניע־לייעס פילאָסאָפיע.

— אזא יאָר אף אונדז, ווי גערעכט איר זײַט, העניע־לייע. איין לעפל ריצנייל קאָסט טײַערער, ווי א גאנצע שיסל באָרשטש... אף עסן דארף מען קיינמאָל ניט שפּאָרן...

שאבעס פּוצן זיך אויס די יונגען פון דער שמידישער גאס אין געווענ־טענע אָנצוגן, אין אויסגעניטע העמדלעך, אין היטלען מיט גלאנציקע דאשעקעס און אין שטיוועלעך, ווי די טעקעלעך, שיטן אָן פולע קעשענעס מיט יאָדערן און גייען ארויס אפן שאָסיי אף א שפּאציר. אנדערע שטייען פאר זייערע הײַזער און לושטשען סעמעטשקעס, אויסשפּײַענדיק די שאָ־לעכץ א קלאפּטער ווײַט פון זיך. דערנאָך גייט מען צו יאָשע פּאָזנאק אין שענק טרינקען ביר אָדער צו ציוויע דער באבקע טאנצן מיט מוידן.

פאר אונדז, יינגלעך, זײַנען די יונגען פון דער שמידישער גאס די פארקערפּערונג פון גוווּרע, פון מאנצבלשקײַט, פון העלדישקײַט, און מיר טוען אלץ, וואָס מיר קאָנען, קעדיי כאָטש א ביסל ענלעך זײַן אף זיי.

די יינגלעך פון דער שמידישער גאס זײַנען גרויסע אויסטראכטערס און אופטוערס אין אלערליי ריזיקאלישע אונטערנעמונגען און שפּילע־רײַען, שטארקע, דרייסטע אין געשלעגן מיט יינגלעך פון אנדערע גאסן.

לעבן די הײַזער פון די קאָלעסניקעס ליגן הויכע שטאבעלן אָבאָדעס, מאטעריאל פאר רעדער אף א יאָר פאָרויס. עס ליגן ספּיצעס, דישעלס,

טיילן פון וועגענער. עס ליגן אָנגעוואָרפן איינער אפן אנדערן פּארטיקע וועגענער, נאָר ניט קיין ארומגעשמירטע און אָן רעדער. מיר קלעטערן ארויף אַף די וועגענער און שפּילן אין „דיליזשאנס". מיר פארקלייבן זיך אין די ברינעמער, ווי עס הייסן בא אונדז די הויכע שטאבעלן אָבאָדעס, און דערנאָך ווייסן מיר ניט, וויאזוי צוריק ארויסצוקלייבן זיך פון דאָרט. עס פּאסירט, אז קלעטערנדיק פון די ברינעמער, ווארפן מיר אום די שטאבעלן. די קאָלעסניקעס יאָגן זיך נאָך אונדז מיט פּאסיקעס אין די הענט און זאָגן צו די קעפּ אונדז אָפּרייסן, אויב מיר וועלן זיך נאָכאמאָל דערוועגן קריכן אין די שטאבעלן. נאָר מיר לאכן זיך אויס פון די סטראַ־שונקעס. גופע דאָס יאָגעניש נאָך אונדז איז א טייל פון דער שפּיל.

איך קאָן ניט לויפן אזוי גיך, ווי מיינע כאווירים. לאָז איך זיך אַף א שפּיצל: איך בלייב שטיין אפן אָרט — גאָט די נעשאָמע שולדיק! צו מיר, הייסט דאָס, האָט עס קיין שייכעס ניט. ניט איך בין געקראָכן און ניט איך האָב צעשאָטן די אָבאָדעס... אָפּטמאָל גיט זיך עס מיר איין. און דערפאר, וואָס איך בין א לייטיש יינגל, דערלויבט מיר דער קאָלעסניק העלפן אים קייקלען די אָבאָדעס צוריק אַף זייער אָרט און ווידער צו־נויפשטעלן אין שטאבעלן.

ווען יודע דער שמיד לאָזט מיך צו צום בלאָזזאק אָדער צוזאמען מיט אנדערע אָנהענגען זיך אַף די קלאפּטערדיקע צוואנגען, בייס אָנציִען א שינע אַף א ראָד פון דיליזשאנס, איז צו מיר קיין גלייכן ניטאָ.

מאָטלס טאטע, נאכקע, נאָך גאָר א יונגער און פריילעכער קאַפּצן, וואָס האָט בא דער ארבעט קעסיידער געזונגען, האָט אויסגעזען אין מיינע אויגן, ווי א קישעפמאכער. איך האָב פּאָשעט ניט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פון זיינע הענט, אין וועלכע פּאָשעטע שטיקער האָלץ זיינען, ווי דורך א קישעף, פארוואנדלט געוואָרן אין געטאָקטע, געצאצקעטע זאכן. מיר האָט זיך געדאכט, אז ער קענט עס אויס מיט זיינע געשיקטע באַ־וועגלעכע פינגער. שלעכט איז נאָר דאָס, וואָס ער לאָזט מיך ניט נאָענט צו צום טאָקערשן געשטעל. מיר ווילט זיך אזוי פּרווון אויסטאָקן כאָטש איין קיילעכל!

— ניין, יאטל, — זאָגט נאָכקע מיט זײַן גוטמוטיק געלעכטערל, — טאָקערײַ איז ניט פאר דײַנע אײדעלע הענטלעך. װעסט ניט באװײַזן ארומצוקוקן זיך, װי דו װעסט ניט האָבן, מיט װאָס א פײַג צו װײַזן...

אפילע זײַן אײגן ייִנגל לאָזט ער ניט נאָענט צום געשטעל.

— טאָקערײַ איז װי כאזאָנעס: א סאך טפילע און װײניק אכילע. איך װיל, מײַן זון זאָל האָבן א בעסערע מעלאָכע אין האנט: ער'ט בא מיר זײַן א מעכאניק, אָדער, לעכאָלהאפּאָכעס, א גוטער שלאָסער. פון טאָקערײַ האָסטו ניט מער, װי װאסער אף קאשע און זאלץ צום ברויט. און איך װיל, זײַנע צײן זאָלן האָבן װאָס צו מאָלן, און זײַן מאָגן — װאָס צו קאָכן...

אזוי האָב איך געטײלט יעדע פרײַע און אָפּטמאָל אויך מײַנע ניט פרײַע טעג צװישן דער שמידישער גאס און אנדערע געסלעך, װוּ עס האָבן געװוינט מײַנע כאװײרים, — אלץ קינדער „בידעריקער פון מײַן גראד".

מיר איז גוט, מיר איז פרײלעך מיט זײ. אײן זאך בלויז האָט גע־שטערט מײַן פרײד: טאָמער דערװיסט זיך װעגן דעם דער טאטע, װעט ער מאכן א סאָף צו דעם אלעמען און, עפּשער, צו מיר אויך...

נאָר בעסער ניט קלערן װעגן דעם.

1941

## מײַנע לערער



כוץ דער „בילדונג“, װאָס איך האָב באַקומען אין כײדער, האָט דער טאַטע געזאָרגט אױך פאַר מײַן „װעלטלעכער“ בילדונג: ער האָט פאַר מיר געדונגען א לערער אף לאָשנקױדעש מיט דיקדוק און א לערער אף רוסיש מיט גראַמאַטיקע און אַריפמעטיקע. מײַן ערשטער לערער אף לאָשנקױדעש מיט דיקדוק איז געװען אַרל שײַעס — א שטילער, מאָרעשכױרעדיקער ייִד אין א מאַלבעש צו לאַנג, עס זאָל קאָנען גילטן װי א קורץ רעקל, און צו קורץ, מע זאָל עס קאָנען אָנרופן א לאַנגע קאַפּאָטע.

דאָס נעמלעכע וועגן זײַנע פּײַעס.

זײַן קורס האָט ער אָנגעהויבן פון לערנען מיך שרײַבן דעם אלעפבייס קאַפּויר, אין פאַרקערטן סיידער — פון סאָף צום אָנהייב, און צוזאַמענ־שטעלן פון עטלעכע אויסיעס באַזונדערע אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, דער זין און אינהאַלט פון וועלכע איז פאַר מיר אַדהײַעם געבליבן אַ רעטעניש.

איך האָב אַזוי לאַנג זיך געיִבט אין דעם קאַפּויר־לימעד, ביז די פאַר־דרייטע ווערטער האָבן גענומען שטענדיק שוועבן פאַר מײַנע אויגן. אָפּט־מאָל זײַנען זיי מיר אין געשטאַלט פון אַלערליי פאַרזעעענישן אַפילע גע־קומען אין כאָלעם. אויסריידן ווערטער פאַרקערט איז בא מיר געוואָרן אַ געוווינהײַט, פאַרוואַנדלט זיך אין אַ מין ספּאָרט. אָנשטאָט צו זאָגן: „איך וויל ניט גיין אין כיידער“, האָב איך אַ פּלאַפּל געטאָן: „כיא ליוו טין נייג־רעדייך“, אָנשטאָט „אַ גוטן טאָג“ — „גאָט נטוג אַ“... זאָגן מײַן דאַם־סוי־נע — מײַן רעבע מאָטיע ציוויעס: „גיין זאָל איך נאָך דײַן לעוויַיע“, האָב איך, פאַרשטייט זיך, ניט געוואַגט. נאָר אַ שאָט טאָן גיך־גיך: „נייג לאָז כיא כאָן נײַד עײַוועל“ האָב איך זיך אײַנגעשטעלט. עמעס, איך האָב סײַוויסײַ געכאַפּט פון אים פּעטש, אָבער ניט ווײַל ער האָט פאַרשטאַנען, וואָס איך ווינטש אים, נאָר פאַר מײַן נײַעם „ציגײַנערשן לאָשן“.

נאָך דעם אָנפאַנג־קורס זײַנען מיר אַריבער צום צווייטן קורס — איבערשרײַבן בריוו, וואָס דער לערער האָט פאַר מיר צוזאַמענגעשטעלט, בריוו צו מײַן טאַטן, צו מײַנע ברידער און פעטערס. אין די דאָזיקע בריוו האָב איך באַטיטלט מײַן באַשיידענעם פאָטער ניט אַנדערש ווי אַטאַראָס רוישי — די קרוין פון מײַן קאָפּ, אָמוד אייש — דער פײַערזײַל, וועג־ווײַזנדיקער שטערן, לעבעדיקער קוואַל און נאָך אַזעלכע מעטאַפאָרישע הויך־קלינגענדיקע טיטולן, גענוג צו באַפרידיקן אַ כינעזישן מאַנדאַרין פון די אַלטע גוטע צײַטן.

איין מאָל אין כוידעש איז דער בריוו צום טאַטן פאַרביטן געוואָרן מיט אַ בריוו צו מײַן עלטערן ברודער אָדער צו מײַן פעטער. דער נוסעך איז געבליבן דער זעלביקער. דער איינציקער כילעק איז באַשטאַנען אין דעם,

וואָס דאָס וואָרט „אָווי" — פּאָטער, איז פאַרביטן געוואָרן מיטן וואָרט „אָכי" — ברודער אָדער „דוידי" — פעטער.

אין די בריוו צו זיי איז מיר דערלויבט געווען איינצושפּאָרן איינעם אָדער צוויי פון די גאָר געהויבענע טיטולן.

ס'האָט מיר אויסגעזען מאָדנע קאָמיש צו שרייבן בריוו דעם טאַטן, וועלכער זיצט אין דערבייאיקן צימער. איך האָב אויך געפילט, אַז איך זאָג ליגנס, ווען איך רוף אָן מיין פעטער געצל „דער מופלעג בעטוירע", „דער מאַסקיל", „דער כאָכעם", ווען איך האָב ניט איין מאָל געהערט אין שטוב, אַז דער פעטער געצל קאָן „קיין שייטל איוורע ניט צעקייען".

דיקדוק, ווי אַרל שייעס האָט מיט מיר געלערנט, האָט מיר פאַרשאַפט ניט מער נאַכעס און געבראַכט ניט מער נוצן, ווי דער אַלעפבייס קאַפּויר.

איך האָב לייכט פאַרגעדענקט דעם „פקוד, פקודתי, פקדתי, פקדנו" (פּאָקויד, פּאָקאַדטי, פּאָקאַדנו), נאָר ווי און ווען צו באַנוצן זיי האָב איך ניט געוווּסט, און מיין לערער האָט ניט געהאַט קיין געדולד אָדער ער האָט אַליין ניט געוווּסט, ווי צו דערקלערן עס מיר.

— דו כאַזער נאָר גוט איין, וואָס איך הייס דיר, דאָס איבעריקע וועסטו מיט דער צייט שוין אַליין דערגיין, — פלעגט דער כמורעד לע־רער מיר ענטפערן אויף מיינע פראַגעס, צוהערנדיק זיך בייסמייסע צו דער נאָגעניש אין זיין קראַנקער לעבער.

אוועקגעזעצט מיך איבערשרייבן די בריוו, האָט ער אַ גאַנצע שאָ קעסיידער מיט שטילע טריט טרויעריק געשפּרייזט הין און צוריק איבערן צימער, געגלעט די רעכטע זייט בויך, באַגלייטנדיק דעם מאַסאַזש מיט אָפּטע זיפצן: „אָך־אָך־אָך"...

פון צייט צו צייט פלעגט ער זיך אָנבייגן איבער מיין אַקסל, קוקן אַ ווייל־ינקע, ווי איך שרייב, און אומעטיק אַ זאָג טאָן:

— דו שרייבסט? נו, שרייב, שרייב!..

און מיט שטילע פּאָרזיכטיקע טריט, ער זאָל, כאָלילע, ניט צעטרייס־לען די קראַנקע לעבער, ווידער געשפּרייזט איבערן צימער.

באמערקנדיק א גרײַז אין מײַן אויסלייג אָדער א פלעק אין העפט, פלעגט ער פלעגמאַטיש, ווי פון יויצע וועגן, באמערקן:

— איי־איי־איי! עס טויג ניט זײַן אזוי צעטראָגן... זע, וואָס דו האָסט אָנגעפּאַטשקעט!..

מאנכעס מאָל האָט ער אין אזא פאל זיך באנוגנט בלויז מיט א טיפן זיפץ, וואָס האָט, עפּשער, געהאט מער שײַכעס צו דער קראנקער לעבער אָדער צו א מאכשאָווע וועגן זײַן ניט שיינער פארזעסענער טאָכטער, ווי צו מײַן שלעכטן שרײַבן.

אין פארגלײַך מיט מײַן רעבע מאָטע ציוויעס, דעם ווילדן קײַסן, איז דער לערער ארל שײַעס געווען א גוטער מאלעך. אָבער די לימו־דים פון לאָשנקוידעש מיט דיקדוק פלעגן פּאַרקומען שפּעט אין אָוונט נאָך דעם, ווי איך האָב א גאנצן טאָג און א שטיק אָוונט זיך אָפּגעמאַטערט אין כיידער. אהיים בין איך אָפּט געקומען א באליידיקטער און א דער־צאָרנטער פון די אוולעס, וואָס ס'זײַנען באגאנגען געוואָרן בענעגייע מיר, מיט א צעווייטעקט לײַב פון די פּעטש און סטוסאקעס, וואָס איך האָב פארן טאָג ארײַנגעכאפּט פון מײַן רעבע, דעם בעפּיירעשן סאדיסט. די לימודים פון לאָשנקוידעש און דיקדוק האָבן מיר דעריבער אויסגעזען פּונקט אזוי לאנגווײַליק און נודנע, ווי אליין דער לערער. איך האָב מער געגענעצט ווי געלערנט אַף ארל שײַעס „קורסן“.

ווי אַן ענדיק ענטפערט אַף יעדער פײַף מיט א „האָלדער־האָלדער“, אזוי האָב איך אַף מײַן לערערס יעדן זיפץ געענטפערט מיט א ברייטן געגעץ.

דאָס איינציקע, פאר וואָס איך האָב צו פארדאנקען מײַן מאָרעשכוי־רעדיקן לערער, איז פאר ווײַזן מיר דעם וועג צו דער העברעיִשער ליטעראטור.

פיר אָדער פינף ביכלעך האָב איך, מיט זײַן הילף, דורכגעלייענט פאר דער צײַט פון מײַן לערנען בא אים, די איבעריקע האָב איך שוין אליין געלייענט.

אייניקע ביכלעך האָבן מיר געקלונגען ווי טאנאך, נאָר געלייענט האָב

איך זיי מיט מער כיישעק, ווי די קאַפּיטלעך טאַנאַך. שוין כאָטש דער־פאַר אַליין, וואָס איך האָב זיי געלייענט ניט אין כיידער און ניט ווײַל איך האָב געמוזט, נאָר אין דער היים, ווען איך האָב געגלוסט צו לייענען.

אָבער אַזױוױ אין „לאָשן" האָב איך קיין גרויס פּראָגרעס ניט גע־מאַכט און אין דיקדוק — נאָך ווייניקער, האָט דער טאַטע פֿאַרביטן אַרל שײַעס מיט אַ צווייטן לערער — מיט נאָכמען וויניוויצקי. אַלץ, וואָס איז פֿאַרבליבן אין מײַן זיקאָרן פֿון מײַן צווייטן לערער, איז — זײַן נאָ־מען, זײַנע טונקעלע ברילן, זײַן קײַלעכדיקער רוקן און זײַן קײַלעכדיק אַרומגעשאָרענע באָרד. איך געדענק אויך, אַז געשפּרײַזט האָט ער לאַנגזאַם, מיט ברייטע טריט, אַרויסוואַרפֿנדיק די פֿיס פֿאָרויס, ווי אַ קעמל. אַלץ, וואָס וויניוויצקי האָט מיט מיר געלערנט, האָב איך פֿעסט און אָף שטענדיק פֿאַרגעסן.

צו יענער צײַט האָט דער טאַטע אויך געדונגען פֿאַר מיר אַ לערער אָף רוסיש, „מיט גראַמאַטיקע און אַריפמעטיקע".

אָבער פֿון די רוסישע לערער האָב איך געהאַט ניט מער נאָכעס, ווי פֿון די יִדישע לערער. זיי פֿון מיר — נאָך ווייניקער.

דער נאָמען פֿון מײַן ערשטן לערער אָף רוסיש איז געווען מאָשע טאַרטאַקאָווער, נאָר אונדזער שטאָט מיט איר געוווינהײַט אָנצוהענגען יעדערן אַ בײַנאָמען, האָט אים אַ נאָמען געגעבן מאָשע טאַראַראַם. גע־ווײנלעך זײַנען די בײַנעמען געווען ווי אָנגעמאָסטן און האָבן זיך גע־פּאַסט צום געגעבענעם מענטשן, ווי אַ היטל צום קאָפּ. נאָר מאָשעס צו־נאָמען איז געווען אַ בעפּײַרעשער בילבל אָף אים: מיט זײַנע טונקל־רויטע האָר, אונטערגעשאָרענע אין אַ „פּאָלקע" אָפּן רוסישן שטייגער, מיט זײַן ברייטער, אײַנצווייען צעטײַלטער באָרד, מיט זײַן גלײַכן גאַנג, מיט זײַן מיליטערישן טראָט איז מאָשע טאַרטאַקאָווער מער ענלעך גע־ווען אָפּן גענעראַל סקאָבעליעוו, ווי ער איז אָפּגעמאָלט געווען אָף בילִיקע אָלעאָגראַפֿיעס, ווי אָף אַ ייִד. נאָך ווייניקער איז ער ענלעך געווען אָף אַ

פארשמײַעטן, פארטאראראמטן ייִד. נאָר האָט מען בא אונדז אין שטאָט געגעבן וועמען א צונאָמען, איז עס צוגעשטאנען צום מענטשן ווי א טאַ־טוירראָווקע, אף אייביק. מע האָט אָפט פארגעסן דעם עמעסן נאָמען פון א מענטשן, דעם צונאָמען — קיינמאָל ניט.

מאָשע טאראראם איז געווען א מענטש פון פארשיידענע טאלאנטן און פארשיידענע פראָפעסיעס: ער איז געווען א קאליגראף, א שרײַבער פון פראָשעניעס, אן אגענט פון שיפסקארטן פאר עמיגראנטן קיין אמע־ריקע און א שטיקל ספעציאליסט אין אָנטאָנען פאָרטעפיאנעס, פאריכטן שפּיל־קעסטלעך און בלאָז־אינסטרומענטן.

און כאָטש ער האָט פון לערערײַ געהאט ווייניקער פארנאָסע, ווי פון זײַנע אנדערע פראָפעסיעס, האָט ער געוואָלט, מע זאָל אים רעכענען דאפקע פאר א לערער און ניט פאר עמעצן אנדערש. ווי אזעלכער פלעגט ער זיך טאקע געוויינלעך פאָרשטעלן:

— מאָיסיי איזראַילעוויטש טארטאקאָווער, וועניעשטאטני אוטשיטעל טשיסטאָפּיסאניִא דוווכקלאסנאָוואָ קאזיאָנאָוואָ יעווריסקאָוואָ אוטשי־לישטשאָ!

בייסמײַסע פלעגט ער מיט ביידע הענט פאנאנדערנעמען די סקאָ־בעליעוו־באָרד, ווי ער וואָלט אָן ווערטער געזאָגט: כאָטש וועניעשטאטני, אָבער דאָך א לערער פון א קאזיאָנער שול.

טאראראם איז זיכער געווען, אז זײַן „טשיסטאָפּיסאניע“ איז אָן אָן ערעך וויכטיקער פון אלע אנדערע לימודים, וואָס עס לערנען מיט די טאלמידים אין דער קאזיאָנער שול די שטאטנע לערער בעלענקי און לע־ווינסאָן.

— א מענטש מיט א פּאָטשערק איז א מענטש, א מענטש אָן א פּאָטשערק איז קיין מענטש ניט! — האָט ער מיר שוין אף דער ערשטער לעקציע ארויסגעלייגט זײַן לעבנס־פילאָסאָפיע. — ווען איינער האָט א מיִעסן פּאָטשערק, ווער וועט אים גלייבן, אז ער איז א געבילדעטער מענטש?

— פארוואָס זשע סינײַסקי? — האָב איך געפרעגט. — אפילע אין

אפטייק קאָן מען קוים איבערלייענען זײַנע רעצעפּטן, און פונדעסטוועגן איז ער א געבילדעטער מענטש, א דאָקטער?

— א דאָקטער מאכט ניט אויס, — האָט מיר דערקלערט מײַן נײַער לערער, — א דאָקטער שרײַבט דאָך די רעצעפּטן סײַוויסײַ אף לאטײַן, און קיינער, אכוץ דעם פּראָוויזאָר, דארף דאָס ניט לייענען, אָבער, לאָמיר זאָגן, אַן אדוואָקאט? דער ריכטער וועט אפילע ניט אָנהייבן לייענען א פּראָשעניע, אָנגעשריבן מיט א שלעכטן קסאוו.

ציכטיקײַט איז מאלבושים און אקוראט פּארקעמטע האָר איז געווען טאראראמס צווייטע שוואכקײַט.

ריידנדיק מיט א מענטשן, האָט מאָשע געהאלטן אין איין ארומקוקן אים: אראָפּגענומען א פּעדערל פון זײַן בעגעד, אָפּגעקראצט מיטן נאָגל א קליינטשינקן פלעק פון יענעמס לאץ, גוט באקוקנדיק בייסמײַסע זײַנע אייגענע קליידער, צי איז אף זיי, כאָלילע, ניט פאראן עפּעס א פּגאם.

באמערקט בא עמעצן א פארשמאָלצענעם קאָלנער אָדער פארטריקנטע בלאָטע אף דעם זוים פון די הויזן, האָט ער זיך געקרימט:

— פע, כאלאָשעס! ווי קאָן מען עס זײַן אזא אומצוכט? גיי, רייניק זיך ארום!..

צעשויבערטע האָר האָט ער פּאָשעט ניט געקאָנט פארטראָגן.

— זעסט דאָך אויס, ווי א ווילדע בריִע! נעם פארקעם זיך!

זײַנע אייגענע געדיכטע פּאטלעס און די סקאָבעליעוו־באָרד האָט ער געהאלטן אין איין פּוצן און קעמען.

ווי א לערער פון „טשיסטאָפּיסאניע“ אין דער צווייקלאסיקער קאַזיאָנער יידישער שול, האָט טאראראם זיך זעלבסט צוגערעכנט צו דער אינטעליגענץ. באגעגענענדיק אנדערע פאָרשטייער פון דער שטאָטישער אינטעליגענץ, האָט ער זיי באגריסט, ווי עס פּאסט פּאר אַן אינטעליגענטן מענטשן, וואָס טראָגט א היטל מיט א סאמעטענעם אָקאָלישעק, כאָטש אַן א קאָקארדע, אראָפּגענומען דאָס היטל און מיט א ברייטן זשעסט: זדרא־סטיע!..

גלײַך נאָכדעם אָנגעשפּײַט אף די דלאָניעס, פארגלעט די האָר און

פאַרזיכטיק, פּאַוואָלינקע, ניט צו צעשטערן, כאַלילע, די אַקוראַט צע־קעמטע האָר, צוריק אָנגעטאָן דאָס היטל מיטן סאַמעטענעם אָקאָלישעק.

קומענדיק אַפן אוראָק, האָט ער פריִער פון אַלץ אַרויסגענומען פון וועסטל־קעשענע אַ קעמעלע און געבראַכט אין אָרדענונג זײַנע האָר און באָרד, נאָכדעם אַ נעם געטאָן זיך פאַר די לאַצן פונעם רעקל און אָפּגע־טרייסלט זיך: טאָמער איז אױף אים, כאַלילע, געפאַלן אַ האָר, און געזאָגט שטענדיק איינע און די זעלבע פראַזע:

— נו־ס, אַ טיעפּער פּריסטופּים ק זאַניאַטיאַם! — פּונקט די זעלביקע ווערטער, מיט וועלכע ער הייבט אָן דעם אוראָק אין דער קאַזיאָנער אוטשילישטשע.

דער לימעד איז באַשטאַנען דעריקער אין אויסאַרבעטן בײַ מיר אַ גוטן „פּאָטשערק". צענדליקער און הונדערטער מאָל האָב איך געמוזט איבערשרײַבן איינע און די זעלבע ווערטער: וואַסיאַ, סאַשאַ, פּאַשאַ, מאַ־שאַ, דאַשאַ, קאַשאַ, און פאַרקערט: קאַשאַ, דאַשאַ, מאַשאַ, פּאַשאַ, סאַשאַ, וואַסיאַ... ער האָט קאַליגראַפיש אויסגעציקלט מיט אַ בלײַפעדער: „יעוואָ פּרעוואָסכאָדיטעלסטווו גאָספּאָדינו פּאָפּעטשיטעליו גאָראָדסקיך קאַזיאָניך אוטשילישטש מינסקאָי גובערניִי" און געהייסן מיר איבערשרײַבן עס פופצן מאָל. דעמאָלט וועט ער מיר אָנצייכענען דעם ווײַטערדיקן נוסעך פון דער פּראָשעניע צום גאָספּאָדין פּאָפּעטשיטעל. ער האָט געפירט מיט מײַן פען, געלערנט, ווו מע דאַרף דריקן דעם אָס און ווו מע דאַרף פירן מיט דער פען איבערן פּאַפּיר, „ווי מיט אַ סמיטשעק איבער די סטרו־נעס"... ער האָט זיך געמאַטערט געבן מיר צו פאַרשטיין די וויכטיקסטע קלאָלים פון קאַליגראַפיע, אָבער אָן שום נוצן פאַר וואַסיען מיט מאַשען. פאַרקערט, וואָס מער טאַראַראַם האָט מיך געפּײַניקט מיט זײַן „פּאָ־טשערק", אַלץ מער פאַרהאַסט איז מיר געוואָרן קאַליגראַפיע און אַלץ גרעסערע קריפּלס און פאַרזעענישן זײַנען מאַשאַ און פּאַשאַ אַרויסגע־קומען פון אונטער מײַן פען.

ווען מאָשע טאַראַראַם וואָלט געוווסט, אַז אינגיכן וועלן מענטשן אָנהייבן שרײַבן אױף שרײַב־מאַשינקעס — אַלע מיט איין און דעם זעל־

ביקן „פּאָטשערק“ — און די הויכע קונסט פון שיין־שרײַבן וועט אונ־טערגיין, — וואָלט דאָס לעבן עפּשער פאַרלאָרן פאַר אים יעדער זין און אינהאַלט, נאָר מײַן לעבן וואָלט דאַן זיכער פאַרגרינגערט געוואָרן. צום באַדויערן, האָט ער אַפילו ניט כוישעד געווען דעם גיכן אונטערגאַנג פון דער הויכער און נאָבעלער קונסט — קאַליגראַפיע און האָט ניט אויפ־געהערט צו דערגיין מײַנע טעג און יאָרן.

— דאָס איז דען אַ פּאָטשערק? — האָט ער מיט ביטל און פאַראַכטונג געמאָנט בא מיר. — דאָס זײַנען דאָך צייכנס פון הינערשע פיסלעך אף שניי, ניט אַ פּאָטשערק! העקלעך מיט פּעטליעס, פּעטליעס מיט העק־לעך — אָט וואָס דאָס איז, ניט אַ פּאָטשערק!

אומזיסט אָפּמאַטערנדיק זיך מיט מיר עטלעכע כאָדאָשים, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון אוראָק.

— מיט אַזאַ טאַלמיד קאָן איך זיך ניט אָפּגעבן, — האָט ער געמאָלדן מײַן טאַטן, — עס טרעפט, אַ ייִנגל האָט אַ שלעכטן פּאָטשערק, — ס'פּאַסירן אַזעלכע זאַכן, באַמיט ער זיך כאָטש אויסצואַרבעטן די האַנט. ער אָבער וויל גאָר ניט האָבן קיין גוטן פּאָטשערק! טאָ וואָס איז די פּולע פון מײַן לערנען אים? אומזיסט וויל איך קיין געלט ניט נעמען.

פאַר זײַן לעצטן אוועקגיין האָט ער נעווייִעס געזאָגט:

— פון דיר וועט שוין קיין רעכטס ניט אַרויסקומען. אַפילו אַן אַד־רעס אָנשרײַבן וועסטו דאָך מוזן אָנקומען צו לײַטן! וועסט שוין זען.

צוזאַמען מיט מײַן שלעכטן „פּאָטשערק“ און מיט מײַן ביטערער סיבע צו „טשיסטאָפּיסאַניע“ בין איך אַריבערגעגאַנגען צו מײַן צווייטן רוסישן לערער — צום אַלמען מיטן ייִנגעלע.

דעם נאָמען פון מײַן צווייטן לערער געדענק איך ניט און בין ניט זיכער, אַז איך האָב אים ווען־עס־איז געוווּסט. מיר דאַכט, אַז קיינער איך שטאָט האָט זײַן נאָמען ניט געוווּסט. געקומען איז ער פון ערגעץ ווײַט, איבערלאָזנדיק דאָרט אַפּן בעסוילעם אַ יונג־געשטאָרבן ווײַב.

ער האָט געבראַכט מיט זיך אַ ייִנגעלע פֿון אַ יאָר זעקס. און שטאָט האָט אים גלײַך באַצייכנט — „דער אַלמען מיטן ייִנגעלע".

דער נאָמען איז געווען ווי אָנגעמאָסטן פֿאַר אים: וועגן אַלמענשאַפֿט האָט גערעדט דאָס גאַנצע געשטאַלט פֿון אָט דעם קליינגעוויקסיק, קײַ־לעכדיק מענטשל מיט די בלאָס־געלבלעכע באַקן, מיט זעקעלעך אונטער די אויגן. וועגן אַלמענשאַפֿט האָט איידעס געזאָגט זײַן קורץ, ענג, אַלט־מאָדיש סורדוטל, אויסגעריבן אין די נעט און גלאַנציק אױף די לאָפּעט־קעס. וועגן אַלמענדיקער פֿאַרוואָרלאָזטקייט האָבן געשריִען די אָפּגע־ריבענע קנעפּ פֿון דעם ביז גאָר אָפּגענוצטן סורדוטל: פֿאַריאָסעמט האָבן זיי אַרויסגעקוקט מיט זייער בלאַסן מעטאַלענעם גלאַנץ פֿון הינטער דעם אויסגעריבענעם געוואַנט, מיט וועלכן זיי זײַנען אַמאָל געווען איבערגעצויגן. איין אונטערשט קנעפּל האָט זיך קוים געהאַלטן אויף איין־איינציקן פֿאָדעם, יעדער מינוט גרייט אַראָפּצופֿאַלן, ווי אַן איבער־געצײַטיקטע פֿרוכט פֿון בוים. צוויי קנעפּלעך האָבן אינגאַנצן געפֿעלט. ס'איז בלויז פֿאַרבליבן אַ זייכער פֿון זיי: אויף אָרט פֿון איין קנעפּל — אַ קניפּל אָפּגעבליאַקעוועטע פֿאָדעם, מיט וועלכע ס'איז אַמאָל צוגענייט געווען, אויף אָרט פֿון צווייטן — אַ קליין לעכעלע, פֿון וועלכן ס'האָט אַרויסגעקוקט די ווײַס־גרויע לײַוונט פֿונעם אינווייניקסטן אונטערבעט.

אַפֿילע די גומענע מאַנישקע מיטן שוואַרצן האַלדז־טיכל, וואָס איז אים שטענדיק פֿאַרפֿאָרן ערגעץ אָן אַ זײַט, דאָס גומענע קעלנערל, די ברייטע גומענע מאַנזשעטן מיט די גרויסע קײַלעכדיקע ביינערנע שפּאָנקעס האָבן ניט געקאָנט פֿאַרמילדערן דאָס טרויעריקע געשטאַלט פֿון אָט דעם אַלמען מיטן ייִנגעלע. די מאַנישקע איז אָפֿט אַרויסגעקראָכן פֿון אונטערן וועסטל, אַנטפּלעקנדיק אַ געדיכט־באַוואַקסענע געלהויטיקע ברוסט, און די קײַלעכדיקע, ניט צוגעשפּיליעטע מאַנזשעטן זײַנען בײַ יעדער באַוועגונג פֿון זײַן האַנט אַרויסגעשפּרונגען פֿון די אַרבל און אַראָפּגעפֿאַלן אויף די קורצע טיף־אַרומגעביסענע נעגל.

נאָר מער פֿון אַלץ האָט אונטערגעשטראָכן די אַלמענשאַפֿט פֿון דעם

מענטשן זײַן ייִנגעלע: אַף װעמען איבערצולאָזן דאָס קינד איז ניט גע־
װען, האָט ער אים אומעטום מיטגעפירט מיט זיך.

— זיץ, מישענקע, שטיל, — פלעגט ער אָנזאָגן זײַן ייִנגעלע, אװעק־
זעצנדיק אים אַף אונדזער הארטער, מיט צעראַטע באַצױגענער קאַנאַפּע
אין װינקל פון צימער.

און דאָס ייִנגעלע — צװײ טראָפּנס װאַסער דער טאַטע — זיצט
שטיל, בלאָנדזשעט מיט די אומעטיקע שװאַרצע אייגעלעך איבערן
צימער און װייסט ניט װאָס צו טאָן מיט זיך אין דער לאַנגװײַליקער
לאַנגער שעה.

אָפּטמאָל נעמט דער לערער פון טיש איינס פון מײַנע לערנביכלעך
און גיט עס זײַן ייִנגעלע:

— נאַ, מישענקע, קוק קאַרטינקעס, נאָר זע, רײַס ניט...

שטיל, װי אַ מײַזעלע, בלעטערט דאָס ייִנגעלע אַ בלעטל נאָך אַ
בלעטל, פאַרהאַלט זיך אַ װײַלינקע אַף װעלכן־ניט־איז בילדל און בלע־
טערט װײַטער. איבערקערנדיק אַ בלעטל, הייבט ער אוף אַף אונדז
זײַנע אומעטיקע אייגעלעך, װי ער װאָלט שטום געפרעגט: „איך זיץ
שטיל? איך רײַס ניט?"... װען דעם אַלמענס בליק באַגעגנט זיך מיט
דעם בליק פון זײַן ייִנגעלע, שיקן זײ איינער דעם צװייטן אַ קורץ
בלאַס שמייכעלע — אַ צייכן פון קעגנזײַטיקער ליבשאַפט, בלױז זײ
אַליין אַ פאַרשטענדלעכן.

מאַנכעסמאָל באַגלייט דער אַלמען זײַן שמייכל מיט אַ פּאָר װאַרעמע
דערמונטערנדיקע װערטער:

— שפּיל, מישענקע, שפּיל...

ניט שװער געװען צו באַמערקן, אַז דעם לערערס געדאַנקען זײַנען
פאַרנומען מער מיט זײַן ייִנגעלע, װי מיט מיר.

שפּרײַזנדיק הין און צוריק איבערן צימער און לאַנגזאַם, זילב נאָך
זילב דיקטירנדיק מיר, װאַרפט דער אַלמען פאַרבאָרגענע בליקן אַף
זײַן ייִנגעלע, אָפּזיפצנדיק בײַ יעדן בליק שטיל־שטיל, אַזױ אַז עס איז
מער ענלעך אַף אַ טיפן אָפּאָטעמען, װי אַף אַ זיפץ.

אָן אנדערשמאָל, ווען איך לייען אפן קאָל וועגן א קאַץ, וואָס איז ארויס אף יאגד נאָך א מויז, וועגן דעם פוקס, וואָס האָט אויסגענארט בא דעם ראָב א שטיקל קעז, אָדער וועגן דעם פויערל, גרויס ווי א נעגעלע, וואָס האָט געפירט א וואָגן טרוקענע צווייַגן, הערט דאָס יינגע־לע אוף צו פּליסטערן מיט די בלעטלעך פון ביכל, שפּיצט אָן די אויער־לעך, ווי א העזל, און הערט זיך צו. זייַנע אייגעלעך פינקלען דערבייַ און אף די דינע ווייַסע ליפּלעך בלאָנדזשעט א קינדערשער שמייכל.

באמערקנדיק עס, הייבט דער לערער אויך אָן שמייכלען, רייַסט איבער די לעקציע און זאָגט:

— אנו, מישענקע, לייען אָקאָרשט קרילאָווס פאבל „די ראָב און דער פוקס", דו ווייסט דאָך...

מישענקע גליטשט זיך אראָפּ פון דער צעראטענער קאנאפּע, שטעלט זיך אוועק גלייַך, די הענטלעך בא די זייַטן, ווי א קליין סאָלדאטל, און, צוקלאפּנדיק צום טאקט מיטן פיסל, קנאקט ער אָפּ דאָס פאבל, ווי אַן אָנגעשרויפטער.

דער טאטע קלאפּט אויך מיטן פוס און שאָקלט צו מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט דיריזשירט און געהאלטן טאקט מיט זייַן יינגעלעס דעקלאמא־ציע.

— און איצט, מישענקע, לייען דורך קרילאָווס „קווארטעט". דו ווייסט דאָך! דאָס, וואָס איך האָב מיט דיר אָנומלט אייַנגעכאַזערט.

מישענקע לייענט אף אויסווייניק א פאבל נאָך א פאבל.

מייַן לערערס פּאָנעם שייַנט.

— זעקס יאָר, דאָס זיבעטע, און ווייסט פאבעלן מער פון דיר, כאָטש דו ביסט מיט גאנצע פינף יאָר עלטער פון אים...

דאָס איז ניט אזוי א פאָרוווּרף מיר, ווי א שוואך זייַן יינגעלע.

נאָר גראָד אָט די גערעכטיקייַט פונעם יינגעלע האָט געפירט דערצו, אז מייַן טאטע זאָל אָפּזאָגן דעם אָלמען מיטן יינגעלע פון אוראָק.

— הערט א מייַסע! — האָט דעם טאטן פארדראָסן. — איך צאָל אים דרייַ זילבערנע קארבן א כוידעש פאר לערנען איין שאָ איין טאָג

מיט מײַן ייִנגל, און ער פֿאַטערט האַלב פֿון דער צײַט אַף לערנען זײַן ייִנגל! ט'איר שוין אַזוינס געזען? און וואָס איז עס סטאַם פֿאַר אַ שטייגער אומעטום צו שלעפּן מיט זיך דאָס ייִנגל? אַזעלכע לערערס דאַרף איך ניט!

לייבל ניישטאַט — אַ הויכער דאַרער באָכער מיט אַ קײַלעכדיקן רוקן און קורצזיכטיקע אויגן, — מיט דרײַ יאָר צוריק אַ יעשיוועבאָכער אין דער סלוצקער יעשיווע און איצט אַן עקסטערן פֿון דער סלוצקער גימנאַזיע, — האָט פֿאַרנומען דאָס אָרט פֿונעם אַלמען מיטן ייִנגעלע.

קיין זאַך אין דער וועלט האָט ניט געקאָנט באַוועגן מײַן נײַעם לערער אויסצורײדן אַף די לעקציעס כאָטש איין וואָרט ייִדיש.

— זשאַרגאָן מאַכט קאַליע די רוסישע פּראָיִזנאָשעניע, — האָט ער גלײַך דעם ערשטן מאָל מיר דערקלערט און האָט ניט דערלאָזט קיין שום אָפּנייגן פֿון דעם קלאַל, ניט פֿאַר מיר, ניט פֿאַר זיך, אַפֿילע אין יענע פֿאַלן, ווען איך האָב ניט אײנגאַנצן פֿאַרשטאַנען זײַנע דערקלערונגען אין רוסיש.

געטאָן האָט ער עס, ווי איך פֿאַרשטיי איצט, ניט אַזויפֿיל צוליב מײַנע נוצן, ווי צוליב זײַנע אײגענע: קעדיי זיך צוצובן אין דער רוסישער שפּראַך — דער אײנציקער געגנשטאַנד, וואָס איז געווען אַ שטרויכלונג אַף זײַן וועג צו אַ מאַטורע־אַטעסטאַט.

ניישטאַט האָט גערעדט רוסיש מיט אַן איבעריקער פּינקטלעכקײַט און מיט גרויס פֿאָרזיכטיקײַט, ווי ער וואָלט געגאַנגען איבער דינעם אײַז. באַזונדערס האָט ער זיך באַמיט אַרויסצוברענגען די רוסישע „אָ" און „אַ" — יאַ אובע־דיל־סיאַ, טשטאָ ניע נאַ־דאָ באָ־יאַט־סיאַ כאָ־לאָד־נאָי וואָדי. קו־פּאַט־סיאַ וו כאָ־לאָד־נאָי וואָ־דיע פּאָ־לעז־נאָ. יאַ פּאָ־גאָ־ריאַ־טשיל־סיאַ אי פּאָד־ראַל־סיאַ ס טאָ־באָ־יו. אָט אַזעלכע ווערטער און זאַצן פֿלעגט ער שטענדיק אויסקלײַבן פֿאַר מײַן דיקטאַנט, אויסריידן דערבײַ

די זילבן „אָי", „סיא" און דעם בוכשטאַב „אָ" אָפּגעטיילט איינס פון דעם אַנדערן, ווי דאָס וואָלטן געווען באַזונדערע ווערטער.

אַ צווייטער מיטל אויסצואַרבעטן בײַ מיר אַ ריינע אויסשפּראַך איז געווען: צווינגען מיך אויסצוכאַזערן אויף אויסווייניק וואָס לענגערע פּאַבעלן, לידער און גאַנצע פּאָעמען, ווי, אַשטייגער, נעקראַסאָווס „קרעסטיאַנסקיִע דיעטי" און „גענעראַל טאָפּטיגין", לערמאָנטאָווס „באָראָדינאָ", פּושקינס „פּאָלטאַווא" און נאָך אַזעלכע לידער און פּאָעמען, דעם פּראַכט און אינהאַלט פון וועלכע איך בין דאַן ווײַט געווען פון באַנעמען.

מײַן לערער איז ניט געלונגען אויסצואַרבעטן בײַ מיר אַזאַ ריינע אויסשפּראַך, ווי זײַנע, פּונקט ווי אים איז ניט געלונגען צו פאַרווירקלעכן דעם טרוים פון זײַן לעבן — אויסהאַלטן עקזאַמען אויף אַן „אַטעסטאַט זרעלאָסטי". נאָר איך בין אים דאַנקבאַר פאַר דעם, וואָס ער האָט דער ערשטער מיר געוויזן דעם וועג צו די רײַכע אוצרות פון דער רוסישער ליטעראַטור. אים האָב איך אויך צו פאַרדאַנקען, וואָס דער טאַטע האָט מיך צוגענומען פון כיידער און אָפּגעגעבן אין „גאָראָדסקאָיע אוטשילישטשע".

מיט דער זעלביקער האַסמאָדע און ברען, מיט וועלכער ער האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק געלערנט אַ בלאַט געמאָרע, האָט ניישטאַט איצט געכאַזערט — אויף אויסווייניק און אָפּן קאָל, קעדיי אויסצואַרבעטן בײַ זיך אַ גוטע אויסשפּראַך — לאַנגע פּאָעמען און גאַנצע קאַפּיטלעך פּראָזע פון די רוסישע קלאַסיקער און האָט זיך באַמיט אויך אין מיר אײַנצופלאַנצן אַ ליבע צו זיי, כאָטש מע מוז זאָגן, אַז ער האָט ניט געוווּסט, וויאַזוי עס צו טאָן.

קינדער־מײַסעלעך האָט ער ניט אַנערקענט.

— מײַסעס — דאָס איז פאַר פּריצישע קינדער, וואָס רוסיש איז זייער מוטערשפּראַך און פאַר וועלכע די טירן פון די גימנאַזיעס און אוניווערסיטעטן זײַנען ברייט אָפּן. אָבער אַ ייִדיש ייִנגל, ווי דו, דאַרף גלײַך אָנהייבן פון גרויסע ערנסטע ביכער. נישקאָשע, אויב דו קאָנסט צעקײַען אַ בלאַט געמאָרע, וועסטו די רוסישע קלאַסיקער אויך גוויוער זײַן. און זיי וועלן דיר ברענגען מער נוצן, ווי דײַן געמאָרע. און לייענען זאָלסטו

שטענדיק הויך, אפֿן קאָל, קעדיי אויסצואורבעטן בא זיך א גוטע רוסישע אויסשפּראַך.

מײַן באקאנטשאפט מיט דער רוסישער ליטעראטור האָט זיך אָנגעהויבן פֿון אלעקסיי טאָלסטאָיס „קניאז סערעבריאני" — דאָס ערשטע רוסישע בוך, וואָס מײַן לערער האָט מיר געגעבן צו לייענען.

א גוטע העלפֿט ווערטער האָב איך ניט פֿארשטאנען, נאָר דער אינהאלט איז צו מיר דערגאנגען. און דער אײַנדרוק, וואָס דאָס ביכל האָט אף מיר געמאכט, איז געווען גוואלדיק: איך האָב קיינמאָל פֿריִער ניט געקאָנט פֿאָרשטעלן זיך, אז א קייסער קאָן זײַן אזוי גרויזאם, אזא דעספּאָט!.. מײַן צוועלפֿיאָריק הארץ האָט געבערענט מיט צאָרן און האס צו איוואן דעם גרויזאמען און זײַנע אָפּריטשניקעס, וואָס האָבן זיך געטראָגן איבער מאָסקווע מיט הינטישע קעפּ אף די שפּיזן, איבערלאָזנדיק הינטער זיך טויט און טרערן.

נאָך „קניאז סערעבריאני" איז געקומען גאָנטשאראָווס „פּרעגאט פּאַלאדא", דערנאָך פּושקינס „קאפּיטאנסקאיא דאָטשקא", טורגעניעווס „זאַפּיסקי אָכאָטניקא", פּיסעמסקיס „באָיארשטשינא" — ביכער, וועלכע האָבן פֿאר מיר אנטפּלעקט א נײַע גרויסע וועלט, וועלכע האָט פֿארטונקלט אלץ, וואָס איך האָב ביז דאן געלייענט אין די ייִדישע און העברעיִשע ביכלעך.

ס'פֿארשטייט זיך, אז איך האָב קוים א העלפֿט פֿארשטאנען פֿון דעם, וואָס איך האָב געלייענט, נאָר דאָס פֿארשטאנענע איז גענוג געווען, מײַן פֿאנטאזיע זאָל זיך צעפֿלאקערן און אז אין מיר זאָלן זיך דערוועקן נײַע, ביז דאן מיר אומבאוווּסטע געפֿילן און שטרעבונגען.

געהיים פֿון מײַן לערער, וועלכער האָט אויסער די רוסישע קלאסיקער, „בא וועלכע מע דארף לערנען די רוסישע שפּראך", קיין אנדערע שרײַבער ניט אנערקענט, — האָב איך שוין אף מײַן אייגענער אכרײַעס מיט פֿארכאפּטן אָטעם געלייענט ווערק פֿון פֿענימאָר קופּער, מײַן ריד און די פֿאנטאסטישע ווערק פֿון זשול ווערן, וואָס האָבן געזעטיקט מײַן ייִנגלשן דאָרשט נאָך אומגעווײנלעכע פּאסירונגען און העלדישע מײַסים.

ניישטאט איז געווען זייער צופֿרידן מיט מײַנע רוסישע „סאָטשיניע־

ניעס״, נאָר מײַן „פּראָװינצשעניע״ האָט אים ניט באַפרידיקט. די זיבן „אָ״, „אָי״ און „סיאַ״ זײַנען בײַ מיר נאָך אַלץ ניט אַרױסגעקומען אַזױ דײַטלעך, װי אים האָט זיך געװאָלט.

אָבער אינגיכן האָב איך באַמערקט, אַז מײַן לערער האָט אָנגעהױבן אױפּפּאַסן אויף מײַן אױסשפּראַך ניט אַזױ שטרענג, װי פריִער. נאָך מער: ער האָט אױפגעהערט אָפּצוהיטן די רײנקײַט פון זײַן אײגענער „פּראָװינצאָ־שעניע״, אױפגעהערט אָפּהיטן די שטרענגע פּינקטלעכקײַט באַם סאָף פון די װערטער אויף „אָ״ און „סיאַ״ — אַ זאַך, װאָס האָט אין נאָרמאַלן צו־שטאַנד בעשום־אופן ניט געקאָנט מיט אים פּאַסירן. ס׳איז דײַטלעך געװען, אַז עפּעס באַאומרויִקט אים, אַז זײַנע געדאַנקען זײַנען מיט עפּעס פאַרנומען, עפּעס לעבט ער איבער.

פון אַן אונטערגעהערטן שמועס צװישן מײַנע שװעסטער האָב איך דערפאַרן, װאָס ס׳איז געשען.

— האָסט געהערט? לײבל נײשטאַט האָט דערהאַלטן פון בײלקע דער שװאַרצער אַ שיפסקאַרטע און קלײַבט זיך פאָרן קײן אַמעריקע, — האָט די ייִנגערע שװעסטער איבערגעגעבן אַ נײַעס.

— אים איז אַזױ ניכע צו פאָרן צו איר, װי מיר איז ניכע כאַסענע צו האָבן פאַר אַן אַלטן, — האָט די עלטערע שװעסטער געענטפערט.

— ער׳ט סײַװײסײַ פאָרן, אַ ברײרע האָט ער? אַז ניט, װעט מען אים דאָך צונעמען אין סאָלדאַטן...

* * *

אַ יאָר צװאַנציק שפּעטער האָב איך באַגעגנט מײַן געװעזענעם לע־רער אויף דער איסט־סײַד אין ניו־יאָרק. ער איז געזעסן הינטערן שטאַ־כעטל פון מאַקס קאָבערס באַנקירישער קאָנטאָר, װאָס איז אין יעדער ייִדישער שטאָט און שטעטל פון אוקראַיִנע, װײַסרוסלאַנד און פּױלן באַ־װוּסט געװען ניט װײניקער, װי די שטעטלדיקע באָד, דער העקדעש און דער פּאָזשאַרנער טורעם: אין מאַקס קאָבערס באַנק האָבן טױזנטער ייִדן־

אימיגראנטן געקליבן זייערע אָפּגעשפּאָרטע סענטן און דאָלארן. דורך דעם באנק האָבן זיי געשיקט זייערע ווײַבער אין דער אַלטער היים געלט, „פּיקטשעס" און שיפסקארטן, ווען זיי האָבן געוואָלט אריבערברענגען זיי צו זיך קיין אמעריקע.

מאקס קאָברעס באנק האָט סאָפּקאָלסאָף געפּלאצט, און טויזנטער ווײַבער פון שנײַדערס, בעקערס און קליינע פּעדלערס האָבן געדארפט היפּשע יאָרן ווארטן, ביז זייערע מענער וועלן ווידעראמאָל אָפּשפּאָרן קישקע־געלט און ווידעראמאָל קויפן פאר זיי שיפסקארטן אף אראָפּברענגען זיי צו זיך קיין אמעריקע.

פּונקט ווי אין דער אַלטער היים, האָט לייבל ניישטאט, — דאָ איבערגעניצעוועט אף לוי ניובאָראָ, — א קליינשטעטלדיקער „אמעריקאנער" אין גרויסע ברילן — פּרינציפּיעל ניט גערעדט קיין ווארט יידיש.

— זשארגאָן שטערט אויסצוארבעטן א גוטע ענגלישע פּראָנאָנסיעישאָן, — האָט ער מיר דערקלערט.

אָבער בײַנציק פּראָצענט קליענטן פון מאקס קאָברעס באנק זײַנען געווען יידן, וואָס האָבן קיין ענגליש נאָך ניט גערעדט אָדער גערעדט אף אזא ענגליש, וואָס נאָר זיי גופא האָבן פארשטאנען. האָט ניישטאט־ניובאָראָ געמוזט גיין אף א קאָמפּראָמיס: ער האָט מיט אַלעמען גערעדט ענגליש און ווען ס'האָט זיך געפאָדערט, גלײַך אפן אָרט איבערגעזעצט אף יידיש.

צוהערנדיק זיך צו מײַן ענגליש, האָט ער זיך פארכידעשט:

— דו רעדסט דאָך זייער א גוטן ענגליש, ווי גוט עס קומען בא דיר ארויס דער „טי־עיטש", ווי בא אן עכטן אמעריקאנער! — האָט ער מיט דײַטלעכער קינע באמערקט. — מיר גיבן זיך ניט אײַן די גאָט־פארדאמטע טי־עיטשן...

נאָך אזויפיל יאָרן אין אמעריקע איז ער נאָך אַלץ געווען פארנומען מיט זײַן ענגלישער „פּראָנאָנסיעישאָן", ווי אמאָל אין דער אַלטער היים מיט זיין „פּראָיזנאָשעניע". ענגליש האָט ער גערעדט פּינקטלעך לויט אַלע קלאָלים פון דער ענגלישער גראמאטיק, נאָר דער אקצענט זײַנער

איז געווען יידישלעך און די אומגליקלעכע „טי־עיטש" האָבן זיך בעשום־אויפן ניט געלאָזט באהערשן.

און דאָך האָט מיסטער ניישטאט־ניובאָראָ בעשום־אויפן ניט גערעדט קיין וואָרט ייִדיש.

— אז דו וועסט ריידן יידיש, וועסטו קיינמאָל זיך ניט אויסלערנען ריידן א גוטן ענגליש...

ער האָט בעשום־אויפן ניט געקאָנט פארשטיין, פארוואָס איך רעד יידיש.

— דו ביסט, דאכט זיך, אן אינטעליגענטער מענטש און רעדסט גוט ענגליש. גראמאטיקאליש, מיט זייער א גוטער אויסשפראך. אפילע דער „טי־עיטש" קומט בא דיר ארויס אפן עכט אמעריקאנישן שטייגער, און דו רעדסט יידיש! איך פארשטיי ניט, צו וואָס טויג עס דיר? דו דארפסט פארשטיין, אז דאָ איז אמעריקע און מע דארף רעדן ענגליש. רעד ענגליש!..

1941

# אפן וועג צום צויבער־לאנד



יריל זובילא, איינער פון די זעכציק טויזנט רוסישע אוריאדניקעס, וואָס האָבן אונטער דער הערשאַפט פונעם אויבער־אוריאדניק ניקאָלײַ ראָמאַנאָוו געטראָטן די רוסישע ערד, איז שולדיק דערין, וואָס מײַן נאָמען שטייט ניט אין איין ריי מיט די נעמען פון סטענלי, לעווינג־סטאָן, וואמבערי, פרזשעוואלסקי, מיקלוכא־מאקלײַ און אנדערע וועלט־בארימטע רײַזנדער און פאָרשער פון לענדער און פעלקער.

ווען ניט אָט דער פארפלוכטער אוריאדניק מיט די געלע שטײַפע וואָנצעס, וואָלט איך איצט, עפשער, געלייענט אָטעם־פארכאפנדיקע בא־

שרײַבונגען פֿון מײַנע רײַזעס איבער װײַטע לענדער — באװוּסטע און אומבאװוּסטע, רײַזעס, פֿול מיט װוּנדערלעכע פּאַסירונגען, מיט אויסער־געװײנלעכע געשעענישן און װיכטיקע אַנטדעקונגען, און ניט אַ באַשרײַ־בונג פֿון בלויז דעם אָנהײב פֿון מײַן פֿאַרטראַכטער רײַזע אַרום דער װעלט.

אָט װיאַזוי דאָס האָט פּאַסירט...

מײַנע דרײַצן יאָר האָבן שטאַרק געבונטעװעט אין מיר — געבונטע־װעט קעגן טאַטן, קעגן מײַנע ראַבײים, קעגן מײַנע לערער און דערציִער, קעגן אַלע, װאָס האָבן זיך אָנגעלײגט אױף מיר צו מאַכן מיך פֿאַר „אַ ייִד און אַ מענטש“.

איך האָב ניט געװאָלט זײַן ניט קײן ייִד און ניט קײן מענטש. איך האָב גאָר געװאָלט זײַן אַ װעלט־רײַזנדער, אַ פֿאָרשער פֿון אומבאַװוּסטע און װײַניק־באַװוּסטע לענדער, אַ פֿליִער אױף לופֿט־באַלאָנען, אַן עלטסטער פֿון אַ שײוּעט אינדיִאַנער, אַ באַפֿרײַער פֿון נעגערס, אַ קאָװבאָי אין די פּרעריעס פֿון מיסורי, אַ יעגער אין די בערג פֿון אַריזאָנאַ, אַ גאָלדגרעבער אין אַליאַסקאַ, אַ פּיראַט אױף די ברײטע יאַמען, אַ פּלאַנטאַטאָר אין אינדיע, אַ יאַם־סוכער, אַ פּערלזוכער, — מאַלע־װאָס, מע קאָן אַלץ אױפֿ־טאָן, װען מע זאָל פֿון זיך אַראָפּװאַרפֿן דעם שװערן יאָך פֿון ייִדישקײַט און מענטשישקײַט!

און איך האָב אַלץ אָפֿטער און אָפֿטער גענומען טראַכטן װעגן אַנט־לױפֿן פֿון דער הײם און מאַכן אַ רײַזע אַרום דער װעלט.

אָבער װוּהין לױפֿט מען? צו װעלכן טײל פֿון דער ערד זאָל איך צום ערשטן װענדן מײַנע טריט? דאָס איז ניט אַזױ גרינג געװען צו אַנטשײדן.

מײַן באַליבטער פּרײַנט קאַפּיטאַן מײַן ריד — אַ בראַװער און מוטי־קער מענטש, װאָס איז דורכגעגאַנגען דורך פֿײַער און װאַסער, — האָט מיר געראַטן, איך זאָל פֿריִער פֿון אַלץ זיך אָװעקלאָזן קײן צאָפֿן־אַמערי־קע צום רויטן טײַך אָדער צו די פֿעלדזן־בערג. דער אינדזל באָרנעאָ איז אױך אַ טשיקאַװע אָרט פֿאַר יונגע רײַזנדער...

מייַן צווייטער פרייַנט, כאָטש ניט אזא באַנעטער ווי מייַן ריד, — פעניִמאָר קופּער, האָט מיר אייַנגערוימט: ווילסט זען און לערנען עפּעס רעכטס, טאָ לאָז זיך אוועק צו די רויטהויטיקע קיין מעקסיקע אָדער צו די רעזערוואציעס פאר די אינדיאַנער צווישן דעם טייַך מיסיסיפּי און די פעלדזן־בערג און גיי אין די טריט פון דעם ערלעכן און העלדישן בומפּאָ, באקאַן זיך מיט דעם „לעדערנעם זאָק“, מיט די אינדיאַנישע יעגער טשינגאטשגוק און אונקאס, לערן זיך פון זיי דרייסטקייַט, מוט, ערלעכ־קייַט און איבערגעגעבנקייַט.

און פונעם פאָדערבלאט פון מייַן באליבט ווערק „די פּאסירונגען פון קאַפּיטאַן האטעראס“ האָט אַף מיר געקוקט מייַן סאמע באליבטער פרייַנט זשול ווערן מיט זייַן געניאַלן שטערן און מיט אויגן פון א מענטשן, וואָס קוקט אריין אין דער צוקונפט, ווי ער וואָלט מיר געזאָגט: וואָס זייַנען די פּרעריעס פון צאָפן־אמעריקע און די אוראלטע וועלדער פון קאנאדע אין פארגלייַך מיט די דזשונגלס פון צענטראל־אפריקע און די נאטור־וווּנ־דער פון פּאָלינעזיע און זאנזיבאר?..

און סאָפיע ווערישהאָפער האָט געזשמורעט אירע לאכנדיקע אויגן און פארפירעריש געשמייכלט צו מיר: פראַנץ און האנס, די צוויי יִינגלעך, וואָס האָבן באגלייט דעם דר. האָלם אין זייַן וויסנשאפטלעכער רייַזע איבער יאמען און לענדער, — אָט פון ווען דו דארפסט זיך אראָפּנע־מען א בייַשפּיל! יִינגלעך קימאט אין איינע יאָרן מיט מיר, און ווו זייַנען זיי ניט אויסגעווען, וואָס האָבן זיי ניט געזען, מיט ווען האָבן זיי ניט געקעמפט, און וואָס האָבן זיי ניט דורכגעמאכט!

זיי האָבן באַרייַזט צענטראל־ און דאָרעם־אפריקע, אוסטראליע און אינדיע, באזוכט יאווא און ציילאָן, באָרנעאָ און גוויניע, פּאָלינעזיע און מאוריקיע, דעם טאָל פון טויט און דעם אינדזל פון פרייַנטשאפט, די זאָנדישע אינדזלען און דעם שווימענדיקן אינדזל, קאפּשטאט און סידניי, מאדאגאסקאר און זאנזיבאר... געקעמפט מיט נעגערס, געשלאָסן פרייַנט־שאפט מיט מאלייַצעס, געפּראוועט מאָלצייַטן מיט האָטענטאָטן, געהאט צו טאָן מיט פּאפּואסן, מיט סענעגאלער, מיט מענטשנפרעסער און ערד־

פרעסער, באַגעגנט זיך מיט בושמענער, מיט קאַרליקעס, מיט דאַיאַקעס, מיט אמאקאָשן, מיט מאַלאַקאָשן... גערואַטעוועט זיך פון פּיטאָנען, געטייט קראָקאָדילן און אַקולעס, געשאָסן וואָלפישן, טיגערן, לעמפערטן, פּאַנ־טערעס, קענגורעס, בעגעמאָטן און העלפאַנדן, שאַקאַלן און פליִענדיקע הינט... ביַיגעשטאַנען שטורעמווינטן און פאַרפלייצונגען, געשלאָגן זיך מיט ווילדע כּיַיעס און ווילדע מענטשן, געזאַמלט וויסנשאַפטלעכע קאָ־לעקציעס און אַנטדעקט ניַיע אינדזלען, און אומגעקערט זיך צוריק אין „ליבן פאַטערלאַנד" געזונט, מונטער, ריַיך און באַרימט... יאָ, דער פערצנ־יאָריקער האַנס און דער זעכצניאָריקער פראַנץ — אָט אין וועמעס טריט דו דאַרפסט גיין!..

אָבער דער וועג צו ווערישהאָפערס צויבער־לאַנד איז מיר באַוווּסט געוועזן ניט מער, ווי דער וועג צו די אינדיאַנישע רעזערוואַציעס אין צאָפן־אַמעריקע, און די מעגלעכקיַיטן צו דערגרייכן אַהין — אויך די זעלביקע. איז בא מיר געבליבן: דערוויַיל אַנטלויפן צום פעטער נאַפטאָ־לע קיין בראַנטשיץ — א דאָרף, צוועלף ווערסט פון מיַין היימשטאָט, און פון דאָרטן, צוזאַמען מיטן שוועסטערקינד יודקע, א יִינגל אין מיַינע יאָרן, — זיך אַוועקלאָזן אין א ריַיזע אַרום דער וועלט, פונוואַנען מיר וועלן, מיט יאָרן שפּעטער, זיך אומקערן צוריק באַוואַקסענע מיט בערד, ווי זשול ווערן, באַלאָדענע מיט גאָלד און איידלשטיינער, ווי די גאָלד־גרעבער פון קאַליפאָרניע, און באַדעקט מיט רום, ווי פראַנץ און האַנס...

איך האָב געהאַט נאָך פעטערס אַפן וועג קיין אינדיע און פּאָלינעזיע, נאָר בראַנטשיץ איז, פון אַלע זיַיטן, געוועזן דאָס פּאַסיקסטע אָרט פאַר דער ערשטער סטאַנציע אף מיַין ריַיזע אַרום דער וועלט: דער וועג קיין בראַנטשיץ איז מיר גוט באַקאַנט געוועזן און מיט דעם פעטער נאַפטאָלעס הויזגעזינד בין איך געוועזן נעענטער, ווי מיט אַלע אַנדערע פעטערס און מומעס מיַינע.

יעדעס מאָל, ווען דער פעטער נאַפטאָלע ברענגט אין שטאָט אַריַין פאַרקויפן האָלענדער קעז פון זיַין פאַכט, וואָס ער האַלט באַם בראַנטשי־צער פּאָריץ, פאַרפאָרט ער צו אונדז. די מומע ליבע, דעם פעטער נאַפ־

טאָלעס ווײַב, — אַ קרענקלעכע ייִדענע מיט אַ פּלאַטשיקער נאָז אַף אַ בלייך, פּלאַך פּאָנעם און מיט אַ גרויסן פלײשיקן וואָרצל אַפן לינקן שלייף, — קומט אָפט אין שטאָט צום דאָקטער זיך היילן און זיצט בא אונדז אָפּ וואָכנלאַנג. דעם פעטערס עלטערער זון, יויסעף, אַ "ביוואַלער" יונג, וואָס שנײַדט זיך אַף אַ שטאָטיקן, איז אויך אָן אָפטער גאַסט בא אונדז. אונדזער שטוב איז דאָס אָרט, וווּ דעם פעטער נאַפטאָלעס איינציקע טאָכטער דאָבע — אַ געזעצטע, געדיכט־פאַרקנאָטענע מויד מיט אַ הויכן בוזעם, מיט פלאַמענדיקע באַקן און מיט שטײַף פאַרפלאָכטענע ליכטיקע צעפּ, פאַרלייגט אַרום קאָפּ ווי רייפן, — לאָזט זיך אָנקוקן און קוקט אַליין אָן כאַסאַנים.

איין מאָל אין יאָר, אַף יאָמים־נויראָים, קומט דער פעטער נאַפטאָלע אַראָפּ צו אונדז מיט זײַן גאַנץ ביסל באַלעבאַטישקײַט: מיטן קרענקלעכן ווײַב, מיט דער געדיכט־פאַרקנאָטענער טאָכטער, מיט אַלע זײַנע באָנים, וואָס טראָגן די נעמען פון די אַסערעס־האַשוואָטים — רעווען, שימען, לייווי, יויסעף און יעהודע, מיט די געבונדענע קאַפּאָרעס, מיט די עמערדיקע טשוהונענע טעפּ, מיט פערד און לאָשעקלעך און אַפילע מיטן קודלאַטן הונט, וואָס האַלט זיך דעם גאַנצן וועג פונוויטן, די באַלעבאַטים זאָלן אים ניט דערזען און ניט אָוועקטרײַבן צוריק אַהיים.

דעמלט טומלט זיך בא אונדז אין שטוב, ווי אין אַ פולער אַכסאַניע. געזונטע דאָרפישע באָכערים, אויסגעפּוצטע אין געוועבטענע גאַרניטערס, פון וועלכע עס שמעקט מיט פאַרלעגנקײַט, אין נײַע, שטײַפע היטלען אָן איין קנייטשעלע, אין קאָלירטע גומענע קעלנערלעך מיט בלויע האַלדזטיכלעך, אין סקריפּענדיקע שטאָטישע קאַמאַשן, אין וועלכע זייערע פיס, געוווינטע צו גרויסע גראַמע שטיוול, פילן זיך ווי געפּענטעט, — פאַרנעמען די גאַנצע שטוב, ווי דאָ וואָלטן געווען ניט פינף, נאָר פופצן זייערע.

די עפּל־באַקן פאַרפלאַמט און די אַרבל פון דער קאָפטע פאַרשאַרצט אַריבער די עלנבויגנס פון די שטײַפע הענט, שטייט דאָבע גאַנצענע טעג באַם אויוון, רוקט אַרײַן און שלעפּט אַרויס פון דאָרטן גרינג און גע־

שווינד די עמערדיקע טשוהונענע טעפּ — גרייט אכילע פאַר דעם גרויסן געזינד געזונטע עסערס.

אין אָוונט הייבט זיך אָן א טומל מיט געלעגערס פאַר די געסט. עס ווערן באַלייגט די צעראַטענע קאַנאַפּעס, דער רויטגעפאַרבטער הילצער־נער טאָפּטשאַן, די שלאָפבאַנק און דער הינטער־אויוון. פאַר דעם פעטער נאַפּטאָלעס צוויי יינגערע יינגלעך און פאַר מיר מיט מײַן יינגערן ברו־דערל ווערט אויסגעבעט איין בעשוטפעסדיקער געלעגער, צונויפגערוקט פון בענקלעך, שטולן און טירן, אַראָפּגענומענע פון די זאַוועסעס. דער טאַטע וואָרטשעט שטילערהייט אונטער: „געמאַכט פון דער שטוב א קרעטשמע", נאָר מיר איז די מײַסע דאַפּקע געפעלן. דער טומל באַם טיש, ווי אַף א כאַסענע, דער טאַראַראַם באַם שלאָפן גיין, די ענגשאַפט אין שטוב איז פאַר מיר א גרויסע אָפּפרישונג פון דער טאָגטעגלעכער איינטאָניקײַט, א דערלייזונג פונעם יאָך צו „ווערן א מענטש".

אויסער דעם האָב איך נאָך אין מײַן רעשוס צוויי פערד, וועלכע איך פיר צוויי מאָל אין טאָג צום ברונעם אָנטרינקען, א לאָשעקל, וואָס שפּרינגט און הירזשעט פריילעך, ווי א יינגל, וואָס איז באַפרײַט אַף א גאַנצער וואָך פון כיידער, און דעם גרויסן שלעפעריקן הונט סווירעפּי — א מילדן, ווי א לעמעלע, כאָטש זעט זיך אַף אים רײַטנדיק.

דאָס אַלץ האָט מיך שטאַרק דערנעענטערט צום פעטער נאַפּטאָלע און זײַן הויזגעזינד, און דעריבער, ווען ס'האָט זיך פאַר מיר געשטעלט די פראַגע, וווהין לויפן, האָב איך פאַר דעם ערשטן עטאַפּ פון מײַן געפּלאַנ־טער רײַזע אַרום דער וועלט אויסגעקליבן דעם פעטער נאַפּטאָלעס שטוב אין בראַנטשיץ.

מיט א סוקעוואַט שטעקל אין דער האַנט, מיט דרײַ בייגל און א האַר־טער גאָמלקע אין איין קעשענע, מיט א מעסערל און א שטיקל קיזלשטיין אין דער צווייטער קעשענע שפּרײַז איך איבערן וועג, וואָס פירט קיין בראַנטשיץ.

פוןביידע זײַטן וועג ליגן ברייטע, פלאַכע פעלדער און לאָנקעס. איך קאָן ניט אונטערשיידן צווישן איין געוויקס און דעם צווייטן. פאַר מיר איז עס אַלץ טוווע און גראָז — גרינס, באַשפּרענקלט מיט ראָז, מיט בלוי... און ווײַסע קווייטלעך מיט געלבע קנעפּעלעך אינמיטן. און אַלע זײַנען זיי אַזעלכע העלע און לעבעדיקע, אַז עס פרייט דאָס אויג צו קוקן אויף זיי, און אַלע שמעקן זיי מיט אַזעלכע מאָדנע זיסע רייכעס, וועלכע איך קאָן ניט אָנרופן. איך ווייס נאָר, אַז ס'איז אַ מעכײַע...

אָבער עפּעס שטערט מיר האַנאָע צו האָבן אין דער פולער מאָס פון די שיינע פאַרבן, פון די זיסע רייכעס און פונעם געפיל פון פרײַהײַט, נאָך וועלכער איך האָב אַזוי געגאַרט. עפּעס פיל איך זיך זייער קליין און פאַרלאָרן אין דער אַרומיקער ראַכוועס. איך שפּרײַז מיטן שמאָלן סטעזשקעלע באַ דער זײַט פונעם וועג, און מיר הייבט זיך אָן דאַכטן, אַז איך גיי שוין אַזוי ווער ווייסט ווי לאַנג און ווער ווייסט ווי לאַנג איך וועל נאָך דאַרפן אַזוי גיין אויף מײַן רײַזע אַרום דער וועלט... איך בין אויך ניט גאַנץ זיכער, צי האָב איך גוט געטאָן, וואָס איך בין אַנטלאָפן פון דער היים. וואָס וועט זײַן, ווען מע וועט זיך כאַפּן, אַז איך בין ניט געוואָרן? און וואָס פאַר אַ טערעץ וועל איך זאָגן דעם פעטער באַפּטאָלע מיט זײַן הויזגעזינד? ווי וועט מען מיך דאָרטן אויפנעמען? וועט מיך דער פעטער ניט אָפּשיקן מיט דער ערשטער פור צוריק אַהיים? די אַלע פראַגן, וועגן וועלכע איך האָב פריער ניט געקלערט, באַאומרויִקן מיך איצט זייער שטאַרק. איך האָב אויך אַ ביסל מוירע פאַרן וואַלד, וואָס דערנעענטערט זיך מיר אַנטקעגן. ס'איז אַפילע ליכטיקער טאָג, אָבער ס'איז דאָך פאָרט אַ וואַלד... אין מײַן זיקאָרן דערוואַכן אַלע שוידערלעכע מײַסעס וועגן ווילדע כײַעס און וואַלד־גאַזלאָנים, וואָס איך האָב זיך אין מײַנע דרײַצן יאָר אָנגעהערט. מיר ווערט אומהיימלעך... ניט ווײַניקער פונעם געדיכטן וואַלד שרעקן מיך די באַגעגענישן מיט הינט און דאָר־פישע יינגלעך, וועלכע איך קאָן טרעפן אין דערפל, וואָס ליגט אַפן וועג קיין בראַנטשיץ.

עפּשער אומקערן זיך צוריק אַהיים, קאָלזמאַן ס'איז ניט שפּעט?

ווי מע ווארפט אָפּ מיטן פוס אַ שטיינדל פון וועג, אזוי ווארף איך אָפּ דעם פּאכדאָנישן געדאנק: אַ שיינער וועלט־רייַזנדער, ניטאָ וואָס צו זאָגן!..

מיט פּארשנעלערטע טריט און מיט מוט, וואָס קומט פון מוירע, טרעט איך ארייַן אין געדיכטן וואלד — די ערשטע „דזשונגלס" אַף מייַן לאנגן וועג.

פון אינווייניק, ווייַזט זיך ארויס, איז דער וואלד גאָר ניט אזוי שרעקלעך ווי פונוווייַטן. דער זעלביקער וועג ציט זיך ווייַטער, צעשנייַדט דעם וואלד אַף צוויי העלפטן. הויכע, גלייַכע סאָסנעס שטייען, ווי אין ערנוואך, פון ביידע זייַטן וועג. איינצלנע בערעזעס, ווייַסע און שלאנקע, שאָקלען מיט זייערע בלעטערדיקע צווייַגן און ווארפן „העזעלעך" אפּן זאמדיקן וועג... די קילקייַט און פרישקייַט פון וואלד, דאָס צוויטשען פון פייגעלעך, די שאָרכן און קלאנגען, מיט וועלכע דער וואלד איז פול, מאכן מיך פארגעסן אָן דער שרעק, וואָס אַ וואלד דארף אַף מיר אָנווארפן.

דאָס דערפל בין איך אויך דורכגעגאנגען בעשאָלעם.

אָרעם און פארוואָרלאָזט, ווי אַ בלינדער בעטלער באַם זייַט וועג, איז געלעגן דאָס קליינע ווייַסרוסישע דערפל באַם שטויביקן שליאך, — נידעריקע, אויסגעקרימטע כאטקעס מיט שטרויענע, פון זון געסמאליעטע, פון רעגן גענעצטע און פון ווינטן געטריקנטע סטרעכעס, ווי גרויסע היטלען, נידעריק אראָפּגערוקטע איבער די אויערן אַף קליינע יינגלשע קעפּ.

עס איז געווען די צייַט פון היי־שניט. מיטן זאמדיקן שליאך האָבן זיך געצויגן צום דערפל וועגענער, הויך אָנגעלאָדענע מיט היי. פונווייַטן האָט אויסגעזען, ווי די פערד וואָלטן געווען אייַנגעשפּאנט גלייַך אין די סטויגן היי. קיין רעדער האָט מען ניט ארויסגעזען. אויבן, אַף די שווימענדיקע קופּעס היי, זייַנען געזעסן פון זון פארברענטע יאטלעך אין לייַוונטענע העמדער און אין שווארצע „זאָקן" פון פארטריקנטער בלאָטע אַף די באָרוועסע פיסלעך. מיט נייַגעריקע בליקן האָבן זיי באגלייט דאָס טשיקאווע יינגל — אַ פּאניטש ניט קיין פּאניטש, יאָ אַ פּויער־קינד, ניט

קיין פויער־קינד, וואָס שפּרייזט איינער אַליין באַ דער זײַט וועג, אַ טשמאָקע געטאָן מיט די ליפּן „גאָ!“, מער קעדיי צו באַווייזן זייער גלײַכ־גילטיקייט צו מיר, ווי פון באַדערפעניש אונטערצווײַלן די פערד, און אָפּגעקערט די קעפּ.

אינעם דערפל גופא זײַנען קימאַט קיין מענטשן ניט געווען. ווו־ניט־ווו איז אַף אַ פריזבע געזעסן אַן אַלטיטשקער פויער אין אַ שעפּסענעם פעלץ און אין וואַליקעס און געוואַרעמט זײַן אַלט־ווייטעקדיקן גוף אַף דער הייסער זון. פון הינטער געפלאָכטענע פלויטלעך האָבן דאָ און דאָרט אַרויסגעקוקט נײַגעריקע אייגעלעך פון פלאַקסהאָריקע און בלאָנדהאָריקע פאַרשמאָדערטע קינדער. אינמיטן פון דער דאָרפישער גאַס, ווי מע וואָלט אים דאָרטן אומיסטן אוועקגעשטעלט, איז געשטאַנען אַ פּיצל פּוי־ערש יינגל, דעם זוים פון דער גראָבער לײַוונטענער העמד צווישן די ציין און אַ פאַרשמאָדערט פינגערל פאַרשטעקט אין נעזל. מיט זײַן שטאַרק אופגעבלאָזן נאַקעט בײַכל אַף דינע, קרומלעכע פיסלעך, מיטן גרויסן קײַלעכדיקן קעפּל און מיט דעם דאַרן הענטל פאַרבייגן צום נעזל איז ער ענלעך געווען אַף אַ סאַמאָוואַר מיט אַ טשײַניק פון אויבן... עט־לעכע קודלאַטע שמוציקע הינט האָבן געדרעמלט אין שאָטן פון שײַערן און האָבן, ווײַזט אויס, זיך געפוילט צו רירן זיך פונעם אָרט אָדער אַפילע אַ ביל צו טאָן. עטוואָס אופגעהויבן דעם קאָפּ, האַלב געעפנט איין אויג און, ווי פון יויצע וועגן, איין מאָל אַ ריטשע געטאָן, — דאָס איז אַלץ, מיט וואָס אַ הונט האָט געלאָזט וויסן, אַז ער פילט אַ פרעמדן און טוט זײַן הינטישן כויוו.

— פאַניטשע, דײַ באַראַנקו!

אַ קלײן מיידעלע מיט צוויי פלאַקסענע צעפּלעך, ווי די מײַזישע עקלעך, האָט אויסגעשטרעקט אַ דאַר הענטל, און אַ פּאָר בלויע אייגלעך האָבן פון הינטער אַ נידעריקן געפלאָכטענעם פלויט לאַכנדיק געקוקט אַף מיר, ווי זיי וואָלטן געזאָגט: ס'איז גלאַט אַזוי זיך, אַף קאַטאָוועס. איך ווייס, אַז קיין בייגל גיט קיינער ניט...

פויערים אף פורלעך זײַנען אנטקעגנגעקומען און איבערגעיאָגט מיך אפן וועג, אָבער קיינער פון זיי האָט זיך אף מיר ניט אומגעקוקט, ווי איך וואָלט געווען עפּעס אַ געוויינלעכער פוסגייער — ניט קיין דריי־סטער וועלט־רײַזנדער אפן וועג צו רום און רײַכקײַט.

ווען איך בין שוין געווען דורכגעגאַנגען צוויי דריטל וועג, האָט מיך אָנגעיאָגט אַ פויער אף אַ פורל, און, אָפּהאַלטנדיק אַ ביסל דעם זשוואַון געלויף פון זײַן בײַכלדיקער קליאַטשע, האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— קודי, כלאָפּטשיק, אידזשעש? — וווהין גייט עס אַ יינגל?

— קיין בראַנטשיק, צו אַ פעטער.

— טשאַסאָם ניע דאָ נאפּטאָלי, — ניט אַמאָל צו נאַפּטאָלען, — אהא, איך קען אים, נאַפּטאָלען, ווי דען, מע קאָן זאָגן שכיינים. נו, זעץ זיך, וועל איך דיך אונטערפירן. איך פאַרקערעווע אינגאַנצן אײַן ווערסט פון בראַנטשיק, דאָרטן וועסטו שוין צולויפן דאָס רעשט וועג צופוס.

„צי וועט ער מיך אַמאָל ניט פאַרפירן טיף אין וואַלד און הארגע־נען?" — איז מיר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק אין קאָפּ. נאָר וואָס ס׳וועט זײַן, זאָל זײַן! ביז אַהין געפאַר וועט מיר נאָך אויסקומען צו באַגעגענען אף מײַן רײַזע אַרום דער וועלט. זאָל איך שוין אָנהייבן מורע האָבן?..

ערשט איצט האָב איך דערפילט, אַז איך בין הונגעריק. איך האָב אַרויסגענומען פון קעשענע אַ בייגל מיט אַ שטיקל האַרטע גאָמלקע און גענומען עסן. אַ צווייטן בייגל האָב איך געגעבן מײַן פורמאַן.

אויב ער איז אַ וואַלד־גאַזלען, וועט דער בייגל, עפּשער, ווייך מאַכן זײַן האַרץ.

— אָהאָ, דאָברא באַראַנקאַ! — האָט דער „גאַזלען", באַטראַכטנדיק דעם בייגל פון אַלע זײַטן, געטשמאָקעט מיט די ליפּן.

ער האָט שוין געהאַט אונטערגעטראָגן דעם בייגל צום מויל, גרייט אײַנצובײַסן זיך אין אים מיט די ציין, נאָר אָפּגעהאַלטן זיך.

— סײַדן ברענגען עס מײַן אַניוטקען אַ מאַטאָנע, האַ? זי האָט ליב בייגל. — נאָכאַמאָל אַ קוק געטאָן אפן בייגל און פאַרוקט אים אין בוזעם...

אפֿן שיידוועג פֿון די צוויי שליאכן האָט דער פֿויער אָפּגעשטעלט דאָס פערדל און געזאָגט:

— נו, כלאָפּטשיק, קריך אַראָפּ. גיי מיטן שליאך לינקס, וועסטו אַקו־ראַט אַרויסגיין צו נאַפּטאָלעס שטוב. — אַ שמיץ געטאָן דאָס פערדל און אַוועקגעפאָרן.

פֿונדערווייטנס האָב איך דערזען דעם פעטער נאַפּטאָלעס טאָכטער דאָבע. זי איז געשטאַנען באַם גאַנעק און מיט אַ האַנט איבער די אויגן, ווי פֿון אונטער אַ דאַשעק, האָט זי געקוקט אין מײַן זײַט, אָנשטרענגענ־דיק זיך, אַפּאָנעם, צו דערקענען, ווער דערנעענטערט זיך עס אַהער צו זייער שטוב.

ווען איך בין צוגעקומען נעענטער, האָט זי אַ פּאַטש געטאָן מיט די קורצע הענט איבער די שטײַפֿע ליטקעס און אויסגעשריִען:

— אוי, איך זאָל אַזוי געזונט זײַן! ס'איז זשאַמקע דעם פעטער כאַיִמס! — און איז פֿאַרשוווּנדן.

איידער איך האָב נאָך באַוויזן צוגיין צו דער שטוב, איז שוין אויפֿן גאַ־נעק געשטאַנען דעם פעטערס גאַנץ הויזגעזינד. פֿון פֿאָרנט, אין אַ זשי־לעטקע, פֿאַרשפּיליעט ביזן סאַמע האַלדז, מיט די העמד־אַרבל דרויסן און מיט זײַן לאַנגן פֿאַרצעלייַענעם ליולקע־ציבעק אין מויל איז גע־שטאַנען דער פעטער נאַפּטאָלע אַליין. לעבן אים, אָנגעטאָן אין אַ וואַטאָווען לײַבל, איז געשטאַנען די קרענקלעכע מומע ליבע. פֿון הינטער זיי האָבן אַרויסגעקוקט די פֿינף באָנים. דאָבע איז מיר אַנטקעגן געלאָפֿן.

— סקאָצל קומט! אַן אוירעך אויף שאַבעס, — האָט דער פעטער נאַפּ־טאָלע מיך באַגעגנט, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, מיט שפּאָט.

— זע, ער איז געקומען צופֿוס! — האָט דאָבע זיך פֿאַרוווּנדערט.

— אַוואַדע אַנטלאָפֿן פֿון דער היים, — האָט מײַן שוועסטערקינד יודל, אַ ייִנגל אין מײַנע יאָרן, אַרויסגעזאָגט זײַן האַשאָרע.

— נו, נו, דערצייל שוין, וואָס פאר אן אקציע האָסטו דאָרטן אָפּגע־טאָן, — האָט דער פעטער מיך געגומען אפן פארהער.

איך בין געשטאנען א צעטומלטער. וויפל איך האָב זיך ניט געגרייט צו דער באגעגעניש, האָב איך זיך צו אזא קאבאָלעס־פּאָנעם ניט צוגע־גרייט, איך האָב ניט געוווסט, ווענמען איך זאָל פריִער ענטפערן און וואָס איך זאָל ענטפערן אף די פראגן און האשאָרעס, וואָס האָבן זיך אף מיר געשאָטן פון אלע זײַטן.

— זע, וואָס ווילט איר פונעם יינגל? וואָס זײַט איר אלע אָנגעפאלן אף אים? קום אהער, זשאמעלע, דערצייל מיר, וואָס איז דאָרטן בא אײַך געשען. אוואדע צעקריגט זיך מיט דער פארזעעניש.

איך בין גרייט געווען א קוש טאָן די מומען אין איר פליישיקן וואָרצל פאר דעם רעטונג־רונג, וואָס זי האָט מיר מיט אירע לעצטע ווערטער צוגעוואָרפן.

מיט עטלעכע כאדאָשים צוריק האָט דער טאטע, נאָך דרײַ יאָר אל־מענשאפט, געבראכט א באלעבאָסטע אין שטוב. דאָס איז געווען א ווײַבל פון א יאָר פערציק — א קליינינטשקע, א מאָגערינקע, מיט א בלאס־גריב־לעך פּענעמל, ווי א מאסקע, מיט א טויטן שמייכל פון א פיש און מיט א פּאָר קליינע, שווארצע קאסאָקע אייגלעך, וואָס יעדער אויג האָט גע־קוקט אין אן אנדער זײַט. א שטימעלע האָט זי געהאט א סקריפּענדיק־קוויטשיקס און גערעדט האָט זי מיט „זשײַענס": „זשע זשאָלסטו מיר געזשונט זשײַן"... אירע קליינע ווײַסע הענטלעך פון א פּיזיש ניט אנט־וויקלט קינד מיט דיקע בלויע אָדערן, ווי בא אן אלטער יידענע, אירע דראָבנינקע, פּאָרזיכטיקע טריטעלעך, איר אָפּגעהיטע פּינקטלעכקײַט אין אלץ, וואָס איז נעגייע געווען איר אייגן נעפעשל, איר איבערגעטריבענע ציכטיקײַט פון א צעבאלעוועט קעצל, וואָס האלט אין איין ארומלעקן זיך, — האָבן געדארפט איידעס זאָגן אף איר גאָר־גאָר איידעלן שטאם, ווי דער טאטע האָט אָנגעגעבן.

קיין שום סינע האָב איך צו איר ניט געפילט. פאראכטונג און עפּעס א מין פּיזישן עקל, דעריקער צו איר לימענע־פּענעמל און צו אירע ניט־

דערוואקסענע הענטלעך מיט די בלייכע באוועגלעכע פינגערלעך, וואָס האָבן דערמאָנט אָן ווײַסע ערד־ווערעם, — דאָס איז אַלץ, וואָס זי האָט אין מיר אַרויסגערופן. איך האָב אַפילע ניט געקאָנט פויעלן בא זיך, אַז זי איז מײַן שטיפמאַמע. א שטיפמאַמע האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט אין דער געשטאַלט פון א גרויסער, בייזער, שווארצער יידענע מיט לאַנגע, ביינדיקע הענט, מיט בייזע אויגן און מיט א מויל, וואָס שיט מיט טויטע קלאָלעס... דאָס קליינע, סקריפּענדיקע נעפעשל, וואָס האָט זיך אַרומגע־דרייט אין שטוב, ווי א פרעמדע, ניט צורירנדיק זיך צו קיין שום אַר־בעט, — איז פּאָשעט געווען „זי", „די פארזעעניש", „די פּאַצעצע", דער „טרייסט אין קאָשעק", ווי די ווײַבער פון אונדזער גאַס האָבן זי באַ־קרוינט, אָדער די „פּיגאַליצע", ווי איך האָב איר באַלד פון אָנהייב א נאָמען געגעבן.

מוירע געהאַט האָב איך פאַר איר קיין האָר ניט. גיכער האָט זי מוירע געהאַט פאַר מיר, דעם פּעסטן, ברענענדיקן יינגל, וואָס „קיין זאַך איז פאַר אים ניט צו קליין". נאָר איצט, אַז די מומע ליבע האָט מיר אונטער־געזאָגט א דערקלערונג פאַר מײַן אַנטלויפן פון דער היים, האָב איך גלײַך פאַרשטאַנען, אַז אויב איך וועל ניט אויסנוצן די גינסטיקע געלעגנהײַט צו געווינען אף מײַן זײַט דעם פעטער נאַפטאָלע, קאָן ער הייסן שפּאַ־נען א פערד און אָפּשיקן מיך אף א פור מיט א גלעקל צוריק אַהיים... דעם פעטערס פאַרהער און דער מומעס ווייכע רייד און איר שוואַכע, קרענקלעכע שטים האָבן נאָך דערצו דערוועקט אין מיר ראַכמאָנעס צו זיך אַליין, דעם עלנטן יאָסעם, וואָס ווערט, נעבעך, פאַרפאָלגט פון א בייזער שטיפמוטער, א גיפטיקער שלאַנג...

— איך קאָן מער אין שטוב ניט זײַן, זי מאַכט מיר דעם טויט, גיט ניט עסן, שלאָגט מיך...

— זעלדעס יעסוימים, נעבעך... — האָט די מומע מיט עמעצן ווייטעק אין האַרצן באַדויערט. — אַזא שלאַנג, אַזא פּליאַגע! איזדיעקעוועט זיך איבער זעלדעס קינדער, איבער עלנטע יעסוימים, נעבעך, וויי צו מײַנע

יאָרן! נו, נו, זשאמעלע, עס זיך ניט אָפּ דאָס הארץ. וועסט זײַן דערווײַל באַ אונדז.

— נו, זאָל שוין זײַן גענוג! — האָט דער פעטער מיט געמאכטער שטרענגקײַט זיך א בייזער געטאָן. — גיב אים בעסער עסן גיב אים. ער מוז אוודאי זײַן הונגעריק פון וועג, דער פעשעכאָד דײַנער!

— שא, דער טאטע וויסט כאָטש, אז דו ביסט אוועק צו אונדז? — האָט לייוויק, א באָכער מיט א גריבל אין באק, א זייכער פון א געהאַק־טער ווונד, מיטאמאָל זיך דערמאָנט.

מײַן שווײַגן און מײַנע אראָפּגעלאָזטע אויגן האָבן געענטפערט פאר מיר.

— אַז־ווינ! — האָט דער פעטער נאפטאָלע געקראצט אין זײַן רויט־גראָווילעכער באָרד. — אזוי, ביסטו, הייסט עס, א בוירייעד, אוועק, לאָ־מיר זאָגן, פון דער היים אָן א זײַ־געזונט, א מיִעסע מײַ־סע־ע!..

— שא, שא, קיין בייז ניט! — האָט די מומע ווידעראמאָל גענומען מיך אונטער איר שוץ. — וועסט זונטיק, מירצעשעם, זײַן אין שטאָט, וועסטו זאָגן כאַימען, אז ער איז באַ אונדז.

— בעהיימעו! און ביז זונטיק? ער׳ט דאַרטן ניט וויסן וואָס איבער־צוקלערן ט׳ער דאָך ניט וויסן, כאַים.

— זע, ווי ער זאָרגט זיך עס א ביסל פאר דעם געטרײַען שוואָגער זײַנעם! — האָט שוין דער מומען פארדראָסן. — אז כאַים וואָלט אזוי געזאָרגט פאר די יעסוימים, ווי דו פאר אים, וואָלט ער ניט ארײַנגענו־מען אין שטוב אזא פאסקודסטווע.

— פונדעסטוועגן דארף מען אים נאָך הײַנט צושיקן א צעטעלע מיט כוועדערן, — האָט דער פעטער באשלאָסן.

— שיק יאָ, שיק ניט, טו, ווי דו ווילסט, נאָר דאָס יינגל לאָז צורו. קום, זשאמעלע, אין שטוב ארײַן, וועל איך דיר געבן עפּעס איבערבײַסן. ביז וועטשערע איז נאָך לאנג צו וואַרטן.

אין עטלעכע מינוט ארום בין איך שוין געזעסן איבער א ליימענער שיסל הייסע קאַרטאָפל מיט קאַלטער זויערמילך, פארווײַסט פון מײַן

קאָוועד וועגן מיט אַ פּאָר לעפל סמעטענע, און געגעסן מײַן ערשטן אָנ־
בײַסן אויף דער רײַזע אַרום דער וועלט.

יעדן צווייטן טאָג פירט דער פעטער נאַפּטאַלע אָדער איינער פון
זײַנע זין מילכיקס אין שטאָט אַרײַן, און יעדן טאָג זאָגט אָן דורך זיי
דער טאַטע, איך זאָל קומען אַהיים...

דער טאַטע ט׳געזאָגט: „גענוג דיר נאַריש צו מאַכן זיך. צײַט קומען
אַהיים און נעמען זיך פאַר עפּעס“, — גיבן זיי מיר יעדעס מאָל אָפּ
גרוסן פון אים.

אָבער די מומע ליבע מאַכט זיך פון די אָנזאָגן ניט ווויסנדיק.

— אַ קלייניקײַט, די היים, וואָס ער האָט דאָרטן! נישקאָשע, ער׳ט
נאָך באַווײַזן אָנבײדעווען זיך בײַ דער פאַרזעעניש. פון שקאָלע איז ער
דאָך איצט סײַוויסײַ פרײַ, טאָ זאָל ער זײַן בײַ אונדז איבערן זומער.

— ער איז אַזוי אויך אַ גרויסער שייגעץ, ווילסטו, ער זאָל ווערן נאָך
אַ גרעסערער, וואָס? — איז דער פעטער ניט צופרידן, וואָס זי צעלאָזט
מיך.

— טשעפּע זיך אָפּעט, איך בעט דיך! — פאַרלירט די מומע דאָס
געדולד. — זע, סאַראַ פּאָנעם דאָס ייִנגל האָט. ער איז דאָך בײַ איר גע־
וואָרן אַ האַלבער, בײַ דער קאַסאָקער פּאַצעצע, ווײ איז מיר! לאָז אים
כאָטש אַ קאַפּ צו־זיך קומען.

איך מאַך אַ ראַכמאָנעס־פּאָנעם: זאָל טאַקע דער פעטער זען, „סאַראַ
פּאָנעם איך האָב...“

אָבער דער פעטער נאַפּטאַלע זעט ניט, אָדער ער וויל דאָס ניט זען.

— זע, ליבע, דו מאַכסט אַ טעל פון דעם באָכער! — וואָרנט ער זי.

— נישקאָשע, נישקאָשע, ניט ערגער אויף מײַנע קינדער געזאָגט גע־
וואָרן! — ווינטשט זיך די מומע. — וועסט זען, סאַראַ לײַט ער׳ט נאָך,
מירצעשעם, זײַן.

מײַן האַרץ איז פול מיט דאַנקבאַרקײַט צו דער גוטהאַרציקער מומע.

אהיים! וואָסער היים? איך בין איצט ניט צוועלף, נאָר צוועלף טויזנט ווערסט ווײַט פון דער היים. מײַנע לערער, מײַנע כאַווײרים, אונדזער שטוב, די פיגאַליצע — אַלץ, מיט וואָס איך האָב געלעבט ביזן אַנטלויפן פון דער היים, איז מאָדנע גיך, גיכער, ווי איך האָב זיך געקאָנט פאָר־שטעלן, אָפּגעבלאַקירט געוואָרן. ווען ניט דעם טאַטנס אָנזאָגן, וואָלט איך אפילע פאַרגעסן, אַז איך האָב אַמאָל געהאַט אַן אַנדער היים.

איך בין מיט לײַב און לעבן אין דער נײַער וועלט. איך קאָן שוין אונטערשיידן ווייץ פון קאָרן, גערשטן פון האָבער, קלעווער־צוויט איז שוין פאַר מיר מער ניט פויגלמילך, און גריקע אין בלי קאָן שוין פאַר מיר מער ניט גילטן, ווי אַ פעלד, אַף וועלכן עס וואַקסט סמעטענע, ווי ס'האָט זיך די ערשטע צײַט געכאָכמעט מײַן שוועסטערקינד יויסעף, אָט דער, וואָס שנײַדט זיך אַף אַ שטאָטיקן.

אַ באַרוועסער, די מײַטקעס פאַרקאַשערט העכער די קני, דעם קאַל־נער פון העמד צעשפּיליעט, די אַרבל פאַרשאַרצט איבער די עלנבויגנס, טראָג איך זיך איבער דער דאָרפישער זאַמדיקער גאַס, איבער פעלדער און לאָנקעס, פאַרקלײַב זיך טיף אין וואַלד.

דאָס זײַנען, פאַרשטייט זיך, ניט די פעלדער פון די בראַנטשיצער פויערים און ניט דעם בראַנטשיצער פּאָרעצס וואַלד, ווו קאָמאַרן און האָזן זײַנען די אייניציקע ווילדע כײַעס, — דאָס זײַנען די פּרעריעס פון אינדיאַנאַ און מינעסאָטאַ און די אומבאַאַרירטע אורוועלדער פון קאַנאַדע... איך בין ניט איך, און יודקע איז ניט יודקע. מיר זײַנען קאָובאָיעס, וואָס צוימען ווילדע פערד אַף די ראַנטשעס פון צאָפן־אַמעריקע.

ארופגעוואָרפן זעק אַף די דאַרע רוקנס פון אונדזערע „מוסטאַנגען", די טרוקענע ביינער זייערע זאָלן אונדז ניט אָנרײַבן די געזעסן, — טראָגן מיר זיך אין פולן גאַלאָפּ צום וויהאָן — היי, היי!..

באַנאַכט פאָרן מיר פּאַשען די פערד אין וואַלד.

די קעשענעס, פול אָנגעשטאָפּט מיט רויע קאַרטאָפל, רײַטן מיר פּאַ־וואָלינקע דורכן וואַלד אויסשפּירן אַ לאַגער פון רויטהויטיקע. אין וואַלד איז רעכט טונקל. אַ ווײַסלעכער נעפּל הענגט צווישן די ביימער. אַלע

ווײַלע קומט אונדז אויס אָנצובייגן די קעפּ, די פײַכטע צווײַגן זאָלן אונדז ניט שמײַסן איבער די פּענעמער. גאַנצע כמאַרעס מאָסקיטן טראָגן זיך אין אַ געווירבל איבער אונדזערע קעפּ, אָנפילנדיק דעם וואַלד מיט איינטאָניקער פּישטשערײַ... שטיל דערנעענטערן מיר זיך צו אַ גרינער לאָנקע. ווי קולטיאַפּקעס פון אָפּגעהאַקטע פיס, טאָרטשען דאָ און דאָרט שוואַרץ־געוואָרענע פּניאָקעס פון אָפּגעזעגטע ביימער. ווי אויסגעהאַקט פון שטיין, זעען אויס די איינצלנע דעמבן אין דער העלער לעוואָנע־שײַן אַף דער לאָנקע: ניט אַ צווײַג רירט זיך אַף זיי, ניט אַ בלעטל באַוועגט זיך. אַרום אַ טרעשטשענדיקן פײַער פון טרוקענע צווײַגן ליגן אויסגעצויגן טונקעלע פיגורן. בלויז די פּענעמער זייערע זײַנען קופּער־רויט פונעם אָפּשײַן פון פײַער, און אין די אויגן שפּיגלען זיך אָפּ די פלאַמען... פון דער פינצטערניש פון וואַלד דערטראָגט זיך דאָס טופּען פון געפּענטעטע פערד. יודקע פּענטעט אונדזערע פערד און לאָזט זיי אַוועק. ער גיט אַ וואָרף אַ זאַק לעבן פײַער, ציט זיך אויס אַף אים און נעמט שטופּן קאַרטאָפל אין הייסן פּריסעק.

איך בין ניט אין בראַנטשיצער וואַלד, נאָר אין די דזשונגלס פון דאָרעם־אַמעריקע. אַרום פײַער ליגן ניט פּעדקע, און וואַנקע, און פּעטרושקע, און גאַווריִלקע, נאָר מעקסיקאַנער יעגער אָדער רויבער. און עפּשער איז עס אַ לאַגער פון די ערשטע איבערוואַנדערער קיין אַמעריקע, וואָס זײַנען אַראָפּגעקומען מיט דער ערשטער זעגלשיף „מייפלאַוער“? דער אויסוואַל איז גרויס...

דער זומער איז דערווײַל ניט געשטאַנען אַף אַן אָרט. די זאַנגען זײַנען געוואַקסן אַלץ העכער, אָנגעגאָסן זיך אַלץ פולער. ווייץ האָט זיך אויסגעפּוצט אין גאָלד. פויערים האָבן שוין געשניטן קאָרן פון די פעלדער, און דער פעטער נאַפּטאָלע האָט, קומענדיק יעדן צווייטן טאָג פון שטאָט, גענומען ברענגען — דאָס אַ טיכל פאַר זײַן באַסיעכידע, דאָס נײַע היטלעך פאַר די יִנגלעך, דאָס אַ טײַטשכומעש פאַר דער מומע ליבע — אַלץ סימאָנים, אַז די יאָמים־נוראָים דערנעענטערן זיך, און דאַן... דאַן וועט ער, צוזאַמען מיט זײַן קרענקלעכער ווײַב, מיט זײַן גע־

דיכט־פּארקנאָטענער טאָכטער, מיט זייַנע פינף באָנים, מיט זייַנע פּערד און לאָשעקלעך און מיט זייַן קודלאַטן הונט, אַפּפירן אין שטאָט אויך מיך — דעם דרייסטן קאָובאָי...

אָבער ניין, דאָס וועט ניט געשען! צוזאמען מיט וואסקע לאָפּוך וועלן מיר אנטלויפן קיין זאנזיבאר, נאָך איידער דער פעטער, וואָס איז גאָר ניט מייַן פעטער, נאָר אַ הויפט פון אַ פייַנטלעכן שיוועט, וועט מיך נע־מען געפאנגען.

וואסקע לאָפּוך איז געווען אַ גליקלעכע באגעגעניש אף מייַן רייַזע ארום דער וועלט.

באקאנט האָב איך זיך מיט אים אף א געוויינלעכן און דאָך וונדער־לעכן אויפן.

ווען דאָבע דעם פעטער נאפּטאָלעס גייט אין הויף מעלקן די בעהיי־מעס פון זייער פאכט, נעמט זי מיך אָפּט מיט. אין הויף איז פאראן וואָס צו זען. דאָס גרויסע פריצישע הויז מיט די מעזאָנינען, מיט די קייַלעכ־דיקע ווייַסע זייַלן, מיט די ברייטע טרעפּ, מיט די קאָלירטע שויבן אין דער גלעזערנער ווערענדע, וואָס האָט זיך געצויגן לענגויס דעם גאנצן הויז, די בונטע, פילפארביקע, דופטנדיקע בלומען פאר דער ווערענדע, די גרויסע זילבערנע קוילן אף ווייַסע זייַלכלעך, אין וועלכע אלץ שפּיגלט זיך אָפּ קאפּויר, די גאָלד־זאמדיקע סטעזשקעס צווישן די בלומען־בייטן — דאָס אלץ האָט מיר אויסגעזען ווי אַ צויבער־פּאלאץ. אזוי דארפן אוודע אויסזען די פּאלאצן, אין וועלכע עס וווינען די מאהא־ראדזשעס אין אינדיע און די רייַכע פּלאנטאטאָרס אין דאָרעם־אמע־ריקע...

איינמאָל, ווען איך בין געשטאנען לעבן פּי־שטאל און פונוווייַטן באַ־וווּנדערט די פּראכט און שיינקייַט פונעם פריציש־מאהאראדזשישן פּא־לאץ, האָב איך פאר זיך דערזען אַ וווּנדערלעכע וויזיע: דורך די אָפענע טירן פון די פריצישע פּאָקאָיעס האָט אף דער ווערענדע מיט די קאָ־

לירטע שײַבלעך ארויסגעשוועבט א בלאָנד מאלעכל — גאָלע מוסלין, בלויע בענדער און בלאָנדע לאָקן.

אין העל־בלויע קורצע זעקלעך און אין א ווײַס, לײַכט קלײדעלע האָט דאָס מאלעכל געשוועבט איבער דער ווערענדע — אָט־אָט צע־שפּרייט עס די פליגלען און פליט אוועק.

— אוי, דאָבע, זע! — האָב איך אן אנציקטער אויסגעשריִען, אָנ־ווײַזנדיק מיט דער האנט אפן מאלעכל.

דאָבע האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ פונעם מילך־שעפל, א קוק געטאָן אין דער ריכטונג פון מײַן האנט און גלײַכגילטיק א זאָג געטאָן:

— דאָס איז די פּאניענקע וואנדא. צען יאָר איז איר ניט לאנג גע־וואָרן.

און צוריק גענומען מעלקן, ווי דאָס וואָלט געווען ניט א פּרעכטיק מאלעכל, נאָר עפּעס א דאָרפיש שיקסל.

ווער ווייסט, ווי לאנג איך וואָלט נאָך אזוי געשטאנען און מיט אָן אָפן מויל געגאפט אפן בלאָנדן מאלעכל, ווען איך דערזע ניט עטוואָס אזוינס, באַם אָנבליק פון וועלכן מײַן הארץ האָט א צאפּל געטאָן פון אנציקונג און פרייד: א פויערש ייִנגל פון מײַן עלטער, מיט א געדיכט באשפּרענקלט פּאָנעם און מיט א קוטשמע טונקל־רויטע האָר האָט ארויס־געפירט פון סטאָדאָלע, וואָס קעגניבער דער קו־שטאל, א ווונדערלעך שאָקאָלאד־פארביק פערדל — א קליינס, אף קורצע פיסלעך, מיט א קליין קעפּל, מיט פּיצינקע אָנגעשפּיצטע אויערלעך, מיט א קורץ־אָפּגעשוירע־נער הריווע, וואָס איז ווי א בארשט געשטאנען אף זײַן קורצן דיקלעכן נאקן, — אן עכט שפּילצײַג־פערדל, נאָר א לעבעדיקס.

די קאָמישע קורצע טשאָלקע אף זײַן ווײַס־געפלעקטן שטערן און דער לאנגער, לאנגער עק — ביז צו די סאמע טלאָען — האָט דערמאָנט אָן עפּעס א קליין מיידעלע, וואָס האָט אף זיך אָנגעהאנגען דער מאמעס א קלייד ביט נאָך איר מאָס. קאָמיש און מילד!

אזעלכע פערדלעך זעען ייִנגלעך איין מאָל אין א יויוול אין צירק. אזא פערדל איז דער טרוים און באגער פון יעדן ייִנגל.

כאָטש דאָס פערדל האָט געשפּרײַזט רויִק און געהאָרכזאַם, ווי א קעצל, האָט אים דאָס ייִנגל געפירט, פּונקט ווי אַלטע קאָניוכעס פירן הייסבלוטיקע נאָראָוויסטע פערד: איין האַנט האַרט באַם מונדשטוק, אין דער צווייטער — דאָס צײַמל, און דער גאַנצער קערפּער אָפּגעוואָרפן אַהינטער — קוים־קוים וואָס ער האַלט אײַן דעם הייסבלוטיקן אָגער...

מיט איין שפּרונג בין איך געווען לעבן ייִנגל.

— אוי, סאַראַ פערדעלע!

— אַ פערדעלע! — דאָס ייִנגל האָט אויף מיר געוואָרפן אַ שפּאָטישן בליק. — ס'איז אַ פּאָני, ניט קיין פער־דעלע. אַ שאָטלענדישע פּאָני. נעלי רופט מען זי, און דו — אַ פערדעלע... וועמעס ביסטו?

— איך בין פון שטאָט.

— אַ שטאָטישער? — זײַנע בלוי־גרויע אויגן האָבן מיך שנעל אַ מעסט אָפּ געגעבן. — קערסט אַוואַדע גיין אין שול?

— ווי דען? אין פערטן קלאַס גאָראָדסקאָיע.

— איש טיי! — אין זײַן שטים איז געווען אַ וווּנדער, אַ רעספּעקט, אַ קינאה. — ביסט געוויס גוט גראַמאָטנע?

— כ'זאָג דאָך דיר: אין פערטן קלאַס...

וואַסקע האָט אָפּגעלאָזט דאָס צײַמל און איז אַרײַנגעפאָרן מיט אַלע פינף פינגער אין דער געדיכטער קוטשמע האָר.

— עך, ס'מוז זײַן גוט צו קענען לייענען און שרײַבן!

וואָס מיר לייענען, ווער מיר שרײַבן, — מיך האָט אינטערעסירט נעלי! כ'וואָלט אוועקגעגעבן מײַן גאַנצע טוירע פון אַלע פיר קלאַסן פאַר איין אַזאַ פערדל. כאָטש איין מאָל דורכפאָרן זיך אויף אים.

— אוי, אוי, סאַראַ פערדעלע.... סאַראַ פּאָני, מיין איך. אַן עמעסע קאַרטינקע! — בין איך אַלץ מער אַרײַן אין היספּײַלעס. — וועמעס איז עס, דײַנס?

אין דעם ייִנגלס בליק איז געווען אַזויפיל שפּאָט, ווי כ'וואָלט געזאָגט עפּעס אַן אויסערגעוויינלעך ווילדע זאַך.

— דײַ־נס! נו, געזאָגט! ס'איז דען א פּויערש פערדל? ס'איז דער פּאניענקע וואנדעס פּאָני. דעם פּאנס א מאטאָנע צו איר צעניאָריקן גע־בורטסטאָג. אזש פון שאָטלאנד אראָפּגעבראכט. א לאנד אזא אף יענער זײַט יאם. און ער זאָגט דיר — דײַ־נס!..

נעלין האָט, אפּאָנעם, דערעסן צו שטיין אף איין אָרט און הערן וועגן זיך א שמועס, וואָס קערט איר ניט אָן, האָט זי לאנג ניט געטראכט און גענומען שפּרײַזן ווײַטער אף אירע קורצע פּיסלעך, ווי זי וואָלט געזאָגט: „ווי לאנג וועט איר נאָך שטיין און פּלוידערן? מיך האָט מען ארויסגע־פירט דורכלופטערן זיך, וועל איך מיר שפּאצירן".

אָבער דאָס ייִנגל האָט נאָך, אפּאָנעם, געדארפט קלאָר מאכן עפּעס וויכטיקס, האָט ער אָפּגעשטעלט דאָס פערדל:

— שטיי, נעלי, איך האָב פאר דיר עפּעס.

א גרונטעווע געטאָן אין די טיפע קעשענעס פון די גראָבלײַוונטענע פּלוידערן, ארויסגענומען א שטיקל צוקער און דערלאנגט נעלין.

מיט פײַכטע ליפּן האָט נעלי אראָפּגעלעקט דאָס שטיקל צוקער פון זײַן דלאָניע און, אָנבייגנדיק דאָס קעפּל, א טאָרכע געטאָן דאָס ייִנגל אין אקסל, ווי זי וואָלט העפלעך אָפּגעדאנקט פארן קיבעד און געבעטן נאָך.

דערויף האָט דאָס ייִנגל איר נאָר געענטפערט מיט א גלעט איבערן נאקן און א קער געטאָן זיך צו מיר:

— ס'איז עפּעס שווער אויסצולערנען זיך לייענען און שרײַבן?

— א האָר אויך ניט. לאָז מיך זיך דורכפאָרן אף דער פּאָני, לערן איך דיך אויס לייענען און שרײַבן — איינס און צוויי.

דעם ייִנגלס אויגן האָבן זיך צעשײַנט:

— ניין, טאקע? גוט, וועסט פאָרן.

נאָר באלד האָט ער זיך א כאַפּ געטאָן.

— אף נעלין קאָן איך ניט. אף אן אנדער פערד, אויב דו ווילסט.

— ניין, אף נעלין!

— כ'זאָג דיר דאָך, מע קאָן ניט! אויסער דער פּאניענקע האָט נעלי

קיינמאָל אַף זיך קיינעם ניט געטראָגן. זי וועט גלײַך דערפילן אַ פרעמדן אָפּן רוקן. זי וועט דיך אַראָפּוואַרפן.

— נו, יאָ, אַראָפּוואַרפן! כ'זע ניט, אַז זי איז אַ רויִקע, וואָס?

— איך זאָג דיר דען, אַז זי איז אַ נאַראָווויסטע? אוואדע אַ רויִקע. אָבער מע קאָן ניט, זי וועט קאַפּריזעווען. אַ ייִנגל איז נאָך קיינמאָל אַף איר רוקן ניט געזעסן. פאַרשטייסט?

מע קאָן ניט זאָגן, אַז איך האָב פאַרשטאַנען, נאָר איך בין, פונדעסטוועגן, אײַנגעגאַנגען.

— נו, גוט. זאָל זײַן אַף אַן אַנדער פערד. ווי רופט מען דיך?

— וואַסקאַ. וואַסקאַ לאַפּוך. איך בין אונטערן קאָניוך אַנטאָן. דער פידקאָניוך, — האָט ער זיך וואַזשנע פאַרגעשטעלט, — און דיך ווי רופט מען?

— זיאַמקאַ.

און אַזוי איז עס געבליבן: איך וועל לערנען וואַסקען לייענען און שרײַבן, „און די ציפערן אויך", און ער מיך — רײַטן.

וואַסקע האָט אַפילע דעם אַלעפבייס ניט געוווּסט, נאָר דאָס, וואָס ער האָט געקענט און געוווּסט, האָט מיר אויסגעזען אָן אַן ערעך וויכטיקער, ווי קענען לייענען און שרײַבן. שוין דאָס אַליין, וואָס וואַסקע האָט געוווּסט וועגן פערד, האָט איבערגעוויגן אַלץ, וואָס איך האָב געלערנט פון אַלע מײַנע ראַביים און לערער.

וואַסקע האָט אָפּגעהיט אַ צײַט, ווען אַנטאָן, דער עלטערער קאָניוך, איז אין סטאַניע ניט געווען, און האָט פאַר מיר פאָרגעשטעלט דעם פאַן בראַנטשיצקיס גאַנצע נאָבעלע מישפּאָכע פערד: דעם פאַנס רײַט־פערד דעמאָן — אַ רייַנבלוטיקן יונגן „אַראַב" אַף דינע, אָדערדיקע פיס, מיט אַ הויכן, שטאָלצן האַלדז, אַן אויסגעבויגענעם, ווי דער גריף פון עפּעס אַן אומבאַוווּסטן מוזיקאַלישן אינסטרומענט; דער פּריצטעס רײַט־פערד לעדי — אַ ברוין־רויטלעכע „ענגלענדערן" מיט אַן אײַנגעצויגענעם

בויך, ווי בא א יאגד־הונט, מיט טרוקענע פיס, פארבינטעוועטע מיט געלע בינטן, מיט א לאנגער שמאָלער מאָרדע, ווי בא א פארזעסענער מויד, און מיט א קולטיאפקע אָנשטאָט אן עק; דרײַ „אָרלאָווצעס“, אלע ווי איין מאמע וואָלט זיי געהאט: גרויע, אין שווארצע עפּל, מיט מעכטיקע העלדזער, מיט געדיכטע הריוועס און לאנגע עקן — די עמעסע פײַער־דיקע רוסישע טראָיקע.

נאָר באזונדערס האָט ער זיך באריִמט מיט דעם פאניטש סטאסיקס ארגאמאק „וויכר“, וואָס וועט, אויסער אנטאָגנען און דעם פאניטש — „ער איז א קאוואלעריסט“ — ניט צולאָזן צו זיך „אפילע דעם סאמע גובער־נאטאָר“, — אלץ פערד פון ריינע בלוטן און גרויס ייִכעס, ווי וואסקע האָט געוווּסט צו דערציילן, אָנגעבנדיק די נעמען פון זייערע טאטע־מאמעס און דעם הויכן פרײַז, וואָס מע האָט פאר יעדן פערד באצאָלט.

צוגיין נאָענט צו די פערד האָט וואסקע ניט געלאָזט.

— סי דיר ניט א פויערשע קליאטשע, וואָס יעדער קאָן צוגיין און ארײַנקוקן איר אין די ציין, — האָט וואסקע שטאָלץ מיר דערקלערט, — א ריינבלוטיקער פערד וועט דיר אבי־וועמען ניט צולאָזן צו זיך...

— און דיך לאָזן זיי צו?

— איך בין דאָך דער פידקאָניוך? — האָט וואסקע וואזשנע א זאָג געטאָן.

— אנו, גיי צו זיי צו, — האָב איך געוואָלט אויספּרוּוון וואסקען.

וואסקע האָט אף מיר שטרענג א קוק געטאָן:

— דו זעסט ניט, אז זיי עסן איצט?!

— נו, איז וואָס?

— עך, בראטאָק, איך זע, אז דו ביסט א שטאָטישער. א פערד איז דיר ניט קיין מענטש. א פערד, אז ער עסט — א ריינבלוטיקער פערד — האָט פײַנט, אז מע שטערט אים.

די פערד, יעדערער אין אן אָפּגעצאמט אָרט, אף א ריינעם הילצער־נעם דיל, זײַנען געשטאנען און לאנגזאם געקײַט האָבער פון די מול־טערס. פון צײַט צו צײַט האָט א פערד א קער געטאָן א בלוט־פארלאָפן

אויג, ווי ער וואָלט געקוקט, ווער שטערט עס אים דאָ צו עסן רויִק זײַן מאָלצײַט.

— זיי מוזן שוין אוואדע זײַן זאט. זע, ווי פויל זיי עסן, — האָב איך אָנגעוויזן וואסקען.

— זיי הייבן ערשט אָן עסן, און דו זאָגסט — זאט.

— פארוואָס זשע עסן זיי אזוי פויל? מינאסטאם איבערגעזעטיקט?

— א פערד איז דיר ניט קיין פויער, — האָט וואסקע דערקלערט, — א פערד, ווי הונגעריק עס זאָל ניט זײַן, וועט עס דיר קיינמאָל ניט עסן אײַלנדיק, זשעדנע. א פערד — אלציינס, דעמאָן זײַן פאָרציע האָבער, צי א פויערשע קליאטשע איר סיטשקע — וועט דיר שטענדיק עסן רויִק, געלאסן, ריין און ציכטיק. און וועט דיר קיינמאָל ניט עסן מער, וויפל עס דארף. און דו זאָגסט איבערגעזעטיקט. יאָ, ברודערקע, א פערד איז דיר ניט קיין מענטש. א פערד איז בעטעווע איידל...

— דו מיינסט, דער פאן האָט געבראכט צו פירן דעמאָנען אָדער לע־דין און שוין, פארטיק: אוועקגעזעצט זיך און — היידאַ! — האָט וואסקע ווײַטער דערקלערט מיר די טעווע פון פערד. — ניין, בראטאָק, ס'האָט גענומען וואָכן און כאדאָשים, ביז איך מיט אנטאָנען האָבן זיי אײַנגע־בראָכן אונטערן זאָטל.

וואסקע איז גוואלדיק אויסגעוואקסן אין מײַנע אויגן: ער ברעכט אײַן רייַנבלוטיקע פערד גאָר ווי די קאָווּבאָיעס אף די ראנטשעס פון אמע־ריקע!..

— אוי, באווײַז מיר, ווי מע ברעכט אײַן פערד! — האָב איך גע־צאפלט.

— קום מאָרגן גאנצפרי, וועסטו זען, ווי איך מיט אנטאָנען פירן די פערד אפן קאָרד, — האָט מיך וואסקע אײַנגעלאדן.

אף מאָרגן מיט זון־אופגאנג בין איך געווען אין הויף. איך האָב געזען, ווי אנטאָן פירט ארויס פון סטאַדאָלע איין פערד נאָכן צווייטן און פירט זיי ארום און ארום איבער א מיט זאמד און גראווי באשאָטענעם פלאץ הינטער דער סטאניע. אז א פערד האָט זיך פארקאפריזעוועט, האָט אים

אנטאָן געגלעט איבערן האַלדז און רוקן און גערעדט צו אים, ווי מע רעדט צו אַ פּראַקטיש יינגל: שטרענג, אָבער פּאָטערלעך.

— כּוואָלט ער אים דערלאַנגט, וואָלט ער בּאַ אים געגאַנגען, — האָב איך געטייצט וואַסקען.

וואַסקע האָט אַף מיר אַ קוק געטאָן, ווי אַף אַ פּערעאָדאָם.

— איידעלע פּערד זיינען דיר ניט קיין פּויערים, וואָס אָט האַקט מען זיך איינער דעם אַנדערן אין די מאָרדעס און אָט טרינקט מען שוין אייניי־נעם בּראַנפן. נייִן, בּרודערקע, אַ ראַסעווער פּערד איז דיר שטאָלצער פון אַ פּאַניענקע און קאַפּריזנער אויכעט. ניט וואָס אַ קלאַפּ — אַ צו הויכן געשריי קאָן ער ניט פאַרליידן... וואָס דאַרף מען אַ גרעסערן גאַזלען ווי אַנטאָן? — האָט וואַסקע מיר שטיל איינגערוימט. — ווי נאָר עפּעס ניט אַזוי, איז גלייך גיט ער דיר אַ כמאַל אין די ציין, אַ פּליק פאַר די האָר. אָבער מיט די פּערד — ניי, ניי! זעסט דאָך: אַ פינגער לייגט ער אַף זיי ניט אַרויף, נאָר מיט גוטן, מיט געדולד, מיט ווייכע רייד. יאָ, בּראַטאָק, אַ פּערד איז דיר ניט קיין מענטש, אַ פּערד האָט ליב לאַסקע...

זען, ווי ער מיט אַנטאָנען בּרעכן איין פּערד, איז מיר ניט אויסגעקומען. אַלץ, וואָס איך האָב געזען, איז געווען, ווי אַנטאָן בּרעכט וואַסקען די בּיינער, ווען ער דערלאַנגט אים ניט אַזוי גיך צו דער האַנט די בּאַרשט, דעם עמער וואַסער אָדער די שמאַטע בּאַם רייניקן די פּערד. נאָר וואַסקע איז דערפון ניט קלענער געוואָרן אין מיינע אויגן.

לערנענדיק מיך רייטן אַף אַן אַלט פּערד, וואָס איז „אַמאָל געגאַנגען אונטערן פּאַניטש", האָט וואַסקע ניט אופגעהערט צו לייענען מיר לעק־ציעס וועגן דעם, וויאַזוי מע דאַרף שאַנעווען אַ פּערד, וויאַזוי מע דאַרף זיך מיט אים באַגיין, איבערכאַזערנדיק, קאָנטיק, די טוירע, וואָס אַנטאָן האָט אין אים אַריינגעהאַקט דורך דער פּאַטילניצע.

— וואָס ווערסטו טאָן, — האָט וואַסקע מיט דער וואַזשנעקייט פון אַן אַלטן קאָניוך מיך פאַרהערט, — ווען מע וועט דיך אַוועקזעצן אַף אַ פּערד — אַף אַ גוט פּערד — און מע וועט דיר זאָגן: „יאָג אין שטאָט און

ברענג, נו... א רעפוע פון אפּטייק, אָבער וואָס גיכער". ווי וועסטו רײַטן די צוועלף ווערסט צו דער שטאָט און דערנאָך צוריק?

דערהערט אזא פראגע, האָב איך גאָר פאַרגעסן, אז לערנענדיק זיך רײַטן, בין איך ניט איין מאָל אראָפּגעפאַלן פון פערד און געבליבן ליגן מיטן פּאָנעם אין שטויב. וועלנדיק, כאָטש אין וואָס־עס־איז, זיך אויס־גלײַכן מיט וואסקען, האָב איך זיך א בארים געטאָן:

— וואָס כ'וועל טאָן? כ'וועל א שפּרונג טאָן אין זאָטל, א צי אויס מיטן אראפּניק איבערן פערד, א ריב מיט די שפּאָרן אין די זײַטן און — פּאָשאָל, און פּאָשאָל! אין איין שאָ בין איך דיר הין און צוריק.

— נו אי דוראק! — האָט וואסקע גלײַך אָפּן אָרט אָפּגעפּאַסקנט. — „א צי אויס מיטן אראפּניק", „אין איין שאָ הין און צוריק!" קאָפּ יעלאָ־ווער! אזוי וועסטו ברענגען צוריק א פּייגער, ניט קיין רעפוע פארן קראנקן. אזעלכע רײַטער, ווי דו, דארפן רײַטן אָף א בעזעם, ניט אָף א פערד... א גוטער רײַטער, — האָט ער אזש גענומען ריידן אָף א באַס, באַמיִענדיק זיך נאָכצומאכן אנטאָנען, — א גוטער רײַטער ציט ניט אויס איבער פערד מיט אראפּניקעס און לאָזט זיי ניט גלײַך פון אָרט אין קאריער. דער איקער איז האלטן אין צוים זיך — ניט דאָס פערד. ווי דו זאָלסט זיך ניט אײַלן, לאָז דאָס פערד פריִער אין א טראָט, דערנאָך אין א לײַכטן גאלאָפּ און ערשט, ווען ער וועט זיך פאנאנדערווארעמען, לאָז אים אין פולן קאריער, אי דאָס ניט דעם גאנצן וועג, זאָלסט אים ניט ברענגען א פאַרפּאַליעטן, אָן אָטעם. פארשטייסט? געקומען אָף אן אָרט, רײַב אים גוט אָפּ, וויש אים ארום, פיר אים דורך, ער זאָל זיך ביסלעכ־ווײַז אָפּקילן, דערנאָך טרינק אים אָן. עסן — זאָל גאָט היטן! — און פאָר אָפּן זעלביקן שטייגער צוריק. אָט ווען דו וועסט ברענגען א רעפוע פארן קראנקן און א פערד צוריק... און ער זאָגט: „אין איין שאָ הין און צוריק". עך, שטאָטישע!

וואסקע ווייסט ניט נאָר אַלץ, וואָס ס'איז קעדײַ צו וויסן וועגן פערד, — ער ווייסט אַלץ, וואָס איך האָב ביז דאן ניט געוווּסט: ער ווייסט, וועלכע שוואָמען זײַנען גיפטיקע און וועלכע ניט, מיט וועלכע גראָזן און

קרײַטעכצער מע קאָן, אין א נויט, זיך דערנערן און וועלכע מע קאָן צולייגן צו א ווונד. ער ווייסט, ווי מע כאפּט פוקסן און האָזן, ווי צו טייטן שלאנגען און יאשטשערקעס. אים זײַנען באקאנט אלע סטעזשקעלעך אין וואלד, ער ווייסט פון אלע קרעניצעס און סאזשלקעס, פון אלע גריבער און היילן. ער קאָן פאָרויסזאָגן, ווען ס'וועט רעגענען און ווען ס'וועט זײַן א גוטער וועטער, — וואסקע ווייסט אלץ און קאָן אלץ.

אָט, ווען איך האָב אים פאר א כאַוער אף דער רײַזע ארום דער וועלט! מיט אזא וואסקען וועסטו שוין אין ערגעץ ניט פארפאלן ווערן!

מיט גרויס ברען שילדער איך פאר אים דאָס פרײַע לעבן אין זאנזי־באר, די יאגד נאָך זעברעס און אנטילאָפּן, דעם פאנג פון לייבן אין די דזשונגלס פון אפריקע, די רײַכטימער אין אינדיע... איך צעררייץ זײַן אפּעטיט מיט די באנאנעס און קאָקאָס־ניס פון טאיִטי און טאָקלאו און רוף אים טיילן מיט מיר מײַן רויב און מײַן רום.

צו מײַן גרויס פרייד איז וואסקע גלײַך מאסקים צושטיין צו דער רײַזע. ער וויל עסן קאָקאָס־ניס און באנאנעס. דער בויך פּוישט אים שוין פון שטענדיק עסן גאָלע קארטאָפל און קארטאָפל. ער וויל פארזוכן באנא־נעס: זיי מוזן אוואדע זײַן געשמאק, די באנאנעס... ער וויל בלויז וויסן, צי איז דאָרטן פאראן בייגל אויך. און צוקער. יאָ, צוקער. ער האָט זייער האָלט צוקער.

— כע, צוקער! א באטרעף צוקער! מירן דאָך זײַן אין אינדיע און אף די האוויײַער אינדזלען. דאָרטן וואקסט צוקער אָט ווי בא אונדז טשערעט אף דער פּאָסע... ברעך אָפּ צוקערנעם טשערעט און עס, כאָטש ביזקל דער בויך וועט דיר פּלאצן. כע!

וואסקע איז געפּלעפט.

— צוקער וואקסט? אָט ווי בא אונדז, זאָגסטו, טשערעט אף דער פּאָ־סע? געהאקטער אָדער אין גאנצע קעפּ וואקסט ער, דער צוקער?

איך האָב בלויז געוווּסט, אז אין אינדיע און אף די האוויײַער אינדזלען וואקסט צוקער, נאָר צי וואקסט ער אין קעפּ אָדער געהאקטער, האָב איך

אליין ניט געוווסט, נאָר קעדיי ניט אָפּצוקילן וואסקען, האָב איך אים פארזיכערט:

— אי אזעלכער, אי אזעלכער...

וואסקעס פאנטאזיע איז צעהיצט ניט ווייניקער ווי מיַינע. ער איז גרייט צו לאָזן זיך אין וועג אריַין כאָטש מאָרגן. נאָר מיט דער פּראקטישקייַט פון א פויערש יִנגל האלט ער, אז מע דארף זיך גוט צוגרייטן צו אזא וועג: ערשטנס, דארף מען אָנגרייטן א ביסל כארטש אפן וועג; ביז מ׳וועט נאָך קומען צו די באנאנעס מיט די קאָקאָס־ניס, דארף מען האָבן א ביסל סוכארעס און כאָטשבי ציבעלעס. צוקער א ביסל וואָלט אויך צוניץ געקומען. ער הייסט מיר דערוויַיל ברענגען אלע טאָג עטלעכע ריפּטלעך ברויט, וועט ער טריקענען אף דער זון סוכארעס. און צוקער זאָל איך צו ביסלעך צושלעפּן פון דער מומעס צוקער־פּושקע. ציבעלעס וועט ער שוין אליין פארזאָרגן. צווייטנס, דארף מען זען קריגן ערגעץ א שרויט־ביקס און א יעגערישן מעסער.

— ניט וואָס א לייב, א האָז וועסטו אָן א שרויט־ביקס ניט אוועקלייגן, — זאָגט דער פּראקטישער וואסקע.

און א יעגערשער מעסער איז אויך נייטיק. מאלע־וואָס עס מאכט זיך. עפּשער טרעפט מען זיך אין די אפריקאנער וועלדער פּאָנעם־צו־פּאָנעם מיט א בער... און ער וואָלט געראטן, מיר זאָלן יודקען אויך מיטנעמען אין אונדזער קאָמפּאניע. אָן איבעריקער מענטש שאט ניט אין אזא וועג. וויבאלד צוקער וואקסט דאָרטן, וועט קלעקן פאר אלעמען.

נאָר יודקע האָט קיין כיישעק ניט צו לאָזן זיך מיט אונדז אין אזא וויַיטן וועג.

ס׳איז אזוי וויַיט, און ער דארף אינגיכן ווערן בארמיצווע. ווו וועט ער דאָרטן נעמען טפילן?

נו, מיילע, איז אָן יודקען. אבי וואסקע בלײַבט מיר געטריַי. מיט אזא וואסקען וועלן מיר שוין אין ערגעץ ניט פארפאלן ווערן.

אָבער, אפּאָנעם, אז עס איז ניט באשערט געווען מיר בארימט צו ווערן און וואסקען — צו עסן באנאנעס און קאָקאָס־ניס.

איינמאָל, אין אַ סאָפּזומערדיקן שאַבעס־אינדערפֿרי, סאַמע ערעוו אונדזער לאָזן זיך אין וועג אַרײַן, ווען דעם פּעטערס גאַנץ הויזגעזינד איז געזעסן אַרום טיש און מיט יִשוּווישן אַפּעטיט געריבן דעם אײַנגעפּריִעטן טשאָלנט — גריקענע קאַשע מיט בעבלעך, — האָט יוסעף, אָט דער, וואָס האָט זיך געשניטן אויף אַ שטאַטישן, אָנגעשפּיצט די אויערן און, ווי איינער, וואָס ווייסט אַלץ, אַ זאָג געטאָן:

— איך קאָן זיך ווענדן, אַז דאָס פֿאָרט דער אוריאַדניק זובילאַ. זײַן גלעקל.

מיט די לעפֿל האַלב וועג צו די מײַלער, האָבן אַלע אַרום טיש זיך אָנגעהויבן צוהערן צום קלאַנג פֿון גלעקל, וואָס האָט זיך אַלץ מער דערנעענטערט צו דער שטוב.

— מע דאַרף אַרויסגיין באַגעגענען דעם דאָווראַכער, — האָט דער פּעטער אַ זאָג געטאָן און זיך אויפֿגעהויבן פֿון אָרט. די מומע איז אַרויס גלײַך נאָך אים.

מיר זײַנען אַלע געבליבן אויף די ערטער, נאָר געגעסן האָט שוין קיינער ניט, ווי מע וואָלט געוואָלט איבערוואַרטן דעם אומגעריכטן גאַסט.

— דזשען דאָברענקי, האָספּאָדין אוריאַדניק! — האָט די מומע גענייגט זיך פֿאַר אים און געשמייכלט מיט איר בלאַסן שמייכל, — אין שטוב אַרײַן זײַט זיך מאַטריִעך, אָפּפֿרישן זיך מיט וואָס־עס־איז, קיריל פּעטראָוויטש.

— ניין, באַפּטאָלאָוונאַ, מיר האָבן קיין צײַט ניט. כ׳האָב זיך אָפּגעשטעלט בלויז אויף איין ווײַלעטשקע: נאָר אָנפּויען דאָס פֿערד, און מיר פֿאָרן ווײַטער. אַ סאַך צו טאָן.

דער אוריאַדניק איז אַראָפּ פֿון זײַן רײַטוועגל און מיטן בײַטששטעקל גענומען אָפּקלאַפּן דעם שטויב פֿון די כאָליעוועס.

— זאָל דער האָספּאָדין אוריאַדניק ניט באַמרויִקן זיך. מײַן ייִנגל וועט שוין אָנטרינקען דאָס פֿערד. עפּשער אַ ביסינקע פֿרישינקע היי אים אונטערוואַרפֿן, ביז איר וועט צובײַסן?

— פּאַזשאַלוסטאַ, קיריל פּעטראָוויטש! אַ גלעזל בראַנפֿן אָדער וויש־ניאָווקע, אייגענע געשטעלטע. עפּעס צובײַסן, ס׳איז דאָך הײַנט בײַ אונדז שאַבעס... ניט ברידזעט זיך, קיריל פּעטראָוויטש, — האָט דער פּעטער אונטערגעהאַלטן דער מומעס אײַנלאַדונג.

— נו, לאַדנאָ, מירן אַרײַן אויף איין מינוטעלע, — האָט דער אוריאַד־ניק זיך געלאָזט איבעררײדן.

די מינוטעלע האָט זיך פֿאַרצויגן אויף אַ האַלבער שעה. דער אוריאַדניק האָט געטרונקען בראַנפֿן אוןווישניק און פֿאַרביסן מיט הערינג, מיט פּעטשאַ, מיט כאַלע און צימעס־פֿלייש. דער ניט־דערעסענער טשאָלנט האָט געקילט אויפֿן טיש, נאָר קיינער האָט זיך ניט געפֿילט פֿרײַ צו עסן, קאַלזמאַן דער אָדן האַלט נאָך בײַם פֿאַרבײַסן.

— ווער איז דאָס באָכערל? — האָט דער אוריאַדניק, אָנצילעוועגדיק זיך אין מיר מיט אַ געמאַרינירטער שוואָם אויפֿן גאָפּל, פֿון איידלקייט וועגן אַ פֿרעג געטאָן. — דאַכט זיך, ניט פֿון דײַן שוירעש, נאַפּטאָלאָוונאַ? עפּעס געדענק איך ניט, איך זאָל אים פֿריִער דאָ האָבן געזען בײַ דיר.

— דאָס יינגעלע? — האָט די מומע געזוכט צו פֿאַרקלענערן מיך אין דעם אוריאַדניקס אויגן. — מײַנער אַ פּלעמעניקל... אַ פֿאַרשטאָר־בענער שוועסטערס — אַ ליכטיקן גאַניידן זאָל זי האָבן! — אַ זונעלע... אַ בידנער יאָסעם, נעבעך... האָט אויסצושטיין פֿון אַ שטיפֿמאַמע, אָרעמינ־קער!..

דער אוריאַדניק האָט אַראָפּגעשלונגען די גליטשיקע שוואָם ניט קיין צעקײַטע און הילכיק אָפּגעגרעפּצט.

— טאַק־ס... שוין לאַנג דאָ בײַ דיר?

— ערשט נעכטן פֿאַרנאַכט געקומען... מאָרגן גאָנצפֿרי, מיט גאָטס הילף, וועלן מיר אים צוריק אָפּפֿירן אין שטוב, — האָט די מומע גלאַט אָפּגעזאָגט אַ טאָפּלטן ליגן.

דער אוריאַדניק האָט אָפּגעווישט די דיקע וואָנצעס, פֿריִער מיט דער דלאָניע, דערנאָך מיט דער צווייטער זײַט האַנט, איז אויפֿגעשטאַנען, פֿאַר־צויגן דעם אָפּגעלאָזטן פּאַסעק און אַ זאָג געטאָן:

— אָט וואָס, נאַפּטאָלאָוונאַ, און דו, נאַפּטאָלע! אײַער פּלעמעניקל האָט קיין רעכט ניט צו פֿאַרבלײַבן אין דאָרף אַפֿילע איין שאָ... דאָס איז אײַך באַוווּסט. זאַקאָן, ניט צו מאַכן!.. פֿאָ זאַקאָנו דאַרף איך צונויפֿשטעלן אַ פּראָטאָקאָל און אים גלײַך אָפּשיקן מיטן עטאַפּ צום אָרט, ווו ער איז צוגעשריבן... מיט אַנדערע וואָלט איך געטאָן, ווי דער געזעץ שרײַבט פֿאָר. נאָר דיר, נאַפּטאָלאָוונאַ, אַוואַזשע איך. ביסט אַ פּראַווילנע זשענ־שטשינע... אַזוי, אַז נאָך הײַנט זאָל ער פֿונדאַנען ניט ווערן. איר׳ט מיך פֿאַרשטאַנען? נו, און איצט וועלן מיר פֿאָרן ווײַטער. אַ דאַנק דיר, נאַפּ־טאָלאָוונאַ, פֿאַרן קיבעד. גוטע ווישניאָווקע באַ דיר. קאָנסט גוט צו־גרייטן... נו, בלײַבט מיר געזונט! פֿאַרגעסט ניט, וואָס איך האָב אײַך אָנגעזאָגט... אויב איך וועל אָף צוריקוועגס אים נאָך טרעפֿן דאָ, וועל איך מוזן האַנדלען פֿאָ זאַקאָנו... נו, זײַט מיר געזונט!

— נאָסן דעם קעלעוו עפּעס אין יאַד אַרײַן, — האָט דער פּעטער אײַנגערוימט דער מומען.

— שאַבעס? — האָט די מומע ניט געקאָנט קיין אײַצע געבן זיך.

— אַ פּאַפּירענעם, — האָט דער פּעטער געפֿונען אַן אויסוועג.

די מומע ליבע האָט זיך אַ פֿאָרע געטאָן אין קאָמאָד און איז אַרויס נאָכן אוריאַדניק. דורכן פֿענצטער האָבן מיר געזען, ווי זי זעגנט זיך מיטן „קעלעוו" פֿאַר דער האַנט, ווי מיט אַ דאָקטער, בײַס מע צאָלט אים פֿאַר אַ וויזיט.

— מיך וואָלט ניט געאַרט, נאַפּטאָלאָוונאַ, — האָט דער אוריאַדניק, פֿאַרקוועטשנדיק דאָס פּאַפּירל אין האַנט, פֿאַרזיכערט די מומע, — אָבער דו קענסט דאָך אונדזער סטאַנאָוואָי פּריסטאַוו. ער קאָן גראָד דורכפֿאָרן און געפֿינען אים דאָ, דאַן וועט זײַן מיִעס פֿאַר אונדז ביידן. פֿאַר דיר מער ווי פֿאַר מיר. ס׳איז רעכט, ער זאָל דערפֿון מאַכן אַ גאַנצע דיעלע און אַרויסשיקן אײַך פֿון דאָרף. אַ מעשוגענער זאַקאָניק... טאַק שטאָ, פֿאַרגעס ניט — וואָס גיכער אָפּשיקן אים אַהיים. זײַ געזונט!

אוועקגעזעצט זיך אויפֿן רײַטוועגל, אַ צי געטאָן די רימענע לייצעס און:

— פּשאָל, וואַראָנאַי!

— אַלץ דײַנע אויפטועכצן! — האָט דער פעטער באַגעגנט די מומען. — כ׳האָב אָבער געזאָגט: גענוג דעם באָכער ארומצויאָגן פּוסט־און־פּאַס, שיק אים אָפּ אַהיים.

— אָן סאקאָנע, — איז די מומע ביז צום סאָף געבליבן מיר געטרײַ, — פארשטאָפּט דעם כאזער די הלאָטקע מיט א קערבל, קאָן שוין דאָס יינגל בלײַבן דאָ ביז ראָשעשאָנע, מירצעשעם.

— וואָ־אָס?!

דאָס איז געווען אזא „וואָ־אָס", נאָך וועלכן אפילע די מומע, וואָס האָט געהאט גאָר א גרויסע דייע באַם פעטער, האָט ניט אײַנגעשטעלט זיך צו פארהאלטן מיך לענגער.

„איר פארשפּאָרט זיך ארומצוקריגן איבער מיר, — האָב איך פאר זיך געטראכט, — נאָך א פּאָר טעג, וועלן מיר מיט וואסקען שוין זײַן ווײַט־ווײַט פונדאנען".

אָבער איידער דער פעטער האָט נאָך פארענדיקט אָפּצודאווגען דעם אומעטיקן שאבייסענאכטיקן מײַרעוו, האָט ער שוין א זאָג געטאָן:

— לייוויק, נו, אָ!.. סוסים... מייכין לאדערעך... — שפּאנט, הייסט עס, פערד און מאכט אים גרייט צום וועג.

און נאָך איידער זײַנע שפּיץ פינגער זײַנען אָפּגעטריקנט געוואָרן פון דעם עפּל־קוואס, אין וועלכן ער האָט זיי באַנעצט בייסן האוודאָלע מאכן, האָט מיך דער פעטער ארײַנגעזעצט אין בריטשקע און אין גרויס אײַלעניש, אָפּגעפירט צוריק אהיים — צום טאטן, צו דער פיגאליצע, צו דער פארהאסטער אוטשילישטשע, צו אלץ, פון וואָס איך האָב זיך געקליבן אנטלויפן אין ווערישהאָפּערס צויבער־לאנד.

ניט געלאָזן מיך אפילע זיך געזעגענען מיט וואסקען.

מײַן גרויסע וועלט־רײַזע האָט זיך פארענדיקט אויף דער ערשטער סטאנציע — אין בראנטשיץ.

1938

# דער קלוב און דאָס קרײַזל



ארפּס צימער אין מאָנאַסטירסקן געסל — א גרויסער, ברייטער צימער מיט א נידעריקן סופיט און מיט דרײַ קליינע פענצטער, וואָס האָבן ארויסגעקוקט אין א פארוואָרלאָזטן ווילד־צעוואקסענעם סאָד, — איז געווען א מין קאָהאָלשע אכסאניע, פרײַ פאר יעדערן צו קומען אהין, ווען ער וויל, און טאָן דאָרטן, וואָס ער וויל.

די יוגנט האָט דעם צימער גערופן „קארפּס קלוב“. אין קלוב האָבן זיך שטענדיק ארומגעדרייט דערוואקסענע און איבערדערוואקסענע גימנאזיסטן, עקסטערניקעס, סעמינאריסטן — גרויסע, לעפּישע יונגען מיט

פרישטשעוואטע פענעמער און מיט א שטענדיקער גרייטקײַט צו עסן; באַרישניעס, וואָס האָבן געהאט אין שטאָט א נאָמען פאר „פרײַע“; מיידלעך — „מאנציפּאציעס“, וואָס האָבן קיינמאָל ניט פארגעסן, אז זיי דארפן זײַן ערנסט, און האָבן קעסיידער גערעדט וועגן פּראָגרעס און רעגרעס... אָפּטמאָל, אין א פינצטערן אָוונט, פלעגט זיך שטילינקערהייט ארײַנכאפּן א יעשיוועבאָכער, פון די, וואָס האָבן זיך געריסן אף די ברייטע שליאכן פון האסקאָלע, אוועקגעזעצט זיך אין א ווינקל און שווײַגנדיק זיך אָנגענומען מיט כאָכמע אָדער אנטלײַען בא קארפּן א בוך, און ארויס פונקט אזוי שטיל און ביגנייווע, ווי ער איז ארײַן.

אין קארפּס קלוב האָט זיך יעדער איינער געפילט, ווי בא זיך אין דער היים. ווער ס'האָט געוואָלט, האָט געקנײַפּט שטיקער פון דעם לאבן ברויט, וואָס איז שטענדיק געלעגן אפן טיש, געשניטן מיט טאשן־מעסערלעך ריפּטלעך דארע קישקע, וואָס איז געהאנגען אף א טשוועקל באם פענצטער, אָנגעגאָסן זיך טיי פון דעם פארגרינטן סאמאָוואר, וועלכן אוודאָטיע, דער באַלעבאָסטעס דינסט, האָט געהאלטן אין איין דערגיסן. פון האנט צו האנט איז געגאנגען קארפּס פּעקל „אסמאָלאָוס“ טוטין און דאָס צעקנייטשטע ביכעלע פּאפּיראָס־פּאפּיר. אלע, אפילע די מיידלעך, האָבן געדרייט פּאפּירעסלעך, גערייכערט און אָן אופהער גערעדט.

ווערטער און געדאנקען זײַנען געפאלן, ווי נאסער שניי אין שפּעטן הארבסט: פאלט און ווערט גלײַך צעשמאָלצן, איבערלאָזנדיק נאָך זיך בלויז א שיטערע בלאָטקע... דאָס זײַנען געווען שמועסן וועגן אלץ און קיין זאך ניט: וועגן דער אלזײַטיק אנטוויקלטער פּערזענלעכקײַט; וועגן דער באוועגנדיקער קראפט אין דער געשיכטע; וועגן אן ארטיקל אין לעצטן נומער פון א זשורנאל און וועגן זאָליאס א ראָמאן; וועגן דעם קריזיס פונעם פראנצויזישן מיניסטאָרן־קאבינעט און וועגן דעם שטרײַק פון די גארבערס אין מינסק; וועגן פּראָבלעמען פון ליבע און פרײַנטשאפט; וועגן פראגן פון קולטור און וועגן דעם, ווער נאָך וועמען עס „אוכאזשעוועט“, — שמועסן אָן אן אָנהייב און אָן א סאָף. אָנגעהויבן

פון אײנע, איז דער שמועס אריבער צו צװײטע און פארענדיקט געװאָרן דורך דריטע, װען די ערשטע, װאָס האָבן אָנגעהויבן דעם שמועס, זײַנען שױן לאַנג אין צימער ניט געװען.

אַן אָנגערײכערטער צימער, אש און פּאַפּיראָסן־עקלעך אַפן דיל, אַף די פענצטער און אין די שמוציקע טײ־טעצלעך, קלעפּיקע טײ־גלעזער און ברױט־ברעקלעך אַף דער שטענדיק נאַסער טיש־צעראַטע — דאָס איז אַלץ, װאָס ס׳פלעגט איבערבלײַבן נאָך שאָענלאַנגע ענלעכע שמועסן.

אָפטמאָל פלעגט איבער א װעלכער־ניט־איז פּראַגע אופלאַקערן א הײסער װיקועך. װערטער זײַנען דאַן געפאַלן שנעל און ראַשיק, װי האָגל אַף האַרטער ערד. אַלע האָבן גערעדט מיטאַמאָל, און אײנער דעם צװײטן האָט ניט געהערט. אין אַזא מינוט נעמט קאַרפ א בוך, גײט אַרױס אין סאָד, גיט זיך א װאַלגער אונטער א בױם און פאַרטיפט זיך אין לײענען. אָדער ער נעמט זײַן סוקעװאַטן שטעקן און לאָזט זיך אַרױס איבער דער שטאָט אַף זײַנע אוראָקן:

— גײט אײַך מיט אײַערע אײביקע דעבאַטן!

קײנער באַמערקט ניט זײַן אָפּװעזנהײַט, װי מע באַמערקט ניט דאָס קומען און אװעקגײן פון אַן אַנדער באַזוכער פון קלוב.

נאָר פאַר מיר איז דאָס אַלץ געװען נײַ און אינטערעסאַנט.

װי א שװאָם זויגט אײַן װאַסער, אַזױ האָב איך גײַציק אײַנגעזויגן די נײַע פאַר מיר געדאַנקען, באַגריפן, אידײען. גאָר באַזונדער האָבן מיך אינטערעסירט — גיכער אינטריגירט — נאָטקין דער „פּאָדנאַדזאָרנער“ און די „פילאָסאָפן“, װי מע האָט זײ אין שטאָט גערופן, — באָכערים מיט לאַנגע האָר, אין שװאַרצע קאַפּעליושן מיט ברײטע ראַנדן און אין פּעלערינעס, װאָס אין א װינטיקן טאָג האָבן זײ זיך געבלאָזן אַף זײערע אַקסלען, װי זעגלען אַף שיפלעך.

פאַר קײנעם אין שטאָט איז קײן סאָד ניט געװען, אַז די „פילאָסאָפן“ פירן אָן מיטן אומלעגאַלן קרײַזל, װאָס נאָטקין האָט אָרגאַניזירט. איך

האָב געברענט פון נײַגער צו וויסן, וואָס אזוינס טוט מען אין קרײַזל, וואָס מע דאַרף עס האַלטן בעסאָד.

און גאַנץ אומגעריכט בין איך אַרײַנגעפירט געוואָרן אין קרײַזל, און ניט פון קיין אַנדערן, ווי אַליין פון נאַטקינען.

פאַר די קאַרגע צוויי יאָר, וואָס קאַרפּ לערנט מיט מיר, איז זײַן צימער געוואָרן מײַנער, פּונקט אַזויפיל ווי זײַנער. איך האָב געקאָנט קומען אַהין צו יעדער צײַט, אַפילע ווען קאַרפּ איז אין דער היים ניט געווען, און פאַנאַנדערלייגן זיך ווי בײַ זיך אין דער היים: גרייטן מײַנע לימודים, לייענען זײַנע ביכער און צובײַסן, מיט וואָס איך האָב אין זײַן שרענקל געפונען.

אין איינעם אַ פאַרנאַכט, ווען איך בין איינער אַליין געזעסן אין קאַרפּס צימער און געהאָרעוועט אויף געאָמעטריע, איז אַרײַן נאַטקין, אַ מורמל געטאָן „זדראַסטיע״ — אַ באַגריסונג אַזוי קורץ און פעסט ווי זײַן האַנט־דרוק, און, ווי זײַן שטייגער איז געווען, גלײַך גענומען איבער־קלײַבן די ביכער אויפן טיש.

איך בין געווינט געווען צו נאַטקינס שווײַגן. אַז אָפּטער אַרײַנגייער צו קאַרפּן, איז ער, פונדעסטוועגן, מיט קיינעם ניט צו נאָענט געוואָרן. עס האָט אויסגעזען, ווי ער קוקט זיך צו צו מענטשן, ווי ער וואָלט זיי אַרומגעטאַפּט מיט זײַנע גרויע פאַרשנדיקע אויגן, ווי איינער, וואָס וויל וויסן, מיט וועמען ער האָט דאָ צו טאָן.

נאָענט באַפרײַנדעט איז ער געווען בלויז מיט איין קאַרפּן. אָבער דאָס איז געווען אַ מאָדנע פרײַנטשאַפט, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין שטענדיקן אַרומקריגן זיך, אין איין דערווײַזן איינער דעם אַנדערן, אַז דעם צווייטנס מיינונגען און באַגריפן זײַנען אין גרונט פאַלש, ווײַל זיי זײַנען אַ רעזולטאַט פון פאַלשע אידייען און פאַלשער וועלט־אָנשויונג.

קאַרפּ וויל האָבן, אַז די באַוועגנדיקע קראַפט אין דער געשיכטע איז די פּערזענלעכקײַט, אין דער ערשטער ריי — דער אינטעליגענט. און

דעריבער וועט נאָר א קאָלעקטיוו פון אליזיַטיק, הארמאָניש־אנטוויקלטע אינדיווידן אונדז פירן צו א פריַיער געזעלשאפט, געגרינדעט אף יעסוי־דעס פון פריַיוויליקייַט און פולער פערזענלעכער פריַיהייַט... נאָטקין, ווידער, האלט, אז די באוועגנדיקע קראפט אין דער געשיכטע איז דער פראָלעטאריאט און נאָר ער איינער וועט אנטשיידן דעם גורל פון דער קומענדיקער רעוואָלוציע אין רוסלאנד.

קארפּ, א היציקער, א טעמפעראמענטפולער, ווארפט נאָטקינען אין פאָנעם באשולדיקונגען אין העלפן אנטוויקלען דעם קאפּיטאליזם אין רוסלאנד און אפילע אין פארשקלאפן דעם פראָלעטאריאט, און נאָטקין, א רויִקער, א געלאסענער, ענטפערט מיט א שמייכל, אז קארפּ זעט די וועלט דורך זייַנע פארשטויבטע פענצטערלעך, וואָס גייען נאָך דערצו ארויס אין א פארוואָרלאָזטן סאָד...

— בא דיר אין קאָפּ איז א פלאָנטער פון קליינבירגערלעכן ראדיקא־ליזם מיט פּרימיטיוון קאָמוניזם, — זאָגט נאָטקין צו קארפּן, — א מיש־מאש פון אומקלאָרע אידייען, וואָס וואָלטן געקאָנט שאָדן ברענגען דעם פראָלעטאריאט, ווען דו וואָלסט צו אים געהאט א צוטריט און ווען דער ארבעטער וואָלט ניט פארפאנצערט געווען מיט געזונטן פארשטאנד און פראָלעטארישן אינסטינקט, וואָס זאָלן אים אונטערזאָגן זייַן ריכטיקן וועג.

— דאָגמאטיזם, סכעמאטיזם, פארגליווערטע קאנאָנען! — קאָכט זיך קארפּ.

אלפּי־סייכל האָט נאָטקין אויסגעזעצן צו זייַן געדעכט. נאָר מייַנע סימפּאטיעס זייַנען געווען מיט קארפּן — דעם ווארעמען, הארציקן און אימפּולסיוון קארפּן. רעספּעקט האָב איך, פונדעסטוועגן, ניט ווילנדיק געפילט מער צום ערנסטן, טרוקענעם נאָטקינען. דער רעספּעקט צו אים האָט זיך גענומען דערפון, וואָס נאָטקין איז געווען א „פּאָליטישעסקער".

אין שטאָט זייַנען אומגעגאנגען לעגענדעס וועגן נאָטקינס רעוואָליו־ציָאָנערער טעטיקייַט אפן דאָרעם, און „האָט קיין זאָרג ניט, — ער זיצט דאָ אויך ניט מיט צונויפגעלייגטע הענט, כאָטש ער האלט זיך, לעפּאָ־נעם, פונוויַיטן"...

— קאָרפּ האָט אײַך מיר רעקאָמענדירט ווי אײנעם, וואָס איז גוט באַהאַוונט אין נאַטורוויסנשאַפט.

נאָטקין האָט עס אַרויסגעזאָגט מיט זײַן נידעריקער, ברוסטיקער שטים ווי פאַרבײַגײענדיק, ניט אויפהייבנדיק די אויגן פונעם ביכל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין בלעטערן.

פון אומגעריכטקייט האָב איך מער ניט געפונען וואָס צו ענט־פערן, ווי:

— נאַטורוויסנשאַפט איז אײנער פון מײַנע באַליבטסטע געגנשטאַנדן.

נאָטקין האָט אַ ווײַלע געשוויגן, ווי ער וואָלט זיך מעיאַשעוו געווען, צי זאָל ער מיט מיר ווײַטער פירן דעם שמועס אָדער ניט. נאָכער האָט ער לאַנגזאַם, ווי צוקלײַבנדיק פּאַסיקע ווערטער, געזאָגט:

— איך זאָג דאָס אײַך, ווײַל... ווײַל... נו, מיט אײן וואָרט, איר האָט געוויס געהערט וועגן אונדזער בילדונג־קרײַז פאַר אַרבעטער, ריכטי־קער — פאַר האַנטווערקערישע געזעלן, וואָס מיר האָבן דאָ אָרגאַני־זירט. איז... אויב איר וואָלט געוואָלט, וואָלט איר אונדז געקאָנט נוצן ברענגען: פירן דאָרטן דעם קורס נאַטורוויסנשאַפט, אַן אָנפאַנג־קורס, פאַרשטייט זיך. ביז איצט האָט מערע ראַסקין געפירט דעם קורס, אָבער זי איז זייער טרוקן און קאָן ניט פאַרינטערעסירן די שילער. און איר, — זאָגט נאָטקין, — ווייסט גוט דעם געגנשטאַנד און פאַרמאָגט טעמפּעראַ־מענט און... פאַנטאַזיע. אַ גרויסע זאַך — פאַנטאַזיע... איז אָט...

אַ גליק, וואָס נאָטקין האָט בייסמײַסע געקוקט אין ביכל, אַז ניט, וואָלט ער געזען, ווי דאָס בלוט האָט מיר אַזש אַ שלאָג געטאָן אין פּאָנעם פון דעם אומגעריכטן פאָרשלאָג. אָף אַזאַ צוטרוי האָב איך זיך גאָר ניט געריכט.

— כאָטש יעדן טאָג! — האָב איך געענטפערט.

— יעדן טאָג איז ניט נייטיק, — נאָטקין האָט אַ לײַכטן שמייכל געטאָן, — אונדזערע טאַלמידים האָבן אײנמיטן וואָך קיין צײַט ניט: זיי אַרבעטן ביז שפּעט אין אָוונט. צוויי מאָל אַ וואָך: פרײַטיקצונאַכטס און שאַבעס באַטאָג. מער דאַרף מען ניט.

איך האָב לעכאַטשילע אַף אַלץ מאַסקים געווען.

— און ס׳איז אָפּגעמאַכט, אַז מיר באַטראַכטן די אַרבעט אין קרײַזל אַלס אומלעגאַלע, דאָס הייסט, מיר האָבן דערויף באַ קיינעם קיין דערלויבעניש ניט געבעטן, ווײַל מע וואָלט זי אונדז סײַוויסײַ ניט געגעבן, — ווען מיר דעריבער וועגן דעם ניט ריידן, מיט ווען מען מע דאַרף ניט. אָפּגערעדט?..

דעם עמעס געזאָגט, האָב איך ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס נאָטקין מאַכט אַ סאָד דערפון. באַ אונדז אין שטאָט זײַנען קיין סוידעס ניט געווען, און ס׳איז, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, ניטאָ פאַר וועמען אויסצובאַהאַלטן זיך. די צוויי פּראָפעסיאָנעלע מאָסרים — באַראָנסקי, דער קאָנטראָליאָר פון דער קאָראָבקע, און אַלטערקע — קורצע הענטל, דער פּראָשעניעשרײַבער, האָבן צו טאָן בלויז מיט פּריזיוו־זאַכן, מיט אַקציזגאַנווענען, מיט האַנדלען אָן פּאַטענטן, מיט אַרײַנפירן פון דער פרעמד פלייש אָן קאָראָבקע־שטײַער און מיט נאָך אַזעלכע ציווילע קרימינאַלן. פּאָליטיק איז ניט זייער זאַך. פאַרקערט, כאָטש זיי זײַנען אויסגעבונדן מיט פּאָליציי, זײַנען זיי שטענדיק גרייט אונטערצושטעלן איר אַ פיסל, ווען עס האַנדלט זיך וועגן פּאָליטישע.

מע האָט אַפילע געשמועסט אין שטאָט, אַז אַפּמאַן, דער ראַבינער, איז אַ נאָענטער מעכותן מיט דער זשאַנדאַרמעריע, אָבער די זשאַנדאַרמעריע גופע — די צוויי וואַכמיסטערס, וואָס האָבן שוין יאָרנלאַנג געוווינט אין שטאָט, האָבן ניט אויסגעזען צו זײַן שטאַרק געפערלעך. אין „פּאָלנע פאַראַדנע פאָרמע״ האָבן די צוויי היטער פון די מעלוכע־יעסויִדעס טאַקע געהאַט אַ שטרענג־בראַוון אויסזען, אָבער די פאַראַדנע פאָרמע און די מעדאַלן פון אַלערליי גרייס האָבן זיי אָנגעטאָן בלויז אין פײַערלעכע פאַלן: אין די געבורטסטעג פונעם צאַר אָדער עמעצן פון זײַן מישפּאָכע, אין די טעג, ווען די שטאָט איז באַזוכט געוואָרן דורכן גובערנאַטאָר אָדער אַרכיִיערײ, צי ווען דורך דער שטאָט איז דורכגעגאַנגען אַ פּאָלק הוסאַרן אַף מאַנעווערס און אָרטיקע נאַטשאַלסטווע האָט געגעבן די אָפיצערן פון פּאָלק אַ באַל אין דוואָריאַנסקן קלוב. אין וואָכעדיקע

טעג זײַנען זיי געווען געוויינלעכע שטאָטישע מעשטשאַנעס, ווי אַלע מעשטשאַנעס — האַלב־פויער, האַלב־קוסטאַר.

אין א ציצענער ניט אונטערגעגאַרטלטער העמד איבער די הויזן, אין שקראַבעס אף די באָרוועסע פיס האָט דער עלטערער וואַכמיסטער זאַוויאַלאָוו גאַנצענע טעג געייסעקט זיך בא זיך אפן גאָרטן, און דעם יינגערן וואַכמיסטער אָנופריִעוו — א גרויסער ליבהאָבער פון אויפעס און קליינפּי, — האָט מען אין מאַרק־טעג געקאָנט זען פּלאָנטערנדיק זיך אפן מאַרק צווישן פויערשע פורלעך, טאַפּנדיק הינער. געוויינלעך האָט ער צוריק געשפּרײַזט פון דאָרטן, א באַלאָדענער מיט הינער, מיט ענטלעך, מיט א לאַנגהאַלדזיקן גאָנער, וועלכן ער האָט געטראָגן אף די הענט, ווי מע טראָגט א פּיצל קינד, אָדער מיט א קוויטשיק כאַזערל אונטער דער פּאַכווע.

דאָס אַלץ האָט זיך עפּעס ניט געקלעפּט מיט נאָכשפּירן, מיט פּאַר־פאָלגן און אויסראָטן, מיט דעם גאַנצן געשטאַלט פון א זשאַנדאַר, ווי איך האָב אים זיך פאָרגעשטעלט. אָבער נאָטקין איז, ווי עס ווײַזט אויס, געווען געניטער פון מיר אין אַזעלכע זאַכן.

— גלייבט ניט אין דער אומשעדלעכקייט פון זשאַנדאַרן, אפילו ניט אין דער אומשעדלעכקייט פון אַזעלכע אומשולדיקע פויערימלעך, ווי אונדזערע היימישע זשאַנדאַרן־מעשטשאַנעס. איר דאַרפט וויסן, אַז לער־נען מיט אַרבעטער פּאָשעטע גראַמאָטע אָן דער דערלויבעניש פון נאַ־טשאַלסטווע ווערט אויך באַטראַכט, ווי א פּאָליטישער פאַרברעכן אין אונדזער פאָטערלאַנד, און בעטן בא זיי דערלויבענישן וועלן מיר ניט, ווײַל זיי וועלן אונדז סײַוויסײַ ניט גלייבן, אַז מער ווי מיט בילדונג וועלן מיר זיך אין אונדזער קרײַזל ניט פאַרנעמען. טאָ זאָל שוין בעסער בלײַבן, ווי מיר האָבן אָפּגערעדט: באַטראַכט עס פאַר אַן אומלעגאַלער אַרבעט.

צו מײַן שטאָלץ איז קיין גרענעץ ניט געווען: איך ווער אַרײַנגעצויגן אין אומלעגאַלער אַרבעט...

די געהיימניס האָט זיך ארויסגעוויזן צו זײַן ווייניקער געהיימניספול, ווי איך האָב זיך עס פאָרגעשטעלט. צוויי מאָל א וואָך — פרייטיקצונאכטס און שאבעס באטאָג — האָבן צו גרונע דער אגונע אין שטיבל אף זארע־טשיער גאס זיך צונויפגעקליבן באָכערים און מיידלעך, וועלכע מע האָט געלערנט לייענען און שרײַבן רוסיש, גראמאטיק, אריפמעטיק, געאָגראַ־פיע, אָנפאנגס־געשיכטע. די גאנצע קאָנספיראציע איז באשטאנען אין די שמועסן, אָדער „קורסן", ווי זיי האָבן אין קרײַזל געהייסן, וואָס די „פילאָסאָפן" האָבן דאָרטן געפירט. דער פריוואטער לערער, עקשטיין דער לאנגער — א באָכער שוין אין די פערציקער, א שטעכיקער, א ביי־סיקער, שטענדיק מיט א גאליק שמייכעלע אף די ליפן — האָט געפירט שמועסן וועגן דער אנטשטייונג פון דער ערד, באקאנט געמאכט די צו־הערער מיט די עלעמענטארע געזעצן פון פיזיק, כימיע און דאָס גלײַכן. יעפים ריפס — א באלעבאטישער באָכער, מיט א גלאט, פריש פּאָנעם פון א גוט אויסגעשלאָפענעם מענטשן — האָט דערציילט די געשיכטע פון שקלאפערײַ און לײַבייגנטום, גערעדט וועגן דער אנטשטייונג און אנט־וויקלונג פון דער געזעלשאפט און פון קאפיטאליזם. מער פון אלץ האָט ער ליב געהאט צו ריידן אף דער טעמע „מאסן און קלאסן".

זארעצקי דער „שפאניער" — א הויכער, דארער, שווארצער, לאנג־האָריקער און לאנגנאָזיקער באָכער אין א קעסטלדיקער פאטשיילע, פאר־וואָרפן איבערן אקסל, — האָט געפירט דעם פּאָליטישן קורס: ער האָט דערקלערט דעם כילעק צווישן רעפּובליק און מאָנארכיע, געגעבן צו פארשטיין, וואָס אזוינס איז קאָנסטיטוציע, פארלאמענטאריזם, פרײַע וואלן, און האָט ניט אופגעהערט צו רימען די „דעמאָקראטישע פרײַ־הײַט" אין ענגלאנד, פראנקרײַך און אמעריקע.

— אַן ענגלישער ארבעטער האָט ווייניקער מוירע פאר דער קיניגן וויקטאָריע, ווי מיר דאָ פאר א גאָראָדאָוואָי, — האָט זארעצקי מיט שטאָלץ דערקלערט, ווי ער אליין וואָלט געווען אַן ענגלענדער — ניט קיין „שפאניער". — פון פראנקרײַך איז שוין אָפּגערעדט. דאָרטן, אז די רעגירונג געפעלט ניט דעם פארלאמענט — די אויסדערוויילטע פון

פאָלק, — ווארפט מען זי אראָפּ אין איין מינוט... אין אמעריקע קאָן מען אפילו א פּרעזידענט אראָפּשליידערן פון בענקל איינס און צוויי. אָט דאָס הייסט א פרייע רעפּובליק!...

דאָ, אין קרייזל, האָב איך זיך ווידעראמאָל באגעגנט מיט אייניקע מיינע כאוויירים פון די קינדער־יאָרן — מיט מענדקע דעם שטריקל־דרייערס — איצט א קירזשנער־געזעל בא עליע די פליאמע, מיט מיין געוועזענעם שוטעף צום געלערנטן הונט צעזאר — נאָטקע דער אל־מאָנעס — א זעצער אין יאבראָווס דרוקעריי, מיט ניאָמקע שפּאלט — א בלעכער און פארבער, וואָס דעקט און פארבט דעכער אף קלויסטערס און קאָסטיאָלן, ניט טראכטנדיק וועגן דעם פינצטערן סאָף, וואָס פרומע יידן זאָגן אים צו פאר ארבעט אף טומע; מיט שלוימקע דארער פויגל — א געזעל בא פאָלקע קראַוועץ, דעם פריצישן שניידער; מיט פישקע בלינדע קישקע — אין דער לער בא יאָשע סטעלמאך, — קימאט אלע פון „אמעריקע" — דעם קאפּצאָניש־האָרעפּאשנעם און גנייוויש־בלאטן געסלעך־לאבירינט, וואָס איז אָפּגעטיילט פון דער איבעריקער שטאָט מיט אן אָקעאן בלאָטעס, וועלכע ווערן אפילו אין די גרעסטע זומערדיקע היצן ניט אויסגעטריקנט.

די באקאנטשאפט אונדזערע האָט זיך געצויגן נאָך אזש פון יענע צייטן, ווען איך האָב געביטן טויבן מיט די „אמעריקאנטשיקעס" — די ערשטע טויבנטרייבער אין שטאָט — אָדער אויסגעקויפט בא זיי מיינע אייגענע טויבן, וואָס זיי האָבן צו זיך פארנארט. שפּעטער איז די „געשעפטלעכע" באקאנטשאפט אונדזערע איבערגעגאנגען אין נאָענטער כאווערשאפט.

אונדזער גרויסע שטוב הינטערן בראָם האָבן פראָצענטניקעס פאר־קויפט פאר כויוועס, און מיר זיינען אריבער וווינען אין פרעמדע דיי־רעס, ווייט פון די זאכארטשוקס און פון מיין נאָענטסטן כאווער פאוו־ליק מיט אונדזער שוטפעסדיקן טויבנשלאק, מיט זיין הונט פאָלקאָן. די יינגלעך אף דער ווילנער גאס — אן „איידעלע גאס", אף וועלכער מיר האָבן זיך באזעצט, האָבן אין מיינע אויגן אויסגעזען עפּעס אזעלכע

אויסגעווייקטע, סטאַטעטשנע, אַזעלכע פּרומינקע און קרומינקע — קליינע ייִדעלעך, ניט קיין ייִנגעלעך! און דאָ, אונטער דער האַנט, ליגט „אַמע־ריקע“ מיט מײַן באַקאַנטער לעבעדיקער כעוורע — טויבנטרײַבער, כאַזיירימשלאָגער, עפּלרײַסער און אוגערקעספּליקער אין פּרעמדע סע־דער און גערטנער, ניט ערגער פון פּאַווליקן. בין איך טאַקע, געהיים פון טאַטן, גאָר גיך געוואָרן אַן אייגענער צווישן די „אַמעריקאַנער“ יאַט־לעך.

ווערן אַן אייגענער צווישן די „אַמעריקאַנטשיקעס“ איז געווען אַ זכוס, וואָס ניט יעדער שטאָטיש ייִנגל איז דערצו זוכע געווען. „אַמע־ריקע“ האָט געהאָרעוועט אַף דער שטאָט און האָט פײַנט געהאַט די שטאָט — די דערוואַקסענע ווי דאָס קליינוואַרג.

„אַמעריקאַנער“ ייִדן האָבן געגראָבן ברינעמער און קאַנאַוועס אין שטאָט, ברוקירט גאַסן און גערייניקט קלאָזעטן, געהייצט די באָד און געקערט די קוימענס, געפּירט זאַמד און געטראָגן וואַסער, געקליבן ביי־נער און שמאַטעס אַף די שטאָטישע סמעטניקעס, צוגעשטעלט דער שטאָט דינסטן און אַמען, געגאַנגען אין שטאָט איבער די הײַזער און געבעטלט אַף די שטאָטישע גאַסן, באַדינט די לעבעדיקע און באַגראָבן די טויטע, און פון דעם אַלעמען געפּינצטערט אין דאַכקעס און געשאָלטן די שטאָט מיט קלאָלעס, וואָס נאָר אין „אַמעריקע“ האָט מען אַזעלכס געקאָנט הערן.

די סינע פון די „אַמעריקאַנטשיקעס“ צו די שטאָטישע „שמענדריי־קעס“ איז געווען ניט קלענער, ווי די סינע פון זייערע טאַטע־מאַמעס צו די „גראָבע בײַכער“, און אַז „אַמעריקאַנטשיקעס“ האָבן געפּאַקט אַף זייער טעריטאָריע אַן איידל־געפּאַטשקעטן שמענדריק, האָבן זיי אים קיין קלאַפּ ניט געזשאַלעוועט. אָבער איך בין זיי שוין לאַנג באַוווּסט געווען ווי אַ צווייטער פּאַווליק זאַכאַרטשוק, וואָס קאָן געבן און צונעמען אַ קלאַפּ ניט ערגער פון זייערן איינעם. האָבן זיי מיך גלײַך פון אָנהייב ארײַנגענומען אין זייער כעוורע ווי אַן „אייגענעם יאַט“.

געבוירן אין נויט און געהאָדעוועט אין דאַלעס, האָבן די „אַמערי־

קאנטשיקעס" צו פרי געוווסט די שאָטנדיקע זײַט פונעם לעבן און האָבן זיך געײַלט מיך אויך צו באקאנען מיט איר.

דורכן בוידעם־פענצטערל אין דעם שטריקלדרייערס שטיבל האָבן זיי מיר, דעם צעניאָריקן מאנצבל, באוויזן, ווי באָכערים און מוידן טאנצן שאבעס באטאָג בא נעליע דער דינסט־מעקלערקע אין שטיבל און ווי נעליע נעמט בא זיי געלט אום שאבעס; דורך א שפאלט אין פלויט האָבן זיי מיר געהייסן קוקן „וואסעטוטצעך" בא זאָשקע דער „מומע" און ווער סע גייט צו אירע „נאפקעס"; זיי האָבן מיר דערציילט אָטעמפארכאפּנדיקע מײַסעס וועגן פיניע דעם „נאָווי", וואָס אז עס פּאַ־סירט אין שטאָט א גנייווע, טרעפט ער, ווו די גנייווע ליגט, און נעמט געלט דערפאר... פאר אָפּוואשן מייסים נעמט ער קיין געלט ניט: „ער טוט עס פון מיצווע וועגן" — האָבן זיי מיר פארטרויט. זיי האָבן מיר אָנגעוויזן אף מאָטיע טשוואָק, א שפּיצאסטן פארשוין, וואָס לעבט פון ווארפן קאָרטן; אף טאנעלע די אײַזערנע הענטשקע, וועלכער איז גרייט „פאר א קערבל און א פלאש בראנפן פלעטן דעם מויעך, וועמען דו ווילסט"; אף דאָבצע־הראבליעס — א בעטלערקע מיט צונויפגעוואקסענע און איבערגעפלאָכטענע פינגער, וואָס „דו וועסט עס ניט פארדינען מיט צוויי געזונטע הענט אין א וואָך, וואָס זי זשעברעוועט צונויף מיט אירע הראבליעס אין א טאָג"... זיי האָבן מיך באקאנט מיט טאָליע הויקער, וואָס שרײַבט בריוולעך פאר ווײַבער צו זייערע מענער אין דער עמע־סער אמעריקע; מיט ניסל דעם בלינדן, וואָס „האלעוויי אף אונדז געזאָגט געוואָרן די אשירעס, וואָס ער נעמט צונויף מיט זײַנע לידער און שפּילן אפן פידל אונטער די פענצטער", און מיט א סאך אנדערע „אמערי־קאנער" בארימטהײַטן און „אמעריקאנער" געשעעענישן, וואָס ניט אלע דערוואקסענע האָבן וועגן זיי געוווסט...

אָבער קינדהײַט האָט זיך פרי פארענדיקט אין „אמעריקע". צו עלף־צוועלף יאָר זײַנען אלע מײַנע „אמעריקאנער" כאוויירים, איינער נאָכן אנדערן, אײַנגעשפּאנט געוואָרן אין יאָך פון ארבעט — אוועק אין דער לער צו שוסטער, צו קעמלמאכער, צו שטריקלדרייער, צו שמידן און

סטעלמאכער, בא וועלכער זיי האָבן גיך פֿאַרלאָרן גאָר זייער קינדערשע זאָרגלאָזיקייט און זייער גאַנצע יונגלשע בראַווקייט.

און אָט האָב איך זיך ווידעראַמאָל באַגעגנט מיט זיי.

א גרויסער מעהאַלעך, א סאַך א גרעסערער ווי די זיבן־אַכט יאָר, וואָס מיר האָבן זיך ניט באַגעגנט, איז געלעגן צווישן די אַמאָליקע האַלב־העפקערדיקע „אַמעריקאַנטשיקעס" און די איצטיקע לייטישע באַלמעלאָכעס — שניידערס, קירזשנערס, בלעכערס, רימערס, גאַרבערס, סטעלמאַכערס.

א טייל זייערע זיינען געוואָרן „סטאַטעטשנע" יונגע באַלמעלאָכעס מיט „אידעאַלן"; אייניקע האָבן געטרוימט כאַסענע האָבן און מיט די פּאָר הונדערט קערבלעך נאָדאַן ווערן זעלבשטענדיק, אָנהייבן „טאָן פֿאַר זיך". אַנדערע האָבן געקלערט וועגן אַמעריקע: א קאָרעוו וועט צושיקן א שיפֿסקאַרטע און מע וועט אַוועקפֿאָרן קיין אַמעריקע. געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געריסן צו גרויסע שטעט אין טיף רוסלאַנד, ווו מע קאָן זיך צו עפּעס דערשלאָגן, עפּעס אויפֿטאָן, כאָטש וואָס אויפֿטאָן איז ניט אַלעמען קלאָר געווען, און יעדערער פֿון זיי האָט זיך פֿאַרגע־שטעלט עפּעס אַנדערש.

מענדיקע זאַוולס, וואָס איז אַמאָל געווען דער סאַמע אָפּגעשטאַנענער און פֿאַרטוויקעטער פֿון היימישער אָרעמקייט און באַלעבאַטישער עקספּלו־אַטאַציע, — האָט זיך פֿאַרגעשטעלט די גרויסע שטאָט אין טיף רוסלאַנד ווי אַן אָרט, ווו מע קאָן ווייטער אַנטוויקלען זיך און עפּעס לערנען.

— אוי, סאַראַ מעכייע, אַז מע קאָן לייענען! ס'האָבן זיך דאָך בא מיר די אויגן געעפֿנט! — האָט ער זיך געפֿרייט, ווי א בלינדער, וואָס איז מיטאַמאָל זעעוודיק געוואָרן.

זשעדנע און אָנגעשטרענגט האָט ער זיך צוגעהערט צו יעדן וואָרט אָף די לימודים און אָף די שמועסן, ווי ער וואָלט מוירע געהאַט דורכ־צולאָזן עפּעס אַזוינס, פֿון וואָס זיין ווייטערדיק לעבן הענגט אָפּ.

— ווי נאָר כ'וועל אָנקלייבן א ביסל געלט, וועל איך באַלד אַוועק־פֿאָרן קיין קאַטערינאָסלאַוו, קיין אָדעס, צי אין אַן אַנדער גרויסער

שטאָט אין טיף ראסייע, ווו א נאש־בראט קאָן עפּעס דערגרייכן, אנט־וויקלען זיך, — האָט מענדקע געפּלאנעוועט.

דער קליינוווקסיקער, דארינקער מענדקע איז, דאכט זיך, גאָר אונ־טערגעוואקסן, זינט ער האָט זיך אָנגעהויבן לערנען. פריִער האָט ער דעם קאָפּ שטענדיק געהאלטן צווישן די אקסלען, ווי ער וואָלט זיך קע־סיידער געריכט אף א כמאל אין דער פּאָטיליצע, און איצט טראָגט ער אים גלײַך און הויך, ווי ער וואָלט דערפילט, אז ער האָט ניט וואָס צו זײַן אראָפּגעפּאלן בא זיך; דער אויסדרוק פון שטענדיקער איבערגע־שראָקנקייַט אין זײַנע אויגן איז פארביטן געוואָרן מיט אן אויסדרוק פון אומרויִקן, ניט געזעטיקטן נײַגער.

העסל־פּעסל, נאָך איינער פון מײַנע געוועזענע כאווירים, איצט א געזעל בא איסער דעם מעכאניק, ציט זיך צו די פאבריקן און זאוואָדן אין די גרויסע שטעט, ווײַל:

— דאָרטן, פּאָ קרײַניע מיערע, קאָן מען ווערן אן עמעסער מעכאניק! וואָדען, דאָ וועסטו זיך עפּעס אויסלערנען? אז מער ווי זינגערס אן אלטע ניי־מאשין צי א שפּיל־קעסטל, וואָס אן אלטע פּריצטע ברענגט איין מאָל אין א שמיטע פאריכטן, זעסטו דאָ קיין רעכטן מעכאניזם אין די אויגן ניט אָנעט.

ס'האָבן זיך געפונען אויך אזעלכע, בא וועלכע די בענקשאפט נאָך דער גרויסער שטאָט איז געווען פארבונדן מיט העכערע שטרעבונגען.

ווי אמאָל, אין אונדזערע קינדערשע שפּילערײַען און אופטועכצן, שפּילט אויך איצט די פאנטאזיע א גרויסע ראָליע אין נאָטקע דער אלמאָנעס פלענער און מײַסים.

יאבראָווס קליינע דרוקעריי מיט די דריטהאלבן ארבעטער — נאָט־קע — דער זעצער און דרוקער, דער קאנטאָניסט — אן אלטער ניקאָ־לײַעווסקער סאָלדאט, וואָס דרייט די ראָד פון דער פלאכער דרוק־מאשין, און א לערן־ייִנגל, וואָס באדינט די באלעבאטים מער ווי די דרוקע־רײַ, — איז פאר נאָטקען ניט אנדערש, ווי קאפּיטאליסטישע אונטער־

נעמונג מיט ארבעטער — פראָלעטאריער, וואָס דארפן זיך אומבאדינגט אָרגאניזירן.

נאָטקע קאָן ביכלאל ניט בארויִקן זיך, וואָס די ארבעטער אין שטאָט זײַנען ניט אָרגאניזירט. עס גייט ניט פארבײַ יעפּימס קיין איין לעקציע וועגן „מאסן און קלאסן“ אָדער וועגן ענגלישן טרעד־יוניאָניזם, אז נאָטקע זאָל ניט אופהייבן די פראגע וועגן אָרגאניזאציע.

— וואָס קומט אונדז ארויס דערפון, וואָס די ענגלישע ארבעטער זײַנען אָרגאניזירט, אז מיר דאָ האָבן ביז איצט אפילע קיין הילף־קאסע ניט געקאָנט שאפן? — מאָנט ער פון ריפּסן.

ניין, ער זעט, אז מיט די היגע באלמעלאָכעס וועט מען גאָרנישט אופטאָן, זיי קלערן נאָר וועגן ווערן באלעבאטים, „פאר זיך“... ער וועט אוועקפאָרן אין א גרויסער שטאָט, ווו ארבעטער באנוגענען זיך ניט מיט ריידן, — זיי טוען!..

דאָס אלץ איז געווען א ביסל ווײַטלעך פון דער ראָמאנטישער פאָרשטעלונג, וואָס איך האָב זיך געהאט געשאפן וועגן אומלעגאלן קרײַזל, איידער איך האָב אָנטייל גענומען אין זײַן ארבעט; איך בין געווען ווי אנטוישט א ביסל.

מײַן לערער קארפ האָט, ווי זײַן שטייגער, געלאכט פון מײַנע סענטימענטן:

— וואָס האָט איר געמיינט, אז מיט לערנען שנײַדער־געזעלן די פיר קלאַלים פון אריפמעטיק וועט איר אונטערגראָבן דעם פונדאמענט פון דער צארישער זעלבסטהערשונג?.. ניין, מײַן טײַערער, מיט א טײַ־לעפעלע וועסטו דעם יאם ניט אויסשעפן. געוויס, לערנען ארבעטער גראָמאָטע איז זיך א גאנץ גוטע און נייטיקע זאך, אָבער ניט דערמיט וועט מען צעטרייסלען דעם צארישן טראָן. דעם צאריזם דארף מען אופרײַסן פון אינווייניק, אי דאָס ניט מיט אלעפבייסן, פארשטייט זיך, נאָר מיט דינאמיט, מיט באָמבעס...

נאָטקין איז אן אופגעקאָכטער געוואָרן פון קארפּס ווערטער.

— הערט זיך ניט צו צו זײַנע האלב־אנארכיסטישע טעאָריעס! —

האָט ער, אזש רויט ווערנדיק פון אופרעגונג, מיך געוואָרנט. — גראַמאַטע איז דער ערשטער שריט פון דעם ארבעטער צו באַוווסטזיַין. איבער־געבנדיק די ארבעטער איַיער ביסל וויסן, טוט איר זייער א וויכטיקע זאך. טוט עס גוט און מיט ליבע, מיטן באַוווסטזיַין, אז איר פילט אויס איַיער כויוו פארן ארבעטער־קלאַס, געדענקט, אז מיט איַיער ארבעט ברענגט איר זיי א טראָט נעענטער צו א בעסערער צוקונפט...

נאָטקינס ווערטער האָבן אף מיר געמאכט א שטארקן איַינדרוק: אָט ווי מע דארף קוקן אף זאכן! בין איך, הייסט עס, ניט פּאַשעט א לערער פון נאטורוויסנשאפט פאר א צענדליק באָכערים, — איך פיר ארבעטער צו א בעסערער צוקונפט. איך טו א וויכטיקע ארבעט, איך פיל אויס מיַין כויוו פארן ארבעטער־קלאַס!..

איך האָב גאָר מיט אנדערע אויגן גענומען קוקן אף זיך זעלבסט און אף מיַין ארבעט אין קריַיזל. די „אמעריקאנצעס" זיַינען מיר מיטאמאָל ליב און נאָענט געוואָרן, מיר זיַינען צוריק געוואָרן כאַווירים, נאָענטע און גליַיכע, ווי אין די אמאָליקע, קינדערשע יאָרן אונדזערע...

נאָר אינגיכן איז געשען עטוואָס אזוינס, וואָס האָט מיך אף לאנג אָפּ־געריסן פון מיַינע כאַווירים די שילער און פונעם קריַיזל.

אין איינעם אָן אָוונט איז, מיט דער פאטשיילע נידעריק איבערן פּאָנעם, אריַינגעלאָפן צו מיר א פארסאָפּעטע גרונע די אגונע — דאָס וויַיבל, וואָס האָט פארדונגען איר קאמער פאר אונדזערע שאבעסדיקע „קלאַסן", — און, אָן איבערגעשראָקענע, אָן אָטעם, גענומען שעפּטשען:

— געוועזן בא מיר נאָרוואָס זאוויאלאָוו, דער זשאנדארמסקער וואכ־מיסטער... ער'ט זיך נאָכגעפרעגט אף איַיך ט'ער זיך... אף ריפּסן און אף דעם לאנגן עקשטיינען אויכעט... אוי!.. און ער'ט געוואָלט וויסן, צי גייען ניט אהער, אין די קלאַסן הייסט עס, דער סטודענט קארפּ און דער אנדערער... יענער באָכער... ווי רופט מען אים?.. נו, דער פּאָדנאד־זאָרנער...

— נאָטקין?

— אָט, אָט! נאָטקין... אזוי טאקע האָט ער אים אָנגערופן... ווער, זאָגט

17*

ער, איז צו דיר אהער געגאנגען און וואָס האָט מען דאָ בא דיר געטאָן?..
אוי, א טויטע בין איך געבליבן!.. מער פעלט מיר ניט צו מײַנע צאָרעס,
אז דער זשאנדאר זאָל זיך צו מיר צוטשעפּען!.. וואָס זאָגט איר? גע־
פלאפלט? זאָל זיך מיר שטעלן דאָס מויל אָן א זײַט, זאָל מיר די צונג
אָפּדארן, אויב כ'האָב אים געזאָגט כאָטש איין וואָרט, דעם הונט! —
האָט גרונע געשוואָרן. — געגאנגען, זאָג איך, זײַנען אהער אָרעמע ייִנג־
לעך, און גאָספּאָדין ריפּס מיטן גאָספּאָדין עקשטיין האָבן זיי געלערנט
לייענען און שרײַבן. אומזיסט, זאָג איך, געלערנט זיי... און ווײַטער, זאָג
איך, איז זנאט ניע זנאיו אי וויעדאט ניע וויעדאיו... איך קען ניט קיין
קארפּ און ווייס ניט פון קיין נאָטקין...

— און ווער ס'לערנט זיך, האָט ער ניט געפרעגט? — האָב איך
געוואָלט וויסן.

— ניין. ער'ט געזאָגט, ער'ט קומען נאָכאמאָל, און איך זאָל קיינעם
ניט דערציילן... בין איך אײַך געקומען זאָגן, אז מער וועל איך מײַן קאָ־
מער אף קלאסן ניט געבן. כאָטש איין גאָט איז מײַן איידעס, ווי נייטיק
עס זײַנען מיר — דער וויסטער אגונע מיט דרײַ פּיצלעך קינדער, וויי צו
מײַנע יאָרן! — די דרײַ רובל א כוידעש, וואָס איר'ט מיר געצאָלט פאר
דער קאמער...

נאָר די שרעק, וואָס זי האָט געהאט, און דאָס הארצקלאפּעניש, וואָס
ס'האָט איר געקלאפּט, וואָלט זי פאר א מיליאָן מער ניט געוואָלט האָבן.

— האָט קיין מוירע ניט. אײַך וועט קיין זאך ניט געשען, — האָב
איך זי בארויִקט.

גרונע האָט אראָפּגעלאָזן די פּאטשיילע אף די אקסלען און טיף אָפּ־
געאָטעמט. ס'איז קאָנטיק געווען, אז דאָס איז פאר איר דער איקער.

— וועדליק עס לייגט זיך אף מײַן ווײַבערשן סייכל, וואָלט איך גע־
זאָגט, אז קארפּ און דער אנדערער, ווי רופט מען אים... נאָטקין, דאכט
זיך, זאָלן אף א ווײַלעטשקע אָפּפאָרן פון שטאָט, — האָט זי, א בארויִקטע
פאר איר אייגענעם גוירל, גענומען זאָרגן וועגן לײַטן, — עפּעס צופיל
האָט זיך דער זשאנדאר פאנאנדערגעפרעגט וועגן זיי... ניט אזויפיל וועגן

אײַך און די אַנדערע לערער, ווי וועגן זיי. כאָטש די כאָליערע ווייסט אים, וואָס ער וויל פון זיי האָבן... אז זיי זײַנען דאָך גאָר קיינמאָל בא מיר אין שטוב ניט געווען...

נאָר אזוי לאנג קרענקט ער, ווי לאנג ער׳ט פון איר הערן א וואָרט וועגן זיי.

— אלע, זאָג איך, לײַטישע קינדער. האלעוויַי מײַנע קינדער זאָלן קיין ערגערע ניט זײַן... אליין, זאָג איך, האָב איך זיי קיינמאָל אין די אויגן ניט אָנגעזען, נאָר אז א שטאָט מענטשן האלט פון זיי, איז דאָך מינאסטאמע פאראן פארוואָס... און ווײַטער איז זנאט ניע זנאיו אי וויע־דאט ניע וויעדאיו...

גרונע האָט קוים באוויזן צו פארמאכן די טיר הינטער זיך, ווי איך בין שוין אוועקגעלאָפן צו נאָטקינען.

ער האָט מיך אויסגעהערט מיט אן אָנגעכמורעט פּאָנעם און געזאָגט:

— מע האָט זיך דערוף געדארפט ריכטן... איך האָב דאָך אײַך געזאָגט, אז לערנען ארבעטער פּאָשעטע גראמאָטע ווערט אויך באטראכט אלס א פּאָליטישער פארברעכן פון אונדזערע ליבע אָרדענונג־היטער.

ער איז עטלעכע מאָל דורכגעגאנגען איבערן צימער און צוגעגעבן:

— איך האָב מוירע, אז דאָס איבערגעשראָקן ווײַבל האָט דאָרטן עפּעס אָנגעפּלוידערט. ווי ס׳זאָל ניט זײַן, די ארבעט אין אונדזער קרײַזל וועט אויסקומען אָף א געוויסער צײַט אָפּשטעלן... נאָר ס׳מאכט ניט אויס, דעם וועג צום ארבעטער וועלן זיי אונדז ניט פארשטעלן! — האָט ער, א הייב געבנדיק דעם קאָפּ, אקשאָנעסדיק צוגעגעבן. — דערווײַל האלט זיך א ביסעלע פונווײַטן פון מיר. ווען מיר וועלן קאָנען באנײַען אונדזערע לימודים, וועל איך אײַך לאָזן וויסן.

איך בין ארויס פון נאָטקינען מיט א שווער הארץ. קיינמאָל ביז איצט האָב איך אזוי ניט געפילט, ווי טײַער עס זײַנען מיר מײַנע כאווײרים — די שילער און ווי שטארק די ארבעט אין קרײַזל וועט מיר פעלן...

# גרעטכען פון בעסוילעם־געסל



יר טאטע איז געווען א מעלאמעד, געהייסן האָט ער עליע־יִיצכאָק. פון קיצער וועגן — ליצכאָק דער מעלאמעד. די מאמע — א שײַטלמאכערקע, גנעסיע די פאריקנמאכערקע. זי אליין איז געווען א פאפיראָסנמאכערקע און האָט געהייסן שפרינצל, — שפרינצל קרופניק, א נאָמען אָן דעם מינדסטן שפור פאָעזיע און א פאמיליע — א קאפצאָניש־וואָכעדיקע. נאָר צווישן עקסטערניקעס, באהאוונטע אין דער קלאסישער ליטעראטור, האָט זי געגאָלטן אונטערן נאָמען גרעטכען — גרעטכען פון בעסוילעם־געסל.

מײַן באקאנטשאפט מיט שפּרינצל־גרעטכען האָט זיך אָנגעהויבן אונטער טראגישע אומשטענדן.

מײַן פעטער אריע האָט כאסענע געמאכט זײַן מיזינקע הינדל — א פּיצל מיידל מיט א נעזל ווי א קנעפּל, מיט א סאך קלײַען אפן מאָגער פּענעמל און מיט א שפּיציקער קוקסע רויטלעכע האָר אפן קליינעם קעפּל. בא אן אנדערן וואָלט אזא גערעטעניש עפּשער זיך פארזעסן ביזן גרויען צאָפּ ארײַן, אָבער באם פעטער אריע איז קיין פארלעגערטע סכוירע ניט שײַעך געווען. מיט דער זעלביקער בעריעשאפט, מיט וועלכער ער פלעגט, אָן א קאָפּעקע מעזומען, אָפּקויפן בא א פּאָרעץ א וואגאָן קאָרן, — האָט ער, אָן א קאָפּעקע נאדאן, אײַנגעהאנדלט פאר זײַן גראָטענער טאָכטער א שטיק מאן, וואָס „איר וועט מיט טויזנט קערבלעך מעזומען אזעלכן ניט אופהייבן“.

קעדיי צו באווײַזן די מעכוטאָנים, — פּראָסטע כייוועקײַעמס, — אז זיי האָבן דאָ צו טאָן ניט מיט אבי־וועמען און אז דער צוגעזאָגטער, אָבער נאָך ניט געסילעקטער נאדאן איז בא אים „ראיעלער ווי אין גאָסודארסטווענע באנק“, — האָט ער געפּראוועט די כאסענע מיט גרויס טאראראם: געסט האָט ער פארבעטן א סאך און דאפּקע די פײַנסטע באלעבאטים, וואָס אויסער וואָס זיי וועלן באשײַנען די סימכע, וועט קיינער פון זיי ווייניקער פון א קערבל דראָשעגעשאנק ניט ווארפן. קלעזמער האָט דער פעטער אײַנגעלאדן די בעסטע, א באדכן — פּערווע סאָרט. די כאסענע האָט ער געפּראוועט ניט אין אייגן קליין שטיבל, נאָר אין דעם אויסגעבאָרגטן ראכוועסדיקן הויז פונעם אײדעלן גוויר שאָלעם־מיכל נײַצײַט, ארום וועלכן דער פעטער האָט זיך געריבן. פאר די מעכוטאָנים האָט ער אָנגעגעבן דעם גוויר פאר גאָר א נאָענטן קאָרעוו.

די נעגידישע שטוב, די פײַנע געסט, די געהויבענע קאפּעליע מיטן בארימטן באדכן האָבן טאקע ארויסגערופן בא די מעכוטאָנים — פּראָסטע ייִשוווניקעס — אזויפיל אָפּשײַ, אז זיי האָבן בא זיך ניט געקאָנט פּויעלן צו מאכן א רייד וועגן סילעקן דעם נאדאן, ביז ס׳איז שוין געוועזן נאָך אלעמען.

אין רעכטן ברעג פון דער כופע־וועטשערע, ווען גרוינעם דער באדכן האָט מעסאמייעך געוועגן דעם אוילעם מיט פיינע גראמען און די קאַפעליע האָט באגלייט די גראמען מיט א פריילעכס, אזש ס׳האָט געהויבן פון אָרט, — אָט אין דעם דאָזיקן מאָמענט פון העכסטער לוסטיקייט און האָפערדיקייט האָט א הילכיקער ווייטעק־אויסגעשריי דורכגעשניטן דעם גאנצן כאסענע־טומל:

— אוי, א בראָך איז מיר געשען! א פרעמדע קלייד מיר געפאטערט!..

דער גראם איז געבליבן שטעקן גרוינעמען אין האלדז; מיט א קוויטש האָט דאָס פידעלע אָפגעהאקט דאָס פריילעכס אף דער העכסטער אָקטאווע; די פלייטע האָט מיט א כליפ איבערגעריסן אירע טרעלן; דער קלארנעט האָט א שלוקערץ געטאָן, און דער באס האָט א ברום געטאָן. די גאנצע קאפעליע איז שטיל געוואָרן. אלעמענס בליקן האָבן זיך א קער געטאָן אהין, פונוואנען דער פארצווייפלטער געשריי איז געקומען.

איך ווייס ניט, צי האָט דאָס פאָנעם פון געטעס גרעטכען, אין די סאמע טראגישע מאָמענטן פון איר קורץ לעבן, אויסגעדריקט אזויפילליידן און פיין, וויפל עס האָט, אין דער ערשטער מינוט פון דער קאטאַסטראָפע, אויסגעדריקט דאָס פאָנעם פון גרעטכען־שפרינצל.

וואָרעם, ווער קאָן עס בעעמעס אויסמעסטן, וועלכע טראגעדיע איז טיפער: צי דער באַיוועך גרעטכענס פונעם קליינעם דייטשישן שטעטל, ווען זי האָט געפונען איר יונג לעבן רויִנירט דורך איר געליבטן פאוסט, אָדער גרעטכענס פון בעסוילעם־געסל, ווען זי האָט דערזען איר קלייד, ניט איר אייגן קלייד — א געליִענס — רויִנירט דורך דער פעטער גילדענער יויך מיט לאָקשן?..

וואָלט גרונע די אגונע — די סארווערקע מיט די ליימענע הענט — אומגערן געווען פארגאָסן מיט יויך די הויזן בא א מאנצבל, וואָלט עס ארויסגערופן באם אוילעם בלויז א פריילעכן געלעכטער, ווי עס רופט בא אונדז ארויס א געלעכטער דאָס אָנזען פון א מענטשן, וואָס יאָגט זיך נאָך זיין הוט, געטריבן פון ווינט, ווי מיר צעלאכן זיך, בייס מיר זעען, ווי א מענטש גליטשט זיך אויס און פאלט, ווי מיר לאכן יעדעס מאָל, ווען מיר

דערזעען דעם אנדערן אין א קאָמישער לאגע. אָבער ווען דער קאָרבן פון דער קאטאסטראָפע ציילט ערשט דעם זיבעצעטן פרילינג פון איר לעבן און פארמאָגט צוויי בלאָנדע צעפּ, וואָס פאלן אף געטאָקטע אקסלען, און א פּאָר לאנגע וויִעס, וואָס ווארפן א שאָטן אף פּוכקע בעקלעך, צארטע, ווי די אבריקאָסן, — ווי קאָן מען ניט גערירט ווערן פון ראכמאָנעס און מיטגעפיל צו איִם?!

אפילע גרויןעם דער באדכן — א ייִד מיט א געדראָלענער נאָז פון אלע רעגנבויגן־קאָלירן, — האָט זיך אָפּגערופן מיט א געגראמטן טרייסט־וואָרט פאר דער געליטענער:

— שאט, ליבע געסט, טרינקט וויַטער און עסט; ס'איז, כאָלילע, קיין בייז ניט געשען, זאָל מען קיין ערגערס ניט זען; גרונע די אגונע האָט בא א יעפּאס־טויאר א מײדל באגאָסן דאָס קליידל מיט גילדענער יויך איבערן גאנצענעם בויך; נאָר דו ביסט דאָך, בסולע־לעבן, ניט קיין נאר, טאָ האָב זשע ניט קיין צאר; גאָט וועט דיר געבן א גליקלעך לעבן, מאזל און האצלאָכע און א גוטע מאראָכע פאר א מאן א גוויר, ווי עס פּאסט זיך פאר דיר; וויַל קלוג ביסטו און שיין, ווענוימאר אָמיין, קלעזמער דערלאנגט מיט געפיל א פּיַנעם צושפּיל!..

מיט היספּיַלעס פאר גרויןעמס טאלאנט — גלײַך אפן אָרט זיך אָפּ־רופן מיט פּיַנע גראמען אף יעדער געשעעניש, — האָט זיך דער אוי־לעם ווידער גענומען מיט אפּעטיט פאר דער איבערגעריסענער כופּע־וועטשערע. די קאפּעליע האָט ווידער אופגעשפּילט, און ס'איז צוריק געוואָרן לוסטיק־פרייִלעך, ווי קיין שום טראגעדיע וואָלט דאָ ניט געשען. אפילע גרונע די סארווערקע, די שולדיקע אין דעם אומגליק, האָט קיין גרויס וועזן דערפון ניט געמאכט. אָפּטרייסלענדיק פון שפּרינצלס קלייד די יויך מיט די לאָקשן און גיך פארענטפערנדיק זיך מיט עטלעכע ווערטער, איז זי וויַטער אוועקגעלאָפן באדינען די געהויבענע געסט. בלויז איך איינער בין געבליבן לעבן שפּרינצלען און באמיט זיך צו טרייסטן זי, ווי נאָר איך האָב געקאָנט.

ס'איז גאָרנישט, זאָל זי זיך דאָס הארץ ניט אופעסן דערפון, פאראן

אזא פליסיקייט, וואָס נעמט ארויס די ערגסטע פלעקן, אז עס בלייבט אפילו קיין סימען ניט. איך וועל עס איר מאָרגן ברענגען, וועט זי אליין זען.

גרעטכען איז ניט געטרייסט געווען פון מיינע רייד. זי האָט ניט געקאָנט געטרייסט זיין. די שאנד פאר דעם אומגערן אנטפלעקטן סאָד, אז דאָס קלייד איז ניט אירס, א געליענס, דער גרויל פאר דער פאָרשטייענדיקער באגעגעניש מיט דער כאווערטע, דער אייגנטימערין פון דעם קלייד, צעמישטקייט און פארלאָרנקייט האָבן דייטלעך זיך אָפּגעשפיגלט אף איר צארט פּענעמל.

דעם פאָרנט פונעם קלייד עטוואָס אונטערגעהויבן מיט די שפּיץ פינגער, דאָס קעפל נידעריק אראָפּגעלאָזט און די אויגן ווי צוגעשמידט צום נאסן פלעק אפן קלייד, — איר כאווערטעס יאָמטעוו־קלייד, — איז גרעטכען געווען די פארקערפּערונג פון שמערץ און פארצווייפלונג, — כאָטש נעם און מאָל פון איר א בילד.

א הארץ, צוויי מאָל אזוי אלט ווי מיינס, האָט אויך געקאָנט געריַרט ווערן פון איר אָנבליק.

— איך זאָג אייך, ס'איז גאָרנישט. נאָכן אויסוואשן מיט מיין פליסיקייט וועט איר אליין ניט קאָנען אָנווייזן, ווו דער פלעק איז געווען. איר'ט שוין זען...

גרעטכען האָט אופגעהויבן צו מיר אירע בלויע אויגן, אף וועלכע עס האָט געציטערט א צוריקגעהאלטענע טרער.

— ניין, טאקע? כ'וועל ניט וויסן ווי אָפּצודאנקען אייך...

איך בין שוין דעם גאנצן אָוונט ניט אָפּגעטראָטן פון איר, איך האָב זיך מיט אלע קויכעס באמיט פריילעך מאכן זי, אז זי זאָל וואָס גיכער פארגעסן אָן דער גרויסער קאטאסטראָפע.

נאָך האלבער נאכט, ווען די גילדענע יויך אפן קלייד און די צוריקגעהאלטענע טרערן אין אירע אויגן זיינען שוין אויסגעטריקנט געווען, ווען דער עלטערער אוילעם איז זיך שוין פאנאנדערגעגאנגען און די יוגנט האָט זיך געלאָזט צום טאנץ, האָב איך געבעטן בא דער פאר־

צווייפלטער גרעטכען, זי זאָל אויך גיין טאנצן מיט מיר. און ווען איר הענטל מיט די געטאָקטע פינגער, וואָס איין גאָט ווייסט, פונוואנען האָט זיך גאָר אזוינס גענומען בא א פאפיראָסנמאכערקע, אָן אָרעמען מעלאמעדס א טאָכטער, — ווען אָט דאָס הענטל איז צוטרוילעך געלעגן אָף מײַן אקסל און מיר האָבן זיך לײַכט געטראָגן אין א וואלס, — ווער איז צו מיר דאן גלײַך געווען?!

אין דער פארטאָגיקער שאָ, ווען יונגע און אלטע הענער האָבן זיך געפלײַסט צווישן זיך, ווער וועט הילכיקער אָנזאָגן די באגעגעניש פון דער אוועקגייענדיקער נאכט מיטן אָנקומענדיקן טאָג, — האָב איך באגלייט שפרינצל־גרעטכען אהיים.

איר פּנעמל איז איצט געווען צארט און בלאס, ווי דער פערלמוטערנער הימל איבער אונדזערע קעפּ. א שאָטן, ווי דאָס וואָלקנדל, וואָס האָט געשוועבט אונדז אנטקעגן, איז געלעגן אָף איר קליינעם גלאטן שטערן; אירע פולבלעכע ליפּן זײַנען צוזאמענגעלייגט געווען אין א לײַדנדיקער גרימאסע.

איצט, אינעם שטילן באגינען, שוין נאָך דעם כאסענע־טומל, ווען די שאָ פון כעזשבן איז געוואָרן אלץ נעענטער, האָט די קאטאסטראָפּע ווידער אופגעלעבט פאר אירע אויגן אין איר גאנצן גרויל.

מײַן הארץ איז אויסגעגאנגען פון מיטלײַד צו איר... עס האָט זיך מיר געוואָלט ריידן, זאָגן איר, אז אלע קליידער פון דער וועלט — אייגענע און געליִענע — זײַנען גאָרנישט אין פארגלײַך מיט איין שמייכל אירן; אז קיין איין גילדענע יויך, מעג עס אפילע זײַן פון ריינעם גינגאָלד, דארף ניט פּײַכט מאכן אירע שיינע אויגן; אז קיין שום פלעק, קיין שום צאר טאָר ניט פארטונקלען איר ליכטיקן שטערן; אז די גאנצע וועלט מיט אלע אירע קליידער און מיט אלע אירע פריידן איז נאָר פאר איר, פאר מיר, פאר אונדז... איך האָב געוואָלט... מאלע־וואָס אין א שטילן פרילינג־פארטאָג עס ווילט זיך אלץ זאָגן א בליִענדיקער זיבעצניאָריקער גרעטכען, וואָס האָט די ערשטע געפאנגען אײַער אכצניאָריק הארץ! אָבער ווו נעמט מען צו אכצן יאָר מוט און דרייסטקײַט פון א

געניטן מאנצבל? און — כ'האָב גאָרנישט געזאָגט... איך האָב בלויז שווייַגנדיק געדריקט איר קליין הענטל. דאָס האָט אָן ווערטער געדאַרפט איר זאָגן אַלץ, וואָס איך פיל, צוגעבן איר מוט, לאָזן איר וויסן, אַז איך בין אינגאַנצן מיט איר אינעם מאָמענט פון איר גרויסן צאַר... ערשט לעבן גאַנעקל פון איר טאַטנס שטיבל, באַם געזעגענען זיך, האַלטנדיק אין מייַן האַנט אירע ביידע הענטלעך, — קאַלטע פון דער שלאָפלאָזער נאַכט און פון דער איבערגעלעבטער טראַגעדיע, — האָב איך מיט דער גאַנצער פאַרצווייפלטער דרייסטקייַט פון א „גרינעם" פאַרליבטן און מיט דער באַגייַסטערונג פון א פּאָעט, וואָס האָט קיינמאָל קיין לידער ניט געשריבן, — מיט האַרץ אויסגערופן:

— שפּרינצל... איך וויל ניט, איר זאָלט הייסן שפּרינצל... איך וועל אייַך רופן: פּרינצל, מייַן פּרינצל, מייַן פּרינצעסן!..

א בלאַסער שמייכל — אַן אויסדרוק פון מידקייַט און פאַרווירונג, האָט זיך באַוויזן אַף די ליפּן פון מייַן פּרינצעסן און איז, ווי א זונ־שטראַל הינטער וואָלקנס, גלייַך צוריק פאַרשוווּנדן.

טאַקע נאָר מייַן יוגנטלעכע ניט־דרייסטקייַט האָט מיר געשטערט צודריקן זי צו זיך און אויסקושן איר בלאַס פּנעמל. איך האָב זיך באַ־גוגנט מיט קושן אירע קאַלטע פינגער, וואָס האָבן געשמעקט מיט טאַבאַק...

מייַן פּרינצל האָט לאַנגזאַם אַרויסגעצויגן איר הענטל פון מייַן האַנט.

— וועט איר ניט פאַרגעסן ברענגען מיר די פּליסיקייַט אַף אַרויס־נעמען די פלעקן?.. ברענגט עס מיר הייַנט, וואָס פריִער, איך בעט אייַך...

דער הימל, מיט עטלעכע מינוט צוריק עטוואָס פאַרויטלט אין מיזרעך, האָט איצט געפלאַקערט צונטער־רויט — אַן אָנזאָג אַף א שפּעט־פרילינגדיקן אומגעריכט הייסן טאָג. די גאַסן זייַנען נאָך אַלץ געלעגן שטיל און פוסט. א לייַכט ווינטל האָט דערטראָגן פון סעדער דעם אַראָמאַט פון ערשטע פרילינג־בליִונגען.

מיט לייַכטע טריט האָב איך געשפּרייַזט אין דער קעגנזייַטיקער

ריכטונג פון מײַן הײם. איך בין געגאַנגען דער אופגײַענדיקער זון אנט־קעגן און געזונגען. אַלץ אין מיר האָט געזונגען...

די פֿליסיקײַט, וואָס איך האָב איר דעם זעלביקן טאָג געבראַכט, האָט דעם פֿלעק פון קלייד ניט אויסגעוואַשן. פאַרקערט, עס האָט נאָך פאַר־גרעסערט אי דעם פֿלעק, אי פּרינצלס פאַרצווייפֿלונג. דאָס קלייד האָט איצט, נאָכן רייניקן מיט דער פֿליסיקײַט, אויסגעזען אַזוי, אַז עס האָט קיין רייד ניט געקאָנט זײַן וועגן ווײַזן זיך דערמיט פאַר איר כאַווערטע, דער אייגנטימערן פונעם קלייד.

אָ, ווען איך קאָן איצט גאַנווענען געלט פון מייער־באַל־האַנעס' צדאָקע־פּושקע, ווי איך פֿלעג עס טאָן אין די ייִנגלשע יאָרן, און קויפן פאַר מײַן פּרינצל אַ נײַ קלייד, ווי איך פֿלעג פאַרן געגאַנוועטן געלט דאַן קויפן טויבן!

קיין נײַ קלייד האָב איך מײַן פּרינצעסן ניט געקאָנט געבן, אָבער מײַן האַרץ האָב איך איר אוועקגעגעבן ביז צום לעצטן פּיצל. מײַן גע־טרײַשאַפט, מײַן איבערגעגעבנקײַט, מײַן וויסן און מײַן גאַנצע אכצנ־יאָריקע קענטעניש האָב איך געלייגט צו די פיס פון מײַן גרעטכען.

דאָס, וואָס פּרינצל האָט קוים געקאָנט אָנשרײַבן אַ ייִדיש בריוול אין סטיל פון שאָמער־זייפערט־ראָמאַנען — די איינציקע ליטעראַטור, וועלכע זי האָט געלייענט, — האָט מיך דאַפקע ניט געאַרט: איך וועל זי לערנען, איך וועל זי אַנטוויקלען, איך וועל זי „אופהייבן צו זיך"!..

וואָכעדיקע האַלבע נעכט און שאַבעסדיקע גאַנצע טעג האָב איך אוועק־געגעבן איר, מײַן גרעטכען, געלערנט זי לייענען און שרײַבן רוסיש, געוויזן איר די קונץ פון רעכענען מיט אַ פּען אין האַנט. אָפּטמאָל, בײַ איר אַרבעט אין הינטערשטן קעמערל, — דער אַקציזניק זאָל זי ניט כאַפּן בײַ שטאָפּן „טרייפע" פּאַפּיראָסן, — ווען די פּאַפּירעסלעך זײַנען שנעל געפֿלויגן פון אירע פֿלינקע פינגער, האָב איך איר פאָרגעלייענט אַ ראָמאַן, מיט גרויס פּאַטאָס דעקלאַמירט פאַר איר קאָלצאָווס און נעקראַסאָווס לידער אָדער איבערדערציילט איר דעם אינהאַלט פון אַן אָקאָרשט דורכגעלייענטן אינטערעסאַנטן אַרטיקל אין אַ זשורנאַל. אַן

אנדערשמאָל האָב איך געפירט מיט איר נוציקע שמועסן וועגן ווײַטע און פרעמדע לענדער, וועגן די נאראָדאָוואָלצעס, וועגן פרויען אין דער רוסישער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג — זאכן, וועגן וועלכע איך אליין האָב ערשט ניט לאנג זיך דערוווּסט פון מײַן לערער, דעם געוועזענעם סטודענט קארפּ, און געטײַלט זיך איבערצוגעבן מײַן וויסן דער געליבטער פון מײַן הארץ.

מיר האָט זיך אזוי געוואָלט אנטוויקלען זי, איבערגעבן איר מײַן גאנץ ביסל וויסן, אָנשטעקן זי מיט די רעוואָליוציאָנערע אידייען און שטימונגען, מיט וועלכע קארפּ האָט מיך אָנגעשטאָפּט, מיט איין וואָרט, „אופהייבן זי צו זיך!"

אָבער פרינצל האָט קיין גרויס כיישעק צום לערנען ניט ארויסגעוויזן. די מײַסעלעך פון די לערנביכלעך וועגן די לײַטישע און צעלאָזענע קינדער האָט זי געהאלטן פאר צו נאריש פאר א דערוואקסענעם מענטשן; די כעזשבוינעס וועגן דעם, וויפל האָט סידאָראָוון געקאָסט א פּוד קאָרן, אויב ער האָט פאר פופציק פוד באצאָלט 32 רובל און 4 רובל מיט 50 קאָפּעקעס פאר די זעק, האָבן זי ניט אינטערעסירט און גיך מיד געמאכט. ניט קיין סאך גרעסער איז געווען איר אינטערעס פאר ליטעראַטור און פאר העלדן פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. א ליבע, האָט זי געזאָגט, באַשרײַבט שאָמער בעסער ווי טורגעניעוו, און אין „יענע זאכן", איז זי זיכער געווען, מישן זיך בלויז אזעלכע גאָרנישטן, ווי דער דורכגעטריבענער סטודענט קארפּ און מיִעסע מוידן, פארזעעניש. זי זעט דאָך זיי, די היגע „מאנציפּאציעס".

— שליומפּערס מיט געשוירענע האָר, איינע מיִעסער פון דער צווייטער. קיינער וויל אַף זיי ניט קוקן, פארנעמען זיי זיך מיט יענע זאכן. וואָס דען זאָלן זיי טאָן?..

איר בלאָנד קעפּל איז פול געווען מיט געשיכטעס פון אָרעמע, נאָר „געטלעך־שיינע מעדכען מיט קירשן־ראָטע ליפּעלעך און אלעבאסטערווײַסע שטערנס", אין וועלכע עס האָבן זיך פארליבט העלדישע זימאָנס אָדער אמעריקאנער מיליאָנערן און האָבן זיי גליקלעך געמאכט „אַף אי־

מער און עוויג". פארוואָס קאָן איר ניט טרעפן אזא גליק? איז זי דען ניט אזוי רייצנד און אָנציִענד, ווי די „מעדכענס אין געשטאַלט פאָן ענגעלען" — גערטרודא אָדער מאטילדא?

מײַן פארליבטקײַט, מײַן אופמערקזאמקײַט, מײַן איבערגעגעבנקײַט האָט זי אָנגענומען גערן. ס'איז איר געפעלן, וואָס איך, א באַלעבאַטיש קינד, אַן עקסטערניק, גיי אויס נאָך אירע טריט, וואָס צוליב איר האָב איך פארגעסן אַלע מײַנע באקאַנטע בארישניעס און פארלאָזן אַלע מאנ־ציפּאַציעס, מיט וועלכע איך בין פריִער אומגעגאַנגען.

אָבער מיר איז ווייניק געווען, וואָס גרעטכען לאָזט זיך ליבן. מיר האָט זיך געוואָלט אויך געליבט זײַן, און גראָד דאָס האָט זיך ניט גע־פילט... איך בין אויסערלעך און אינערלעך אזוי ניט ענלעך געווען אַף די העלדן פון שאָמערס ראָמאנען העגריכן און אדאָלפן — אירע אידעאַלן פון געליבטע!

דאן האָב איך געביטן די טאקטיק: אָנשטאָט אָפּזיצן מיט איר אָוונטן אין הינטערשטן קעמערל איבער לערנביכלעך און פארברענגען נעכט אין בוציקע שמועסן האָב איך אָנגעהויבן ארויסנעמען זי אַף לאַנגע שפּעט־אָוונטיקע שפּאַצירן און האַלבנאַכטיקע שיפלען זיך אפן טײַך.

וועגן העסיע העלפמאַן און סאָפיע פּעראָווסקאיא האָב איך מיט איר מער ניט גערעדט. דערפאַר האָב איך אָן א שיר גערעדט וועגן אַלגען פון גאָנטשאַראָווס „אבריוו", וועגן העלענען פון טורגעניעווס „נאַקאַ־נוניע", וועגן נעקראַסאָווס סאַשאַ, וועגן מאַריאַנען, אסיען און אַנדערע גײַסטרײַכע, נאָבעלע, צאַרטע פרויען, וואָס האָבן געוווּסט, ווי צו ליבן און גיין מיט זייערע אויסדערוויילטע ביזן סאָף...

און גערעדט האָב איך וועגן זיי ניט ווי וועגן ליטעראַרישע גע־שטאַלטן, נאָר ווי וועגן מענטשן פון בלוט און פלייש, ווי וועגן לעבעדיקע פרויען, באַהויכטע מיטן גײַסט פון פּאָעזיע... איך האָב געמאָלט פאַר גרעטכען זייער אויסערלעכן אויסזען, געשילדערט זייערע כאַראַקטערן, אַנאַליזירט זייערע האַנדלונגען — דאָס אַלץ מיט דער געהיימער קאַוואָנע צו דערוועקן אין גרעטכען ענלעכע געפילן צו מיר...

— איז אזא ליבע ניט טויזנט מאָל שענער און דערהויבענער, ווי די וווּלגארע ליבעס פון די פאפּירענע גערטרודעס און קארמעליעס פון שאָמערס ראָמאנען? — האָב איך געמאָנט בא פּרינצלען.

— אויב יענע געפעלן אייך אזוי שטארק, טאָ וואָס זשע גייט איר ארום מיט מיר?

פּרינצלס ווערטער האָבן ניט געקלונגען נאריש און באנאל אין מיינע אויערן. פארקערט, זיי זיינען פאר מיר באַכיינט געווען מיטן גאנצן כיין פון קינדערשער אומשולד. איר אייפערזוכט צו די פרויען פון די ביכער האָט אָנגעפילט מיין אכצניאָריק הארץ מיט ציטערדיקער פרייד און אנציקונג.

הייסט עס, זי איז ניט אינגאנצן גלייכגילטיק צו מיר...

איך נעם קושן אירעביידע הענטלעך, וואָס שמעקן מיט טאבאק, און פארכליגע זיך אזש פון פרייד און גליק:

— אוי, מיין נארישע, זיסע, נאַיווע גרעטכען! דו ביסט דאָך שענער פון אסיען, נאַיווער פון אולענקען, נאָבעלער פון העלענען!.. קום, מיין טייער פרינצל, לאָמיר גיין אונדזער גליק אנטקעגן!..

גרעטכען דריקט צו מיין האנט צו איר זייט און אָטעמט טיף אָפּ:

— סארא שיינע נאכט...

אוי, די צויבערדיקע זומער־נעכט, ווען איר ציילט ערשט דעם אכצנטן זומער פון אייער לעבן און איר שפּאצירט אָדער איר שיפלט זיך איינס אף איינס מיט דער איינציקער אף דער וועלט!.. זאמדיקע זאווולקעלעך מיט סמעטניקלעך פאר די טירן זעען דעמלט אויס אין אייערע אויגן, ווי ראָמאנטישע געסלעך פון א צויבער־מייסעלע, קרומע הייזער און קראָ־מען מיט אייזערנע טירן און שווערע ריגלען באקומען דעם רייץ פון אלטערטום, זיסע רייכעס פון רייף ווערנדיקע פרוכטן דערמאָנען אייך אָן ווייטע עקזאָטישע לענדער... צווייגן פון ביימער, אריבערגעהאנגענע איבער פארקאנעס, צייכענען מיט זייערע שאָטנס ציטערנדיקע אוזאָרן אפן זאמד... אונטער דער אָפּנארערישער שיין פון דער פולער לעוואָנע זעט אויס דער טייך, ווי פליסיקער קוועקזילבער, ווי שיטערער פאָספאָר.

די וועלבלעך פליעסקען זיך אָן די ברעגן מיט א שושקעריַי, ווי זיי וואָלטן איינע די אנדערע א סאָד איַינגערוימט אָדער זיך אליין פארוויגט.

פארטרוימטע שפאצירן מיר שוויַיגנדיק איבער די שלאָפנדיקע גאסן, אָדער מיר שיפלען זיך איבערן קילן, פארקישעפטן טײַך, פארגעסנדיק אָן אלץ אין דער וועלט. גרעטכענס נאָענטקיַיט רייצט און באומרויִקט מיך אין די דאָזיקע ווארעמע, דופטנדיקע נעכט, אָבער ווער וועט וואגן פריַי זיך באנעמען מיט דער ריינסטער פון אלע ריינע?.. א פישל גיט זיך א הייב איבערן וואסער, מאכט א סאלטעמאָרטאלע אינדערלופטן און גיט זיך צוריק א פליעסקע אין וואסער אריַין. „אוי!" — שריַיט אויס גרעטכען און גיט מיך א כאפ פאר דער האנט. קאָן מען ניט אָפּגעבן א לעבן פאר אזא בארירונג פון איר הענטל?.. און אָט האָט זיך דאָס שיפל אומגעריכט א שטארקן בייג געטאָן אָן א זיַיט, אָדער די נידעריק אראָפּ־געהאנגענע צוויַיגן פון א ווערבע אפן ברעג טײַך האָבן איר א שמיץ געטאָן איבערן פּאָנעם. גרעטכען גיט זיך אינסטינקטיוו א וואָרף צו מיר און דריקט זיך צו מיט איר יונגן, הייסן קערפּער צו מיַין זיַיט. ווער איז דאן צו מיר גליַיך? די גאנצע וועלט איז דאן איַינגעשלאָסן אינעם קליינעם שיפל!

אפן גרענעץ פון נאכט און טאָג גייען מיר צוריק אהיים אקסל צו אקסל, ציטערנדיקע, האנט אין האנט, נערוועזע פינגער איבערגעפלאָכטן, עקזאלטירטע און געליַיטערטע, ווי די העלדן פון די ראָמאנען, וועגן וועלכע איך האָב איר נאָרוואָס דערציילט... א שטילע, וויברירנדיקע מע־לאָדיע זינגט ארויס פון אונדז פון זיך אליין. ווערטער וואָלטן געווען צו שוואך און אומבאדיַיטנדיק אף אויסצודריקן אונדזערע געפילן.

צי מיַינע עקזאלטירטע שילדערונגען פון די הייסע און אָפּפערוויליקע ליבעס פון די העלדנעס און אסיעס, צי די זאלבענאנדיקע שפאצירן און שיפלען זיך אין די צויבערנדיקע זומער־נעכט אָדער ביידע זאכן צוזא־מען, — נאָר דאָס איַיז האָט אָנגעהויבן שמעלצן: אף מיַינע הייסע האנט־דריקן, צערטלעכקיַיטן, קושן האָט זיך גרעטכען אָנגעהויבן אָפּרופן.

מיטן פארשארפטן כוש פון א מענטשן, וואָס איז צום ערשטן מאָל

פארליבט, האָב איך אָבער געפילט, אז גרעטכען שפּילט בלויז א ליבע עפּשער גאָר מיט „הענריכן" — ניט מיט מיר! קיין עמעסע ליבע צו מיר פילט זי ניט. אָבער, ס'מאכט ניט אויס: איך וועל עס אין איר דערוועקן, איך וועל אין איר אָנצינדן דעם הייליקן פייַער... גרעטכען איז שוין איצט ניט אינגאנצן גלייַכגילטיק צו מיר, און דאָס איבעריקע וועט שוין קומען — די אופריכטיקע, די ריינע ליבע — אזא ליבע, ווי מייַנע צו איר, אזא ליבע, ווי אסיעס, ווי העלענעס. זי מוז קומען! זי איז שוין האלב דאָ...

ווי די אופגייענדיקע זון באלייַכט און דערוואַרעמט די ערד וואָס שפּעטער אין טאָג אריַין אַלץ ליכטיקער און וואַרעמער, אזוי האָט מייַן הייס געפיל צו שפּרינצלען דערוואַרעמט און באלויכטן פאר מיר מייַנע איצטיקע און קומענדיקע טעג וואָס וויַיטער אַלץ העלער און וואַרעמער. איך האָב געזען פאר זיך אונדזער צוזאמענדיקן וועג ביזן סאָף פון לעבן...

זאָל נאָר גרעטכען צוווארטן. נאָך איינע עטלעכע כאדאָשים! כ'וועל אויסהאלטן די עקזאמענעס, כ'וועל באקומען אן אטעסטאט און אָנקומען אין אוניווערסיטעט... נייַן, א יאָר צייַט וועל איך נאָך פארבלייַבן דאָ, וועל אָנעמען אוראָקן, וויפל כ'וועל נאָר קאָנען, — כ'וועל אָנפארדינען א סאך געלט, עס זאָל קלעקן פאר אונדז ביידן אף דער ערשטער צייַט פון אונדזער לעבן אין דער אוניווערסיטעט־שטאָט... פאר דעם יאָר וועל איך זי צוגרייטן צום עקזאמען אף פיר קלאסן גימנאזיע, און זי וועט אָנקומען דערוויַיל אין אן אפּטייק... אין עטלעכע יאָר ארום וועל איך ענדיקן דאָקטאָר, זי — פּראָוויזאָר... מיר וועלן זיך באזעצן דאָ אין אונדזער שטאָט אָדער אין א פאבריק־שטאָט און צוזאמען ארבעטן צווישן דער אָרעמקייַט, צווישן ארבעטער... מיר וועלן לעבן אן ערלעך, שיין, דערהויבן לעבן...

אָבער גרעטכען וויל זיך ניט באזעצן ניט דאָ, אין אונדזער היים, ווו „יעדער געשווירענער שלומפּער" און יעדע „געבוילבעטע" באַרישניע מיינט, אז ווער ווייסט ווער זי איז, און אין א פאבריק־שטאָט מיט שמוץ און דאלעס וויל זי אויך ניט. דאלעס האָט זי זיך גענוג אָנגעזען, און מיט

דאכקעס איז זי זאט. זי ווילֿ, אז מיר זאָלן זיך באזעצן אין א שיינער, פרייליעכער שטאָט אפן ברעג יאם, ערגעץ אף דאָרעם, — א שטאָט מיט ברייטע, שיינע גאסן, מיט בולוואַרן, מיט עלעגאנטע קאוואַלערן, מיט שיין געקליידטע פרויען, ווי עס באשרײַבט זיך אין די ביכער.

— מע זאָגט, אז אין אָדעס איז פאראן א שיינער יאם...

גרעטכענס נאַיִווקײַט רירט מיך ביז טרערן.

— פאראן, פאראן, מײַן גרעטכען! אָדעס ליגט אפן ברעג פון שווארצן יאם.

— אפן סאמע ברעג?

— אפן סאמע ברעג...

— וואָס עפּעס א שווארצער יאם? א יאם דארף דאָך זײַן בלוי...

— אז דו וועסט אף אים קוקן מיט דײַנע בלויע אויגן, וועט דער שווארצער יאם ווערן בלוי...

אָבער, ווי שרײַבט זיך עפּעס אין די ראָמאנען: „ווי עס איז ניטאָ קיין רויז אָן דערנער, אזוי קאָן ניט געמאָלט זײַן א יונגע ליבע אָן א טראגעדיע".

אויך מיך האָט דערוואַרט א טראגעדיע — א פּיל גרעסערע, ווי די טראגעדיע פון דער גילדענער יויך מיט לאָקשן אף גרעטכענס גע־ליִענעם קלייד.

דער שולדיקער אין דער טראגעדיע איז געווען ניט קיין קעגנער אין קאמף פאר דעם הארץ פון מײַן געליבטער אָדער א דויערסלאנגער בלוט־סוינע פון אונדזער פאמיליע, ווי עס פאָדערט זיך אין טראגעדיעס, — נאָר דאפקע מײַן בעסטער פרײַנט און לערער, דער געוועזענער סטו־דענט קארפּ.

אן אומשולדיקער שולדיקער, אָבער די טראגעדיע איז דערפון ניט קלענער געווען.

מײַן אומזיסטער לערער, דער געוועזענער סטודענט קארפּ, רעדט מיך אײַן, אז איך זאָל מער ניט גיין צו די עקזאמענעס.

— צוויי מאָל האָט מען איַיך דורכגעוואָרפן, און מע וועט איַיך דורכ־וואַרפן א דריטן מאָל.

דאָס, וואָס איך בין איצט צוגעגרייט צו די עקזאמענעס בעסער ווי פריִער, האָט קיין באטרעף ניט, זאָגט קארפּ, איין פּאפּירל מיט א פינף און צוויי נולן פון דער זיַיט, וואָס א ייִדישער בורזשוי וועט צושטעלן דעם דירעקטאָר אלס זאכלעכן באווייַז פון זיַין זינדלס צוגעגרייטקיַיט, וועט איבערוועגן אלע מיַינע פינפן בא די עקזאמענעס.

— וואָס האָט געטאָן פיַינשטיין דער וואלד־הענדלער, ווען ער האָט געוואָלט אריַינגעבן זיַין זינדל אין גימנאזיע? ער האָט זיך געוועט מיטן דירעקטאָר אף דריַי מייעס, אז זיַין זינדל וועט ניט אויסהאלטן די עק־זאמענעס — און האָט פארשפּילט... אָט דאָס הייסט צוגעגרייטקיַיט! — פארענדיקט קארפּ און צעלאכט זיך הילכיק.

אָבער מיר לאכט זיך ניט. איך בין דערשלאָגן. צושטעלן דעם די־רעקטאָר אזעלכע זאכלעכע באוויַיזן און באצאָלן די לערער פון די הויפּט־געגנשטאנדן פאר דורכרעפּעטירן מיט מיר פאר די עקזאמענעס, — האָב איך קיין מעגלעכקיַיט ניט, און אף באקומען אן אטעסטאט אָן זאכלעכע באוויַיזן, ווייס איך אליין, אז ס׳איז פאראן ווייניק האָפענונג. נאָר קארפּ לאכט מיך אויס.

— צו וואָסער שווארציאָר דארפט איר האָבן זייערע אטעסטאטן? א געבילדעטער מענטש קאָן מען זיַין אָן א קאזיאָנעם פּאפּירל מיט א צוויי־קעפּיקן אָדלער. לערנט ווי געהעריק נאטורוויסנשאפט, אין דער ערשטער ריי דעם יעסאָד פון נאטורוויסנשאפט — ביִאלאָגיע, שטודירט געשיכטע, סאָציִאלאָגיע, פילאָסאָפיע. לייענט אונדזערע און פרעמדשפּראכיקע קלאַ־סיקער, לייענט אונדזערע קריטיקער און דענקער, לייענט א סאך און מיט א סיסטעם, — און איר וועט זיַין געבילדעטער פון די, וואָס האָבן אן אטעסטאט אף קאזיאָנער בילדונג.

„לייַטישע מענטשן“ האָבן פון קארפּן ניט געהאלטן.

— א גאָרנישט, א ניהיליסט! א מענטש האָט אף זיך א גאָלדענעם קאָפּ, גרינג געקאָנט ענדיקן אף דאָקטער און לעבן ווי א מענטש: טאָן

א לײַטישן שידעך — מיט א צען טויזנט רובל נאדאן, מיט פראנצויז, מיט פיאנע... געפעלט אים אָבער ניט ניקאָלײַ פאר א קייסער. נו, אז דיר געפעלט ניט ניקאָלײַ פאר א קייסער, געפעלסטו אים ניט פאר א דאָקטער. איז, פּאָזשאלויסטא, — פּאָשאָל וואָן! זײַ א דורכגעטריבענער סטודענט און לויף ארום אף אוראָקן פאר פינף רובל א כוידעש!

נאָר פאר מיר איז קארפּ דער גרעסטער אווטאָריטעט און סאמע נאָענטער מענטש. זײַן קלוגע גוטסקײַט, זײַן שארפזין, זײַן אומאָפּהענגיקײַט, זײַן וויסן, מיט וועלכן ער טיילט זיך מיט מיר און מיט יעדערן אזוי גערן, האָט מיך צוגעבונדן צו אים, ווי צו א ברודער. שוין דאָס אליין, וואָס ער איז א געליטענער, האָט אים אוועקגעשטעלט אין מײַנע אויגן אף א פּיעדעסטאל. אָבער צופיל האָב איך זיך אײַנגעלעבט מיטן געדאנק וועגן העכערער בילדונג, אז מיר זאָל אזוי גרינג זײַן גיך זיך אָפּזאָגן דערפון.

— יאָ, דאָס איז אלץ ריכטיק, — שטים איך אײַן מיט אים, — אָבער אָן דעם קאזיאָנעם פּאפּירל, ווי איר רופט עס, קאָן מען דאָך אין אוניווערסיטעט ניט אָנקומען.

— און צו וואָסער טײַוול דארפט איר דאפקע האָבן דעם אוניווערסיטעט? — וויל קארפּ וויסן. — עטלעכע יאָר פירן א האלב־הונגעריק סטודענטיש לעבן, קעדיי ענדיקן דאָקטער און נאכער באזעצן זיך אפן גאנצן לעבן אין דער פּראָווינץ און ארומוואקסן מיט א באלעבאטישקײַט, ווי דאָקטער שאפּיראָ, ווערן, מיט דער צײַט, ווי ער, א פּליכטוואטער, גראָב־בײַכיקער, אָפּגעלאָזענער און אומציכטיקער פּארשוין, שווער אפן גאנג און פויל אפן געדאנק, א זשעדנער, און געלטגײַציקער דיפּלאָמירטער קליינבירגער?

קארפּ פּרוווט מיר פאָרשטעלן, ווי איך וועל אויסזען צו פופציק יאָר — אן אָנגעגאָסענער, שווער־אָטעמענדיקער, אן אָנגעבלאָזענער, ווי אן ענדיק. אָבער עס באקומט זיך בא אים ניט: זײַן איידל, קימאט מיידלש פּאָנעם וויל פאר קיין פאל ניט אָנעמען קיין מעגושעמדיק אויסזען, זײַן אײַנגעשרומפּענער בויך וויל זיך ניט אָנבלאָזן, און די אײַנגע־

פּאַלענע ברוסט מיטן געבויגענעם רוקן ווילן בעשום־אויפן ניט באַקומען קיין אָנשטעל פון סאָלידקייט און וואַזשנעקייט.

מיר צעלאַכן זיך ביידע.

— איז עס דאָס, וואָס אײַך געפעלט? איז עס דאָס, צו וואָס איר שטרעבט?

ער ווישט אָפּ דעם שמייכל פון פּנים און גיט צו ערנסט:

— ניין, מײַן טײַערער, ניט אין קאַזיאָנע דיפּלאָמען איז דער צוועק און ציל פון לעבן. א דיפּלאָם אָף ערלעכער בירגערשאַפט — אָט וואָס ס׳איז וויכטיק! און דאָס וועט אײַך קיין אָפיציעלער לערן־אַנשטאַלט ניט אַרויסגעבן. אַלזײַטיקע, גרינטלעכע, ניט פאַלסיפיצירטע, פרײַע בילדונג און פּראָדוקטיווע, נוצלעכע אַרבעט — אָט וואָס ס׳וועט אײַך געבן א דיפּלאָם אָף ערלעכער בירגערשאַפט, אָט דאָס וועט אײַך אַרויס־פירן אָפן ריכטיקן וועג. און אָף זייערע אַטעסטאַטן מיט זייערע דיפּלאָ־מען, ראָט איך אײַך איינמאָל פאַר אַלעמאָל — א שפּײַ טאָן!

גרינג צו זאָגן: א שפּײַ טאָן. אַזויפיל קויכעס אוועקגעלייגט, אַזויפיל פּלענער געבויט... און עפּעס האָב איך דאָך געפּלאַנעוועט פאַר צווייען: פאַר זיך און פאַר פרינצלען: איך דאָקטער, זי — אַפּטייקער...

וועגן לעצטן זאָג איך קארפּן קיין וואָרט ניט.

— הייסט עס, אָנהייבן בויען דאָס לעבן אָפּדאָסנײַ, פון סאַמע אָנהייב?

— בויען אײַער לעבן האָט איר נאָך דערווײַל ניט אָנגעהויבן, — זאָגט קארפּ, — דאָס דאַרפט איר ערשט אָנהייבן טאָן.

— אָבער וואָס טוט מען? צו וואָס נעמט מען זיך?

— פריִער פון אַלץ דערלערנט עפּעס א האַנטוווערק, — ראָט מיר קארפּ. — דאָס וועט אײַך מאַכן אומאָפּהענגיק, דאָס וועט אײַך געבן א מעגלעכקייט אײַנצואָרדענען זיך, ווו איר וועט וועלן, דאָס וועט אײַך דערנעענטערן צו די אַרבעטנדיקע מאַסן. דינען די אַרבעטנדיקע קאָן מען ניט נאָר אַלס דאָקטער.

קארפּ איז געווען דער ערשטער און איינציקער, וואָס האָט זיך פאַרינ־טערעסירט מיטן „פייִקן באָכערל“ און האָט זיך אַרויסגערופן צו לער־

נען מיך אומזיסט. ער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט אין מיר דערוועקט א כיישעק צו ערנסטן לייענען, וואָס האָט מיר געוויזן דעם וועג צו די קאָריפייען פון קריטיק און געדאנק, ווי ער האָט גערופן בע־לינסקין, דאָבראָליובאָוון, טשערנישעווסקין, ער איז אויך געווען דער ערשטער, וואָס האָט מיר אָנפארטרויט א פארבאָטן ביכל — לאווראָווס „היסטאָרישע בריוו" — א ביכל, וואָס האָט מיר געעפנט דעם מויעך... קיין מער געבילדעטן און גרעסערן מענטשן פאר קארפּן האָב איך ניט געקענט, און זיין וואָרט איז פאר מיר געווען קימאט א געזעץ. דאָך האָב איך געפילט, אז דאָס מאָל איז ער ערגעץ־ווו אומגערעכט, נאָר ווו — דאָס האָב איך ניט געקאָנט אָנווייזן. צו ווייניק האָב איך געוווּסט, אין פארגלייך מיט קארפּן, און צו הויך איז געשטאנען זיין אווטאָריטעט, אז איך זאָל קאָנען אים ערנסט דערווידערן.

צו די עקזאמענעס בין איך, פונדעסטוועגן, געגאנגען און, ווי קארפּ האָט פאָרויסגעזאָגט, דורכגעפאלן אויך צום דריטן מאָל...

איך בין געווען קימאט פארצווייפלט. נאָר קארפּ האָט קיין ווען דער־פון ניט געמאכט.

— כ'האָב דאָך אייך געזאָגט, אז אָן זאכלעכע באווייזן פארשפּאָרט איר זיך צו באמיִען, — האָט ער מיט א לייכט הארץ געשפּאסט.

איך האָב געוואָלט פּרווון מאזל אין אנדערע שטעט, בא אנדערע גימנאזיעס, אָבער ווו נעמט מען געלט אף ארומפאָרן און לעבן אין פרעמ־דע שטעט? און מיט וואָס בין איך זיכער, אז מע וועט מיך דאָרטן ניט דורכוואַרפן?

קארפּ רעדט מיך אָפּ דערפון:

— אָט פאָלגט מיך און שלאָגט זיך ארויס פון זינען דעם קאזיאָנעם אטעסטאט. לערנט דערווייל א מעלאָכע, און ווייטער וועט די צייט ווייזן, וואָס איר האָט צו טאָן.

יאָ, קיין אנדער ברירע האָב איך ניט. איך מוז אָנעמען קארפּס אייצע: לערנען דערווייל א מעלאָכע, און ווייטער וועט די צייט ווייזן, וואָס איך האָב צו טאָן...

— ניט אנדערש, אז ער איז מעשוגע געוואָרן!

— נא דיר, א באַלמעלאָכע מיטאמאָל!

— דערוף האָט מען עס געדארפט גאנצענע נעכט בלענדן זיך די אויגן אף ביכער?

— א שנײַדער אָדער א שוסטער קאָן מען זײַן אָן היסטאָריע מיט געאָגראַפיע!

מיט אזעלכע רייד האָט מײַן מישפּאָכע באגעגנט דאָס נײַס, אז איך גיי ווערן אן ארבעטער.

בלויז מײַן עלטערער ברודער, אָט דער, וואָס האָט פּלוצלינג „פּײַנט געקראָגן דעם קייסער" און האָט זיך דעריבער געקליבן אוועקפאָרן קיין אמעריקע, ווי נאָר ער וועט דערהאלטן פון זײַן קאלע א שיפסקארטע, האָט אײַנגעפונען, אז „עפשער איז עס ניט אזוי קרום, ווי סע דאכט זיך".

— פריִער אָדער שפּעטער — קיין אמעריקע וועט ער דאָך דארפן פאָרן, איז זאָל ער לערנען א מעלאָכע. דאָרטן וועט עס אים צוניץ קור־מען. אין אמעריקע איז א מעלאָכע קיין כארפּע ניט.

נאָר ווען ער האָט דערהערט, אז איך גיי ווערן אן אײַנבינדער, האָט ער אויך געקוועטשט מיט די אקסל.

— וואָס עפּעס גראָד אן אײַנבינדער? פארוואָס ניט א זייגערמאכער צי א גאָלדשמיד? אויך אן אידעלע מעלאָכע.

— מיר געפעלט אײַנבינדערײַ.

— אז ניט לייענען פושקינען מיט גאָגאָלן, איז כאָטש אײַנבינדן זיי, וואָס? — האָט דער ברודער, דער באלטאכלעס, איראָניזירט.

— מע קאָן אי לייענען פושקינען מיט גאָגאָלן, אי אײַנבינדן זיי.

— א מעשוגאַס!..

— וואָס פארשטייסטו דאָ ניט? ער וויל זײַן באוואָרנט מיט דאלעס אפן גאנצן לעבן, גייט ער ווערן אן אײַנבינדער.

איך האָב געהערט און איך זיך געשמייכלט: ווען זיי ווייסן דעם עמעסן מאָטיוו פון מײַן „מעשוגאַס"!

אויסקלײַבנדיק פון אַלע פּראָפעסיעס אײַנבינדערײַ און פון אַלע אײַנבינדער הירשל דעם געלן אַף לערנען בא אים די מעלאָכע, האָב איך געהאט אײנס אין זינען: פרינצל־גרעטכען.

טיר־צו־טיר מיט הירשל דעם געלן האָט געווינט די ערשטע באַגערטע פון מײַן הארץ. דאָס אַליין איז גענוג געווען, אז אײַנבינדערײַ זאָל פאר מיר ווערן די אינטערעסאנטסטע ארבעט אין דער וועלט און הירשל דער געלער — „דער גרעסטער קינסטלער אין זײַן פאך".

זײַן שטענדיק טיר־צו־טיר מיט פרינצלען, זען זי און ריידן מיט איר יעדן טאָג, עטלעכע מאָל א טאָג, ווען ס'וועט זיך מיר נאָר פארגלוסטן, האָבן די מעגלעכקײַט יעדע מינוט ארויסווײַזן איר מײַן צוגעבונדנקײַט, מײַן ליבע — אָט וואָס ס'האָט מיט מיר אָנגעפירט באם אויסוואל פון א פראָפעסיע!

ניט נאָר אַף זייגערמאכערײַ, כ'וואָלט דאן אײַנבינדערײַ ניט פאַר־ביטן אפילע אַף מאָלערײַ און הירשל דעם געלן — אַף לעאָנארדאָ דא ווינטשי.

איך האָב אָנגעהויבן טראכטן, אז עפּשער איז גאָר גוט, וואָס ס'האָט זיך אזוי געמאכט. אן אטעסטאט וועל איך מיט א פּאָר יאָר שפּעטער אויך ניט פארזאמען, אָבער אזא ליבע פרינצל קאָן מען נאָך פאר־שפּעטיקן...

מײַן טאָג האָט זיך אָנגעהויבן און פארענדיקט מיט פרינצלען.

פרימאָרגנס, גייענדיק צו דער ארבעט, שטעל איך זיך אָפּ אַף א מינוט באם אָפענעם פענצטער פון ליצכאָק דעם מעלאַמעדס שטיבל, און, צוזאמען מיטן „גוט־מאָרגן",ווארף איך ארײַן פרינצלען א בינטל פעלד־בלימלעך, וואָס איך קלײַב אָן פאר איר אַף די לאָנקעס און קלע־ווער־פעלדער הינטערן בראָם. אָפּטמאָל טראָג איך איר אונטער א גאנצן פּאַק בעז, וואָס איך ברעך אָן פאר איר פון די בעז־ביימער, וואָס הענגען אריבער מיט זייערע צווײַגן איבערן פארקאן פונעם קסיאָנדזס סאָד. קלעטערנדיק אַפן פארקאן רײַסן בעז פאר מײַן געליבטער, ריזיקיר איך מיט מײַן אײנציקער פּאָר הויזן, ווײַל דער פארקאן איז פול מיט

טשוועקעס און דער סאַד — מיט הינט. אָבער גיט נאָר די הויזן — דעם קאָפּ בין איך גרייט צו שטעלן אין קאָן פאַר מײַן גרעטכענס א דאנק, פאַר איין ליבן שמייכל אירן!

עטלעכע מאָל א טאָג כאַפּ איך זיך צו איר אַרײַן ווי איך שטיי און גיי — אין פּאַפּ־פאַרשמירטן פאַרטעך און מיט פאַרשאַרצטע אַרבל — בלויז אויף איין מינוטעלע, נאָר א קוק טאָן אויף איר, זאָגן איר א צאַרט וואָרט, א שפּאַס טאָן.

אין די אָוונטן, אַנשטאָט צו גיין נאָך דער אַרבעט אַהיים עסן און רוען, גיי איך גלײַך אַרײַן צו פּרינצעלען און זיץ בא איר ביז שפּעט אין דער נאַכט.

נאָר וואָס הייב איך אָן צו באַמערקן?! אַנשטאָט דעם, אַז דאָס שוואַך, אָבער וואַרעם פײַערל, וואָס האָט געטליִעט אין איר האַרץ, זאָל זיך צע־פלאַקערן אין א פלאַם, ווי דער פלאַם, וואָס ברענט אין מײַן האַרץ, — האָט עס גאָר אָנגעהויבן צו צאַנקען, טשאַדען, ביז ס׳איז אינגאַנצן, ווי א גראָשנדיק ליכטל אָפּן ווינט, אויסגעלאָשן געוואָרן. מײַנע אָפטע באַ־זוכן „אויף איין רעגעלע” באַגעגנט גרעטכען מיט א פאַרכמורעט פּענעמל, מײַנע צאַרטע ווערטער הערט זי אויס מיט אן אומצופרידענער מינע, אָדער זי בעט מיך אופהערן „ריידן נאַרישקײַטן”. זי האָט אָפט אָנגע־הויבן אָפּצוזאָגן זיך פון מײַנע לעקציעס מיט דעם טערעץ, אַז זי האָט קיין צײַט ניט — זי אײַלט זיך אָנשטאָפּן פּאַפּיראָסן, א באַשטעלונג פאַר א פּאָרעץ. אפילע אין די שאַבאָסים, וואָס זײַנען פריִער געווען אינגאַנצן מײַנע, האָט זי אויך אָנגעהויבן מיך אויסמײַדן.

— שפּרינצל איז ניטאָ אין דער היים... אומזיסט דאָס וואַרטן: זי וועט אַוודע שפּעט קומען, — באַגעגנט מיך איר מאַמע — א דאַרע, שוואַרצע יידענע מיט א ווײַסער בעלמע אויף איין אויג.

נאָך דעם איינציק־זעענדיקן, מיך אויסמײַדנדיקן אייגל זע איך, אַז זי לײַגט: פּרינצל איז אין דער היים, נאָר זי באַהאַלט זיך אויס פון מיר.

איך בין געווען אויסער־זיך, איך בין געווען פאַרצווייפלט. זאָל מען

מיר זאָגן, וואָס איז געשען, זאָל מען מיר דערקלערן, מיט וואָס איך האָב זיך פאַרזינדיקט.

און צום סאָף האָט עס אויסגעפּלאַצט: פּרינצל וויל ניט קיין אייַנבינ־דער, גרעטכען דאַרף ניט קיין „אוכאַזשאָרן" אין פאַרשמירטע פאַרטע־כער און מיט פאַרשאַרצטע העמד־אַרבל. אויב אין מיר איז אַרייַן אַ מעשוגאַס — ווערן אַן אייַנבינדער, איז זי נאָך, גאָט צו דאַנקען, באַם פולן זינען. זי וועט זיך מיט קיין פּערעפּליאָטשיק ניט פאַרדרייען.

איך האָב אָפּגעווישט דעם קאַלטן שווייס פון שטערן: דאָס איז גאָר? — איז אויס אייַנבינדער! אָט שוין גיי איך אַרייַן צו הירשלען און זאָג אים: זייַט געזונט און גליקלעך מיט אַן אַנדערן. מאָרגן קום איך אָן אין אַפּטייק, און שפּעטער וועט מען זען...

נאָר פאַרוואָס רונצלט זיך אַזוי גרעטכענס גלאַטער שטערן? פאַרוואָס מייַדט זי אויס מייַן בליק? וואָס דריקט זי?

עס גייט ניט אין דעם, — כאָטש זי האָט פייַנט אַפּטעקאַרסקע או־טשעניקעס: עפּעס זייַנען זיי אַלע אַזעלכע שלימאַזאָלעס און עס שמעקט פון זיי שטענדיק מיט רעפּועס, — נאָר ניט אין דעם האַנדלט זיך עס.

גרעטכען האָט אַרופגעלייגט איר קליין הענטל אויף מייַן האַרטער אייַנבינדערשער האַנט. זי האָט אופגעהויבן צו מיר אירע אויגן — די אומשולדיקע גרעטכען־אויגן, אין וועלכע ס'איז דאָך געווען אַן אויס־דרוק פון פּריצייַטיקער פּראַקטישקייַט, געבוירן פון פּריצייַטיקער אַר־בעט און שטענדיקער נויט, — און קימאַט בעטנדיק געזאָגט:

— וואָס קאָן זייַן דער טאַכלעס פון אונדזער אַרומגיין?.. איר זייַט דאָך נאָך אַזוי יונג און... און ניט פּריסטראָיעט... און איך בין אַן אָרעם מיידל...

מייַן פרייַע האַנט האָט פאַרדעקט איר ווייך הענטל.

— גרעטכען, גאָלדענע מייַנע! לאָמיר ניט ריידן פון טאַכלייסים! פאַר־געס אָן אָרעמקייַט! ליב האָבן איז דער גרעסטער טאַכלעס, יוגנט איז די גרעסטע אשירעס!

ווי זי וואָלט אַלט געווען וויינציקסטנס צוויי מאָל זיבעצן, האָט גרעט־ כען קלוג געשמייכלט און באַדויערנדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ אַף מײַן עקזאַלטירטער אומפּראַקטישקײַט.

— אוי, נאַריש ייִנגל, נאַריש ייִנגל! און אַז איך וואָלט געווען די גרעסטע קראַסאַוויצע, קאָן איך עפּעס דערוואַרטן, אויב איך האָב ניט קיין קאָפּעקע בײַ דער נעשאָמע און קיין קליידל צום לײַב?

ס'האָט איר שוין אַזוי דערעסן דער בעסוילעמגעסלדיקער דאַלעס! עס ווילט זיך אַזוי לעבן מיט לײַטן גלײַך!..

— מיט לײַטן גלײַך? איך וועל דיך אַוועקשטעלן העכער פון לײַטן, העכער פון דער גאַנצער וועלט... וואַרט נאָר צו, אונדזער לעבן הייבט זיך דאָך ערשט אָן...

— וואַרטן? ווי לאַנג וואַרטן? אַף וואָס וואַרטן?

עס קאָן אַוועקגיין צען יאָר, איידער איך וועל זיך צו עפּעס דער־ שלאָגן. און זי זאָל דערווײַל דאָ טריקענען און וועלקן בײַ די פּאַפּיראָסן? ניין, זי איז אַן אָרעם מיידל און האָט ניט אַף וואָס צו וואַרטן. זי טאָר זיך ניט אײַנשמועסן קיין פּוסטע כאַלוימעס...

זי האָט מיר פריִער ניט געוואָלט זאָגן — ניט געוואָלט פאַרשאַפן מיר קיין אַגמעסנעפעש פאַר דער צײַט, — נאָר זי זעט, אַז ס'וועט בע־ סער זײַן פאַר אונדז ביידן, ווען איך וועל עס גלײַך וויסן; זי פאָרט קיין אַמעריקע... איר שוועסטערקינד, יאַנקל ווײַנשטיין — דאָרטן הייסט ער דזשעק ווינסטאָן, — פאַרוואַרפט זי שוין לאַנג מיט בריוו, פאַלט איר פאָשעט צו די פיס, זי זאָל אַריבערקומען צו אים קיין אַמעריקע. ער וויל, שרײַבט ער, אַ מיידל נאָר פון דער אַלטער היים, אַן ערלעכע. און ער ווייסט, שרײַבט ער ווײַטער, אַז זי, גרעטכען, איז אַ שיינע — די מאַמע זײַנע האָט אים צוגעשיקט איר, גרעטכענס, פּיקטשע, ער וועט, שווערט ער זיך, גליקלעך מאַכן זי „אַף אימער אונד עוויג"...

פריִער האָט זי אים אַפילע ניט געוואָלט ענטפערן, ער איז עפּשער מיט צען יאָר עלטער פון איר און איז דאָ, זאָגט די מאַמע, געווען ניט קיין לײַט. נאָר אַלע זאָגן איר, אַז דאָרטן איז ער געוואָרן אַ מענטש —

אמעריקע מאכט פאר א מענטש, פארמאָגט אן אייגענע מעבל־קראָם — ער רופט עס „פוירניטשער סטאָר" — און איז אָנגעטאָן, ווי א גראף. אויב איך וויל, קאָן זי מיר ווײַזן זײַן פיקטשע, די פאָטאָגראפיע זײַנע, הייסט עס.

— איר וועט קיינמאָל ניט זאָגן, אז דאָס איז יאנקל דער מומע ליבעס.

און אלע זאָגן, אז ס'איז א גליק פאר איר: אן אייגענע פוירניטשער סטאָר און א באקליידעטער, ווי א מאָנארך... און וואָס קאָן זיך שוין דאָ דערוואַרטן אן אָרעם מיידל? האָט זי באשלאָסן פאָרן...

דער הימל איז מיטאמאָל אראָפּגעפאלן אף מײַן קאָפּ: גרעטכען פאָרט קיין אמעריקע כאסענע האָבן... איך האָב געליבט צוליב ליבע, און זי — צוליב טאכלעס... מיך מיט אלע מײַנע טרוימען און פלענער האָט זי פארביטן אף א יאנקל־דזשעק, וואָס איז צען יאָר עלטער פון איר און וועלכן זי האָט קיין האָר ניט ליב, אפילע ניט אזויפיל ווי מיך, און אף עפּעס א פוירניטשער סטאָר! דאָס איז מער, וויפל מײַן הארץ קאָן אויס־האלטן.

איך האָב מער ניט גערעדט. מײַן פּאָנעם האָט שוין גערעדט פאר מיר.

— גלייבט מיר, אז איך האָב אײַך ליב, ווי... ווי א לײַבלעכן ברו־דער. איר זײַט אזא גוטער...

איר הענטל איז ווידער געלעגן אף מײַן האנט. און איר שטים האָט געקלונגען קימאט אזוי מילד און הארציק, ווי אין די צויבערדיקע זומער־נעכט פון אונדזערע שפּאצירן. איך האָב אף איר א קוק געטאָן, און מיר האָט זיך געדאכט, אז אירע אויגן זײַנען פײַכט.

— נעמט זיך ניט צום הארצן. איר וועט געפינען א שענערע און געבילדעטערע פון מיר...

אויב איך וויל, קאָן איך צו איר ארײַנקומען, קאָלזמאן זי איז דאָ. נאָר ניט אין פארטעך. ס'איז איר א כארפּע פאר לײַטן...

— איר האָט דאָך מיך ליב, יאָ? טאָ פאָלגט מיך און וואַרפט אַוועק די אײַנבינדערײַ. ס'איז דען אַן אַרבעט פאַר אַן אײדעלן, געבילדעטן מענטשן?.. נאָר דעם צעדרײטן קאַרפּ האָט געקאָנט אײַנפאַלן אַזאַ מע־שוגאַס — מאַכן אײַך פאַר אַן אײַנבינדער. גוט, איז ניט קיין דאָקטער, אָבער אַ לערער קאָנט איר דאָך געוויס זײַן. הײַנט נאָך וואַרפט אַוועק די אײַנבינדערײַ און נעמט זיך צו אוראָקן!

גרעטכען האָט גערעדט מיט מיר, ווי מיט אַ מענטשן, וואָס האָט ניט זײַן אײגענעם ווילן, ווי מיט אײנעם, וואָס בײַטיקט זיך אין דער הילף פון אַ שטאַרקערן, אַ געניטערן אין לעבן.

איך האָב געשוויגן. וואָס האָב איך געהאַט צו זאָגן? מיר איז שוין אַלצײנס. איך האָב ניט צוליב וואָס צו זײַן אַן אײַנבינדער, צוליב ווע־מען זײַן אַ לערער אָדער אַ דאָקטער. איך ווייס ניט, צי האָב איך צוליב וואָס צו לעבן...

— וואָס זשע שווײַגט איר? איר זאָגט מיר צו וואַרפן די אײַנ־בינדערײַ?

— איך וועל מער קיין אײַנבינדער ניט זײַן... איך וועל דאָ מער ניט בלײַבן... איך קאָן דאָ מער ניט בלײַבן... איך וועל פאָרן קיין אַמע־ריקע... — האָב איך געשטאַמלט, כאָטש געוווּסט האָב איך, אַז ס'איז ניט מער ווי אַ כאָלעם: ניט איך האָב און ניט איך קאָן האָפן צו האָבן געלט אויף פאָרן קיין אַמעריקע.

גרעטכען האָט אַן עפּן געטאָן אויף מיר אירע בלויע אויגן, שווער גע־ווען צו זאָגן, וואָס האָט זיך אין זײ אָפּגעשפּיגלט — שרעק אָדער פרייד.

— אַז ס'וועט באַשערט זײַן, וועט מען זיך נאָך דאָרטן באַגעגענען...

נאָר איך וויל, איר זאָלט וויסן, אַז דזשעק דער מומע ליבעס האָט מיר שוין אַרויסגעשיקט געלט און אַ שיפסקאַרטע... צוגעזאָגט האָב איך אים דערווײַל גאָרנישט — מע וועט דאָרטן זען, — נאָר איך וויל, איר זאָלט עס וויסן. הײַנט־מאָרגן באַקום איך די שיפסקאַרטע מיטן געלט, און באַלד נאָך שוועס פאָר איך אַרויס.

„מע וועט דאָרטן זען"... אַ האָפענונג, ווי אַ שוואַכער זונען־שטראַל

פון צווישן געדיכטע כמאַרעס, האָט אַף איין אויגנבליק אַ שײַן געטאָן פאַר מײַנע אויגן.

אוועקפאָרן קיין אַמעריקע, אופטאָן דאָרטן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל דעם פּאַרהאַסטן יאַנקל ווײַנשטיין — דעם נעמלעכן דזשעק ווינסטאָן — מיט זײַן גאַנצער פּוירנישער סטאָר מאַכן קליין און נישטיק אין גרעט־כענס אויגן, און צוריק געווינען זי פאַר זיך — אַף צו פאַרווירקלעכן אָט דעם טרוים מײַנעם בין איך, דוכט זיך, גרייט באַגאַנוועגען קלויסטערס.

אָבער קיין געלט אַף רײַזעס קיין אַמעריקע האָב איך ניט געהאַט, און קלויסטערס באַגאַנוועגן דאַרף מען קאָנען.

די ליידן פונעם יונגן ווערטער זײַנען געווען אַ לײַכטער שפּילקע־שטאָך אין פאַרגלײַך מיט די ליידן פון מײַן יונג האַרץ...

אָ, ווען איך קאָן דאַן אַרײַנקוקן אין דער צוקונפט און זען גרעטכען, ווי איך האָב זי געזען מיט צוויי צענדליק יאָר שפּעטער אין אַ ווײַטן אַמעריקאַנישן שטעטל אַפן ברעג פון דער אָזערע מיטשיגאַן — אַ שווער־לײַביקע מיסיס ווינסטאָן מיט אַ דרײַשטאָקיקן גוידער, מיט אַ פולן מויל גאָלדענע ציין און מיט בריליאַנטענע רינגען אַף אַכט פון אירע צען פעטע פינגער, — וואָלט מײַן אַכצניאָריק האַרץ ניט געלעגן בא אירע פיס אין ברוכשטיקער, ווי די שערבלעך פון אַ צעבראָכענעם טאָפּ, און איך וואָלט עפשער פאַרבליבן אַן אײַנבינדער ביז הײַנטיקן טאָג... ווער קאָן זאָגן?

אָבער מאַלע־וואָס ס'וואָלט אַלץ געווען! ווען מיר קאָנען אַרײַנקוקן אין דער צוקונפט, דאַן וואָלט עפשער דער יונגער ווערטער גופא אויך דערלעבט ביזן טיפן עלטער און וואָלט קלוג געשמייכלט אין זײַן גרויער באָרד אַרײַן אַף די נאַרישקײַטן פון זײַן יוגנט. ווער ווייסט...

1941

## א פאבריק אף א וויזיט-קארטל



ייַן ערשטער באלעבאָס איז געווען איינער פון יענע לאָדזער פאבריקאנטן, וואָס האָבן זייער גאנצע פאבריק אף א וויזיט-קארטל.

| |
|---|
| מ. פינקוס עט קאָ.<br>פאבריק פון וואָלענע און קאמגארעווע טיכער,<br>גרויסער אויסוואל.<br>———<br>פעטריקאָווער גאס, נומ. 69. |

די „קאָמפאניע", ווי די פאבריק, איז ניט מער ווי א פיקציע, צוגע־טראכט, קעדיי צו פארגרעסערן דאָס געוויכט פון דער פירמע. די טי־

כער — בילִיקע, בונטע פויערשע קאָפּ־טיכער — ארבעטן פאר אים אויס וועבער קוסטארן אף זייערע אייגענע אלטפרענקישע האנט־שטולן פון דעם גארן, וואָס ער גיט זיי ארויס.

ער קויפט אויך אוף קליינע פארטיעס טיכער־בראק, וואָס פאברי־קאנטן אף וויזיט־קארטלעך ווארפן צו די וועבער אפן כעזשבן פון זייער ארבעטלוין און קויפן זיי נאכער אליין אָפּ פאר האלבער פרייַז.

דער פערסאָנאַל פון דער פירמע „פינקוס עט קאָ.״ באשטייט פון איין־איינציקן מענטשן — פון מייַן אייגענער פערזאָן.

איך קער אויס די דילן אין טיכער־לאגער, איך שער ארום די פרענדז ארום די טיכער, איך באווייַז קונדן סכוירע, איך פארפאק פעקלעך, איך טראָג אָפּ פעקלעך צו סאָכרים אין האָטעלן און צו קאָמיסיאָנערן אהיים, איך עקספּעדיר פעקלעך אפן באן, איך פיר א מין בוכהאלטעריע, איך בין דער פיגאראָ, וואָס טוט אלץ און איז אומעטום פול.

גיין צו די וועבער אונטערייַלן זיי מיט די באשטעלונגען, אָפּנעמען בא זיי די פארטיקע סכוירע, ארויסגעבן זיי קוויטלעך אף זייער ארבעט־לוין — געצאָלט קומט מיט וואָכן שפּעטער — דאָס אלץ איז אריַין אין מייַנע פילצאָליקע פליכטן און האָט, גלייַך פון אָנהייב, פאָרויסבאשטימט מייַן שטעלונג צום באלעבאָס — א טראָציקע, א פייַנטלעכע, א קריגערי־שע שטעלונג.

די ענגע, פינצטערע שטיבער פון די וועבער אפן באלוט — דער שטאָט־טייל פונעם האָרעפּאשנעם דאלעס אין דער גרויסער פאבריק־שטאָט — שטיבלעך, מער ענלעך אף מייסים־שטיבלעך, ווי אף דירעס פאר לעבעדיקע, די אויסגעצערטע וועבער אין יארמלקעס און טאלעס־קאָטנס בא דער ארבעט, די אויסגעמאטערטע ווייַבער מיט אויסגעמאָ־רעטע אייפעלעך אף די הענט אָדער בא אראָפּגעהאנגענע פלאכע ברוסטן, די פארשמאָדערטע קינדער — סקראָפּעליטישע, ראכיטישע — אף צעקנוידערטע בעטן, אפן דיל, אונטער טישן, אין הענגוויגעלעך, אין קוישן; דער שווערער גערוך — יענער ספּעציפישער רייעך פון פעסט־איַינגעבירגערטן, דוירעסלאנגן דאלעס, — האָבן בא מיר יעדעס מאָל

ארויסגערופן א געמישט געפיל פון ראכמאָנעס און פיזישן איבל און געוועקט אין מיר א פייַנטלעכן פּראָטעסט קעגן דעם באַלעבאָס, דעם פאבריקאנט אף א וויזיט־קארטל.

מייַן באַלעבאָס, א זשוואוו מענטשל מיט א קליין בייַכל און קליין פּליכל — ביידע זאכן מיט אן אויסזיכט צו וואקסן מיט דער צייַט גרע־סער, — איז ניט קיין שלעכטער בעטעווע. שווער צו זאָגן, צי איז ער א גוטער. ער איז א ווייך מענטשל, א ווייך און א זיס, א טריפנדיק מיט פּאטעקע. ער רייַסט ניט ארונטער פונעם ארבעטלוין בא די וועבער — ער וויינט עס אויס בא זיי. מיט קוינים דינגט ער זיך ניט פאר פינף קאָפּעקעס מער אפן טיכל — ער קליאנטשעט עס בא זיי אויס. מיך צווינגט ער ניט ארבעטן פערצן שאָ א טאָג פאר צוועלף רובל א כוי־דעש — ער קויפט בא מיר מייַן מי מיט גוטע האפטאָכעס, מיט גלאטע ריידעלעך, מיט זיסע שמייכלען.

זייַן בוימלדיקע ווייכקייַט און צוקערדיקע זיסקייַט — דאָס זייַנען בא אים גאנגבארע מאטבייעס, מיט וועלכע ער דערצאָלט זייַנע מענטשן דאָס, וואָס ער דערצאָלט זיי ניט אין מעזומען.

איך ווייס, אז אנדערע פאבריקאנטן — ווירקלעכע און אף וויזיט־קארטלעך — זייַנען ניט בעסער און אָפּט נאָך ערגער פון מייַן באַלע־באָס: די סיסטעם איז אזא, — נאָר מייַן פאבריקאנט זע איך פאר די אויגן און מייַן געפיל רעוואָלטירט קעגן אים.

מייַן פּראָטעסט דריק איך אויס אין אומאָפּהענגיקער, טראַציקער האַלטונג. איך שעם זיך ניט אָפּט ארויסצוזאָגן מייַן באַלעבאָס, וואָס איך קלער וועגן אים, וועגן זייַן עקספּלואטירן די וועבער, ניט פארגעסנדיק דערבייַ צו דערמאָנען מייַן אייגענעם קלאָגעדיקן געהאַלט.

פינקוס באַליידיקט זיך ניט אף מיר, ער איז ניט דער מענטש צו באַליידיקן זיך. ער שמייכלט אף מייַנע ווערטער מיט זייַן נארישעוואטן אָדער ציניִשן שמייכל — שווער צו זאָגן, וואָס איז אין זייַן שמייכל מער.

איך בין נאָך גאָר א יינגל און א פריץ אין געשעפט. איך מיין, אפּאָ־נעם, אז אין לעבן איז פונקט אזוי ווי אין די ביכלעך, וואָס איך האָב זיך

אָנגעלייענט. ער האָט אמאָל אויך געלייענט ביכלעך, אָבער טעאָריע און פּראַקטיקע זײַנען צוויי באַזונדערע זאַכן. אַ קלייניקייט, דער עקספּלואַ־טאַטאָר און בלוטזויגער וואָס ער איז! איך זע דען ניט, ווי ער צאַפּלט זיך ווי אַ פיש אָף דער יאַבאָשעס? וועקסלען גייען יעדן טאָג צו פּראָטעסט, פאַר גאַרן דאַרף מען צאָלן מעזומען, און פאַר מעזומען דאַרף מען צאָלן פּראָצענטן, די קאָנקורענץ צווישן קליינע פאַבריקאַנטן איז גרויס, און ער ווערט דערשטיקט פון די גרויסע פאַבריקאַנטן, וואָס קאָנען אויס־אַרבעטן אַ בעסער טיכל פאַר אַ ביליקערן פּרײַז.

איך מעג אים גלייבן, אַז ער איז פּונקט אַזאַ סאָציאַליסט און דעמאָ־קראַט, ווי איך. ער וואָלט עפּשער מער ווי איך געוואָלט, אַז מענטשן אַרום אים זאָלן האָבן כאַיונע. אָבער וואָס זאָל מען טאָן, אַז מע לעבט צווישן וואָלפישן, וואָס זוכן איינער דעם אַנדערן אײַנצושלינגען? גוט, ער וועט צאָלן מער ווי אַנדערע. וואָס זשע וועט זײַן דער פּויעל־יויצע דערפון? ער וועט זיך מוזן אָפּשטעלן, און אַ פּאָר צענדליק יידן וועבער וועלן בלײַבן גאָר אָן כאַיונע. וועט שוין דאָן בעסער זײַן?

— לאָמיר באָר זען, וואָס ס׳וועט ווערן פון אײַער סאָציאַליזם מיט אײַער דעמאָקראַטיזם, ווען איר וועט אַליין ווערן אַ פאַבריקאַנט.

— איך קלײַב זיך ניט ווערן קיין פאַבריקאַנט און וועל זאָגן שפּעטער דאָס אייגענע, וואָס איך זאָג איצט: איר צאַפּלט זיך טאַקע ווי אַ פיש אָפן בראָטפאַן, אָבער אָף אַ בראָטפאַן, פול מיט פוטער, און אײַערע וועבער פּרעגלען זיך אין זייער אייגענעם זאַפט, ניט האָבנדיק אַפילע קיין קויעך צו צאַפּלען זיך.

פּינקוס מאַטערט זיך צו דערווײַזן, אַז אויב די וועבער עסן אַ ביסל ערגער פון אים, שלאָפן זיי דערפאַר רויִקער ווי ער: דער קאָפּ דרייט זיי ניט. און איך שלאָג אים פאָר, ער זאָל זיך מיט זיי בײַטן: געבן פינף וועבער־פאַמיליעס זײַן דירע פון פינף צימערן און נעמען פאַר זיך זייערע פינף דירעס, שוין מיט די וועב־שטולן, וואָס פאַרנעמען מער ווי אַ העלפט שטעך פון די דירעס קוואָרים, וועט ער אויך שלאָפן רויִק.

פינקוס גיט א מאך מיט דער האנט: ניטאָ, הייסט עס, מיט וועמען צו ריידן.

— אז מיר וועלן זיך באגעגענען אין א יאָר צען ארום, דערמאָנט מיר אונדזערע איצטיקע שמועסן, וועל איך הערן, וואָס איר וועט דעמלט זאָגן.

דאָס קײַלעכדיקע צוגעלאָזטע מענטשל מיט דער פאבריק אפן וויזיט־קארטל ווערט מיר מיט יעדן טאָג אַלץ מער דערווידער, ער צו מיר פילט אויך ניט קיין גרויס סימפאטיע, נאָר אָפּזאָגן מיך אײַלט ער זיך ניט.

— זיי זײַנען אַלע אזוי. און וואָס ארט מיך, אז ער רעדט? אבי ער טוט, וואָס מע דארף, און קאָסט מיך ניט טײַער...

אזוי האָט פינקוס דערקלערט, לעמײַ ער טרײַבט מיך ניט דורך פאר מײַן אזעס.

„זיי זײַנען אַלע אזוי", — האָב איך פון מײַן זײַט געקלערט וועגן די פינקוסעס און ניט געאײַלט זיך בײַטן די שטעלע. אָבער שטארק טײַער געהאַלטן זי האָב איך אויך ניט. פערצן שאָ א טאָג ארבעט פאר צוועלף רובל א כוידעש וועט מיר קיינמאָל ניט פעלן — בין איך, אין מײַן יוגנט־לעכער אומפראקטישקייט, זיכער געווען.

אין איינעם א פרימאָרגן האָט זיך זײַטווײַלעכס ארײַנגעשטעלט אין געשעפט איינער א שווארצער באָכער און, אָפּגעבנדיק א האכנאָעדיקן „גוט־מאָרגן", האָט ער מיט דעם טאָן און מינע פון איינעם, וואָס בעט א נעדאָווע, א פרעג געטאָן:

— איר דארפט עפּשער א מענטשן אין געשעפט?

נייך, פינקוס דארף ניט קיין מענטשן אין געשעפט. וועדליק הײַנטיקע געשעפטן, טראָגט אַף קיין איין מענטשן אויך ניט.

אָבער דער שווארצער באָכער האָט זיך ניט געלאָזט אָפּטערן אזוי גיך.

דאָס צעקנייטשטע קאפּעליושל צוגעדריקט מיטביידע הענט צום הארצן, ווי אין געבעט, האָט ער ניט אופגעהערט צו קליאנטשען: ער וועט דינען געטריַי, ער איז גרייט צו טאָן די שווערסטע ארבעט, אבי נאָר איַינ־צואָרדענען זיך. צי איז ער שוין לאנג אין לאָדז? ניין, ערשט נעכטן גע־קומען. פונוואנען איז ער? פון קוידענאָוו איז ער. זיַין פאמיליע איז קרוק... ניטאָ אין קוידענאָוו וואָס צו טאָן, איז ער געקומען קיין לאָדז זוכן עפּעס א טאכלעס פאר זיך... ער האָט א יעדיִע אין בוכהאלטעריע אויך. ער האָט געענדיקט בוכהאלטעריע דורך בריוו בא מארקן פון ריגע, בא אָט דעם, וואָס אנאָנסירט זיך אין די גאזעטן... נאָר אים ארט ניט, אויב אפילע ניט קיין בוכהאלטער. ער איז גרייט צו טאָן, וואָס פאר אן ארבעט ס׳וועט זיך מאכן, אפילע די שווערסטע, און די ערשטע ציַיט אומזיסט, אבי איַינאָרדענען זיך.

מיט האלב־פארזשמורעטע אויגן און מיט ביידע קורצע הענטלעך אפן קיַילעכדיקן בייַכל האָט פינקוס מיט ניַיגער געקוקט אפן באָכער. דאָס ענערגישע ליטוואקל האָט אים, קאָנטיק, פארינטערעסירט און אָנגעהויבן צו געפעלן.

זיַין אויפן פון זוכן ארבעט — גיין פון טיר צו טיר בעטן א שטעלע, דאָס ניט לאָזן אָפּאטערן זיך מיטן ערשטן אָפּזאָג — האָט באוויזן ענער־גיע און ארבעטסוויליקיַיט. מעגלעך, אז קוקנדיק אפן שווארצן ליטוואקל, איז בא פינקוסן געבאָרן געוואָרן דער געדאנק, אז ס׳וואָלט עפּשער גליַיך געווען צו פארביַיטן דעם טראָציקן און אזעסדיקן „סאָציאַליסט“ מיט אָט דעם ענערגישן און, אָן סאָפעק, געהאָרכזאמען און רעספּעקטפולן יונגנמאן.

איך ווייס ניט, ווי מיַין אייגענער וויַיטערדיקער גורל און דער גורל פון דעם קוידענאָווער טאכלעסזוכער וואָלט אנטשיידן געוואָרן, ווען איך מיש זיך ניט אריַין אין דעם איניען.

— וויבאלד אומזיסט, איז וואָס ארט אייַך, אז נאָך א מענטש וועט פאר אייַך ארבעטן?

פּינקוס האָט דערפילט דעם שטאָך, און וואַרפנדיק אַ בליק פריִער אַף מיר דערנאָך אַפן שוואַרצן באָכער, ווי ער וואָלט אונדז געשטעלט אַף דער וואָגשאָל איינעם קעגן צווייטן, האָט ער געענטפערט מער דעם שוואַרצן ליטוואַק, ווי מיר:

— אומזיסט אַרבעט בא מיר קיינער ניט. אז איך האַלט מענטשן, צאָל איך זיי.

נאָר קיין מענטשן אין געשעפט דאַרף ער איצט ניט. ניט מער, אַ יונגערמאַן וויל אַזוי אַרבעטן, דאַרף מען אים געבן אַ מעגלעכקייט. קיין סאך צאָלן קאָן ער ניט — דאָס געשעפט טראָגט ניט. נאָר אויב זעקס רובל אַ כוידעש באַפרידיקט אים, קאָן ער זיך שטעלן צו דער אַרבעט, און ווייטער וועט מען זען.

פון דעם ערשטן טאָג אָן, זינט דער שוואַרצער באָכער איז אַרײַן אין געשעפט, איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז דער פּערסאָנאַל אין דער פירמע „פינקוס עט קאָ.״ וועט בלײַבן ער, פישל קרוק, ניט איך.

ער איז געקומען אין געשעפט פריִער פון מיר און איז אַוועק שפּעטער פון מיר. ער האָט בא מיר געריסן די אַרבעט פון די הענט און קעסיידער זיך נאָכגעפרעגט, צי איז ניטאָ נאָך עפּעס צו טאָן. ער האָט אַרויסגעוויזן היגטישע געטרײַקייט צום באַלעבאָס, געכאַנפעט אים מיט וואָרט און בליק; ער האָט שטילינקערהייט איבערגעגעבן פינקוסן אַלץ, וואָס איך זאָג וועגן אים, ער האָט געצוקט מיט די דאַרע אַקסלען אַף מײַן פרײַער האַלטונג מיטן באַלעבאָס און געכידעשט זיך אַף זײַן געדולד צו מיר. ער האָט געזוכט נוציק צו מאַכן זיך דער מאַדאַם פינקוס, באַוווּנדערט און אָנגעקוואָלן פון אירע געראָטענע טעכטערלעך. ער איז זיי אַלעמען — דעם באַלעבאָס, דער מאַדאַם און זייערע קינדער — געקראָכן אונטער די נעגל. ער איז געווען ווי פּאַטעקע, צאַפּלדיק ווי אַ פיש און גליטשיק ווי מיט בוימל באַשמירט...

וואָס לענגער איך האָב זיך צוגעקוקט צו קרוקן, אַלץ באַקאַנטער האָט ער מיר אויסגעזען. איך בין זיכער געווען, אַז איך האָב אים שוין ערגעץ־ווו פריִער באַגעגנט. אויב ניט אים אַליין, איז עמעצן, אַף וועמען ער איז

שטארק ענלעך. אָבער ווי איך האָב אים באגעגנט און אף וועמען ער איז ענלעך — דאָס האָב איך בעשום־אויפן ניט געקאָנט זיך דערמאָנען. און מיטאמאָל, גאנץ אומגעריכט, האָב איך זיך דערמאָנט: דאָס איז דאָך ער, מײַן אלטער באקאנטער אוריא היפ פון „דייוויד קאָפערפילד", דאָס באליבטע ווערק פון מײַנע יינגלשע יאָרן, דער אומשטערבלעכער אוריא היפ מיט די ביינער!

אויסערלעך איז ער, עמעס, ווייניק ענלעך אף היפן: היפ האָט פארמאָגט זאפרען־האָר און א רויטלעך־צעפריִעט פאָנעם, ווי ערשט פון באָד ארויס, און קרוקס האָר זײַנען פעך־שווארץ, וואָס גייט איבער אין א בלויקײַט, און זײַן פאָנעם איז שווארץ און דאר, ווי א געווענדזלטער פלאָנדער: היפ האָט געהאט אָנברעמענדיקע גרוי־בלוילעכע אויגן, וואָס האָבן אף קיינעם ניט געקוקט און אלץ געזען, און קרוק פארמאָגט א פאָר געדיכטע ברעמען, צוזאמענגעוואקסענע איבער דער שארפער נאָז, אונטער וועלכע עס זיצן טיף א פאָר שווארצע לויפנדיקע אויגן, וואָס נעמען דורך אלץ און אלעמען אף איין מאָל. קרוקס דארע טרוקענע פינגער, וועלכע ער האלט אין איין קנאקן, זײַנען אויך ניט ענלעך אף היפס בלייכע כראשטשעוואטע פינגער ווערעם, וואָס האָבן קיין איין מינוט ניט געווּסט קיין רו. נאָר קרוקס קרומע פלייצקע, זײַנע דינע ליפן, שטײַף פארשנורעוועטע, ווען קיינער קוקט אף אים ניט, און כניפעדיק־שמייכלדיקע, ווען פרעמדע אויגן זײַנען אף אים געווענדט, זײַנע מאלפע־הענט, וואָס דערגרייכן אים קימאט ביז די קני, — זײַנען היפס פלייצקע, היפס ליפן און היפס הענט. נאָר דער איקער איז די „גײַסטיקע" ענלעכקײַט: זײַן קלוימערטשע אונטערטעניקײַט, זײַן געמאכטע איבערגעגעבנקײַט, זײַן פאלשע געטרײַקײַט, זײַן פויזענדיקע קריכערײַ, זײַן געהיימע אינטריגאנישקײַט, אלע זײַנע טנועס און האווײַעס — זײַנען היפס.

זינט איך האָב געמאכט די דאָזיקע אנטדעקונג, האָט דער שווארצהאָריקער באָכער אופגעהערט עקזיסטירן פאר מיר ווי פישל קרוק. איך האָב פאר זיך געזען אוריא היפ אין פלייש און בלוט, אריבערגעטראָגן פון וויקפילדס נאָטאריעלער קאָנטאָר אין פינקוסעס פאבריק, און האָב נאָכ־

געשפּירט זײַן יעדער האנדלונג און באַוועגונג מיטן זעלביקן נײַגער און שפּאַנונג, מיט וועלכע איך האָב מיט יאָרן פֿריִער נאָכגעשפּירט די טריט פֿון זײַן גײַסטיקן ברודער, דעם העלד פֿון דיקענסעס אומשטערבלעכן ראָמאַן, — אַזוי דערשטוינט און איבעראַשט בין איך געווען פֿון דער מערקווירדיקער ענלעכקייט צווישן שוואַרצן באָכער מיט זײַן געלן פּאָר־גענגער.

אין מײַן פֿאַנטאַזיע האָב איך שוין געזען, ווי די פֿירמע „פּינקוס עט קאָ." ווערט פֿאַרוואַנדלט אין „פּינקוס און קרוק", ווי קרוק צעבערעכט פּינקוסן, פּונקט ווי היפּ האָט צעבראָכן ווייקפֿילדן. איך האָב זיך דײַטלעך פֿאָרגעשטעלט, ווי קרוק פֿאַרשפּרייט זײַן נעץ פֿאַר פּינקוסעס טאָכטער סאַלצע אַפֿן שטייגער, ווי היפּ האָט פֿאַרשפּרייט זײַן נעץ פֿאַר ווייקפֿילדס טאָכטער אַגנעס... אין איין זאַך בלויז האָב איך געזען אַ כילעק צווישן פֿישלען מיט אוריאַן: היפּ האָט געענדיקט זײַן קאַריערע אין טפֿיסע, און קרוקן האָב איך געזען אין דער צוקונפֿט אַלס פֿאַבריקאַנט — שוין ניט אַף אַ וויזיט־קאַרטל, נאָר טאַקע מיט מאַשינעס און אַרבעטער, וועלכע ער עקספּלואַטירט אָן ראַכמאָנעס.

אין דער צײַט, ווען איך האָב זיך פֿאַרנומען מיט פֿאַנטאַזיעס, האָט פֿישל־אוריאַ געטאָן אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געקאָנט, אַף אַרויסצושטופּן מיך און פֿאַרבלײַבן דער איינציקער מענטש אין דער פֿירמע.

זײַן ברען אין דער אַרבעט, זײַן יעדעס וואָרט, יעדער כניפּעדיקער שמייכל, יעדער איבערגעגעבענער בליק זײַנער דעם באַלעבאָס — אַלץ איז געווענדט געווען אונטערצושטרײַכן דעם שאַרפֿן כילעק צווישן אים, דעם געטרײַען, דעם רעספּעקטפֿולן, און מיך, דעם אומטרײַען, דעם אַזעסניק און בונטאַר.

ביידע, אי דאָס ווייך־קײַלעכדיקע פֿאַבריקאַנטל מיט די ראָזעווע בעקלעך, אי דער גליטשיקער מעשאָרעס זײַנער, זײַנען מיר מיט יעדער שאָ געוואָרן אַלץ מער אומדערטרעגלעך. איך האָב געפֿילט, אַז מײַנע טעג אין דער פֿירמע זײַנען געציילטע: אויב פּינקוס וועט מיך ניט דורכ־

טרײַבן, וועל איך אַליין אוועקגיין. און איך האָב באַשלאָסן, ווײַניקסטנס, אוועקגיין מיטן קנאַק, מיט „ערע", ווי איך האָב עס פֿאַר זיך באַצײכנט.

ס'איז געווען אין רעכטן ברען פֿון סעזאָן. פּרעמדשטאַטיקע סאָכרימ־לעך — קאַנדידאַטן אַף באַנקראָט — האָבן אָפּגעקליבן סכוירע און זיך געדונגען וועגן טערמינען פֿון די וועקסלען, פּונקט ווי זיי וואָלטן בעדייע געהאַט צו צאָלן זיי ביז איינעם. פֿינקוס — גאָלע שמייכל און פֿאַרפֿלאַמ־טע בעקלעך — האָט דאָס מאָל איבערגעשטיגן זיך אַליין: ער האָט גע־שטעלט גאָט פֿאַר אַן איידעס, ער האָט געלייגט אין מאַשקן זײַן כיילעק אוילעמהאַבע, ער האָט געגומען זײַן ייִדישקייַט פֿאַר אַ שוטעף צום געשעפֿט, ער האָט געשוואָרן זיך בײַ זײַן געזונט, באַם געזונט און לעבן פֿון זײַן ווײַב און קינדער — אַלץ קעדיי אַרופֿציִען נאָך אַ פּיטאַקל אַפֿן טיכל.

— דערלייגט אים שוין דאָס פּיטאַקל, און זאָל ער אופֿהערן וויינען, — האָב איך זיך אַרײַנגעמישט. — ער דאַרף עס טאַקע, נעבעך, שטאַרק האָבן. בלויז דעם פֿערסאָנאַל צאָלט ער דאָך אויס גאַנצע אַכצן רובל אַ כוידעש.

דער דאָזיקער אַרויסטריט איז ניט אַרײַן אינעם פּלאַן פֿון מײַן „אוועקגיין מיט ערע". נאָר די מאָס פֿון עקל און ווידערגעפֿיל צום פֿאַב־ריקאַנט אַפֿן וויזיט־קאַרטל איז אַריבער די ברעגן, און אָט די ווערטער האָבן זיך בײַ מיר אַרויסגעכאַפּט אומגעריכט פֿאַר זיך אַליין.

פֿינקוסעס פּליכל האָט זיך אָנגעצונדן צונטער־רויט. פֿישל־אוריא האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, וואָס האָט געזאָלט באַטײַטן: „איי־איי־איי!" די פֿענעמער פֿון די צוקינפֿטיקע אָנזעצער האָבן אָן ווערטער גערעדט: „אַ כוצפּע פֿון אַ מעשאָרעס!"

— אַ לעץ אַ יונג. האָט ליב צו וויצלען זיך... — האָט פֿינקוס לעקי־שעוואַטע געשמייכלט.

און ווידער געגומען דינגען זיך, ווי קיין זאַך וואָלט ניט געשען.

נאָר ווען די זײַטיקע מענטשן זײַנען אוועק, האָט ער, צום ערשטן מאָל אָן זײַן געוויינלעכער בוימלדיקייַט, מיר אַ זאָג געטאָן:

— נו, יונגערמאַן, פון הײַנט איבער צוויי וואָכן זײַט איר פרײַ. זוכט זיך אַן אַנדער אָרט אויף צו פראַווען אײַערע פוילע לעצאָנעס.

זײַנע ראָזעווע בעקלעך זײַנען אַזש בלייך געוואָרן פון געצווימטער אויפרעגונג.

מיט קרוק־היפּן באַ דער האַנט וואָלט דער פאַבריקאַנט אויפן וויזיט־קאַרטל זיך געקאָנט פאַרגינען דורכטרײַבן מיך גלײַך אויפן אָרט אָן שום שאָדן פאַר דער פירמע, נאָר ס׳איז אים אַ שאָד געווען די זעקס רובל געהאַלט, וואָס ער וואָלט מיר געדאַרפט אויסצאָלן פאַר צוויי וואָכן פאַר־רויס, ווען ער טרײַבט מיך טייקעף דורך.

אין צוויי וואָכן אַרום בין איך שוין געווען פרײַ צו מעסטן די טראָ־טואַרן פון דער גרויסער פאַבריק־שטאָט.

1939

# אפן געווענטענעם אינדזל



זײַן דריטע און לעצטע שטעלע איז געווען בא דער פירמע ראָטשטיין און קלינקאָווסטיין — איינע פון די אָנגעזעענסטע פירמעס אין שטאָט.

ראָטשטיין איז באם פערסאָנאל פון דער פירמע געגאַנגען אונטערן נאָמען „דער אלטער"; קלינקאָווסטיין — „דער שעף".

שײַע ראָטשטיין איז א „היימישער ייִד"; קלינקאָווסטיין — א ייִדישער „דײַטש".

קלינקאָווסטיין — קורץ, פעסט געבויט און שטײַף, ווי אויסגעהאַ-

מערט פון שטאָל, — פארמאָגט א פּאָנעם, ווי פון געברענטער ליים, א פליישיקן קארק, וואָס פאַלט אריבער, ווי א געפילטע קישקע, איבער זײַן הארט־געפּרעסטן קראגן, און דײַטשישע, שפּיציקע ווילהעלם־וואָנצן, פארדרייטע ארויף ביז צו די סאמע לעבעדיקע בלויע אייגעלעך.

און כאָטש די הענט און פיס זײַנען בא אים זייער קורצע און ער פארמאָגט א קײַלעכדיק ביר־בײַכל, איז ער, פונדעסטוועגן, עלאסטיש, פלינק און פּרעציז אין זײַנע באוועגונגען, ווי א גימנאסט. ווען ער דארף אָפּגעבן א פאראָרדענונג, רופט ער ניט דעם מענטשן צו זיך, נאָר ער שרײַט אויס די באפעלן פונוויַיטן, הויך און שארף אפן קאָל, ווי א קאָמאנדיר אפן מושטריר־פּלאץ — אפן דײַטשישן שטייגער, ווי ער גלייבט.

ריידן רעדט ער א יידישלעכן דײַטש, וואָס ווערט שטארק געברויכט אין דער יידיש־פּויליש־דײַטשישער פאבריק־שטאָט. מיט פּראָסטע מענטשן רעדט ער פּויליש. אין מאָמענטן פון אופרעגונג מישט ער זײַן דײַטש מיט פּויליש און יידיש, געברויכנדיק די שטארקסטע ווערטער פון אלע דרײַ שפּראכן:

— דאָנערוועטער נאָך איינמאָל! האלט ס'מויל! אז נישט, ווארף עך דעך ארויס דאָ כאָליערע, פּסיאקרעוו!..

די שפּיציקע, ארויף פארדרייטע וואָנצן קריכן דאן נאָך העכער, דער שמאלציקער קישקע־קארק ווערט אָנגעגאָסן מיט בלוט, ווי דער קראָפּ בא אן ענדיק — אָט־אָט באקומט ער דעם שלאג, און די קליינע, בלויע פּאטשערקע־אייגלעך שפּריצן פײַער.

די מענטשן ווייסן שוין, אז דאָס בעסטע אין אזעלכע מאָמענטן איז — שווײַגן, ניט פארענטפערן זיך, דאן ווערט דער שעף אויסגעלאָשן און אָפּגעקילט פונקט אזוי גיך, ווי ער האָט אופגעפלאקערט, און די סטראַ־שונקעס ארויסצוווארפן „דאָ כאָליערע" ווערן גלײַך פארגעסן.

ראָטשטיין איז אין אלץ פונקט דער הייפעך פון זײַן שוטעף. אף זײַן גוויריש־געקעכלטן גוף, אף זײַן זאט־געצערטלט פּאָנעם מיט די פאר־נעפּלטע און פילגלוסטנדיקע אויגן און מיטן יידיש־פראנצויזישן געכאָ־

ליעטן בערדל ליגט דער שטעמפל פון פילדוירעסדיקן לעבן אין ראכוועס און ווילטיק.

ראָטשטיינס גאנג איז געלאסן, זײַנע באוועגונגען — געמאָסטן, זײַנע רייד — שטיל און מעיושעוודיק.

ראָטשטיין הייבט קיינמאָל ניט אוף זײַן שטים אף א מענטשן. נאָר ווען ער הייבט אָן ריידן מיט זײַנעם א מענטש נאָך שטילער ווי געוויינ־לעך, קוקנדיק יענעם גלײַך אין פּאָנעם אריַין, ווייסט מען שוין, אז דער „אַלטער" איז מיט אים אומצופרידן. און ווען אָנשטאָט צו קוקן דעם מענטשן אין די אויגן נעמט ער, אינמיטן די רייד, באטראכטן זײַנע אייגענע פערלמוטערדיקע נעגל אף די ווײַס־געצערטלטע פינגער, — מעג שוין דער מענטש זוכן אן אנדער שטעלע.

ראָטשטיין קומט אין געשעפט זעלטן — ער איז מערסטנס אף דער פאבריק, נאָר ווען ער קומט יאָ אמאָל, באמיִען זיך די מענטשן וואָס וויניקער צו ווארפן זיך אים אין די אויגן — די עטוואָס פארנעפּלטע און פילגלוסטנדיקע אויגן זײַנע.

קלינקאָווסטיין האָט שוין מיט יאָרן צוריק פארביטן די לאנגע קאַ־פּאָטע און דאָס ייִדיש־כסידישע היטעלע אף א קורץ רעקל און א קאַ־פּעליוש. ראָטשטיין — כאָטש אין שטוב בא אים רעדט מען פויליש און ער אליין לייענט פוילישע, דײַטשישע און העברעיִשע צײַטונגען — טראָגט נאָך אלץ א געשפּאָלטענע קאפּאָטע, — עמעס, א גוט צוגעשני־טענע און פײַן אופגענייטע, אן עלעגאנטע, מיט זײַדענע לאצן, — אָבער פּאָרט א לאנגע ביז איבער די קני. אפן קאָפּ — א ייִדיש־פּאצעטיש טוכן היטעלע מיט א קליין דאשעקל.

— ער וויל ניט און קאָן ניט, זאָגט ראָטשטיין, גיין קעגן מישפּאָכע — א גרויסע כסידיש־נעגידישע מישפּאָכע.

בייס זײַנע אָפטע רײַזעס קיין אויסלאנד פארבײַט ראָטשטיין זײַן היימיש־ייִדישלעכע קליידונג אף אייראָפּעיִשער. דאן זעט ער אויס מער דײַטש און אייראָפּייער ווי דער „דײַטש" קלינקאָווסטיין.

מענטשן אין געשעפט שמועסן, אז דער „דײַטש״ קלינקאָוושטיין כאַפּט זיך נאָך אַראָפּ אַמאָל, פאַר אַ יאָמקיפּער, צום רעבן. און ס'איז פאַר קיינעם קיין סאָד ניט, אז דער וועג צו בערלינער נאַכט־לאָקאַלן און פּאַריזשער קאַבאַרעטן איז דעם היימישן ייִד ראָטשטיין באַקאַנט בעסער, ווי דעם ייִדישן דײַטש קלינקאָוושטיין.

די היימישע ייִדישקייט פון איינעם און די ייִדישע דײַטשישקייט פונעם צווייטן שטערט ניט די שותפים צו אַרבעטן צוזאַמען אין אַכדעס און האַרמאָניע.

ראָטשטיין פירט אָן מיט דער פאַבריק — אַ גרויסע טוך־פאַבריק, וואָס אַרבעט אין צוויי וואַכטעס צו צען שאָ יעדערע און באַשעפטיקט איבער טויזנט אַרבעטער. אַלע אָן אויסנאַם — דײַטשן און פּאָליאַקן.

קיין ייִדישע אַרבעטער ווילן ביידע שותפים ניט האָבן אויף דער פאַבריק — ניט דער לאַנגפּאָלעסדיקער ראָטשטיין, ניט דער קורץ־געקליידטער קלינקאָוושטיין.

— איך קאָן ניט לאָזן די פאַבריק שטיין צוויי טעג אין וואָך: שאַבעס צוליב ייִדישע אַרבעטער און זונטיק צוליב קריסטלעכע, — זאָגט דער היימישער ייִד ראָטשטיין.

— מער ווי העלפט באַשעפטיקטע אויף דער פאַבריק זײַנען באַ אונדז פּרויען, און ייִדישע ווײַבער טויגן בלויז אויף קינדלען. אַרבעטן האָבן זיי קיין כיישעק ניט און קיין צײַט ניט, — זאָגט דער ייִדישער דײַטש.

— ייִדן זײַנען אָן אומרויִקער עלעמענט. פּופציק ייִדישע אַרבעטער וועלן אונדז קאַליע מאַכן נײַן הונדערט פּופציק ניט־ייִדישע, — פאַרטרויען ביידע שותפים פאַר אייגענע מענטשן די עמעסע סיבע פון זייער קעגנערשאַפט צו ייִדישע אַרבעטער.

יעדן פרימאָרגן, נאָך איידער די פאַבריק־סירענעס צעשרײַען זיך מיטן אָנזאָג, אז עס שטייט אויף אַ נײַער אַרבעטסטאָג, הייבט שוין אָן אַרײַנפליסן אין פאַבריק פון דער פירמע ראָטשטיין און קלינקאָוושטיין אַ ברייטער שטראָם אַרבעטער און אַרבעטערנס, עלטערע, מיט געקנייטשטע פּענעמער און אויסגעהאָרעוועטע הענט, יונגע — מיט ספּריטנעם

טראָט און מיט אַ פינקל אין אויג; אַרבעטער אין בלויע בלוזעס און אין אָפּגעטראָגענע רעקלעך, אין דײַטשישע קעפּקעס און אין פּוילישע היטע־לעך מיט גלאַנציקע דאַשעקעס; אַרבעטערנס אין קאָפּ־טיכלעך, ווילדעריש פאַרבונדן הינטער די אויערן, אָדער מיט אַנטבלויזטע קעפּ, אָבער אַלע ווי איינע אָן יענעם אויסדרוק פון פרייד און צופרידנקייט, וואָס אַרבעט דאַרף געבן דעם מענטשן.

די פאַבריק פאַרנעמט צוויי לאַנגע, כמורנע קאָרפּוסן אין ביידע זײַטן הויף, וועלכער איז לאַנג, שמאָל, ווי אַ טונעל, און מיט אײַזערנע, שטענ־דיק געשלאָסענע און באַוואַכטע טויערן, ווי אַ טורמע.

צוואַנציק שאָ אין מעסלעס איז דער הויף־טונעל אָנגעפּילט מיט גערויש און באַוועגונג. עס וויברירן די פאַבריק־קאָרפּוסן, עס ציטערן די שויבן, בליץ־שנעל יאָגן הין און צוריק די שיפלעך אויף די מעכאַנישע וועב־שטולן. געעפנטע טויערן לאָזן אַרײַן און לאָזן אַרויס גרויסע הויך־אָנגעלאָדענע וועגענער מיט גאַרן, מיט האַלב־רויע און פאַרטיקע שטי־קער געוואַנט, נאָר די ענלעכקײַט פונעם פאַבריק־הויף צו אַ טורמע־הויף ווערט דערפון ניט קלענער. עפּעס אומהיימלעכס, געצוווּנגענס איז פאַראַן אין דעם אייביק־טונקעלן הויף מיט די שטענדיק פאַריגלטע טויערן, אין דעם וועכטער מיט די גרויסע שליסלען, אין דעם קאָנטראָל־בײַדל באַם טויער און אין דעם אויפן פון אַרויסלאָזן די אַרבעטער פון פאַבריק נאָך דער אַרבעט.

איינציקווײַז גייען זיי דורך דורכן שמאָלן דורכגאַנג פאַרבײַ די באַ־טאַפּנדיקע אויגן פון די צוויי וועכטער, וואָס שטייען בא ביידע זײַטן דורכגאַנג. אָפּטמאָל באַנוגענען זיך ניט די וועכטער מיט באַטאַפּן די אַרבעטער מיט די אויגן און באַטאַפּן זיי מיט די הענט, אַ פּיר געבנדיק מיט די דלאָניעס איבער זייערע קערפּערס און קעשענעס. אַ טייל אַרבע־טער באַציט זיך צו דער באַזוכונג גלײַכגילטיק אָדער מיט פאַראַכטונג. זיי צעשפּרייטן די הענט: „נאַ, זוך, מע האָט אײַך אין דער ערד“. אַנדערע ווידער רייצט עס אויף:

— אָ, צערבערס, הינטיש בלוט!

— וואָס ווילסטו פון זיי? זיי זײַנען ניט מער, ווי הינט אַף קייטן: וואָס דער באַלעבאָס הייסט, דאָס טוען זיי.

— זין פון זוינעס, פּסיאַמאַטש! — קאָן זיך אַן אופּגערעגטער אַר־בעטער ניט באַרויִקן.

— מיט זידלערײַ וועסטו גאָרנישט אופּטאָן, — זאָגט סטאַניסלאַוו בראָניצקי, אַ יונגער וועבער, וועלכן די באַלעבאַטים וואָלטן שוין לאַנג אַרויסגעוואָרפן פון פאַבריק, ווען זיי ווייסן, אַז ס'וועט זיי גלאַט אָפּגיין, — איר וואָלט בעסער עפּעס געטאָן, די אונטערזוכונגען זאָלן אָפּגעשאַפט ווערן.

— טאָן! וואָס קענסטו טאָן, ווען צוואַנציק אַנדערע שטייען גרייט צו פאַרנעמען דײַן אָרט באַם וועב־שטול?

— האָב געדולד, וולאַדעק. ס'וועט ניט אייביק אַזוי זײַן. מירן נאָך דערלעבן צו זען, ווי עס וועלן פאַרשווינדן ניט נאָר די הינט באַם טויער, נאָר אויך די באַלעבאַטים זייערע הינטער די שפּיגל־פענצטער! — רופט זיך אָפּ אַן אַרבעטער פון דער זײַט.

— נו, נו, דאָ איז ניט דאָס אָרט פאַר אַזעלכע שמועסן, — זאָגט סטאַניסלאַוו און גייט דורך צווישן די צוויי וועכטער, קוקנדיק זיי גלײַך אין די אויגן אַרײַן, ווי אַ כײַעס־צוימער קוקט אין די אויגן פון דער געצוימטער כײַע. „אַנו, פּרוּוו זיך, אַדעראַבע, באַזוכן מיך!" — רעדט זײַן בליק אָן ווערטער.

עס טרעפט, אַז אַן אַרבעטערן, וועלכע דער וועכטער באַטאַפּט צו פלײַסיק, גיט אים אַ זעץ איבער די הענט:

— אַוועק מיט די כאַזערשע לאַפּעס, פּסיאַמאַטש! אַ סאַך האָסטו דאָרטן אַרײַנגעלייגט, וואָס דו קריכסט ווו מע דאַרף ניט?!

דער פאַבריק־לאַגער פאַרנעמט דעם גאַנצן פראָנט אין אַ הויז אַף דער הויפּט־גאַס פון שטאָט. דאָ איז אַלץ סאָליד, פול מיט גלאַנץ און אָרדענונג — „אָפּן דײַטשן שטייגער": קאָלאָסאַלע זאַלן מיט גרויסע

שפּיגל־פּענצטער, מיט געוועקסלטע דילן, ווי אין א באנק, מיט פּאָלירטע פּאָליצעס, פון אויבן ביז אראָפּ געפּאקט מיט דראפּן, שעוויאָטן און געוואנטן פון דער אייגענער פאבריק.

אפן געוועגטענעם אינדזל „ראָטשטיין און קלינקאָוושטיין", ווי אין דער גאנצער געוועגטענער וועלט פון דער גרויסער פאבריק־שטאָט, איז די ווייַסקאָלנערדיקע און אָנקאָלנערדיקע ארמיי לוין־ארבעטער איַינגעטיילט אין דריַי קאטעגאָריעס: אָנגעשטעלטע, יונגעלייַט און יונגען, אָדער „מענטשן".

פּראָקורענטן, פאררוואלטערס, הויפּט־בוכהאלטערס, גרויסע וואָיאזשאָרן, אלטע געניטע פארקויפערס — דאָס זייַנען אָנגעשטעלטע.

געהילף־בוכהאלטערס, קאָנטאָר־ארבעטער, עקספּעדיטאָרס, מענטשן הינטער דער טאָמבאנק, אומאָפּהענגיק פון זייער עלטער, גילטן אונטער דעם אלגעמיינעם נאָמען יונגעלייַט.

פּאקערס, טרעגערס, פורמאנעס, שיק־ייִנגלעך און זייער גלייַכן זייַנען פּאָשעט — יונגען.

א פארהייראטער יונג טראָגט דעם נאָמען „מענטש".

אָנגעשטעלטע פארנעמען פּאָסטנס. יונגעלייַט זייַנען אף שטעלעס. יונגען און מענטשן — דינען.

אָנגעשטעלטע — דאָס איז די אריסטאָקראטיע פון דער געוועגטענער וועלט; יונגעלייַט — דער מיטל־קלאס; יונגען און מענטשן — דער פּלעבס, דער האמוין.

מיט דער אריסטאָקראטיע האלטן זיך די באלעבאטים קאָרעקט: באגריסן זיך פאר דער האנט און רופן זיי „פּאניע": „פּאניע בוכהאלטעזשע", „פּאניע מעצענאטשיע"... אפן „גוט־מאָרגן" פון דעם מיטל־קלאס ענטפערט דער „שעף" מיט אן איַילנדיקן „מאָען־מאָען!" און דער „אלטער" — דורך א שטומען שאָקל מיטן קאָפּ. אף די אונטערטעניקע באגריסונגען פונעם פּלעבס ענטפערן זיי אמאָל גנעדיק און איבערגעטריבן פרייַנטלעך, און אמאָל — גאָרניט: עס ווענדט זיך אָן דער שטימונג פון די באלעבאטים.

די באַלעבאַטים רופן די אָנגעשטעלטע און יונגעלײַט אַף זייערע פאַמיליעס, די יונגען און מענטשן — בא זייערע נעמען און „דו": „הער נאָר, שמילי!", „קום נאָר אַהער, מוישע!"...

ניט נאָר די הערשער פונעם געוועזענעם אײַנדזל — די מענטשן גופא, כאָטש זיי דינען אַלע אין באַלעבאָס, — באַציִען זיך איינע צו די אַנדערע, ווי זיי וואָלטן געהערט צו פאַרשיידענע קלאַסן.

דער פּראָקורענט — פּאַן ליפּעצקי, א שטײַפער, מיט האַרטע, געלע, אַרויף פאַרדרייטע וואָנצן — א פּינקטלעכע קאָפּיע פונעם שעפס ווילהעלם־וואָנצן, — האַלט זיך מיט אַלעמען אונטער אים, ווי ער וואָלט געווען א דריטער שוטעף צום געשעפט. דער הויפּט־בוכהאַלטער — איזאַק־סאָן, א טרוקענער פאַרשוין מיט א שאַרפער דאַרער נאָז, קוקט אַף אַלעמען דורך זײַנע גאָלדענע ברילן מיט א קאַלטן בליק, וואָס רעדט אָן ווערטער: „ווייס דײַן אָרט און פּרווו זיך ניט ווערן מיט מיר זא פּאַנא בראַטא"... דער עלטסטער וואָיאַזשאָר — וואַרהאַפטיק, א סאָלידער פאַרשוין מיט א פּאָנעם און מאַנירן פון א פּרעמיער אין א פּראָווינציעלער אָפּערעטן־טרופּע — האַלט זיך מיט די יונגעלײַט מיט גנעדיקער אויבנאַראָפּיקײַט, אָבער שטרענג. ער וואָלט זיכער באַטראַכט פאַר א טאַקט־לאָזיקײַט, ווען א יונגערמאַן וואָלט אים דער ערשטער דערלאַנגט די האַנט אָדער ווען ער וואָלט זיך צו אים געווענדט אָן א „פּאַניע" אָדער „גאָספּאָדין".

אַפילע אונטן אין קעלער, ווו יונגען און מענטשן אַרבעטן אַלע גלײַך שווער און לעבן אַלע גלײַך שלעכט, אַפילע דאָרטן לעבט די באַדער־פעניש צו האַלטן עמעצן א ביסעלע נידעריקער פון זיך.

פּונקט ווי די ווײַסקאָלנערדיקע פון די אייבערשטע שטאָקן קוקן פון אויבן־אַראָפּ אַף די אָנקאָלנערדיקע פון די קעלערן, אַזוי קוקט פּײַוויש דער פּאַקער — א כאָסיד, וואָס געהערט צו איין רעבן מיטן „אַלטן", — פון אויבן־אַראָפּ אַף קערים כאַדזשיבײַעוון, דעם נאַכט־וועכטער פונעם געוועזענעם אײַנדזל, און אַף מוסטאַפאַ אורסולאָוון, דעם פורמאַן.

— באַ אינדז ייִדן, — זאָגט פּיִווּיש, — איז מוישע — מוישע, שמיל — שמיל און פּיִוויש — פּיִוויש. און דער סאַמע לעצטער האַנד־ליאַזש האָט אַף זעך אַ ייִדישן קאָפּ. אָבער באַ זיי, לעהאַווּדל, וואָס? אַלע טאָטערן האָבן איין פּאָנעם און די זעלביקע געגאָלטע קעפּ... אַבדוּל!

„אַבדוּל" — דאָס איז אין קעלער דער נאָמען פּאַר אַלע טאָטערן, ווי זיי זאָלן ניט הייסן.

ניט מע רעדט צו זיי, נאָר מע שרײַט הויך און מע כּאַזערט איבער די ווערטער עטלעכע מאָל, ווי מע רעדט צו אָפּגעשטאַנענע מענטשן, וואָס באַנעמען שווער אײַערע רייד.

אַ מערקווירדיקע אייגנשאַפט פון די אײַנוווינער פון געוועזענעם אינדזל איז זייער גרויסן זיך מיט פרעמדער גרויסקײַט און זייער באַריי־מען זיך מיט פרעמדע אַשירעס. פון דער אַריסטאָקראַטיע הינטער די אָפּגעצאַמטע גלאָז־קאָנטאָרלעך ביזן לעצטן פּאַקער־יונג אין אונטער־גרונט פונעם געוועזענעם אינדזל שטאָלצירן אַלע מיט דער גרויסקײַט און רײַכקײַט פון דער פירמע, ווי זיי וואָלטן געווען שוטפים צום געשעפט.

מע גרויסט זיך ניט נאָר מיט דער מאַכט און רײַכקײַט פון דער „אייגענער" פירמע, נאָר מע שטאָלצירט אויך מיט אַנדערע גרויסע געשעפטן, אַפילו מיט קאָנקורירנדיקע. מע ציילט פרעמדע רעוואָכים, מע שאַצט פרעמדע פּאַרמעגנס און מע ווייסט יעדע קלייניקײַט, וואָס איז נעגייע די קאַרפּן־קעפּ פון דער אינדוסטריע, ווי עס וואָלט נעגייע געווען זיך אַליין.

אין די פּאַרנאַכטיקע שאָען, ווען די אַרבעט איז שוין אָפּגעטאָן, זיצן יונגעלײַט און פירן אונטער באַלאַנסן פון די אומזאַצן פון יעדער גרויסער פירמע אין שטאָט. רעכענען אויס די דיווידענדן פון יעדער אַקציע־געזעלשאַפט, שאַצן אָפּ, וויפל יעדער מיליאָנער פאַרלעבט אַ יאָר, וויפל ער פאַרשווענדט אַף געליבטע און וויפל ער פאַרשפּילט אין קאָרטן — אַלץ ביז צו דער לעצטער קאָפּעקע.

אונטן, אין די קעלערס, זיצן פאקערס אף גרויסע פעק סכוירע, וואָס דארפן אָפּגעשיקט ווערן אין אלע עקן לאנד, און דערציילן זיך איינע די אנדערע מייַסעס וועגן פאבריקאנטן מיליאָנערן, וואָס זייַנען אמאָל אליין געווען פאקערס, — דאָוויד פּרוסאק, לעמאָשל, — און וועלכע שוויצן נאָך אדהייַעם, ווען עס קומט זיי אויס אונטערצושרייַבן זייערע נעמען.

אין דעם אויפן און טאָן, אין וועלכן די מייַסעס און אנעקדאָטן ווערן דערציילט, פילט זיך א שטיקל באפרידיקונג און פארבאָרגענע האָפע־נונג: א מיליאָנער און אזא אמהאָרעץ. און... זעט איר דאָך, געווען א פּא־קער, איינער פון אונדז, און איצט — א מיליאָנער. עפשער... בא גאָט איז אלץ מעגלעך... זאָל ער נאָר וועלן, קאָן יעדער פון אונדז ווערן א דאָ־וויד פּרוסאק.

קונדן, וועקסלען, פּראָטעסטן, באנקראָטן, אומזאץ, דיווידענדן — דאָס איז געווען די איינציקע טעמע פון אלע שמועסן אפן געווענטענעם אינדזל. ס'האָט קיינמאָל ניט פּאסירט, אז די איינוווינער פונעם געווענ־טענעם אינדזל זאָלן ריידן וועגן עפּעס אנדערש.

און מיטאמאָל איז געשען אן אומדערהערטע זאך! אפן געווענטענעם אינדזל האָט מען אָנגעהויבן ריידן וועגן עטוואָס אזוינס, וואָס האָט צו אים די מינדסטע שייַכעס ניט געהאט — וועגן פּאָליטיק, אליין ניט כויי־שעד זייַענדיק, אז דאָס איז פּאָליטיק.

ס'האָט אזוי געדארפט פּאסירן, אז דער זון פון א רייַכן עלזאסער פאבריקאנט און איידעם פון א רייַכן פּאריזשער קאָמערסאנט זאָל ווערן דער צענטער פון א גראנדיעזער פּאָליטישער אפערע, אין וועלכער פּער־זענלעכע אינטערעסן און קאריערעס זייַנען איבערגעפלאָכטן געווען מיט פּארטיי־אינטריגעס און ווייַטגייענדיקע פּאָליטישע פּלענער: ארום דעם נאָמען פון א באשיידן, דורכשניטלעך מענטשל האָט זיך צעפלאקערט א פארביטערטער קאמף צווישן מאָנארכיסטן און רעפּובליקאנער, קלערי־

קאלן און ראדיקאלן, אנטיסעמיטן און סאָציאַליסטן, צווישן פּאָליטישן שווינדל און גערעכטיקייט, צווישן דער סאמע פינצטערער רעאקציע און פריַיהייטליבנדיקן פּראָלעטאריאט און ראדיקאלער אינטעלי־גענץ.

אין רען, א שטילע אקאדעמישע און מיליטערישע שטאָט אין פראנק־רייַך, האָט זיך אָפּגעשפּילט דער דריטער און לעצטער אקט פון דער טראגעדיע דרייפוס. קאפּיטאן דרייפוס, ביז מיט עטלעכע יאָר צוריק אן אומבאוווסטער נאָמען, איז איצט געלעגן אף די ליפּן פון מיליאָנען מענטשן אין דער גאנצער וועלט. און ארום אים האָט געבושעוועט א יאם פון לייַדנשאפטן. דער שטורעם איז געווען אזוי שטארק, אז א כוואליע פון אים האָט דערגרייכט אזש ביז צו די געווענטעטע אינדזלען, וואָס זייַנען אָפּגעצאמט געווען פון דער ארומיקער וועלט מיט שעוויאָטענע פעסטונגען און געווענטעטע ווענט און ווו די איינציקע פּאָליטיק, מיט וועלכער די איַינוווינער האָבן זיך פון אייביק אָן אינטערעסירט, איז געווען די האנדלס־פּאָליטיק.

פאר די מענטשן פון די געווענטעטע אינדזלען איז די דרייפוס־אפערע געווען א ריין־יידישע זאך: אנטיסעמיטן האָבן געמאכט א פאלשן בילבל אף א יידישן אָפיצער און פארשיקט אים אפן „טייַוולס אינדזל". און כאָטש דער פראנצויזישער פּרעזידענט האָט אים באגנעדיקט, איז וויכ־טיק, אז זייַן אומשולד זאָל דערוויזן ווערן פאר דער גאנצער וועלט, ווייל „אויב ניט, וועט זייַן ערגער פאר יידן"...

נאָר כאָטש די מענטשן פון די געווענטעטע אינדזלען האָבן ניט כוי־שעד געווען, אז זיי זייַנען ארייַנגעצויגן געוואָרן אין א פּאָליטישן קאמף, זייַנען זיי פארקאָכט געווען אין אים ניט ווייניקער פון די, וועלכע האָבן יאָ פארשטאנען, וועגן וואָס עס האנדלט זיך.

אפילע אליין דער „שעף", וואָס האָט אויסער בירזשע־באריכטן און אנאָנסן וועגן יונגע, שיינע בלאָנדינקעס, וואָס זוכן „פּאסיקע באשעפטי־קונג בא פארמעגלעכע הערן", קיינמאָל קיין זאך אין די צייַטונגען ניט

20–2064

געלייענט, — אפילע ער אליין האָט יעדן טאָג, קומענדיק פרימאָרגנס אין געשעפט, גענומען נאָכפרעגן זיך:

— צאָ סליכאַטש נאָוועגאָ וו ספראוויע דרייפוסא — וואָס הערט זיך נײַס אין דעם דרייפוס־פּראָצעס?

און ניט באַנוגענענדיק זיך מיט דעם ראפּאָרט, וואָס איזאַקסאָן, דער הויפּט־בוכהאַלטער, האָט אים אָפּגעגעבן, האָט ער אַליין אָנגעהויבן לייע־נען באַריכטן פונעם פּראָצעס.

פּונקט ווי פריער איז די איינציקע טעמע פון אַלע שמועסן געווען געשעפט, אַזוי האָט מען איצט אין יעדער פרײַער מינוט וועגן קיין זאַך, אויסער דעם דרייפוס־פּראָצעס, ניט גערעדט. עס האָבן גערעדט וועגן דעם צווישן זיך די מענטשן, מע האָט גערעדט וועגן דעם מיט קונדן. מע האָט פאַרפירט שמועסן וועגן דעם פּראָצעס מיטן „שעף" און מיטן „אַלטן" גופא — א זאַך, וואָס די אונטערטאַנער פונעם געוועזנטעטענעם אינדזל, וויניקסטנס, זײַן מיטל־קלאַס, וואָלטן פריער קיינמאָל ניט גע־וואַגט.

די פרעמדע, אומבאַקאַנטע ווערטער „דאָסיע" און „באָרדעראָ" זײַנען געוואָרן ניט ווייניקער היימיש, ווי די ווערטער „שעוויאָט" און „קאַמ־גאַרן". די נעמען פון די ריכטער, פון די אײדעס און אַדוואָקאַטן אין פּראָצעס, פון יעדערן, וואָס האָט געהאַט די מינדסטע שײַכעס צו דער דרייפוס־אַפּערע, זײַנען צווישן די אײַנוווינער פון די געוועזנטענע אינ־דזלען באַקאַנט געוואָרן אַזוי גוט, ווי די נעמען פון די גרעסטע פאַברי־קאַנטן אין שטאָט.

מאַיאָר רעניע, קאַפּיטאַן אַנרי, פּאָלקאָווניק פּיקאַר, שפּיאָן עסטער־האַזי, די פינף געוועזענע פראַנצויזישע קריגס־מיניסטאָרן: מערסיע, בילאָ, קאַווענִיאַק, צורלינדען און שאַנזאַן — אַלע קעגנער פון דריי־פוסן — זײַנען באַטראַכט געוואָרן ווי סוינע־ייִסראָעל און פּערזענלעכע פּײַנט, פּונקט ווי די פרײַנט און פּאַרטיידיקער פון דרייפוסן זײַנען פאַ־רעכנט געוואָרן פאַר יידן־פרײַנט, קימאַט קרויווים... עמיל זאָליא און דער פּאַרטיידיקער לאַבאָרי האָבן אין די הערצער פון די מענטשן פאַרנומען

דאָס אָרט פון די גרויסע אינדוסטריִעלער שייבלער און פּאָזנאַנסקי. מיט זשאַרעסן און קלעמאַנסאָ האָט מען זיך אינטערעסירט מער, ווי מיט די פאַבריקאַנטן מיליאָנערן.

אין איינעם א טאָג, אין רעכטן ברען פון דרייפוס־פּראָצעס, איז אין געשעפט אַראָפּגעקומען דער מאָסקווער פערווע גילדיע קופּעץ סיסיפאַטער סידאָראָוויטש סידאָראָוו, דער פירמעס גרעסטער און ראַיעלסטער קונד.

שוין דאָס אליין, וואָס סיסיפאַטער סידאָראָוו איז „ווערט געווען" צען מיליאָן רובל — צען מאָל אזויפיל, וויפל ביידע שוטפים צוזאמען האָבן פאַרמאָגט, — איז גענוג געווען, אז אלע אין געשעפט — פונעם שעף ביזן לעצטן שיק־יִינגל — זאָלן אַף אים קוקן, ווי אַף א באשעפעניש פון א העכערן מין. פון קעלער ביזן אייבערשטן שטאָק האָט מען געוווּסט, אז סיסיפאַטער סידאָראָוויטש גיט צו לייזן פּערציק טויזנט רובל אין א סעזאָן, אז מע שיקט אים ארויס די סכוירע „דרייַסיק טעג אָפּן"[1] און אז „דאָס געלט איז בא אים זיכער ווי אין גאָסודארסטווענע באַנק".

ווי וועגן דעם אָנקום פון א הויכגעשטעלטער פּערזאָן, האָט מען מיט וואָכן פריִער געוווּסט, אז סיסיפאַטער סידאָראָוויטש קומט, און מע האָט זיך געגרייט דערצו. פון דעם מאָמענט, ווען דער הויפּט־וואָיאזשאָר וואַרהאַפטיק און דער הויפּט־פּאַרקויפער זויערקרויט האָבן אים באגעגנט אַפן וואָקזאַל, ביז זיי האָבן אים ארויסבאגלייט פון שטאָט, האָבן זיי געזאָרגט דערפאַר, אז סיסיפאַטער סידאָראָוויטש זאָל זיך ניט לאנגווייַליקן: זיי האָבן אים געפירט אין די בעסטע רעסטאָראַנען, אָפּגעזעסן מיט אים נעכט אין שאַנטאַנען, געגאַנגען מיט אים צו „מיידעלעך" און אַף קיין איין מינוט ניט אָפּגעלאָזן אים פון אויג.

זייַן אראָפּקומען אין געשעפט אָפּקלייַבן סכוירע איז געווען די גרעס־

[1] אָן וועקסלען.

טע געשעעניש פונעם סעזאָן. דער גאַנצער פּערסאָנאַל איז געשטעלט געוואָרן אויף די פיס. דער „שעף" אַליין איז אים אַנטקעגן געגאַנגען מיט ביידע הענט אויסגעשטרעקט פאָרויס אין א ברייטן באַרעכהאבע. דער „אַלטער" האָט פאַרלאָזן די פאַבריק און איז געקומען אויסדריקן זיין הויכאַכטונג דעם גרויסן סיסיפאַטער סידאָראָוויטשן. ער האָט אפילו, פון זיין קאָוועד וועגן, אויסגעטאָן דאָס יידישע טוכענע היטעלע און געבראָכן זיך די צונג צו ריידן מיט אים א שפּראַך, וואָס ער אַליין האָט געגלייבט, אַז ס'איז רוסיש.

באַם אָפּקלייבן סכוירע האָבן סיסיפאַטער סידאָראָוויטשן באַדינט אַליין די באַלעבאַטים מיט דער הילף פון דעם פּראָקורענט ליפּעצקי, דעם הויפּט־פּאַרקויפער זויערקרויט און דעם וואָיאַזשאָר וואַרהאַפטיק. צוהילף דעם „גענעראַליטעט" פונעם געוועזענעם אינדזל זיינען צוגעשטעלט געוואָרן עטלעכע פּראָסטע סאָלדאַטן — יונגעלייט. זייער אַרבעט איז באַשטאַנען אין שלעפּן פון די פּאָליצעס, אין אָנוואַלגערן אויף דער טאָמ־באַנק שטיקער שטאָף, צוריק צונעמען און מאַכן אָרט פאַר נייע מוסטערן.

דער ביט־געשריבענער געזעץ האָט שטרענג פאַרבאָטן די יונגעלייט אָפּרופן זיך מיט א וואָרט אין דער געגנוואַרט פון דעם הויכגעשטעלטן אויבערקונד.

יענעם טאָג בין איך געווען איינער פון די שטומע באַדינער פון יעוואָ סטעפּענסטוואָ, דעם גרויסן סידאָראָוו. דער אָפּקלייב פון שטאָפן איז, ווי שטענדיק, צוגעגאַנגען געמיטלעך, ווי דאָס וואָלט געווען א נעבן־זאַך.

אַרומגערינגלט מיט דעם גאַנצן גענעראַל־שטאַב פון דער פירמע, איז סיסיפאַטער סידאָראָוויטש — א גרויסער, א שווערלייביקער, מיט די ווייסע מאַסיווע הענט אויף די קני, — געזעסן אויף א שטול און געמיטלעך, אויפן עכט־רוסישן שטייגער, געשמועסט, ווי ער וואָלט גלאַט געקומען דורכריידן זיך. יעדערער האָט זיך באַמיט צו דערציילן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל אים אינטערעסירן, וואָס זאָל אים פאַרוויילן. נאָר באַזונדער

האָט זיך מיט זײַנע מײַסעס און אַנעקדאָטן אויסגעצייכנט וואַרהאַפּטיק — דער איינציקער פון די העכערע אָנגעשטעלטע, וואָס האָט גערעדט א ריינעם רוסיש, מיט וואָס ער האָט בייס דעם אופנעם פון דעם גרויסן סידאָראָוו אָפּגערוקט אַלע אַנדערע אָנגעשטעלטע אין הינטער־גרונט.

צווישן איין אַנעקדאָט און דעם צווייטן האָט עמעצער פון „שטאַב" אונדז צוגעוואָרפן:

— צע־בע 105!.. ווײַזט נאָר ענ־עס 301... עף־ביס!..

סיסיפאַטר סידאָראָוויטש פּילט דעם שטאָף מיט זײַנע פינגער־קאָל־באַסקעס אָדער ער גיט בלויז א קערעווע די אויגן און זאָגט, ווי פאַר־בײַגײַענדיק:

— פּערציק שטיק... לייג אָפּ א זיבעציק שטיקלעך... מאַך א הונ־דערט פונעם גרויען.

און שמועסט ווײַטער וועגן זײַטיקע זאַכן.

צי ווײַל אַלע אַנעקדאָטן זײַנען שוין געווען אויסגעשעפּט, צי ווײַל ער האָט גערעכנט, אַז דער דרייפוס־פּראָצעס דאַרף סידאָראָוון אינטע־רעסירן, — נאָר וואַרהאַפּטיק האָט פאַרפירט מיט אים וועגן דעם א שמועס.

— געוויס געהערט, סיסיפאַטר סידאָראָוויטש, וועגן דעם דרייפוס־פּראָצעס. וואָס זאָגט איר עפּעס, וואָס סע טוט זיך בא די פראַנ־צויזלעך?

— וועגן שפּיאָן דרייפוס? ווי דען, געהערט. געלייענט וועגן דעם יעדן טאָג אין „מאָסקאָווסקי ליסטאָק". דאָ־ס. א טשיקאַווער פּראָצעס...

עס האָט זיך געפילט א פאַרלוירנקײַט, אָבער אַלע האָבן אונטערטע־ניק געשמייכלט.

— איר מאַכט א טאָעס, סיסיפאַטר סידאָראָוויטש! דער שפּיאָן איז עסטערהאַזע. ער טאַקע האָט עס געמאַכט דעם בילבל אויף דרייפוסן, — האָט פאַן ליפּעצקי, מיט גרויס אַכטונג, זיך דערוועגט אָנצווײַזן.

— קאקאָי־טאקאָי עסטערגאזי? איך ווייס ניט פון קיין עסטערגאזי. קלאָר געשריבן אין צײַטונג — דרייפוס, — איז סידאָראָוו באשטאנען אף דאָס זײַניקע.

מער האָט קיינער ניט דערוואגט צו דערווידערן. וויבאלד סיסי־פאטר סידאָראָוויטש וויל, אז דער שפּיאָן זאָל זײַן דרייפוס, בלײַבט דרייפוס.

איך האָב גוט געדענקט, אז אין דער געגנווארט פון סיסיפאטר סידאָ־ראָוויטש און זײַן גלײַכן דארף איך זײַן טויב און שטום, אָבער מײַן טעמפעראמענט, מײַן „אָפן מויל", ווי די באלעבאטים האָבן עס באַ־צייכנט, האָט מיר ווידעראמאָל צוגעדינט.

— דער „מאָסקאָווסקי ליסטאָק" איז א ביליק גאסן־בלעטל פאר דוואָרניקעס און גאָראָדאָוואָיען. ער ליַיגט, דער „מאָסקאָווסקי ליס־טאָק"... ס'איז שוין דערוויזן געוואָרן אין געריכט, אז דרייפוס איז אומ־שולדיק.

ווען איך שפּײַ אָן דעם „אלטן" אין זײַן געצערטלט בערדל, אָדער ווען איך זידל אויס דעם „ שעף" מיט די ערגסטע ווערטער, וואָלט עס ניט געמאכט אזא אײַנדרוק, ווי מײַן אומדערהערטע האָזע: ענטפערן אנטקעגן דעם אויבערקונד סידאָראָוון...

דעם „שעפס" שפּיציקע וואָנצן האָבן גענומען גיין כאָדאָראָם, ליפּעצ־קיס פּליך האָט זיך אָנגעצונדן, און דעם „אלטנס" עטוואָס פארנעפּלטע און פּילגלוסטטנדיקע אויגן האָבן אף מיר געקוקט קאלט און בייז.

— מילטש (שטום), — האָט דער „שעף" אויסגעשיפּעט צווישן די ציין.

— ווען מע וועט אײַך פרעגן, וועט איר דאן ענטפערן. דערווײַל טוט אײַער זאך און האלט ס'מויל, — האָט דער „אלטער" קימאט אײַנגערוימט מיר אין אויער.

— איר דערלויבט זיך צופיל, יונגערמאן, — האָט וואַרהאפטיק, פון זײַן זײַט, אָנגעוויזן מיר אף מײַן טאקטלאָזיקײַט.

ווייניקער פון אלעמען האָט זיך דערפון געקימערט דער גרויסער

סידאָראָוו אַליין. איך בין פאַר אים געוועזן אַ יינגל, צו אומבאַדייטנדיק, אַז ער, דער העלפאַנד פון מאָסקווער סאַכרימטום, זאָל זיך אויף מיר אומקוקן.

— נאָ־נאָ־נאָ! — האָט ער אויף מיר גוטמוטיק אַ בלישטשע געטאָן מיט זיינע ווייסע ציין פון צווישן דער געדיכטער שוואַרצער כמאַרע פון באָרד און וואָנצן, — נאָ, נאָ, נאָ, יונגערמאַן! דעם „מאָסקאָווסקי ליסטאָק" לייענען כאָשעווע מענטשן. איך לייען דעם „מאָסקאָווסקי ליסטאָק"!

נאָר כאָטש סיסיפאַטער סידאָראָוו איז פאַרבייגעגאַנגען מיין כוצפּע גוטמוטיק, האָב איך פאַר איר באַצאָלט דעם פולן פּרייז.

ווי נאָר די טיר האָט זיך פאַרמאַכט נאָך סידאָראָוון, אַזוי האָבן זיך אַלע אויף מיר ארופגעוואָרפן:

— וואָס פאַר אַ רעכט האָט איר דערהויפּט אריינמישן זיך אין אַ געשפּרעך צווישן עלטערע? — האָט דער „שעף" געוואָלט וויסן.

— די כוצפּע פון אַ ליטוואַק! ענטפערן אַנטקעגן סידאָראָוון! — האָט ליפּעצקי אונטערגעהאַלטן. — אַ גליק, וואָס ער איז אַ גוטמוטיקער מענטש. און וואָס וואָלט געווען, ווען ער באַליידיקט זיך, גאָט באַהיט? — האָט ער זיך גאָר ניט געקאָנט פאָרשטעלן די שרעקלעכע פאָלגן פון אַזאַ קאַטאַסטראָפע.

— אָבער סידאָראָוו איז דאָך אומגערעכט! אַלע ווייסן דאָך, אַז דרייפוס איז ניט קיין שפּיאָן, — האָב איך זיך געפּרוּווט פאַרענטפערן.

— דער קונד איז שטענדיק גערעכט, — האָט דער „אַלטער", באַטאָנענדיק יעדעס וואָרט באַזונדער, ווי זיין שטייגער, שטיל, אָבער וואָגיק, אויסגעפערלט, ווי ער וואָלט געציילט געלט. — און קונדן פון סידאָראָווס גראַד — צען מאָל גערעכט. וואָס פאַר אַ קרומע זאַך זיי זאָלן ניט זאָגן, זיינען זיי אַלציינס גערעכט, דורכויס גערעכט. פאַר מענטשן, בא וועלכע דער דאָזיקער ערשטער און וויכטיקסטער קלאַל פון געשעפט איז ניט איינגעקריצט אין מאַרך, איז בא מיר קיין אָרט ניטאָ. פאַרשטאַנען?

און אינעם זעלביקן טאָג, ווען קאַפּיטאַן דרייפוס האָט פאַרלאָזט דאָס געריכט א ריין־געוואַשענער, בין איך אַף שטענדיק פאַריאָגט געוואָרן פונעם געווענטענעם אינדזל.

— מענטשן, וואָס ווייסן ניט, אז דער קונד איז שטענדיק גערעכט, טויגן פאַר אונדז ניט און וועלן פאַר קיינעם ניט טויגן! — האָט פאַן ליפּעצקי ארויסבאַגלייט מיך מיט דעם לאָזונג, וואָס איז געשטאַנען אָנגעשריבן אַף דער פאָן פון די געווענטענע אינדזלען.

1960—1941

# הער שולץ צעפּאטערט מיר מײַן קאריערע



לע אומשטענדן האָבן געפירט דערצו, אז מײַן לעבן זאָל געווידמעט זײַן דער נוצלעכער ארבעט פון לאטען פרעמדע ציין מיט צעמענטענע אָדער מעטאלענע פּלאָמבעס און אָנפילן ציינלאָזע מײַלער מיט קאסטנס קינסטלעכע ציין, — ווען עס מישט זיך ניט ארײַן דער הער פרידריך שולץ, פאָרשטייער פון דער פירמע „אש אונד זאָן", און צעפּאטערט מיר ניט מײַן קאריערע.

בלויז ער אליין, דער נעמלעכער פרידריך שולץ, איז שולדיק אין דעם, וואָס די וועלט האָט מיט איין דאנטיסט ווייניקער און מיט איין שרײַבער מער.

איך האָב פאַרנומען א קליין, האַלב־טונקל צימערל בא די ציין־דאָק־טוירים רוזשע פשעפּיורקע און מאָריץ פּיעטרושקע. שוין דרײַ יאָר, אַז רוזשע פשעפּיורקע איז געוואָרן מאַדאַם פּיעטרושקע, נאָר ווײַל דעם ציינדאָקטערשן דיפּלאָם אירן האָט זי באַקומען, ווען זי איז נאָך געווען פרײַלן פשעפּיורקע, גייט דעריבער דער קאַבינעט אונטער דער שילד „ציינדאָקטערשער קאַבינעט פשעפּיורקע און פּיעטרושקע".

ווי מענטשן, בא וועמען די בײַכער האָבן פון צופיל עסן קיינמאָל ניט ווײי געטאָן, זײַנען פשעפּיורקע און פּיעטרושקע געווען פּראַקטיש און אויסגערעכנט אין לעבן. האָבן זיי דעם דאָקטערשן קאַבינעט זייערן געעפנט ניט אַף דער הויפּט־גאַס פון שטאָט, ווו יעדעס הויז איז פאַר־פלאַסטערט געווען מיט ציינדאָקטערשע שילדלעך, ווי דער טשעמאָדאַן פון א רײַזנדער מיט האָטעל־צעטלעך, נאָר דאַפקע אַף אַלטשטאָט, אַפן אינדזל פונעם האָרעפּאַשנעם דאַלעס, ווו זייער קאַבינעט איז געווען בע־סאַכאַקל דער עלפטער אין צאָל אַף א באַפעלקערונג פון צוויי הונדערט טויזנט.

א באַפעלקערונג אָן אָרעמע, אָבער א געדיכטע, האָבן פשעפּיורקע און פּיעטרושקע אויסגערעכנט: פון אַרײַנשטעלן ציין קאָן מען דאָ קיין סאַך פאַרנאָסע ניט דערוואַרטן — אָרעמעלײַט האָבן אַף אַזעלכע לוקסוסן קיין געלט ניט, — אָבער פון היילן, דעריקער פון רײַסן ציין וועט מען זען א לעבעדיק קערבל. אָרעמע מענטשן, האָבן זיי געוווּסט, פאַרנאַכ־לעסיקן זייערע ציין, ביז זיי הייבן אָן קריכן אַף די גלײַכע ווענט. דער־פאַר אָבער, אַז עס כאַפּט אָן א מענטשן ציינווייטעק, לויפט אפילע דער גרעסטער קאַפּצן צום ציין־דאָקטער.

נאָר צי ווײַל אַף זייער שלימאַזל האָבן מענטשן אופגעהערט צו לײַדן אַף ציינווייטעק, צי ווײַל דער אוילעם האָט צו די יונגע דאָקטוירים קיין צוטרוי ניט געהאַט, — נאָר קיין פּאַציענטן האָט מען אין די אויגן ניט אָנגעזען. ס'הייסט, פּאַציענטן זײַנען דאַפקע יאָ געקומען, אָבער אַלץ אַזעלכע, וואָס גלײַכער וואָלטן זיי געזעסן אין דער היים: פשעפּיורקעס אָדער פּיעטרושקעס ברידער, שוועסטער, פעטערס, מומעס, שוועסטער־

קינדער, מעכוטאָנים, קרויווים ביזן דריטן דאָר אריַין — אַלץ פּאַציִ־
ענטן, וואָס מע פּאַטערט אַף זיי בלויז ציַיט און מאַטעריאַל. צאָלן „אונד־
זער רוזשעלען" און „אונדזער מאָריצן" געלט פאַלט זיי אפילע ניט איַין.

צווישן דער ריַיכער מישפּאָכע־פּראַקטיקע האָבן זיך ווען־ניט־איז
דורכגעוואָרפן איינציקע זיַיטיקע פּאַציִענטן פון דער גאַס. עס זיַינען
געקומען ייִדן מיט באַקן אופגעבלאָזענע ווי די פענכערס, וויַיבער מיט
אונטערגעבונדענע גאָמבעס, מוידן מיט פענעמער, פאַרקרימטע פון
פליוסן; מאַמעס האָבן, ווי צו דער שכיטע, געבראַכט צו פירן וויינענדיקע
קינדער. אַזעלכע פּאַציִענטן זיַינען, געוויינלעך, געקומען אין דער לעצ־
טער מינוט, ווען זיי האָבן שוין מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן פון ווייטעק,
און וויינענדיק געבעטן דעם פאַן דאָקטער, ער זאָל זיי ראַטעווען. ווי נאָר
„אָפּגעראַטעוועט" און מיט דעם פאַרבלוטיקטן ארויסגעריסענעם צאָן אַף
דער דלאָניע, אַזוי זיַינען זיי אַ באַלד געווען אָפּצופּאַטערן דעם פאַן דאָק־
טער מיט אַ דאַנק און אַ בראָכע. אַ האַלב קערבל איז געווען דער גרעס־
טער האָנאָראַר, וואָס אַזעלכע פּאַציִענטן האָבן געצאָלט. אַנדערע האָבן
נאָר אוועקגעלייגט צוויי גילדן און אײַלנדיק ארויסגערוקט זיך פון קאַ־
בינעט, ווי זיי וואָלטן מוירע געהאַט, דער „פאַן דאָקטער" זאָל זיי ניט
פאַרהאַלטן אַלס מאַשקן... און ווען פשעפּיורקע האָט אומצופרידן באַ־
מערקט, אַז דריַיסיק קאָפּעקעס איז ניט קיין האָנאָראַר פאַר אַ דאָקטער,
אָדער פיעטרושקע האָט זיך צעבייזערט, אַז דאָ איז ניט קיין העקדעש
פאַר קאַפּצאָנים, וואָס ווילן זיך היילן אומזיסט, האָבן שטילע מענטשן
האַכנאָעדיק געשוואָרן, אַז מער האָבן זיי קיין גראָשן ניט באַ דער נעשאָ־
מע, און צוגעזאָגט „מערצעשעם" צוטראָגן דאָס רעשט, ווי נאָר „שעמעס־
באָרעך" וועט העלפן. פאַרצאָרנטע ייִדן האָבן זיך אַף אים צוריק גע־
בייזערט:

— טאָמער ווייסט עטץ נישט די גרויסע טערכע, וואָס ער'ט דאָ גע־
האַט! אַ האַלבער רובל פאַר איין מינוט טערכע איז אים ווייניק... האַלע־
ווא וואָלט יאָך געהאַט אַ האַלבן ריבל פינוסע פאַר אַ גאַנצן טאָג, וואָלט
יאָך נישט געוויסט ווי גאָט צו דאַנקען... ס'טי געזען!

געוועזן, פארקערט, טעג, ווען די טיר האָט זיך א גאנצן טאָג ניט צו־געמאכט. אזעלכע טעג זײַנען פאר פשעפּיורקע און פּיעטרושקען געווען נאָך ערגער ווי די טעג, ווען זי האָט זיך ניט געעפנט. דאָס זײַנען געקומען: דער אינקאסענט פון דעם מעבל־געשעפט, וואָס האָט געגעבן מעבל אויף ראטעס, דער אגענט פון דער פירמע, וואָס האָט אײַנגעאָרדנט דעם קאבי־נעט אויף קרעדיט, דער שילדן־מאָלער, וואָס האָט געמאָלט די שילדן, — גאָלדענע בוכשטאבן אויף א שווארצן פאָן: „זובאָווראטשעבני קאבינעט פשעפּיורקא אי פּיעטרושקא״, דער קוילן־ייִד, וואָס גיט קוילן אויף באָרג, די מילך־ייִדענע, די בעקערקע, דער קאצעוו, דער באקאליי־קרעמער, די ייִדענע, בא וועלכער מאָריץ פּיעטרושקע האָט געוווינט, איידער ער איז געוואָרן פשעפּיורקע און פּיעטרושקע, און דער ייִד, בא וועלכן פשע־פּיורקע האָט פארנומען א צימער, איידער זי איז געוואָרן מאדאם פּיעט־רושקע, — אלע מענטשן, וואָס אָנשטאָט לאָזן זיך רײַסן ציין, רײַסן זיי די הויט פון די ציין־דאָקטוירים.

די לאגע איז געוואָרן וואָס א טאָג אלץ ערגער. דאָס מעבל־געשעפט וויל צוריק ארויספירן דאָס מעבל; די פירמע פון ראנטיסטישע אינ־סטרומענטן קלײַבט זיך צוריק צונעמען די אויסשטאטונג פון קאבינעט; דער קוילן־ייִד האָט אופגעהערט געבן קוילן, די מילך־ייִדענע לאָזט זיך מער ניט מעלקן, דער קאצעוו זידלט זיך, די געוועלבערקע שילט, דער שילדנמאכער מאכט סקאנדאלן — א קאטאסטראָפע!

קיין שטוב־מיידל האלט מען שוין לאנג ניט. די טיר עפנט מאדאם פשעפּיורקע אליין, שרײַענדיק אפן קאָל, אז מע זאָל הערן אויף דער צווייטער זײַט טיר:

— מאריאנא, פארוואָס גייסטו ניט עפענען די טיר? דו הערסט דען ניט, אז מע קלינגט? הײַנטיקע דינסטן!

איך בין געווען ניט אויף קיין קלענערע צאָרעס, ווי די באלעבאטים מײַנע, און דעריבער — אן אייגענער מענטש בא זיי. פאר מיר האָבן זיי קיין סוידעס ניט געהאט. צוזאמען מיט מיר האָבן זיי געזוכט אייצעס און

געמאכט פּלענער, וויאַזוי צו דערהאַלטן זיך אויף דער אויבערפלאַך ביז בעסערע צײַטן.

און אין איינעם אַ גליקלעכן טאָג האָט זיך מאַריץ פּיעטרושקע דער־טראַכט צו אַ געניאַלן פּלאַן:

לאָדז איז אַ שטאָט מיט טויזנטער וואַיאַזשאָרן, אַגענטן, פאָרשטייער פון פירמעס, וואָס האָבן צו טאָן מיט רוסישע שטעט. קיין ווינרעכט האָבן זיי ניט, און יעדע רײַזע איז פאַרבונדן מיט גרויסע שוועריקייטן. אַ דיפּלאָם פון אַ דאַנטיסט גיט ווינרעכט אין גאַנץ רוסלאַנד. איז וואָלט ניט געווען אַ סוואָרע, איך זאָל פאַר אים געפינען אַ פיר־פינף פאַר־שוינען, וואָס זאָלן וועלן זיך צושרײַבן צו אים אַלס שילער. לערנען די פּראָפעסיע וועלן זיי ניט דאַרפן, ווײַל סײַוויסײַ קלײַבן זיי זיך דאָך ניט צו ווערן צײן־דאָקטוירים, זיי דאַרפן בלויז זײַן צוגעשריבן דרײַ יאָר אַלס שילער און דערנאָך האַלטן עקזאַמען באַם אוניווערסיטעט. פאַר דער געהעריקער מאַטבייע קאָן מען לײַכט געווירע ווערן, וועלכע פראַגן מע וועט שטעלן בײַ די עקזאַמענעס, און צוגרייטן זיך צו זיי. אפן ערגסטן פאַל קאָן מען שטעלן אַ „מאַלעך", וואָס זאָל אויסהאַלטן פאַר זיי די עקזאַ־מענעס. מיט אַ דיפּלאָם אין קעשענע איז דאָך די גאַנצע וועלט פאַר זיי אָפן. פאַר וואָסערע דרײַ־פיר הונדערט רובל קאָנען זיי אים באַקומען. פאַר מיר, מיט מײַן ברייטער באַקאַנטשאַפט אין דער האַנדלס־וועלט, דאַרף ניט שווער זײַן צו געפינען פאַר פּיעטרושקען פיר־פינף שילער. ווי נאָר איך גיב אים דעם ערשטן שילער, אַזוי הייבט ער גלײַך אָן לער־נען מיך צײן־טעכניק, און ווי נאָר איך קריג אים דעם דריטן שילער, וועט ער מיך צושרײַבן פאַר אַ שילער און וועט מיך לערנען צײן־דאָק־טערײַ אויף אַן עמעס.

— ווען איר קריגט מיר כאָטש אַ דרײַ־פיר שילער, — האָט פּיעט־רושקע פאַנטאַזירט, — וואָלטן מיר פאָטער געוואָרן פון די סאַמע דרינ־גענדיקע כויוועס און וואָלטן געהאַט אַ מעגלעכקײַט אויסצוואַרטן אויף אַ גוטער פּראַקטיקע, און איר וואָלט אויף אייביק פאָטער געוואָרן פון אײַער

געמאטערט לעבן. א קליניקיים — א ציין־דאָקטער! אַן אידעלע און זיכערע פּאַרנאָסע! — האָט ער געררייצט מיין אפּעטיט.

מע קאָן ניט זאָגן, אַז פּשעפּיורקע און פּיעטרושקעס „זיכערע פּאַר־נאָסע" זאָל מיך האָבן שטאַרק געלאָקט, נאָר נאָך ווייניקער האָט מיך געצויגן צו זיך די האַנדלס־וועלט, ווען אפילו איך וואָלט ניט געווען אין איר שווארצן צעטל.

און איך בין צוגעטראָטן צו פאַרווירקלעכן דעם גרויסן פּלאַן.

א באקאנטער וואָיאַזשאָר פון מיינע געוועזענע באַלעבאַטים „ראָט־שטיין און קלינקאָווסטיין" איז געווען דער ערשטער פּראַוואָזשיטעל־סטוואָ־שילער, וואָס איך האָב פּשעפּיורקען און פּיעטרושקען צוגעשטעלט.

אָבער צוליב מיין פּולשטענדיקער אמעראַצעס אין דער טעכניק פון „שמירן" האָב איך גלייך פון אָנהייב שיר ניט קאַליע געמאכט דעם גאַנצן גרויסן פּלאַן פּשעפּיורקעס.

דאָס צושרייבן א שילער צו א ציין־דאָקטער האָט געמוזט דורכגע־פירט ווערן דורך דער גובערניאַלער מעדיצינישער אופּראַווע. די דאָ־זיקע אַרבעט האָט פּיעטרושקע אַרופגעלייגט אויף מיר.

ער וואָלט עס אַליין דורכגעפירט, — האָט פּיעטרושקע געזאָגט, — נאָר ס'איז אים א שאָד פאַרלירן א טאָג אויף פאָרן צוליב דעם קיין פּיעט־ריקאָוו. ער וויל ניט פאַרלירן קיין פּראַקטיקע...

— א מעשוגאַס פון א רעגירונג, — האָט פּיעטרושקע קריטיקירט די צאַרישע אָרדענונג, — לאָדז — א פאַבריק־שטאָט מיט א האַלבן מיליאָן איינוווינער איז אַן אויעזד, און פּיעטריקאָוו, א טויטע שטאָט מיט קאַרגע דרייסיק טויזנט איינוווינער, איז די גובערניע, דער אַדמיניסטראַטיווער צענטער פון דער גרעסטער אינדוסטריעלער געגנט אין פּוילן! א ריינע מעשוגאַס!..

— איר וועט געבן דעם סעקרעטאַר פון דער מעדיצינישער אופּראַווע א פינף־און־צוואַנציקער, וועט ער עס אייך דורכפירן אין איין מינוט, — האָט דער געניטער פּיעטרושקע מיך געלערנט.

— פֿאַרוואָס געבן אים פֿינף־און־צוואַנציקערס? — האָב איך געוואָלט וויסן. — וואָסי, צושרײַבן אַ שילער איז דען קעגן געזעץ?

פּיעטרושקע האָט זיך צעשמייכלט אױף מײַן נאַיוּוקײַט.

— שוין צײַט איַיך, כ׳לעבן, צו וויסן, אַז אין רוסלאַנד גילטן נאָר „געשמירטע געזעצן“.

אָבער „שמירן“, האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז ניט אַזאַ פּאַשעטע זאַך, ווי איך האָב געמיינט.

דער סעקרעטאַר, אַ פּאַרשוין מיט אַ גרויסן פּליך, ווײַס און גלאַט, ווי אַן אָפּגעשיילט איי, און מיט אונטערגעשאָרענע רויטלעכע באַקנבאַרדן, ענלעכע אױף צוויי צוגעברוינטע קאָטלעטלעך, — איז קיין איין מינוט ניט געבליבן איינער אַליין אין קאַנצעליאַריע, און איך האָב ניט געוווּסט, וויאַזויאַרום דערלאַנגט מען אים „וואָס אים קומט“.

איבערגעבנדיק אים דעם פּאַקעט מיט די פּאַפּירן — אַ פּאַספּאָרט, אַ מעטריקע, אַ פּאָליציייִשן שײַן וועגן פּאָליטישער קאַשרעס, צוויי פּאָטאָ־גראַפֿיעס און אַ באַקאָשע־שריפֿט, — האָב איך, שטילינקערהייט, געבע־בעט אונטער דער נאָז וועגן דאַנקבאַרקײַט, געקוקט אױף אים מיט אַן אויסדריקלעכן בליק, געפּינטלט מיט די אויגן, געמאַכט גרימאַסן, וואָס האָט געזאָלט באַטײַטן: גוואַלד, זײַ מעשאַלייעך פֿון קאַנצעליאַריע דאָס שרײַבערל, איך האָב צו דיר אַ דעליקאַטן איניען...

נאָר דער סעקרעטאַר איז געבליבן טויב און בלינד צו אַלע מײַנע אָנצוהערענישן און געהיימע סיגנאַלן. אַרויסנעמענדיק אַ קעמעלע פֿון בוזעם־קעשענע, האָט ער מיט די עטלעכע האָר פֿון דער פּאָטיליצע גע־פּרוּווט פֿאַרדעקן דעם גרויסן פּליך, ווי איך וואָלט גאָר דערבײַ ניט גע־ווען. אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיטן גמילעסכעסעד, וואָס די פּאָטיליצע האָט געגעבן דעם פּליך, האָט ער, אָנווײַזנדיק מיט אַ לאַנגן בלייכן פֿינגער אױף מײַן פּאַקעט, אַ פֿרעג געטאָן:

— איר האָט דאָ אַלע נייטיקע פּאַפּירן?

— אַלע, גאָספּאָדין אסעסאָר.

אריינקוקנדיק אין קאָנוווערט און פויל איבערקלייבנדיק די פּאפּירן, האָט ער, ניט אופהייבנדיק אף מיר זיין בליק, פלעגמאטיש א זאָג געטאָן:

— עס פעלט נאָך איין פּאפּיר.

— וועלכער, גאָספּאָדין אסעסאָר?

— דער סאמע נייטיקסטער.

פונקט אזוי פלעגמאטיש האָט ער מיר דערלאנגט דעם פּאקעט צוריק און ברייט צעגענעצט זיך.

— נעמט צוריק אייערע פּאפּירן. מע קאָן ניט צושרייבן.

אלע מיינע פראגעס און באקאָשעס זיינען געבליבן אָן ענטפער.

פּיעטרושקע איז געווען אויסער־זיך פון מיין אומגעשיקטקייט.

— מענטש איינער, וואָס פארשטייט איר ניט, אז ער בלייבט בעקיוון ניט אליין אין קאנצעליאריע? דאָס שרייבערל איז דער יאָריקער איידעס פון זיין ריין־האנטיקייט...

— אָבער ווי זשע האָב איך אים געזאָלט געבן פאר יענעם אין די אויגן? — האָב איך זיך פארענטפערט.

— אריינלייגן דעם פינף־און־צוואנציקער אין קאָנווערט צוזאמען מיט די פּאפּירן. ער האָט דאָך אייך בעפּירעש געזאָגט, אז עס פעלט דער וויכטיקסטער פּאפּיר.

פּיעטרושקע האָט זיך שוין אליין געמוזט מאטריִעך זיין פאריכטן דאָס, וואָס איך האָב שיר ניט קאליע געמאכט.

פּיעטרושקע האָט געהאלטן וואָרט. באלד ווי איך האָב אים געשאפן דעם ערשטן שילער, האָט ער געוויסנהאפטיק גענומען לערנען מיך די איידעלע מעלאָכע פון ציין־טעכניק: ווייך מאכן סטענסן אין הייסן וואסער, אָפּגיסן גיפּסענע פאָרמעס פון געביסן, שלייפן ציין, קאָכן פּראָטעזן אין קעסל און אכטונג געבן אף דער טעמפּעראטור, אָפּרייניקן די פּראָטעזן פון גיפּס און פּאָלירן די קאָוטשוקענע גומענס ביז גלאנץ.

מיין לערער איז שטארק צופרידן געווען מיט מיר. איך האָב גלייך

פון אָנהייב, — האָט ער געזאָגט, — דערטאַפּט דעם סאָד פון דער פּראָ־פעסיע. איך דאַרף אים נאָר צושטעלן נאָך א דריי־פיר שילער וועט ער מיך אָנהייבן צולאָזן אין קאַבינעט צו פּאַציִענטן, כאָטש ווען די פּאַציִענטן וועלן זיין, האָט ער מיר ניט געזאָגט.

— איר פאַרמאָגט אַלץ, וואָס עס פאָדערט זיך, אז פון אייך זאָל ארויסקומען א גוטער ציין־דאָקטער. זעט וואָס גיכער קריגן פאַר מיר שילער...

אָבער ניט איך, ניט פּשעפּיורקע און פּיעטרושקע האָבן קיין פּאַציִ־ענטן מער ניט אָנגעזען.

אין איין הארבסטיקן טאָג האָט זיך בא פּשעפּיורקען און פּיעטרושקען אין קאַבינעט באַוויזן א הויכוווקסיקער דייטש מיט ברייטע פּלייצעס און מיט פאַרדרייטע וואָנצעס, ווי די האָקנס, עלעגאַנט פאַרנייגט זיך און, דייטלעך אויסריידנדיק יעדעס וואָרט באַזונדער, פאָרגעשטעלט זיך:

— פרידריך שולץ, גענעראַל־פאָרטרעטער פיר פאָלן פאָן „אַש אונד זאָן", צאַנערצטליכע אינסטרומענטען אונד מאַטעריאַלען, בערלין — לאָנדאָן.

און אָן ווייטערדיקע דיבורים אַרויסגעפירט פון קאַבינעט יעדעס ברעקל — פון דעם ציינדאָקטערשן שטול ביזן לעצטן צווענגל.

— ניכט צו מאַכען, זי זינד היגטערשטעליק אין אירע צאַלונגען, וויר קאָנען ניכט ווייטער פּראָלאָנגירען... — דאָס איז געווען אַלץ, וואָס ער האָט געפונען פאַר נייטיק צו זאָגן.

דער ציינדאָקטערשער קאַבינעט פון פּשעפּיורקע און פּיעטרושקע האָט פאַרענדיקט זיין עקזיסטענץ, און צוזאַמען דערמיט האָט זיך געענ־דיקט מיין קאַריערע פון א צוקינפטיקן ציין־דאָקטער און ציין־טעכני־קער...

1941

21–2064





# פּראוואָזשיטעלסטוואָ










# איבערגעכאפּט די מאָס



ס איז געווען שפּעט אין אָוונט. דער שניי, וואָס איז עטלעכע שאָ נאָכאַנאַנד געפאַלן אָן אופהער, האָט אויסגעגלייַכט די אייַנ־ציקע לאַנגע גאַס מיט די פעלדער, וועלכע האָבן זיך געצויגן פון ביידע זייַטן דאָרף, און איז געלעגן ווייַס און אומבארירט, ווי א מענטשלעכער פוס וואָלט דאָ נאָך קיינמאָל ניט געטראָטן, זינט שניי האָט צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן פאַלן אף גאָטס ערד.

דער אוריאַדניק דאַנילאַ זאַפּירייַלאָוו, וואָס איז געגאַנגען צום טראַק־טירשטשיק ניקיטאַ זאָטאָוו שפּילן א דאַמקע און, אין איין גאַנג, מאַכן א

שנאפּס אפן פרעמדן כעזשבן, — איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט מיט זיינע שווערע שטיוול צעאַקערט דעם ווייכן גלאַטן צודעק.

גייענדיק פאַרביי די הייזלעך, האָט ער, ווי זיין שטייגער איז געווען, אַריינגעקוקט אין די פענצטער, אין וועלכע ס׳האָט געלויכטן א שיין, קעדיי כאַפּן א קוק, וואָס מענטשן טוען דאָרטן.

בא דער לערערקעס הויז, וואָס איז געווען מיט לאָדן, — דאָס איינציקע הויז מיט פאַרמאַכטע לאָדן, — האָט ער זיך ניט געפוילט צוגיין הארט צום פענצטער און צולייגן אן אויער.

נאָר קיין שום פאַרדעכטיקס האָט דער אוריאַדניק ניט באַמערקט.

דאָס דאָרף איז געווען אָרעם אין ערד און האָט זיך מער געשפייזט פון קוסטאַר־אַרבעט, ווי פון דער ערד. עס זיינען אין אים געווען גאַנצע פאַמיליעס, וואָס האָבן דורירעס נאָכאַנאַנד אויסגעאַרבעט הילצערנע שיסלעך און לעפל, געפאַרבט אין אַלערליי בונטע קאָלירן, אנדערע זיינען געווען גרויסע בעריעס אין צושניצן און אויסצוטאָקן אַלערליי שפּילצייג, וואָס האָבן געשעמט אין א סאַך גובערניעס. עס זיינען געווען פאַנטאָפלמאַכער, וואַליקעס־וואַלצער. דאָס גאַנצע גרויסע דאָרף האָט געאַרבעט אף דער שטאָט.

און אַלץ, וואָס דער אוריאַדניק האָט געקאָנט זען אין א וואָכעדיקן טאָג, איז ווי גאַנצע מישפּאָכעס זיצן איינגעבויגן יעדערער איבער זיין אַרבעט.

אַריינקוקנדיק אין פענצטערל פון גאוורילא גאָרבונאָווס איינגעהויקערט הייזל, האָט זיך זאַפּירייַלאָוו אָפּגעשטעלט.

פון איין זייט טיש איז געזעסן גאָרבונאָוו אַליין — א מיטליאָריקער פויער מיט א געשוואָלענעם פּאָנעם און מיט א נאָז, וואָס האָט איידעס געזאָגט, אז דער טאַם פון בראַנפן איז אים ניט פרעמד, פון דער צווייטער זייט — עפּעס אן אומבאַקאַנטער רויטהאָריקער און רויטבערדיקער פאַרשוין מיט לעבעדיקע, לויפנדיקע אויגן. גאָרבונאָוו און דער פרעמדער האָבן, קאָנטיק, געפירט צווישן זיך א לעבהאַפטיקן שמועס.

אפן מיט צווישן זיי איז געשטאנען א פלעשל בראנפן, צו וועלכן גאָר־בונאָוו האָט אלע ווײַלע ויסגעצויגן די האנט און אָנגעפילט זײַן גלעזל. דעם אומבאקאנטנס גלעזל איז געשטאנען קימאט פול.

„עפּעס א בײַער פּארשוין, — האָט זאפּירײַלאָוו א קלער געטאָן. — מוז זײַן פון ערגעץ ווײַט. קיינמאָל פריִער אים דאָ ניט געזען. נו, דא לאדנאָ, מירן באלד זען. עפשער וועט ארײַנפאלן א זײַטיק קערבל“.

ניט לאנג געטראכט, איז דער אוריאדניק ארײַן אין פּאָדערהויז, אָפּגעקלאפּט די שטיוול פון שניי און אָן עפּן געטאָן די טיר.

דערזען אָן אוריאדניק, האָט דער רויטבערדיקער פּארשוין א הייב געטאָן זיך פון אָרט און גענומען קוקן אין אלע זײַטן, ווי ער וואָלט גע־זוכט א וועג צו אנטלויפן.

גאָרבונאָוו איז געבליבן זיצן אף זײַן אָרט און האָט מיט האלב־פאר־שיקערטע, האלב־פארוווּנדערטע אויגן געקוקט אף דעם אומגעבעטענעם גאסט.

— א גוטן אָוונט, גאוורילײטש, איך זע, עס לײַכט זיך בא דיר... האָסט געסט... פונוואנען איז א גאסט? — האָט ער זיך האלב א קער גע־טאָן צום אומבאקאנטן.

— פון שטאָט... א דורכפאָרער, געקליבן זיך הײַנט צוריק פאָרן, נאָר די שניי־זאווערוכע האָט פארהאלטן, — האָט דער פרעמדער זיך באמיט צו ענטפערן ווי ווײַט מעגלעך רויִק.

— וואשי דאָקומענטי! — האָט דער אוריאדניק אָן ווײַטערדיקע רייד א פאָדער געטאָן.

— גאָספּאָדין אוריאדניק... — האָט דער פרעמדער גענומען שטאמ־לען.

— ווײַזט די דאָקומענטן! — האָט אים דער אוריאדניק ניט געלאָזט ריידן.

— טשטאָ זש, מיר האָבן אלע דאָקומענטן, — האָט דער פרעמדער ניט זיכער געזאָגט. — א פּאס, א דאָווערענאָסט פון א סויכער צווייטע גילדיע, א פריקאזשטשיטשע צײַגעניש...

— א ייִד? זײַנען אײַערע דאָקומענטן קיין סאך ניט ווערט... פאראַן א צירקוליאר, אז דאָווערענאָסטן זײַנען גילטיק נאָר אין שטעט, אָבער ניט אין דערפער. איר מעגט האָבן אלע דאָקומענטן, און מיר קאָנען אײַך אָפּשיקן מיטן עטאפּ, עס ווענדט זיך אלץ אָן אונדז, — האָט ער געגעבן אָנצוהערעניש, אז מיט אים קאָן מען אלץ מאכן. — נו, ארויס מיט די דאָקומענטן!

אָן כיישעק, אזוי ווי ער וואָלט נאָך אלץ געהאָפּט ארויסצודרייען זיך פון דער לאגע, האָט דער ייִד ניט געײַלט גענומען זוכן אין בוזעם־קעשענע, ווענדנדיק זיך בייסמײַיסע שטיל צום אוריאדניק:

— גאָספּאָדין אוריאדניק, עפּשער וואָלטן מיר געענדיקט די זאך פּאָ־פּריִאטעלסקי?..

זאפירײַלאָוו האָט דערשמעקט, אז דאָס איז א ייִד, וואָס מע קאָן בא אים כאפּן א דרײַערל און עפּשער טאקע א גאנץ פינפערל. אָנכמורענדיק דאָס פּאָנעם, האָט ער, קלוימערשט, שטרענג א זאָג געטאָן:

— ווײַזט נאָר אהער די דאָקומענטן, און דערנאָך וועלן מיר זען.

אומגערן האָט אים דער ייִד איבערגעגעבן א פּאקעט מיט פּאפּירן, קוקנדיק בייסמײַיסע מיט אומרויִקע, בעטנדיקע אויגן אפן אוריאדניק.

פירנדיק מיטן פינגער פון וואָרט צו וואָרט, האָט ער לאנגזאם גע־לייענט:

— שקלאָווסקי... מעש־מעשטשאנין... שקלאָווסקי מעשטשאנין... מענ־דעל, מענדעל שמו־ליעוו־אוו... מענדעל שמוליעוו בורש־טין... שקלאָווסקי מעשטשאנין מענדעל שמוליעוו בורשטין.

דער אוריאדניק האָט אָפּגעצויגן דעם אָטעם, ווי נאָך א שווערער ארבעט, און האָט זיך ווײַטער גענומען לייענען. ווי־עס־איז דורכגעליי־ענט ביזן סאָף, האָט ער אָפּגעזיפצט און א זאָג געטאָן:

— דא־ס!.. איצט וועלן מיר ווײַטער זען!

דורכגעקוקט אלע פּאפּירן, האָט ער, דרייענדיק די וואָנצן, ווי צו זיך אליין גערעדט:

— טאק... אזוי איז דאָס... אונדז פארבאָט מען צו פאָרן איבער די

דערפער, און מיר פאָרן זיך וויַיטער ווי קיינמאָל גאָרנישט... נו־ס, מיר וועלן זיך מוזן דורכגיין מיטן עטאַפּ, דא־ס...

אָבער נאָך דעם טאָן, מיט וועלכן דער אוריאַדניק האָט עס געזאָגט, און נאָך דעם שמייכל, וואָס האָט בעשאס־מייַסע געשוועבט אונטער זייַנע פלאַקסענע וואָנצן, האָט דער ייִד דערזען, אַז ס׳איז ניט אַזוי געפערלעך, ווי ער מאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט אַ „קנעפּל״, וואָס לאָזט זיך ריידן.

שמייכלענדיק צוריק צום אוריאַדניק, — מיר, הייסט עס, פאַרשטייען זיך איינער דעם צווייטן, — האָט ער שטיל געזאָגט:

— ווייסט איר וואָס, גאָספּאָדין אוריאַדניק, אָט נעמט אַ צענערל און לאָזט מיך אָפּ. קיין גאַנעוו, קיין גאַזלען בין איך דאָך, גאָט צו דאַנקען, ניט, ניט אַזוי? איך בין געקומען אַהער אָפּמאַכן מיט גאָרבונאָוון, ער זאָל זייַן גאַנצע אויסאַרבעטונג פאַרקויפן בלויז מיר, ער האָט שוין אַמאָל געאַרבעט פאַר מיר. איך האָב געקלערט נאָך הייַנט אָוונט פאָרן צוריק.

— עמעס, — האָט זיך גאָרבונאָוו אָפּגערופן, — מירן שוין אַמאָל געאַרבעט פאַר מאַרק סאָלאָמאָנאָוויטשן, אַ מענטש אַ פּראַווילנער, קריווו־דעט ניט מיט די פּרייַזן...

— דו שווייַג! — האָט דער אוריאַדניק זיך אַ בייזער געטאָן. — דיך פרעגט מען ניט.

און, אומקערנדיק זיך צום ייִדן, האָט ער אויף אים שאַרף אַ קוק געטאָן. די זאַך האָט אָנגעהויבן ווערן פאַרדעכטיק.

מיטאַמאָל אַ באַט געטאָן צען רובל — דאָס איז ניט גלאַטיק. ס׳איז בײַ אים ניט דאָס ערשטע מאָל, אַז ער האָט צו טאָן מיט ייִדן, ווייסט ער, מע גיט אים אַ קערבל, צוויי קערבלעך. ס׳האָט שוין געטראָפן, אַז ער האָט געכאַפּט אַ גאַנצן דרייַער. אָבער אַז אַ בעספּראַווונער ייִד זאָל גלייַך זיך אָנשלאָגן מיט אַ צענערל, — דאָס טרעפט אים דאָס ערשטע מאָל.

דערזען, אַז דער אוריאַדניק כמורעט זיך, האָט דער ייִד געמיינט, אַז די אָנגעבאָטענע מאַטבייע באַפרידיקט אים ניט, האָט ער צוגעגעבן:

— אַ סאָף, זאָל זייַן נאָך אַ פינפערל, און די זאַך איז געענדיקט.

דער כשאד האָט זיך נאָך מער פארשטארקט בא זאפירײַלאָוון. וואָס טוט זיך דאָ? אָנגעהויבן פון א צענערל און גיט שוין נאָך פינף רובל. דאָ איז עפּעס ניט גלאַט.

ער האָט זיך געבראָכן דעם קאָפּ: וואָס קאָן דאָ זײַן? מיטאמאָל האָט ער זיך אויסגעגלײַכט, אזוי ווי עמעצער וואָלט אים א זעץ געגעבן אין רוקן.

א געדאנק איז ווי א בליץ דורכגעלאָפן אין זײַן מויעך.

צי איז דאָס ניט דער קאטאָרזשניק, וואָס איז די טעג אנטלאָפן פון מאָסקווער פערעסילנער טורמע? אָך, טשאָרט וואָזמי, ווי איז עס אים פריער ניט אײַנגעפאלן! גאָר פארגעסן אָן דעם פאפיר, וואָס ער האָט אים דריי טעג צוריק דערהאלטן, אז ווער עס וועט כאפן און צושטעלן דעם אנטלאָפענעם קאטאָרזשניק, וועט באקומען הונדערט רובל באלוינונג... דאָס, וואָס ער האָט א פאספאָרט פון א שקלאָווער מעשטשאַנין, איז בלאָטע. פאספאָרטן קריגט מען צוויי פאר א דרײַערל אָף כיטראָווקע אין מאָסקווע. אכוץ דעם, האָט אזא קאטאָרזשניק געקאָנט הארגענען א מענטשן און צונעמען בא אים זײַן פאספאָרט.

זעענדיק, אז פופצן רובל העלפט אויך ניט, האָט דער ייִד דערווײַל ווײַטער געבאָטן:

— זאָל זײַן א פינף־און־צוואנציקער, אבי מאכט א סאָף! איך בין א מענטש א פארנומענער און א שוואכער אויך, ס'איז פאר מיר ניט קיין געשעפט פארלירן צײַט און געזונט, ביז אײַער טאָעס וועט זיך אויסקלאָרן...

און קעדיי נאָך מער איבערצײַגן דעם אוריאדניק, האָט ער גלײַך ארויסגענומען א פינף־און־צוואנציקער און האָט עס אים ארײַנגעשפארט אין האנט.

זאפירײַלאָוו האָט פארקוועטשט די אסיגנאציע אין פויסט, אָבער דער כשאד איז נאָך פאר אים שטארקער געוואָרן.

ניט אנדערש, אז דאָס איז דער אנטלאָפענער קאטאָרזשניק... אָט וועלן

מיר באלד זען. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז דאָס פּאַפּיר מיט די סימאָנים פֿון דעם אַנטלאָפֿענעם קאַטאָרזשניק האָט ער טאַקע דאָ בײַ זיך.

און אַרויסנעמענדיק פֿונעם אַרבל פֿון שינעל דאָס פּאַפּיר, האָט ער גענומען לייענען די סימאָנים, אויפֿמערקזאַם באַטראַכטנדיק בײַסמײַסע דעם פֿרעמדן.

— עלטער — 38 יאָר, האָר און באָרד — רויטע... פּראַווילנאָ! — האָט ער, וואַרפֿנדיק אַ בליק אויפֿן פֿרעמדן, צוגעשטימט. — נאָז, מויל — מיטלמעסיקע... פּראַווילנאָ!.. אויגן — בלויע... פּראַווילנאָ — בלויע! אויפֿן שטערן, איבערן לינקן אויג, — אַ צייכן פֿון אַ מעסער־שניט...

— אַ־נו־קאַ, — האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, — לאָמיר אָקאָרשט אַ קוק טאָן דעם צייכן.

ניט געפֿינענדיק דעם צייכן אויפֿן שטערן, האָט ער זיך אַליין געזאָגט:

— אַ טשאָרט יעוואָ זנאַיעט! מאַלע־וואָס אַ קאַטאָרזשניק קאָן אויפֿטאָן! געווען אַ שניט, און איצט איז ער ניטאָ! דערווײַל איז ער דאָך אַ קאַטאָרזשניק...

זאַפּירײַלאָוו האָט ניט געוווּסט וואָס צו טאָן: טאָמער איז דאָס פֿאַרט ניט מער ווי אַ ייִד, פֿאַרלירט ער דאָך אַ פֿינף־און־צוואַנציקער פֿון האַנט, אָבער טאָמער איז דאָס דער אַנטלאָפֿענער קאַטאָרזשניק, לאָזט ער אַרויס אַ הונדערטער... אַחוץ וואָס ער וועט זיך דערמיט אויסצייכענען פֿאַר נאַטשאַלסטווע.

און ער האָט באַשלאָסן צו טאָן, ווי ער פֿלעגט טאָן שטענדיק, ווען ער איז געווען אין סאָפֿעק:

— טאַם ראַזבערוטס!..

ער וועט אים אָקאָרשט אָפּפֿירן אין סטאַן אַרײַן, און דער סטאַנאָוואָי וועט שוין וויסן וואָס צו טאָן מיט אים. נאַטשאַלסטווע ווייסט שטענדיק בעסער...

דער ייִד איז געשטאַנען אַן אויפֿגערודערטער, אַ פֿאַרלאָרענער. ער האָט בעשום־אויפֿן ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, וואָס דאָ קומט פֿאָר: פֿריִער האָט אים דער אוריאַדניק אַליין געגעבן אָנצוהערעניש, אַז מע קאָן מיט

אים אדורכקומען. פּלוצעם איז ער געוואָרן גאָר אַן אַנדערער. און וואָס פאר א פאפיר לייענט ער עס? וואָס באטראכט ער אים אזוי אופמערק־זאם?.. אָפּלאָזן אים קלערט ער אפילע, קאָנטיק, ניט.

און ווענדנדיק זיך צום אוריאדניק, האָט ער געבעטן:

— נו, גאָספּאָדין אוריאדניק, וואָס ווערט זיין? איר ווערט מיך נאָך לאנג האלטן? גיט מיר מיינע דאָקומענטן און לאָזט מיך פאָרן, הא?..

אָבער וואָס מער ער האָט געבעטן און וואָס מער געלט ער האָט גע־באָטן, אַלץ זיכערער איז דער אוריאדניק געוואָרן, אז דאָס איז דער אנט־לאָפענער קאטאָרזשניק, און אַלץ פעסטער האָט ער באשלאָסן אָפּצופירן אים אין סטאן.

מיטן ייִדן האָט ער שוין איצט ניט גערעדט. ניט אראָפּלאָזנדיק פון אים קיין אויג און האלטנדיק די האנט גרייט אפן רעוואָלווער, האָט ער הינטן־ארום א זאָג געטאָן גאָרבונאָוון:

— ע, גאַווריליאָ, כאַפּ זיך ארויס און רוף אריין דעם סאָטסקי און צוויי אייִדעס, אָבער שנעל!

ווען דער סאָטסקי מיט די אייִדעס זיינען געקומען, האָט דער אוריאד־ניק אָנגעשריבן א פּראָטאָקאָל, און, בינדנדיק דעם ייִדן די הענט אפן רוקן, האָט ער אים, אין דער באגלייטונג פונעם סאָטסקי און צוויי פּויע־רים, אוועקגעפירט פאר אכצן וויאָרסט אין סטאן אריין.

דער סטאַנאָוואָי פּריסטאוו אוכאָביטאָוו איז שוין געלעגן אין בעט, ווען די דינסט האָט אים געמאָלדן, אז ס'איז געקומען דער אוריאדניק זאפּירייַלאָוו און זאָגט, אז ער דארף אים זען וועגן זייער א וויכטיקן איניען.

דער פּריסטאוו האָט א טראכט געטאָן, אז דער אוריאדניק איז געוויס געשיקט פונעם איספּראווניק, איז ער האסטיק אופגעשפּרונגען פון בעט, ארופגעצויגן די הויזן, און, ארופווארפנדיק אף זיך אַן אַלטן שינעל, וואָס האָט אים געדינט אָנשטאָט א כאלאט, איז ער ארויס אין קאנצעליאריע.

דער אוריאדניק זאפירײַלאָוו איז אַרײַן און האָט זיך אויסגעצויגן בא דער טיר. ער האָט צוגעלייגט די האנט צום דאשעק און א קלאפּ געטאָן א פוס אָן א פוס, פון וואָס די שפּאָרן האָבן פריילעך א קלונג געטאָן, — און אין איין אָטעם ראַפּאָרטירט:

— זדראווי׳א זשעלאיעם וואשע בלאגאָראָדיע! איך האָב די ערע צו ראַפּאָרטירן, אז איך האָב געכאפּט און צוגעשטעלט אײַך דעם קאטאָר־זשניק!

— וואָסער קאטאָרזשניק? — האָט אף אים דער פּריסטאוו פארוווּנ־דערט אָנגעשטעלט די אויגן.

— דעם אנטלאָפענעם קאטאָרזשניק אנטאָן בעלאָוו, אנטאָשקע דעם רויטן, וואשע בלאגאָראָדיע! — האָט זאפירײַלאָוו לעבעדיק אָפּגעבארא־באנעוועט.

דער פּריסטאוו האָט זיך אזש א הייב געטאָן פון אָרט.

אָט איז פאר אים א געלעגנהײַט אויסצוצייכענען זיך פאר נאטשאל־סטווע! א קלייניקײַט, אזא געפערלעכן פארברעכער געכאפּט! יאָ, דאָס איז אן אומגעריכטער גליק. ער וועט אים אליין אָפּפירן קיין מאָסקווע. געוויס אליין! וועט זיך נאָך מאכן אזא געלעגנהײַט צו באווײַזן נאַ־טשאלסטווע, וואָס פאר א פּאָליציי אין זײַן סטאַן איז?

שטארק צופרידן פון דעם גליקלעכן צופאל, האָט ער א זאָג געטאָן:

— מאָלאָדיעץ, זאפירײַלאָוו! ווו האָסטו אים געפּאקט?

— גרייט צו דינען, וואשע בראָדיע! טאקע בא מיר אין דאָרף, אין אָבדיראלאָוואָ.

און ער האָט גענומען דערציילן בעאריכעס, וויאזוי ער האָט אים דערזען, וויאזוי ער האָט אויסגעפונען, אז דאָס איז אנטאָן בעלאָוו. ווי ער האָט אים געוויזן א פאלשן פּאס און געבאָטן געלט, ער זאָל אים אָפּלאָזן, און ווי ער האָט זיך ניט געלאָזט אונטערקויפן און געפירט אים אהער מיט געבונדענע הענט, באגלייט פון׳עם סאָטסקי און צוויי פּויערים.

אָבער דעם פּריסטאוו איז מיעס געוואָרן צו הערן זאפירײַלאָווס לאנגע

און אומגעלומפערטע מײַסע, און ער האָט אים אומגעדולדיק איבערגע־ריסן:

— גוט, גוט, גיב אהער דעם פּראָטאָקאָל און פיר אַרײַן דעם ארעס־טאַנט.

— סלושאיוס! — האָט זאפּירײַלאָוו אָפּגעהאַקט, ארויסנעמענדיק פון אַרבל דעם צוזאמענגעלייגטן פּראָטאָקאָל.

איבערגעבנדיק עס דעם פּריסטאַוו, האָט ער צוגעגעבן:

— דאָ ליגט אינווייניק א זאכלעכער באַווײַז — דער פינף־און־צוואַנציקער, מיט וועלכן ער האָט מיך געוואָלט אונטערקויפן, איך זאָל אים פרײַ לאָזן. און אָט זײַנען די איבעריקע זאכן זײַנע, — האָט ער ארויסגעלייגט אלץ, וואָס ער האָט קאָנפיסקירט באַם פרעמדן.

דער פּריסטאַוו האָט ערשט אָנגעהויבן דורכקריכן דעם בעזגראַמאָט־נעם פּראָטאָקאָל, ווען זאפּירײַלאָוו האָט אַן עפן געגעבן די טיר און אַרײַנגעשטויסן דעם ארעסטירטן, בלײַבנדיק אליין בא דער טיר.

איין בליק אף דעם בלאַסן, דערשראָקענעם און אויסגעמאַטערטן ארעסטאַנט, וואָס איז געשטאַנען די הענט פאַרבונדן אף הינטן, — און דער פּריסטאַוו האָט גלײַך דערקענט דעם ייִדן מענדל בורשטין, וועלכן ער האָט ערשט מיט צוויי טעג פריִער אָנגעשריבן „נא וויעזד" און וועל־כער האָט אים דעמלט „באַפרידיקט", ער זאָל אים ניט שטערן צו קומען איז זײַן סטאַן וועגן געשעפט־זאכן.

האָלדז און אויערן זײַנען באַם פּריסטאַוו רויט געוואָרן פון קאַס. ער האָט אליין ניט געוווּסט, וואָס פאַרדריסט אים מער, צי דאָס, וואָס ער האָט פאַרלאָרן אַזאַ גוטע געלעגנהײַט אויסצוצייכענען זיך פאַר נאַטשאַל־סטווע, צי דאָס, וואָס דער אוריאַדניק האָט אים אומזיסט אופגעהויבן פון בעט און צום נאַר געמאַכט.

א קער געבנדיק דאָס בייזע פּאָנעם צו זאפּירײַלאָוון, האָט ער מיט קאַס א געשריי געטאָן:

— באָלוואַן! וואָס איז דאָס פאַר א קאַטאָרזשניק? דו זעסט ניט, אַז דאָס איז א ייִד, באָלוואַן דו אײנער!

זאפּירײַלאָוו איז אזש בלוי געוואָרן פון שרעק.

— וואשע וויסאָקאָבראָדיע!.. מיר מיִען זיך... איך האָב געזען, אז ער האָט זיך אזוי דערשראָקן... פינף־און־צוואנציק רובל גלײַך געשפּארט אין האנט... און די סימאָנים האָבן געשטימט... געמיינט... געמיינט, א קאָ־טאָרזש...ע־ע... — האָט ער געשטאמלט.

— געמיינט! — האָט אים דער פּריסטאוו איבערגעקרימט. — וואָלסט א קוק געטאָן אף דער לינקער זײַט פּאס, וואָלסטו געזען, אז דאָרטן איז אָנגעשריבן „נא וויִעזד", וואָלסטו געוווּסט, פארוואָס ער האָט זיך דער־שראָקן. געמיינט האָט ער! ווער הייסט דיר מיינען?!..

— שולדיק, וואשעבראָד... מירן געטאָן „פּאָ דאָלגו סלוזשבי"... מיר מיִען זיך, — האָט זיך זאפּירײַלאָוו אלץ פארענטפערט.

— פּשאָל וואָן, באָלוואן! — האָט דער פּריסטאוו א טופּע געטאָן מיטן פוס א צעקאָכטער. — ער מיט זיך! א קאטאָרזשניק האָט ער מיר גע־בראכט!.. אָט האָסטו דיר א נײַעם קאטאָרזשניק, ניטאָ וואָס צו ריידן! שווײַג! — האָט ער א דונער געטאָן, באמערקנדיק, אז דער אוריאדניק וויל נאָך עפּעס זאָגן. — בינד אים אָפּ די הענט און — מארש!

ווי נאָר דער אוריאדניק האָט פארמאכט די טיר הינטער זיך, אזוי האָט דער פּריסטאוו גענומען דעם פינף־און־צוואנציקער, וואָס איז געווען בײַגעלייגט צום פּראָטאָקאָל, און האָט רויִק ארײַנגעלייגט צו זיך אין הויזן־קעשענע, נאכער, האָט ער זיך אָנגעשפּארט אָן ווענטל פון שטול און געזאָגט:

— נו, גאָלובטשיק, מיר זײַנען ווײַטער דאָ? ניט גערעכנט אזוי גיך צו זען זיך... ווי עס שײַנט, וועט אונדז פּאָרט אויסקומען צו מאכן א שפּאציר מיטן עטאפּ, האַ? נו, ווילסט דאפּקע מיטן עטאפּ, קאָן איך דיר צוליב טאָן.

— וואשע וויסאָקאָבלאגאָראָדיע! האָט ראכמאָנעס! — האָט דער ייִד געבעטן. — איך בין שוין איצט קראנק, א גאנצע נאכט צופוס געשלעפּט זיך מיט געבונדענע הענט, ווי א קאטאָרזשניק... לאָזט מיך אָפּ, איך בין

דאָך ניט קיין פאַרברעכער... איך וויל לעבן, שפּייזן מײַן פאַמיליע... קום איך געבן און אָפּנעמען אַרבעט בא מײַנע קוסטאַרעס.

דער פּריסטאַוו האָט אָנגעטאַפּט דעם נײַעם פינף־און־צוואַנציקער אין קעשענע, וואָס האָט געכרושטשעט צווישן זײַנע פינגער, און שוין ווייכער אַ ביסל געזאָגט:

— ביסט אַליין שולדיק. ווער האָט דיר געהייסן איבערשרעקן אים? פאַרוואָס זאָל ער ניט מיינען, אַז דו ביסט אַן אַנטלאָפענער קאַטאָרזשניק, אַז ער זעט, דו שפּאַרסט אים פינף־און־צוואַנציקערס אין האַנט? אַן אוריאַדניק גיט מען אַ קאַרבל אין די ציין, צוויי, אָבער ניט אַ פינף־און־צוואַנציקער. אַ פינף־און־צוואַנציקער, מײַן טײַערער, דאָס איז פאַר אַ טשין העכער, פאַרשטייסט?.. נו גוט! קלאָג ניט איבער מײַן קאָפּ, הײַנטיקס מאָל שענק איך דיר, גיי אויף אַלע פיר זײַטן, אָבער מער זאָלסטו זיך מיר אויף די אויגן ניט טרעפן. קום אין דאָרף, טו אָפּ דײַנע געשעפטן און פאַרשווינד. און פאַרגעדענק, אַז פאַר דעם אוריאַדניק איז אַ דרײַערל די העכסטע מאַטבייע, פאַרשטאַנען? נו, מאַרש!

בורשטין האָט אַ כאַפּ געטאָן פון טיש זײַנע דאָקומענטן און זײַנע קאָנפיסקירטע כפּיצים און, באַדאַנקענדיק דעם פּריסטאַוו פאַר זײַן „גוט האַרץ״, איז ער מיט סימכע אַרויסגעלאָפן פון קאַנצעלאַריע.

1912

# א נאגראדע



לע סטעפּאַנאָווקער האָבן א שעם אף דער וועלט פאר גרויסע שווימער.

דאָס שטעטל ליגט באם ניעמאַן, האָט צו טאָן קעסיידער מיט פליטן, פליושקעט זיך יעדערער פון קליינוויז אָן אין טייך און שווימט ווי אן ענטל.

און אוונער שטשופּאַק איז געווען צווישן סטעפּאַנאָווקער שווימערס א שווימער. דירעסלאַנג, ווי זיי האלטן די וואסער־מיל. מע האָט שטענ־ דיק געלעבט פון וואסער, געהאט צו טאָן ארום וואסער, און יעדערער

אין דער מישפּאָכע לערנט זיך אויס שווימען ניט קיין סאך שפּעטער נאָך דעם, ווי ער לערנט זיך אויס גיין.

אוונערס שפּרינגען פון בריק גלייַך אין קעסל־גרוב אריין, זייַן גרונ־טעווען, זייַן לייגן קלאפּטער, זייַן שווימען אַפּן רוקן האָט אין גאנץ סטעפּאנאָווקע קיין גלייַכן ניט געהאט. און האָט איר געוואָלט זען, ווי מע שווימט זיצנדיק, צי מע לאָזט זיך אראָפּ אונטערן וואסער בא איין ברעג און מע קומט ארויס באם צווייטן, — האָט איר בלויז געדארפט בעטן אוונערן.

טאקע אָט די דאָזיקע בעריעשאפט זייַנע אין שווימען האָט אים טייַער געקאָסט.

די מייַסע דערפון איז אזוי געווען.

ווען דאָס גרויסע געוויסער האָט כאָרעוו געמאכט דאָס לינקע האלבע סטעפּאנאָווקע, איז אוונערס וואסער־מיל געווען די ערשטע קאַפּאָרע. ס'האָט זי אזוי אראָפּגעשווענקט, אז ווען ניט די „פּאליעס“, וואָס האָבן שפּעטער, ווען דאָס געוויסער איז אָפּגעפאלן, געטאָרטשעט פון וואַסער, — וואָלט מען קיינמאָל ניט געגלייבט, אז דאָ איז ווען־עס־איז געשטאנען א ביניען. די רוישיקע כוואליעס האָבן אראָפּגעריסן די מיל, ווי זי איז געשטאנען, און אוועקגעטראָגן זי מיטן שטראָם, ווי א שפּענדל, איבערן ניעמאן, העט־ווייַט איבערן באלטישן יאם און פון דאָרטן אוואדע צום אטלאנטישן, ווו סטעפּאנאָווקער יידן, וואָס זייַנען געפאָרן קיין אמעריקע, האָבן עפּשער באגעגנט א בערווענע פון אוונערס מיל, וואָס האָט זיי אָפּגעגעבן א גרוס פון זייער ליבן שטעטל. אויך אוונערס טוווע־שפּייַכלער, וואָס איז געשטאנען ניט ווייַט פון דער מיל, איז ניט ארויס טרוקן פונעם געוויסער. דאָס וואסער האָט אופגעריסן די פּאָדלאָגע, האָט זיך אופגעהויבן ביז צו די פענצטערלעך, און פון דאָרטן האָט עס רוישנדיק זיך ארויסגעריסן צוזאמען מיט די זוימען.

איז אוונער ארויס פון דעם געוויסער ערגער ווי נאָך א סרייפע.

האָט ער גענומען שרייַבן צו נאָענטע און ווייַטע קרויווים, ווו נאָר זיי האָבן זיך געפונען, מע זאָל אים העלפן צוריק שטעלן זיך אַף די פיס.

אף די אלע באקאַשע־בריוו האָט זיך אָפּגערופן איין לייבל נאכמענס, דעם ווײַבס א פּלעמעניק פון סאמארע.

לייבל איז געווען א פּגאם אין דער מישפּאָכע: ער איז געווען א שנײַדער, דער איינציקער שנײַדער אין א מישפּאָכע, וואָס האָט אין זיך קיינמאָל קיין איין באַלמעלאָכע ניט געהאט...

געהאָדעוועט זיך א יאָסעם, אָן א טאטן און אָן א מאמען, געוואַלגערט זיך אמאָל בא איין קאָרעוו, אמאָל בא א צווייטן, און לערנען אויך ניט געוואָלט, האָבן זיך קרויווים מעיאשעוו געווען: ס'וועט פון אים סײַוויסײַ קיין לײַט ניט זײַן, לאָמיר אים אָפּגעבן צו א באַלמעלאָכע. קוידעם וועט מען דאָך אײַנשפּאָרן געבן אים עסן. שפּעטער האָט מען אים אָפּגעגעבן פּאר א סאָלדאט און אוועקגעשיקט דינען קיין סאמארע. האָט ער דאָרטן, נאָך אין דער דינסט, כאסענע געהאט מיט א בייטערקע. ווען ער האָט אָפּגעדינט, האָט ער געעפנט א שנײַדערשע מאסטערסקאיא „וואָיענאיא אי שטאטסקאיא“, און איז געבליבן זיצן אין דער רוסישער שטאָט.

איז געוויינלעך האָט מען אויסגעמײַדט צו ריידן וועגן לייבלען. אפילע די „לעשאָנע־טויווע“, וואָס ער פלעגט אלע יאָר ארײַנשיקן ערעוו ראָשעשאָנע, פלעגט אוונעריכע אויך אופנעמען מיט פארצויגענע ליפּן: „ווער בעט אים, הייסט עס, דערמאָנען אָן זיך, דעם שיינעם קאָרעוו אונדזערן“... נאָר איצט, אין אָן אייס־צאָרע, האָט מען זיך אָן אים אויך דערמאָנט.

און לייבל, בעטעווע א גוטער, פּאָשעטער מענטש, האָט טייקעף אָפּגעשריבן דעם פעטער א בריוו, אז ער איז גאָט צו דאנקען געזונט, דאָס נעמלעכע פון אים צו האָרכן; צווייטנס, קומט ער אים צו שרײַבן, דער פעטער זאָל פּאָלגן זײַן אייצע און קומען צו אים קיין סאמארע.

„וואָסצעך דער פעטער דאָרטן מוטשען, אין דער קאפּצאָנישער סטעפּאנאָווקע, — האָט לייבל געשריבן, — ווארפט, ליבער פעטער, אלע אײַערע אייסאָקים און קומט צו אונדז קיין סאמארע, וועל איך אײַך שוין פּריסטראָיען ערגעץ אף א מיל. אין סאמארע זײַנען פּאראן א סאך מילן. אפן ערגסטן אויפן קאָנט איר דאָ ווערן א באַלטפּילע, צי גאָר לערנען מיט ייִנגלעך דאוונען און די איבעריקע שאַלאמייזן. מיר זײַנען דאָ, קיין

•

אײַנהאָרע, א פאָר הונדערט יִדישע מישפּאָכעס, און מיר האָבן ניט קיין רעכטן מעלאמעד. פאר אזא יִדן, ווי איר, קאָטאָרי קאָן שײַן דאוונען פארן אָמעד און גוט לערנען כומעש מיט ראשע, איז פארדינען הונדערט קערבלעך א כוידעש פוסטיאקי. אויב איר זײַט מאסקים, וועל איך אײַך טייקעף ארויסשיקן פופציק רובל. און ווי נאָר איר וועט באקומען דאָס געלט, פאָרט באלד ארויס, און איר'ט, מירצעשעם, קיין כאראָטע ניט האָבן, ווי עס ווינטשט אײַך אײַער האָכגעשעצטער און ליבער פלעמעניק לייבל בעזבאָראָדקע! וואָס איז שײַעך פראוואָזשיטעלסטוואָ, וועלן מיר זיך שוין אן אייצע געבן. איר וועט זײַן ניט דער ערשטער און ניט דער לעצטער האָז אין סאמארע".

די אייצע איז אפילע אוונערן ניט שטארק געפעלן: גיי רײַס זיך אָפּ פון דעם אָרט, צו וועלכן דו ביסט פון קינדווײַז צוגעוואקסן, און לאָז זיך אוועק ווייס איך ווו! און פראוואָזשיטעלסטוואָ איז פאר א יִדן אויך ניט „פוסטיאקי"... נאָר וואָס זאָל ער טאָן? ער קאָן זיך עפּעס בעסער העלפן? האָט ער געשריבן לייבלען, אז דער פלאן זעט אים אויס צו זײַן א גלײַכער און זאָל לייבל ארויסשיקן אף א באן־בילעט, וועט ער ארויספאָרן.

ווען דאָס געלט איז אָנגעקומען, האָט אוונער העלפט איבערגעלאָזט דעם ווײַב, און מיט דער צווייטער העלפט האָט ער זיך אוועקגעלאָזן צו זײַן פלעמעניק, קיין סאמארע.

— עפּשער איז באשערט, מע זאָל אף אזא אויפן אופגעריכט ווערן, — האָט ער געטרייסט זײַן דאָבען, — עס איז דאָך עפּעס פאָרט ראסיי!..

ס'איז געווען א דושנער זומער־פארנאכט.

אוונער שטשופאק איז געגאנגען אהיים פון זײַן לעצטער לעקציע און געקלערט וועגן דעם, אז לערנען איוורע מיט סאמארער בורילעס איז א סאך שווערער, ווי שלעפּן זעקלעך קאָרן אף די צעדרייטע טרעפּלעך צום ציילינדער אין וואסער־מיל. אכוץ וואָס ער קאָן זיי א שײַטל איוורע

אין די קעפּ ניט אַרייַנהאַקן, האָט ער נאָך פון זיי אויסצושטיין געהאַקטע צאָרעס מיט ביזיוינעס אַפּן פּוד. זיי לאַכן פון זײַן בערדל, פון זײַן פּאַפּירענעם קראַגן, פון זײַן צו גרויסן קאַפּעליוש, קרימען אים איבער, ווי ער רעדט.

פאַראַן אַזעלכע טאַלמידים־אַרעסטאַנטן, וואָס ווי זיי דערזעען אים, אַזוי אַנטלויפן זיי גאָר, און ער דאַרף נאָך זיי זיך נאָכיאָגן איבערן גאַנצן הויף. איין טאַכשיט האָט ער, וואָס צערעוועט זיך גאָר עפּעס אַפּן קאָל, גלײַך מע וואָלט פון אים לעבעדיקערהייט די הויט געשונדן, די מעגור־שעמדיקע „מאַמאַשע" קײַקלט זיך אַרײַן אַן אָנגעדרודלטע און צעשפּרייט די קורצע דיקע הענט.

— איך פאַרשטיי וואָאַבשטשע ניט, צו וואָס די גאַנצע קאַניטעל? ער׳ט אַלציינס קיין ראַבין ניט זײַן, טאַק צו וואָס לאָז מען אומזיסט מוטשען די אָרעמע דיטיאַ?..

„אַ „דיטיאַ", ווי אַ ביקל, ער קאָן פאַרמאַטערן און אַרײַנטרײַבן אין טשאַכאָטקע צען מעלאַמדים, איידער פון אים וועט אַ לויט פלייש אָפּ־פאַלן", — קלערט אוונער בייסמײַסע. נאָר זאָגן עס דער ווייכהאַרציקער „מאַמאַשע" קאָן ער ניט. פאַרענטפערט ער זיך פאַר איר, אַבי מע זאָל בא אים ניט אָפּנעמען דעם טײַערן טאַלמיד, דאָס הייסט, די צען רובל אַ כוידעש, וואָס מע צאָלט אים פאַר אויסלערנען דעם טאַכשיט דאַווענען.

אַרומגייענדיק אַ פאַרטיפטער אין זײַנע אומעטיקע געדאַנקען, איז אוונער אַרויף אַף דער בריק, וואָס צעטיילט די שטאָט אַף צוויי העלפטן. ער האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ און טיף אײַנגעאָטעמט:

— אַ־אַ־אַ!.. אַ מעכײַע!..

אַ קיל, פײַכט ווינטעלע האָט געצויגן פון טײַך און האָט אָפּגעפרישט דעם צעפריִעטן און אויסגעמאַטערטן קערפּער.

ער האָט זיך דערפילט, ווי ער וואָלט פון אַ פאַרשטיקטן, דושנעם צימער צוגעגאַנגען צו אַן אָפענעם פענצטער, וואָס קוקט אַרויס אין אַ

געדיכטן גאָרטן מיט שפּרודלדיקע פאָנטאַנען, פון וועלכע עס ציט א רייעך פון זשאַסמין און פייכטקייט.

אוונער האָט אַראָפּגענומען דאָס היטל, אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן, אָנגעשפּאַרט זיך אָן א פּאַרענטשע און פאַרקוקט זיך אויף דעם טײַך.

די געלבלעכע וואַסערן פון דער ברייטער וואָלגע האָבן רויִק געפּלאָסן, שאַפנדיק א ווײַסן שוים בא די שטיינערנע פונדאַמענטן פון בריק. די קרומע שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין די וואַסערן פון דער וואָלגע, צוגעבנדיק איר ערטערווײַז א לעבעדיק רויטלעכע באַפאַרבונג. קעגניבער האָט געפלאַמט דער מײַרעוו־האָריזאָנט — אַן אָנזאָג אויף מאָרגן א הייס־ברענענדיקן טאָג.

אָבער ניט די שיינקײַט פון דער נאַטור האָט אינטערעסירט אוונערן. זײַן אויפמערקזאַמקײַט האָבן צוגעצויגן צו זיך די באָדנדיקע אין טײַך, די שווימער.

פון די הילצערנע, סקריפּענדיקע זומער־בײַדלעך, וואָס האָבן זיך געוויגט אויפן טײַך ניט ווײַט פון בריק, זײַנען יעדע מינוט אַרויסגעגאַנגען נאַקעטע מענטשן, האָבן זיך געוואָרפן מיטן קאָפּ פאָרויס אין וואַסער אַרײַן און געלאָזט זיך שווימען. אייניקע זײַנען געשפּרונגען אַזש פון דעכל, פאַרפּאַלן געוואָרן א ווײַלע אונטערן וואַסער, צוריק באַוויזן זיך און, טרייסלענדיק מיט די קעפּ, פּירקענדיק און בלאָזנדיק פון זיך, גע־לאָזט זיך שווימען איבערן ברייטן טײַך.

אוונער האָט צוגעקוקט, און אין אים האָט אויפגעוואַכט דער אַלטער שווימער. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי ער פלעגט בא זיך אין סטעפּאַנאָווקע שווימען, ווי א פיש אין וואַסער, וואָס פאַרא קונצן ער פלעגט באַווײַזן אויפן טײַך און ווי דער גאַנצער אוילעם, וואָס פלעגט שטיין אויפן ברעג, פלעגט אָנקוקן און וווּנדערן זיך: „זעט, זעט, וואָס ער טוט א ביסל אָפּ! אָט דאָס איז א שווימער! ער קאָן שווימען מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף!..“

„אויך מיר שווימער, — האָט שטשופּאַק געקלערט, קוקנדיק אַף די באָדנדיקע, — געדאַרפט זיי ווייַזן, וואָס הייסט שווימען!“

און ניט לאַנג קלערנדיק איז ער אַראָפּ פון בריק און האָט זיך געלאָזט מיטן וועג צו די שווים־בייַדלעך.

אוונער האָט קוים צייַט געהאַט אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך דאָס רעקל און אויסטאָן די שיך, ווען פון צענדליקער מייַלער האָט זיך אַרויסגעריסן אַן אומרויִקער געשריי:

— ער טרינקט זיך! אַ מענטש טרינקט זיך!

אין אַ סעקונדע איז אוונער אַרויסגעשפּרונגען אַפן שמאָלן בריקל פונעם באָד־בייַדל און דערזען, ווי נאַקעטע און האַלב־נאַקעטע מענטשן שטייען צעטומלטע און דערשראָקענע, מאַכן מיט די הענט, ווייַזן אָן אַף דעם אָרט, וווּ דאָס וואַסער רוישט און דרייט זיך, ווי אַ שרויף, און שרייַען אַלע מיטאַמאָל:

— אָט דאָ, אָט דאָ איז ער אַראָפּ... אין וואַראַנקע, אין קעסל־גרוב!..

די בריק איז אין איין מינוט שוואַרץ געוואָרן פון מענטשן, וואָס האָבן זיך געשפּאַרט צום פּאַרענטשע, נייַגעריק מער ווי דערשראָקן.

אין זעלבן אויגנבליק האָט זיך אַפן וואַסער באַוויזן אַ קאָפּ מיט צוגע־פּלעטשטע האָר, ווי זיי וואָלטן געווען צוגעקלעפּט צום שטערן ביז אַריבער די אויגן, ס'האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אין דער הייך צוויי הענט, ווי צוויי פליגלען, ס'האָט זיך דערהערט אַ פאַרצווייפלטער געשריי: „העלפט, ראַ־טעוועט!“ און דער קאָפּ מיט די הענט זייַנען ווידער פאַרשוווּנדן אונטערן וואַסער, איבערלאָזנדיק אַף דער אויבערפלאַך בלויז קרייַזלעך און בלעז־לעך, וואָס האָבן אַ ווייַלע געבולבעט און דערנאָך איינס נאָך דאָס אַנדערע געפּלאַצט.

ווי אַ געניטער שווימער, האָט אוונער גלייַך געזען, אַז אויב מע זאָל וואַרטן נאָך איין מינוט, וועט זייַן צו שפּעט. ער האָט אויך געזען, אַז דאָס אָרט, וווּ דער מענטש איז אַרונטער, איז זייער געפערלעך, אָבער ניט

קוקנדיק דערוף, האָט ער, ווי ער איז געווען, אין וועש און הויזן, אַרײַנ־געוואָרפֿן זיך אין טײַך און איז פֿאַרשוווּנדן אונטערן וואַסער.

דער הונדערטקעפּיקער אוילעם אַרום איז אַ ווײַלע שטום געבליבן, ווי מע וואָלט דאָ געשטאַנען באַ יעציִאַס־נעשאָמע. עס איז געווען אַ מי־נוט פֿון שווערער דערוואַרטונג. אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט אוונער זיך באַוויזן אויפֿן וואַסער. מיט איין האַנט האָט ער געכאַפּט קלאַפּטער און מיט דער צווייטער האָט ער געשלעפּט פֿאַר די האָר דעם האַלב־דערטרונקע־נעם פֿאַרשוין, אונטערגעבנדיק אים די גאַנצע צײַט מוט: „האַלט זיך אויפֿן וואַסער, לאָז זיך ניט אָפּ"... אָבער יענער האָט, אַפּאָנעם, געזען דעם טויט פֿאַר די אויגן און האָט זיך געוואָלט ראַטעווען, ווי אים האָט זיך געדוכט בעסער, האָט ער אַ דריגע געטאָן מיט די פֿיס, אַ וואָרף געטאָן זיך צו זײַן רעטער און אַרומגעכאַפּט אים מיט ביידע הענט אַרום האַלדז, ווי מיט צוואַנגען... אוונער האָט אַרויסגעלאָזן דעם פֿאַרשוינס האָר פֿון האַנט און גענומען אָפּרײַסן די האַלב־פֿאַרגליווערטע פֿינגער פֿון זײַן האַלדז, אַרבעטנדיק די גאַנצע צײַט מיט דער צווייטער האַנט. די לאַסט איז אָבער געווען צו שווער, ער זאָל זיך לאַנג קאָנען האַלטן אויפֿן וואַסער, ניט אַרבעטנדיק מיט ביידע הענט. און זעענדיק, אַז זיי שטייען ביידע אין געפֿאַר דערטרונקען צו ווערן, האָט ער אים דערלאַנגט אַ שטאַרקן קלאַפּ מיט דער פֿויסט צווישן די אויגן. די צונויפֿגעקלאַמערטע הענט זײַנען לויז געוואָרן, און דער האַלב־טויטער פֿאַרשוין איז צוריק אַראָפּ צום גרונט.

אוונער האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך אים.

אין אַ מינוט אַרום איז ער ווידער אַרופֿגעשווומען, נאָכשלעפּנדיק נאָך זיך דאָס מאָל אַ באַוווסטלאָזן מענטשן, וואָס האָט שוין ניט געשטערט צו ראַטעווען אים.

— אַ שטריק אַהער! — האָט אוונער אַ געשריי געטאָן. — איך קאָן זיך שוין מער ניט האַלטן אויפֿן וואַסער.

מע האָט אים אַ וואָרף געטאָן אַ לאַנגן שטריק, און אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז ער מיטן דערטרונקענעם געווען אויפֿן ברעג.

דער גרויסער אוילעם, וואָס האָט זיך דערווײַל פֿאַרזאַמלט אויפֿן ברעג און אויף דער בריק, האָט אים באַגעגנט מיט א הורא, מיט א בראַוואָ, מיט א פּאַטשערײַ. דער פּריסטאַוו, וואָס איז אָנגעקומען אויף דעם אָנגעלויף, האָט זיך דורכגעשפּאַרט דורכן אוילעם, צוגעגאַנגען צו אונערן, וואָס איז געשטאַנען א נאַסער, טרייסלענדיק זיך פֿון קעלט און מידקײַט, און האָט אים א קלאַפּ געטאָן איבער דער פּלייצע:

— מאָלאָדיעץ! הערוי! איך וועל אָנשרײַבן דעם פּאָליצמייסטער א ראַפּאָרט, ער זאָל אײַך צושטעלן צו א נאַגראַדע. איר וועט זיכער באַקו־מען א מעדאַל!

דערזען פֿאַר זיך דעם פּריסטאַוו, האָט אונערן אָנגעהויבן טרייס־לען, — שוין ניט פֿון קעלט — פֿון שרעק... ווען די העמד און הויזן וואָלטן אויף אים ניט געווען נאַס אָדער ווען ער האָט כאָטש אויף זיך די איבעריקע זאַכן, וואָלט ער זיך ארײַנגערוקט צווישן אוילעם און זיך אָפּגעטראָגן... דער פּריסטאַוו, זעענדיק, ווי דער „הערוי" ציטערט, האָט ארויסגעוויזן פֿאַר אים זײַן זאָרג:

— עס רינט דאָך פֿון אײַך, ווי פֿון א דאַך נאָך א רעגן, גייט גיכער ארײַן אין קופּאַלניע און טוט פֿון זיך אויס די נאַסע זאַכן, אַז ניט קאָנט איר זיך נאָך פֿאַרקילן.

ער האָט אים אַליין געפֿירט צום בײַדל און גענומען אראָפּציִען פֿון אים דאָס נאַסע העמד, וואָס האָט זיך געקלעפּט צום לײַב.

ווענדנדיק זיך צו איינעם פֿון די גאָראָדאָוואָיעס, וואָס זײַנען דערבײַ געשטאַנען, האָט ער באַפֿוילן:

— סיזאָי! לויף נאָר לעבעדיק אריבער אין „פּריִאָמני פּאָקאָי" פֿון אונדזער אוטשאַסטאָק און ברענג א פּאָר טרוקענע וועש און א כאַלאַט!

אונער האָט זיך געפּרוּווט ארויסדרייען פֿון דעם פּריסטאַווס זאָרג פֿאַר זײַן געזונט...

— צו וואָס זאָלט איר זיך באַומרויִקן, גאָספּאָדין פּריסטאַוו, דאָס העמד וועט א ווײַלע הענגען אויפֿן ווענטל, וועט עס זיך אויסטריקענען.

— קאַקאָיע טאַם בעספּאָקאָיסטוואָ! — האָט דער פּריסטאַוו ארויסגע־

וויזן זײַן פֿרײַנטלעכקײַט. — אדעראבעט, ס׳איז מיר זייער אָנגענעם צו דינען אַ העלד, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ מוט און אַזאַ דרייסטקײַט.

דעם דערטרונקענעם האָט מען דערווײַל געקײַקלט אין לײַלעכער, געהויבן די הענט אַרויף און אַראָפּ, צוגעלייגט זיי צו דער ברוסט, געקנאָטן דעם בויך, ביז מע האָט אים געבראַכט צו־זיך.

פּאַרטיק געוואָרן מיט אוונערן און מיטן אָפּגעראַטעוועטן, האָט דער פּריסטאַוו אַרויסגענומען זײַן ביכל און געזאָגט:

— נו, גאָספּאָדאַ, איצט לאָמיר צוטרעטן צו דער פֿאָרמעלער זײַט פֿון איניען.

אוונער האָט גענומען קוקן אַרום זיך, ווי ער וואָלט בעדייע געהאַט בעסער צו מאַכן אַ שפּאַציר איבער דער שטאָט אין די שפּיטאָל־מאַלבוי־שים, איידער האָבן צו טאָן מיט פֿאָרמאַליטעטן, וועלכע האָבן זיך נאָך, ווי ווײַט ער געדענקט, קיינמאָל ניט געענדיקט צו גוטן פֿאַר אים.

— וואָס טויגן אונדז די פֿאָרמאַלנאָסטן, גאָספּאָדין פּריסטאַוו, ס׳איז, ווי סע רעדט זיך, אַ געוויינלעכע זאַך: איינער קאָן ניט שווימען און האָט דאַפֿקע געוואָלט שווימען בײַ דער וואָראָנקע, איז געקומען אַ צווייטער, וואָס קאָן שווימען, און האָט אים געוויזן, וואָס שווימען איז. דאָס איז גאָר! — האָט אוונער, וועלנדיק אויסמײַדן נעענטערע באַקאַנטשאַפֿט מיטן פּריסטאַוו, געמאַכט די גאַנצע זאַך צו גאָרנישט.

— וואָס, מיינט איר, פֿאַר אַ פֿאָרמאַליטעטן וועלן מיר דאָ האָבן? איך וועל פֿאַרשרײַבן אײַערע ביידנס נעמען און אַדרעסן — דאָס איז גאָר.

אוונער האָט ניט ווילנדיק אַ ביטערן שמייכל געטאָן: „דאָס איז גאָר! ניט מער ווי די נעמען און אַדרעסן... אַ נעס, ער וויל ניט וויסן מײַן טיטל, צי גאָר מײַן טאָכטער פֿאַר אַ ווײַב“...

— דאַ טשטאָ טאַם! — האָט ער זיך אַלץ געפּרוווט אַרויסדרייען. — שרײַבט, גאָספּאָדין פּריסטאַוו: „און איז אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן דורך אַ פֿאַרבײַגייער“.

— וואָס רעדט איר? איך דאַרף דאָך שרײַבן אַ ראַפּאָרט. און איך

ווײל טאקע, מע זאָל אײַך צושטעלן צו א נאגראדע... איר האָט עס קאָ־שער פארדינט.

— ע, צו וואָס טויג מיר די נאגראדע! — האָט שטשופּאַק מויכל גע־ווען דעם קאָוועד. — א גרויסע זאך דאָ אופּגעטאָן! א מענטש טרינקט זיך, דארף מען אים דאָך ראטעווען.

— ניין, ניין, זאָגט עס ניט! — האָט דער פּריסטאוו דאפקע געוואָלט מעזאקע זײַן אים מיט א נאגראדע. — אזוי איז שוין די פּאָלאָזשעניע: אז איינער ראטעוועט ארויס א מענטשן פון טויט, שטעלנדיק דערבײַ זײַן אייגענעם לעבן אין געפאר, קומט אים א מעדאל „זא ספּאסעניע אוטאָ־פּאיושטשיך"[1] און באקומט נאָך דערצו א געלט־באלוינונג אויך. ווי דען, ווי דען! אלזאָ, ווי רופט מען אײַך?

אוונער האָט געזען, אז ער וועט זיך דאָ ניט אויסדרייען, האָט ער קוים אויסגערעדט:

— שטשופּאַק...

— און אײַער נאָמען און פּאָטערס נאָמען?

— אוונער אָשעראָוויטש.

— א ייִד? — האָט דער פּריסטאוו א פּיר געטאָן מיט די גרויסע וואָנצן, אשטייגער, ער וואָלט פאריבל געהאט, וואָס מע האָט דאָ פון אים די גאנצע צײַט כויזעק געמאכט.

— א ייִד, — האָט אוונער, ווי שולדיק, געענטפערט.

— הם!.. און ווו ווױנט איר?

— איך ווױן אין ערגעץ ניט... כ׳בין נאָרוואָס געקומען צו פאָרן, געגאנגען פון וואָקזאל...

— אהא, איך פארשטיי שוין: א ייִד אָן פּראוואָזשיטעלסטווע... עפּשער וועט איר ערשט מאָרגן קומען? — האָט ער געכויזעקט. — דאָס איז שוין בא מיר א קלאל: זאָגט א ייִד, ער איז נאָרוואָס געקומען, בין איך זיכער, אז ער האָט ניט קיין פּראוואָזשיטעלסטווע... נו, און דאָקומענטן האָט איר?

---

[1] פאר ראטעווען די, וואָס טרינקען זיך.

דער איינציקער דאָקומענט, וואָס אונער האָט געהאַט, איז געווען זיַין פּאַספּאָרט. דער פּריסטאַוו האָט אים דורכגעקוקט און אַ קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס:

— דאַ־אַס!.. ניט קיין אָנגענעמע זאַך. אַ מענטש באַגייט אַזאַ העלדישן טאַט, און מיטאַמאָל — אָט האָסטו דיר! גאָר אַ בעספּראַוונער ייִד!.. וואָס זשע טו איך איצט מיט איַיך, האַ? — האָט ער זיך אַ קער געטאָן צו אונערן, ווי ער וואָלט געזאָגט: „דער שוואַרציאָר האָט דיך אַהער געבראַכט“. — איך מוז דאָך האַנדלען פּאָ זאַקאָנו, איר פֿאַרשטייט, ציַ ניין?.. — האָט ער זיך ווי פֿאַרענטפֿערט. — מילא, אַז קיינער וואָלט דערביַי ניט געווען, נו, קאָן מען פֿאַר אַזאַ העלדנטאַט פֿאַרזען אַ ביסל דעם געזעץ... טאָן אַ מענטשן אַ טויווע. אָבער דאָ, פֿאַרשטייט איר מיך, איז דאָך אַלץ אַזוי פּובליטשנע... אַ גאַנצע שטאָט האָט געזען. און ווי וועט עס אויסזען? כ׳בין געווען אויפֿן אָרט פֿון דער געשעעניש און ווייס ניט, ווער דער רעטער איז, ווי ער הייסט און ווו ער איז אַהינגעקומען! איר פֿאַרשטייט, מיַין ליבער, וואָס פֿאַר אַ פּאָנעם איך קאָן דעמלט האָבן באַם פּאָליצמייסטער? ניין, טיַיערער, איך קאָן גאָרנישט מאַכן.

— עפּשער?..

— ניין, גאָלובטשיק, רעדט גאָרניט. איך בין דאָך אַליין אַ פֿאַרהייראַטער מענטש, אַ פֿאָטער פֿון אַ פֿאַמיליע. גלייבט מיר, עס טוט מיר לייד פֿאַר איַיך, גייט אַריַין אין מיַין לאַגע אויך: איך קאָן דאָך ניט ריזיקירן מיט מיַין קאַריערע... — האָט ער זיך שיר ניט געבעטן באַ אונערן, גליַיך זיַין גאַנצער גורל וואָלט אָפּגעהאַנגען פֿון אים, און ניט פֿאַרקערט. — נאָר איינס צו דאָס אַנדערע געהערט ניט: אַ מעדאַל וועט איר זיכער באַקומען...

און אונער שטשופּאַק, אויסגעפּוצט אין קאַזיאָנע וועש, אין גרויסן כאַלאַט און אין האַרטן קאַפּעליוש, אָנגערוקט איבער די אויגן, אין דער באַגלייטונג פֿון צוויי פּאָליציייסקע, איז אָפּגעשיקט געוואָרן אין אוטשאַסטאָק.

אַ דריטער פּאָליציייסקע האָט נאָכגעטראָגן זיַין פּעקל נאַסע זאַכן...

נאָך דעם, ווי מע האָט אים אָפּגעהאלטן א פּאָר שאָ אין אוטשאסטאָק, האָט מען אים אין דער באגלייטונג פון א גאָראָדאָוואָי אָפּגעשיקט אפן וואָקזאל, פונוואנען יענער האָט אים באדארפט באזאָרגן מיט א בילעט, „דאָ מעסטא פּריפּיסקי“ און זען, ער זאָל אוועקפאָרן.

— געוויינלעך שיקט אונדזער פּאָליצמייסטער אָפּ אלע „ניעזאקאָנע פּראָזשיוואיושטשע“ יידן מיטן עטאפּ, נאָר א דאנק אייַער העלדישן טאט וועל איך אייַך לאָזן פאָרן אפן אייגענעם כעזשבן, און פאָרן ווינען אומגעזעצלעך אויסער דער טשערטא זאָלט איר ניט מוירע האָבן, — האָט אים דער פּרייַנטלעכער פּריסטאַוו פּארטרויט א סאָד, — איך וועל שוין אָנשרייַבן דעם ראפּאָרט אזוי, אז איר וועט אָפּקומען מיט א קלייניקייַט, העכסטנס מיט א קליינער געלט־שטראָף. האָט אייַך א גליקלעכן וועג און זייַט רויִק: א מעדאל וועט איר אין דער געהעריקער צייַט זיכער באקומען, — האָט דער פּריסטאַוו אים געטרייסט, — וועגן דעם וועל איך שוין זאָרגן...

1912

## שווייצאַרישע אונטערטאַנער



ס זייַנען פאַרבײַ וואָכן און כאָדאָשים, ווי איך זוך אַרבעט — וועלכע־ניט־איז אַרבעט, און קאָן ניט געפינען.

איך ווייס ניט, דורך וועלכע וועגן, נאָר צו באַלעבאַטים אין שטאָט איז דערגאַנגען, אַז איך בין „אַ יונג מיט אַן אָפּן מויל". איך שאַנעווע ניט די, וועמענס ברויט איך עס, און רעד אַנטקעגן קונדן.

— סאַמע סידאָראָוון, דעם מאָסקווער סידאָראָוון, האָט ער אַנטקעגן גערעדט!

דאָס אַליין איז געווען גענוג, אַז אַלע טירן זאָלן פאַר מיר זײַן גע־שלאָסן.

— ווו האָט איר פריִער געאַרבעט, יונגערמאַן?

איך רעכן אויס אַלע מײַנע פריִערדיקע באַלעבאַטים: פּינקוס עט קאָ., הערצפעלד, ראָטשטיין און קלינקאָווסקי... לייגנדיק באַזונדערע האָפע־נונגען אויף די לעצטע: אַזאַ גרויסע פירמע דאַרף זײַן אַ גוטע רעקאָמענ־דאַציע.

— אַ, בײַ ראָטשטיין און קלינקאָווסקי? ווי איז אײַער פאַמיליע, יונגערמאַן? הם!.. ניין, יונגערמאַן, מיר נייטיקן זיך ניט אין קיין מענטשן...

אַלץ אָפטער און אָפטער קומען מיר אויפן זינען די היימישע ווערטער, מיט וועלכע פאַן ליפּעצקי האָט מיך אַרויסבאַגלייט פון מײַן לעצטער שטעלע: „אַ מענטש, וואָס ווייסט ניט, אַז דער קונד איז שטענדיק גע־רעכט, טויג פאַר אונדז ניט און וועט פאַר קיינעם ניט טויגן".

פאַר מיר ווערט קלאָר, אַז איך בין אַרײַנגעפאַלן אין ניט־געשרי־בענעם שוואַרצן צעטל און מעג זיך אויף אייביק געזעגענען מיט דער געווענטעבער וועלט.

פאַר דעם קאַרגן יאָר צײַט, זינט איך בין פאַריאָגט געוואָרן פון דעם געוואַנט־ און שעוויאָט־קיניגרײַך, האָב איך איבערגעפּרוּווט אַלערליי באַשעפטיקונגען: געווען אַן אַגענט פון אַ שטעמפּלמאַכער און שילדנמאָ־לער, געקליבן אַנאָנסן פאַר אַן אָוונט־בלעטל, וואָס קיינער האָט ניט גע־וואָלט אַנאָנסירן זיך אין אים, געשיקט קאָרעספּאָנדענציעס אין צײַטונ־גען, וואָס האָבן קיין האָנאָראַר ניט געצאָלט, געזוכט קונדן פאַר פאַברי־קאַנטן אויף וויזיט־קאַרטלעך און געלערנט זיך אויף אַ ציין־טעכניקער. אָבער פון די אַלע פּאַרנאָסעס איז ניט שטענדיק געווען מיט וואָס די ציין איבערצושײַערן.

מײַן דערנערונג באַשטייט דעריקער פון זיס־זויערן ראָזינקעס־ברויט, וואָס איך קויף בײַם טערק אויפן ראָג גאַס. פינף קאָפּעקעס פאַר אַ פרישע ברויטל און פיר קאָפּעקעס פאַר אַן אַלטגעבאַקן — „נעכטיקן". דאָסראָוו

קויף איך „נעכטיקע" ברויטלעך: אי זיי קאָסטן ביליקער, אי זיי עסן זיך ווייניקער.

— די ראָזינקעס זײַנען אפן צווייטן טאָג פונקט אזוי פריש, ווי אין ערשטן, — כאָכמעט זיך דער געלער באָכער, מיט וועלכן איך טייל דעם זעקסרובלדיקן צימער.

דער דאָזיקער געלער שאָכן מײַנער, פונקט אזא האלב־הונגעריקער שטעלע־זוכער ווי איך, איז א פריילעכער לונג־און־לעבער.

— ראָזינקעס האָבן מיר שוין. עס פעלן אונדז בלויז מאנדלען, — זאָגט ער, ארויסקאָלופענדיק די ראָזינקעס פונעם ברויט.

זופנדיק טיי אָן צוקער, זאָגט ער צו מיר:

— מיש, מיש, אונטן איז גענוג צוקער.

אונטן — דאָס איז אין געוועלבל, וואָס אונטער אונדזער צימער.

ווען עס פעלט אויס קעראָסין אף אופקאָכן טיי, אייצעט ער אָנטרינקען זיך מיט קאלט וואסער און צולייגן דעם בויך צום הייסן אויוון, וועט ווערן טיי.

— דער מאָלצײַט איז סערווירט, אײַער עקסעלענץ! — מעלדעט ער פײַערלעך, פאנאנדערלייגנדיק די ברויטלעך אף א גאזעט.

ווען עס פעלן אויס די צען קאָפעקעס אף צווי זיס־זויערע ראָזינקעס־ברויטלעך, לייגט ער פאנאנדער געדיכט באזאלצענע ריפטלעך שווארץ ברויט אפן טיש און פארנייגט זיך פאר מיר:

— א ביסעלע געזאלצנס, מײַן הער, צוליב אפעטיט וועגן. ביטע!..

דעם געלנס גאלגאן־הומאָר העלפט לײַכטער צו פארדײַען אונדזערע „מאָלצײַטן", נאָר זאטער דערפון ווערן מיר ניט.

אין מײַן נויט האָב איך געפרוווט זיך אומקערן צו מײַן אמאָליקער פראָפעסיע — אײַנבינדערײַ, אָבער אָן דערפאָלג.

די ערשטע אײַנבינדערײַ, וווהין איך בין ארײַן פרעגן אף ארבעט, איז געווען אין א קעלער־שטוב, שוואך באלויכטן מיט אן איין־איינציק גאז־רערל. נאָך איידער מײַנע אויגן האָבן עפעס דערזען, האָט שוין מײַן נאָז דערשמעקט דעם רייעך פון זײַערדיקן אײַנבינדערשן פאפ, פון נאסע

קינדערשע ווינדעלעך, פון שוויס און פון לאנג ניט געוואשענע מענ־טשישע קערפערס.

אין ווינקל, באם אײנציקן פענצטערל, וואָס האָט זיך בלויז אף איין דריטל אופגעהויבן איבערן טראָטואר, איז בא אן אײַנבינדערשן וואר־שטאטל געשטאנען א מיטליאָריקער ייִד מיט אן אפּאָסטאָל־פּאָנעם — א דורכזיכטיק־בלייך, לײַדנדיק פּאָנעם, אײַנגעפאסט אין א שווארצבערדיק רעמל, און האָט מיט א בארשט געשמירט סטאָליערשן קליי אף די רוקנס פון א בינטל ביכער, צוזאמענגעפּרעסטע אין א פּרעס.

— וואָס פארלאנגט דער הער? — האָט ער זיך א קער געטאָן צו מיר. באמערקט מײַן פארלעגנהײַט, האָט ער זיך געאײַלט צוגעבן:

— דער הער קאָן זײַן רויִק. אינדז מאכן מיר וועלעכענע ארבעט דער הער פארלאנגט. אינדז בינדן מיר ביכער, אינדז ארבעטן מיר אלבומען פאר מוסטער־קאָלעקציעס, קאָנטאָר־ביכער... איך קאוויר אין פאר גיטע ארבעט. גיט און בילּיק.

דער „הער" האָט ניט געדארפט ניט קיין אלבאָמען פאר מוסטער־קאָ־לעקציעס, ניט קיין קאָנטאָר־ביכער. ארבעט — דאָס איז אלץ, וואָס דער „הער" האָט פארלאנגט.

דער ייִד מיטן אפּאָסטאָל־פּאָנעם האָט שנעל, ווי ביגנייווע, א פּיר געטאָן איבער מיר מיט זײַנע מידע אויגן און ראכמאָנעסדיק — עפּשער מיט מער ראכמאָנעס צו זיך אליין ווי צו מיר, — קרענקלעך זיך צע־שמייכלט:

— ייִנגערמאן, — פון א „הער" בין איך גלײַך געוואָרן א פּאָשעטער יונגערמאן, — ייִנגערמאן, עטץ מאכט כויזעק פון מיר, צי וואָס? האָט שוין טאקיש אזא ייִנגערמאן, ווי ענק, ניש געפינען קא׳בעסערס ווי אײַנבינדערײַ? סידען א פאך? סי דאָך א טשאכאָטקע, א דער — ניט קא׳ פאך!.. גייט, ייִנגערמאן, און זאָל אין גאָט צושיקן עפּעס בעסערס...

קיין בעסער מאזל האָב איך אויך ניט געהאט אין אנדערע אײַנבינ־דערײַען. די אייגנטימער פון די אײַנבינדערײַען — „היימישע ייִדן" אין

יארמלקעס און טאלעסקאָטנס — האָבן געקוקט מיט כשאד און אומצוטרוי אפן פאצעטישן ליטוואקל, וואָס קומט צו זיי בעטן ארבעט.

אָפּמעסטנדיק מיך פון מײַן הארטן קאפעליוש ביז צו די שארפע שפּיצן פון מײַנע אָפּגעטראָגענע, אָבער ביז שפּיגל־גלאנץ אָפּגעפּוצטע שיך, האָבן זיי מיך, אלע ווי אײנער, אָפּגעפּארטיקט:

— גייט שוין, גייט, יינגערמאן. אינדז הובן מיר אליין נישט ווּס צי טון. אינדז ברויכן מיר ניש קאַ׳ געזעלן.

די טירן פון די אײַנבינדערײַען זײַנען פאר מיר געשטאנען אָפן... אף ארויסצוגיין.

ניט געווען שוין קײן איין באקאנטער מײַנער — אכוץ די, וואָס זײַנען, ווי איך, געווען אָן ארבעט און האָבן האלב אָדער אינגאנצן געהונגערט, — בא וועמען איך זאָל שוין ניט האָבן געכאפּט א גמילעסכעסעדל — פון א האלבן קערבל ביז א דרײַערל. בא וועמען צו „כאפּן" איז שוין ניט פארבליבן. האָב איך קײן אנדער ברייְרע ניט געהאט, ווי ווענדן זיך נאָך א האלוואָע צו מײַן רײַכן קאָרעוו באָריס לעוויטין, א מענטש מיט אן אייגן געשעפט אין מאָסקווע.

מײַן רײַכן קאָרעווס אשירעס איז באשטאנען אין זײַן פּראוואָזשיטעלסטוואָ: זײַן דיפּלאָם פון א פּראָוויזאָר האָט אים געגעבן ווינרעכט „אין די ערטער, ווו ייִדן איז פארבאָטן צו וווינען". האָט ער אָפּגעזוכט א שקלאָווער ייִד מיט קאפּיטאל, נאָר אָן פּראוואָזשיטעלסטוואָ, און געמאכט מיט אים שוטפעס: דער בעספּראוונער כאָנע קושניר פון שקלאָוו האָט ארײַנגעלייגט אין געשעפט זײַן קאפּיטאל, און דער פּאָלנאָפּראוונער באָריס לעוויטין — זײַן פּראוואָזשיטעלסטוואָ, און אין מאָסקווע האָט זיך געעפנט אן אָפּטאָווער רויכווארג־געשעפט אונטער דער פירמע „ב. לעוויטין און קאָ., רויכווארגער".

אף מײַן באקאָשע האָט באָריס לעוויטין מיר צוגעשיקט פופצן רובל מעזומען, און — שוין אָן מײַן באקאָשע — „אן אייצע פון א פּראקטישן מענטשן", ווי־אזוי צו „ווערן א מענטש און דערשלאָגן זיך צו א טאכלעס אין לעבן". „...ווי לאנג נאָך וועסטו דאָרטן זיך ארומדרייען א הונגעריקער

אין דײַן פּאַרייכערטן „רוסישן מאַנטשעסטער" — לאָדז, װוּ אױף יעדער שטעלע פֿאַר פּופֿצן קערבלעך אַ כּוידעש זײַנען פֿאַראַן דרײַסיק הונגע־ריקע קאַנדידאַטן? — האָט פֿאַר זײַנע פּופֿצן רובל געװאָלט װיסן מײַן קאָרעװ דער באַלטאַכלעס. — דו װילסט פֿאָלגן אַ פּראַקטישן מענטשן, איז קויף פֿאַר די פּופֿצן רובל אַ באַן־בילעט און קום צו פֿאָרן קײן מאָס־קװע. איך װעל דיך שוין דאָ װי־ניט־איז אײַנאָרדענען. איך װעל דיר ניט צוזאָגן קײן אַרבעט בא אונדז אין געשעפֿט. דאָס איז צוליב געװיסע טײַמים ניט באַקװעם, נאָר האָב קײן זאָרג ניט. לײדיק װעסטו דאָ ניט אַרומגײן. די פֿראַגע פֿון פּראַװאָזשיטעלסטװאָ זאָל דיך ניט באַמרויקן: װעסט װױנען אין מאָסקװע, װי עס װױנען דאָ אַ סאַך אַנדערע ייִדן — װי אַ שװײצאַרישער אונטערטאַנער, דאָס הײסט, װעסט צאָלן דעם שװײ־צאַר פֿופֿצן הויז אַ דרײַערל אָדער אַ פֿינפֿערל אַ כּוידעש און װעסט לעבן, װי אַ גראַף, ניט קײן צוגעשריבענער... װער רעדט, אַז דו װעסט קומען מיט אַ דאָװערענאָסט פֿון אַ סויכער, כאָטש פֿון דער צװײטער גילדיע, דאַן לאַכסטו זיך דאָך אויס פֿון דעם סאַמע מאָסקװער גענעראַל־גובערנאַטאָר. עמעס, אַ דאָװערענאָסט גיט װױן־רעכט בלויז אױף דרײַ כאַדאָשים אין יאָר, נאָר װוּ שטײט עס געשריבן, אַז דו מוזסט זיך צו־שרײַבן? דײַן פּאַספּאָרט מיט דער דאָװערענאָסט דאַרפֿן שטענדיק ליגן בא דײַן סװוּערען — דעם שװײצאַר. װען מע זאָל דיך ניט אַ נעם טאָן, ביסטו נאָרװאָס געקומען צו פֿאָרן און איבערגעגעבן דעם שװײצאַר די דאָקומענטן צו פֿאַרשרײַבן. דערבײַ, פֿאַרשטײט זיך, דאַרף מען אַ שטעק טאָן דעם אָקאָלאָדאָטשנעם אַ פֿינפֿערל אין די צײַן, און דו קאָנסט װײַ־טער װױנען רויִק אין מאָסקװע.

איצט פֿאַרשטײסטו שוין, װאָס הײסט אַ ייִד אַ שװײצאַרישער אונ־טערטאַנער?

האַקלאַל, לײג ניט אָפּ און קום צו פֿאָרן. אַ מענטש דאַרף קלערן װעגן אַ טאַכלעס, קאָלזמאַן ער איז יונג. אָט לערן זיך פֿון מיר, — האָט מײַן קאָרעװ דער באַלטאַכלעס מיר געײצעט. — אַן אַנדערער אױף מײַן

אָרט וואָלט זיַין גאנץ לעבן אָפּגעשטאנען הינטער פרעמדע אפּטייק־טישן און געריבן מיטן מערזל אין שטיסל און פאנאנדערגעגאָסן ריצנייל אין פלעשעלעך. פאר מיר אָבער איז עס קיין טאכלעס ניט. בין איך, ווי דו זעסט, געוואָרן א סויכער, דערשלאָגן זיך צו א טאכלעס. איך האָף, אז דו האָסט מיך פארשטאנען און וועסט מיר פאָלגן"...

איך האָב אים פארשטאנען און האָב אים געפאָלגט. א ברײירע האָב איך געהאט...

1960—1912

# אָן א היים



ין וואגאָן האָט זיך אָנגעהויבן יענע לעבהאפטיקע באוועגונג, וועלכע הייבט זיך געוויינלעך אָן, ווען דער צוג דערנעענטערט זיך צום לעצטן פונקט פון זייַן מארשרוט. יעדערער האָט איילנדיק אראָפּגענומען זייַנע טשעמאָדאנעס און פעקלעך פון די אייבערשטע פאָליצעס, פארוויקלט און צונויפגעבונדן דאָס בעטגעוואנט; פרויען מיט האנטעכער אין די הענט האָבן געייַלט אין טואלעט־צימער; עמעצער האָט געזוכט זייַן טשייַניק, מיט וועלכן א האלבער וואגאָן האָט זיך באַנוצט אין דער רייַזע; א פרוי האָט אומרויִק און דערשראָקן געשריִען:

„מישא, ווּ ביסטו אהינגעקומען, מישא?" א נערוועזער פּאַרשוין האָט זיך אַליין געשיקט צום טײַוול דערפאַר, וואָס ער האָט פאַרגעסן צו אײַנפּאַקן דאָס קישעלע און דאַרף צוליב דעם אפּסנײַ אופבינדן דעם פּאַק בעט־געוואַנט. די, וואָס זײַנען שוין פאַרטיק געווען מיט די האַכאַנעס צום אויסשטײַגן, האָבן מיט אומגעדולד געקוקט דורך די פענצטער, אָפּ־מערקנדיק די צייכנס פון דערנעענטערונג צו מאָסקווע. די סאַמע אומגע־דולדיקע זײַנען שוין געשטאַנען מיט זייערע טשעמאָדאַנעס אין טאַמבור, גרייט אַרויסצושפּרינגען, ווי נאָר דער צוג וועט זיך אָפּשטעלן. יעדערן האָט זיך געוואָלט וואָס גיכער קומען אָף זײַן אָרט, צו זײַנע אייגענע, צו זײַנע פרײַנט און באַקאַנטע, אומקערן זיך צו זײַן אַרבעט, צום נאָר־מאַלן לעבן.

בלויז מיר איינעם האָט זיך געוואָלט, די רײַזע זאָל זיך קיינמאָל ניט ענדיקן. דאָ, אין וואַגאָן, האָב איך, ווייניקסטנס, פּראַוואָזשיטעלסטווע, דאָ פאָדערט בא מיר קיינער ניט קיין דאָקומענטן. אָבער וואָס דערוואַרט מיך דאָרטן, אין דער גרויסער פרעמדער מאָסקווע? שוין אַרויסגייענ־דיק פון וואַגאָן, ווייס איך דאָך ניט וווּהין צו גיין, צו וועמען זיך ווענדן, ווו איך וועל נעכטיקן שוין הײַנטיקע נאַכט?..

צו מײַן קאָרעוו לעוויטין קאָן איך ניט פאַרפאָרן: „אפילע, ווען איך וואָלט געהאַט פאַר דיר אַן אָרט בא זיך אין דירע, וואָלט איך דיך אויך ניט געקאָנט לאָזן וווינען בא מיר, — האָט מיך לעכאַטכילע געוואָרנט מײַן קאָרעוו. — אונדזער הויפּיקער, דער דוואָרניק אונדזערער, איז א שוואַרצמייעניק, ער גיט גלײַך צו וויסן דער פּאָליציי וועגן יעדן פרעמדן אין הויז. די פּאָליציי גופע האַלט אויך אין אויג ייִדישע דירעס: מאַכט אָפּט נאַכט־וויזיטן, שפּירט נאָך, צי האַלטן מיר ניט בא זיך קיין ניט צוגעשריבענע ייִדן. א טרייפן ייִדן איז גלײַכער צו וווינען בא רוסישע מענטשן, רוייִקער אוואַדע. נאָר זאָל עס מיך ניט אַרן: א סטאַנציע קריגט מען, אַבי געזונט און געלט"...

אין וואַגאָן האָב איך זיך באַקאַנט מיט א ייִדן, וואָס וווינט שוין, ווי ער האָט געזאָגט, היפּשע עטלעכע יאָר אין מאָסקווע „אַזוי", דאָס הייסט

ניט קיין צוגעשריבענער. וואָס הייסט ניט קיין צוגעשריבענער? שרײַבן שרײַבט ער זיך יאָ צו, נאָר ניט מער, ווי די לעצטע דרײַ כאַדאָשים אין יאָר, אַף זײַן דאָווערענאָסט. ניַין כאַדאָשים אין יאָר לעבט ער „אַזוי“, „מיטן דוואָרניק“.

דער ייִד האָט מיר אויפגעגעבן אַ גאַנצע רעשימע אַדרעסן, וווּ מע קאָן וווינען „אַזוי“. עס זײַנען אויך פאַראַן, האָט ער מיר געזאָגט, מעבלירטע צימערן, וווּ מע נעמט גערן אויף טרייפע ייִדן, גאָר פּאָשעט, ווײַל אַ טרייפער ייִד צאָלט צוויי מאָל אַזויפיל, ווי אַ קאָשערער גאַסט. עמעס, קיין פּאַלאַצן זײַנען אַזעלכע נומערן ניט, נאָר אַז ס׳איז ניטאָ עפּעס בעסערס, קאָן מען אין אַזעלכע האָטעלן אויך איבערנעכטיקן אַ נאַכט די אַנדערע. קורץ, ס׳איז ניט אַזוי שרעקלעך, ווי איך שטעל זיך פאָר. וואָסי שײַעך ניט שרעקלעך? מע האָט געוווּנט אויסצושטיין צאָרעס, מיט האַרץ־קלאַפּעניש, מיט שרעק, מיט ביזיוינעס, מיט דערנידעריקונג, נאָר גאָר־נישט, — ייִדן זײַנען שוין געוווינט צו אַזעלכע זאַכן. מע גיט זיך אַן אייצע. קאָסט נאָך אַ דרײַערל.

— אַפּן גאַס וועט איר אין מאָסקווע ניט נעכטיקן, — האָט ער מיך באַרויִקט.

פון אייגענער פּראַקטיק, אַפּאָנעם, גוט באַקאַנט מיט דער סעדרע פּראַוואָזשיטעלסטוואָ און מיט דער טאָפּאָגראַפיע פון דירעס פאַר „טרייפע“ ייִדן, האָט דער ייִד, וואָס לעבט „אַזוי“, צו יעדער „זיכערער דירע“, וואָס ער האָט מיר אָנגעוויזן, צוגעגעבן זײַנע האַגאָעס:

— דאָ, אַף מעשטשאַנסקע, וועט אײַך קאָסטן ביליק — בעסאַכאַקל אַ קערבלעך פּופצן־אַכצן אַ כוידעש פאַר אַ ווינקל — צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאָר ייִדן אָן פּראַוואָזשיטעלסטוואָ. דאָ, אַף אַלעקסאַנדראָווסקע־גאַס, אַף דער זײַט, וואָס רעכנט זיך שוין מאַריִנע ראָשטשע, וועט איר קאָנען דינגען אַ צימערל פאַר זיך אַליין, נאָר פאַר ריינקײַט וועל איך אײַך דאָרטן ניט קאַווירן... אַף באָלשאַיאַ גרוזינסקאַיאַ, נומ. 13 קאָנט איר קויפן דעם הויפיקן פאַר אַ דרײַערל אַ כוידעש, אָבער כ׳האָב מוירע, אַז דאָרטן איז אַ ביסל צופיל וואַנצן... דאָ, אַף סרעטענקע, 23, קאָנט איר

שלאָפן רויִק, ווי בא זיך אין דער היים: ס'איז בא דעם אָקאָלאָדאָטשנעם גופע, אָבער ס'וועט אײַך קאָסטן א מאטמען מיט געלט... מײַלע, איר וועט שוין אליין זען, וואָס פאר אײַך איז בעסער, — האָט ער פארענ־דיקט זײַנע אייצעס.

אז א געניטער מענטש זאָגט „מע גיט זיך אן אייצע", ווייסט ער דאָך, וואָס ער זאָגט. פּאָרט אן אלטער מאָסקווער טוישעוו! — האָב איך זיך געטרייסט. דאָך האָט עפּעס אן אומרו גענאָגט דאָס הארץ...

סאָפּענדיק, ווי א פארמאטערטער פון לויפן, האָט דער צוג לאנגזאם ארײַנגעפּויזעט אונטערן גלעזערנעם דאך פון וואָקזאל.

ס'האָט מיר א טיאָכקע געטאָן אין הארצן. מאָסקווע! ווו, בא וועמען וועל איך הײַנט נעכטיקן? וועל איך געפינען פאר זיך א ווינקל?..

די סומאטאָכע אין וואגאָן איז געוואָרן נאָך גרעסער. מענטשן האָבן זיך געריסן צום ארויסגאנג פון וואגאָן, ווי זיי וואָלטן זיך געראטעוועט פון א סרייפע. נאָך איידער דער צוג האָט זיך רעכט אָפּגעשטעלט, האָבן זיך שוין פון אלע וואגאָנעס געטראָגן באנומענע קולעס: „נאָסילשטשיק, נאָסילשטשיק!", ווי מענטשן וואָלטן געווען אין דער גרעסטער געפאר און גערופן צוהילף... בלויז איך איינער האָב זיך ניט געאײַלט ארויסצוגיין פון וואגאָן: מיר האָט זיך געדוכט, אז דער זשאנדארם, וואָס איז, ווי א סטאטויע, געשטאנען אף דער פלאטפאָרמע, דורכלאָנדיק פארבײַ זיך וואגאָן נאָך וואגאָן, פענצטער נאָך פענצטער, — האָט מיך, דאפקע מיך, דורכגעדרונגען מיט זײַן בליק, און ווי נאָר איך וועל ארויס פון וואגאָן, וועט ער מיך א נעם טאָן: „דאָקומענטי!"...

מײַן טשעמאָדאנטשיק איז געווען קליין און מאָגער, דאָך האָב איך גענומען א טרעגער: אָן באגאזש וועט דער זשאנדארם עפשער ווייניקער מיך באמערקן?.. עלעהיי איך בין געקומען עמעצן באגעגענען אפן וואָק־זאל?..

ס'איז געווען אן עכט־מאָסקווער אָקטיאבער־פרימאָרגן. שווערע, בלײַענע וואָלקנס זײַנען נידעריק געהאנגען איבער דער שטאָט. א שפּאָ־רעוודיק רעגנדל האָט, ווי דורך א זיפּ, געזייט אף דער ערד. אלץ ארום איז געווען נאס, גרוי און כמורע.

מיט אָנגעשטעלטע קאָלנערס, די הענט טיף פארוקט אין די מאנטל־קעשענעס, האָבן מענטשן, אזוי כמורע ווי דאָס וועטער, געאײַלט אין אלע ריכטונגען. דראָזשקעס, די אופגעהויבענע בײַדלעך, נאס און גלאנ־ציק פון רעגן, זײַנען, טראסקענדיק מיט די אײַזערנע שינעס איבערן שלעכטן קאבל־ברוק, קעסיידער צוגעפּאָרן און אָפּגעפאָרן פון וואָקזאל. באן־טרעגער אין ווײַסע פארטעכער און מיט מעשענע בלעכלעך אף די ברוסטן האָבן, אָנגעלאָדענע מיט פּעק, ווי די קעמלען, באגלייט אָפּפאָרנ־דיקע און אָנגעקומענע פּאסאזשירן.

דער וואָקזאל־פּלאץ האָט געווירבלט, ווי א מוראווייניק.

איך בין געבליבן שטיין א פארלאָרענער: דער ערשטער אדרעס אין מײַן ביכעלע איז געווען פון איינער א פריידע טעמקינע, צווייטע מע־שטשאנסקע גאס, נומ. 34. אָבער ווו איז דאָ ערגעץ די צווייטע מע־שטשאנסקע? עפּשער פרעגן דעם גאָראָדאָוואָי? ניין, אזא נארישקײַט וועל איך ניט טאָן. מיר דוכט, אז ער קוקט שוין אזוי אויך אף מיר מיט כשאד... קוידעם דארף מען ניט שטיין אף איין אָרט.

— באריך, פּאָדוועזו...

לאנגזאם פאָרנדיק לענגויס דעם טראָטואר, האָט דער איזוואָזטשיק זיך אריבערגעבויגן צו מיר פון דער קעלניע.

— וואשע סטעפּענסטוואָ! וווהין פארלאנגט איר? כ'וועל טײַער ניט נעמען. זעצט זיך, פּאָרעץ, כ'וועל אײַך צושטעלן אין א מאָ־מענט.

עפּשער טאקע נעמען אן איזוואָזטשיק? — האָב איך א טראכט געטאָן. איך ווייס דאָך אפילע ניט, ווי מע גייט אף צווייטע מעשטשאנסקע.

אפן וועג צו דער צווייטע מעשטשאנסקע איז אונדז אנטקעגן געקומען א לעווײַע. דער איזוואָזטשיק האָט א ריס אראָפּ געגעבן דאָס היטל

פון קאָפּ און האָט זיך איבערגעציילעמט. איך האָב אויך אַראָפּגענומען דאָס היטל און גענומען באַטאַפּן די בוזעם־קעשענעס פון ביידע זײַטן ברוסט: זאָל מען מיינען, אַז איך צייל עם זיך און ניט דערקענען אין מיר אַ רעכטלאָזן ייִד...

דאָס זעלביקע האָט דער איזוואָזטשיק געטאָן יעדעס מאָל, ווען מיר זײַנען פאַרבײַגעפאָרן איינעם פון די פּילצאָליקע קלויסטערס אַפן וועג. נאָר דאָ האָב איך זיך שוין געלאָזן אַף אַ שפּיצל: דערזעענדיק פונווײַטן די קופּאָלן פון אַ קלויסטער, פלעג איך נעמען קוקן אין דער קעגנאיבער־דיקער זײַט — עס הייסט, איך זע ניט דעם קלויסטער...

פינצטערע און גליטשיקע טרעפּ האָבן מיך געפירט צום דריטן שטאָק, ווו איך האָב געזאָלט געפינען די דירע פון פריידע טעמקינע. די טיר האָט מיר געעפנט אַ מיטליאָריקע פרוי מיט פלאַקסענע האָר און מיט אַ פאַריסן נעזל אַף אַ בייזן פּאָנעם.

— טשטאָ וואַם אוגאָדנאָ?

אַרום אַ לאַנגן, ניט־געפאַרבטן טיש זײַנען געזעסן אַ צען־צוועלף מיידלעך און גענייט. עטלעכע האָבן געשטעפּט אַף ניי־מאַשינעס.

די מיידלעך האָבן מיט נײַגער געקוקט אַף דעם אומבאַקאַנטן.

— דאָ וווינט פרוי טעמקינע?

— ניטאָ דאָ קיין טעמקינעס! — האָט די קורצנעזלדיקע בייז געענט־פערט. — איך וווין דאָ. אַנאַסטאַסיאַ ריבאַקינאַ. אַ מאַסטערסקאַיע פון וועש... וואָס האָט איר אויסגעגלאָצט די אויגן? — האָט זי זיך אַ קער געטאָן צו די מיידלעך. — קיינמאָל קיין מאַנצבל ניט געזען? טוט אײַער אַרבעט!

— אַנטשולדיקט, — האָב איך אַ זאָג געטאָן און גיך אַרויס. הינטערן טיר האָב איך דערהערט דאָס געלעכטער פון די מיידלעך.

איך בין אײַליק געגאַנגען פון די טרעפּ און באַמיט זיך אײַנצורײדן זיך, אַז דאָס געלעכטער הייבט מיך ניט אָן צו אַרן: אַ פּאָנעם עס האָט

באַ מיר: מיידלעך לאַכן!.. פונדעסטוועגן האָב איך, אַליין ניט וויסנדיק פאַרוואָס, זיך געפילט דערנידעריקט.

אַרויסגייענדיק פון הויף, האָב איך ווידער ניט געוווּסט, וווּהין צו גיין.

פרעגן האָב איך זיך ניט באַשלאָסן: מיר האָט זיך געדוכט, אַז יעדער איינער וועט אין מיר דערקענען אַ „בעספּראַוונעם" ייִד... איך בין צוגע־גאַנגען צו אַ צײַטונגס־פאַרקויפער און נאָך דעם, ווי איך האָב באַ אים געקויפט אַ צײַטונג, האָב איך, ווי פאַרבײַגייענדיק, אַ פרעג געטאָן:

— ווי רעכנט איר, אין צוואַנציק מינוט וועל איך דערגיין ביז אַלעק־סאַנדראָווער גאַס?

— אפילו ניט, ווען איר וועט דעם גאַנצן וועג לויפן, — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

ער האָט גענומען אויסרעכענען די אַלע גאַסן, וועלכע איך דאַרף דורכגיין, ביז איך וועל קומען אויף אַלעקסאַנדראָווסקע־גאַס, פון וואָס ס'איז קלאָר געוועזן, אַז ווייניקער, ווי אין אַ שאָ צײַט, קאָן איך בעשום־אויפן ניט קומען אַהין.

אין דער דירע אויף אַלעקסאַנדראָווער גאַס — דער צווייטער אַדרעס אין מײַן ביכעלע — האָב איך געטראָפן אין אַלטיטשקן אויף אַ שטול מיט רעדלעך, די פיס אַרומגעוויקלט מיט אַ וואַטענער קאָלדרע, אַ צונויפגע־שטוקעוועטע פון אַלערליי פילפאַרביקע ציצענע שטיקלעך, און מיט אַ דיקן וואָלענעם שאַל אַרום האַלדז. די אויגן באַם אַלטן האָבן געקוקט זינלאָזיק, דאָס מויל פאַרקרימט, די געדיכטע גרויע באָרד צעפּלאָנטערט און שמוציק. די האַלב־פּאַראַליזירטע צונג האָט זיך געמאַטערט עפּעס זאָגן און ניט געקאָנט. נאָר די פרוי, וואָס איז געשטאַנען לעבן זײַן שטול, האָט יאָ פאַרשטאַנען, וואָס ער רעדט. „ער זאָגט, — האָט זי מיר פאַר־טײַטשט זײַנע רייד, — אַז זינט זײַן ווײַב איז געשטאָרבן — אַ יאָר ווערט אויף פּאַסכע, — האַלט ער מער ניט קיין קוואַרטיראַנטן. ניטאָ ווער סע זאָל זיי באַדינען. ניטאָ ווער עס זאָל אויף אים אַליין אויפּאַסן", — האָט זי שוין פון זיך אַליין צוגעגעבן.

דער פּאַראַליזירטער האָט זיך אופמערקזאם צוגעהערט צו אירע רייד און געשאָקלט מיטן קאָפּ אין האסקאַמע. בא אירע לעצטע ווערטער האָט א מוטנע טרער זיך אראָפּגעקייַקלט פון זייַן פארגלעזערט אויג. ער האָט זיך געמאטערט אויסווישן דאָס אויג, נאָר די פאראליזירטע פינגער האָבן ניט געפאָלגט.

איך האָב אָפּגעזיפצט, אָפּגעזעגנט זיך און בין אוועקגעגאנגען.

נאָכפרעגנדיק עטלעכע מאָל בא מענטשן, אָרעמע און פּאָשעטע אפן אויסזען, האָב איך ארום האלבן טאָג זיך דערקליבן צו מייַן דריטן אד־רעס, ערגעץ אף די גרוזינעס. דאָס האָט זיך ארויסגעוויזן צו זייַן אן אלט, אָפּגעפליקט הילצערן הייַזל, פארוקט צווישן צוויי פילשטאָקיקע פאבריקן. דאָס הייַזל האָט אויסגעזען ווי א הינטיש בייַדל צווישן גרויסע מויערן.

אינעם גאנצן הייַזל זייַנען געווען בלויז פיר דירעס. צוויי אונטער־שטע און צוויי דאך־שטיבלעך. אף דער טיר פון איין אונטערשטער וווינונג איז געווען אויסגעמאָלט א שטיוול מיט אן אופשריפט פון אונטן: „זאַ־קאזי אי פּאָטשינקי". די טיר פון דער קעגניבערדיקער וווינונג איז, ניט קוקנדיק אף דער הארבסטיקער קעלט, געווען ברייט צעעפנט און פון איר האָט געשלאָגן א דאמף און דער רייעך פון זייף און סאָדע. צוויי פרויען, די ארבל פארשארצט איבער די דארע הענט, זייַנען געשטאנען אָנגעבויגן איבער באליעס וועש.

— וועמען זוכט איר? — האָט מיט א פארקילט הייזעריק קאָל גע־פרעגט איינע פון די פרויען.

— ווו וווינט דאָ ערגעץ כאנע שיינזאָן?

— אנא לעאָנטיעוונא? די אלמאָנע, וואָס האלט קווארטיראנטן?

— יאָ... זי האלט, דוכט זיך, קווארטיראנטן... — האָב איך טאמע־וואטע געשטאמלט.

— אויבן, רעכטס, — האָט די פרוי מיט דער פארקילטער שטים א וויַיז געטאָן מיט דער האנט. — דאָ ווויִן איך, קעגניבער — דער שוסטער גאווריליאָוו, א שיקער. אויבן וווינט אוודאָטיא טשורקינא, לינקס, און

פון דער רעכטער זײַט — אנא לעאָנטיעוונא, — האָט די װעשן מיך באקאנט געמאכט מיט דעם גאנצן אוילעם אין הויז.

ארופגעקליבן זיך איבער שמאָלע פינצטערע טרעפּלעך צום דאך־שטיבל, האָב איך אָן עפן געטאָן די מיט ראָגאָזשעס באשלאָגענע טיר און האָב אין שמאָלן פינצטערן קאָרידאָרל זיך אָנגעשטויסן פּאָנעם צו פּאָנעם מיט א בלייך, פארסמאָדערט מיטליאָריק ווײַבל מיט א פאטשיילע איבערן קאָפּ — קאָנטיק, געקליבן זיך ארויסגיין.

— דאָ וווינט מאדאם שיינזאָן? — האָב איך געפרעגט.

— איך בין שיינזאָן, — האָט דאָס ווײַבל געענטפערט, שארף אײַנ־קוקנדיק זיך אין מיר.

— מע האָט מיר געזאָגט, אז איר האָט א צימער צו פארדינגען.

— קיין צימער צו פארדינגען האָב איך ניט. א ווינקל, אויב עס פאסט אײַך, וואָלט איך געקאָנט פארדינגען. מיט נאָך צוויי אין צימער.

— קאָן מען אָנקוקן?

דאָס צימער, אין וועלכן זי האָט מיך ארײַנגעפירט, איז געווען א ווינקל, אָפּגעצאמט פון דעם איבעריקן טייל דירע מיט ווײַס־געקאלכטע פאניר־ברעטלעך ביז דרײַ פערטל פון די ווענט. די מעבלירונג פונעם צימער איז באשטאנען פון דרײַ אײַזערנע בעטלעך מיט אויסגעדרייטע פיסלעך און אײַנגעפאלענע מיטנס, ווי עמעצער וואָלט זיי איבערגעבראָכן די רוקנס. א פאראָסטעט וואש־טישל מיט א פארזשאווערט בלעכן שיסל און צוויי ווינער שטולן פון טיפן עלטער. אינמיטן צימער איז געשטאנען אן אלטמאָדיש לאָמבער־טישל, דאָס גרינע געוואנט פון וועלכן איז שוין לאנג צעפרעסן געווען פון מאָל.

די ווינקלען פונעם צימער זײַנען געווען באוועבט מיט שפּינוועבס. איין ווינקל איז געווען גרינלעך און פײַכט. די ווענט, פול מיט בעסטן פון גוט־אײַנגעבירגערטע וואנצן. עס האָט געשמעקט מיט שטויב און שימל.

ווי מיד איך בין ניט געווען, האָב איך דאָך געפילט, אז בלײַבן אין

אזא „צימער" איז איבער מײַנע קויכעס. נאָר קעדיי ניט צו באַליידיקן די באַלעבאָסטע, האָב איך פון יויצע־וועגן א פרעג געטאָן:

— וואָס וועט דאָס ווינקל קאָסטן א כוידעש?

— אכצן רובל, — האָט דאָס ווײַבל גליַיכגילטיק א זאָג געטאָן.

באמערקנדיק, אפאָנעם, אז די פרײַז פאר אזא דירע האָט מיך איבער־ראשט, האָט זי צוגעגעבן:

— אז מע וועט מיך „באַקראַיען", וועל איך דארפן אָפּזיצן דרײַ כאַדאָשים אין אָסטראָג, ניט איר. מאכן „בלאַט" מיטן קנעפּל קאָן איך ניט. איך בין אן אָרעמע אַלמאָנע. מע לעבט אין איינע שרעק.

— עפשער זײַט איר גערעכט, — בין איך מיט איר מאסקים געווען. — נו, מירן זען. דערווײַל — א גוטן טאָג.

דער הארבסטיקער טאָג איז שוין באַלד געווען פארענדיקט, און איך האָב נאָך אַלץ ניט געהאט קיין ווינקל פאר זיך. מיך האָט שוין פאר־דראָסן, לעמײַ איך האָב געפאָלגט מײַן זאָרגעוודיקן קאָרעוו און האָב קיין דאָווערענאָסט ניט געמאכט. „וועלכער מעשוגענער מאכט עס א דאָווערע־נאָסט צוויי כאדאָשים פאר נײַ־יאָר? — האָט ער מיר אופגעקלערט. — וועסט זיך ביזן סאָף יאָר ווי־ניט־איז איבערמוטשען אזוי און פון נײַ־יאָר מאכן א דאָווערענאָסט און זיך דרייען מיט איר א גאנץ יאָר".

ווען איך האָב אָבער א דאָווערענאָסט, וואָלט איך דאָך געקאָנט ארײַנ־גיין אין ערשטן בעסטן האָטעל און איבערנעכטיקן א נאכט. אן אווייִרע טאקע פאטערן א וואָסער הונדערטער אף צוויי כאדאָשים, אָבער ארומ־שלעפּן זיך אזוי איבער די גאסן איז נאָך ערגער. איינע הײַנטיקע נאכט איז דאָך ווערט א פּופּציקער. וואָלט איך געהאט סייכל צו נעמען בא דעם יידן, וואָס לעבט „אזוי", כאָטש איין אדרעס פון מעבלירטע צימערן, ווו מע האלט „טרייפע יידן"! נאָר ווער זאָל טראכטן, אז פון אַלע אדרעסן, וואָס ער האָט מיר פארשריבן, וועט זיך אויסלאָזן גאָרנישט מיט גאָרנישט?

אין מײַן ביכעלע איז פֿאַרבליבן נאָך אײן אַדרעס — דער לעצ־טער, — װוּ „מע קאָן, אין ערגסטן פֿאַל, איבערשלאָפֿן אַ נאַכט“, װי דער ייִד, װאָס לעבט אין מאָסקװע „אַזױ“, האָט מיך פֿאַרזיכערט.

אויב ס'װעט זיך מיר דאָרטן אויך ניט אײַנגעבן צו דינגען אַ צי־מער, װעל איך ניט װילנדיק מוזן װערן אױף אײן נאַכט אַן אומגעבעטענער גאַסט בײַ מײַן קאָרעװ, דעם באַלטאַכלעס לעװיטין.

דער רעגן האָט אויפֿגעהערט, נאָר אַ קאַלטער, פֿײַלער װינט האָט דורכ־גענומען ביז די בײנער. איך האָב קוים געשלעפּט די פֿיס פֿון מידקייט.

— באַרין, דײַ פּיאַטאַטשאָק נאַ גאָטשליעגו!..

נאָך מיר איז מיט שאַרקענדיקע דריבנע טריטעלעך זײַטװײַלעכס נאָכגעלאָפֿן אַן אָפּגעפּליקטער פֿאַרשוין פֿון אומבאַשטימטן עלטער. ער האָט זיך געװיקלט אין אַן אַלטן װאַטאָװן קאַפּטל, פֿון װעלכן עס האָבן אַרױסגעקוקט שטיקלעך שמוציקע װאַטע, און אין הױזן מיט „פֿרענדזן“ פֿון אונטן. אױף אײן פֿוס האָט דער פֿאַרשוין געהאַט אַן אַלטן קאַלאָש, אױפֿן צװײטן — אַן אױסגעקרימטן אַלטן שטיװל, פֿון װעלכן עס האָבן אַרױס־געקוקט בלאָטיקע פֿינגער. צוהאַלטנדיק מיט אײן האַנט די פּאָלעס פֿון דעם קאַפּטל אָן קנעפּלעך, האָט ער די צװײטע האַנט געהאַלטן אױס־געשטרעקט צו מיר און אָן אױפֿהער געקליאַנטשעט:

— באַרין, אַ קאַלטע נאַכט, אײן פּיאַטאַקל אױף נאַכטלעגער...

— נאַ, — האָב איך אים דערלאַנגט די ערשטע מאַטבײע, װאָס איז מיר געקומען צו דער האַנט.

דער באָסיאַק האָט אַ כאַפּ געטאָן די מאַטבײע און, אָן אַ דאַנק, אונ־טערטאַנצנדיק אַנטלאָפֿן.

איך האָב אים נאָכגעקוקט און מיט ביטערניש געטראַכט: אַ באָסיאַק, אַ שיכּור, און די גאַנצע װעלט איז פֿאַר אים אָפֿן. אויב ער װעט פֿאַר די עטלעכע קאָפּעקעס ניט קױפֿן אַ „מערזאַװטשיק“[1], קאָן ער דאָך האָבן

[1] מערזאַװטשיק — אַ פֿלעשעלע בראַנפֿן.

א נאַכטלעגער אַף הײַנטיקער נאַכט. איז איין א נאָטשליעזשקע, אָבער פּאָרט מיט א דאַך איבער זײַן קאָפּ. און איך? ערגער פון א בראָדיאַגע! פאַר גאָר מײַן געלט קאָן איך אין דער גרויסער מאָסקווע קיין נאַכטלע־גער ניט האָבן... נאָר וואָס קומט ארויס פון פילאָזאָפירן? מע מוז זיך אָן אײַצע געבן וועגן א ווינקל, דערווײַל כאָטש אַף הײַנטיקער נאַכט.

קימאַט א שאָ צײַט האָב איך זיך געשלעפּט צו דעם לעצטן אַדרעס, וואָס איז פאַרשריבן געוועזן אין מײַן ביכעלע, אַף גרויס־סוכאַרעווער געסל.

א טויט־מידער האָב איך לאַנגזאַם זיך אויפגעהויבן אַפן צווייטן שטאָק און ניט דרייסט אָנגעקלונגען אין טיר.

די טיר האָט מיר געעפנט א דיקע פרוי מיט א שטאַרק אָנגעפּודערט און אָנגעפאַרבט פּאָנעם און מיט א פּאַפּיראָס צווישן די געפאַרבטע ליפּן. מיט א פאַרשײַט־פרײַנטלעכן שמייכל האָט זי, אײַנלאַדנדיק, ברייט א פיר געטאָן מיט דער האַנט:

— פּאָזשאַלויטיע, יונגער מענטש!..

איך בין אַריבערגעטראָטן די שוועל און בין שטיין געבליבן: צי האָב איך ווידעראַמאָל זיך ניט טויע געוועזן מיטן אַדרעס?

אָבער די דיקע דאַמע האָט מיך ניט געלאָזן לאַנג טראַכטן:

— ביטע, ביטע, ווײַטער... מילאָסטי פּראָסים! טוט אויס דעם מאַנטל...

איך האָב זיך ניט גערירט פון אָרט. צוהערנדיק זיך צו דעם געלעכ־טער, צו דעם קלאַנג פון א פּיאַנע און צו דער טופּערײַ פון טאַנצנדיקע פיס אין צווייטן צימער, האָב איך געשטאַמלט:

— דאָ וווינט מאַדאַם אײַנבינדער? אָדער עפּשער האָב איך א טאָעס געהאַט מיטן אַדרעס?

— דאָ, דאָ, קומט אָקאָרשט, ווײַטער. זשענירט זיך ניט.

און אָנעמענדיק מיך פאַר דער האַנט, האָט זי מיך אַרײַנגעפירט אין א העל־באַלויכטן זאַלכל.

— אָ, א גאסט... אהער, אהער, טײַערינקער!.. אָט װער עס װעט מיך אוגאָשטשײַען!.. צו מיר קום, צו מיר!..

א האלבע טוץ האלב־נאקעטע מײדלעך האָבן מיך ארומגערינגלט פֿון אלע זײַטן, יעדערע אײַנלאדנדיק מיך צו זיך.

א מעװולװעלער, א דערשראָקענער, האָב איך זיך געריסן פֿון זײערע הענט, שטאמלענדיק:

— לאָזט מיך אָפּ!.. איך דארף אהער ניט... כ'האָב א טאָעס געהאט מיטן אדרעס... לאָזט מיך, װאָרעם כ'װעל מאכן א גװאלד... לאָזט מיך, זאָג איך.

די מאדאם האָט צוגעקוקט און געשמײכלט. נאָר איבערצײַגנדיק זיך, אז איך בין ניט קײן „גאסט“, האָט זי א רוף געטאָן:

— סטיאָפּא! װײַז אים דעם װעג!

א געזונטער רױטהאָריקער יונג מיט סקולאסטע באקן האָט מיך א נעם געטאָן פֿארן קאָלנער, א ריס אױף געטאָן די טיר און ארױסגעשלײַדערט מיך אַף די טרעפּ, נאָכװארפֿנדיק נאָך מיר מײַן מאנטל און היטל.

— אָט האָסטו דיר, בראנדאכליסט! שלעפּט זיך דאָ ארום, אזא טױגעניכטס!

אין דרױסן האָט מיך באגעגנט א קאלטע אָסיענדיקע נאכט...

1960—1912

# אַף אַ פֿרעמדער שׂימחה



יצט איז מאַרינע ראָשטשע אַ באַשטאַנדטייל פֿון דזערזשינסקער ראַיאָן — איינער פֿון די פֿינף און צוואַנציק וויל־איַינגעאָרדנטע מאָסקווער ראַיאָנען: אַספֿאַלטירטע גאַסן מיט ביימער, לענגויס די טראָטוארן, קראָמען, שולן, קלובן, קינאָ־טעאַטערס, שפּיטאָלן — אַלץ, ווי אין אַנדערע ראַיאָנען פֿון דער סאָוועטישער הויפּט־שטאָט. אין סאָף פֿון פֿאָריקן יאָרהונדערט איז מאַרינע ראָשטשע צוזאַמענגעגאָסן געווען מיט מאָסקווע, ווי איצט. נאָר ווער ווייסט, צוליב וועלכע אַדמיניסטראַטיווע טעַמים, איז זי פֿאַרעכנט געוואָרן

ווי א דאָרף. די ערשטע העלפט פון דער ווערסטן־לאנגער אלעקסאנדראָווער גאס (איצט אָקטיאבער־גאס) האָט זיך גערעכנט ווי א טייל פון דער שטאָט מאָסקווע; די צווייטע העלפט פון אלעקסאנדראָווער גאס האָט זיך געצויגן דורך דעם דאָרף מארינע ראָשטשע.

די גאסן פונעם דאָרף מיט דעם שיין־קלינגענדיקן נאָמען מארינע ראָשטשע[1] האָבן דאן געזונקען זומער אין שטויב, פרילינג און הארבסט — אין טיפע בלאָטעס, און ווינטער — פארשאָטן געווען מיט קיינמאָל ניט אָפּגערייניקטע בערג שניי.

די אייך־ און צווייישטאָקיקע, אין גרעסטן טייל הילצערנע, הײַזלעך זײַנען, ווי א מילגרוים מיט קערנדלעך, אָנגעשפּיקעוועט געווען מיט האָרעפּאשנעם דאָלעס: מיט קוסטארן, באלמעלאָכעס פון אלע פאכן, איזוואָזשיקעס, טרעגער, מעסער־שלײַפערס, שמאטעס־ און ביינער־קלײַבער און מיט דעם סאָציאַלן אָפּפאַל פון דער גרויסער שטאָט: מיט גאנאָווים און גנייוועס־אופקויפער, געלט־פעלשער, סוטענערן, מיט בלאטע יונגען און מיט אלערליי טונקעלע פארשוינען, וועלכע זוכן ניט קיין נאָענטע באקאנטשאפט מיט דער פאָליציי.

די גאנצע מאכט אין מארינע ראָשטשע, ווי אין יעדן דאָרף, איז באשטאנען פון אייך־איינציקן אוריאדניק, וועלכן ס'איז גרינגער געווען אויסצומײַדן און מיט וועלכן ס'איז אין א פאל פון נויט גרינגער געווען אדורכצוקומען, ווי מיט די פילצאָליקע פאָרשטייער פון דער מאכט פון אָקאָלאָדאָטשנעם ביזן אָבער־פאָליצמייסטער — אין דער גרויסער שטאָט.

אָט טאקע צוליב דעם דאָזיקן טאם איז מארינע ראָשטשע געווען דאָס באקוועמסטע ווינקל־אָרט פאר „שווייצארישע אונטערטאנער", וועלכע זײַנען דאָ געווען א היפּש ביסל.

זיי האָבן געצאָלט מאָנאטלעכע צינזן דעם אוריאדניק אָדער גאָר אָפּגעקומען מיטן דוואָרניק, און געלעבט „רויִק".

[1] מאריעס וועלדל.

דער פאַראַדנער אַריַינגאַנג פון סמירנאָווס הויז אפן ראָג פון סור־שטשאָווסקי וואַל און אַלעקסאַנדראָווסקע־גאַס — א דריַישטאָקיק, ניט געטינקעוועט גרויס הויז, מע קאָן זאָגן דאָס גרעסטע הויז אין מאַרינע ראָשטשע, — איז ניט אָפּגעהיט געוואָרן פון א שווייצאַר אין א ליווריי מיט פּאָזומענטן און אין א היטל מיט א גאָלדענעם ראַנד. סמירנאָווס הויז האָט איבערהויפּט קיין פּאַראַדנעם און שוואַרצן אַריַינגאַנגען ניט געהאַט. דער איינציקער, וויַיט ניט פּאַראַדנער, אַריַינגאַנג האָט געפירט צו האַלב־טונקעלע, שמוציקע און קלעפּיקע טרעפּ, דורכגעדרונגען מיט אומויסראָטבאַרע רייכעס פון זויערער קרויט, נאַס וועש, פוילנדיקן קיך־אָפּפאַל און קעץ.

דער אונטערשטער שטאָק, דאָרט, ווו ס'איז איצט אַן אַפּטייק, איז דאַן איינגאַנצן פאַרנומען געווען מיט א שענק. די אייבערשטע צוויי שטאָקן זיַינען באַזעצט געווען מיט שכיינים פון א „בעסערן קלאַס": מיט קליינע טשינאָווניקלעך, מיט נידעריק־באַצאָלטע פּאָסט־באַאַמטע, אָפּיציאַנטן, שענק־מוזיקאַנטן און... מיט ייִדן אָן וווין־רעכט, אויב מע זאָל ניט רעכענען דעם פּאָלנעפּראַוונעם דאַנטיסט — פּערעל־מאַן, וואָס האָט פאַרנומען א דירע פון פיר צימערן, איינעם פון וועלכע ער האָט איַינגעשטימט צו פאַרדינגען מיר פאַר צוועלף רובל א כוידעש.

די „אַדמיניסטראַטיווע איינסן" פון סמירנאָווס הויז זיַינען באַשטאַנען פון דעם עלטסטן דוואָרניק מיכיי — א היפּשלעך פוילער, פלעגמאַטישער און, אף זיַין אייגענעם אויפן, כיטרער פויער, און פון מיכייס „פלע־מיאַש", דעם יינגערן דוואָרניק קאָנדראַט, וועלכן ער האָט אַראָפּגעבראַכט פון דאָרף „אויסבילדן" זיך און וועלכער האָט געטאָן די גאַנצע אַרבעט אַרום הויז.

מיכיי אַנערקענט ניט קיין שום פּליסיקיַיט נידעריקער פון פּערציק גראַד און העכער. ער איז דעריבער דער בעסטער פריַינט פון זיַינע אונטערטאַנער, די שווייצאַרישע אונטערטאַנער, פון וועלכע מע קאָן צו יעדער ציַיט אַרויסבאַקומען א האַלבן רובל אף בראַנפן.

דער עלטסטער דוואָרניק מיכיי האָט געפּראוועט זײַנע אימעגינעס.

אין זײַן „דוואָרניצקע“ — אַ קעלער־שטיבל מיט פענצטערלעך בלויז האלב איבערן טראָטואר — איז פארזאמלט געווען די בעסטע געזעל־שאפט פון מאַרינע ראָשטשע: צוויי־דרײַ דוואָרניקעס פון די שכייניש־ע הײַזער, אַ קוטשער אין ברייטע פליסענע הויזן און אין אַ צונטער־רויט העמד, אַ געוועזענער פּריציִשער קוכער, וואָס איז ארויסגעטריבן געוואָרן פאר שיקרעס, אַן אויסגעדינטער גאַראָדאָוואָי מיט אַ פולער ברוסט זיל־בערנע און בראָנזענע מעדאלן, אַ לאָמפּן־צינדער, אַ וועשערן מיט אויס־געהאָרעוועטע, בלייכע הענט פון שטענדיקן ווייקן זיך אין מיילינעס און סאָדע, אַ קוריער פון געריכט און צוויי נאכט־וועכטער מיט זייערע ווײַבער.

אפן ווײַסן ניט געפּארבטן טיש איז געווען אויסגעשטעלט אַ גאנצע באטארייע פלעשער מיט בראנפן און „נאסטאָיקעס“ — מאטאָנעס דעם באלסימכע פון די געסט; טעלער מיט אָנגעשניטענעם ווורשט, מיט זויערע אוגערקעס, מיט אָנגעשניטענעם הערינג און ריפּטלעך כאזער־פּעטס. דעם מיטן טיש האָבן פארנומען צוויי גרויסע פּיראָגן — איינער געפילט מיט קרויט, דער צווייטער — מיט רײַז און געהאקטע אייער. דאָס פארבײַסן, ווי דאָס פּוזאטע פּעסעלע ביר אפּ אַ בענקל באם טיש, האָט פארזאָרגט דער באלסימכע אליין פארן געלט פון די רעכטלאָזע יידן, וואָס האָבן מיט מיכייס כעסעד, ניט צוגעשריבענע געוווינט אין זײַן קיניגרײַך.

דאָס קליינע פענצטערל פונעם קעלער־שטיבל איז געווען אָפן און פון אים האָט געצויגן אפּן גאס אַ היץ און אַ רויך, ווי פון אַ קוימען. נאָר די דאָזיקע ווענטיליאציע איז געווען צו שוואך אָפּצורייניקן די שווערע לופט אין דעם ענגן, איבערפולטן קעלער, און דער רויך פון ציביקעס און „ציגן־פיסלעך“ פון מאכאָרקע און צײַטונג־פּאפּיר איז, ווי אַ שווערע כמארע, געהאנגען אונטער דעם נידעריקן געמויערטן סופיט.

די סודע איז געווען אין רעכטן ברען.

צווי מאָל איז שיר ניט אויסגעבראָכן א געשלעג. איין מאָל צווישן געוועזענעם פּריצישן קוכער און דעם געוועזענעם גאַראָדאָוואָי, וועלכן דער קוכער האָט אָנגערופן „גאַראָכאָוואיא דושא"; דאָס צווייטע מאָל ווי־דער טאקע צווישן דעם קוכער און איינעם פון די נאכט־וועכטער, דער־פאר וואָס דער קוכער האָט אונטערן טיש געקנײַפּט א פוס פון דעם וועכטערס ווײַב. נאָר ביידע מאָל האָט דער באַלעבאָס זיך ארײַנגעלייגט אין א שאָלעם און, אָנשטאָט דערלאנגען איינער דעם צווייטן אין די ציין, האָט מען זיך דערלאנגט פרישע גלעזלעך בראנפן, צוגעלייגט זיך איינער צום צווייטן מיט די נאסע וואָנצעס, כאָטש קיינער איז ניט געווען אינ־גאנצן זיכער, אז די סודע וועט זיך פארענדיקן בעשאָלעם.

נאָר דערוויַיל איז נאָך דער אוילעם ניט געווען אף אזויפיל שיקער, מע זאָל זיך כאפּן פאר פלעשער און לאָזן אין גאנג די פויסטן. מע האָט נאָך אפילע ניט אָנגעהויבן צו „שפּילן לידער". דערוויַיל איז עס נאָך געווען א פריילעכע קאָמפּאניע, וואָס האָט מער־ווייניקער מיט שטאט געטרונקען און גערעדט א ביסל העכער, ווי עס ריידן געוויינלעך ניכ־טערע מענטשן.

יעדערער פון די געסט האָט דערציילט וועגן זיך מײַסעס, וואָס האָבן געדארפט באווײַזן, אז ער איז דער אָנגעזעענסטער פארשוין דאָ, אין דער אויסדערווײַלטער געזעלשאַפט. דער געוועזענער קוכער האָט זיך בארימט מיט אלערליי פײַנע מײַכאָלים, וואָס ער פלעגט צוגרייטן, בייס ער האָט געדינט בא דעם דייסטוויטעלני סטאטסקי סאָוועטניק מיכאיל אלעקסאנדראָוויטש יעפרעמאָוו, וויאַזוי ער האָט איינמאָל מיט א פאָשע־טער רוסישער פיש־יויך, צוגעגרייט אף זײַן אייגענעם אויפן, אונטער־געווישט די נאָז א פראנצויזישן קוכער, וועלכן דער גענעראל האָט ספּע־ציעל אײַנגעלאדן פון רעסטאָראן „פּאריזש" אף צוגרייטן א וועטשערע לעקאָוועד זײַן טאָכטערס געבורטסטאָג. דער קוטשער האָט זיך בארימט מיט זײַן קענען אײַנברעכן די סאמע נאָראָוויסטע הייסבלוטיקע פערד און מיט די „קוטיאָזשן", וואָס זײַן באַלעבאָס, דער סויכער פון דער ערשטער גילדיע אפאנאסי פעראפּאָנטיטש טראָיעבריוכאָוו אָרדנט אײַן

אין די הינטערשטאַטיקע רעסטאָראַנען „יאר" און „סטרעלניא". דער גע־וועזענער גאָראָדאָוואָי האָט דערציילט וועגן די גוורעס, וואָס ער און זײַן נאטשאלסטווע ווײַזן ארויס בייס אָבלאוועס אף פארברעכער; דער קוריער פון געריכט האָט אלעמען פארזיכערט, אז נאָך איידער די ריכ־טער טראָגן ארויס דעם אורטייל, קאָן ער פאָרויסזאָגן, וועלכער פארברע־כער וועט פארמישפּעט ווערן אף קאטאָרגע און וועלכער וועט אָפּקומען מיט א פּאָר יאָר טפיסע. די וועשערן האָט זיך באָרימט, אז גאנצע דרײַ פײַערלעשער און איין שמיד קאָנקורירן צווישן זיך פאר איר האנט...

דער באַלסימכע אליין, מיכיי, איז אויך ניט אָפּגעשטאנען פון זײַנע געסט אין באָרימערײַ.

איר קוקט ניט, וואָס ער איז איצט בעסאכאקל ניט מער ווי א דוואָר־ניק. ווען ניט אָט דער פארפלוכטער ביטערער טראָפּן, וואָלט ער שוין איצט געהאלטן פיו־אי!..

דער לאנגער פײַף האָט געדארפט באווײַזן, ווי הויך ער וואָלט שוין געשטיגן.

אָט ווי איר קוקט אים אָן, דעם עלטסטן דוואָרניק, איז ער א גראַ־מאָטנער מענטש, געווען סטאראָסטע בא זיך אין דאָרף, געלעבט אין קאָ־ווער. נו, אלץ די פארפלוכטע סיוווכע... ער פארדינט אמאָל א זײַטיק קערבל... נאָר אז א מענטשן גייט ניט — גייט עס ניט!.. האָט מען זיך צו־געטשעפּעט, אז די „אָבטשעסטווענע" געלטער זײַנען בא אים ניט אין אָרדענונג. צום געריכט צוגעצויגן, קוים אויסגעפּלאָנטערט זיך... א גוו־טער אדוואָקאט האָט געהאָלפן. אָבער ער'ט אים אויסגעטאָן ביזן העמד. וואָס ט'ער געקאָנט טאָן? איז ער אוועק אין שטאָט און, ווי איר קוקט אים אָן, געוואָרן א דוואָרניק. נאָר פונדעסטוועגן פירט ער איצט אויך באקאנטשאפט מיט די פײַנסטע מענטשן. א סאך שכיינים „אירצן" אים, וויטן זיך אפילע מיט אים פארן האנט: „זדראסטיע, מיכיי דאנילִיטש!"... יאָ, אים קאָן מען אויך ניט אוועקמאכן מיט דער האנט.

אָנבלאָזנדיק די פליישיקע באקן, ווי צוויי פּענכערס, האָט מיכיי מיט

אויסגעגלאָצטע אויגן געפירט איבער די געסט: אָט זעט, הייסט עס, וואָס פאַר אַ מענטש מיכיי איז!

דורכן פענצטערל, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צום הויף, האָבן די פאַר־בײַגייענדיקע זיך געזען בלויז ביז די קני, נאָר מיכיי האָט נאָך די פיס יעדעס מאָל דערקענט, ווען פון די שכנים זיי געהערן, און פלעגט אַ זאָג טאָן:

— אָט, נעמט כאָטש דעם. אַ געבילדעטער, דינט אין אַ באַנק און וויטעט זיך מיט מיר פאַר אַ האַנט: „מאַיאָ פּאָטשטעניע, מיכיי דאַני־ליטש!"... ווײַל ער אַכטעט מיכייען...

אַרויסקוקנדיק פון צײַט צו צײַט דורכן פענצטערל, קעדיי אויס־צוגעפינען נאָך עמעצן פון זײַנע „גוטעפרײַנט", האָט מיכיי דערזען מײַנע שיך און מײַנע פיס אין פּאַסקאַווע הויזן. באַשליסנדיק, אַפּאָנעם, צו באַ־ווײַזן דער קאָמפּאַניע, אַז זײַן באַקאַנטשאַפט מיט כאָשעווע מענטשן פון זײַן הויף איז ניט קיין פּוסטע באַרימערײַ, האָט ער אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון פענצטערל און אַ רוף געטאָן:

— דאַניל יעפימיטש! — דער רוסישער נאָמען דאַניל האָט זיך גע־לייגט אויף מיכייס צונג גלאַטער, ווי דאָוויד. — דאַניל יעפימיטש, קומט נאָר אַהער, אויף איין מינוטעלע.

מיר האָט אַ טיאָכקע געטאָן אין האַרצן. מיכיי וועט מיר מיסטאָמע ווײַטער אָנזאָגן, אַז ער ריכט זיך אויף אַן אָבלאַווע און ס'איז דעריבער גלײַכער, איך זאָל אַ פּאָר נעכט ניט נעכטיקן אין דער היים.

באַ מיכייען קאָן מען קיינמאָל ניט וויסן, ווען ס'איז עמעס און ווען ס'איז בלויז אַ מיטל אויסצופּרעסן אַן איבעריקן האַלבן קערבל, אַכוץ דעם כוידעשלעכן געצאָלט.

אָנבייגנדיק זיך צום פענצטערל, האָב איך מיט געמאַכטער רויִקײַט געפרעגט:

— וואָס עפּעס גוטס וועט מיכיי זאָגן?

מיכיי האָט זיך ברייט צעשמייכלט אין זײַן לאָפּעטע־באָרד:

— איר, דאניל יעפימיטש, באומרויִקט זיך ניט. אונטן צו אונדז קומט אראָפּ. מײַן געבוירן־טאָג הײַנט.

איך האָב גלײַך ארײַנגעשטעקט די האנט אין קעשענע: ווי באגריסט מען ניט מיכײיען מיט א קערבל צו זײַן נאָמענטאָג, ווען פון אים איז אָפּ־הענגיק מײַן זײַן אָדער ניט זײַן אין מאָסקווע?!

נאָר מיכײי האָט מיך אָפּגעשטעלט:

— ניין, ניין, דאניל יעפימיטש! באומרויִקט זיך ניט.

ער וויל גאָרנישט. ער וויל נאָר, איך זאָל אראָפּ אונטן צו אים, אויס־טרינקען א גלעזל בראנפן און באגריסן אים „פּאָ־פּריִיאטעלסקי״.

פון הינטער מיכײיס פּלייצעס האָבן ארויסגעקוקט עטלעכע פון זײַנע געסט. זיי זײַנען, אפּאָנעם, נײַגעריק געווען צו וויסן: איז דער יונגער „בארין״ טאקע מיכײיס א גוטער באקאנטער און ער וועט „פּאָ־פּריִיאטעל־סקי״ אראָפּ אהער אויסטרינקען מיט זיי, אָדער ס׳איז ניט מער ווי א פּוסטע בארימערײַ.

איך האָב ניט געוווּסט וואָס טוט מען דאָ. די געזעלשאפט אין קעלער איז געווען צו גרויס און, ווערליק ס׳האָט זיך אָנגעזען, צו האָפערדיק פאר מיר, דעם „דוואָראָוואָי״ ייִדן. אײַנרײַסן, ווידער, מיט מיכײיען, ווען ער איז פארסנאָסקעט, איז געפערלעך. ווען מיכײי איז בעגילופן, קאָן מען קיינמאָל ניט וויסן, וואָס פארא שטיק ער וועט אָפּטאָן. ער קאָן דיר גאָר הייסן גלײַך פארנעמען זיך פונדאנען מיטן פּעקל.

כאפּט אים דער טײַוול, האָב איך באשלאָסן, איך וועל אראָפּגיין אף א מינוט.

דער שארפער ביטערער רייעך פון מאכאָרקע, דער גערוך פון איבער־געברענטן בראנפן און צעפּריִעטע מענטשישע קערפּערס האָבן מיר א שלאָג געטאָן אין פּאָנעם, ווי נאָר איך האָב אריבערגעטראָטן די שוועל פונעם קעלער־שטיבל.

— דאָס איז מײַן פרײַנט, א זון פון א פערוואָגילדיִעץ, דאניל יעפּי־מיטש, — האָט מיכײי מיך פאָרגעשטעלט פאר זײַנע געסט.

איינער נאָכן אנדערן האָט יעדערער פון דער קאָמפּאניע געשטעקט

דעם נײַגעבאקענעם „זון פון א פערוואָגילדיקע״ שטײַפע, הארטע הענט; די דאמען האָבן, דערלאנגענדיק גלײַכע, ווי ברעטלעך, פארשוויצטע הענט, פארצויגן די ליפּן, וואָס האָט געדארפט באווײַזן, אז זיי ווייסן אויך ווי צו באנעמען זיך אין אן איידעלער געזעלשאפט.

— נו און איצט לאָמיר אויסטרינקען, — האָט מיכיי א זאָג געטאָן.

אלע האָבן אפּסנײַ אָנגעפילט די גלעזלעך.

— לאָמיר זײַן געזונט, דאניל יעפימיטש!

איך האָב צוגעלייגט די ליפּן צום גלעזל און צוריק עס אוועקגע־שטעלט.

— ניין, ניין, דאָס וועט ניט אדורכגיין, דאניל יעפימיטש! איר מוזט מיט אונדז אויסטרינקען ביזן דעק, — איז מיכיי צוגעשטאנען.

קעדיי וואָס גיכער פּאָטער ווערן פון דער אומדערווארטער קאָמפּאניע און פונעם אָנגערייכערטן קעלער, האָב איך אויסגעטרונקען דאָס גלעזל בראנפן, גיך פארביסן מיט א שטיקל שווארץ ברויט, אָפּגעדאנקט און גענומען אוועקגיין. אָבער מיכיי האָט אפילע ניט געוואָלט הערן דערפון.

סטײַטש, איך באליידיק אים אזוי... איך מוז נאָכאמאָל אויסטרינקען, פארבײַסן מיט וווּרשט, מיט כאזער־פּעטס, פון זײַן ווײַבס געבעקס פאר־זוכן... ער וועט לאָזן זײַן בעקאָוועדיקן פרײַנט אוועקגיין מיט איין טרונק בראנפן און מיט א סקאָרינקע שווארץ ברויט — בעשום־אויפן ניט!..

און טאקע גלײַך ווידעראמאָל אָנגעפילט מײַן גלעזל און אָנגעלייגט אף א טעלער פון אלץ, וואָס ס׳איז געווען אפן טיש.

— אָט, דאניל יעפימיטש, זײַ מײַן גאסט, מײַן סאמע בעקאָוועדיקער גאסט...

מיר איז ניט גוט געוואָרן בלויז פונעם רייעך פון קרויט מיט ציבע־לעס, מיט וועלכע דער פּיראָג איז געפילט געווען, און פון דעם בוימל, אף וועלכן ער איז געבאקט געווען, נאָר, ווי א העפלעכער גאסט, האָב איך אָפּגעבראָכן א קליין שטיקל, ניט צעקײַטערהייט אראָפּגעשלונגען און ווידער גענומען זעגענען זיך.

אָבער מיכיי האָט ניט געקאָנט פארשטיין, וויאַזוי קאָן איך גאָר קלערן וועגן אוועקגיין. איך האָב דאָך נאָך מיט קיינעם ניט געטרונקען...

מיר איז קלאָר געוואָרן, אז איך מוז דורכמאכן די צערעמאָניע ביזן סאָף. און איך האָב זיך געקלאפט מיט די גלעזלעך און געטרונקען מיט מיכייען, מיטן קוטשער, מיטן קוכער, מיט די נאכט־וועכטערס און מיטן אויסגעדינטן גאַראָדאָוואָי. די דאמען האָבן פארלאנגט, איך זאָל זיי ניט פארשעמען און מיט זיי אויך אויסטרינקען. די יונגע וועשערן האָט, צוקלאפנדיק מיט מיר מיט די גלעזלעך, צוגעוווּנקען און פילצוזאָגנדיק געשמייכלט.

פארטיק געוואָרן מיט אלעמען, האָב איך געמיינט, אז איצט קאָן איך שוין זיכער אוועקגיין. אָבער מיכיי, וועלכער איז שוין איצט געווען גאָר היפּש באַזויפן, האָט אפילע ניט געוואָלט ריידן מיט מיר. ער האָט פּאָשעט פארשלאָסן די טיר, ארויסגענומען דעם שליסל און אריַינגע־לייגט צו זיך אין הויזן־קעשענע. ער איז צוגעגאנגען צו מיר, א קלאפּ געטאָן מיר איבערן אקסל און א געשריי געטאָן:

— הוליאַי, דושאַ!...

וויפל איך האָב אים ניט געבעטן, וויפל איך האָב מיט אים ניט איַינ־געטיַינעט, — ס'האָט ניט געהאָלפן.

איך האָב ארויסגענומען א רובל און דערלאנגט מיכייען:

— נאַ, וועסט האָבן מאָרגן מיט וואָס אויסצוניכטערן זיך.

מיכיי האָט אָפּגעווענדט מיַין האנט:

— ניין, ברודערקע. באַ פריַינט נעמט מיכיי ניט אף בראנפן...

איך האָב געפּרוּווט ארויסקריכן דורכן פענצטערל.

מיכיי האָט מיך א כאפּ געטאָן פארן פוס און שוין גאָר ניט „פּאָ־פריִיאטעלסקי" א זאָג געטאָן:

— הער, ברודערקע, דו לעב בעשאָלעם מיט מיכייען, אניט... איך בין דאָ באַלעבאָס אין הויף...

די דאָזיקע איידעלע אָנצוהערעניש איז גענוג געווען, איך זאָל זיך אונטערגעבן.

די סודע איז דערוויַיל אָנגעגאַנגען אין פולן ברען, וואָס וויַיטער, אַלץ לעבעדיקער, אַלץ טומלדיקער.

יעדערער האָט אונטערגעגאָסן זיַין שאָכן באַם טיש ביר און בראַנפן. די פּענעמער זיַינען געוואָרן וואָס וויַיטער, אַלץ רויטער און פאַרשוויצ־טער, די צינגער — אַלץ שווערער. מיטאַמאָל האָט פון ערגעץ זיך גענו־מען א האַרמאָניקע, דער געוועזענער קוטשער האָט א שפּיל געטאָן א קאַמאַרינסקע, דער אוילעם האָט זיך א הייב געטאָן פון די ערטער, גענו־מען טופּען מיט די שווערע שטיוואַלעס און צופּליעסקען צום טאַקט מיט די הענט.

— ווו איז דאַניל יעפּימיטש, מיַין פריַינט, דער פּערוואָגילדיַעץ ווו איז? — האָט מיכיי זיך דערמאָנט אָן מיר. — נעמט אים אריַין אין קאַ־ראַהאָד.

א רעגע שפּעטער האָב איך זיך שוין געדרייט אין קריַיז, מיַינע הענט פאַרקלאַמערט אין דער גרויסער לאַפּע פונעם אויסגעדינטן גאָראָדאָוואָי פון איין זיַיט און אין דער פאַרשוויצטער קלעפּיקער האַנט פון דער שי־קער־פרייליכער וועשערן — פון דער צווייטער זיַיט. נאָכן טאַנצן האָט מען ווידער געטרונקען: די שיקערע געסט מיט נאַסע וואָנצן זיַינען געקראָכן צו מיר קושן זיך; דעם נאַכט־וועכטערס וויַיב האָט זיך קעסיידער צו מיר געווענדט מיטן טיטל „באַרין" און „גאָספּאָדין כאָראָשי", און די וועשערן איז מיר געפאַלן אפן האַלדז, שיקער מורמלענדיק:

— קראַסאַוועטשיק... מיל־ליַי...

ס׳איז פאַרביַי א שאָ נאָך א שאָ. דער לאָמפּ האָט גערייכערט און געזי־פּעשט מיט קעראָסין; די לופט איז געוואָרן אַלץ מער הייס און פאַר־שטיקט. די געסט האָבן ווידער געטרונקען, איצט שוין אָן כיישעק, נאָר וויַיל אין די פלעשלעך איז נאָך פאַרבליבן בראַנפן, „געשפּילט" לידער ביז הייזעריקייַט.

איך בין געזעסן אין א ווינקל אף עפּעס א קעסטל און געדאַנקט גאָט, וואָס מע האָט אָן מיר פאַרגעסן. אונטערן האַרצן האָט געדריקט א ניט־גוטקייַט, אין די שלייפן האָט געקלאַפּט פון היץ, רויך און טשאַד; דער

קאָפּ איז מיר געווען שווער. ווען ארויסגיין האָב איך שוין איצט ניט גע־קלערט. יעדעס מאָל, ווען איך האָב געבעטן מיכייען, ער זאָל מיך ארויס־לאָזן, האָט ער מיך אָפּגעשארט מיט דער האנט.

— רייד ניט... לאָמיר בעסער אויסטרינקען...

האָב איך באשלאָסן: בעסער שווייַגן, וועל איך ווייניקסטנס ניט גע־צוווּנגען זייַן צו טרינקען.

עס איז שוין געווען נאָך האלבע נאכט.

די געסט זייַנען אויסגעמאטערט געוואָרן און זיך בארויִקט. דער גע־ווּעזענער קוטשער איז געלעגן אונטערן טיש אין א לוזשע פון ביר און קוואס און געשנאָרכט, ווי א געקוילעטער. דער קוכער און דער אויס־געדינטער גאַראָדאָוואָי, וועלכע האָבן מיט א שאָ צוריק שיר ניט געכאפּט זיך פאר מעסערס, זייַנען איצט געלעגן אפן טיש קאָפּ צו קאָפּ און פריד־לעך געפּייַפט מיט די נעזער איינער דעם צווייטן אין פּאָנעם אריַין — איינער מיט א באַס, דער צווייטער מיט א פיסטולע, ווי א פלייט. דער קוריער פון געריכט איז געשלאָפן, זיצנדיק אפן בענקל, דעם קאָפּ אראָפּ־געלאָזן אפן ברוסט. פונעם אָפענעם מויל האָט זיך געצויגן א סליונע ביזן מונדיר מיט די גרינע קאנטן. דאָס פּאָנעם איז בא אים געווען בלאס־בלוי, ווי בא א דערטרונקענעם. פון הינטער דעם ציצענעם פּאַרהאנג האָבן ארויסגעקוקט א פּאָר שווערע שטיוול און דער וועשערנס פוס אין א רויטן זאָק. די צוויי נאכט־וועכטער זייַנען נאָך געזעסן באם טיש און געקילט זיך מיט ביר. מיכיי איז געלעגן מיטן קאָפּ אפן צעעפנטן פענצ־טערל און שווער געכראָפּעט.

איך האָב א פּאָר מאָל געפּרווט ארויסבאקומען דעם שליסל פון טיר פון זייַן הויזן־קעשענע. אָבער יעדער מאָל פלעגט ער זיך אופכאפּן און א ריטשע טאָן:

— אוועק!.. כ׳וועל קוילענען!..

מיט א קאָפּ, ווי מיט בלייַ אָנגעגאָסן, בין איך ווייַטער געזעסן אפן

קעסטל אין ווינקל פון צימער. די אויגן האָבן ניט ווילנדיק זיך געקלעפּט פון מידקייט.

דאָס גלעקל איבער מײַן קאָפּ האָט שאַרף א קלונג געטאָן. א האַלבע מינוט איז געווען שטיל. אפּאָנעם, אז דער, וואָס האָט געקלונגען, האָט אויסגעוואַרט, עמעצער זאָל זיך אָפּרופן אויף זײַן קלונג, דערנאָך — א צווייטער קלונג — דאָס מאָל לענגער און אומגעדולדיקער. מיכיי, א פארשלאָפענער, האָט האַלב אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון פענצטערל.

— דאַ־אַכט זיך, מע קלינגט, — האָט ער א מורמל געטאָן, ווי פון שלאָף, און איז צוריק א פאַל געטאָן מיטן קאָפּ אויפן פענצטערל.

דאָס גלעקל האָט שוין איצט געקלונגען אָן אויפהער.

— מיכיי, דו הערסט? עמעצער רײַסט דאָך אָפּ דאָס גלעקל, — האָב איך געטרייסלט מיכייען פאַרן אַקסל. — גיי גיב א קוק, עפּשער קלינגט עס דער אוריאַדניק, צי גאָר אַן אַקאָלאָדאָטשנער איז פון שטאָט געקומען.

— הא, מע קלינגט, זאָגסטו?.. — האָט מיכיי מיט גוואַלד זיך פאַנאַנ־דערגעטשוכעט, — נו, אז מע קלינגט, דאַרף מען גיין עפענען... עך, טשאָרט, לאָזן ניט א מענטשן שלאָפן א ווײַלינקע...

קרעכצנדיק און ברייט גענעצנדיק, האָט מיכיי אַראָפּגענומען פון א טשוואָק באַם טיר דעם שליסל פון טויער און איז אוועק עפענען. גלײַך נאָך אים בין איך אַרויסגעשפּרונגען אויף די טרעפּ און זיך פאַרטײַעט הינטער דער טיר. טאָמער איז עס טאַקע דער אוריאַדניק אָדער עמעצער פון דער שטאָטישער מאַכט, מוז איך מיט אַלע מיטלען אויסמײַדן א באַגעגעניש מיט זיי.

ווי נאָר מיכיי האָט אויפגעשלאָסן די פאָרטקע פון טויער, אזוי האָב איך גלײַך דערהערט דעם קלאַנג פון א פּראַסק און א צערייצט קאָל, וואָס האָט אָן סאָפעק געהערט צו נאַטשאַלסטווע:

— אָך דו, אויסוווּרף! הינטישער בײַן! דו וועסט דאָרטן שיקערן, און איך וועל שטיין א האַלבע שאָ באַם טויער און קלינגען?! מאָרדו ראַזאָ־ביו!.. — און דער קלאַנג פון צוויי פרישע פּעטש, יעדערער באַגלייט מיט א דרײַגאָרנדיקער „מאַמע“, האָבן דערגרייכט אזש אַהער, אויף די טרעפּ.

— גיי, מערזאַוועץ, טו אָן דאָס היטל און פיר אָפּ דעם שיקער, וואָס וואַלגערט זיך דאָ בא דיר לעבן טויער, איין טשאַסט אויסניכטערן זיך. שנעל!

מיכיי האָט זיך אַראָפּגעקײַקלט פון די טרעפּ, ווי אַן אונטערגעשאָ־סענער... די גאַנצע באַזויפנקײַט איז פון אים אָפּגעטאָן געוואָרן, ווי ער וואָלט קיינמאָל אין לעבן קיין טראָפּן בראַנפן אין מויל ניט גענומען. די ציין און די ליפּן זײַנען בא אים געווען פאַרבלוטיקט, און דאָס רעכטע אויג איז מיטאַמאָל ווי קלענער געוואָרן און האָט געטרערט. נאָר מיכיי האָט עס, אַפּאָנעם, ניט געפילט. א צעדולטער האָט ער זיך געדרייט איבערן קעלער, גיך געציילעמט זיך און געאָכצעט:

— אָך, גאָט מײַנער! ווו איז דאָס היטל? איך בין א פאַרפאַלענער... ער וועט מיך נאָך שטראַפירן אויך... טפוי! — האָט ער מיטאַמאָל אויס־געשפּיגן זיך אָף דער האַנט א פולן מויל בלוט. — די ציין האָט ער מיר אויסגעהאַקט. ווו זשע איז דאָס היטל, באָזשע טי מאָי? אָט איז עס, דאָס פאַרשאָלטענע!

אַרויסשלעפּנדיק דאָס היטל בא דעם אויסגעדינטן גאַראַדאָוואָי פון אונטערן קאָפּ, איז מיכיי, ווי א פאַרסאַמטער, אַרויסגעלאָפן פון קעלער.

אָפּגעוואַרט, ביז מיכיי האָט פאַרשלאָסן הינטער זיך דעם טויער און זײַנע טריט האָבן זיך דערווײַטערט, בין איך, שפּרײַזנדיק איבער צוויי טרעפּלעך אָף איין מאָל, אין צוויי מינוט שוין געווען בא זיך אין צימער, אין דער דירע פונעם דאַנטיסט פערלמאַן. אָנכאַפּנדיק זיך מיט ביידע הענט אָן ווענטל פון דעם אײַזערנעם בעטל, בין איך מיט געשלאָסענע אויגן עטלעכע מינוט געשטאַנען, ווי א פאַרשטיינערטער. אין די אויערן האָבן מיר נאָך אַלץ געקלונגען די ווילדע קוילעס און דער שיקערער געזאַנג פון מיכייס געסט. און איך בין ניט זיכער געווען, ווו איך געפין זיך: בא זיך אין צימערל אָדער נאָך אַלץ אָף דער פרעמדער סימכע בא מיכייען אין קעלער־שטיבל.

1960—1912

# א נאכטיקע באגעגעניש



ין איינעם א פראָסטיקן פרימאָרגן טרעפט מיך אין גאס מייַן שוועסטער־קינד באָריס לעוויטין, אָט דער, וואָס האָט געזאָרגט וועגן א טאכלעס פאר מיר, און רופט זיך אָן:

— א, דאָווידקע, גוט, וואָס איך האָב דיך באגעגנט! פארשפּאָרט מיר אָנשרייַבן דיר א קארטל. איך וויל, דו זאָלסט זונטיק, דעם 5־טן, קומען צו אונדז. מייַן ראכילס געבורטסטאָג. ס'וועלן זייַן געסט. וועסט זיך טרעפן מיט אונדזערע סלוצקער. עס וועלן זייַן די עפשטיינס, קאראסיק

האָט צוגעזאָגט קומען, פּאָליאַק מיטן ווײַב זײַנען פאַרבעטן. קום אויך, וועלן מיר פאַרברענגען אָנגענעם אַן אָוונט.

דעם עמעס גערעדט, בין איך אַ קנאַפּער באַלן גיין צוגאַסט צו מײַן שוועסטערקינד לעוויטין. איך ווייס איין עק וועלט — אין מאַרינע ראָ־שטשע, און ער — אַ געזעצלעכער מאָסקווער טוישעוו — אף טאַגאַנקע. הײַנט גיי צו אים צוגאַסט און שלעפּ זיך דערנאָך שפּעט באַנאַכט צוריק איבער גאַנץ מאָסקווע אַזש קיין מאַרינע ראָשטשע! און די געזעלשאַפט, וואָס איך וועל בא אים טרעפן, איז מיר אויך ניט איבעריק אינטערע־סאַנט. נאָר אָפּזאָגן זיך פון דער אײַנלאַדונג לאָזט זיך ניט: פאַרט אַ קאָ־רעוו, און ער באַמיט זיך אײַנצואָרדענען מיך. עמעס, קיין טאַכלעס האָט ער דערווײַל פאַר מיר ניט געפונען. זײַנע באַקאַנטע ייִדן סאָחרים מיט „פּראַוועס" האָבן קיין כיישעק ניט צו נעמען צו זיך אף אַרבעט אַ ייִדן „אָן פּראַוועס": „ס'קאָנען דערפון אַרויסקומען אומאָנגענעמלעכקײַטן מיט דער פּאָליציי". צוגרייטן זייערס אַ קינד צו דער גימנאַזיע אָדער רעפּע־טירן מיט אַן אָפּגעשטאַנענעם טעמפּן בײַקל — מאַכטייסע, אָבער אַ שטעלע — „לײדער"...

באָריס טרייסט מיך, אַז ס'איז אַלץ בעסער צו געבן אוראָקן אין מאָסקווע צו דרײַ רובל פאַר אַ שאָ, איידער געבן אוראָקן אין סלוצק פאַר דרײַ רובל אַ כוידעש. און זאָל איך נאָר האָבן געדולד: ער וועט נאָך פאַר מיר געפינען אַ שטעלע, וואָס לײַט וועלן מיר מעקאַנע זײַן.

— גוט, — זאָג איך, — כ'וועל זיך אַרײַנכאַפּן.

— ניט אַרײַנכאַפּן זיך, נאָר טאַקע בעפיירעש קומען און ניט פאַר־שפּעטיקן.

— גוט, — זאָג איך, — כ'וועל קומען אף געוויס, און באַצײַטנס.

דעם פינפטן אין אָוונט האָט זיך בא לעוויטינען אויפגעקליבן אַן אוי־לעם פון וואָסערע צוועלף־פופצן פאַרשוין. מע האָט מעסיק געטרונקען, פאַרביסן מיט היימיש צוגעגרייטע מײַכאָלים און, ווי סע פירט זיך, גע־שפּילט אין אַלגעמיינעם „בײַנטן וואָל".

אזייגער איינס האָבן די געסט אָנגעהויבן פאנאנדערגיין זיך. און מיר גלוסט זיך ניט אוועקגיין — פּאָשעט עס הייבט זיך ניט פון אָרט! דאָ, פארשטייט איר מיך, איז ליכטיק, און ציכטיק, און ווארעם — א מעכײַע! און די באלעבאָסטע — א שמייכלענדיקע, א פרײַנטלעכע, א געמיטלעכע — פּאָשעט עס ציט צו איר, ווי צו א מאגניט! און זייער בעניאָכידל — איינער פון מײַנע טאלמידים, וועלכן איך דארף אָנהייבן גרייטן צום „פּריגאָטאָוויטעלנעם‟ — א פּוכקער, צעפּעסטעטער, אָבער זייער מילדהארציקער אכטיאָריקער פּעמפּיק, האָט זיך אײַנגעקלאמערט אין מיר: „זאָל דער דיאדיע דאוויד דאָ בלײַבן...‟ היינט גיי לאָז דאָס אלץ איבער און שלעפּ זיך אזש קיין מארינע ראָשטשע אין מײַן קליין, קאלט צימערל מיט די נאקעטע ווענט און פארפרוירענע פּענצטער! א קנאפּער פארגעניגן, ווי מיינט איר? נאָר וואָס קאָן מען מאכן, מע מוז דאָך אמאָל גיין אהיים.

לאָז איך אראָפּ דאָס ייִנגל פון די קני און גיב א זאָג:

— מ־נא, מע מוז גיין...

קוקט אף מיר לעוויטין און זעט, אז מיר גלוסט זיך שטארק ניט אוועקצוגיין, רופט ער זיך אָפּ:

— ווייסטו וואָס, דאָוויד, בלײַב היינט בא אונדז נעכטיקן.

אן אנדערשמאָל וואָלט ער אזא ניט־באטראכטע אײַנלאדונג ניט געמאכט. אין יענע צײַטן האָט מען א רעכטלאָזן ייִדן ניט אָנגעשלאָגן זיך מיט איבערשלאָפן א נאכט. אפילע ווען יענער האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און האָט געגעבן אָנצוהערעניש וועגן איבערשטופּן ווי־ניט־איז בא אײַך א נאכט, האָט מען אים אויך געגעבן אן איידעלע אָנצוהערעניש, אז ס'איז גלײַכער, ער זאָל איבערנעכטיקן ערגעץ אנדערש. וואָס איר ווילט, אפילע א גמילעסכעסעד, נאָר ניט נעכטיקן, נעכטיקן גייט ערגעץ אנדערש. קיין גרויסע אוולע איז עס ניט: קיינעם ווילט זיך ניט ריזיקירן מיט אייגענע דרײַ אָדער פינף הונדערט רובל פאר יענעמס א נאכט שלאָף. אין יענער מינוט אָבער איז לעוויטינען, אפּאָנעם, זייער גוט געווען אפן הארצן: די געשעפטן זײַנען בא אים געגאנגען גוט, די פּא־

מילֿיע האָט ער שוין לעבן זיך, א ביסל בראַנפן האָט ער אויסגעטרונקען, אין קאָרטן האָט אים דעם אָוונט אויך שטאַרק געגליקט, די געסט האָבן מיט געמאַכטער היספּײַלעס גערימט זײַן זונעלעס דעקלאַמאַציע — נאָ־כעס פון אַלע זײַטן. און ווען אַ מענטשן איז זייער גוט אפן האַרצן, קאָן טרעפן, ער זאָל וועגן אַ צווייטן אויך אַ טראַכט טאָן און ער זאָל אַפילע אַף אַ מינוט וועלן, יענעם זאָל אויך גוט זײַן. קיין קלאָל, פאַרשטייט זיך, איז עס ניט, פאַרקערט, פאַראַן מענטשן, וואָס פילן ניט, ווי גוט ס'איז זיי, קאָלזמאַן זיי זעען ניט, ווי שלעכט ס'איז דעם צווייטן. וואָרעם ווי אַנדערש קאָן מען אָפּשאַצן די מאָס פון גליק, אויב ניט קעגנשטעלן עס אומגליק — יענעמס, פאַרשטייט זיך? און דאָ זעט לעוויטין, ווי איך זיץ אַן אומעטיקער, אַ פאַרקימערטער, האָט ער זיך אויסגע־רעדט...

איך, ווידער, האָב ניט געקאָנט באַשליסן... עס ווילט זיך יאָ בלײַבן און עס ווילט זיך ניט בלײַבן. מײַסע־סאָטן קאָן טרעפן, די נאַכט זאָל גראָד זײַן אַן „אָבכאָד" און לעוויטין וועט באַשטראָפט ווערן מיט עט־לעכע מייעס. צו וואָס זשע אויסשטעלן אים צו אַזאַ געפאַר?

— לעמײַ, — זאָג איך, — פאַרשאַפן אײַך אומרו? איך וועל בעסער גיין שלאָפן אין מײַן אייגענעם „האָטעל", וועט זײַן רויִקער פאַר בײדע צדאָדים.

אַזוי רוף איך זיך אָפּ, און כאָלעש, מע זאָל מיך ווידער בעטן.

באַ לעוויטינען אָבער איז די גוטע מינוט שוין פאַריבער. ער האָט שוין, קאָנטיק, כאַראָטע אפן גאַנצן אייסעק. צו וואָס אײַנדערעמעסן טויג אים קריכן מיט אַ געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנקן בעט? מאַכט ער צו מיר מיט אַ האַלב מויל:

— ווי דו פאַרשטייסט, מײַן ליבער.

און אַז לעוויטין הייבט מיך אָן רופן „מײַן ליבער", איז עס איינס פון די בײדע: אָדער אים דאַכט זיך, אַז איך קלײַב זיך בעטן באַ אים אַ גמילעסכעסעד, אָדער ער וויל פון מיר סטאַם פּאָטער ווערן.

נאָך אַזאַ איידעלער אָנצוהערעניש טוט מען זיך אָן און מע גייט

אוועק. ווײַל מיך אָבער דאָס בעניאָכידל זײערס ניט אָפּלאָזן: טאַנצט ארום מיר, לאָזט ניט אָפּ מײַנע הענט, הענגט זיך מיר פּאָשעט אפן האלדז און בעט, פעסטענדיק זיך:

— זאָל דער דיאדיא דאוויד דאָ בלײַבן נעכ־טי־קן, זאָל ער...

און דער מוטער ווילט זיך פארשאפן איר ליב קינד א נאכעס־רועך. אגעוו, איז זי נאָך א „גרינע" אין מאָסקווע און ווייסט ניט, ווי מע ציי־טערט דאָ פּאר א טרייפן ייִד. קוקט זי אראָפּ מיט נאכעסדיקע אויגן אף איר טײַער קינד און זאָגט צו מיר אזוי ווייך־פריינטלעך:

— טאקע, דאוויד, בלײַבט בא אונדז נעכטיקן. ווהין וועט איר זיך איצט, נאָך האלבער נאכט, שלעפּן. איך וועל אײַך אויסבעטן דאָ אף דער קאנאפּע. האָט קיין מוירע ניט, איך וועל פאר אײַך צוגרייטן א געלעגער ניט ערגער, ווי איר האָט בא זיך אין דער היים. הא, וואָס זאָגסטו, באָ־ריס? — האָט זי זיך א קער געטאָן צום מאַן.

— איך האָב דאָך עס שוין פריִער געזאָגט, — רופט זיך אָפּ לעוויטין ווי פון יויצע־וועגן, ניט איבעריק צופרידן, וואָס דאָס ווײַב רעדט מיך אזוי אײַן, איך זאָל דאָ בלײַבן.

באָר זי פארשטייט ניט זײַן דיפּלאָמאטיע און גיט א רוף:

— מארוסיאָ! בעט אויס דעם יונגן באַרין דאָ אף דער קאנאפּע.

איז דער יונגער „באַרין" געבליבן נעכטיקן.

ס'האָט געמוזט זײַן אזייגער צוויי, האלב דרײַ באנאכט. איך בין נאָר־וואָס אײַנגעשלאָפן. ערשט איך הער, ווי דורכן שלאָף, מע קלינגט. בין איך די מינוט אופגעשפרונגען, ווי מע וואָלט מיר אפן ווארעמען געלע־גער א פליוכע געטאָן אָן עמער קאלט וואסער. דער קלונג, פארשטייט איר מיך, איז מיר גוט באקאנט געווען: דאָס איז א באזונדער מין קלונג — א לאנגער, א שארפער, אן אומגעדולדיקער. מיט איין וואָרט, א פּאָליציייִשער קלונג, א קלונג, וואָס, וואָס... איך קאָן אײַך ניט אָפּמאָלן, וואָס פאר א קלונג דאָס איז. איר וועט עס סײַווי ניט פארשטיין, סײַדן

איר האָט אַליין געלעבט אין מאָסקווע אָן רעכט. נאָר דאָס קאָן איך אײַך זאָגן: ווי שטארק איך זאָל ניט שלאָפן, וועט מיך אָט דער דאָזיקער קלונג גלײַך אופוועקן. אַזוי בין איך בעטעווע דאפקע א שטארקער שלאָפער. איר קאָנט אפילע אין זעלביקן צימער לערנען זיך שפילן פידל, רירט עס מיך ניט: איך שלאָף! נאָר זאָל אָבער א פּאָליציסקער א קלונג טאָן באם טיר, אַזוי שפּרינג איך אויף, ווי א פּײַערלעשער, בייס ער דערהערט דעם אַליארעם־גלאָק. איך בין צוגעלאָפן צו לעוויטינס צימער און אָנגע־קלאפּט אין טיר.

— באָריס, דו הערסט?

— אוי, ווײ איז מיר! — האָט די ערשטע זיך אופגעכאפּט די מאדאם לעוויטין. — וואָס איז געשען? — פרעגט זי א דערשראָקענע.

— שרעקט זיך ניט, — זאָג איך, — ראכיל איסאקאָוונע, דאָס בין איך...

— וואָס איז מיט אײַך? וואָס איז געשען? פאַרוואָס שלאָפט איר ניט? פון דעם ווײַבס רייד האָט לעוויטין זיך אויך אופגעכאפּט.

— וואָס איז? וואָס טוט ער דאָ באם שלאָף־צימער? — פרעגט ער א האלב־שלאָפנדיקער.

— מיר דאכט, אָן אָבכאָד, — זאָג איך, — פּאָליציי קלינגט.

דערהערט „פּאָליציי", איז לעוויטין גלײַך אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט און אַרײַנגעלאָפן צו מיר אין עס־צימער. גלײַך נאָך אים איז ראכיל איסאקאָוונא אין א כאלאט און אין שטעקשיך אָף די באָרוועסע פיס צו־געלאָפן צו דער טיר, נאָר דערזען מיך אין איינע אונטערוועש, האָט זי א געשריי געטאָן „איי!", און צוריק פארהאקט די טיר.

לעוויטין, אויך אין אונטערוועש, האָט זיך געדרייט איבערן עס־צי־מער, א דערשראָקענער, א צעטומלטער, ניט ווייניקער, ווי ער אַליין וואָלט געוועזן אָן רעכט.

— אָט האָסטו דיר! — האָט ער געטײַנעט. — דאָס האָט מיר נאָך געפעלט. כ'האָב אָבער געזאָגט... כ'האָב געזאָגט... אַלץ זי, אירע אופטו־

עכצן: „דאָ געכטיקן!" — האָט ער אויסגעלאָזט דעם קאַס צום ווייַב. פּונקט ווי זי — ניט ער — וואָלט די ערשטע מיך פאַרבעטן איבערנעכ־טיקן בא זיי די נאכט.

און מיר איז אפן הארצן — איך קאָנט שוין אליין זיך פאָרשטעלן. ס'איז מיר ניט אזוי געגאנגען וועגן זיך — מיילע, מע וועט מיך ארויסשיקן פון מאָסקווע, ווען איך צוריק קומען, — ווי וועגן לעווי־טינען: דריי אָדער פינף הונדערט רובל שטראף איז ניט קיין קלייני־קייט!

— עפשער, — זאָג איך, — לאָזט זיך דאָ וואָס מאכן? ווער מאכט דאָ אָבכאָדן אין אייער אוטשאסטאָק — אַן אָקאָלאָדאָטשנער צי אליין דער פּריסטאוו?

— מאכן? מיט די קנעפּלעך פון זעקסטן אוטשאסטאָק וויל ער עפּעס מאכן! יענע זיינען די ערשטע שווארצמייעניקעס אין שטאָט. ער וועט בעדיי פאַרלירן אַן אייגענעם פינף־און־צוואנציקער, אבי באשטראָפן א ייִד מיט פינף הונדערט רובל.

— עפשער — זאָג איך, — קאָן איך זיך ווו באהאלטן?

— באהאלטן? איר ווילט זיך טאקע באהאלטן? — הייבט לעוויטין אָן מיטאמאָל צו „אירצן" מיך. — האָט קיין מוירע ניט, פון זיי וועט איר זיך ניט אויסבאהאלטן. איך קאָן שוין גוט די שווארצמייעניקעס, שוין ניט דאָס ערשטע מאָל קומען זיי צו מיר מיט נאכט־וויזיטן.

אין זיין בליק איז אזויפיל בייזקייט, קימאט סינע, פּונקט ווי איך וואָלט עס איינגעלאדן די פּאָליציי צו אים מיט א וויזיט אף דריי אזייגער באנאכט. נאָר גלייך נאָכדעם גיט ער זיך א כאַפּ:

— סיידן אין אלטאנקע איבערוואַרטן.

— אין וואָסער אלטאנקע? — פרעג איך.

— אין אלטאנקע, וואָס אין סעדל. און מאך קיין שיִעס ניט, וואַרף אף זיך ארוף מיין פּוטער און לויף אראָפּ דורך די הינטער־טרעפּ גלייך אין סעדל אריין און וואַרט איבער, ביז זיי וועלן אוועקגיין.

— פאַרגעס ניט צונעמען דאָס בעטגעוואַנט און מיינע זאכן פונדא־

נען, — וואָרן איך אים פון מײַן זײַט, — זיי זאָלן זיך ניט אָנשטויסן, אז עמעצער איז דאָ געשלאָפן.

ארופגעוואָרפן אף זיך לעוויטינס פוטער, בין איך ארויסגעלאָפן דורך דער הינטער־טיר, און אין עטלעכע שפרונג בין איך שוין געווען אין אלטאנקע, דאנקענדיק גאָט, וואָס לעוויטין וועט צוליב מיר ניט דארפן צאָלן קיין שטראָף און טאקע וואָס איך אליין בין דאָ ניט ארײַנ־געפאלן.

בארויִקט זיך א ביסל, דערפיל איך, אז די פיס ווערן מיר פארפרוירן. די קאמאשן — דינע, ארויסגעלאָפן אָן קאלאָשן. דער שניי אין סעדל איז א האלב ארשין טיף — קיין לעבעדיקער פוס טרעט דאָרטן ניט דעם גאנצן ווינטער — האָב איך אָנגענומען פולע שיך מיט שניי. און דאָ, פארשטיי איך, איז אן אייסעק ניט אף איין מינוט: דאָס הויז איז גרויס, יידישע פאמיליעס ווינען דאָ ניט ווייניק, קאָן עס דויערן א שאָ צוויי־דרײַ, ביז זיי וועלן אלעמען דורכנישטערן. און דאָ פיל איך — איך בלײַב אָן פיס. און כ'האָב מוירע, איך זאָל זיך ניט פארקילן, דער איקער, דארפט איר וויסן, איז האלטן די פיס וואַרעם, — קלער איך: וואָס וועט זײַן, וועט זײַן. איך רוק זיך ארויס פון דער אלטאנקע, קוק זיך ארום, נעם אָן א הויפן שניי, דריק צונויף א שניי־קײַלכל און גיב א וואָרף אין פענצ־טער פון לעוויטינס דירע אפן צווייטן שטאָק... עפנט זיך א פאָרטקע, לעוויטין רוקט ארויס דעם קאָפּ און קוקט זיך ארום.

— טססס!... — גיב איך א רוף. — דאָס בין איך. ווארף מיר ארויס מײַנע קאלאָשן, וואָרעם איך בלײַב אָן פיס.

— גוט, — מאכט ער, — זײַ נאָר שטיל. זיי זײַנען איצט בא די ווי־גאָדסקיס.

אין א מינוט ארום עפנט זיך ווידער די פאָרטקע און עס פליט אין טיפן שניי ארײַן פריִער איין קאלאָש, דערנאָך דער צווייטער.

אויסגעטרייסלט דעם שניי פון די שיך און אָנגעטאָן די קאלאָשן, האָב איך גענומען דרייען זיך איבער דער קליינער אלטאנקע, איך זאָל כאָטש א ביסל דערווארעמען זיך. ערשט איך הער — מע גייט! ס'הייסט, ניט

מע גייט, נאָר מע לויפֿט! בין איך א טויטער געוואָרן. וואָרעם ווער קאָן אהער גיין דרײַ אזייגער באנאכט, אויב ניט פּאָליציי? פֿארשטעק איך זיך אין א ווינקל מיטן פּאָנעם צום ווענטל, — אשטייגער, ווי דאָס וואָלט געהאָלפֿן, מע זאָל מיך ניט דערזען, — און ווארט, מע זאָל מיך שוין א נעם טאָן פֿארן קאָלנער. ערשט עס גיט זיך האסטיק אן עפֿן די טיר און, אָנשטאָט דעם באקאנטן נוסעך: „היי דו, קום נאָר ארויס!" — דערהער איך א דערשראָקענעם אויסגעשריי:

— אוי, מאמע!

„מא־א־מע" — ווייס איך דאָך גלײַך, אז איך האָב צו טאָן מיט א פֿרוי. וואָרעם א מאנצבל, דארפֿט איר וויסן, וועט ניט שרײַען „מאמע", א מאנצבל, אז ער דערשרעקט זיך, וועט ער א געשריי טאָן: „גוואלד", „קאראול", „שמא־ייִסראָעל" — וואָס איר ווילט וועט ער שרײַען, נאָר ניט „מאמע". מאמע — דאָס איז א ווײַבערשער שרעק־אויס־געשריי.

אויסגעקערט זיך מיטן פּאָנעם צו דער טיר, האָב איך שוין א געשריי געטאָן „אוי!", ניט „מאמע", פֿארשטייט זיך, — און האָב מער קיין וואָרט ניט געקאָנט אויסריידן פֿון שרעק.

אין טיר פֿון דער אלטאנקע איז געשטאנען עפּעס א מאָדנע געשטאלט: אונטן — ברייט און שווארץ, אויבן — שפּיציק און ווײַס, אָטעמט שווער און האסטיק, קוים עס קאָן דעם אָטעם כאפּן.

אז דאָס איז ניט קיין פּאָליצייסקער, האָב איך גלײַך געזען. און אז ניט פּאָליציי, איז וואָס, דאכט זיך, האָב איך וואָס מוירע צו האָבן? פֿונדעסטוועגן, וועט איר מיר גלייבן, האָבן מיר די ציינער אין מויל אויסגעקלאפּט דרויב, ווי א גוטער פּײַקלער אף זײַן פּײַקל.

בין איך דאָך פֿאָרט עפּעס א מאנצבל, מאך איך זיך קוראזש און פֿרעג:

— ווער איז עס?

— איך! — ענטפֿערט די מאָדנע געשטאלט. — און ווער זײַט איר?

ענטפֿער איך ניט, ווער איך בין, און פֿרעג ווידער:

— ווער איז דער „איך״?

ענטפערט מיר ניט די געשטאַלט, ווער דער „איך״ איז, און פרעגט:

— איר זײַט א ייִד?

— אָט האָסטו דיר, — זאָג איך, — ווער דען בין איך? ווען איך וואָלט ניט געווען קיין ייִד, וואָלט איך אין אַלטאַנקע ניט געזעסן, ס׳הייסט געזעסן וואָלט איך, נאָר אין א זומערדיקן אָוונט, ניט אין א מאָסקווער פראָסט דרײַ אזייגער באַנאַכט.

איך גיי צו נעענטער און דערזע: א יונג מיידל אין א שוואַרץ קליידל, מיט א וואַטאָווער קאָלדרע אין א ווײַסער ציך איבערן קאָפּ און אַקסלען. פון קאָלדרע, ווי פון א ראַם, טיילט זיך אויס א מאַטעווע־בלאַס, באַכיינט פּאָנעם מיט א פּאָר שוואַרצע אויגן, אין וועלכע עס טליִעט נאָך די שרעק פון דער ערשטער מינוט. צו דער זעלביקער צײַט שמייכלען זיי צו מיר אַזוי אומעטיק־צוטרוילעך: איך בין זיכער, הייסט עס, אז איר זײַט א לײַטישער מענטש און מיט מיר וועט קיין בייז ניט געשען...

— האָט קיין מוירע ניט, — זאָג איך, — איך בין ניט קיין גאַזלען און ניט קיין פאַרברעכער, כאָטש איך באַהאַלט זיך איינמיטן נאַכט אין פאַרשנייטע אַלטאַנקעס.

און דערצייל איר בעקיצער מײַן גאַנצע קאָמיש־טראַגישע געשיכטע.

צעלאַכט זי זיך מיט א שטיל אומעטיק געלעכטער.

— זײַנען מיר, הייסט עס, ביידע העלדן פון איין און דער זעלביקער טראַגיקאָמעדיע: ייִדן פאַרברעכער... מײַן שוואָגער — וויגאָדסקי פון דער צוועלפטער דירע, — מײַן שוואָגער איז געפאַלן אף דעם זעלבן סייכל, וואָס אײַער שוועסטערקינד. געהייסן מיר איבערוואַרטן דאָ אין אַלטאַנקע, ביז די אָבלאַווע אין הויז וועט זיך ענדיקן.

קורץ און גוט, מיר האָבן זיך באַרויִקט און זיך פאַנאַנדערגערעדט. איך האָב איר דערציילט א ביסל וועגן זיך: ווער און וואָס איך בין, ווי איך קום אין מאָסקווע און וויִאַזוי איך לעב דאָ, וועגן מײַנע פּלענער אף דער צוקונפט. זי, פון איר זײַט, האָט מיר אויסדערציילט איר גאַנצע

ביִאָגראַפיע. מע רופט זי סאָניע. אַליין איז זי פון וויטעבסק, פאַריקן יאָר געענדיקט גימנאַזיע, געטרוימט וועגן אָנקומען אַף מעדיציניַשע קורסן, ניט איַינגעגעבן זיך: פּראָצענט־נאָרמע[1]... האָט זי באַשלאָסן דערווײַל אָנקומען לערנען זיך אַף ציינדאָקטערשע קורסן, געקליבן זיך שוין פאָרן קיין וואַרשע, אָדער קיין יוריעוו — דאָרטן איז פאַר ייִדישע סטודענטן גרינגער אָנצוקומען, — פּלוצעם איז געשטאָרבן די מוטער. האָט די שוועסטער — מאַדאַם וויגאָדסקע איז איר לײַבלעכע שוועסטער, — האָט די שוועסטער געהאַלטן אין איין שרײַבן: קום צו פאָרן און קום צו פאָרן, וועסט זיך א ביסל צעשטרייען, קומען צו־זיך, דערנאָך וועסטו פאָרן זיך לערנען. נו, איז זי געקומען. נעכטן געוואָרן א וואָך, אַז זי איז דאָ. ערשט הײַנט באַנאַכט — אַן אָבכאָד! האָט דער שוועסטערס מאַן, וויגאָדסקי, גיך אַרויסגעשיקט זי אַהער אין סעדל איבערוואַרטן אין אַלטאַנקע. פּאָליציי האָט שוין געקלונגען אין פּאַראַדנעם אַרײַנגאַנג, האָט זי ניט באַוויזן אַרויסצוגיין אין קאָרידאָר און אָנטאָן דעם מאַנטל. קוים אַרופגעכאַפּט אַף זיך א קאָלדרע און אַרויסגעלאָפן דורך דער הינטער־טיר אַהער, אין סעדל.

אַזוי האָבן מיר זיך פרידלעך געשמועסט א שאָ און עפּשער מער. מיר האָבן גאָר ניט באַמערקט, ווי די צײַט לויפט.

ווען די אָבלאַווע אַף „טרייפע ייִדן" האָט זיך פאַרענדיקט און לעוויטין איז אַראָפּ מיך רופן צוריק אין שטוב אַרײַן, און וויגאָדסקי איז אויך געקומען נאָך זײַן שוועגערן, האָבן זיי, אַף אונדז קוקנדיק, זיך ביידע צעלאַכט.

— קוקט נאָר אָן דאָס פּאָרל, — האָט לעוויטין געשפּאַסט, — זיצן און וואָרקען, ווי די טײַבעלעך.

— איך האָף, אַז דאָס איז ניט אײַער לעצטע באַגעגעניש, — האָט

---

[1] פון דער אַלגעמיינער צאָל אָנקומענדיקע אין די הויכשולן האָט מען באַם צאַריזם ייִדן אָנגענומען בלויז פינף פּראָצענט, אין די הויפּט־שטעט — דרײַ פּראָצענט.

וויגאָדסקי פון זײַן זײַט שפּאַסיק צוגעגעבן. — לאָמיר זיי ווינטשן ווײַ־טערדיקע באַגעגענישן, נאָר אונטער בעסערע אומשטענדן.

וויגאָדסקיס ווערטער זײַנען געווען ווי א נעוויִעס. זיבן יאָר שפּעטער האָבן מיר ווידעראַמאָל זיך באַגעגנט. דאָס מאָל אין לאָנדאָן.

פּונקט אַזוי ווי איך, האָט סאָניע ניט געקאָנט געפינען פאר זיך קיין אָרט אונטער דער זון אין צאַרישן פאָטערלאַנד, איז זי געצוווּנגען געווען צו פאָרן זוכן פאַר זיך קענטעניש און ברויט אין פרעמדע לענדער.

איצטיקע באַגעגעניש אונדזערע איז געווען לענגער, ווי די ערשטע אין דער פּראָסטיקער נאַכט אין אַלטאַנקע: זי האָט געדויערט קימאַט א האַלבן יאָרהונדערט...

1956—1912

# א זיכערע דירע



יך איינעם א שפעט־הארבסטיקן פרי־
מאָרגן שטעלט מיך אָפּ אפן הויף מי־
כיי, און ווארפנדיק א בליק ארום זיך
צו באוואָרענען, אז קיין זײַטיקע זײַ־
נען דאָ ניט פאראן, האָט ער זיך אָנ־
געשפארט אפן שטעקן פון בעזעם, פארוקט די צווייטע האנט
אין די פאטלעס אף דער פּאָטיליצע און, ווי קווענקלענדיק זיך, א זאָג
געטאָן:

— טאק שטאָ, מילײַ, איך רעכן, אז איר דארפט אף א געוויסער צײַט
אריבערקלײַבן זיך אף אן אנדער קוואַרטיר.

אייערנעכטן באנאכט האָבן זשאנדארן ארעסטירט דעם לאנגהאָריקן פון נומער 11, אָט דעם, וואָס דינט אין זעמסקע אופראווע, און האָבן איבערגעלאָזן בא אים אין דירע א „זאסאדע“, — פארטרויט מיר מי־כיי. — ווער עס קומט אהין צו גיין — צאפּ! און איינער א ציווילער — „אויך פון זייערע לײַט מינאסטאם“ — פרעגט אים, מיכייען, קעסיידער אויס וועגן יעדערן אין הויז, באזונדערס וועגן די יונגע מענטשן: ווער זיי זײַנען, מיט וואָס באשעפטיקט זיך דער און מיט וואָס יענער, צי זײַנען זיי געגאנגען צו דעם לאנגהאָריקן, צי האָט מיכיי ניט בא־מערקט עפּעס אזוינס, די כאָלערע ווייסט זיי וואָס זיי ווילן!.. און ער, מיכיי, האָט מוירע, די זשאנדארן צי די שטאָטישע פּאָליציי — „די כאָ־לערע ווייסט זיי!“ — זאָל אומגעריכט ניט מאכן אן אָבכאָד איבערן גאנצן הויז. „זיי וועלן אפילע דעם אוריאדניק פריִער ניט געבן צו וויסן“, און בא אים אין הויז ווױנען דאָך אזויפיל ניט צוגעשריבענע ייִדן! דעמלט וועט ער, מיכיי, כאפּן דעם עמעסן פּסאק. אזוי, אז ס׳איז בעסער, איך זאָל נאָך הײַנט אריבערקלײַבן זיך פונדאנען, ביז ס׳וועט פאָריבער דער טומל.

— איך האָב אלע אײַערע שוין געוואָרנט. — האָט ער פארענדיקט, באדויערנדיק, וואָס איבער עפּעס א לאנגהאָריקן פארלירט ער אזא זי־כערע האכנאָסע. — די אנדערע וואָך קאָנט איר צוריק ארײַנפאָרן צו מיר. א זיכערע זאך!

וואָס פאר א כײלעק ער האָט מיט זײַן אָנזאָג מיר אײַנגעטײלט, — וועגן דעם האָט מיכיי ניט פארטראכט זיך.

באלאָנים צו פארדינגען א צימער אָדער א ווינקל א ייִדן אָן ווױנרעכט זײַנען קיין סאך ניטאָ אין מאָסקווע, און די, וואָס באשליסן זיך שוין אף אזא „קרימינאל“, דרוקן וועגן דעם אויך ניט קיין מעלדונגען אין די צײַטונגען. הײַנט גיי געפין פאר זיך א ווינקל — און טאקע הײַנט! — אין דער גרויסער פרעמדער שטאָט!

איין נאכט, די צווייטע קאָן מען איבערנעכטיקן אף די וואָקזאלן אָדער אין א נאכט־שענק פאר איזוואָזטשיקעס. אי דאָס איז עס ריזי־

קאַליש: אַ פּאַסאַזשיר אָן באַגאַזש וואַרפט זיך אין די אויגן דעם באַן־זשאַנדאַרם אַפּן וואָקזאַל, און אים קאָן זיך פאַרגלוסטן באַקענען זיך מיט מיר נעענטער, פאָדערן דאָקומענטן. מײַן אינטעליגענטישער אויסזען וועט זיך באַזונדערס וואַרפן אין די אויגן צווישן דעם שטענדיקן אוילעם פון אַ נאַכט־שענק פאַר איזוואָזטשיקעס און קאָן אַרויסרופן אַ כשאַד באַ די „שמעקער", וואָס דרייען זיך דאָרט אַרום. וואָס זשע טוט מען? ווו נעכטיקט מען שוין הײַנטיקע נאַכט?

איבערקלײַבנדיק אין זיקאָרן אַלע מײַנע באַקאַנטע, וועלכע האָבן מיר געקאָנט נוציק זײַן אין דעם פּראַט, האָב איך, אומגעריכט, זיך דערמאָנט אָן מײַן בען־איר הירש פּאַלטשיק אָדער, ווי ער האָט זיך אַליין רעקאָמענדירט: גריגאָרי מיראָנאָוויטש פּאַלטשיק — בירזשע־מעקלער.

אײגנטלעך, איז הירש פּאַלטשיק ניט געווען צווישן מײַנע באַקאַנטע. פּאַלטשיק איז געווען אַ מענטש שוין אין די מיטעלע יאָרן און האָט, פאָרשטייט זיך, ניט געקאָנט זײַן מײַן כאַווער. נאָר איך האָב געקענט גריגאָרי מיראָנאָוויטשן, און גריגאָרי מיראָנאָוויטש האָט מיך געקענט, ריכטיקער, ער האָט געקענט מײַן טאַטן און געוווּסט, ווער איך בין.

ווען הירש פּאַלטשיק פלעגט איין מאָל אין יאָר אָדער נאָך זעלטענער אַראָפּקומען צו זײַן פאַמיליע אין אונדזער שטאָט, פלעגט ער קעסיידער דערציילן וועגן זיך ניסים־וועניפלאָעס: אָט קומט ער פון קיִעוו, אָט פון כאַרקאָוו, אָט איז ער געווען אין פּעטערבורג, אָט אין פּאָרט־אַרטור, אין ריגע... ווער רעדט „באַ אונדז אין מאָסקווע", איז ער דאָך ווי באַ זיך אין דער היים. קרעדיט באַ די גרעסטע מאָסקווער פירמעס — וויפל ער וויל אַליין. און אַלץ „אָפּן", אָן אַ וועקסל. „מײַן וואָרט איז אַזוי גוט ווי אַ וועקסל"... איר ווילט אַ טויווע אין באַנק? ביטע! בעט אים, וועט ער עס מאַכן. „מײַן נאָמען איז מײַן קאַפּיטאַל באַ אונדז אין מאָסקווע"... — האָט פּאַלטשיק פאַרזיכערט. פּראַוואָזשיטעלסטוואָ? — אַ געלעכטער, כ'לעבן! אַז מיט די פּריסטאַווס פון אַלע אוטשאַסטקעס איז ער אויס־געבונדן. מע קאָן זאָגן, גופע דער מאָסקווער גראַדאָנאַטשאַלניק האָט גע־

הערט פון גריגאָרי מיראָנאָוויטשן, איז וואָס איז שײַעך פאר אים פראָ־וואָזשיטעלסטוואָ? — א שפּײַ!

דער אוילעם הערט און שמייכלט: דאָס קנאַפּ ראכוועסדיק לעבן פון פאלטשיקס פאמיליע דאָ און זײַן אייגן אויסזען האָבן ניט איידעס געזאָגט וועגן די גליקן, וואָס ער מאכט „בא אונדז אין מאָסקווע“. נאָר אין דער אויעזדנער שטאָט, וואָס איז געלעגן העכער הונדערט וויאָרסט פון דער נאָענטסטער באַן־סטאנציע, איז מען געוועזן צו הערן וועגן דעם, „וואָס הערט זיך עפּעס אף דער גרויסער וועלט“, מעג אפילע די גרעסטע העלפט דערפון זײַן אויסגעטראכט.

פאלטשיק דארף וויסן, ווו א בעספּראַוונער ייִד קאָן געפינען פאר זיך א ווינקל „בא אונדז אין מאָסקווע“, — האָב איך א טראכט געטאָן.

אָבער ווו געפינט מען פאלטשיקן? פאר דער גאנצער צײַט, וואָס איך בין אין מאָסקווע, האָב איך אים קיין איין מאָל ניט באגעגנט. מײַנע באקאנטע האָבן אפילע די פאמיליע פאלטשיק קיינמאָל ניט געהערט. איך האָב זיך דערמאָנט, אז פאלטשיק פלעגט זיך באַרימען, אז ער איז א גאנצער מאכער אף דער מאָסקווער בירזשע, בין איך אוועק זוכן אים אף דער בירזשע.

צו דער נידעריקער כמורער געבײַדע פון דער בירזשע אף איליינקע זײַנען צוגעפאָרן אף פײַערדיקע ריסאקעס גראָב־בײַכיקע, רויט־פּענעמדיקע סאָכרים אין געווענטענע טשויקעס און אין קארטוזן. עס זײַנען קעסיידער ארײַן און ארויס פון דער בירזשע אייראָפּעיִש־געקליידטע הײַנטוועלטיקע יונגע סאָכרים, באנקירן, רירעווודיקע בירזשע־מעקלערס, ספּעקוליאנטן, טאָטערן אין נידעריקע קאראקולנע היטלען, אזיִאטישע סאָכרים אין טיובעטייקעס, קאווקאזער מיט זילבער־געפּאסטע קינזשאלן הינטער די גארטלען.

אף דעם פּלאץ, אפן טראָטואר און אף די טרעפּ פון דער בירזשע האָבן זיך ארומגעדרייט בירזשע־האָזן, קליינע סאָכרימלעך, פארשוינען פון אומבאוווסטער באשעפטיקונג, וואָס האָבן ניט קיין צוטריט אינווייניק. אומעטום זײַנען געשטאנען קופּקעלעך און לעבהאפטיק גערעדט וועגן

אקציעס, ווערט־פּאַפּירן, פּרייזן אויף אַלערליי סכוירעס און פּראָדוקטן. ס׳האָט געהודזשעט, ווי אין אַ בינשטאָק.

איך בין אומגעגאַנגען פון איין קופּקע צו דער צווייטער, איינגעקוקט זיך אין די פּענעמער — פּאַלטשיקן איז ניט געווען צו זען.

איך האָב זיך שוין געקליבן אוועקצוגיין, ווען איך האָב אים דערזען אינעם דערבייִיקן געסל, לעבן דער בירזשע. ער איז געשטאַנען מיט אַ צווייטן פּאַרשוין און, האַלטנדיק יענעם פאַרן קנעפּל פונעם מאַנטל, וועגן עפּעס שטאַרק איינגעטייַנעט מיט אים.

אין זיין ענגן, שטאַרק־אָפּגעניצטן מאַנטל און אָפּגעטראָגענע שיך, מיט זיין אָפּגעצערט פּאָנעם און אומרויִקע אויגן איז ער גאָר ניט ענלעך געווען אויף דעם האָפערדיקן גריגאָרי מיראָנאָוויטש פּאַלטשיק, וואָס פלעגט בא אונדז אין שטאָט זיך האַלטן מיט גרויס ווירדע און אַזוי ברייט דערציילן וועגן דעם אָרט, וואָס ער פאַרנעמט, און וועגן דעם קאָוועד, וואָס מע גיט אים אָפּ „בא אונדז אין מאָסקווע“.

אָפּוואַרטנדיק, ביז ער האָט אָפּגעלאָזט דאָס קנעפּל פון זיין מיט־שפּרעכער, בין איך צוגעגאַנגען צו פּאַלטשיקן און באַגריסט זיך מיט אים.

ער האָט אומרויִק, קימאַט דערשראָקן איינגעקוקט זיך אין מיר און אומזיכער אַ פרעג געטאָן:

— כאַיִם וועגדראָווסקיס זון, אויב איך האָב קיין טאָעס ניט? וואָס טוט איר עפּעס בא אונדז אין מאָסקווע? אַ סטודענט, מינאַסטאַם.

— דערווייל נאָך ניט. איך האָף צו ווערן מיט דער צייט.

— איז וואָס זשע? וויבאַלד איר זייט אויף דער בירזשע, מינאַסטאַם מאַכט איר דאָך עפּעס געשעפטן. עפּשער קויפט איר אָדער פאַרקויפט וואָס? וואָס אינטערעסירט אייך? איך האָב פאַר אייך אַ ראַטשל זייד — אַ ווילדע מעציִע! אויב איר האָט אַ ביסל מעזומען, קאָנט איר עס האָבן האַלב אומזיסט.

באַמערקנדיק, אַז מיינע אויגן בלאָנדזשען איבער זיין גאָר היפּש אָפּגעטראָגענעם הוילעך, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— טשאָרט וואָזמי! אינדערפרי איז געווען גאַנץ וואַרעם. דעם פוטער ניט אָנגעטאָן, ווייַזט זיך ארויס, א ביטערע קעלט... איז וואָס זשע קויפט איר, גאָספּאָדין וועגדראָווסקי? איך זאָג אייַך, איך האָב פאר אייַך א מעציִע.

— די גרעסטע מעציִע, גריגאָרי מיראָניטש, וואָלט פאר מיר איצט געווען א צימער צי כאָטש א ווינקל, — ענטפער איך מיט א קרומען שמייכל.

וויבאלד איך קויף און פארקויף גאָרנישט, האָט פּאַלטשיק פארלאָרן צו מיר דעם גאנצן אינטערעס.

אויסהערנדיק מייַן טרויעריקע געשיכטע, האָט ער קימאט גלייַכגילטיק אויסגעצויגן:

— אָ־אָט וואָ־אָס! מיר איז עס באקאנט... נו, מע וועט דארפן א טראכט טאָן וועגן דעם; אופזוכן פאר אייַך עפעס פאסנדיקס, נאָכפרעגן זיך בא באקאנטע.

— יאָ, אָבער איך האָב דאָך שוין הייַנט ניט ווו איבערצונעכטיקן, — בין איך צוגעשטאנען צו אים.

— דאָס, זעט איר, איז פאס־קוד־נע! — האָט פּאַלטשיק, קנייטשנדיק דעם שטערן, געצויגן.

ווי ניט אָנגענעם ס׳איז מיר געווען, האָב איך זיך געמאכט הארץ און א פרעג געטאָן:

— עפשער קאָן איך דערווייַל בא אייַך איבערנעכטיקן א נאכט?

פּאַלטשיק האָט זיך ניט געייַלט מיט קיין ענטפער.

— עפשער קוועטשט אייַך, גריגאָרי מיראָנאָוויטש, וואָס בא אייַך איז ענגלעך אָדער ניט איבעריקס באקוועם, איז זאָל עס אייַך ניט ארן. פאר מיר שטייט איצט די פראגע: ווו שטופּט מען איבער א נאכט, די צווייטע, ביז כ׳וועל געפינען א צימערל אָדער א ווינקל. און איך וועל באצאָלן...

— ענגשאפט, באקוועמלעכקייטן — דאָס איז בלאָטע! — האָט פּאַלטשיק א מאך געטאָן מיט דער האנט, ווי ער וואָלט אָפּגעשארט פון זיך אזעלכע קלייניקייטן. — בא אונדז אין מאָסקווע, דארפט איר וויסן, וווינט

א ייִד אָן פּראָווּעס ניט ווו ער וויל, נאָר ווו ער קאָן. איר קאָנט האָבן צען טויזנט קערבלעך א כוידעש האכנאָסע — און וואלגערן זיך ערגעץ אין א ווינקל בא א שיקערן שוסטער... בא מיר... בא מיר, — ער האָט א רעגע געטראכט. — איך וועל אייַך זאָגן דעם עמעס, די מייַסע דערפון איז אזא: דאָס, וואָס בא מיר איז ענגלעך, בין איך אייַך מויכל. מע וואָלט זיך שוין ווי־ניט־איז אָן אייצע געגעבן: מע קאָן דאָך אייַך ניט לאָזן נעכטיקן אפן גאס! נאָר וואָס דען, עס ווענדט זיך, אין וואָס פאר א מאצעוו מיר וועלן טרעפן דעם באלעבאָס פון מייַן דירע. וועלן מיר אים טרעפן רעכט פארסנאָסקעט, וועלן מיר בא אים אלץ פויעלן. טרעפן מיר אים אָבער ניכטער, איז גלייַכער ניט ווייַזן זיך אים אף די אויגן. ווען ער איז ניכטער, מייַד איך אליין אים אויס. א ניכטערער איז ער בייז, ווי דער טייַוול. מער ווי „אובירייַסא אטסעדעווא” הערט איר פון אים דעמלט ניט. ער וויל ניט, שרייַט ער, גיין אף דרייַ כאדאָשים אין ארעסט צוליב א ייִדליאק.

צווישן וואנדערן א הארבסטיקע נאכט איבער די גאסן און דער מעג־לעכקייַט צו געפינען פאלטשיקס באלעבאָס אין א געהעריקער שטימונג, האָב איך אויסגעקליבן דאָס לעצטע.

— מיילע, וואָס האָבן מיר וואָס אָנצווווערן? לאָמיר פּרווון, עפשער וועלן מיר, אף מייַן מאזל, געפינען אים אונטער דעם געהעריקן גראדוס.

— יאָ, דאָס טרעפט בא אים מער ווי אָפט, — האָט פאלטשיק מיך געטרייסט. — אלזאָ, מיר וועלן זיך טרעפן אפן זעלביקן אָרט. קומט אהער פונקט פינף אזייגער פארנאכט, וועלן מיר צוזאמען פאָרן צו מיר אהיים.

— גוט, איר וועט אף מיר ניט דארפן ווארטן.

איבער לוביאנקע, סרעטענקע, דורך סוכארעווסקער פלאץ, איבער דער וויאָרסטן־לאנגער מעשטשאנסקע, איבער יאראָסלאווסקער שאָסיי זייַנען מיר העכער א שאָ געפאָרן, ביז מיר זייַנען געקומען צו דער לאנ־גער־לאנגער, ברייטער און שמוציקער גאס, וואָס פירט צום דאָרף

26–2064

אַלעקסייעווסקאָיע — איצט א פאָרשטאָט פון מאָסקווע, איינגע־שלאָסן אין די גרענעצן פון דער שטאָט. א מינוט צוואנציק זיינען מיר געגאנגען איבער ניט־ברוקירטע, אין שיטערע בלאָטעס זינקענדיקע, גאסן, פארבויט מיט קליינע, איינשטאָקיקע הילצערנע הייזלעך, פארביי געקאלכטע און ניט־געקאלכטע פארקאנעס, איבער ליידיקע פלעצער. דורך די מיט קראָסין־לאָמפּן באלויכטענע פענצטער האָט מען געקאָנט זען: דאָ א שוסטער, וואָס איז געזעסן אף א נידעריק בענקעלע און אריינגעשלאָגן טשוועקלעך אין א זויל; דאָ א שניידער אף א טיש, די פיס אונטער זיך; פון ערגעץ האָט זיך געהערט דאָס זעגן פון א זעג, דאָס גריילצן פון א פייל און אייזן. אף אַלץ ארום איז געלעגן א שטעמפּל פון שווערער פראצע, פון אָרעמקייט און שמוץ, פון פארוואָרלאָזטקייט און דערשלאָגנקייט. עס האָט זיך קוים געגלייבט, אז בעסאכאקל איין שאָ רייזע פונדאנען ליגט א גרויסע, רייכע שטאָט מיט באלויכטענע גאסן, מיט שיינע הייזער, מיט שוי־פענצטער פון מאגאזינען, וואָס ברעכן זיך פון קאָלטווו, מיט עלעגאנט־געקליידטע מענטשן — מונטערע, פריילעכע, ווי יעדער טאָג וואָלט פאר זיי געווען יאָמטעוו.

— אפּאָנעם, אז קיין מאַראָזאָווס און קיין פּאָליאקאָווס[1] ווינען דאָ ניט, — האָב איך באמערקט.

פּאַלטשיק האָט אף א מינוט פארגעסן, וואָס פאר א גרויס אָרט ער פארנעמט „בא אונדז אין מאָסקווע", און האָט טמימעסדיק געענטפערט:

— אפּאָנעם, אז ניט. גאנץ אַלעקסייעווסקאָיע ארבעט אף דער שטאָט. קליינע קוסטארן. איך און נאָך עטלעכע ייִדן, וואָס ווינען דאָ ניט קיין צוגעשריבענע, זיינען, מישטיינסגעזאָגט, די איינציקע סאָכרים פון דער גאנצער געגנט.

אָפּגייענדיק נאָך א שטיקל וועג איבער דער שיטערער בלאָטע, האָט פּאַלטשיק א כאַפּ געטאָן מיך פארן ארבל.

[1] מאָראָזאָוו און פּאָליאקאָוו — באוווסטע מאָסקווער מיליאָנערן.

— איר הערט? — האָט ער צופרידן א זאָג געטאָן. — איר האָט גוט געטראָפן: ער איז פארטיק!

— ווער איז פארטיק? — האָב איך געפרעגט.

— דער באַלעבאָס מײַנער, ווען ער האַלט שוין בא אָט דעם דאָזיקן לידל, איז ער שוין פול ביז צום האַלדז.

פון דער פינצטער האָט זיך געטראָגן א הייזעריקע, שיקער־אומעטיקע שטימע:

„קא־גע־דא יא ביל סווא־באָ־דע־נאי מא־ל־טשיק,
ניע זנ־אל יא גאָ־ריא אי נו־זשע־די״...

— דאָס זינגט מײַן באַלעבאָס, — האָט פאַלטשיק דערקלערט. — איצט וועלן מיר בא אים אַלץ פויעלן... אָט זײַנען מיר שוין אין דער היים. פאמעלעך, ווי איר גייט דאָ אין דער פינצטער. דאָ איז א הויכע שוועל. בייגט אײַן א ביסל דעם קאָפּ. די טיר איז נידעריק... לאָזט מיך, איר וועט אין דער פינצטער ניט אָנטאפּן די קליאמקע.

אריבערגעטראָטן די הויכע שוועל, האָב איך ניט ווילנדיק א כאפּ געטאָן זיך פאר דער נאָז: געמישטע רייכעס פון זויערע קרויט, רויען לעדער, שוויס, איבערגעברענטן בראנפן און איבערגעפּרעגלטע בעטגעוואנט האָט מיר א שלאָג געטאָן אין פּאָנעם און ארויסגערופן א ניטגוטקײַט. אין שטיבל איז געווען אָנגערייכערט און הייס, ווי אין א באָד. בא א לאַנגן טיש זײַנען געזעסן צוויי לערן־ייִנגלעך און עטלעכע געזעלן און בא דער שײַן פון א קעראָסין־לאָמפּ גענייט היטלען. אפן שיקערן באַלעבאָס האָבן זיי זיך אפילע ניט אומגעקוקט. אפּאָנעם, שוין געוויינט געווען צו אזעלכע זאכן.

דער באַלעבאָס — א קליינגעוויקסיק, דאַר מענטשל מיט א בלייך פּאָנעם, ארומגעוואקסן מיט אן אומגעלומפּערט רויט־גרוילעך בערדל, מיט צעפּודלטע האָר, וואָס זײַנען אים געפאַלן אפן פארשוויצטן שטערן, איז געשטאנען אינמיטן שטוב און, אופרײַסנדיק דאָס מויל ביז צו די

סאמע אויערן, מיט א טרויעריק־וויינענדיק קאָל געזונגען אין און דאָס זעלביקע לידל, איבערכאַזערנדיק דעם ערשטן פערז אָן אופהער.

מיד געוואָרן זינגענדיק, האָט ער גענומען טאַנצן מיט די באָרוועסע פיס איבערן שמוציקן קלעפּיקן דיל. דאָס מעשענע ציילעמל אפן פאַר־שמאַדערטן בענדל איז בייסמייַסע אונטערגעשפּרונגען אף זייַן רויטהאָ־ריקער צעכראַסטעטער ברוסט, ווי דאָס ציילעמל וואָלט זיך באַטייליקט אין טאַנץ.

פּאַלטשיק האָט א צופרידענער געקוקט אף זייַן אופגעראַמטן באַלע־באָס. איך בין געשטאַנען הינטער אים, אַלע ווייַלע געכאַפּט זיך פאַר דער נאָז און, ניט ווילנדיק, הינטערווייַלעכס, גערוקט זיך צו דער טיר.

— וווּהין רוקט איר זיך? — האָט פּאַלטשיק שמייכלענדיק מיך אָפּגע־שטעלט.

— אָט דאָ ווינט איר עס? — האָב איך געענטפערט מיט א פראַגע.

פּאַלטשיק האָט, אפּאָנעם, דערפילט אין מייַן פראַגע עפּעס מער ווי כידעש און, א ווייַז געבנדיק אף דעם פּאַניר־ווענטל, וואָס האָט צעטיילט דעם צימער אף צווי העלפטן, האָט ער מיט בייַסיקער איראָניע געענט־פערט:

— יאָ, אָט דאָ, אין דעם פּאַלאַץ, הינטער דער פּרעכטיקער מאַרמאָר־וואַנט ווינען מיר טאַקע... און איר, מייַן עקסעלענץ, ווועט דאַנקען גאָט, ווען איר וועט קאָנען טיילן מיט מיר מייַנע אַפּאַרטאַמענטן.

— היי, ווער רעדט עס דאָרטן? — האָט דער באַלעבאָס קוים באַ־וועגט מיט דער צונג, אייַנקוקנדיק זיך אין אונדז מיט זייַנע קורצזיכטיקע פאַרלאָפּענע אויגן.

די געזעלן באַם טיש האָבן זיך געשטיקט פון אייַנגעהאַלטענעם גע־לעכטער.

— ווּ־ווער איז דאָר־טן, טשאָרט וואָזמי? ווו זייַנען מייַנע ברילן?

— אף דער נאָז, איוואַן מיכיילאָוויטש, אפן סאַמע שפּיץ, — רופט זיך אָפּ פּאַלטשיק האָפּערדיק, מייַסע גוטער־ברודער.

— אך, פּאָד־לי־יעו! אף דער נאָז זאָגסטו?

און, אַרופֿרוקנדיק די ברילן העכער אויפֿן שטערן, האָט ער זיך גוט איינגעקוקט אין אונדז און דערפֿרייט זיך:

— א־א, גריגאָרי מיראָניטש!.. נאַשע וואַם ס קי־קיסטאָטשקאָי!.. וואָס מאַכסטו עפּעס גוטס? לאָמיר אָקאָרשט אויסטרינקען.

— מירן אויסטרינקען, מירן אויסטרינקען, מיכאַליטש. ווי דען? — האָט פּאַלטשיק געאיילט זיך מאַסקים צו זיין.

— און וואָס איז דאָס פֿאַר א פּרוכט? — האָט מיכאַליטש, טייטלענדיק אויף מיר מיטן פֿינגער, געפֿרעגט.

— דאָס איז מיינער א פֿריינט, איוואַן מיכאַליטש, פֿון אונדזערי־קע, — האָט פּאַלטשיק, קלאַפּנדיק מיך איבערן אַקסל, פֿאַרגעשטעלט מיך פֿאַר זיין באַלעבאָס. — ער וויל היינט איבערנעכטיקן בא מיר.

— א־א־א... פֿון איי׳עריקע? איך פֿאַרשטיי... גוט... זאָל ער דאָ בלייבן... זאָל ער דאָ זיין, וויפֿל דאָס האַרץ גלוסט... איוואַן מיכאַליטש וועט ניט אַרויסגעבן... נו, נעשאָמע מיינע, לאָמיר אויסטרינקען... ביזן דעק...

אין צען מינוט אַרום איז איוואַן מיכאַליטש מיט דער נאַסער באָרד שוין געקראָכן צו מיר קושן זיך, גערופֿן מיך „בראַטיעץ" און „דרוג ליובעזני", געקלאַפּט זיך איבער דער צעכראַסטעטער ברוסט, געשוואָרן, אַז ער מעג אַפֿילע אין אָסטראָג פֿאַרפֿוילט ווערן, וועט ער זיינע פֿריינט ניט אַרויסגעבן.

— פּאָטאָמו — ליובליו וואַשעוואָ בראַטאַ. איר זייט גוטע כעוורע־לייט... — האָט ער, האַלטנדיק איין האַנט אויף מיין אַקסל און די צווייטע אַרום פּאַלטשיקס האַלדז, דערקלערט זיך אונדז ביידן אין ליבע.

ווען מיר זיינען אויפֿן צווייטן פֿרימאָרגן אַרויס פֿון הינטערן פֿאַניר־ווענטל, איז איוואַן מיכאַליטש געזעסן באַם טיש, דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דער האַנט. זיין פּאָנעם איז געווען אָנגעדראָלן, און דער בליק, וואָס ער האָט אויף אונדז געוואָרפֿן, — אומפֿריינטלעך און בייז.

פאלטשיק האָט מיך שנעל צוריק א שטויס אריַין געגעבן הינטערן װענטל.

— װארט א װײַלינקע.

גלײַך האָב איך דערהערט זײַן כניפעדיק קאָל:

— אָפּאָכמעליטסיא בי, איװואן מיכאליטש... װאסקא! נא, לויף נאָר אריבער און ברענג א האלב פלעשל! זיבן־און־פופציקער, שנעלער, װאסקא!

— אן אלטע און זיכערע סגולע, — האָט פאלטשיק מיר דערקלערט, װי נאָר מיר זײַנען ארויס אין גאס. — איצט קאָנט איר בא מיר װוינען, ביז איר װעט געפינען עפּעס בעסערס.

איך בין געבליבן װוינען מיט פאלטשיקן אין זײַן פאלאץ הינטער דער „מארמאָר־װאנט“.

א רויִקע און זיכערע דירע...

1912

# א לאקיי



ורך באקאנטע און דורך באקאנטע פון באַ־ קאַנטע, דורך פאַרשיידענע גאַנגען און פּראָ־ טעקציעס איז מײַן שוועסטערקינד באָריס לעוויטינען ענדלעך געלונגען אײַנצואָרדענען מיך אף א שטעלע. און נאָך וואָס פאר א שטעלע! אזא, וואָס גיט מיר רעכט צו וווינען אין מאָסקווע! קורץ, איך בין אָנגעקומען צום באַוווּסטן אַדוואָקאַט אַרקאַדי וועניאַמינאָוויטש גאָל־ סקי פאר... א לאקיי. בלויז נאָמינעל, פאַרשטייט זיך, צוליב פּראַוואָזשי־

טעלסטוואָ[1]. אין דער ווירקלעכקייט ארבעט איך אין זיין גרויסער ביוראָ, ווו עס זיינען באשעפטיקט עטלעכע געהילפס־אדוואָקאטן, „פּאָמאָשטש־ניקי פריסיאזשניך פּאָווערעניך", ווי זיי האָבן דאן געהייסן, — און א גאנצער שטאט קלענערע אָנגעשטעלטע.

ארקאדי וועניאמינאָוויטש גאָלסקי איז איינער פון די בארימטסטע אדוואָקאטן־ציוויליסטן. ער פּארמאָגט א שיינע, געכאָליעטע „אסירישע" באָרד, א שיין ווייב — א באוווסטע פּיאַניסטן, א שיינע און רייכע דירע און א ברייטע, רייכע פּראַקטיק.

ארקאדי וועניאמינאָוויטש האָט א נאָמען פון א ראדיקאל, „קימאט א רעוואָליוציאָנער". אף די „פּרייטיקן", וואָס זיין ווייב אָרדנט איין יעדע וואָך, קומען זיך צונויף יוריסטן, דאָקטוירים, באוווסטע אקטיאָרן, מוזי־קאנטן און שרייבער — דאָס סאמע אייבערשטע פון דער מאָסקווער ליבעראל־ און ראדיקאל־געשטימטער אינטעליגענץ.

איך, דער קלענסטער אָנגעשטעלטער אין דער ביוראָ פון דעם גרויסן אדוואָקאט, ווער, פארשטייט זיך, ניט איינגעלאדן אף די דאָזיקע „פּריי־טיקן". נאָר דורך דער אָפענער טיר פון קאבינעט, ווו איך זיץ ביז שפּעט און שרייב איבער פּאפּירן, דערגרייכן צו מיר קלאנגען פון מוזיק און אָפּגעריסענע פראזן וועגן אומגעזעצלעכקייטן, וועגן ווילקיר פון דער מאכט. אפילע דאָס וואָרט „קאָנסטיטוציע" — א וואָרט, וואָס איז אין יענער צייט ארויסגערעדט געוואָרן ניט אומעטום, ניט אָפט און ניט צו הויך, — דערגרייכט צו מיינע אויערן.

איך ווייס ניט, ווי לאנג איך וואָלט נאָך געבליבן א „לאקיי" בא דעם ליבעראלן אדוואָקאט, ווען ניט איין אומגעריכטע געשעעניש, וואָס האָט געמאכט א סאָף צו מיין „לאקיישער" קאריערע און צו מיין זיין אין מאָסקווע — מיט אָדער אָן „פּראוואָזשיטעלסטוואָ".

---

[1] די צארישע געזעצגעבונג האָט געגעבן יידן מיט העכערער בילדונג די רעכט צוצושרייבן צו זיך „אייגנגלויביקע" דינער. דאָס האָט די לעצטע געגעבן וווין־רעכט, קאָלזמאן זיי בלייבן אין דינסט בא זייערע באלעבאטים.

שפעט אין אָוונט בין איך געשטאַנען אויף טרובנע פּלאַץ און געוואַרט אויף דער קאָנקע, מיט וועלכער איך האָב געדאַרפט פאָרן צו זיך אַהיים, אויף ליאַלין־געסל אין שכײנעשאַפט מיט פּאָקראָווקע. אויף טרובנע איז צו די צוויי קליאַטשעס, וואָס האָבן געפירט דאָס וואַגאָנדל פון דער קאָנקע, צוגעשפּאַנט געוואָרן אַ דריטע קליאַטשע, וואָס האָט געדאַרפט העלפן שלעפּן די קאָנקע אַרויף־באַרג ביז די סרעטענקע־טויערן. דאָרט איז די קליאַטשע אויסגעשפּאַנט געוואָרן און דער „פאָרייטער" — אַ לאָכמאַט, באָרוועס ייִנגל, האָט רײַטנדיק אָפּגעפירט זי צוריק צו טרובנע פּלאַץ, ווו זי איז אײַנגעשפּאַנט געוואָרן אין אַ צווייטן וואַגאָן.

דאָס וואַגאָנדל איז, ווי אַ שאַכטל מיט סאַרדינקעס, געווען געפּאַקט מיט פאַרשפּעטיקטע פּאַסאַזשירן. איך האָב שוין קיין אָרט אין וואַגאָן ניט געפונען און בין געהאַנגען אויפן טרעפּל, קלאַמערנדיק זיך מיט ביידע הענט אָן די הענטלעך פון וואַגאָן. פּלוצעם האָט די דאַמע, וואָס איז גע־שטאַנען פון פאָרנט פאַר מיר און געדריקט אויף מיר מיט איר גאָר היפּשן הינטן, היסטעריש אויסגעשריִען:

— אוי, גאָט מײַנער, מע האָט מיך באַגאַנוועט!

שאַרנדיק מיט נערוועזע פינגער אין דעם צעעפנטן בײַטל, ווי זי וואָלט נאָך אַלץ געהאָפט געפינען דאָרט די אווידע, האָט די דאַמע געיאָמערט:

— אונדזער גאַנץ פאַרמעגן, אַלץ, וואָס מיר האָבן געהאַט, ביז צום לעצטן גראָשן... אוי, כ'וועל זיך אַ מײַסע אָנטאָן... מײַן מאַן וועט דאָס ניט אויסהאַלטן. גוטע מענטשן, העלפט מיר געפינען...

אין וואַגאָן איז געוואָרן אַ גערודער, איינער האָט געוואָרפן אויפן צווייטן פאַרבאָרגענע כשאַד־בליקן, יעדערער האָט געזוכט בײַ זיך אונטער די פיס: עפּשער האָט די דאַמע פאַרלוירן דאָס געלט, אָדער דער גאַנעוו האָט זיך דערשראָקן און אונטערגעוואָרפן די גנייווע. אייניקע האָבן הויך אויף אַ קאָל זיך געוווּנדערט: ווי קאָן מען עס זײַן אַזוי אומפאָרזיכטיק און פירן אַ גרויסע סומע געלט אין אַ האַנט־בײַטל?.. עס זײַנען געגעבן געוואָרן אַלערליי אייצעס, עס האָבן זיך געהערט פאָדערונגען אָפּצושטעלן דעם

וואגאָן. נאָר אָפּשטעלן דעם וואגאָן אינמיטן באַרג־אַרויף איז געווען אומעגלעך, אָפּגעשטעלט האָט מען אים ערשט בא סרעטענקע.

אפן פּייַף פון קאָנדוקטאָר איז גלייַך צוגעגאנגען א גאָראָדאָוואָי.

— ווער איז לעבן אייַך געשטאנען, מאדאם? האָט איר ניט באמערקט, עמעצער זאָל אייַך דריקן אָדער שטויסן? — האָט דער פאָרשטייער פון דער מאכט גלייַך אפן אָרט אָנגעהויבן די אויספאָרשונג.

די דאמע — היסטעריש, צעטומלט, האָט מיט טרערן פארלאָפענע אויגן ארומגעקוקט זיך און געמורמלט.

— איך ווייס?.. קיינער איז לעבן מיר ניט געשטאנען... א פולער וואַגאָן מיט מענטשן, ניט מיט א גליד צו רירן... — איר בליק איז געפאלן אף מיר. — אָט דער יונגערמאן איז די גאנצע צייַט געשטאנען הינטער מיר, אלץ געשטופּט זיך פאָרויס... איך ווייס...

— באזוכן אים, באזוכן! — האָבן זיך גלייַך דערהערט פאָדערונגען. דאָס בלוט האָט מיר א שפּאר געטאָן אין פּאָנעם ארייַן.

— וואָס רעדט איר, מאדאם! איך האָב זיך די גאנצע צייַט בלויז באמיט, איר זאָלט מיך ניט אראָפּשטויסן פונעם טרעפּל מיט אייַער געוויכט. איך האָב אף קיין איין רעגע ניט געקאָנט אוועקנעמען מייַנע הענט פון די וואגאָן־הענטלעך.

דערפרייט זיך, וואָס ס׳האָט זיך געפונען א „שולדיקער", האָט דער עולם אין וואגאָן דורכויס געפאָדערט, מע זאָל מיך באזוכן.

— דערלויבט א קוק טאָן אין אייַערע קעשענעס.

ניט װאַרטנדיק אף מייַן דערלויבעניש, איז דער גאָראָדאָוואָי זיך אדורכגעגאנגען איבער מייַנע קעשענעס, דער אינהאלט פון וועלכע ס׳האָט ניט באפרידיקט ניט אים, ניט די באגאנוועטע דאמע, ניט די פּאסאזשירן. מייַן פּאספּאָרט איז אויך געווען אין אָרדענונג: צוגעשריבן אין מאָסקווע אפן סאמע לעגאלן אופן.

נאָר דער עולם האָט זיך ניט באַרויִקט.

— מיר קענען די מאזוריקעס. זיי אַרבעטן „נא פּאַרו", איינער ציט ארויס פון בייַטל, דער צווייטער פארשווינדט גלייַך מיט דער גנייווע,

און דער גאנעוו בלייבט שטיין — גאָט די נעשאָמע שולדיק. נעמט אים אין אוטשאסטאָק, ניט אנדערש אין אוטשאסטאָק! — האָט מען געפאָדערט פונעם גאָראָדאָוואָי.

— איר האָט אף אים א כשאד, מאדאם? — האָט דער גאָראָדאָוואָי געפרעגט די באגאנוועטע.

— איך וייס... א פולער וואגאָן מיט מענטשן... ער האָט קעסיידער מיך געדריקט פון הינטן.

— נעמט אים, נעמט אים אין אוטשאסטאָק... דאָרטן וועט מען זיך שוין פאנאנדערקלייבן, — האָט מען פון אלע זייטן געייצעט דער דאמע.

— איר וועט נאָך עפשער היינט האָבן צוריק אייער געלט.

— נו, פאַידיאָם, שטאָ־לי... — דער גאָראָדאָוואָי האָט, ווי אומגערן, א נעם געטאָן מיך פארן ארבל. — און איר, מאדאם, קומט אויך מיט אונדז...

די געוויינלעכע טאָג־ארבעט אין אוטשאסטאָק איז שוין געווען לאנג פארענדיקט.

אינעם גרויסן קאנצעליאריע־צימער איז געווען שטיל און האלב־פינצטער. איין טיש נאָר, ניט ווייט פונעם קאכל־אויוון, איז באלויכטן געווען מיט א לאָמפ אונטער א גרינעם שייד.

פונעם באלויכטענעם קרייז האָט זיך אויסגעטיילט דער קורץ־געשאָרענער קאָפּ פון דעם דעזשורנעם אָקאָלאָדאָטשנע, וועלכער איז געזעסן איבער א „פאָליצייסקאיא גאזעטא", הויך און געשמאק גענעצנדיק איבער די באפעלן פון נאטשאלסטווע.

א ביסל אָן דער זייט, האלב אין דער פינצטער איז געזעסן א גאָראָ־דאָוואָי אין א צעקנעפלטן מונדיר און אָן קלייזייען און האָט היימיש־געמיטלעך געשטאָפּט מיט א מעשענער מאשינקע טאבאק אין גילזן.

בא אונדזער ארייַנגאנג האָט דער אָקאָלאָדאָטשנער אופגעהויבן די אויגן פון דער צייטונג און זיך ברייט צעגענעצט:

— א־א־א!.. די נאכט־געסט הייבן זיך שוין אָן קלײַבן, א־א־א!.. ווער איז בא דיר דאָרט, יעפרעמאָוו?

— דא וואָט, וואשע בלאהאָראָדיע. בא דער דאמע האָט מען אָף דער קאָנקע צווישן טרובנע און סרעטענקע ארויסגעגאנוועט פון א האנט־בײַטל א היפּשע סומע געלט. די דאמע איז כוישעד, אז דאָס האָבן זיי זי באגאנוועט, — האָט ער א טײַטל געטאָן מיטן פינגער אָף מיר.

דער גאָראָדאָוואָי האָט גערעדט וועגן מיר בעלאָשן־ראבים — „זיי", ווי ער אליין וואָלט ניט זיכער געווען, אז איך בין עס דער גאנעוו.

דער אָקאָלאָדאָטשנער, אפּאָנעם שוין לאנג צוגעוווינט צו אזעלכע זאכן, האָט זיך אפילע ניט מאטריִעד געווען א קוק טאָן, ווער עס שטייט פאר אים דאָרטן אין דער האלב־פינצטערניש.

— גוט, מירן אים באזוכן און דערווײַל פארהאלטן, — האָט ער גלײַכגילטיק א זאָג געטאָן.

— שוין באזוכט, וואשע בלאהאָראָדיע, אפּן אָרט באזוכט. קיין שום פארדעכטיקס: א ניקעלן זייגערל, א בײַטל מיט פיר רובל פּאפּיר־געלט און אכט און דרײַסיק קאָפּעקעס קליינגעלט, א נאָטיץ־ביכעלע און א פּאָר ברילן — מער קיין זאך ניט, וואשע בלאהאָראָדיע! דאָקומענטן אין אָר־דענונג...

— און איר וואָס וועט זאָגן, מאדאם? — האָט דער אָקאָלאָדאָטשניק זיך א קער געטאָן צו דער דאמע.

די היסטעריקע האָט זיך אפסנײַ אָנגעהויבן. זעקס הונדערט רובל און א ווייִגרישנער בילעט. אלץ, וואָס זיי האָבן פארמאָגט... איך בין געשטאנען הינטער איר, קעסיידער געשטופּט זיך, צוגעדריקט זיך צו איר... זי וועט זיך דאָס לעבן נעמען. זי קאָן זיך אפילע ניט ווײַזן דעם מאן פאר די אויגן... זעקס הונדערט רובל און א ווייִגרישנער בילעט...

— נו, גאָספּאָדין כאָראָשי. לײדיקט אויס, איך בעט אײַך, אײַערע קעשענעס.

צו דעם, וואָס יעפרעמאָוו האָט בא מיר פריִער געפונען, איז קיין זאך ניט צוגעקומען.

דער אָקאָלאָדאָטשנע איז ארויס פון הינטערן טיש און פון זיכערקייט וועגן נאָכאמאָל א פיר געטאָן מיט די הענט איבער מײַנע קעשענעס.

— און איצט וועלן מיר צוזאמענשטעלן א פּראָטאָקאָל.

פרי'ער האָט ער פארשריבן דעם נאָמען, פאמיליע און אדרעס פון דער דאמע, וועז, ווו און וואָס פאר א סומע מע האָט בא איר געגאנוועט, נאכער איז ער צוגעטראָטן צו מײַן פארהער.

נאָך דעם, ווי ער האָט פארשריבן מײַן נאָמען און אדרעס, האָט ער א פרעג געטאָן:

— באשעפטיקונג?

איך האָב א רעגע געקווענקלט.

— א לאַקיי... — מײַן ענטפער האָט געקלונגען אומזיכער און ווי פארשעמט. דער אָקאָלאָדאָטשנע האָט אופמערקזאם זיך אײַנגעקוקט אין מײַן פּאָנעם.

מײַן אויסזען און מײַן קליידונג האָט, ווי עס שײַנט, ניט געשטימט מיט מײַן פּראָפעסיע.

— א לאַקיי? — האָט ער איבערגעפרעגט. — בא וועמען ביסטו א לאַקיי? — האָט ער, אף יעדן פאל, גענומען ריידן מיט מיר אף „דו“.

— באם אדוואָקאט גאָלסקי.

— בא ארקאדי וועניאמינאָוויטש גאָלסקין? בא דעם בארימטן אדוואָקאט גאָלסקי?

— יאָ, באם אדוואָקאט גאָלסקי.

— הם... מאָדנע...

— נו־קאַ! גיב נאָר אהער דײַן פּאספּאָרט.

ער האָט דורכגעבלעטערט דעם פּאספּאָרט פונעם ערשטן ביזן לעצטן בלעטל, דורכגעקוקט די שטעמפּלען, די דאטע פון מעלדונג.

— יאָ, דאכט זיך, אלץ אין אָרדענונג. דאָך עפּעס איז דאָ ניט קלאָר.

— נו, מאדאם, איר קאָנט גיין אהיים. אין פאל פון עפּעס־וואָס, וועלן מיר אײַך לאָזן וויסן. און דיך, יונגערמאן, וועלן מיר דערווײַל פארהאלטן, ביז מיר וועלן קלאָר מאכן דײַן פּערזענלעכקייט.

איך האָב פּראָטעסטירט:

— וואָס הייסט, איר וועט מיך פאַרהאַלטן? אַף וואָס פאַר א גרונט וועט איר מיך פאַרהאַלטן? איר האָט קיין רעכט ניט...

— נו, רעכט לאָז איבער פאַר אונדז... רעכט — דאָס איז ניט דײַן זאַך... און פאַרהאַלטן וועל איך דיך, ווײַל אונדז איז ניט קלאָר דײַן ליטשנאָסט. מיר דאַרפן אויסקלאָרן, צי ביסטו טאַקע א לאַקיי אין דינסט באַם אַדוואָקאַט גאָלסקי, האָב קיין פאַריבל ניט...

— גאָספּאָדין אָקאָלאָדאָטשני, אַרקאַדי וועניאַמינאָוויטש וועט זיך באַקלאָגן פאַרן אָבער־פּאָליצמײַסטער אַף דעם, וואָס איר האָט אָן קיין שום גרונט פאַרהאַלטן זײַנעם א מענטשן. עס קאָנען פון דעם אַרויסקומען אומאָנגענעמלעכקײַטן. בעסער קלינגט אָן אין טעלעפאָן צו מײַן באַלע־באָס, וועט ער אײַך באַשטעטיקן, אַז איך בין בא אים.

אפּאָנעם, אַז דאָס אָנצוהערעניש וועגן מעגלעכע אומאָנגענעמלעכקײַטן פאַר אים איז אַרײַן דעם אָקאָלאָדאָטשנעם אין נאָז.

— לאַדנאָ, דאָס קאָנען מיר טאָן. מיר וועלן אָנקלינגען. יעפרעמאָוו! פיר אים אָפּ אין פּאָדערצימער און וואַרט דאָרט מיט אים א ווײַלע.

א לאַנגער טאָג אָנגעשטרענגטע אַרבעט און די לעצטע איבערלעבונ־גען האָבן מיך אינגאַנצן אויסגעשעפּט.

איך בין געזעסן אין פּאָדערצימער, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן וואַנט און האַלב געדרעמלט, ווען איך האָב דערהערט די באַקאַנטע שטים פון גאָלסקיס לאַקיי — דעם עמעסן לאַקיי — אַפאַנאַסי.

— טאַק טשטאָ, וואָשע בלאַהאָראָדיע, מע האָט טעלעפאָנירט פונדא־נען, פון אוטשאַסטאָק, הייסט עס, דער באַרין זאָל קומען, ווײַל מע האָט פאַרהאַלטן אונדזער לאַקיי. דער באַרין איז אין דער היים ניטאָ. זיי מיט דער באַריניע זײַנען אַוועקגעפאָרן אין טעאַטער, בין איך געקומען מעלדן, אַז מע האָט מיך ניט פאַרהאַלטן, דאָס הייסט מע האָט אונדזערן

אַ לאַקיי ניט אַרעסטירט. אונדזער לאַקיי, איך, הייסט עס, בין פּולקאָם פרײַ.

מיט די דאָזיקע קלאָרע דיבורים האָט דער געוועזענער סאָלדאַט, איצט אַ גוט־אויסגעמושטרירטער לאַקיי באַם אַדוואָקאַט גאָלסקי, אַפּאָנעם, ראַפּאָרטירט דעם אָקאָלאָדאָטשנעם וועגן דעם איניען.

— איר דינט באַ דעם פּריסיאַזשני פּאָווערעני אַרקאַדי וועניאַמינאָ־וויטש גאָלסקי? — האָט דער אָקאָלאָדאָטשנער, אַפּאָנעם אויס רעספּעקט צו אַפּאַנאַסיס באַקענבאַרדן, געווענדט זיך צו אים אויף „איר".

— טאַק טאָטשנאָ! מיר דינען באַ זיי פּאַר אַן עלטסטן לאַקיי. פריִער האָבן מיר געדינט באַ דעם פּאָרזיצער פונעם קרײַז־געריכט, דייסטווי־טעלני סטאַטסקי סאָוועטניק, סערגיי ניקאָלײַעוויטש ניקיפּאָראָוו, און איצט — באַ זיי, באַ דעם פּריסיאַזשני פּאָווערעני גאָלסקי! אַ גוט אָרט, כאָטש זיי זײַנען ייִדן, ניטאָ וואָס זיך צו באַקלאָגן.

— און מער קיין לאַקייען האַלט איר ניט? — האָט דער אָקאָלאָ־דאָטשנער איבערגעשלאָגן אַפּאַנאַסין.

— וואָס הייסט, מיר האַלטן ניט? מיר האַלטן. פּיאַטאַטשאָק מישקאַ, ס׳הייסט, רופן מען אים מישקאַ דאַנילאָוו, נאָר מיר האָבן אים געגעבן אַ בײַנאָמען פּיאַטאַטשאָק, ווײַל...

— וואַרט נאָר, וואַרט נאָר, — האָט דער אָקאָלאָדאָטשנער ניט גע־לאָזט פאַרענדיקן מישקעס ביִאָגראַפיע. — ווו איז איצט דאַנילאָוו?

— טאַק שטאָ, איך האָב אים איבערגעלאָזן אין פּריכאָזשע. טאָמער קלינגט ווער, מע קאָן דאָך ניט לאָזן אַ שטוב אַליין...

— און ווי אַלט איז אָט דער מישקע?

— נאָך גאָר אַ מאַלאָקאָסאָס, אַ מאַלטשישקע. אַ יאָר פופצן, ניט מער. נאָך אַפילע קיין סימען ניט פון וואָנצן, און ער באַלעוועט זיך שוין מיט מיידלעך... ער׳ט ניט פײַנט אַרײַנגיסן אויך... דער באַרין...

— שטיי! איך פרעג דיך ניט, — פון אומגעדולד איז דער אָקאָלאָ־דאָטשנער אַריבער אויף „דו", — איך פרעג דיך ניט, צי מישקע האָט ליב

מיידלעך אָדער ניט. דו זאָג מיר: אַכוץ דיר זײַנען קיין אַנדערע לאַקייען, עלטערע פֿון מישקען, ניטאָ בא אײַך אין הויז?

— ניין, איך בין דער עלטסטער. סײַדן דער קוכער. איז ער דאָך א שוכאַניעץ...

— און ווי אַלט איז דער קוכער?

— דער טײַוול ווייסט אים! נאָך ניט זייער קיין אַלטער. א גלאַטער קאָפּ, ווי א קני. קיין איין גרויע האָר ניטאָ...

— און מער קיין לאַקייען, אַכוץ דיר און דאַנילקען, זאָגסטו, האָלט איר ניט?

— קאַק זשע, מיר האַלטן! א גאַרניטשנע, א געפּעס־וואַשערן, אָבער דאָס איז אַלץ פֿון ווײַבערשן מין... ניט ווערט דאָס עסן, וואָס זיי עסן...

— איך פֿרעג דיך וועגן לאַקייען, און דו פֿאַרהאַקסט מיר דעם קאָפּ מיט גאַרניטשנעס און סודאָמאַיקעס. רייד צו דער זאַך!

אפֿאַנאַסי האָט א קײַ געטאָן מיט דער געגאָלטער ליפּ.

— טאַק טשטאָ, פֿון מאַנצבלשן מין איז, אַכוץ מיר און מישקען, מער קיין דינערשאַפֿט ניט פֿאַראַן בא אונדז.

— יעפּרעמאָוו! פֿיר ארײַן דעם פֿאַרהאַלטענעם! — האָט הויך אָפּן קאָל באַפֿוילן דער אָקאָלאָדאָטשנער.

נאָך איידער דער אָקאָלאָדאָטשנער האָט באַוויזן אויסצוריידן א וואָרט, האָט אַפֿאַנאַסי פֿאַרווּנדערט אויסגערופֿן:

— בא־אַטיושקי! וואָס טוט איר דאָ, באַרין? אויך וועגן אונדזער פֿאַרהאַלטענעם לאַקיי? האָט מען מיך ניט פֿאַרהאַלטן... איך האָב שוין זייער בלאַהאַראָדיע געמאָלדן.

דער אָקאָלאָדאָטשנער, א געפּלעפּטער, האָט איבערגעפֿירט זײַן בליק פֿון אַפֿאַנאַסין אויף מיר און פֿון מיר אויף אַפֿאַנאַסין.

— דו קענסט אים? — האָט ער ענדלעך געפֿרעגט.

— ווי זשע ניט קענען? ס'איז דאָך אונדזער באַרין. אַרקאַדי וועניאַמינאָוויטשעס א געהילף — אַרבעט בא אונדז אין קאַנצעליאַריע... א נײַיִנקער...

— וואָס פאר א געהילף? ער זאָגט דאָך, אז ער דינט באם אדוואָקאט גאָלסקי פאר א לאקיי?

— טשטאָ ווי, וואשע בלאהאָראָדיָע?! ווי קאָן מען? זיי זײַנען געביל־דעטע... זיי שרײַבן פאפירן, זיי גייען אין סוד... א לאקיי! קאק מאָזשנאָ?..

— אפאנאסי, ארקאדי וועניאמינאָוויטש ווייסט שוין, אז איך בין דאָ? — האָב איך געפרעגט דעם לאקיי.

— ניקאק ניעט, באריִן, זיי ווייסן ניט. זיי מיט דער באריניע זײַנען אין טעאַטער. ווען מע האָט אָנגעקלונגען פון אוטשאסטאָק, אז מע האָט פארהאלטן אונדזער לאקיי, בין איך געקומען זאָגן, אז מע האָט מיך ניט פארהאלטן, דאָס הייסט, אז קיין לאקייען אונדזערע האָט מען ניט פאר־האלטן.

— ווי נאָר ארקאדי וועניאמינאָוויטש וועט זיך אומקערן פון טעאַ־טער, בעט אים, ער זאָל קומען אהער אָדער כאָטש אָנקלינגען דעם פריסטאוו פונעם סרעטענקער אוטשאסטאָק.

— סלושאיוס, דאוויד יעפימאָוויטש, די מינוט!

דער אָקאָלאָדאָטשנער איז אלץ מער און מער געפּלעפט געוואָרן.

— דער טײַוול ווייסט וואָס פאר א פלאָנטער! איינער זאָגט „א לאַ־קיי", דער צווייטער — „א געהילף פונעם פריסיאזשני פאָווערעני", גיי קלײַב זיך דאָ פאנאנדער! עפּעס איז דאָ ניט אין אָרדענונג.

— נו, — האָט ער זיך א קער געטאָן צו אפאנאסין, — דו קאָנסט גיין אהיים. און ווען דער באריִן וועט קומען פון טעאַטער, זאָג אים, אז איך האָב געבעטן מאטריָעך זײַן זיך אף איין מינוטעלע אהער, קעדיי קלאָר צו מאכן די פערזענלעכקײַט פון איינעם, וואָס גיט זיך אָן פאר זײַן לאקיי. יעפרעמאָוו! פיר אים אָפּ!..

— אין פּאָדערצימער?

— ניין, ער וועט עפּשער פארבלײַבן דאָ איבער נאכט. אין קאמער, ווי געוויינלעך...

27–2064

ווען יעפּרעמאָוו האָט הינטער מיר פאַרשלאָסן די טיר, האָבן די צוויי יונגע באָכערימלעך, קימאַט ייִנגלעך, וואָס האָבן זיך געפונען אין קאַמער, געוואָרפן אויף מיר אַ נײַגעריקן בליק און, אַרויסנעמענדיק פון אונטער די געזעסן קאָרטן, פאָרגעזעצט די שפּיל, וועלכע מײַן אַרײַנגאַנג אין קאַמער האָט, ווי עס שײַנט, אויף אַ ווײַלע איבערגעריסן.

וואָס שפּעטער אין אָוונט, אַלץ אָפּטער האָט די טיר מיט אַ סקריפּ זיך געעפנט און אַלץ מער נײַע פאַרשווינען זײַנען אַרײַנגעשטויסן געוואָרן אין קאַמער.

צערייצטע פון מידקײַט גאַראַדאָוואָיעס האָבן אַרײַנגעשלײַדערט טויט־שיקערע נעפאַשעס, וועלכע זיי האָבן אופגעהויבן אויף די גאַסן. די שיקורים זײַנען געבליבן ליגן אַזוי, ווי זיי זײַנען אַנידערגעפאַלן. אייניקע האָבן בייסמײַסע זיך אַפילע ניט אופגעכאַפּט פון שלאָף, אַנדערע האָבן געפּלאָנטערט מיט דער צונג, די דריטע האָבן אָפּגעגעבן צוריק אַלץ, וואָס זיי האָבן געגעסן און געטרונקען פאַרן גאַנצן טאָג. דער דיל אַרום זיי איז געווען פאַרפּאַסקודיעט, נאָר דאָס האָט זיי ניט געשטערט אײַנצושלאָפן מיט אַ שווערן, שיקערן שלאָף.

מע האָט געבראַכט קליינע קעשענע־גאַנאָווימלעך, פאַרדעכטיקע פאַרשוינען, וואָס מע האָט פאַרנומען אויף דער גאַס און אין פריילעכע הײַזלעך, אַלערליי באָסיאַקעס, פאַרשווינען אָן פּאַספּאָרטן.

דער גרעסטער טייל פון זיי האָט זיך דאָ געפילט, ווי בא זיך אין דער היים און רויִק געוואַרט אויפן מאָרגנדיקן טאָג, ווען מע וועט זיי פאַנאַנדערסאָרטירן: וועמער ס׳וועט בלײַבן דאָ אין אוטשאַסטאָק, וועמער ס׳וועט איבערגעשיקט ווערן אין אַנדערע אוטשאַסטאָקס, וועמען מע וועט אָפּשיקן אין „סיסקנאָיע" און וועמען אין אָסטראָג, וועמער ס׳וועט אָפּגעשיקט ווערן מיטן עטאַפּ אַהין, וווּ זיי זײַנען צוגעשריבן, און וועמער ס׳וועט אַרויס פרײַ. עס זײַנען דאָ פאַרגעקומען באַגעגענישן פון אַלטע באַקאַנטע, וועלכע האָבן פאַרפירט לעבהאַפטיקע שמועסן אויף זייער אייגענעם, ניט פאַרשטענדלעכן פאַר מיר „בלאַטנעם" זשאַרגאָן; אַנדערע האָבן געקלאַפּט אין וואַנט צו דערגיין, ווער עס זיצט אין דער דערבײַיִקער קאַמער.

לעכאטכילע האָט קיינער אױף מיר זיך ניט אומגעקוקט. נאָר װען מע האָט אופגעהערט צו ברענגען נײַע פּאַרשוינען און אַלץ אין קאַמער האָט זיך אײַנגעשטעלט אױפן אָרט, האָט דער אוילעם גלײַך דערקענט אין מיר א פרעמדן.

— װאָס איז דאָס פאַר א פױגל? — האָט א יונג מיט א װײַסן שראַם איבער דער גאַנצער ברייט פון רויטן פּאָנעם — א זייכער פון א מעסער־שניט, — צו קיינעם באַזונדער ניט װענדנדיק זיך, א פרעג געטאָן.

— א פרײַער אָדער א סטודענט.

— צוליב א מויד מינאַסטאַם ארײַנגעפּאַקט זיך אהער.

— אָדער געפּרוּװט זיך נאָכזען, צי האָט ער עפּעס פאַרגעסן אין א פרעמדער קעשענע.

— זעט ניט אויס, מיסטאַמע א פרײַער!

מע האָט גערעדט װעגן מיר, װי איך װאָלט דערבײַ ניט געװען.

דער רויטפּענעמדיקער פּאַרשוין מיטן װײַסן שראַם אױפן באַק איז צוגעגאַנגען צו מיר, פאַרוקט די הענט אין די הויזן־קעשענעס און א פרעג געטאָן:

— היי, אָטשקאַסטי, א סטודענט, צי װאָס?

— ניין, ניט קיין סטודענט.

— אָן א פּאַספּאָרט?

— ניין, א מיספאַרשטענדעניש, מע װעט מיך באַלד ארויסלאָזן.

— א־אַ!.. פאַר די זינד פון אונדזערע אָװעס. פאַרשטאַנען.

דאָס האָט ארויסגערופן א פרײלעכע הירזשערײַ.

א צװייטן פּאַרשוין מיט א געשװאָלענער נאָז און מיט פּאַרליאַמע־װעטע שמאָלע אויגן, װי צװיי שפּעלטעלעך אױף זײַן אופגעבלאָזן פּאָנעם, איז געפעלן געװאָרן מײַן רעקל.

— א גוטער פינזשאַק, — האָט ער, טאַפּנדיק די פּאָלע פון מײַן רעקל, אָפּגעשאַצט. — קום, לאָמיר זיך בײַטן, מײַנער איז מיר ענגלעך. דיר װעט ער זײַן אקוראַט צו דער מאָס.

ער האָט גלײַך גענומען אראָפּציִען פון זיך א פּאַרלאַטעטן אין די

עלנבויגנס פארשמאָלצענעם רעקל, בעדייע האָבנדיק, אפּאָנעם, דורכ־
צופירן דעם בײַט, צי איך וויל אָדער ניט.

נאָר אין דער מינוט איז אופגעשלאָסן געוואָרן די טיר און יעפרעמאָוו
האָט א רוף געטאָן:

— איר, גאָספּאָדין, וואָס באם אדוואָקאט, גייט ארויס!..

אין קאנצעליאריע איז געזעסן ארקאדי וועניאמינאָוויטש.

— אָט וווהין איר זײַט ארײַנגעפאלן! — האָט ער, ווי מיר האָט זיך
געדאכט, מיט געמאכטער האָפערדיקײַט, מיך באגעגנט. — נו, גוט,
קומט, מירן פאָרן אהיים. באם ארויסגאנג ווארט אף אונדז מײַן איז־
וואָזטשיק.

דער אָקאָלאָדאָטשני, צופרידן און גלײַכצײַטיק האכנאָעדיק, האָט זיך
אנטשולדיקט.

— וואָס זאָל מען טאָן, ארקאדי וועניאמינאָוויטש, אלץ פאסירט אף
דער וועלט. א מיספארשטענדעניש, א טאָעס. עס טרעפט. דער אידיאָט
יעפרעמאָוו... איך האָב גלײַך געזען, מיט וועמען איך האָב צו טאָן. איר
וועט אונדז שוין מוזן אנטשולדיקן... און איר אויך, יונגערמאן, עס
טרעפט...

— באָלוואנעס! — האָט גאָלסקי א זאָג געטאָן, ווי נאָר ער האָט פאר־
מאכט די טיר הינטער זיך.

איך האָב געשוויגן.

— נו, זעצט זיך אפן איזוואָזטשיק, איר וועט הײַנט בא אונדז
איבערנעכטיקן. ווהין וועט איר זיך שלעפן צוויי אזייגער באנאכט.

דעם גאנצן וועג אהיים האָט ארקאדי וועניאמינאָוויטש ניט אופגע־
הערט צו ריידן וועגן דער „פאָליציייִשער אָרדענונג“, וועגן דער טעמפּ־
קײַט, אומפייִקײַט און העפקיירעס פון דער פאָליציי. גערעדט מיט בײַ־
סיקער סאטירע און שיין, ווי אף איינעם פון זײַנע „פרײַטיקן“.

איך האָב זיך מיט קיין וואָרט ניט אָנגערופן.

— וואָס זיצט איר, ווי איר וואָלט אָנגענומען א פול מויל מיט וואַ־
סער? — האָט ער, ווארפנדיק אף מיר א זײַטיקן בליק, א פרעג געטאָן. —

ניט שוין זשע האָבן די עטלעכע שאָ אין אוטשאסטאָק געהאט אף אײַך אזא שטארקע ווירקונג?

אף דער דירעקטער פראגע האָב איך געמוזט ענטפערן.

— ניין, ארקאדי װעניאמינאָוויטש, ניט װעגן די פּאָר שאָ אין טפּיסע־קאמער קלער איך. דאָס איז א קלייניקייַט. איך קלער װעגן דעם, אז ס'איז פאר מיר צייַט צו פארלאָזן מאָסקווע.

— פארוואָס? ניט צופרידן מיט דער ארבעט צי מיט דעם פּאטראָן?

— ניין, מיט דער ארבעט בין איך זייער צופרידן און מיט מייַן שעף — נאָך מער. נאָר איך וויל ניט, איך קאָן מער קיין לאָקיי ניט פארבלייַבן.

— נארישקייַטן! דאָס איז דאָך ניט מער ווי א פּוסטע פאָרמאליטעט. א לאָקיי אפן פאפּיר. א קלייניקייַט, וואָס פאר אן אומקאָוועד. זאָלן זיי זיך שעמען, די, וועלכע שאפן אזעלכע בארבארישע געזעצן — ניט איר!

אָבער איך האָב געפילט, אז איך קאָן אפילע אפן פאפּיר קיין לאָקיי מער ניט בלייַבן.

— ניין, ארקאדי וועניאמינאָוויטש, איך קאָן מער ניט. צופיל דער־נידעריקונג.

— ווי איר פארשטייט, יונגערמאן, — האָט ער באמערקט און מער וועגן דעם ניט גערעדט.

מייַן שוועסטערקינד לעוויטין, ווען ער האָט דערהערט, וואָס איך גיי טאָן, איז אינגאנצן ארויס פון די קיילים.

— ניט אנדערש, ביסט פון זינען אראָפּ. וואָס הייסט, וועסט אוועקגיין פון גאָלסקין? און ווו וועסטו ווינען אין מאָסקווע? ווייַטער זייַן א שווייַצארישער אונטערטאנער, אָפּהענגיק פון יעדן שווייצאר, פון יעדן דוואָר־ניק? וואלגערן זיך אין מארינע ראָשטשע, אָדער באם שיקערן קירזשנער אין אלעקסייעווסקאָיע?

— ווו שטייט עס געשריבן, אז איך מוז דאפקע ווינען אין מאָסקווע? רוסלאַנד איז גרויס.

— גרויס איז זי גרויס, אָבער ניט פאַר דיר.

— ניטאָ וואָס צו ריידן. איך וועל מער קיין לאַקיי ניט בלייַבן.

— שויטע, — איז לעוויטין ארויס פון געדולד, — און אז א ייִד נעמט ארויס בא א ליוטעראַנישן פּאַסטאָר א טויף־צעטל, ווערט ער טאַקע א ליוטעראַנער? צי ווען א ייִדיש מיידל, ריין און אומשולדיק, ווי א טויב, נעמט ארויס א געלן בילעט פון א פּראָסטיטוטקע, קעדיי צו באַקומען פּראַוואָזשיטעלסטוואָ און זיך דערשלאָגן צו די העכערע פרויען־קורסן אין מאָסקווע אָדער אין פּעטערבורג, ווערט זי טאַקע דערמיט א גאַסן־מויד? דאָס זייַנען דאָך אַלץ ניט מער, ווי פאָרמאַליטעטן צוליב פּראַוואָ־זשיטעלסטוואָ אָדער צוליב בילדונג! ט'איר שוין געהערט אזוינס? פאַר־לאָזן מאָסקווע, אוועקוואַרפן אזא שטעלע, בא סאַמע גאָלסקין! וואָס איז, עס שטייט אים ניט אָן צו רופן זיך לאַקיי אפילע אפן פּאַפּיר! אינטעלי־גענטישע סענטימענטן!

די אַלע ארגומענטן האָבן ניט געהאָלפן.

דער נאָמען „לאַקיי“, — כאָטש בלויז אפן פּאַפּיר, — איז מיר לע־באַטכילע געווען שטאַרק דערווידער. יעדעס מאָל, ווען איך פלעג זיך אָנשטויסן אף גאָלסקיס לאַקיי — דעם עמעסן לאַקיי אפאַנאַסי, — א פאַר־שוין פון זייער אן אימפּאָזאַנטן אויסזען, מיט אן אויסגעגאָלטער אייבער־שטער ליפּ און מיט א פּאָר באַקנבאַרדן, ווי צוויי צוגעפּלעטשטע קאָט־לעטן אף ביידע באַקן, — פלעג איך זיך דערמאָנען, אז „איך בין אויך א לאַקיי“. איך האָב די גאַנצע צייַט געפּילט דעם „לאַקיי“, ווי אן ארעס־טאַנטסקע לאַטע אפן רוקן, און ניט איין מאָל פריִער האָב איך שוין גע־טראַכט וועגן אראָפּוואַרפן פון זיך די פּאַפּירענע ליווריי̆ע פון א לאַקיי.

קיין גרויסן טאַכלעס אין איבערשרייַבן פּאַפּירן, אונטערנייען „דיעלעס“ און ענלעכע קאַנצעליארישע איסאָקים האָב איך פאַר זיך אויך ניט געזען, און קיין צוקונפט געוויס ניט. נאָר דאָס וואַלגערן זיך אין שמוציקע ווינק־לען, דאָס אונטערערדישע לעבן פון א „שווייצאַרישן אונטערטאַנער“

האָט מיך אַזוי אויסגעמאַטערט, אַז איך האָב אַלץ ניט געקאָנט באַשליסן, וואָס דערנידעריקט מיך אַלס מענטש און אַלס ייִד מער: די לאַגע פון אַ „שווייצאַרישן אונטערטאַנער“, אָדער דער נאָמען פון אַ פּאַפּירענעם לאַקיי אין דינסט באַם זייער העפלעכן ליבעראַלן אַדוואָקאַט גאָלסקי.

די נאַכט אין אויטשאַסטאָק האָט אַנטשיידן די פראַגע: ניט דאָס ערשטע, ניט דאָס לעצטע. איך וויל מער ניט פאַרבלײַבן אין אונטערטאַנענשאַפט בא מיכייען און וויל ניט פאַרבלײַבן קיין לאַקיי — מעג זײַן אַ פּאַפּירענער באַם ליבעראַלן אַדוואָקאַט גאָלסקי.

קיין אַמעריקע!

דער געדאַנק וועגן אַמעריקע האָט שוין לאַנג געיוירט ערגעץ אין אַ צעלכל פון מײַנע געהירן. נאָך אין מײַן היימשטאָט האָב איך פון קליינוויַיז אָן געהערט ריידן וועגן אַמעריקע.

עס זײַנען געפאָרן קיין אַמעריקע באַלמעלאָכעס, וואָס זייער צאָל איז געווען מער, ווי שטאָט האָט געדאַרפט, עס זײַנען געפאָרן שווערע האָרעפּאַשניקעס — באַלעגאָלעס, טרעגער, טאָג־אַרבעטער, וואָס האָבן ניט געהאַט ווו אויסצוברענגען די קראַפט פון זייערע הענט; עס זײַנען געפאָרן נייטערקעס, זאָקנשטריקערנס, מאָדיסטקעס, יונגע און פאַרעלטערטע מיידלעך אָן נאַדאָן, וועלכע האָבן געטרוימט פון לעבן און ליבע, פון אַ באַשערטן; עס זײַנען געפאָרן — אין אַ קלענערער צאָל — „איידעלע ייִדן“, שטילע עווויוינים, קליינע מאַרק־הענדלער, באַנקראָטירטע און האַלב־באַנקראָטירטע סאָכרים, הײַזער־אייגנטימער, פאַרזונקענע אין כויוועס בא פראָצענטניקעס און וואָכערניקעס, טאַטעס, געבענטשטע מיט איבערגעוואַקסענע טעכטער. מע איז געלאָפן פון אַרבעטסלאָזיקײַט, פון רעכטלאָזיקײַט, פון פּאָגראָמען. מע האָט געהאָפט צו ראַטעווען זיך אין דער „גאָלדענער מעדינע“.

— ווער עס וויל נאָר אַרבעטן, וועט שוין אין אַמעריקע ניט פאַרפאַלן ווערן, — האָט מען געגלייבט.

— אין אמעריקע פאסט אלץ, — האָבן „אײדעלע מענטשן“ געזען די גרויסע מײַלע פון אמעריקע.

דאָ, אין דער אייגענער שטאָט, וועט אַן „אײדעלער מענטש“ ליבערשט הונגערן, איידער „דערנידעריקן זיך“ מיט א פראָסטער ארבעט. אָבער „אין אמעריקע פאסט אלץ“...

באלעבאטישע קינדער, וועלכע ס׳איז נימעס געוואָרן אומצוגיין פוסט־און־פאס, באָכערים, וואָס האָבן קיין כיישעק ניט געהאט צו גיין „דינען ניקאָלײַען“ אָדער וואָס האָבן ניט געוואָלט אף אייביק פארזינקען אין קרעמלעך, ווי זייערע טאטעס, האלבע אינטעליגענטן, וואָס האָבן זיך ארומגעטראָגן מיט אומדײַטלעכע געדאנקען וועגן פרײַהײַט, מיידלעך אָן נאדאן, וואָס האָבן מוירע געהאט צו פארזיצן, — אלע האָבן געזוכט איין אויסוועג — אמעריקע!

אמעריקע האָט געלייגט איר שטעמפל אף דער שטאָט — אף איר עקאָנאָמיק, אף איר פסיכיק, אפילע אף איר לעקסיק, אף איר ארט ריידן. מע האָט געלעבט אין דערווארטונג אף „לעטערס“, „מאָני־אָרדערס“ און „פיקטשערס“ פון אמעריקע.

ניט בריוו, געלט־אָנווײַזונגען און פאָטאָס, נאָר בעפיירעש, „לעטערס“, „מאני־אָרדערס“ און „פיקטשערס“, ווי ס׳האָבן געשריבן אין זייערע בריוו די מאנען, זין און טעכטער פון אמעריקע.

שאפ און פעקטאָרי, ביזי און סלעק, סטרייק און לאָקאוט, באָס און פאָרמאן[1] זײַנען אין די שטעטלעך פון טכום געווען גוט באקאנטע ווער־טער.

אין די שוויץ־שאפס פון ניו־יאָרק און פילאדעלפיע, אין די שאכטעס פון פענסילוואניע, אף די זאוואָדן פון דעטראָיט, אין די שטאָל־גיסערײַען פון פיטסבורג, אף די פערמעס פון וויסקאָנסין, אף די פלאנטאציעס פון קאליפאָרניע האָבן שווער און ביטער געהאָרעוועט צענדליקער טויזנטער

[1] וואַרשטאַט און פאבריק, פארנומענקײַט און ארבעטסלאָזיקײַט, שטרײַק און לאָקאוט, באלעבאָס און מײַסטער.

יידן, ווייסרוסן, אוקראינער און פּאָליאַקן, וועלכע האָבן ניט געפונען פאַר זיך קיין אָרט אונטער דער זון פונעם צאַרישן הימלאַנד.

נאָך פריער, ווען איך בין געווען אין מיין היימשטאָט, האָט מיין עלטערער ברודער, אָט דער, וואָס איז אוועקגעפאָרן קיין אמעריקע, ווייל ער האָט „פיינט געהאַט דעם קייסער", געהאַלטן אין איין שרייבן, איך זאָל זיך אַרויסשלאָגן פון קאָפּ די דיפּלאָמען מיט די אַטעסטאַטן און קומען קיין אמעריקע.

„צו באָרשטש מיט קאַשע אין ניקאָלייס קאַזאַרמע אָדער צו טפיסע, אויב דיר וועט זיך פאַרגלוסטן זאָגן א וואָרט וועגן פרייהייט, — דאָס איז אלץ, צו וואָס דו קאָנסט זיך דערשלאָגן אין צאַרישן רוסלאַנד, — האָט ער געשריבן. — די „גאָלדענע מדינה" איז אויך ניט קיין גאַניידן, ווי אייניקע שטעלן זיך עס פאָר בא אונדז אין דער היים: מע דאַרף שווער און ביטער אַרבעטן אַף צו מאַכן א לעבן. נאָר דאָ, ווייניקסטנס, דאַרפסטו ניט מוירע האָבן פאַר פּאָגראָמען און קיינער וועט דיך אין אָסטראָג ניט אַריינזעצן, אויב דו וועסט זאָגן, אַז דו האָסט דעם פּרעזידענט אין אַרבל"...

באַם טאַטן האָבן הענט און פיס געציטערט פון די בריוו.

— דער יונג וועט אונדז אַלעמען אַפּן פייער ברענגען מיט זיינע בריוולעך. ער'ט זיך צעשריבן האָט ער זיך! זיצט אין אמעריקע און באַווייזט דעם קייסער א פייג אין קעשענע, דער פלאָקנשיסער...

דאָס, וואָס מע האָט דאָרטן „דעם פּרעזידענט גופא אין אַרבל", איז מיר דאַפקע געפעלן, נאָר פאָרן קיין אמעריקע האָב איך פריער קיין גרויסן כיישעק ניט געהאַט. איך האָב געהערט, אַז גרעטכען, אָט די, וואָס האָט די ערשטע געפאַנגען און צעבראָכן מיין יונג האַרץ, האָט דאָרטן כאַסענע געהאַט פאַר איר שוועסטערקינד דזשעק ווינסטאָן מיט זיין „פוירניטשער סטאָר". טאָ וואָס זשע האָב איך צו טאָן אין אמעריקע? אָבער איצט, ווען די ווונד, וואָס גרעטכען האָט געמאַכט אין מיין האַרץ, האָט צייטנווייז בלויז א ביסל געשמאַרצט, — א סימען, אַז זי ווערט

פארהיילט, — און ווען אלץ, צו וואָס איך האָב דאָ, אין דער גרעסטער און רײַכסטער שטאָט פון דער רוסישער אימפעריע, דערגרייכט, איז געווען דער נאָמען „לאקיי“, — איצט האָב איך קיין אנדער אויסוועג ווי אמעריקע פאר זיך ניט געזען.

אָבער וויאזוי קומט מען קיין אמעריקע? איך אליין האָב קיין געלט ניט געהאט, און דער ברודער האָט מיר אף רײַזע־קאָסטן ניט געקאָנט שיקן. „איך וועל זיך אָנטאָן א קויעך און וועל דיר שיקן געלט גענוג אף צו דערפאָרן ביז לאָנדאָן. אין לאָנדאָן וועסטו א שטיקל צײַט ארבעטן, ביז דו וועסט אָפּשפּאָרן אף רײַזע־קאָסטן קיין אמעריקע“, — האָט ער געשריבן.

און אזוי איז עס געבליבן.

איך בין צוריק געפאָרן קיין לאָדז. דאָרטן אין הובערגריצס „מלע־טשארניע“, ווו מע האָט פאר צוואנציק גראָשן געקאָנט זאט אָנעסן זיך מיט ברויט און פוטער און מיט האָבערנעם קרופּניק, האָב איך זיך באַ־קאַנט מיט א „ראיעלן מענטשן“, וואָס האָט „פאר איין פּופּציקער“ זיך אונטערגענומען צושטעלן אײַך „קיין „ענגעלאנד“ מיט האק און פּאק, פריש און געזונט“.

צוזאמען מיט מיר האָט דאָס „ראיעל מענטשל“ געפירט צו דער גרע־נעץ א גאנצן טראנספּאָרט „טרייפע פארשוינען“: באָכערים, ערעוו־פּרײַ־זיוניקעס, אנטלאָפענע סאָלדאטן, יידן, פּאָליאקן, ווײַסרוסן, ווײַבער און קינדער, וואָס זײַנען געפאָרן צו זייערע מאנען און טאטעס אף יענער זײַט יאם — אלע אָן אויסלענדישע פּעסער און אָן באן־בילעטן.

— לעמײַ זאָל יאך צולן פאר בילעטן, אז יאך קאָן עס מאכן פאר האלב געלט מיטן קאָנדוקטאָר? — האָט דאָס „ראיעל מענטשל“ דער־קלערט.

אין א מילדער ווינטערדיקער נאכט האָבן מיר „געגאנוועט די גרע־נעץ“.

— אוי, גאָטעניו, ברענג אונדז אריבער בעשאָלעם! — האָבן ווײַבער בישטיקע גערופן גאָט צו הילף דעם גרענעץ־שווארצלער.

אָבער דאָס „ראיעל מענטשל“ האָט זיך ניט געניייטיקט אין גאָט פאר א שוטעף צו זײַנע טרייפע געשעפטן.

— האָט קא מוירע נישט. גייט שמיאלע, — האָט ער אונדז בארויִקט, — ס׳איז אלץ באוורנט. פינעם נאטשעלניק ביזן זאלניאזש בא דער גרענעץ. גייט, זוג יאך ענק, שמיאלע, ווי צו זעך אין בוד אראן.

די ווײַבער אָבער האָבן, אפּאָנעם, גערעכנט, אז מ י ט גאָט וועט דער אייסעק אדורך זיכערער, און האָבן ניט אופגעהערט צו רופן אים שטי־לינקערהייט צו הילף.

— שאט, וואבער, לוז זאן געניג צו גראגערן, — האָט דאָס „ראיעל מענטשל“ קעסיידער זיך געבייזערט.

און נאָך איידער די ווײַבער האָבן פארענדיקט זייערע שטילע טפי־לעס צו גאָט, האָט דאָס „ראיעל מענטשל“ אונדז אָנגעזאָגט:

— מאזלטאָוו, יִדן! אינדז זאנען מיר שוין אף דער אנדערער זאט גרעניץ, איצט קאָנט עטך גראגערן וויפל ענקער הארץ גליסט...

אין יענער נאכט בין איך אריבער צוויי גרענעצן — די גרענעץ פון מײַן היימלאנד און די גרענעץ פון מײַן יוגנט...

1912—1960

# אָן א באָדן



רײַ קלעפּ מיטן טיר־העמערל — צוויי האסטיקע, איינער נאָכן אנדערן, און א דריטער, אן אָפּגעטײלטער באזונדער, האָבן ניט אָפּגעריסן מאלקען פון איר ארבעט. זי האָט בלויז א קער געטאָן דעם קאָפּ צו די קינדער, וואָס האָבן זיך געשפּילט אפן דיל אין ווינקל פון צימער, און, ווײַטער וואשנדיק דאָס וועש, א זאָג געטאָן:

— אייבי אָדער סעמי דאָרטן, גייט עפנט די טיר. דער פּאָסטמאן האָט געבראכט א לעטער. איר ווייסט דען ניט, אז אזוי קלאפּט בלויז דער פּאָסטמאן?

זי האָט זיך צוריק איבערגעבויגן איבער דער באַליע וועש, די אויגן אין דערוואַרטונג, געווענדט צו דער טיר.

ס׳האָט ניט געדויערט קיין רגע, ווי אייבי איז, א פאַרסאָפּעטער, צו־ריק אַרײַנגעלאָפן מיט אַן אויסגעשריי:

— מאַ, ס׳איז ניט דער פּאָסטמאַן! צוויי פרעמדע אָנקלס זײַנען גאָר געקומען!..

גלײַך נאָך אייבין זײַנען אין צימער אַרײַן פּאַרויס א קורצגע־וויקסיקער, געזעצטער פּאַרשוין מיט א קײַלעכדיק, פּולבלוטיק, געגאָלט פּאָנעם, אַרומגענומען מיט א שמאָל רעמעלע גרויע האָר פון די אויערן ביז אונטער דער גלאַטער אָפּגעגאָלטער געמבע, וואָס האָט אים ענלעך געמאַכט אױף א שאָטלענדישן פערמער אָדער אױף אַן אַלטן פישער, ווי זיי זײַנען געמאָלט אױף בילדער פון פאַרצײַטיקע האָלענדישע מאָלער.

נאָכן יאָדעדיקן פּאַרשוין האָט זיך אַרײַנגעשטעלט א הויכער, ביי־ניקער, באַבערדלטער ייִד אין א לאַנגער כאַלאַדײַקע, אין שטיוול מיט ווייכע כאָליעוועס און אין א געווענטענעם קאַרטוז מיט א ברייטער דענקע.

ניט שווער געווען צו דערקענען אין אים א „גרינעם‟, נאָרוואָס געקו־מען פון ערגעץ א ליטוויש שטעטל.

דערזען צוויי פרעמדע מאַנצבלען, האָט מאַלקע גיך א שאַר אוועק געטאָן די האָר פון איבער די אויגן, א וויש געטאָן מיטן פאַרטעך די מילכי־נעס פון די נאַקעטע, צעפּריעטע הענט און, מער פון געוווינהײַט, ווי פון נויטווענדיקײַט, א געשריי געטאָן: „שטילער, קינדער!‟, כאָטש די קינ־דער זײַנען געשטאַנען שטיל און מיט אָפענע מײַלער געקוקט אױף די צוויי פרעמדע פּעטערס. זי האָט זיך א וואָרף געטאָן צום גאַז־רערל, פאַרגרע־סערט דאָס פלעמל און, אײַנקוקנדיק זיך אין דעם פרעמדן, א פּאַטש גע־טאָן מיט די פײַכטע הענט:

— אוי, לאָז איך אזוי געזונט זײַן, ס׳איז דאָך דער פעטער כאַיִם!.. דער פעטער כאַיִם איז געקומען!

— נו, אָט האָב איך אײַך געבראַכט צו אײַערע קרובֿים, — האָט דער

פאַרשווין מיט דער געגאָלטער ליפּ א זאָג געטאָן. — איך בין פון „דזשויִש שעלטער"[1], — האָט ער דערקלערט מאַלקען. — נו, איצט קאָן איך גיין פאַנאַנדערפירן די איבעריקע גרינע צו זייערע לאַנדסלייַט. גוד ביי, מיסיס.

— איז וואָס זשע מאַכט איר, פּעטער? וואָס מאַכט די מומע רייקליע, די קינדערלעך, זאָלן געזונט זייַן, וואָס מאַכן? — האָט מאַלקע, ניט וואַרטנדיק אַף אַן ענטפער, געשאָטן איין פראַגע נאָך דער אַנדערער. — באַרנעט האָט געוואָלט גיין באַגעגענען אייַך אַף וויקטאָריע סטיישן, אָפּן וואָקזאַל מיין איך, נאָר מע קאָן דען אַוועקגיין אין אַרבעטס־צייַט? אָבער איבערשטונדן וועט ער שוין הייַנט ניט אַרבעטן, זיי מעגן אַפילע א מיסע־מעשונע אייַנעמען, די סוועטערס[2], ער דאַרף שוין טאַקע באַלד קומען פון דער אַרבעט, — האָט זי, וואַרפנדיק א בליק אָפּן וואַנטזייגער, ניט אויפגעהערט צו שיטן מיט רייד. — נאָר וואָס האָב איך זיך צערעדט וואָס, — האָט זי זיך א כאַפּ געטאָן, — איר מוזט דאָך אַוואַדע זייַן הונגעריק, ווײַ צו מייַנע יאָר! מיד פון וועג? עפּשער טיי טרינקען? עפּעס עסן?.. ניין? נו, טאָ וואַשט זיך כאָטש אַרום פון וועג...

אין שטיבל האָט געשמעקט מיט נאַסן וועש, מיט לאַנג ניט־געלופּטערטן קינדערשן בעטגעוואַנט, מיט פאַרעלטערטע מייַז־נעסטן, נאָר כאַיִם האָט זיך דערפילט, ווי ער וואָלט זיך אַרייַנגעזעצט אין א וואַרעמער וואַנע.

עטלעכע שאָ נאָכאַנאַנד האָט דער אָנגעשטעלטער פון „דזשויִש שעלטער" פאַנאַנדערגעפירט א גרויסע גרופּע אימיגראַנטן צו זייערע קרויווים אָדער לאַנדסלייַט. געבראַכט אייגעם צו זייַנע פרייַנט, איז דער באַגלייטער מיט אים אַרייַן אין שטוב, איבערלאָזנדיק די איבעריקע אין דרויסן, און נאָך דעם, ווי ער האָט איבערגעגעבן דעם גרינעם פון האַנט

---

[1] דזשויִש שעלטער — אַן אינסטיטוציע אַף אויפנעמען ייִדישע אימיגראַנטן.

[2] סוועטערס — שוויס־יאָגערס, עקספּלואַטאַטאָרס (ענגל.).

צו האַנט, איז ער צוריק אַרויס און געגאַנגען מיט זײַנע פֿאַרשווינען ווײַטער.

שאָ נאָך שאָ האָט זיך כאַים געשלעפּט איבער גאַסן און געסלעך פֿון דער איסט־ענד[1]. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער גייט שוין, ער ווייסט אַליין ניט ווי לאַנג. ער וואָלט ניט געקאָנט זאָגן, צי ס׳איז איצט טאָג אָדער נאַכט: אַ מוטנער, געדיכטער געל־שוואַרצער נעפּל — אַ „פאָג״, האָט דער באַגלייטער געזאָגט, איז עס — האָט אָנגעפּילט די לופט מיט אַ געדיכטער, פײַכטער כאַשכעס. די גאַסן־לאָמפּן האָבן געברענט ווי באַנאַכט, נאָר זייער שײַן איז צעשוווּמען געוואָרן אין גרויען נעפּל. צוויי טריט פֿון זיך האָט מען שוין קיין זאַך ניט געזען. עס האָבן זיך בלויז געהערט אַ קעסיידערדיקע פֿאַרדומפּטע קלינגערײַ פֿון טראַמווײַען, וואָס האָבן פֿאָרזיכטיק זיך געגליטשט איבער די רעלסן, דאָס טופּען פֿון פֿערדישע פּיס, די סיגנאַלן פֿון אויטאָמאָבילן. אַף די גאַסן־ווינקלען האָבן געפֿלאַקערט גאַז־שײַטערס, אַרום וועלכע דאַכלאָזע מענטשן האָבן געוואַרעמט זייערע פֿאַרגליווערטע גלידער...

וואָס לענגער כאַים איז געגאַנגען, אַלץ מידער איז ער געוואָרן. די אומרויִקײַט פֿאַר דעם, וואָס אים דערוואַרט אין דעם פֿרעמדן, אומבאַקאַנטן לאַנד, די נערוועזקײַט, וואָס ער האָט געפֿילט די גאַנצע צײַט פֿון זײַן נעסיִע אַהער, זײַנען אָפּגעטראָטן פֿאַר דער אומדײַטלעכער שרעק פֿון דער געגנוואַרטיקער מינוט, — פֿאַר אָט דעם מאָדנעם כוישעך, פֿאַר אָט דער פֿרעמדער וועלט, וווּ באַטאָג איז פֿינצטער, ווי באַנאַכט, וווּ אַלץ איז אַנדערש, ווי אין דער היים. ביסלעכווײַז איז אַפֿילע די מוירע פֿאַרשווונדן. אין קאָפּ בּאַ אים איז געוואָרן נעפּלדיק, ווי אין דרויסן. איין געדאַנק בלויז איז פֿאַרבליבן אין מויעך: ניט אָפּשטיין אין דער פֿינצטער פֿון דער קאָמפּאַניע מיט דעם באַגלייטער. אײנער אַליין קאָן מען דאָ פֿאַרפֿאַלן ווערן אין דעם פֿינצטערן טהאָם... ער האָט געפֿילט אַ גרויסע פֿיזישע מידקײַט, ווי נאָך אַ לאַנגער שווערער אַרבעט, און אַ שטאַרקן

---

[1] איסט־ענד — אַ ראַיאָן אין לאָנדאָן.

28–2064

באגער וואָס גיכער קומען אף אן אָרט און א וואָרף טאָן זיך אָפּרוען... קלערן וועט ער שפּעטער, נאָך דעם, ווי ער וועט א ביסל צו־זיך קומען...

נאָך דעם כוישעך און דורכדרינגענדיקער פּייַכטקייַט פון דרויסן האָט די שטוביקע וואַרעמקייַט און מאלקעס קרויוויש־פרייַנטלעך קאבאָלאָס־פּאָנעם אן אָטעם געטאָן אף אים מיט היימישער געמיטלעכקייַט.

— אָ, די ביינער גייען דאָך אָפּ! א מעכייַע!..

אינגיכן איז געקומען פון דער ארבעט בארנעט, דער נעמלעכער בערל פון דער אלטער היים. ער האָט זיך ווארעם צעקושט מיט כאַימען, אנטשולדיקט זיך, פארוואָס ער האָט אים ניט באגעגנט אפן וואָקזאל, — זיי וועלן דיך דען אָפּלאָזן כאָטש אף איין מינוט אין דער ארבעטס־צייַט, די גאָט־פארדאמטע סוועטערס?!..

שפּעטער, אין אָוונט, זייַנען זיך צונויפגעקומען לאנדסלייַט אָפּנעמען גרוסן פון דער אלטער היים. פאר איינעקע האָט כאַים געבראכט מאטאָנעס פון זייערע פאמיליעס: וועמען עטלעכע פּאָר וואָלענע היימיש־געשטריקטע סקארפּעטקעס, וואָס „דאָרטן וועט איר עס פאר קיין שום געלט ניט קריגן", פאר וועמען — היימיש געטריקנטע גאָמלקעס, וואָס „צעגייען מאמעש אין מויל", א דריטן — א פאמיליען־פאָטאָגראפיע פון דעם ווייַב און קינדער מיט דער אלטער מאמע אינמיטן.

פון באקוועמלעכקייַט וועגן האָבן די געסט אראָפּגעוואָרפן פון זיך די רעקלעך און געבליבן אין ווייכע, פלאנעלענע העמדער. דאָס שטיבל איז פול געוואָרן מיט רויך פון פּאפּיראָסן און ליולקעלעך. אפן טיש האָט זיך באוויזן א קענדל ביר, און עס האָט זיך אָנגעהויבן א לאנגער, הארציקער שמועס, וואָס מאכט מענטשן פילן זיך גוטווילדיק, פרייַנטלעך, דערנעענטערט איינעם צום צווייטן, — א שמועס וועגן דער אלטער היים... מע האָט זיך נאָכגעפרעגט אף אייגענע און פרעמדע, וועגן די ענדערונגען, וואָס זייַנען פאָרגעקומען אין שטעטל, זינט זיי זייַנען אוועק פון דאָרטן. דערמאָנט זיך קאָמישע פאסירונגען פון דער היים. קלוימערשט געלאכט פון קליינשטעטלדיקע זיטן און מינהאָגים, נאָר אפילע אין דעם שפּאָט פון די „וועלט־מענטשן" איבער דער היימישער קליינשטעטלדיקייַט, איבער

דער היימישער אָפּגעשטאַנענקייט האָט זיך געפֿילט א גרויסע וואַרעמ־קייט צו דער אַלטער היים, א ניט־ארויסגערעדטע בענקשאַפט נאָך היימישער ערד, נאָך דער היימישער לופט.

כאַימען איז מאָדנע גוט געוואָרן אַפן הארצן. ער האָט געפֿילט, אַז ער איז איצט די סיבע פֿון אָט דעם וואַרעמען צוזאַמענטרעף, פֿון אָט דעם גאַנצן יאָמטעוו אין מיטן וואָך.

— איי, די היים, די היים! וואָס קאָן זיין ליבער, ווי די אייגענע היים! — האָט כאַימ אָפּגעזיפֿצט.

און ווי ער וואָלט זיך פֿאַרענטפֿערט, פֿאַרוואָס ער האָט פֿאַרלאָזן אָט די אַלעמען אַזוי טייערע אַלטע היים, האָט ער גענומען דערציילן, וואָס ס׳האָט אים געבראַכט אהער, קיין ענגלאַנד.

ער וואָלט זיך אוועקגעלאָזט אין פֿרעמדע לענדער וואָלט ער זיך? קיינמאָל אין לעבן ניט! זיין קלאָל איז שטענדיק געווען: ווער עס גיט לעבן, דער וועט געבן צום לעבן, ניט אזוי?... ביפראַט, אַז ער האָט זיך געהאַט זיין אייגן שטיבל — א כורווע, אָבער פֿאָרט אַן אייגנס. קיין דירעגעלט דאַרף מען ניט צאָלן... א שטיקל גערטל דערביי איז פֿאַראַן? וואָס נאָך דאַרף מען?..

— וואָס האָט מיר געפֿעלט? אַז איך האָב ניט געזוכט קיין גליקן. קיין ברויט און קרופּניק האָט, כאַלילע, ניט געפֿעלט, און צו גוט איז קיין שיר ניטאָ... האָט זי אָבער, ריקלע מיינע, זיך אָנגעזעצט אַף מיר: פֿאָר און פֿאָר! אָט איז דער אוועקגעפֿאָרן, אָט איז יענער געפֿאָרן, לייט ווערן דאָרטן גליקלעך...

— גליקלעך! — האָט מאַלקע אַריינגעשטעלט א וואָרט, — די היגע גליקן, מישטיינסגעזאָגט! מע דאַנקט גאָט, אַז ס׳איז פֿאַראַן דאָס שטיקל ברויט.

— און אַז יאָ גליקן, דאַרף מען זיי פֿאָרן זוכן קיין לאָנדאָן? — האָט כאַימ צעפּירט מיט די הענט, — אַז דער אייבערשטער וויל העלפֿן, דאַרף ער קיין לאָנדאָנס מיט קיין אַמעריקעס דערצו ניט האָבן...

— שפּײַזט דעם וואָרעם אונטערן שטיין... — האָט מאַלקע פּרום אָפּגעזיפצט.

— אָט דאָס פלעג איך דאָך אײַנטײַנען מיט איר. זאָגט זי: זי ווייסט אויך, אז גאָט איז א טאטע, נאָר אף ניסים, זאָגט זי, טאָר מען זיך, פונדעסטוועגן, ניט פארלאָזן. „אף גאָט האָף, נאָר אליין ניט שלאָף“... ט'איר געהערט? ניסים גאָר! ווער רעדט פון ניסים? ס'איז דאָך גאָר פּאָשעט: אז מע פארלאָזט זיך אינגאנצן אף אים, מוז ער דאָך העלפן... ניט אזוי?

דער אוילעם רייכערט געמיטלעך, מיט האנאָע, צושאָקלענדיק מיט די קעפּ אין האסקאָמע צו כאַימס רייד. אלע פילן זיך אזוי גוט, היימיש, ווארעם, אז מע איז גרייט מאסקים צו זײַן צו אלץ, וואָס איינער וועט זאָגן.

כאַימס זופּט אָפּ סטאטעטשנע א ביסל פונעם ביר, ווישט אָפּ דעם שוים פון די וואָנצן און רעדט מעיושעוודיק ווײַטער:

— איך טײַנע מיט איר אײַן טײַנע איך: אָט נעם זיך, זאָג איך, אראָפּ א מוסער פון די טײַבעלעך, זע, אף טשיקאוועס, זאָג איך, וויפל זייערע קלײַבן זיך צונויף יעדן פרימאָרגן פאר אונדזער שטיבל. וואָסי? זיי האָפן, אז כאַים וועט זיי א שיט ארויס געבן א הײַפל הירזש, צי עטלעכע ברויט-ברעקלעך, אָדער ריקליע וועט זיי ארויסווארפן א פּאָר לעפל פּארטריקנטע קאשע, וואָס זי האָט אויסגעשקראבעט פון די טעפלעך. די טײַבעלעך האָבן ניט מוירע צו פארלאָזן זיך אף דעם מענטשנס גאָב, און דו האָסט מוירע צו פארלאָזן זיך, אז גאָט וועט אונדז שפּײַזן?.. ניט שוין זשע, זאָג איך, וועט גאָט אין הימל ניט טאָן פאר דעם מענטשן, וואָס איך טו פאר זײַנען טײַבעלעך, א ברעקל ברויט צוווארפן אונדז?..

די מאנצבלען שמייכלען און ווינקען זיך איבער: וואָס זאָגסטו, הייסט עס, צו כאַימען? א גאנצער פילאָזאָף געוואָרן...

— וואָלט איך זי טאקע ניט געהערט: א ייִדענע רעדט, זאָל זי ריידן. איז אָבער געוואָרן ביטער, וואָס ביטער הייסט: שטעטל איז זיך צעפאָרן! ווער קיין אמעריקע, ווער אהער, קיין ענגלאנד. איז געוואָרן אויס! נעבײַ

לאָזט איר זאָגן א קערבל א וואָך פּאַרנאָסע! אז יעדערער שטייט אפן וועג, וועט עמעצער גיין באשטעלן זיך מעבל אָדער אפילע פאריכטן עפּעס? האָט זי, ריקליע מײַנע הייסט עס, גאָר אפּסנײַ זיך גענומען צו מיר: „פאָר און פאָר. מירן דאָך, כאַלילע, פון הונגער אויסגיין. זע, וואָס פארא פּענעמער די קינדער האָבן שוין”... האָב איך זיך מעיאשעוו געווען: עפּשער איז זי טאקע גערעכט? ווי לאנג קאָן מען זיצן אָן ארבעט? מע קאָן דאָך אזוי, כאַלילע, דערגיין צו בעטל־ברויט... און טאקע די קינדער. א קלייניקײַט — קינדער?! דער אייבערשטער וועט טאקע ניט פארלאָזן, אָבער ע־ע... כ׳מיין, ביז ס׳וועט קומען די יעשועו... האָב איך פארזעצט בא איטשע דעם וואָכערניק מײַן שטיבל — הונדערט קארבן האָט ער מיר אף דעם געגעבן, — און אָט בין איך!.. וואָס וועט דאָ איצט מיט מיר זײַן — ווייסט איין גאָט אין הימל...

כאַים איז מיטאמאָל אויסגעלאָשן געוואָרן. זײַן גאַנץ געשטאַלט האָט אויסגעדריקט אומזיכערקײַט, אומבאהאָלפנקײַט, פארלאָרנקײַט.

— לעוועמײַ[1], כאַים, וועסט דאָ ניט פארפאַלן ווערן. וועסט מאכן א לעבן ניט ערגער פון אנדערע, — האָט בארנעט אים געמוטיקט.

— א קאַליקע איז ער, וואָס?

— א מעבלמאכער פון דער היים.

— און נאָך וואָס פאר א מײַסטער! איר געדענקט דעם אָרנקוידעש, וואָס ער האָט אָפּגעצאַצקעט פאר דעם גרויסן בעסמעדרעש? די זײַלכ־לעך, די לייבן, וואָס ער האָט אויסגעשניצט? גאַנץ שטאָט איז דאָך גע־גאַנגען קוקן אף דעם.

— גאָלדענע הענט! פאראַן וואָס צו ריידן, — האָט מען פון אַלע זײַטן געריימט זײַן בעריעשאפט אין דעם מעבל־פאָך.

— לעוועמײַ, ער׳ט קיין כאראָטע ניט האָבן.

[1] לעווערמײַ — פארקריפּלט די ענגלישע ווערטער never mind. דאָ: ניט געזאָרגט.

— א קלייניקייט וואָס ער'ט דאָרטן איבערגעלאָזן! ניקאָלייס ראַ־סייע!.. פאַראַן וואָס צו זשאַלעווען!

— ניקאָלײַ איז זיך ניקאָלײַ, און ראַסייע בלײַבט ראַסייע, — האָט באַרנעט ניט מאַסקים געווען, — פאַרט דאָרטן געבאָרן און אויסגעהאָדע־וועט געוואָרן. וועסט עס פון האַרצן ניט אַרויסרײַסן.

— א שיינעם פּאָנעם האָסטו געהאַט אין דײַן ראַסייע! — האָט איינער פון די לאַנדסלײַט מיט ביטערניש זיך אָפּגערופן. — אָט האָב איך אָפּ־געדינט פינף יאָר ניקאָלקען און דערנאָך געמוזט פאָרן אין א פרעמד לאַנד זוכן א שטיקל ברויט: אין דער גאַנצער גרויסער ראַסייע האָט זיך פאַר מענדל רײַצעסן קיין אָרט ניט געפונען. צונויפגעשפּאַרט דרײַ מי־ליאָן ייִדן אין דער טשערטאַ אָסעדלאָסטי און ווער דאָרטן דערוואָרגן...

— און די פּאָגראָמען איז דיר גאָרנישט? — האָט נאָך איינער צוגע־לייגט.

— ניקאָלײַ איז ניט אייביק, — האָט באַרנעט געפּרוווט פאַרטיידיקן זײַן ראַסייע. — מ'וועט נאָך אַמאָל אַראָפּוואַרפן ניקאָלײַען וועט קיין בעסער לאַנד, ווי ראַסייע, אויף דער וועלט ניט זײַן, געדענקט מײַן וואָרט...

— אָנגעהערט זיך די סאָציאַליסטן אויף די מיטינגען האָט ער זיך, — האָט מענדל רײַצעס גאַליק אָפּגעענטפערט, — ביז ס'וועט קומען די נע־כאָמע, וועט אונדז אַרויס די נעשאָמע...

— וואָס'ט איר זיך אַרײַנגעלאָזט אין פּאָליטיקע וואָס? — האָט מאַל־קע זיך אַרײַנגעמישט. — איר קלערט בעסער, וויאַזוי וואָס גיכער גע־פינען פאַר דעם פעטער כאַיִם א דזשאָב.

— לעווערמײַ, כאַיִם! — האָט באַרנעט ברייט א זאָג געטאָן. — הערסטו, כאַיִם, זאָל דיר, זאָג איך, דער קאָפּ ניט דאַרן. דערווײַל ביסטו באַ מיר, און ווײַטער וועט מען זען, מע וועט שוין קריגן פאַר דיר אַר־בעט. וועסט זײַן אָלרײַט אין דער מעדינע, כאַיִם, ניט ערגער פון לײַטן...

אָפּגעזאָגט, און קוקט אויף אַלעמען אַרום זיך: אָט דאָס, הייסט עס, זאָג איך, באַרנעט...

— אָף, קאָרס, געוויס, געוויס וועט ער זײַן אָלרײַט. איצט איז אפילע

מיט ארבעט שווערלעך, נאָר עפּעס וועט זיך שוין געפינען. ער וועט לײדיק ניט ארומגיין, — האָט מען אים פון אלע זײַטן אונטערגעמוטיקט, כאַימען.

כאַים האָט קוים פארשטאנען דאָס מאָדנע לאָשן, וואָס מע רעדט דאָ. נאָר געזען האָט ער, אז אָט די אלע זײַנען באקאנטע פון דער היים, כאָטש זיי ריידן א נײַעם מין יידיש און רופן זיך דאָ מיט נײַע נעמען, זײַנען די זעלביקע גוטע פרײַנט זײַנע, גרייט צו טאָן פאר אים, וואָס נאָר זיי קאָנען.

ס׳איז אים מאָדנע ווארעם געוואָרן באם הארצן. ער האָט אָנגעהויבן קלערן, אז, נאָך אלעמען, איז עס עפּשער ניט קרום, וואָס ער האָט גע־פאָלגט ריקליען. אָט זעט ער דאָך: אלע זײַנען זיי אָנגעטאָן ווי מענטשן, זעען אויס שענער, ווי זיי האָבן אויסגעזען אין דער היים... און דער זעלביקער גאָט איז דאָך אומעטום. אז ער וועט וועלן העלפן, קאָן ער דאָ אויך העלפן... עפּשער איז אזוי באשערט פון אויבן...

א גאנצע וואָך איז כאַים נאָך אלץ געווען א גאסט. קימאט יעדן אָוונט איז געקומען דאָס איינער, דאָס אן אנדער לאנדסמאן אָפּנעמען א גרוס פון דער אלטער היים. אלע האָבן צוגעזאָגט, אז מע וועט „טרײַען", נאָר די זיכערקײַט פון דעם ערשטן אָוונט, אז „בישקאָשע, ער וועט ניט פאר־פאלן ווערן", האָט זיך שוין אין זייערע רייד ניט געפילט... אוואדע וועט מען „טרײַען", נאָר ער דארף אליין אויך זוכן.

— לאָנדאָן איז ניט סטאראָבין. דאָ וועט דיר קיינער קיין ארבעט אין שטוב ניט ברענגען.

— כ׳האָב גערעדט מיט מײַן באָס, — האָט אים בארנעט געזאָגט, — האָט ער געזאָגט: „מ׳וועט זען. דערווײַל פעלן מיר ניט קיין הענט. עפּ־שער שפּעטער".

כאַים פילט זיך ווי שולדיק פאר יעדערן, וואָס ער גייט ארום לײדיק, ווען אלע ארבעטן אזוי שווער.

אין דער היים געפינט ער זיך קיין אָרט ניט. מאַלקע באַקלאָגט זיך קעסיידער אַפן יאַקרעס, אַף די פּאַגעס, די טומאַנען, איבער וועלכע מע מוז גאַנצענע טעג ברענען גאַז. „אַלע שאָ וואַרף אַ פּעני אין גאַזאָמעטער, אַלע שאָ אַ פּעני״... די קינדער רײַסן זיך אַרום איבער אַ בייגל, איבער אַן איבעריקער קאַרטאָפל... און דאָ זיצט ער אַף זײַער קאַרק און עסט... ניט באַרנעט, ניט מאַלקע ווײַזן אים קיין קרומע מינע. אַדעראַבע, זיי גיבן אַכטונג, ער זאָל ניט אַוועקגיין הונגעריק פון טיש: „עס, עס, כאַיִם, שטער זיך ניט״... נאָר ער זעט דאָך, ווי ענג ס׳איז זיי, ווערגט ער זיך מיט יעדן ביסן.

ווען באַרנעט איז אין דער היים, איז נאָך צו דערלײַדן: אַ מאַנצבל, גיט ער אים צו מוט: „זאָרג ניט, כאַיִם, מע וועט פאַר דיר געפינען אַר־בעט״. אָבער ווען באַרנעט גייט אַוועק צו דער אַרבעט און ער בלײַבט אַליין מיט מאַלקען, געפינט ער זיך ניט קיין אָרט. איר יעדער קרעכץ, איר זיפץ, דאַכט זיך אים, איז געווענדט קעגן אים.

רוקט ער זיך שטילינקערהייט אַרויס פון שטוב און לאָזט זיך וואַנדערן איבער די אַרומיקע גאַסן און געסלעך. באַ אים הייסט עס: ער זוכט אַרבעט...

צופעליק אָנגעשטויסן זיך אַף אַ טישלערײַ אָדער אַף אַ קליין מעבל־פאַבריקל, ווו עס אַרבעטן, לויטן אויסזען, ייִדן, שטייט ער אַ היפּשע ווײַלע פאַרן פענצטער אָדער פאַר דער צעעפנטער טיר, ניט באַשליסנ־דיק זיך אַרײַנצוגיין, ווי ער וואָלט געגאַנגען בעטן אַ נעדאָווע. ער מאַכט זיך האַרץ און גייט דאָך אַרײַן: „עפּשער דאַרף מען אַ גוטן מעבלמאַ־כער?״ נייןן, אין ערגעץ דאַרף מען ניט קיין „הענט״... און, וואַרפנדיק אַ בליק אַף זײַן לאַנגער כאַלאַדײַקע און די היימישע שטיוול מיט די כאַ־ליעוועס, גיט מען אָפּטמאָל צו:

— אויסגעגרינטע גייען אום לײדיק, ניט נאָר גרינע. סלעק!..

ער פאַרבלאָנדזשעט אין פּעטיקאָטליין — דאָס געסל פון עם ייִדיש־אימיגראַנטישן גאַסן־האַנדל, ער ווערט פאַרטומלט פון אַלערליי קוילעס

און אויסרופן: „פייפער, ענוועלאָפּס[1] קעמעלעך, סטענגעלעך, שיך־בענדלעך!", „כריין געריבענערו!", „קנעפּלעך, געררייכערטע הערינגו!", „לוכעס"... א יאַריד... נאָר ווער דאַרף עס? און דערפון מאַכן עס מענטשן א לעבן, ווי זיי רופן עס דאָ?

א מאָדנע וועלט דאָ, א פרעמדע און גאָר ניט קיין פריילעכע, — קלערט כאַים, — קינדער אַף די גאַסן, ווי פליגן אין א יאַטקע אין א הייסן זומער־טאָג. און אַלע אַזעלכע אַזעסדיקע, פאַרשייַטע! דערזען א ייִד אין א לאַנגער קאַפּאָטע, דאַרף מען אים א ריס טאָן פאַר דער פּאָלע; א ייִד מיט א באָרד, איז רעכט א צופּ טאָן פאַר דער באָרד... און וואָס איז דאָ גלאַט פאַר א לעבן? נאָר מע אייַלט זיך, נאָר מע האָוועט, מע לויפט... און ניט צוזאַמענצוריידן זיך. אין דער היים איז מען אויך אין גימנאַזיעס ניט געגאַנגען, פונדעסטוועגן, אז ס'איז אויסגעקומען, האָט מען וועגן א שטיקל אַרבעט זיך צוזאַמענגערעדט מיטן גרעסטן פּאָרעץ... און דאָ, א שטומער — און גאָר! אפילע שווער צו פאַרשטיין, וואָס א ייִד רעדט: „לעוווערמייַ", און „באַדער", און „רענט", און „ווײדזשעס" און „סלעק"... א גוטער שלאַק האָט געמעגט טרעפן די מעדינע, איידער ער האָט זי דערקענט. ווען ריקליע ווייסט, וואָס פאַר א לעבן דאָ איז, וואָלט זי אים אהער ניט געשיקט...

באַרנעט האָט געבראַכט כאַימען א גוטע בסורע: באַ זיי אין שאַפּ פּאָדערט זיך א „האַנט", האָט ער, באַרנעט, געבעטן דעם באָס, ער זאָל צונעמען זייַן לאַנדסמאַן, האָט דער באָס געזאָגט: „אָלרייַט, זאָל ער קומען".

— א סוועטער, א רועך אין זייַן טאַטן אַרייַן! — האָט באַרנעט זיך אויסגעזידלט. — א גרינער איז באַ אים דאָס כיעס: לאָזט זיך בעסער עקספּלואַטירן.

נאָר וואָס זאָל מען טאָן? אָט איז ער שוין זעקס יאָר אין דער שיינער

[1] פייפער, ענוועלאָפּס — פּאַפּיר, קאָנווערטן.

מעדינע און קאָן נאָך אַלץ פון סוועטינג־שאפ ניט ארויסרייַסן זיך. אף די גרויסע מעבל־פאבריקן איז א פרעמד געבאָרענעם שווער צו קריגן אר־בעט: מע דארף גוט פארשטיין די שפראך, פאנאנדערקלייַבן זיך אין א צייכענונג... ווי קומט מען אָבער דערצו, אז מע האָרעוועט צען שאָ אין מעסלעס און מער? ווו נעמט מען נאָך צען שאָ שווערע ארבעט א קאָפ צו לערנען שפראך?

— גיי לערן ענגליש בא די יאָרן! — קומט עס בא כאַימען סטאם אויס מאָדנע.

— כ׳וואָלט נאָר געהאט די צייַט און די קויכעס דערצו, — איז בארנעט ניט מאסקים. — קומסטו אָבער פון דער ארבעט אזוי פארמא־טערט, אזוי אויסגעשעפּט, אז דו באוויַזט נאָך ניט אָפּצועסן, ווי דו פאלסט אנידער, ווי א סנאָפּ.

איידער מע איז געגאנגען שלאָפן, האָט בארנעט געזאָגט כאַימען:

— כ׳וועל דיך מאָרגן גאנצפרי אופוועקן, וועסטו צוזאמען מיט מיר גיין צו דער ארבעט.

— וועסט מיך ניט דארפן וועקן, — האָט כאַים פארזיכערט, — איך וועל אופשטיין פריִער פון דיר.

ווען בארנעט איז אופגעשטאנען, איז שוין כאַים געשטאנען מיטן קאָפּ צום מיזרעך־וואנט און שטיל, פאר זיך, געדאוונט. אפן הארצן איז אים געווען אי פריידיק, אי אומרויִק: ווער ווייסט, צי וועט ער געפעלן דעם „באָס“? צי וועט ער אים צונעמען אף ארבעט? צי וועט ער, כאַים, גאָר טויגן צו דער היגער ארבעט? אין דער היים אפילע גערעכנט זיך פארן בעסטן מעבלמאכער אין דער גאנצער סוויווע, אָבער דאָ איז דאָך אַלץ אנדערש, ווי אין דער אלטער היים. „לאָנדאָן איז ניט סטאראָבין“, — הערט ער אף יעדן טראָט.

ער האָט געדאוונט מיט א באזונדער קאוואָנע, שטיל, קימאט אין זיך, אויסזינגענדיק די ווערטער פון דער טפילע מיט יענעם וויינענדיק־בעטנדיקן קאָל, מיט וועלכן גלייביקע שמועסן זיך דורך מיט זייער גאָט אין מאָמענטן פון נויט און האָפענונג.

בארנעט איז געזעסן באם טיש, איינלנדיק געקייט ברויט מיט פוטער און געבריט זיך מיט הייסע קאווע פון א גרויסן פאַרצעלייענעם קאווע־טעפל. וואַרפנדיק א בליק אף כאימען, האָט ער, קייענדיק, א זאָג געטאָן:

— מאך עס בעקיצער, כאים. לאָנדאָן איז ניט סטאַראַביץ. ניטאָ קיין צייט צו דווייקענען זיך. מירן פאַרשפּעטיקן צו דער ארבעט.

כאים האָט זיך דערפילט, ווי מע וואָלט אף אים א גאָס געטאָן קאלט וואַסער. זיין שטילער, הארציקער שמועס מיטן ריבוינעשעלוילעם איז אזוי גראָב, וואָכעדיק איבערגעריסן געוואָרן!..

— אוי־מהו! — דאָס האָט געדאַרפט באַטייטן: רעכט, אָט באלד... ער האָט גיך אָפּגעכאַפּט דעם סאָף פונעם דאַוונען, אופלייגנדיק אין דער זעלביקער צייט דעם טאַלעס־און־טפילין.

טיי טרינקען און צובייסן איז שוין קיין צייט ניט געווען. מאַלקע האָט פאַר ביידע מאַנצבלען פאַרוויקלט „לענטש" — זייער טרוקענעם מיטיק־מאָלצייט. זיי זיינען שוין געווען גרייט צו גיין, ווען בארנעט האָט זיך פאַרהאַלטן און, וואַרפנדיק א בליק אף כאימען, געזאָגט:

— ווייסט, וואָס כ'וועל דיר זאָגן, כאים, טו אויס דיין קאַפּאָטע און טו אָן מיינס א רעקל.

כאים האָט געקוקט אף אים ניט פאַרשטייענדיק.

— וואָס הייסט?

— כעוורע לייצים אין שאַפּ וועלן פון דיר מאַכן כויזעק. יונגע באָיעס. קאָפּוויטעק פּעלט זיי, וואָס? א לאַנגע קאַפּאָטע, דאַרף מען דיך נעמען אפן צימבל.

ניט וואַרטנדיק אף כאימס ענטפער, איז ער צוגעגאַנגען צום הענגער, אראָפּגענומען אן אַלט רעקל און דערלאַנגט כאימען:

— נא, טו אָן!

אומגערן האָט כאים אראָפּגעוואָרפן פון זיך זיין לאַנגע כאַלאַדייקע, אָנגעטאָן דאָס קורצע, ענגע רעקל און איז געבליבן שטיין, די הענט אראָפּגעלאָזן און צעשפּרייט א ביסל. אף זיינע ליפּן האָט געבלאָנדזשעט א שולדיק־נארישעוואַטער שמייכל. ער האָט באַטראַכט די אייגענע פּיס,

וואָס זײַנען פּלוצעם ווי לענגער געוואָרן, געקוקט אַף די אויסגעשניטענע, פאַרקײַלעכיקטע פּאָלעס פונעם רעקל, געכאַפּט זיך פאַר די קנעפּלעך, געצויגן די צו קורצע אַרבל... איינגאַנצן האָט ער אויסגעזען, ווי ער וואָלט זיך אַליין ניט דערקענט...

— עפּעס פריקרע... — האָט ער געמורמלט, כאַפּנדיק זיך פאַרן לינקן אויער, וואָס האָט אים פּלוצעם אָנגעהויבן פּלאַמען.

— וואָסי? — האָט באַרנעט ניט פאַרשטאַנען. — נאָך אַ גאַנץ גוטע מאַרינאַרקע.

— און... ע־ע... אין מײַן כאַלאַדײַקע קאָן מען ניט? — האָט כאַיִם געשטאַמלט. — אַ וואַזשנער בעגעד. אין דער היים געטראָגן זי שאַ־באָסים...

— ע, זײַ ניט קיין גרינער! — האָט באַרנעט אָנגעהויבן צו פאַרלירן דעם געדולד. — כאַלאַדײַקע־סמאַלאַדײַקע! מע זאָגט דאָך דיר: כעוורע וועלן פון דיר מאַכן אויסצודרייען מיט דײַן כאַלאַדײַקע. האָסט עפּעס אַ סאַך כאַלאַדײַקעס געזען אין לאָנדאָן? לאָנדאָן איז דיר ניט סטאַראָבין. דאָ, גוטער־ברודער, איז בערל — באַרנעט, כאַיִם — היימאַן און אַ כאָ־לאַדײַקע איז ניט קיין מאַלבעש... און מאָך קיין שיִעס ניט, וואָרעם מירן ביידע פאַרשפּעטיקן צו דער אַרבעט צוליב דײַן כאַ־לאַ־דײַ־קע!

ווי אַ געפּענטעטער איז כאַיִם נאָכגעגאַנגען באַרנעטן, קוקנדיק דעם גאַנצן וועג זיך אַף די פיס, ווי ער וואָלט זיי דאָס ערשטע מאָל געזען...

ביז מיטיק האָט קיינער אין שאַפּ קימאַט קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. עס זײַנען בלויז געפאַלן איינצלנע ווערטער, וואָס זײַנען שײַעך געווען צו דער אַרבעט.

אָן אַ רעקל, מיט די אַרבל פון דעם ווייכן, פלאַנעלענעם העמד, פאַר־שאַרצט ביז איבער די עלנבויגנס, און מיט דעם קורצן, מערסטנטייל פאַר־לאָשענעם, ליולקעלע צווישן די ציין, — איז דער „באָס“ אומגעגאַנגען פון איין אַרבעטער צום צווייטן. דאָ עפּעס אָנגעוויזן, דאָ עפּעס געזאָגט,

דאָ סטאַם צוגעקוקט זיך, פון צײַט צו צײַט אויסרופנדיק מער פון גע־וווינהייט, ווי פון נויטווענדיקייט:

— האַרי אַפּ! אײַלט זיך צו. האַרי אַפּ, באָיעס!..

דער אויסרוף, צו וועלכן די אַרבעטער זײַנען שוין געוווינט געווען, ווי צו דער גרילצערײַ פון דער זעג און צו דעם „הושששט" פונעם הובל, האָט אויף זיי קיין שום ווירקונג ניט געהאַט. יעדערער האָט זיך ווײַטער געטאָן זײַן אַרבעט ניט גיכער און ניט לאַנגזאַמער, ווי פריִער. איין כאַים נאָר פלעגט בײַ יעדן אויסגעשריי ניט ווילנדיק אַ ציטער טאָן און מיט מער קויעך אָנלייגן זיך אויפן גרויסן הובל.

איינס אַזייגער האָט דער באָס אַ זאָג געטאָן: „דינגער!"[1] און איז אַרויס פון שאַפּ.

ווי נאָר די טיר האָט זיך פאַרמאַכט הינטער אים, אַזוי האָבן אַלע מיטאַמאָל אָנגעהויבן ריידן, ווי זיי וואָלטן זיך געוואָלט באַפרידיקן פאַר די עטלעכע שאָ געצווונגענעם שווײַגן.

כאַים איז געשטאַנען און געהובליעוועט, ווי פריִער.

אַ דאַרער באָכער מיט דיקע אָנגעצויגענע אָדערן אויף די אויסגעהאָ־רעוועטע הענט איז צוגעגאַנגען צו כאַימס וואַרשטאַט. די הענט פאַרלייגט אין די הויזן־קעשענעס, האָט ער אַ ווײַלע צוגעקוקט, ווי ער אַרבעט, און מיט אַ הייזעריקלעכער שטים אַ זאָג געטאָן:

— הערט נאָר, מיסטער לאַנדסמאַן, איר'ט דאָך אַזוי מיטן הובל אַ האַלבע וועלט אײַנרײַסן.

דערבײַ איז זײַן פּנים פאַרבליבן ערנסט, נאָר אין די ווינקלען פון מויל האָט זיך צעלייגט אַ לײַכט איראָניש קנייטשעלע.

כאַים איז געבליבן שטיין מיט דער האַנט אויפן הובל, עטוואָס אָנגע־בויגן פאָרויס. אין זײַנע אויגן, געווענדט צום דאַרן באָכער, איז געלעגן אַ שטומע פראַגע.

---

[1] דינגער — מיטיק (ענגל.).

— איך מיין, אז איר וועט זיך אזוי אײַלן, וועט איר גיך מיד ווערן, לאנדסמאן.

כאַימס אויער האָט ניט אופגעכאפט די באהאלטענע איראָניע פון די ווערטער. קוקנדיק מיט נאַיווע אויגן אף דעם דארן באָכער, האָט ער, ווי שולדיק, געשטאמלט:

— כ'ווייס? אז ער טרײַבט אלץ, דער באלעבאָס... „אראָפּ, אראָפּ"... ווייס איך?..

— פונדעסטוועגן, דארף מען אזוי די קויכעס ניט אוועקלייגן, וואָרעם זיי וועלן אײַך סײַוויסיי אף לאנג ניט קלעקן, איר פארשטייט, לאנדסמאן, צי ניין? — האָט דער דארער באָכער אלץ אזוי בײַסיק גערעדט.

— וואָס ווילסטו פון אים האָבן, בושלער? — האָט זיך בארנעט ארײַנגעמישט. — ער איז נאָך א גרינער; דרײַ וואָכן אין לאנד, דעם ערשטן טאָג בא דער ארבעט.

— לאָז אָפּ, בושלער! — האָט זיך פון דער צווייטער זײַט אָפּגערופן א קורץ מענטשל מיט א געשוירן גרוילעך בערדל. — ער וועט ארבעטן, וויפל מיר, וועט ער אופהערן צו אײַלן.

— אזוי, ער איז א גרינער? — האָט בושלער דורכגעלאָזן די צווייטע באמערקונג. — איז טאקע גלײַכער באלד אפן אָרט דורכצושמועסן זיך. זאָל ער וויסן, וואָס ער האָט צו טאָן.

ארײַנרוקנדיק די הענט טיפער אין די קעשענעס, האָט ער לײַכט א הוסטל געטאָן, ווי א רעדנער, וואָס גייט האלטן א רעדע פאר אן עולם, און גענומען ציילן ווערטער:

— איר זאָלט וויסן, מיסטער לאנדסמאן, אז מיר ארבעטן דאָ אין א סוועט־שאפּ. איר ווייסט, מיסטער, וואָס א סוועט־שאפּ איז? — האָט ער אײַנגעגראָבן אין כאַימען זײַנע דורכדרינגענדיקע אויגן. — א סוועט־שאפּ איז אן אָרט, ווו מע יאָגט פון אײַך ארויס בא דער ארבעט אײַער שווייס, ניט פּאָשעטן שווייס — א בויט־שווייס, און נאָכן בויט־שווייס — א בלוטיקן שווייס!.. איר הערט, לאנדסמאן?.. און נאָכדעם זויגט מען בא אײַך אויס דעם מארך פון די ביינער און מע ציט בא אײַך די אָדערן

ארויס. אָט אָ־די אָדערן! — האָט ער אויסגעצויגן צו כאימען אַן אָרעם מיט אָדערן, דיקע ווי שטריק, — דאָס, לאַנדסמאַן, וועט שוין דער באָס טאָן אָן אײַער הילף... איר פאַרשטייט, וואָס מע רעדט צו אײַך, צי נײַן?.. בא אונדז וועט דאָ קיין יאַנקיש־אײַלעניש ניט אָנגיין! — האָט ער, צוטרעטנדיק האַרט צו כאימען, מיטאַמאָל א געשריי געטאָן. — מיינט ניט, אַז מע זאָרגט דאָ שטאַרק פאַר אײַער שוואַכן געזונט: איר ווילט „סוועטען" — אַך, כאָטש ביז די קאָשערע נעשאָמע וועט פון אײַך ארויס, אָבער ניט דאָ! מירן זיך צוליב אײַך די קישקעס ניט אײַנרײַסן, איר פאַרשטייט, צי נײַן, לאַנדסמאַן?!..

צום אָנהייב האָט בושלער גערעדט אײַנגעהאַלטן, נאָר וואָס ווײַטער, אַלץ העכער און בייזער, די ליפּן זײַנען בא אים בלאָס געוואָרן. עס איז קאָנטיק געווען, אַז די סוועט־שאָפּ איז א זאַך, וועגן וועלכער ער קאָן גלײַכגילטיק ניט ריידן.

די גאַנצע שאָפּ איז געשטאַנען שטיל און מער צוגעקוקט זיך, ווי צו־געהערט זיך.

— איך בין שולדיק?.. איך ווייס? — האָט כאים געשטאַמלט. — ער זאָגט מיר: „האָפּ, האָפּ", ער איז דאָך דער באַלעבאָס...

כאימס שולדיק פּנים, זײַנע צעשראָקענע און ווי בעטנדיקע אויגן האָבן בושלערן אָפּגעקילט. ער האָט אים אָנגענומען בא א קנעפּל פון וועסט און שוין פרײַנטלעך־ווייך דערקלערט:

— אַז איר זאָגט זיך, מוזן מיר זיך דאָך אַלע זאָגן. איר פאַרשטייט? זאָל ער נאָר באַמערקן, דער סוועטער, אַז איין „האַנט" אַרבעט אויס מער, וועט ער פאָדערן, אַלע זאָלן אַזויפיל אויסאַרבעטן. אַז דאָס איז אַן עמע־סער נעגער־טרײַבער[1], א פײַער זאָל אָף אים קומען מיט זײַן סוועט־שאָפּ איבײנעם!

---

[1] א נעגער־טרײַבער — אַזוי רופט מען די אופזעער איבער די נעגער־אַרבעטער אָף די בוימוואָל־פּלאַנטאַציעס אין דאָרעם־אַמעריקע.

— דארפסט זיך דײַן געזונט פונזײַנטוועגן נישט אײַנרײַסן, היימאַן, — האָט בארנעט אָף זײַן אויפן אונטערגעהאַלטן בושלערן.

— דאָס וועט שוין די שאַפּ פאר אײַך באַזאָרגן... — האָט זיך אָפּגערופן א סקריפּענדיק קאָל פון ווינקל.

— איך וועל אײַך געבן צו פארשטייך, — האָט זיך בושלער ווידער אַרײַנגעמישט, — ווען דאָס וואָלט געווען א „יוניאָן"[1]־שאַפּ, וואָלט...

— ש־שאַ! בושלער האָט זיך שוין גענומען צו זײַן יוניע. ער וועט זיך שוין באַלד נעמען פאר זײַן סאָציאַליזם, איר וועט זען, — האָט מען אים גלײַך פון אָנהייב איבערגעשלאָגן, — ער האָט א האלב שאָ אָף מיטיק, נעמט ער זיך דארשענען — יוניע מיט סאָציאַליזם! אָט כאַפּ בעסער עפּעס אין מויל אַרײַן, אַז ניט, קומט ער באַלד אַרײַן, דער סוועטער, וועט זײַן פארשפּאָרט צו עסן.

בושלער האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט און געזעצט זיך עסן. גלײַך מיט אים האָט יעדערער אײַלנדיק גענומען אויסבינדן פון די טיכלעך ברויט און אויפוויקלען פון פּאַפּירלעך וואָס ווער ס'האָט מיטגעבראַכט — קעז, הערינג, ווורשט. אין א מינוט ארום זײַנען שוין אַלע געזעסן אָף די וואַרשטאַטן און געשמאַק געקײַט. איין כאַיִם האָט זיך ארומגעדרייט איבערן שאַפּ און עפּעס געזוכט אין די ווינקלען.

— וואָס זוכסטו דאָרטן? — האָט אים בארנעט א פרעג געטאָן.

— א ביסל וואַסער צום וואַשן די הענט.

אין שאַפּ האָט אויסגעבראָכן א געלעכטער.

— וואָס לאַכט איר וואָס? ער איז נאָך א גרינער!.. — האָט בארנעט אים פאַרענטפערט.

כאַיִם האָט געקוקט פון איינעם צום צווייטן, ווי ער וואָלט בעטן, מע זאָל אים דערקלערן, וואָס לאַכט מען דאָ.

— אין א סוועט־שאַפּ, גוטער־ברודער, איז קיין צײַט ניטאָ ניט נאָר

---

[1] יוניאָן — פּראָפעסיאָנעלער פאריין.

צום וואשן זיך, נאָר אפילע צו עסן, — האָט אים בושלער געגעבן צו פארשטיין.

— ער מיינט, ער איז אף א פאבריק, ווו מע האָט א גאנצע שאָ אף מיטיק.

— ער מיינט גאָרנישט, ער איז א גרינער, און גאָר!.. — האָט אים בארנעט מיט איין זאך פארענטפערט.

— אָבער א קאָפּ וואסער... מע דארף דאָך אָפּגיסן די הענט פארן עסן... — האָט כאַים ניט פארשטאנען ווי קאָן אנדערש זיין.

— דער וואסער־קראן איז אונטן, אין קעלער. וועסט ניט באוויַיזן אי גיין וואשן די הענט, אי איבערבייַסן.

— זייַ ניט קיין נאר, היימאן, און זעץ זיך גיכער עסן, — האָט זיך בארנעט אָנגעבייזערט. — אז ניט, וועסטו ביז אכט אזייגער אין אָוונט אין דייַן מויל ניט האָבן.

— לאָזט אים, — האָט זיך דאָס נידעריקע מענטשל אריַינגעמישט, — איר זעט ניט, אז דאָס איז א רעוול? טוט דאָך בא דער ארבעט דאָס היטל ניט אויס.

— א בערדל אויך א ראבאָנישס, — האָט א צווייטע שטים גוטמוטיק אונטערגעהאלטן דעם שפּאס.

— לעווערמיַי זיַין בערדל. ער׳ט מיט דער צייַט זיַין אזא ריסטאָ־קראט, ווי דו, האָב קיין מוירע ניט, — האָט זיך בארנעט אָנגענומען די קריוודע פון זיַין קאָרעוו.

און ווענדנדיק זיך צו כאַימען, האָט ער שוין שטארק אומגעדולדיק צוגעגעבן:

— מע זאָגט דיר, זייַ ניט קיין גרינער און גיי עסן! קוקט נאָר אָן דעם צאדיק אין פעלץ! קאָן ניט עסן אומגעוואשן! נו, מאך קיין שיַעס ניט!

כאַים איז צוגעגאנגען צום ווארשטאט און ווי מיט גוואלד גענומען שטאָפּן אין מויל דאָס ברויט מיט וווּרשט.

— עס, עס! — האָט בארנעט אונטערגעטריבן. — עס, ווערסט זיך צוגעוווינען עסן אָן געוואשן, לעווערמיַי...

בושלערן איז ניט גרינג אָנגעקומען איבערצורײדן כאַימען, ער זאָל גײן אפן מיטינג פון די מעבלמאכער.

פרײַטיקצונאכטס גײט ער אין שול דאוונען, ניט אף מיטינגען.

ס׳איז ניט פון פרומקײַט װעגן, נאָר אזוי איז ער שוין געװוינט. שוין אזוי אויך, באַרעכהאשעם, קנאפ־װאָס פארבליבן פון דעם ביסל ייִדיש־קײַט. דאָס דאװנען זופט מען אָפּ אין אײן מינוט, א מינכע פארבײגט מען, עסן אין שאפּ אָן געװאשן איז שוין אויך רעכט געװאָרן... האָט זיך באר־נעטן פארגלוסט, האָט ער אים געגעבן א גויִישן נאָמען — הײמאן, כאַים פאסט אים ניט!.. און איצט זאָגט ער, אז ס׳װאָלט ניט געשאט דאָס בערדל א ביסל „פארגלײַכן״, אז ניט, װעלן אים די לאָבוסעס נאָכװארפן שטײנער אין גאס...

פארבליבן דאָס שטיקל שאבעס, זאָל ער נאָך דאָס אויך ניט אָפּהיטן? נײן, ער גײט ניט פרײַטיקצונאכטס אף קײן מיטינגען!

איז אָבער בושלער צוגעשטאנען װי פעך.

— איר װעט קײן כאראָטע ניט האָבן. מיר קלײַבן זיך דאָך ניט צו־זאמען טאנצן. מ׳װעט באטראכטן, װי פאָטער צו װערן פון דער סװעטינג־סיסטעם... ארבעטן קירצערע שטונדן. בעסערן לוין באקומען.

בארנעט האָט אויך צוגעהאָלפן:

— ביסט דאָך שוין, דאכט זיך, ניט קײן גרינער, און נאָך אלץ אזא יאָלד, װי דו װאָלסט נאָרװאָס געקומען פון סטאראָבין. דו פארשטײסט ניט, אז קורצע שאָען און הויכער לוין איז בעסער, װי לאנגע שאָען און קלײנער לוין?

— אָבער װיאזוי װעט איר עס מאכן? — האָט כאַים געװאָלט װיסן.

— מיר װעלן זען, אז יעדער מעבל־ארבעטער זאָל זיך אײַנשרײַבן אין יוניִע. אויב דו, לעמאָשל, װעסט ניט זײַן קײן מיטגליד פון יוניִאָן, קאָנסטו אין שאפּ ניט ארבעטן, און מע װעט דיך אין אן אנדער שאפּ אויך ניט צולאָזן צו דער ארבעט. פארשטײסטו שוין, אז מע זאָל נאָר װעלן, קאָן מען אלץ אויספירן? עס װענדט זיך נאָר אָן אונדז...

כאַים האָט פאַרשטאַנען, אַז מע מוז גיין. וואָס טוט ער, אַז זיי וואַרפן אים טאַקע אינגאַנצן אַרויס פון שאַפּ?..

אָבער דאָס איז געווען דאָס ערשטע און דאָס לעצטע מאָל, וואָס ער איז געגאַנגען אויף אַ מיטינג. זיי ווילן, ער זאָל זיך פאַרשרייבן אין פאַריין? גוט, ער וועט זיך פאַרשרייבן, ער וועט צאָלן מיטגלידס־אָפּצאָל — ער פאַרשטייט אַליין אויך, אַז אַ יוניע איז אַ נייטיקע זאַך, — אָבער גיין אויף זייערע מיטינגען — בעשום־אופן אין דער וועלט ניט!

צום אָנהייב איז אים דאָפּקע געפעלן געווען.

באַם אַריינגאַנג פון גרויסן, קאַלטלעכן זאַל שטייט אויף אַ טישל אַ טעלער און יעדערער וואַרפט אַריין אַ קופּערנע מאַטבייע, גאָר ווי אין דער היים, בייס מע קומט אין שול אַ מאַגיד הערן. פון דער צווייטער זייט טיר שטייט אַ טיש אינגאַנצן פאַרלייגט מיט צייטונגען און דינינקע ביכלעך מיט שאַרבלעטלעך פון אַלערליי קאָלירן. קימאַט יעדערער שטעלט זיך אויף אַ ווײַלע באַם טישל, קויפט עפּעס, אָדער לייענט גלאַט איבער די נעמען פון די ביכלעך, נעמט זיי אין האַנט, קוקט אַרײַן אינ־ווייניק און לייגט צוריק אַוועק, צוזאָגנדיק צו קויפן, „ווי נאָר ס'וועלן זיך פאַרוואַלגערן אַ פּאָר פרײַע פּעניס“... ביסלעכווײַז ווערט דער זאַל פול. עס קומען יונגע באָכערים, מיטליאָריקע און אַפילע עלטערע מענטשן. די פּענעמער זײַנען באַ אַלעמען באַלעבט, מע איז אופגעראַמט ווי פאַר אַ וויכטיקער אַרבעט. דער עולם צעזעצט זיך אויף לאַנגע בענק אָן פּאָרענטשעס און מע וואַרט, דער מיטינג זאָל זיך אָנהייבן. אַ טייל שטייט קופּקעסווײַז און רעדט היציק וועגן פאַרשטאַרקן די „יוניע“ און אויפ־הייבן דעם אַרבעטס־לוין. מענטשן, וואָס באַגעגענען זיך דאָס ערשטע מאָל, גייען צו איינער צום צווייטן, ווי זיי וואָלטן זיך שוין געקענט פון יאָרן. אַלץ איז דאָ אַזוי פּאָשעט, היימיש, מע פילט זיך צווישן אייגענע.

— לעבעדיק, ווי אויף אַן אַסיפע, — האָט כאַים, אָנבייגנדיק זיך צו באַרנעטן, אופגערוימט באַמערקט.

— וואַרט, וועסט באַלד הערן אונדזער בושלערן ריידן, וועסטו לעקן די פינגער, — האָט באַרנעט, שטאָלץ מיט זײַן בושלערן, צוגעזאָגט.

— שוין געגנוג אַנגעהערט זיך זײַנע דראָשעס אין שאפּ, — האָט כאַים מיט ביטל אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

— לעוועראַמײַ, האָלעווײַ וואָלטן געווען אַ סאַך אַזעלכע בושלערס, וואָלטן די באַלעבאַטים אַזוי ניט געצויגן פון אונדז דעם קלײ, — האָט זיך אַן אומבאַקאַנטער אָפּגערופן פון דער צווייטער זײַט.

— ווען ניט בושלער, וואָלט קיין יוניע ניט געווען, — האָט בארנעט אונטערשטיצט, — דאָס גאַנצע לעבן זײַנס גיט ער אַוועק דער יוניע.

אַ קלאַפּ מיט אַ הילצערנעם האַמער איבערן טיש האָט איבערגעריסן דעם שמועס.

אויף דער עסטראַדע איז געשטאַנען אַ קליינוווקסיק, שוואַרץ פאַרשווינדל מיט אַ פּאָנעם פון אַ קליינשטעטלדיקן לערער און, קעסיידער פאַריכטנדיק די פענסנע אויף דער נאָז, געוואַרט, ביז דער עולם וועט זיך פאַנאַנדערזעצן אויף די ערטער און זיך באַרויִקן. הינטער אים זײַנען געזעסן: בושלער, סאַלאָמאָן, דאָס גרויע יידל פון זייער שאַפּ, כאַימס און באַרנעטס לאַנדסמאַן, דזשעק סאָציאַליסט, און נאָך עטלעכע כאַימען אומבאַקאַנטע פאַרשוינען.

— געגנאָסן און פרײַנדע! — האָט דאָס פאַרשווינדל אין פענסנע גלײַך גענומען אויף אַ הויכער אָקטאַווע, — מיר האָבן זיך הײַנט אופגעקליבן אַהער צו באַשליסן די פראַגע: זײַן אָדער ניט זײַן? מיר וועלן אײַך פרעגן: ווילט איר לעבן אָדער שטאַרבן?.. ווילט איר בלײַבן פאַרקויפטע שקלאַפן, ווי איר זײַט ביז איצט, אָדער איר ווילט זײַן פרײַע אַרבעטער פון אַ פרײַען פאַריין?

— ווער איז ער? — האָט כאַים שטיל געפרעגט באַרנעטן.

— דאָס איז דער סעקרעטאַר פון דער יוניע. ער'ט שוין פריִער געאַרבעט אין אַ יוניע — אַ שנײַדערשער...

— עס געפעלט מיר ניט, ווי ער רעדט, — האָט כאַים געזאָגט מעווינעס.

— ס'מאַכט ניט אויס. דו הער זיך נאָר צו, וואָס ער רעדט.

— עס נעמט עפּעס ניט...

— א געדונגענער קאַדיש, — האָט שטיל א זאָג געטאָן איינער פון דער זײַט.

— װאַרט, באַלד װעלן אַנדערע ריידן, — האָט בארנעט צוגעזאָגט.

לאַנג האָט נאָך דער סעקרעטאַר געשריִען אף זײַן דין קעלכל. אָבער זײַנע הויכע, קלינגענדיקע פראַזן האָבן אף דעם אוילעם קיין איבעריקן רוישעם ניט געמאַכט. ערשט װען בושלער האָט זיך געשטעלט ריידן, איז דער זאַל געװאָרן אופמערקזאַם. זײַן שילדערונג פון דער ארבעט אין סוועט־שאָפּ האָט בא אַלעמען אָנגעצונדן די אויגן מיט קאַס און פארבי־טערונג, און זײַנע פײַערדיקע װערטער װעגן „די באָסעס די בלוטזוי־גער" זײַנען עטלעכע מאָל איבערגעריסן געװאָרן מיט אפּלאָדיסמענטן און מיטן האַסקאָמע־אויסרוף: „היער. היער!"[1]

— אײַ, רײַבט ער זיי א מאָרדע, — האָט כאַיִם האַנאָע געהאַט.

און װען בושלער האָט געענדיקט, האָט ער לענגער און שטאַרקער פון אַלעמען אפּלאָדירט. נאָך בושלערן האָט גערעדט סאָלאָמאָן. כאַיִם האָט פּאָשעט געלעקט די פינגער פון אים.

— דו הערסט, דו הערסט, װי ער מאָלט אָפּ אונדזער לעבן אין דער היים? — האָט ער געשטורכעט בארנעטן מיטן עלנבויגן אין זײַט. — ניט אַנדערש, אז ער איז געװען בא דיר און געזען, װי דײַן קליינװאַרג שלאָגט זיך פאר א קאַרטאָפל...

— ער דאַרף ניט גיין צו מיר, — האָט בארנעט געשמייכלט, — ער האָט אַן אייגענע האַלבע טוץ...

נאָר אָט האָט גענומען ריידן א דריטער רעדנער.

— פאַרלאָזט זיך ניט אף גאָטס ניסים! — האָט מיט שוים אף די ליפּן, אזש בלוי װערנדיק פון אָנשטרענגונג, געשריִען א דאַרער באָכער אין א װייכן העמד מיט א רויטן האַלדז־טיכל, — דאָס האָבן די בור־זשויעס אויסגעטראַכט א גאָט, קעדיי, װען זיי װעלן פון אײַך שינדן די הויט, זאָל מען אײַך קאָנען זאָגן: מינאַסטאַם איז פון גאָט אזוי באַשערט,

[1] הערט, הערט! אַן ענגלישער אײַנשטימונגס־אויסרוף.

אז איינער זאָל זײַן א הויט־שינדער, און דער צווייטער — א געשונדע־נער! א גאָט, וואָס לאָזט צו, די באָסעס זאָלן צעפּלאַצט ווערן פון פעט־קײַט, און מיר, ארבעטאָרער, זאָלן ניט האָבן קיין ברויט צו זאט, איז א גאָט פון די בורזשויעס, און מיר, ארבעטאָרער, דארפן אף זײַן יוישער מיט זײַנע ניסים זיך ניט פארלאָזן... מיר דארפן נעמען אונדזער גוירל אין אונדזערע אייגענע הענט!..

כאַים איז א פארציטערטער געוואָרן.

— דאָס איז דאָך דער סאָשעליסט, וואָס דארשנט יעדן שאבעס נאָך מיטיק אין מייל־ענד אפן גאס, — האָט כאַים דערקענט דעם רעדנער.

— נו איז וואָס? — האָט בארנעט ניט פארשטאנען.

— וואָס זײַנען דאָס פארא ווערטער?! עס כאפּט דאָך אָן א גרויל צו הערן...

— זײַ ניט אזא ווייצידקאָסכאָ, איך בעט דיך! ער איז עפשער ניט גערעכט, וואָס?

— ביסט ניט בעסער פון אים, אז דו זאָגסט אזוי! — איז כאַים א צעקאָכטער געוואָרן. — גאָט האָט מען שוין גאָר אויסגעטראַכט!.. הער נאָר, ווי ער רעדט עס א ביסל וועגן אייבערשטן! וויצלט זיך, כאָכמעט זיך וועגן גאָט... זײַן גלײַכן!.. הער, הער! די האָר שטעלן זיך דאָך קאָ־פּויר!.. בא מיר איז רעכט, דער הולטײַ קאָן נעמען א סייפערטוירע און א שלײַדער טאָן אָן דר׳ערד... צו אלדי שווארצע יאָר! — האָט כאַים מיט קאַס אויסגעשפּײַט. — ניט אומזיסט האָט מען זיי פײַנט, די סאָשע־ליסטן, די יאָמקיפּער־פרעסער!.. מײַן פוס וועט דאָ מער ניט זײַן!..

און, דורכשטויסנדיק זיך דורך דעם געדיכטן עולעם, איז כאַים האסטיק ארויס פון זאל.

ריקליע פארוואַרפט כאַימען מיט בריוו, ער זאָל זי מיט די קינדער אריבערנעמען צו זיך קיין לאָנדאָן. „שוין צײַט, — שרײַבט זי, — מע זאָל זיך אופהערן ארומוואַלגערן — איך דאָ, דו דאָרטן“. שוין דרײַ יאָר,

אז ניט זי האָט א מאן, ניט די קינדער האָבן א טאטן. וואָס פארא טאכלעס קאָן פון זיי זײַן? „און פארגעס ניט, אז מירל וואקסט, קיין אײַנהאָרע... וואקסט, ווי אַף הייוון".

וועגן אהיים קומען, שרײַבט זי, האָט ער גאָר ניט וואָס צו קלערן: דאָס שטעטל פוכניעט פון הונגער. הײַנט די פּאָגראָמען!.. ווער ס'איז פריִער ניט געפאָרן, דער פאָרט איצט. „מע לויפט, ווי פון פײַער. מע פארקויפט זיך, מע פארמאשקנט זיך און מע פאָרט"... איצט וועט זי נאָך עפשער קריגן א קוינע אף דער כאלופקע, — אין א פּאָר יאָר שפּעטער וועט ניט זײַן, ווער ס'זאָל קויפן אויך. סײַדן אומזיסט עמעצן אוועק־שענקען. „זע זשע, — ענדיקט ריקליע יעדן בריוו, — טו זיך אָן א קויעך און זאָלסט האָבן א באלעבאָסטע אין שטוב"...

כאַים ווייסט, אז ריקליע איז גערעכט: מע מוז מאכן א סאָף. א ביסל געלט אף אײַנאָרדענען א וועלך־ניט־איז דירעלע האָט ער פאר דער צײַט אָפּגעשפּאָרט. דאָך קאָן ער זיך ניט באשליסן אראָפּצוברענגען אהער דאָס הויזגעזינד. ער ווייסט, אז ווי נאָר ער ברענגט זיי אראָפּ אהער, אזוי פארלירט ער אף אייביק יעדע האָפענונג ווען־עס־איז ארויסצורײַסן זיך פונדאנען. און דאָ בלײַבן ווילט זיך אים זייער ניט. וואָס איז דאָ פאר א לעבן? די גליקן די גרויסע, מישטיינסגעזאָגט, וואָס מע מאכט דאָ? קע־סיידער סלעק און סלעק. און אז מע ארבעט שוין יאָ, יאָגט מען פון דיר די נעשאָמע ארויס. בײַשער אהיים האָט ער געשיקט וויניק און אליין ניט געגעסן און ניט געטרונקען, האָט ער געקאָנט אָפּשפּאָרן עטלעכע רובל קישקע־געלט, אָבער אזוי קאָן מען דאָ צו עפּעס קומען? אפילע א לעבן מאכן איז שווער.

הײַנט וואָס די מעדינע מאכט פון א מענטשן! אין דער היים געווען א שארפער באלמעלאָכע, מע מעג זאָגן א קינסטלער א מעבלמאכער. זײַנס א שטיקל ארבעט איז געווען א שעם־דאָוואָר. עמעס, ס'איז אים זעלטן ווען ארײַנגעפאלן א נײַ שטיקל ארבעט אין האנט. דאָסראָוו איז אים אויסגעקומען אלט מעבל פאריכטן. אן אלטן אלמער אָפּפּאָליטורן. א קאפּצאָניש שטעטל, ווער דאַרף דאָרט ריכטיק מעבל? איז אים אָבער

אמאָל אריינגעפאַלן א נייַעם קאָמאַנד מאכן פאר א יונג פּאַרפאָלק, א קליי־דער־אלמער אָדער א סעקרעטער פאר א פּאַרעך, — האָט ער באוויזן, וואָס ער קאָן! „דאָס איז כאַים דעם פּריילעכנס א שטיקל ארבעט", — פלעגט אָנגעגעבן ווערן אין גאדאן, אשטייגער ווי מע וואָלט געזאָגט: דאָס איז פּאוולאָווסקע מעבל. וויפל קויכעס, וויפל הארץ ער פלעגט אריינלייגן אין אזא שטיקל ארבעט! און דאָ וואָס? שטיי פון פרי פּארטאָג ביז שפּעט אין אָוונט אין סוועט־שאָפּ און קיצל די ברעט מיטן הובל, און קיצל די ברעט... מע דארף דאָ עפּעס האָבן סייכל צו דער ארבעט, קאָפּ, איינפאל? גוסט אין דעם אריינלייגן, הארץ, געפיל? — גאָרנישט! נאָר גיך, נאָר „הארי אָפּ" — מער פאָדערט מען פון דיר גאָר־נישט...

„וואָס וועט זיין דער טאכלעס פון די קינדער?" — שרייַבט ריקליע. און וואָס פאר א טאכלעס וועט פון זיי דאָ ווערן? אז אָך און ווי, וואָס דאָ ווערט פון קינדער! דאַרטן זייַנען זיי וווילע קינדער: בערקע קאָן ווויל לערנען, די קלענערע — אויך שטילע, ליַטישע, סטאטעטשנע. „לייַט בעטנטשן זיך מיט זיי", — שרייַבט ריקליע. „פּאָשעט א בראָכע צו מאכן אף זיי, אזוי שיינען זיי". און וואָס ווערט דאָ פון קינדער? לויפערס, גאס־יונגען, אזעסבענעמער. ניטאָ קיין טאטע־מאמע, ניטאָ קיין עלטערער, טוען זיי וואָס זייער הארץ גלוסט!..

הייַנט די עלנטקייַט, וואָס מע פילט דאָ! ווער קאָן אים דאָ, ווער ווייסט אים דאָ? אין דער היים האָבן אלע געוווסט, אז כאַים דער פּריילעכער — איז כאַים דער פּריילעכער. „אָן איידעלער באלמעלאָכע", — פלעגט מען אף אים זאָגן, ניט מער טאקע ווי א באלמעלאָכע, אָבער פּאַרט ניט אבי־ווער: א נייטיקער מענטש אף א סימכע, א כעוורע־קאדישע־מאַן, גע־הערט צו כעוורע מישנייַעס, געהאט א שטיקל דייע בא קאלפּעס. סימ־כאסטוירע געטאנצט מיט די שענסטע באלעבאטים, באם סאמע גוויר בייַצייַט. ס'איז ניט דער קאָוועד — נאָך קאָוועד קיינמאָל ניט געיאָגט זיך — נישט מער, מע האָט זיך געפילט מיַנסע־מענטש. מע איז געווען ע מ ע צ ע ר... און דאָ וואָס? — גאָרנישט! א זעמדעלע אפן ברעג יאם...

כאַיִם! ווער איז כאַיִם, וואָס איז כאַיִם? — ניט מע ווייסט, ניט מע וויל וויסן... אפילע כאַיִם שוין אויך ניט: „היימאַן" גאָר!.. אפילע דעם נאָמען דיַינעם פאַרלירסטו דאָ... א היימאַן גאָר געוואָרן אף דער על־טער...

נאָר דאָס ערגסטע איז, וואָס מע ווערט דאָ ביכלאַל קאַליע... וואָס זאָל ער זיך נארן, ער אַליין איז שוין אויך ניט דער זעלביקער, וואָס געווען, קיין קויפער־בעיִקער, קיין אפיקוירעס, איז ער, כאַלילע, ניט געוואָרן, קיין סאָשעליסט, קיין יאָמקיפּער־פּרעסער אוואדע ניט, אָבער דאָס, וואָס אמאָל, איז ער שוין פּאָרט ניט, ניטאָ אמאָליקער ביטאָכן... אין דער היים קיינמאָל ניט געדיַיגעט, ניט געציטערט פאַרן מאָרגעדיקן טאָג. אדעראבעו, נאָך שטענדיק איַינגעטיַינעט מיט ריקליען: „זאָרג ניט, גאָט איז א טאטע און ווער מינאסטאם ניט פאַרלאָזן". און דאָ — נאָר ער ציטערט, נאָר ער דיַיגעט, זאָרגט, האָט מוירע וויַיב און קינדער אראָפּברענגען. וואָס איז, דאָ איז אַן אנדער גאָט, וואָס? ס'איז שוין אָבער א וועלט אזא דאָ, וואָס פירט אראָפּ פון וועג, עס הייבט זיך אָן פון א קורץ רעקל, פון היימאַן, פון עסן אָן געוואשן, פון פאַרבייגן א דאוונען, פון אונטערשערן די באָרד, ביז... ביז... ביז מע פאַרלירט דעם ביטאָכן אין גאָט... און אז מע האָט אין גאָט קיין ביטאָכן ניט, איז מען יענעם מעקאַנע, מע פאַרגינט ניט דעם צווייטן דאָס לעבן... פאַרוואָס האָט ער אין דער היים קיינמאָל קיינעם ניט מעקאַנע געווען? האָט ער עפּעס געהאט צו נייציַיטן אָדער צו אנדערע גווירים? זיי זיַינען רייַך, מינאסטאם זיַינען זיי ווערט בא דעם אייבערשטן... אז ער וויל גאָר קיין אשירעס ניט! און דאָ? אויסגעלערנט זיך פון די סאָשעליסטן האָבן טיַינעס צום ריבוינעשעלוילעם: וואָס איז דער יוי־שער, ער זאָל האָרעווען, ווי א פערד, און די באַסעס זאָלן פעט ווערן פון זיַין פּראַצע? און נאָך אזעלכע טיַינעס, וואָס העלפן גאָרניט און פאַר־ביטערן בלויז דאָס לעבן... נייַן, מע מוז אנטלויפן פון דעם דאָזיקן גע־הענעם מיט דעם אייביקן הו־הא, מיט דעם שטענדיק בלייַענעם הימל איבערן קאָפּ, מיט די בלאָטיקע גאסן אונטער די פיס און מיט די גע־

דיכטע פּאַגעס, פון וועלכע מע שפּײַט מיט שטיקער סאזשע... ווען ער קומט צוריק אהיים אין זײַן ליבן שטעטל מיט די אייגענע, היימישע מענטשן, מיט דער ליכטיקער זון, מיט דעם אלטן פּארוואקסענעם בע־סאלמען קעגניבער זײַן פענצטער, מיט די הינער און טויבן ארום שטוב, וואלט ער צוריק געוואָרן דער זעלבער כאַים דער פרייליכער, וואָס אמאל... אײַ, די היים, די היים! וואָס קאָן זײַן טײַערער, ווי די אייגענע היים?.. יאָ, אזוי בלײַבט עס: ער וועט שרײַבן ריקליען, אז פון אהער קומען איז גאָר ניטאָ וואָס צו טראכטן...

צום אָנהייב איז כאַים שטארק צופרידן געווען, וואָס ריקליע האָט אים ניט געפאָלגט און איז געקומען קיין לאָנדאָן. עפּעס ווי א בײַ מאזל האָט זי מיט זיך מיטגעבראכט: זינט ריקליע מיט די קינדער זײַנען געקומען, איז ער קיין איין טאָג ליידיק ניט געגאנגען. עמעס, די סוועט־שאפּ ציט די לעצטע קויכעס ארויס, אָבער וואָס זאָל מען טאָן? אף גרויסע פאבריקן נעמט מען זייער זעלטן צו א פרעמדגעבירטיקן צו דער ארבעט. מע נעמט אים צו נאָר דאָן, ווען עס פעלן הענט, פאָדערט מען אָבער, ער זאָל ארבעטן שאבעס — און דאָס וועט ער בעשום־אויפן ניט טאָן.

אלץ יאָ, און דאָס — ניט! שאבעס איז דאָס איינציקע, וואָס עס איז אים פארבליבן פון דער היים. א גאנצע וואָך זעט ער אפילע די קינדער זעלטן־ווען וואכנדיק: ווען ער גייט אוועק פארטאָג צו דער ארבעט, שלאָפן זיי נאָך, און ווען ער קומט שפּעט אין אָוונט צוריק, שלאָפן זיי שוין... שאַ־בעס איז דער איינציקער טאָג, ווען ער פילט, אז ער האָט זײַן אייגן ווינקל, ווען ער עסט בא איין טיש מיט זײַן הויזגעזינד. זאָל ער דאָס אויך פארלירן? דאָס — ניט!

פלוצעם האָט זיך אלץ געענדערט: צוזאמען מיטן ווינטער איז גע־קומען די ארבעטסלאָזיקײַט. א וואָך נאָך א וואָך, א כוידעש נאָך א כוי־דעש זײַנען פארבײַ, און קיין ארבעט איז ניטאָ. טאָג נאָך טאָג גייט כאַים,

איצט שוין היימאַן, פון איין שאפּ צו דער צווייטער און הערט אומע־טום איין ענטפער: „ניטאָ קיין ארבעט, סלעק“...

האָט ריקליע אָנגעהויבן בעטן:

— ביסט דאָך שוין ניט קיין קליין גרינגער, קאָנסט דאָך שוין א ביסל דעם היגן לאָשן, גיי זוך אַף גרויסע מעבל־פאבריקן. די קינדער צאַנקען דאָך פאר די אויגן.

— וואָס איז די פּולע פון שפּראַך, אז אַף פאבריקן ארבעט מען שאַ־בעס? — האָט כאַיִם דערמאָנט.

— די קינדער וועלן דאָך אָבער פאר הונגער אויסגיין! — האָט ריק־ליע געהאַט איין טייַנע.

— זאָל איך זיך עפּשער שמאַדן צוליב די קינדערסוועגן?

ריקליע האָט מער ניט גערעדט. אירע אויגן האָבן פאר איר גע־רעדט, — גערעדט מער, ווי ווערטער... האָט ער אָנגעהויבן זוכן ארבעט אַף פאבריקן.

פארטאָג, ווען האלב שטאָט שלאָפט נאָך און די שטילקייַט פון די גאסן ווערט געשטערט בלויז דורך די טריט פון ארבעטער, וואָס איַילן צו דער ארבעט, הייבט זיך כאַיִם אוף פון געלעגער, שלייַכט זיך ארויס שטילערהייט פון שטוב און לאָזט זיך יעדן טאָג צו אן אנדער מעבל־פאבריק זוכן ארבעט. צוזאמען מיט עטלעכע צענדליק און אָפטמאָל מיט עטלעכע הונדערט אנדערע ארבעטסלאָזע שטעלט ער זיך בא די פארמאכטע טויערן פון א פאבריק און וואַרט, ביז זיי וועלן זיך עפענען און מע וועט זיי ארייַנלאָזן אפן הויף, ווו דער פארוואלטער וועט פון דער גרויסער מאסע עפּשער אויסקלייַבן איינעם אָדער צוויי „הענט“.

ציטערנדיק פון פרימאָרגן־קעלט, שטייען די ארבעטער צונויפגע־דריקט אין איין קנויל, טופּען מיט די פיס און הוקען אַף די פארגליווער־טע פינגער פון די הענט צו דערוואַרעמען זיי א ביסל מיט זייער אָטעם. מע שטייט שווייַגנדיקע, פינצטערע, ווי באַרויגעזע איינער אפן צווייטן. צייַטנווייַז נאָר פאלן איינצלנע, צו קיינעם באזונדערס ניט געווענדטע ווערטער, אָפּגעריסענע פראַזן:

— א היגטישע קעלט!..

— בא מיר אין שטוב איז ניט ווארעמער...

— א טעפעלע הייסע קאווע וואָלט איצט ניט געשאדט...

— מער ווילסטו גאָרנישט?..

— א סיגארעט אויב עמעצער האָט אן איבעריקן...

וועגן דעם, וואָס אינטערעסירט יעדערן אמערסטן, — וועגן ארבעט, — רעדט מען א וואָרט ניט, ווי יעדער וואָלט מוירע געהאט, אז דערמיט, וואָס ער וועט ארויסזאָגן זײַן גרעסטן ווונטש, וועט ער איבערגעבן זײַן שאָכן א טייל פון דער מעגלעכקײַט צו באקומען דאָ ארבעט.

ווען די גרויסע פינצטערע פאבריק גיט מיטאמאָל ווי דורך א קישעף א בליץ מיט אירע הונדערטער פענצטער און דער שארפער געוווי פון דער פאבריק־סירענע שנײַדט דורך די פרימאָרגן־שטילקײַט, — דער ערשטער סיגנאל, אז דער ארבעטסטאָג האָט זיך אָנגעהויבן, — ווערט דער מענטשן־קנויל הינטערן טויער נערוועז און אָנגעשטרענגט.

אָט באלד וועט מען זיי ארײַנלאָזן אין הויף און דער פארוואלטער וועט זיי ארויסגיין באטראכטן, ווי מע באטראכט פערד... ער וועט דורכ־נעמען יעדערן מיט זײַן גענײטן בליק — די פיגור, דאָס פּאָנעם, די הענט. אָפּשאצן די ארבעטס־קראפט.

אף כאָימען פלעגן זיי אפילע קיינמאָל ניט אָפּשטעלן זייער בליק. זײַן אויסזען פון א פרעמדגעבירטיקן, זײַן עלטער האָבן ניט געקאָנט צוציִען צו זיך די אופמערקזאמקײַט פון די באלעבאטים. נאָר איינמאָל, נאָך העכער צוויי כאדאָשים זוכעניש, ווען ער האָט שוין פארלאָרן די האָפענונג צו געפינען ארבעט און איז געגאנגען זוכן אבי נאָר אין דער היים ניט צו בלײַבן, איז אים א גליק געשען: צווישן די פּאָר צענדליק ארבעטער, וואָס זײַנען דעם פרימאָרגן אָנגענומען געוואָרן אף דער פאבריק, איז ער אויך געווען.

— איר זעט אפילע ניט אויס זייער געשיקט, אָבער מיר דארפן איצט האָבן „הענט“, — האָט דער באלעבאָס געזאָגט.

אז ער וועט דאַרפֿן אַרבעטן שאַבעס, — וועגן דעם האָט כאָטש פֿון גרויס סימכע אײַנגאַנצן פֿאַרגעסן. ער האָט נאָר געדענקט איין זאַך: ער וועט ברענגען אַהיים די גוטע בסורע, אַז ער האָט שוין אַרבעט, און ריקליע וועט אויפֿהערן צו קוקן אויף אים מיט אַזעלכע פֿאַרצווייפֿלטע אויגן.

דערמאָנט האָט ער זיך וועגן שאַבעס ערשט פֿאַרנאַכט, אַהיים גייענדיק, אָבער ער האָט געטריבן פֿון זיך דעם געדאַנק: ביז שאַבעס האָט ער נאָך אַ גאַנצע וואָך. ער וועט נאָך זען, ער האָט נאָך צײַט צו קלערן וועגן דעם...

ווען דער שאַבעס איז אָנגעשטאַנען, האָט ער גאָר געוווּן פֿאַרגעסן, אַז ער דאַרף הײַנט גיין אַרבעטן. אויפֿגעהויבן זיך אינדערפֿרי, האָט ער ניט אײַלנדיק געוואַשן אָנטאָן זיך, בעדייע האָבנדיק צו גיין הײַנט אין כאָרשול דאַוונען. שוין באַלד פֿינף יאָר אין דער מעדינע און נאָך קיין כאָרשול ניט געזען, — האָט ער אַ טראַכט געטאָן, אָנציִענדיק דעם זאָק אויפֿן פֿוס. מע דאַרף אַ קוק טאָן, וואָס אַזוינס איז אַ כאָרשול.

נאָר מיטאַמאָל האָט ער זיך אָפּגעוואָרפֿן אַהינטער, גלײַך עמעצער וואָלט אים אַ שניט געטאָן מיט אַ בײַטש איבערן פּאָנעם, האָט זיך ווידער אָנגעבויגן פּאָרויס און מיט דעם אויפֿגעוויקלטן זאָק אין די הענט איז ער געבליבן זיצן ווי אַ פֿאַרגליווערטער.

„איך אַרבעט דאָך הײַנט!‟ — האָט ווי אַ בליץ דורכגעשניטן זײַן מויעך.

און ווי ער וואָלט זיך אַליין געוואָלט איבערצײַגן, אַז ער כאָלעמט ניט, האָט ער איבערגעכאַזערט אויפֿן קאָל:

— איך אַרבעט דאָך הײַנט...

און באַלד מיט אימפּעט צוגעגעבן:

— ניט דערלעבן וועלן מײַנע סאָנים! איך גיי הײַנט ניט צו דער אַרבעט...

נאָר אין מויעך איז שוין אַרויסגעשוווּמען אַן אַנדער געדאַנק: „ע, שוין אַלצייגנס‟...

און די ליפּן האָבן גאַנץ מעכאַניש שטיל געשעפּטשעט: „שוין אַל־ציינס"...

כּאַים איז אַרויס פון שטוב, אַליין ניט זיכער זייַענדיק, וווּהין וועלן אים זייַנע פיס פירן: אין כּאָרשול אָדער אין פאַבריק אַרייַן.

מיטן ערשטן פייַף פון דער פאַבריק־סירענע איז ער געשטאַנען אויף זייַן שטענדיקן אָרט און געאַרבעט...

זינט כּאַים האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אויף דער פאַבריק, האָט ער זיך אינגאַנצן איבערגעביטן: קיינמאָל זעט מען פון אים קיין פרייַע מינע ניט, מע הערט פון אים ניט קיין גוט וואָרט, שטענדיק גייט ער אום א פאַר־ביטערטער, א באַרויגעזער, טשעפּעט זיך אָפּט צו ריקליען גאָר אומזיסט.

— וואָס גייסטו שטענדיק אַרום אַן אָנגעדרודלטער, וואָס? אַרבעטסט דאָך שוין, דאַכט זיך, גאָט צו דאַנקען, — קאָן ריקליע ניט פאַרשטיין, וואָס מיט אים איז געוואָרן.

— איך אַרבעט... גליקלעך בין איך, — וואָרטשעט כּאַים.

— וואָס זינדיקסטו, וואָס? אַלץ, דאַכט זיך, בעסער אַרבעטן אויף א פאַב־ריק, איידער פאַרפינצטערט ווערן צוועלף שאָ א מעסלעס אין סוועט־שאָפּ, ווי פריִער.

כּאַים ווערט אַן אופגעקאָכטער:

— דערמאָן מיר ניט די פאַבריק! האַלעוויי וואָלט איך זי ניט גע־קאָנט, וואָלט אונדז אַלעמען בעסער געווען.

און ער הייבט אָן צו שיטן פעך און שוועבל אויף דער פאַבריק, ריידן פון איר מיט אַזאַ קאַס און סינע, אַז ריקליען פאַרדריסט שוין, וואָס זי האָט זיך גאָר אָנגעהויבן מיט דעם „מעשוגענעם".

ניט דעם באַלעבאָס פון דער פאַבריק שילט ער און זידלט, נאָר טאַקע די פאַבריק גופע מיט אירע מאַשינעס, מיט אירע ברייטע לעדערנע פּאַסן, מיט אירע רעדער, מיט איר טומל, מיט איר הודאַק און מיט איר גאַנצער אָרדענונג. א מוירעדיק גרויסע, א גיגאַנטישע שפּין איז עס, וואָס האָט

פארכאפט אין איר נעץ טויזנטער מענטשן־פליגן און זויגט פון זיי זייער בלוט. אלץ פון אים אויסגעזויגן: זײַן פרייליכקײַט, זײַן געמיטלעכקײַט, זײַן גוטמוטיקײַט, זײַן ביטאָכן, זײַן שאבעס פון אים גערויבט, קיין זאך אים ניט איבערגעלאָזט.

צום באלעבאָס אליין האָט כאיִם גאָרנישט: פאר א גוויר דארף מען דערעכערעץ האָבן, ווי דען?!.. יעדעס מאָל, ווען איינער פון די דירעקטאָרן קומט אראָפּ אין פאבריק, ווילט זיך כאיִמען זייער, אז דער רײַן־ראזירטער, וואזשנער דזשענטלמען זאָל זיך אָפּשטעלן לעבן אים און זאָגן אים א פּאָר ווערטער, כאָטש א קוק טאָן אף אים. דוכט זיך, אז דערפון קאָן ער געהויבן ווערן אף דער פאבריק, נאָר דער דירעקטאָר אײַלט שטענדיק, גייט פארבײַ, קיינעם ניט באמערקנדיק. איין מאָל נאָר, ווען ער האָט באטראכט די נײַע מעכאנישע זעג־מאשין, בא וועלכער כאיִם איז געשטאנען, האָט ער איבער אים אויך א פּיר געטאָן מיט די אויגן, גלײַך ער, כאיִם, וואָלט געווען א טייל פון דער מאשין, און איז אוועק ווײַטער.

כאיִם האָט זיך ניט באליידיקט: ווי קאָן אינדערעמעסן אזא וואזשנער מענטש אָפּשטעלן זיך ריידן מיט עפּעס אן ארבעטער אף זײַן פאבריק? ניט מער ווי א מעשאָרעס בא דער מאשין. דערלאנג דער מאשין צום האנט — מער פאָדערט מען פון דיר ניט.

די פאבריק אָבער האָט ער אינגאנצן אָפּגעטיילט פון אירע אייגנטימער און האָט זי געהאסט ווי דעם טויט, ווי ניט דער אייגנטימער — די פאבריק גופע וואָלט שולדיק געווען אין זײַן שווער לעבן.

אנדערע ארבעטער קוראזשען זיך נאָך: זיי וועלן שטרײַקן, זיי וועלן פירן מילכאָמעס מיטן באלעבאָס... פאראן אזעלכע, וואָס זאָגן גאָר, אז די פאבריק וועט אמאָל געהערן צו זיי, צו די ארבעטער, הייסט עס. אָבער ער, כאיִם, ווייסט דאָך, אז ס׳איז ניט מער ווי פּלוידערײַ. ניט נאָר דער באלעבאָס, נאָר אפילע דער אופזעער, אז ער וויל נאָר, גיט ער א וואָרף ארויס אן ארבעטער און קיינער וואגט ניט א פּיפּס צו טאָן...

— וואָס איז פאראן וואָס צו ריידן, — מע ליגט גוט אין דר׳ערד! — ענדיקט כאַים זיינע טיינעס.

— זע, כאַים, דו זינדיקסט! — וואָרנט אים ריקליע. — לייט וואָלטן דאנקען גאָט, זיי זאָלן כאָטש דאָס האָבן.

— וואָס גלייכסטו מיך צו לייטן, וואָס? — ווערט כאַים אין קאס. — לייט איז אלציינס: יאָ שאבעס, ניט שאבעס, יאָ זיין א מענטש מיט לייטן גלייך, ניט זיין א מענטש, איך קאָן עס אָבער ניט! בא מיר איז דאָס קיין לעבן ניט.

— איז וואָס זשע, דארף מען שוין ציִען אף זיך דעם טרויער? נישקאָשע, דער הימל ליגט זיך נאָך ניט אף דער ערד, דער אייבערשטער וועט געבן, די קינדער וועלן אונטערוואקסן, וועלן אָנהייבן עפּעס אריינברענגען, וועט ווערן גרינגער, — וועסט דאן גאָר אופהערן צו ארבעטן.

כאַים גיט ייִעשדיק א מאך מיט דער האנט.

— די קינדער! ביז מע וועט דערלעבן די נעכאָמע, וועט ארויס די נעשאָמע. די סקול[1] — סקולעס זאָל זיך זיי זעצן! שיינע זאקאָנעס, אזא יאָר אף זיי! האלט א באָכער ביז פערצן יאָר אין די שקאָלעס. אנדערש וויל „יאָקעל"[2] ניט, און טו אים עפּעס! וואָס ארט עס זיי? ניט זיי דארפן די קינדער געבן עסן... וואָלטן זיי כאָטש ארויס לייט פון זייער סקול, איז דאָס אויך ניט: גאס־יונגען, לויפערס, ברוִים!.. דאוונען פארגעסן...

— נישקאָשע, אז דער אייבערשטער וועט וועלן העלפן, וועט ער שוין געפינען א וועג צו העלפן, — טרייסט ריקליע, — פלעגסט דאָך אליין שטענדיק זאָגן: אז מע פארלאָזט זיך אף אים, מוז ער העלפן...

— איז וואָס בעטסטו בא מיר אף קוילן, אף דירעגעלט? גיי בעט בא גאָט אף דער הויצאָע! יענטע, נאָר מיט גאָט שמועסט זי, — רעדט כאַים בעקיוון אזעלכע רייד, קעדיי צו ערגערן ריקליען.

---

[1] די שול.

[2] א ביטל־נאָמען פאר אן ענגלענדער.

— שוויַיג, וואָרעם איך וואַרף דיר באַלד עפּעס אין קאָפּ! — ווערט ריקליע אַ פאַרציטערטע פון אַזעלכע אַפּיקאָרסישע רייד. — ט'איר געהערט, אַ ייִד זאָל ריידן אַזעלכע הולטײַסקע דיבורים!

אָבער כאַיִם ווערט נאָך מער אופגערעגט און, ריקליען אָף לעהאַכעס, הייבט ער אָן שיטן מיט אַזעלכע רייד, פון וועלכע עס שטעלן זיך באַ איר די האָר קאַפּויר.

— וואָס קריכסטו אָף די גלײַכע ווענט, וואָס? — ווערט ריקליע אַ פאַרצאַפּלטע.

אָבער כאַיִם קריכט אַלץ ווײַטער און ווײַטער. שוין ניט אַזויפיל צו רייצן ריקליען, ווי צו קילן זיך דאָס האַרץ...

אָבער נאָך אַזעלכע אָנפאַלן פון מעשוגאַס, ווי ריקליע רופט עס, ווערט אים נאָך שווערער אָפן האַרצן. ער פילט זיך שולדיק קעגן ווײַב. אַכוץ דעם, האָט ער מוירע, גאָט זאָל אים טאַקע ניט שטראָפן פאַר אַזעלכע רייד...

און שפּעט באַנאַכט, ווען ריקליע מיט די קינדער שלאָפן שוין, באַמיט ער זיך ניט בלויז איבערבעטן זײַן גאָט מיט עטלעכע קאַפּיטלעך טילים, ער בעט אים נאָך מיט אייגענע ווערטער: „ריבוינעשעלוילעם, מאַך, איך זאָל ווערן דער זעלביקער, וואָס אַמאָל... שטאַרק מײַן ביטאָכן אין דיר"...

נאָך אַזעלכע טשוווע־נעכט ווערט כאַיִמען גרינגער, ווי אַ שטיין וואָלט אַראָפּגענומען ווערן פון זײַן האַרץ, נאָר עס גייט פאַרבײַ אַ ביסל צײַט און עס באַפאַלט אים ווידער דאָס „מעשוגאַס"...

כאַיִמס געדאַנקען וועגן זײַן אייגענעם שווערן לעבן זײַנען שטענדיק ענג פאַרבונדן מיט די געדאַנקען וועגן דעם גליק פון זײַן לאַנדסמאַן זעליק אָקס.

זעליק אָקס איז געקומען קיין לאָנדאָן מיט עטלעכע יאָר פריִער פאַר כאַיִמען. אין דער היים איז זעליק געווען אַ שמײַסער באַ אַ באַלעגאָלע.

נאָר ווען דער באַלעבאָס זײַנער האָט פאַרקויפט דעם שפּאָן און איז אוועקגעפאָרן קיין אמעריקע, האָט זעליק אויך קיין אנדער ברירע ניט געהאַט, ווי פאַרקויפן פון זיך דאָס לעצטע און אוועקלאָזן זיך כאָטש קיין ענגלאַנד זוכן ברויט.

געפאָרן איז ער אהער מיט דעם כעזשבן, אז ערגער קאָן דאָך שוין ניט זײַן. עס האָט זיך אָבער ארויסגעוויזן, אז עס קאָן זײַן ערגער אויך: געזונט, ווי אן אָקס, און גרייט צו טאָן די שווערסטע ארבעט, האָט ער דאָך ניט געהאַט צו וואָס די הענט צוצולייגן.

— ווען דו וואָלסט געווען א שטיקל באַלמעלאָכע, קאָנען האַלטן א נאָדל אין האַנט צי א הובל, וואָלסטו שוין ניט פאַרפאַלן געוואָרן, — האָבן אים זײַנע לאַנדסלײַט באַדויערט, — ביסטו אָבער א גאָרנישט און נאָך א גרינגער דערצו — וואָס טוט מען מיט דיר?

ווען מיט זעליקן האָט שוין געהאַלטן גאָר שלעכט, האָט איינער פון זײַנע לאַנדסלײַט זיך דערוווּסט, אז בא זיי אין שאַפּ דאַרף מען האָבן „א מענטש צו אַלע ארבעט", דאָס הייסט א שוואַרצארבעטער, האָט ער אײַנגעבעטן דעם באָס, ער זאָל צונעמען זײַן לאַנדסמאַן.

— געזונט, ווי אן אָקס, און איז גרייט צו ארבעטן פאַר וויפל איר וועט אים אַליין געבן.

— נו, נו, זאָל ער קומען, — איז דער באַלעבאָס צופרידן געווען פון אזא געלעגנהייט.

זעליק איז אויך צופרידן געווען: גאַנצע דרײַסיק שילינג א וואָך — פופצן רובל אף היימיש געלט! — אָך, וואָס דאַרף מען בעסער!.. אין דער היים קיינמאָל אזויפיל ניט פאַרדינט.

געארבעט האָט זעליק אָקס ווי א פערד: צוזאַמענגעלייגט ברעטער צום טריקענען, דערלאַנגט צום האַנט, צוגענומען, געקאָכט קליי, אויס־געראַמט נאָך דער ארבעט די שאַפּ, אײַנגעשפּאַנט זיך אין א האַנט־וועגל אף צוויי רעדער און אָפּגעפירט פאַרטיקע ארבעט צו די באַשטעלער, און געטאָן אנדערע ארבעט, צו וועלכע עס האָט זיך געפאָדערט מער קויעך ווי סייכל.

איינמאָל אין א פֿײַכטן און גליטשיקן אָסיען־טאָג האָט מען זעליקן געשיקט אָפּפֿירן א שרײַבטיש. זעליקן איז אויסגעקומען צו גיין דורך דעם באַנק־פּלאַץ.

אַף דעם באַנק־פּלאַץ האָט עס, ווי געווײנלעך, געווירבלט ווי אין א קעסלגרוב: מענטשן, פֿערד, אווטאָמאָבילן, אָמניבוסן, עקיפּאַזשן, לאַסט־וואָגנס, האַנטוועגלעך האָבן זיך איבערגעפֿלאָכטן אינײנעם אזוי, אז ס׳איז שווער געווען צו זען, פֿונוואַנען און וווהין עס פֿליסט דער לעבעדיקער שטראָם.

געשיקט, ווי אַקראָבאַטן, דרייען זיך די פֿוסגייער צווישן דעם לעבע־דיקן פּלאָנטער, ווי די שלאַנגען פֿלעכטן זיך דורך די צײַטונגס־ייִנגלעך צווישן די זיך בייזערנדיקע אווטאָמאָבילן, אונטער די מאָרדעס פֿון די פֿערד, פֿון אונטער די סאַמע רעדער פֿון די אָמניבוסן. באַווײַזנדיק זיך דאָרטן, וווּ עס איז געדיכטער, שרײַען זיי אויס די לעצטע נײַס פֿון טאָג.

בלויז די גרויסגעוויקסיקע און גוט־אָפּגעפּאַשעטע פּאָליסלײַט שטייען רויִק אַף זייערע ערטער, דאָרט, וווּ דער באַנק־פּלאַץ צעצווײַגט זיך אַף זעקס גאַסן, און מיט א מערקווירדיקער קאַלטבלוטיקײַט דיריזשירן זיי מיט דער באַוועגונג: אופגעהויבן דאָס שטעקעלע — און דער גאַנצער שטראָם פֿון לינקס אַף רעכטס בלײַבט שטיין, ווי דורך א קישעף, א מאַך מיטן האַנט — און אַלץ באַוועגט זיך פֿונדאָסנײַ.

יעדער מאָל, ווען זעליקן איז אויסגעקומען צו גיין איבער דעם באַנק־פּלאַץ, האָט ער פֿון אַלץ, וואָס ס׳טוט זיך אַרום אים, באַמערקט נאָר די „ענגליש־באַנק״. די נידעריקע, מאַסיווע, טונקעלע געבײַדע אָן פֿענצטער, וווּ „אַלע קייסאָרים האַלטן זייער געלט און זייערע קרוינען״, ווי מע דערציילט אין שאַפּ, האָט שטענדיק גערייצט זײַן נײַגעריקײַט און גע־וועקט זײַן פֿאַנטאַזיע, די אָרעמע פֿאַנטאַזיע פֿון א מענטשן, וואָס האָט זײַן גאַנץ לעבן געלעבט אין דאַכקעס.

וויפֿל געלט ליגט דאָ? עמעס טאַקע, אז גאָלדענע מאַטבייעס ציילט מען דאָ ניט, נאָר מע וועגט? ווי זעט אויס אַן אַסיגנאַציע פֿון א מיליאָן פֿונט? — אָט וואָס עס האָט זיך אים שטאַרק געוואָלט וויסן.

וואָס וואָלט אָן ערעך געווען, ווען ער האָט דאָס געלט, וואָס עס ליגט דאָ כאָטש אין איין ווינקעלע? — פלעגט זעליק, שטופנדיק דאָס וועגל, פאנטאזירן. — ערשטנס, וואָלט ער אראָפגעבראכט אהער אף פייסעך כיענען מיט דער כעוורע פיקערס... ניין, דאָס ערשטע וואָלט ער געשיקט אהיים א פיקטשע, ווי ער זיצט זיך בא אן אלבאָם אָדער ווי ער שטייט אָנגעשפּארט אף א שטאכעטל...

נאָר וואָס רעדט ער! קוידעמקאָל וואָלט ער געשיקט דעם באָס צום טײַוול, דערנאָך וואָלט ער געגאנגען אין א רעכטן מערכעץ — ניט זייערע לעבלעכע וואנעס, נאָר טאקע אָן עמעסע היימישע שוויץ־באָד, מיט א פאָל, מיט בעזעמער, אויסשמײַסן זיך ווי געהעריק... נאָך דער באָד בע־מען דאָס גוטע ביסל שפּירט — אויך היימישע, עמעסע זעקס־און־נײַנ־ציקער, אָפּעסן דעם גוטן וואָרמעס, אזוי, פאָ־נאשעמו: מיט גענדזנס, מיט א קאשע אונטער דער יויך, מיט א פלוימען־צימעס... הא, עפּשער אינ־גאנצן וואָרפן צו אלדי רוכעס די ליכטיקע מעדינע?.. אינדערעמעסן, וואָס טויג אים די פאסקודנע מעדינע מיט אירע פאָגעס?.. בעסער וועט ער זיך אראָפּפאָרן אהיים אויסגעקליידט, ווי א סראָרע, מיט א זייגער, מיט א קייט, מיט א סיגנעט אפן פינגער אויך... וואָס, עס פאסט עפּשער ניט? — בלאָטע! אז מע האָט געלט, פאסט אפילע א געווענטעגע קאפּאָטע אינמיטן דער וואָך... שאבעס, אין שול, שטעלט ער זיך אוועק אין סאמע מיזרעך־וואנט, גיט א קויף די גאנצע אליִעס „הורטאָם“ און טיילט אומזיסט ווע־מען ער וויל, זנײַ נאשיך!.. אײַ וואָלט עס גדאליע ליפּ א ביסל צעפּוקעט געוואָרן! סטײַטש, בא אים אמאָל א שמײַסער געווען!..

זעליקן ווערט ווייך באם הארצן, און ער הייבט אָן צו טיילן צו ביס־לעך געלט דער אָרעמער מישפּאָכע זײַנער.

„אלע עוויוינים, נעבעך“...

ער שענקט אפן העקדעש, אף דעם באלעגאָלישן קלײַזל, אף כעוורע־קאדישע... אז דער אייבערשטער העלפט, פארוואָס ניט?..

א באָד וואָלט ער אויסגעבויט — א פאלאץ! „זאָל שטעטל האָבן א רעכטע באָד“...

— היי! רעכטס! רעכטס האַלט! — האָט מען מיט קאַס געשריִען הינ־טער זעליקן.

אָבער פאַרטיפט אין זײַנע זיסע פאַנטאַזיעס, האָט ער ניט געהערט די וואָרענונג און האָט זיך ווײַטער פאַוואָלינקע געשטופּט זײַן וועגל.

— רעכטס, דו אידיאָטישער האַלץ־קאָפּ!

זעליק האָט אומגעדרייט דעם קאָפּ און האָט דערזען צוויי פאַרשוימטע פערדישע מאָרדעס איבער זײַן סאַמע קאָפּ און דאָס צעקאָכטע, בייזע פּאָנעם פון דעם פורמאַן, וואָס האַלט אײַן מיט אַלע קויכעס די פערד, זיי זאָלן ניט אָנפאָרן אויף אים.

א צעטומלטער און א דערשראָקענער, האָט זעליק אײַלנדיק גענומען אָפּקערעווען זײַן וועגל רעכטס, אָבער אין דער זעלבער מינוט איז אים דער דישל פון אן אָמניבוס ארײַנגעפאָרן צווישן די לאָפּעטקעס און אומגעוואָרפן מיטן פּאָנעם צו דער ערד.

זעליק האָט דערפילט, ווי עפּעס שווערס און, דאכט זיך, אזוי גרויס ווי די באנק־געבײַדע רוקט זיך אָן אויף אים, ברעקלט אים די פיס אויף טויזנט שטיקלעך און שיקט פאַנאַנדער פונקען איבער זײַן גאנצן קער־פּער... א שטראָם הייס בלוט האָט אים א שפּאַר געטאָן אין קאָפּ ארײַן און אַלץ ארום אים איז פינצטער געוואָרן...

צו־זיך איז זעליק געקומען ערשט אפן צווייטן טאָג אין שפּיטאָל און געפונען בא זיך נאָר איין פוס.

— וואָס העלפט דאָס טײַנען? — האָט אים דער דאָקטער בארויִקט. — בעסער בלײַבן אויף דער־וועלט מיט איין פוס, איידער גיין אויף יענער־וועלט אויףביידע פיס... בארויִקט זיך און זעט בעסער וואָס גיכער געזונט ווערן און אופמאָנען בא דער אָמניבוס־קאָמפּאַניע, וויפל ס'וועט זיך לאָזן, פאַר דעם אָפּגעשניטענעם פוס. מיט ווײנען וועט איר גאָרנישט מאַכן.

זעליק האָט אפילע יאָ געווײנט, נאָר דאָס געלט האָט ער אויך אין זינען געהאַט, און ווען ער איז א פּאָר כאַדאָשים שפּעטער ארויס פון שפּיטאָל, האָט ער געפונען אן אדוואָקאַט א באַלטויווע, וואָס האָט זיך אונטערגענו־מען צו פירן דעם פּראָצעס מיט דער אָמניבוס־קאָמפּאַניע פאַר א דריט־

ביילעק פון זעליקס אָפּגעשניטענעם פּוס. זעליק איז דערויף מערוצע געוואָרן.

לאַנג האָט זיך געצויגן דער פּראָצעס. אָבער סאָפּקאָלסאָף איז זעליקס פּוס אָפּגעשאצט געוואָרן אין הונדערט און פופציק פונט סטער־לינג, איין דריטל פון וועלכע דער אדוואָקאט האָט גלייך אראָפּגענומען פאר זיין טירכע.

זעליקן האָט מען קאָל־יאָמאָוו געהאלטן פאר אן אָקס, נאָר אז מע האָט אים אראָפּגענומען דעם פּוס, האָט זיך ארויסגעוויזן, אז ער איז א מענטש מיט א קאָפּ, מיט סייכל: פאַרשטאַנען ווו צו נעמען א געוועלבל, ווי צוצו־ציִען קונדן, ווי צו קריגן קרעדיט. וואָס ווייטער, איז ער אַלץ מער אריין אין די פעדערן, געוואָרן אַלץ טאַקיפער און בעמיילע קליגער. ער איז ביס־לעכווייז געוואָרן א קענטיקער פּארשוין אין זיין לאַנדסמאַנשאַפט, צווישן וועלכע ער האָט זיך גערעכנט פאר איינעם פון די פּארמעגלעכסטע. מיט דער צייט האָבן לייט און ער אליין אויך פארגעסן, ווער זעליק אָקס איז. מע האָט געקאָנט מיסטער פּופּקעס דעם סטאָר־קיפּער[1], מיסטער פּופּקעס דעם פרעזידענט פון שול, דעם דערפאָלגרייכן ביזנעסמאַן, וואָס פאר־שטייט גוט אן אייגענעם און א קאָהאָלשן אייסעק און וואָס האָט שוין אפילע א שטיקל יעדיִע אין פּאָליטיק אויך...

נאָך דער ארבעט גייט כאִים אריין צו מיסטער פּופּקעס אין געוועלב זיצן א ביסל.

— העל־לאָו! — באַגריסט אים מיסטער פּופּקעס. — וואָס וועסטו דערציילן עפּעס נייעס, היימאַן?.. נא, פאַררייכער א סיגאַרעט!..

פאַרלייגנדיק די גראָבע פינגער הינטער די ארבל־אויסשניטן פון וועסטל, קוקט ער, א צופרידענער מיט זיך אליין, אף כאִימען און וואַרט, יענער זאָל אים זאָגן עפּעס אָנגענעמס.

---

[1] קרעמער.

כאַימען ווילט זיך א שפּיַ טאָן און אנטלויפן. אזא אָקס, אזא בורילע, מיט וואָס פאַר א ברייטקייַט ער באַגעגנט עס אים. ווי לאַנג, אז ער האָט געהאָרעוועט ווי א פערד פאַר דרייַסיק שילינג א וואָך און איז געלאָפן נאָך פאַפּיראָסן פאַר די ארבעטער, דערלאַנגט יעדערן די ברעטער צום האַנט... קוקט נאָר דעם אָנשטעל, וואָס ער מאַכט, ווי ער ציט עס א ביסל דעם „העל־לאָו״, פונקט ווי עס וואָלט אים געקאָסט א רענדל א וואָרט, — פאַרדריסט כאַימען, — געדאַרפט א שפּיַ טאָן און מער ניט אָנקוקן דעם מיִעסן פּאַרצוף זייַנעם...

אָבער כאַים אנטלויפט ניט. עפּעס ציט אים צו זעליקן אין געוועלב.

אַלע זייַנע פאַנטאַזיעס וועגן א זיכער שטיקל ברויט, וועגן א באַוואָרנטער עלטער, וועגן א בעקאָוועדיק אָרט צווישן מענטשן זעט ער פאַרווירקלעכט אין זעליקן. עס פאַרשאַפט אים עפּעס א ווייטעקלעכן פאַרגעניגן צו זיצן בא אים אין געוועלב און פּייַניקן זיך אַליין, פאַרגלייַכנדיק זייער ביידנס לאַגע און אויסהערן זעליקס נאַרישע אייצעס און מוסער.

לייַט האָבן עס א ביסל מאַזל, — גריזשעט זיך כאַים, צוקוקנדיק זיך צו זעליקס גליק, — אזא אָקס, שטייט זיך די הענט פאַרלייגט, מיטן גראָבן ציגאַר אין מויל און שלאָגט זיך קאָפּ אָן וואַנט, ליידיק ארומגייענדיק, און ער, אזא איידעלער באַלמעלאָכע פון דער היים, דאַרף פאַרשוואַרצט ווערן אויף דער פאַבריק און ניט שטענדיק האָבן אפילע ברויט צו זאַט... דער אָקס וווינט אין פיינף צימערן מיט מעבל, מיט פּאָרטעפּיאַנעס, מיט דיוואַנעס, מיט קאָל־האַוויגאָדעס, — און ער דאַרף זיך וואַלגערן אין ענגשאַפט, אין כוישעך, אין שמוץ, און יעדן טאָג ציטערן, ער זאָל נאָך דאָס אויך ניט פאַרלירן. דער אָקס ווערט וואָס א יאָר אַלץ יינגער און שענער — ער איז שוין באַלד ברייטער ווי לענגער, — און ער, וואָס איז נאָך קיין פופציק יאָר ניט אַלט, מוז פאַרבן די האָר, דער פּאָרמאַן זאָל ניט זען, אז ער ווערט שוין גרוי... זיי האָבן פּייַנט אַלטע לייַט אויף דער פאַבריק... „קנאַפּ רירעוודיק בין איך שוין פאַר זיי״...

— וועל, הײמאַן, ווי גײט עס בא דיר? וואָס מאַכט דײַן ייִדענע? — פֿרעגט מיסטער פּופּקעס, איבערוואַרפֿנדיק דעם ציגאַר פֿון אײן ווינקל מויל צום צווייטן.

— וואָס זאָל מאַכן אַ ייִדענע? דעם טויט מאַכט זי, איך זאָל איר געבן וואָס מער געלט, הע, הע! — לאַכט כאַים אַ האַכנאָעדיק געלעכ־טערל.

— זיי זײַנען אַלע אַזוי. מיר דאַרפֿן וואָס מער פֿאַרדינען, און זיי — וואָס מער צעטרענצלען, — פֿילאָזאָפֿירט מיסטער פּופּקעס.

— וואָס טוט מען אָבער, אַז די פֿאַרדינסטן קלעקן ניט אָדער אַז עס מאַכט זיך, ס'איז אינגאַנצן קיין אַרבעט ניטאָ? — פֿילט זיך כאַים ווי שולדיק, וואָס ער קאָן זיך ניט גלײַכן צו פּופּקעסן.

— מע מוז! — פּאַסקנט מיסטער פּופּקעס. — אַז מע האָט אַ ווײַב און קינדער, מוז מען... די ייִנגלעך דײַנע דאַרפֿן אויך עפּעס אַרײַנברענגען אין שטוב. אַלע דאַרפֿן אַרבעטן, ווי דען!

כאַימען ווילט זיך פֿרעגן: „פֿאַרוואָס אַרבעטן ניט דײַנע קינדער, אָקס דו אײנער?" — נאָר אָנשטאָט די ווערטער, וואָס בעטן זיך אים אויפֿן צונג, הייבט ער זיך אָן פֿאַרענטפֿערן און קלאָגן זיך אויף זײַן ביטער מאַזל.

— מײַנע ייִנגלעך! רעדט בעסער ניט וועגן זיי! די ייִנגלעך מײַנע וועלן מיך פֿאַר דער צײַט פֿון דער וועלט אומברענגען, מײַנע ייִנגלעך.

— צעלאָזענע כעווררע, לויפֿערס, וואָס?

— צעלאָזן? יענע שפּרינגען אין די אויגן, מאַכן כויזעק, רופֿן דעם אײגענעם טאַטן „גרינהאָרן", — קלאָגט זיך כאַים.

— ביסט אַלײן שולדיק, — מוסערט זעליק, — קינדער דאַרף מען וויסן ווי אײַנצושפּאַנען, ווי צו האַלטן אין צוים, — רעדט ער פֿון אַלטער געוווינהײַט אויף זײַן באַלעגאָלישן לאָשן.

— אַז איך וויס ניט, וואָס מיט זיי איז דאָ געוואָרן. אין דער הײם געווען אַזעלכע שטילע, סטאַטעטשנע, וואָס דער טאַטע האָט געזאָגט, איז געווען געזאָגט, דער מאַמען — אויפֿן ווונק געפֿאָלגט. וואָס הײסט, גאַנץ

שטאָט האָט זיך מיט זיי געבענטשט. און דאָ — ווי עמעצער וואָלט זיי א קישעף אָפּגעטאָן! קיין ברעקל דערעכערעץ, קיין האַר שטאָט, קיין מענטשישקייַט — גאָרניט! באָקס, פוטבאָל, דער שוואַרצער יאַר ווייסט די היגע נעמען זייערע! בריקען א פּילקע מיט די פיס — דאָס איז אַלץ, וואָס זיי האָבן געלערנט.

— אז דו ווייסט ניט, ווי צו פירן זיך מיט זיי, — גיט זעליק צו פאַר־שטיין, — מע נעמט א בייַטש און מע צעקאַטעוועט אזוי די זייַטן, אז ס'זאָל אָפּפאַלן דער כיישעק צו פוטבאָל מיט באָקס. פאַרשטייסט, צי ניין?

— איַי, וואָס רעדט איר עפּעס, מיסטער פופקעס? ס'איז מיר א כי־דעש אף אייַך, איר זאָלט אזוינס זאָגן. וואָס הייסט, איר וועט זיי שלאָגן? ניט נאָר שלאָגן — א קרום וואָרט טאָרט איר זיי ניט זאָגן! גייען זיי גאָר אוועק פון שטוב, און טוט זיי עפּעס! אז דאָ אין דער מעכייַעדיקער מע־דינע איז יעדערער באַלעבאָס איבער זיך אַליין.

— וואָס הייסט זיי גייען אוועק? מיט א לייצע צום בעט וואָלט איך אזעלכע לויפערס צוגעבונדן... איך וואָלט זיי וויַיזן אוועקגיין וואָלט איך זיי!

— נו, נו, פּרוווט נאָר אָנהייבן זיך מיט די היגע באַיעס: גיט ער גאָר אף אייַך אָן אין קאָמיטעט פאַר קינדער־שוץ. וועט אייַך מער ניט פעלן. מיר זייַנען דאָך עפּעס אין א פרייַער מעדינע, ווו א טאַטע האָט אפילע ניט קיין רעכט אָפּצושמייַסן אן אייגן קינד, — רעדט כאַים מיט גאַליקער איראָניע.

— לאָז צורו די פרייַע מעדינע, ברעך זיך ניט דעם קאָפּ מיט די קאָ־מיטעטן! ווען עס טרעפט, אז מייַנע זשערעבטשיקעס זאָלן מיר אָנהייבן צו שפּרינגען פון די האַלאַבליעס, וואָלט איך זיי אָנגעהאַקט אזעלכע קאָמיטעטן, אז זיי וואָלטן בא מיר א כוידעש צייַט ניט געקאָנט זעצן זיך אף זייערע „קאָמיטעטן" — אָט וואָס איך וואָלט געטאָן!

— ניט מיט מייַנע אַרעסטאַנטן וואָלט איר עפּעס אויסגעפירט, מי־סטער פופקעס.

— אָהאָ, לאָזן זיי נאָר אַרייַנפאַלן אין מייַנע הענט, וואָלסטו געזען, ווי איך וואָלט פון זיי געמאַכט לייַט, — באַרימט זיך פופקעס. — ווי אַלט

איז דײַן עלטערער באַי, פופצן יאָר? אזא יונג דארף שוין גיין אין שאפּ ארבעטן, דער צווייטער — דרײַצן? — קאָן אויך עפּעס ארײַנברענגען אין שטוב... געוויס, ער דארף נאָך לויפן אין סקול, אָבער אין דער פרײַער צײַט קאָן ער זיך ארויסכאפּן פארקויפן פּייפּערס, א וועלכן־עס־איז פּעני־ארטיקל, ווי זשע דען? קינדער דארפן העלפן...

— העלפן! איך וואָלט זיי שוין מוחל געווען זייער הילף, נאָר זאָלן זיי קיין לויפערס, קיין גאסן־יונגען ניט ווערן. דער יינגערער מײַנער פארקויפט שוין פּייפּערס. איז וואָס זשע טוט ער מיט זײַנע פארדינסטן? קויפט פּאפּיראָסן, עסט צוקערלעך, אײַז־קרעם, שפּילט אין ביינדלעך — אָט דאָס האָב איך פון זײַנע פארדינסטן!

— אָט דאָס זאָג איך דאָך, אז דו קאָנסט מיט זיי ניט פירן. קינדער מוז מען וויסן, ווי צו האלטן אין צוים... ניט יעדערער קאָן עס.

— ניין, זאָגט אײַך וואָס איר ווילט, מיסטער פּופּקעס, ס'איז שוין דאָ א מעדינע אזא, וואָס מאכט א טעל פון קינדער. אז קינדער זאָלן גאָר זײַן פרײַ צו טאָן וואָס זיי ווילן, קאָן עפּעס דערפון ארויסקומען גוטס?

— רעדסט, ווי א גרינהאָרן, — פארדריסט פּופּקעסן, וואָס מע טשע־פּעט זײַן מעדינע, — אז מע איז אליין א שלימאזל, א לוי־יוצלעך, דארף מען צו דער מעדינע קיין טײַנעס ניט האָבן. פארוואָס זײַנען מײַנע קינ־דער ניט קיין לויפערס? מײַנע מיידלעך לערנען זיך אין היי־סקול[1] אף טיטשערקעס[2], מײַן עלטערער באַי העלפט מיר אין די ביזנעס, און די קלענערע זײַנען אויך אָלרײַט. דו זײַ אליין א מענטש, וועסטו צו דער מעדינע קיין פּרעטענזיעס ניט האָבן. האלעווײַ וואָלט בא ניקאָלײַען געווען אזא מעדינע, ווי דאָ, וואָלטן מיר אהער ניט געדארפט פאָרן.

פּופּקעס האָט צו דער מעדינע קיין טײַנעס ניט און האלט זיך פאר א גרויסן ענגלישן פּאטריאָט.

1 הויכשול.

2 לערערקעס.

כאַימען פּלאַצט די גאַל פון דעם אָקס׳ ברייטן טאָן, פון זײַנע אײַצעס און מוסער. אים פאַרדריסט, וואָס אַליין ניט באַמערקנדיק ווען, האָט ער אָנגעהויבן דעם אָקס צו אירצן, אין דער צײַט, ווען יענער דוצט אים נאָך אַלץ ווי אַמאָל, עס קרענקט אים דער ביטל, מיט וועלכן פּופּקעס רעדט צו אים, די גײַוועס, מיט וועלכער ער רעדט פון זיך אַליין, די באַרימערײַ מיט זײַנע געראָטענע קינדער און מער פון אַלץ דאָס, וואָס אים אַליין פעלט עס אַלץ.

ניין! — קלערט כאַים. — אַזוי קאָן עס ווײַטער ניט גיין. פון דער אַרבעט וועט קיין גוטס ניט אַרויסקומען. מע מוז אויך זען קומען צו א שטיקל טאַכלעס... נישקאָשע, ער איז אַזאַ כאַכעם און אַזאַ בעריע, ווי דער אָקס... א געוועלבל עפענען, טאָן עפּעס, האַנדלען... אײַ, געלט? קאָן מען... דאַרף מען... וועט ער...

און ער הייבט אָן מאַכן פּלענער, איינער ווילדער פון דעם אַנדערן, קלערט און ברעכט זיך דעם מויעך אַזוי לאַנג, ביז אין קאָפּ ווערט א מישמאַש פון אָפּגעריסענע שטיקלעך געדאַנקען וועגן זעליקן, וועגן דער פאַבריק, וועגן די אַזעסדיקע קינדער, וועגן דעם מײַסטער, וועגן א גע־וועלבל... עס שווימט אַרום זײַן געבורטס־שטעטל, די אַלטע היים — אַלץ אויסגעמישט צוזאַמען, אָן אָן אָנהייב און אָן א סאָף.

כאַים פילט, אַז דאָס קלערעכץ וועט אים צו גוטס ניט ברענגען — דער מײַסטער האָט אים שוין עטלעכע מאָל געכאַפּט שטייענדיק בא דער מאַשין פאַרטראַכט... ער האָט טאַקע מוירע, ער זאָל, כאָלילע, ניט מע־שוגע ווערן... ער באַשליסט אויפצוהערן קלערן וועגן א טאַכלעס. „וואָס ס׳וועט זײַן, וועט זײַן". אָבער דער געדאַנק, וואָס וועט זײַן דער סאָף פון אַזאַ לעבן, און די מוירע, מע זאָל אים ניט אַרויסוואַרפן פון פאַבריק, פאַרפאָלגן אים שטענדיק און אומעטום: אין פאַבריק, אין גאַס, אין דער היים, אַפילע די כאַלוימעס זײַנע זײַנען וועגן דער פאַבריק, וועגן זע־ליקן און זײַן געוועלב.

די ערשטע צײַט פֿלעגט זיך כאַים טײלן מיט זײַנע פּלענער און פֿאַנטאַזיעס װעגן אַ טאָכלעס מיט ריקליען. אָבער ריקליע, אַ פּראַקטישע און קלוגע ייִדענע, האָט זיך גיך אַרומגעזען, אַז די מאַנקאָליע, װאָס איר מאַן האָט זיך אַרײַנגענומען אין קאָפּ, װעט אים נאָר פֿון װעג אַראָפּ־פֿירן. האָט זי אָנגעהױבן שרײַען, ער זאָל זיך אַרױסשלאָגן די פּוסטע כאַלױמעס פֿון קאָפּ. האָט כאַים אינגאַנצן אױפֿגעהערט צו רײדן מיט איר.

קומט פֿון דער אַרבעט, עסט ער שװײַגנדיק דעם מאָגערן מאָלצײַט, נעמט אַרײַן דעם קאָפּ צװישן די הענט, שטעלט אָן די אױגן אױף דער פּאָדלאָגע אָדער אױף דער װאַנט — און שװײַגט. זיצט אַ שאָ, צװײ שאָ, דרײַ שאָ און רעדט אַ װאָרט ניט אױס.

ריקליען טוט װײ דאָס האַרץ, קוקנדיק אױפֿן מאַן. געװען אַמאָל אַזאַ פֿרײלעכער, אַזאַ באַרײדעװדיקער מענטש, אַ גלײַכװערטלזאָגער. מע פֿלעגט זיך באַ די זײַטן האַלטן, לאַכנדיק פֿון זײַנע גלײַכװערטלעך. און איצט — שטענדיק אַ באַרױגעזער, אַ פֿאַרביטערטער, אַ פֿאַרצאָרנטער, — אַ שאָטן, ניט קײן מענטש.

זי װאָלט געװאָלט פֿאַנאַנדערשלאָגן זײַנע געדאַנקען, געבן אים צו פֿאַרשטײן, אַז דער הימל לײגט זיך נאָך ניט אױף דער ערד, צוגעבן אים מוט, אָבער יעדעס מאָל, װען זי פּרוּװט נאָר מאַכן מיט אים אַ רײד, ענ־דיקט זיך עס מיט אַ מאַכלױקע.

— װאָלסט זיך בעסער געלײגט אין בעט אָפּרוען, כאַים, װאָס טויג דיר זיצן און שלאָפֿן אױף באָרג? — פּרוּװט זי רײדן צו אים װײך.

— װער שלאָפֿט, װער? — גיט ער אַ בורטשע פֿון אונטער די הענט, אומצופֿרידן, װאָס זי האָט אים אָפּגעריסן פֿון זײַנע פֿאַנטאַזיעס.

— װאָס האָסטו זיך אַזױ פֿאַרטראַכט, װאָס? לײַט קומען נאָך דער אַרבעט אַהײם, רעדט מען אַ פּאָר װערטער מיט אַ װײַב, מע פֿאַרברענגט אַ װײַלע מיט אַ קינד — אַ גאַנצן טאָג זעען זײ דאָך דיך אין די אױגן ניט אָן! און ער זיצט גאַנצענע אָװנטן װי אַ מרוק און שװײַגט.

— װעגן װאָס זאָל איך מיט דיר אָן ערעך רײדן, װעגן װאָס? איך האָב מיט דיר ניט װעגן װאָס צו רײדן...

— און אז דו זיצסט טאָג און נאכט און קלערסט! וואָס וועסטו אויס־קלערן? א מאשינע אף געלט מאכן וועסטו אויסקלערן, וואָס?

— איך קלער אלץ וועגן אים, קלער איך, — זאָגט כאַים מער צו זיך אליין, ווי צו ריקליען.

— וועגן וועמען? אלץ וועגן דײַן אָקס?

— כ׳מיין, טאקע, וואָס זאָגסטו פאַרט צו אים, וואָס?

— האָסט געזען א ביסל א מענטש זאָל נאָר קלערן וועגן יענעם?! פארוואָס קלערסטו בעסער ניט וועגן זיך, וועגן דײַנע אייגענע ווײַב און קינדער, וואָס זעען פון דיר קיינמאָל קיין פרײַע מינע ניט, וואָס זעען איבער דיר די ליכטיקע וועלט ניט?

— וועגן זיך העלפט שוין קיין קלערן אויך ניט... האָסטו געזען א ביסל, ווי זײַן געוועלב וואקסט פון טאָג צו טאָג! — קערט זיך כאַים אום צוריק צו דעם, מיט וואָס זײַן מויעך איז שטענדיק פארנומען.

ריקליע, אליין אויך א בייזע, א צערייצטע, א פארביטערטע פון שטענ־דיקער דאכקעס, פון צעלאָזענע קינדער, פון דעם מאנס פרעטענזיעס, לעמײַ זי האָט אים פארשיקט אין דער „קאטאָרזשנער מעדינע״, פון זײַן מאָרעשכוירעדיקן שווײַגן, — האלט ניט לאנג אויס דעם ווייכן שאָלעם־טאָן. קעגן איר ווילן רײַסן זיך בא איר ארויס ביטערע ווער־טער.

— וואָס שטעכט דיר די אויגן יענעמס אשירעס, וואָס? — מאכט זי, קלוימערשט איר ארט עס א האָר ניט. און דאָס הארץ ווערט בא איר בייסמײַסע צעפלאצט, דערמאָנענדיק זיך, ווי זעליקס ווײַב, סאָרעלע די געשטופלטע, איז באהאנגען מיט „דזשולערײַ״[1], ווי א געטשקע, און איר שלימאזל קאָן איר ביז הײַנטיקן טאָג אפילע קיין קדושן־פינגערל ניט קויפן...

— דער מענטש ווערט דאָך ניסאשער פון טאָג צו טאָג! וואָלסט זען,

[1] צירונג.

ווי ער לעבט! ווי א מאַנארדן! — גייט כאַים אַריַין אין היספּיַלעס, ווי ער וואָלט זיך דאָ באַרימט מיט זײַן אייגענער אשירעס.

— פאראַן, מישטיינסגעזאָגט, וואָס מעקאַנעו צו זיַין: יענער איז, פאר קיין מענטשן געדאַכט, א פינצטערער קאַליקע, מיט א גומענעם פוס, א האַלבער מענטש, — טרייסט ריקליע זיך אַליין מער, ווי דעם מאַן.

— וואָס דאַרף ער דעם פוס צו א קראָם!.. ער דאַרף ברעטער שלעפּן אפן פאבריק, וואָס? פינף פונט צוקער אָפּוועגן צי געלט נעמען קאָן מען אָן א פוס אויך... וואָס איז שייַעך — דער מענטש איז גליקלעך!

— אף אַלע מײַנע סאָנים געזאָגט געוואָרן אזא גליק, טאטע זיסער!— ווינטשט ריקליע. און אין א ווינקעלע פון הארצן איז זי, אומבאַוווּסטזיניק, מאסקים מיט כאַימען.

— אף מיר געזאָגט געוואָרן! — כאַפּט אונטער כאַים.

— דעם צונג בײַס זיך אָפּ, שלימאזל דו איינער! זאָלסט עס בעסער גאָר ניט דערלעבן!

— וואָס דען, אָפּכוישעכן דעם גאנצן לעבן אין סוועט־שאָפּ אָדער לעבן אין איין שרעק יעדן טאָג ארויסגעוואָרפן צו ווערן פון פאבריק איז בעסער?

די דאָזיקע באַמערקונג רופט נאָך מער ארויס ריקליעס אופרעגונג. זי דערמאָנט זיך, וואָס פאר אַן אונטערשייד עס איז טאקע צווישן איר לעבן און סאָרל דער געשטופּלטערס לעבן! און אָנשטאָט צו צעשלאָגן דעם מאַנס שווערע געדאַנקען און טרייסטן אים, ווי איר קאָוואָנע איז לעכאטכילע געווען, פאַלט זי אף אים אָן מיט קוילעס און קלאָלעס:

— ווער איז דיר שולדיק, אַז דו ביסט א שלימאזל, א שלאק, אַז דו טויגסט ניט א קאַץ דעם עק צו פארבינדן? וואָלסט זײַן א מענטש, ווי זעליק, וואָלטן מיר אויך געוווּסט פון א לעבן.

— שוין געעפנט איר מײַנע־לאָשן, האָט זי שוין! וואָס זאָל איך טאָן, וואָס? גיין סײַדן א קלויסטער באַגאַנווענען?

ריקליע ווייסט שוין גאָר ניט וואָס צו ענטפערן. זי ווייסט נאָר, אַז

זינט זי איז אהער געקומען, האָט זי קימאַט קיין איין גוטן טאָג ניט געזען. און שולדיק אין דעם איז איר שלימאזלדיקער מאַן.

— וואָס זאָלסטו טאָן, וואָס? — א מיסע־מעשונע טו זיך אָן! א שטריק אפן האלדז! — לאָזט זי אויס איר ביטער הארץ צום מאנס קאָפּ.

כאַיִם ווערט אין קאס, גיט א זעץ מיט דער טיר און... אנטלויפט צו זעליקן אין געוועלב אָפּקילן זיך דאָס הארץ.

כאַיִם איז געשטאנען בא דער זעג־מאשין און אויסגעזעגט פּירקאַנ־טיקע ברעטלעך פון איין און דער זעלבער גרייס און פאָרם; אין וועלכע הענט די ברעטלעך וועלן פון אים איבערגיין, ווייסט ער ניט. ער ווייסט אפילע ניט קלאָר, צו וואָס זיי וועלן באנוצט ווערן, ער ווייסט נאָר, אז ער דארף אָפּאַרבעטן זיין שטיקל ארבעט נאָך דער צייכענונג נאָך, וואָס מע האָט אים ארויסגעגעבן.

אמאָל פלעגט זיך כאַיִם דאָס הארץ אויסעסן דערפון, וואָס די פאבריק האָט אים געמאכט פאר א ליימענעם גוילעם. איצט אָבער ארט עס אים שוין ניט. ער ווייסט, אז אן ארבעטער אף דער פאבריק איז ניט מער ווי א מאשין. אפילע קיין מאשין אויך ניט: ניט מער ווי א שרייפעלע פון דער מאשין... מע דארף דאָ, אפּאָנעם, זיין א באַלמעלאָכע, קונצן גרויסע וויַיזן, גוסט אריַינלייגן אין דער ארבעט, וואָס? היטן זיך, די מאשין זאָל דיר א פאָר פינגער ניט אראָפּכאפּן — דאָס איז אלץ, וואָס דו דארפסט קאָנען און געדענקען.

איצט אָבער קימערט שוין כאַיִמען ניט, וואָס ער איז געוואָרן א ראָ־באָט, אן אווטאָמאט: סיַיוויסיַי וועט פון דער ארבעט קיין גוטס ניט ארויס־קומען. אז מע זאָל ניט קומען צו א שטיקל טאכלעס, ווי זעליק אָקס, איז ער אלציינס א פארפאלענער.

ער שטייט בײַ דער מאַשין, קוקט אויף דעם ברעטל אין די הענט און זעט אין דעם, ווי אין אַ שפּיגל, זעליקן אין אַלערליי געשטאַלטן: זעליק מיטן גראָבן ציגאַר אין מויל אין געוועלב בײַ דער קאַסע, זעליק אין שול ברייטלעך צעלייגט אין פּרעזידענט־באָקס[1]; מיסטער פּופּקעס — פּאָרזיצער אויף אַ מיטינג פֿון בענעפּישל עיד סאָסיעטי אַנשי סטאַראָבין[2]; מיסטער פּופּקעס אין צילינדער גייט יאָמטעוו צוגאַסט צו די שענסטע לײַט; רעב זעליק פּופּקעס אַ באַלדייע אין טאַלמעדטוירע; אַן אײַנגייער צום ראַבינער, זעליק איז אומעטום אַן אייגענער מענטש, האַלט זיך מײַסע־באַלעבאָס, איז בײַ אַלעמען אַן אָנגעלייגטער גאַסט... און ער, כאַיִם, איז אומעטום איבעריק און פֿרעמד, איבעריק אויף דער פֿאַבריק, וווּ דער מײַסטער זוכט נאָר אַ געלעגנהײַט אַרויסוואַרפֿן אים פֿאַר זײַנע גרויע האָר, איבעריק אין דער היים, וווּ דאָס ווײַב פֿאַרביטערט אים דאָס לעבן און די אייגענע קינדער שעמען זיך שוין מיט אים; אַפּילע אין שול, וווּ אַלע דאַרפֿן, דוכט זיך, גלײַך זײַן פֿאַר גאָט, — איז אַן אָרעמאַן אויך דער לעצטער...

באַשערט אַ מענטשן אַ גליק, — קערט זיך כאַיִם צום טויזנטסטן מאָל אום צו דעם זעליקן געדאַנק, — און אַלץ צוליב אַ שטיקל פּוס! ווּהין וואָלט ער געטויגט מיט בײדע פּיס?.. ווען ניט דאָס שטיקל פּוס, וואָלט ער פֿאַרבליבן אַן אָקס ביז הײַנטיקן טאָג... האָרעווען, ווי ער דאָ אין פֿאַרפֿלוכטן געהענעם... אָבער ווי לאַנג קאָן מען אויסהאַלטן אַזאַ קאַטאָרזשנע אַרבעט? ווי לאַנג האַלטן זיי אַן עלטערן מענטשן!.. יונגינקע דאַרפֿן זיי, ספּריטנע... נאָך פֿיר־פֿינף יאָר, און ס'וואָלט געוואָרן אויס זעליק אָקס. עס וואָלט פֿון אים געוואָרן זעליק דער בעטלער, וואָס וואָלט פֿאַרקויפֿט שוועבעלעך, שיך־בענדלעך אין די גאַסן... אַז בעטלען טאָר מען דאָך דאָ אויך ניט, אין דער ליכטיקער מעדינע...

---

[1] גאַבע־שטול.

[2] פֿון סטאַראָבינער ווילטעטיקער הילפֿס־געזעלשאַפֿט.

„מע זעט טאקע, אז דער מענטש ווייסט ניט, ווו דאָס גליק וואַרט אויף אים... און אַלץ צוליב א שטיקל פּוס... א שטיקל פּוס!"...

כאַים האָט עטלעכע מאָל איבערגעכאַזערט די לעצטע ווערטער און דערפילט, אז א געדאַנק, דערווײַל נאָך ניט קיין דײַטלעכער, אָבער שוין א שרעקלעכער אין זײַן אומקלאָרקייט, ווערט געבוירן אין זײַן אָנגע־שטרענגטן מויער.

„איך וואָלט אויך געקאָנט... איך וואָלט אויך געקאָנט האָבן א סאַך געלט און עפּענען א געוועלב"...

און דער געדאַנק, וואָס האָט אומדײַטלעך שוין לאַנג געווירט אין די צעלכלעך פון זײַן מאַרך, איז איצט מיטאַמאָל אַרויסגעטראָטן אין זײַן גאַנצער בוילעטקייט:

„הא, און וואָס, אז איך גיב א רוק א פינגער אונטערן זעג און נעם דערנאָך אָפּ א פּאָר הונדערט פונט דערפאַר, הא?.. איין רעגע — און איך האָב א פּאָר הונדערט פונט, א געזיכערטע עלטער"...

א טראַכט געטאָן און דערשראָקן זיך... אינסטינקטיוו אָפּגעטראָטן א טראָט אַהינטער, ווי ער וואָלט מוירע געהאַט, אז די מאַשין וועט אונטער־הערן זײַן געדאַנק און וועט פאַרכאַפּן א פינגער... נאָר אין א מינוט אַרום האָט ער זיך ווידער אומגעקערט צום זעלביקן...

אָבער כאַים האָט זיך נאָך אַלץ געוועהרט.

„ריבוינעשעלוילעם, ווי קאָן מיר גאָר אײַנפאַלן אזא מאַכשאָווע? אַליין זיך אזא מײַסע אָפּטאָן... כאַלילע־וועכאַס!"

אָבער גוואַלד, ווי גיט מען זיך אָן אײצע? ניט הײַנט, מאָרגן וואַרפט מען אים אַרויס פון פאַבריק, וואָס וועט ער דעמלט טאָן? וווּהין וועט ער גיין, ווו וועט ער זיך אַהינטאָן? ווער וועט אים דעמלט נעמען מיט זײַן גרויען קאָפּ?.. גיי דערצייל זיי, אז ער איז נאָך קיין פופציק יאָר ניט אַלט... סײַדן א האַנט אויסשטעלן אָדער וואַרטן, מירל צי דער גוטער בענאָק זאָלן אים שפּײַזן... בעסער עס ניט דערלעבן!.. און וואָס וועט זײַן מיט ריקליען, מיט דעם קליינוואַרג? מירל וועט שוין לאַנג אין דער היים ניט פאַרבלײַבן: זי זוכט זיך אויך א טאַכלעס; קרײַזלט קעסיידער די האָר מיט

אָנגעברענטע צווענגלעך, קאָלכט זיך, פֿאַרבט זיך, גייט אין די טאָנק־קלאַסן, אין די קלובן — מע וועט שוין פֿון איר קיין נאָכעס ניט האָבן. זאָל נאָר קיין ביזאָיען ניט זיין... די עלטערע באָיעס זיינען אויך גרייט א ליאַדע טאָג צו אַנטלויפֿן פֿון דער היים, עס וועלן בלייבן נאָר די קליינע, די הילפֿלאָזע. און וואָס קאָן ער טאָן פֿאַר זיי?.. ער זעט שוין, אַז מע וועט אים גיך געבן דעם וועג פֿונדאַנען. ער דערקענט עס שוין אָן דעם מייסטערס בליק, אָן זיין מינע... וווהין וועלן זיי זיך דעמלט אַהינטאָן!

„און אַז מיט אַ פֿינגער ווייניקער, איז וואָס? — קומט ער ווידער צום געדאַנק, — אַ סאַקאָנע? עט! זאָל דוכטן ניקאָליי־עווּשטשינע: פֿלעגן זיך דאָך מענטשן צו צוויי און צו דריי פֿינגער אָפּהאַקן, אַבי פֿון סאָלדאַטשינע אויסגעלייזט ווערן — און אויך געלעבט... האַ, עפּשער טאַקע צוויי?... אייך פֿינגער איז גאָרנישט. זיי וועלן זאָגן: מע קאָן אַרבעטן... עס טויג ניט... צוויי, אַוואַדע צוויי... איינער, צוויי, אָלציינס... גוואַלד, רי־בוינעשעלוילעם, איך ווער דאָך מעשוגע! וואָס טוט זיך דאָ מיט מיר? — האָט זיך כאַפּם מיט גוואַלד אָפּגעריסן פֿון זיינע קרענקלעכע געדאַנקען. — מע דאַרף קלערן וועגן עפּעס אַנדערש“...

אָבער וויפֿל ער האָט זיך ניט געמאַטערט קלערן וועגן עפּעס אַנדערש, האָבן זיך אים אַלץ געפּלאָנטערט אין מויעך די זעלביקע געדאַנקען.

„וואָס זשע דען זאָל איך טאָן, וואָס? לייגן זיך און שטאַרבן?.. און צוריק די זעלביקע מייסע: וואָס איז דאָ אַזוי די סאַקאָנע? זעליקן אַ גאַנצן פּוס אַראָפּגענומען, לעבט ער אויך... אַף מיר געזאָגט געוואָרן!.. וואָס איז צוויי פֿינגער... אין איין כוידעש פֿאַרהיילט זיך עס, און איך נעם מיר אָפּ די שיינע מאַטבייע, איך קויף מיר אַ געוועלב און בין מיר פֿאַרזאָרגט אַף אייביק“...

„ניין, איך קאָן ניט, כ׳קאָן ניט! איך וויל ניט! — האָט ער אויסגע־שריִען אַפֿן קאָל. — און ס׳איז אַן אווירע אויך: קימאַט ווי, כאָלילע, אַ מייסע אָנטאָן זיך... איז, הייסט עס, איבער די הייזער גיין?“...

כאַים האָט דערפילט, אַז ער לאָזט זיך ווידער אַראָפּ אין טהאָם, האָט ער זיך געפּרוּווט אָנכאַפּן אָן זײַן אַלטן ביטאָכן — גאָט איז אַ טאַטע, וואָס דאַרף ער זיך בעעמעס דעם מויעך ברעכן, אַ וועלט פאַרזאָרגן, וואָס?.. דער אייבערשטער פאַרלאָזט קיינעם ניט, וועט ער אים אויך ניט פאַרלאָזן...

„איך פאַרלאָז זיך אויף ניסים, זאָגט ריקליע, — איז ער אומבאַמערקט צוריק אַראָפּ פון וועג, — מע לעבט אָן עוויען און מע וועט שטאַרבן אָן עוויען. עפּשער נאָך אין פרעמדע טאַכריכים. אַ לעבן, האַ?.. ס'וועט זיך אָן מיר... פלעגן דאָך שטאַרבן אַמאָל מענטשן אַל קידעש־האַשעם... ניט מוירע געהאַט... כ'וואָלט געוואָלט וויסן, אויף ווען פלעגן זיי זייערע קינדער איבערלאָזן... ניין, ס'איז ניט דאָס, ניט דאָס... וואַרט נאָר, וואַרט... אַהאַ, ער גייט שוין ווײַטער אַהער, דער מאַלעכהאַמאָוועס. וועט זיך שוין ווידער בינדן: „שנײַדסט קרום, ריר זיך גיכער, האַרי אָפּ!“... זוכט נאָר אַ געלעגנהײַט פאָטער צו ווערן פון מיר... אוי, ווי ווער איך שוין פון זיי אַלעמען פאָטער!.. פון מײַן לעבן פאָטער ווערן!.. פון מײַן לעבן!.. „יעסוי־מים“, — האָט זיך אַ וואָרט אַרײַנגעריסן אין דעם פלאָנטער פון זײַנע אָפּגעריסענע געדאַנקען, — דער אייבערשטער איז אַן אווי יעסוימים... אוואַדע, וואָס קלערסטו, עליִיאָהו האַנאָווי וועט זיי פון הימל אַראָפּוואַרפן ברויט... גאַנווע, וועסטו האָבן... קאָנסט ניט גאַנווענען, — האַק פינגער... שנײַד פון זיך דאָס לײַב, וועסטו האָבן... וועסטו זײַן ווי מיסטער פּופּ־קעס: מיט אַ געוועלב, מיט ברויט, מיט געלט, מיט קאָוועד... נאָר אַ גע־וועלב, נאָר אַ געוועלב... אַלץ זײַנען דאָך צוויי פינגער ניט אַ גאַנצער פוס... אויסקומען אָן צוויי פינגער... וואָס איז די פּולע, אַז מע האָט פינ־גער? אָט האָב איך צוויי גאַנצע פייִקע הענט, און קיין אַרבעט פאַר זיי וועט שוין באַלד ניט זײַן... איך גיי פון זינען אַראָפּ... איך ווער מעשו־גע... — ער האָט מיט שרעק זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַרן קאָפּ, — אַ סאָף זאָל עס נעמען! אַ סאָף צו די צאָרעס!.. כ'קאָן שוין דאָס מער ניט אויס־האַלטן“...

כאַים האָט דערפילט, ווי אַלע אָדערן אין זײַן קערפּער האָבן זיך אָנ־געצויגן ווי סטרונעס, דאָס האַרץ קלאַפּט העפטיק, אָט־אָט עס שפּרינגט אַרויס פון ברוסט. א רויטער נעפּל הענגט פאַר די אויגן און שטערט אים צו זען די מאַשין, די אַרבעטער אַרום זיך און דעם מײַסטער, וואָס שטייט שוין א פּאָר מינוט און קוקט אויף אים פונווײַטן... בלויז די קײַלעכדיקע בלישטשענדיקע זעג דרייט זיך און שווינדלט פאַר די אויגן מיט אַזאַ מוירעדיקער שנעלקײַט, אַז אירע שאַרפע ציינדלעך ווערן צוזאַמענגע־גאָסן איינעם און זעען זיך ניט אָן.

כאַים האָט צוגעמאַכט די אויגן, ער זאָל ניט זען די שאַרפע זעג, וואָס רייצט און רופט אים: מאַך א סאָף, מאַך א סאָף... קיין אַנדער אויסוועג איז ניט פאַראַן אָדער ער וועט זיך אָפּשנײַדן א פּאָר פינגער און פאַרזאָרגן זיך מיט א זיכער שטיקל ברויט אויף דער עלטער, אָדער... אָבער ווי טוט מען אַזאַ זאַך?.. „איך גיי פון זינען אַראָפּ. איך ווער מעשוגע". ער האָט געעפנט די אויגן און ניט ווילנדיק א קוק געטאָן אויף די פינגער, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט איבערצײַגן, אַז זיי זײַנען נאָך גאַנץ...

די קײַלעכדיקע מעטאַלענע זעג האָט זיך מיט גרויס שנעלקײַט גע־דרייט און געשווינדלט פאַר זײַנע אויגן, ווי זי וואָלט זיך מיט אים גערייצט: נו, וואָס, זיך דערשראָקן?.. ער האָט געוואָלט צוריק נעמען זיך פאַר דער אַרבעט, נאָר די הענט האָבן אים דראָבנע־דראָבנע געציטערט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז אויב ער וועט זיי דערנענטערן צו דער זעג, וועט זי אַליין פאַרכאַפּן בײַ אים א פּאָר פינגער...

כאַים האָט מער דערפילט ווי דערזען אויף זיך דעם מײַסטערס קאַלטן, נאָכשפּירנדיקן בליק.

„ער שפּירט מיר נאָך, ער לייענט מײַנע געדאַנקען", — האָט ער אַזש א ציטער געטאָן און מיט אימפּעט גענומען אַרבעטן.

— אײַל זיך אונטער, כאַלעם ניט בײַ דער אַרבעט! — האָט דער מײַסטער, פאַרבײַגייענדיק, אַפילו ניט א קוק געבנדיק אין זײַן זײַט, קאַלט א זאָג געטאָן.

שאַבעס, אין דעם נאָענטסטן צאָל־טאָג, האָט כאַיִם, צוזאמען מיט זײַן אַרבעטסלוין פאר דער וואָך, געפונען אין דעם קאָנווערט דאָס געדרוקטע צעטעלע מיט דעם יעדן אַרבעטער גוט באַקאַנטן נוסעך: „צוליב דער פאַרקלענערונג פון באַשטעלונגען, זײַנען מיר געצוווּנגען צו פאַרקלענערן די צאָל אַרבעטס־הענט און איר זײַט צײַטווײַליק באַפרײַט פון אײַער אַרבעט"...

— „צײַטווײַליק, צײַטווײַליק"... — האָט כאַיִם מיט בלייך געוואָרענע ליפּן געשעפּטשעט... — ווער וועט געבן אַרבעט אַ מענטשן מיט גרויע האָר!.. ניט באַוויזן צו באַוואָרענען מײַן עלטער, ניט באַוויזן...

1959—1909

# א ווינקל־שאָכן




ס האָט נאָרוואָס גענומען שאַריִען אַף טאָג. אַלע אַרום מיר אינעם גרויסן, קאַלטן צימער זײַנען נאָך געשלאָפן. דער פּרעסער, איין האַנט פאַרלייגט הינטערן קאָפּ, די צווייטע — אַף דער צעכראַס־ניעטער באַוואַקסענער ברוסט, האָט געכאָרכלט, ווי א געקוילעטער. דער קאַמאַשנמאַכער, פאַרקערט, איז געשלאָפן אַזוי שטיל, אַז מע האָט זײַן אָטעם ניט געהערט. זײַן געל־בלאַס פּאָנעם האָט אויסגעזען, ווי דאָס פּאָנעם פון א מעס. נאָך צוויי לאָדזשערס[1], וואָס זײַנען געשלאָפן אַף איין

[1] לאָדזשערס — קוואַרטיראַנטן (ענגל.).

בעט, האָבן אויסגעשנאָרכעט א דועט: איינער — פּרימא, דער צווייטער — סעקונדא.

איך בין זיי מעקאנע: מענטשן קומען פון דער ארבעט מידע, אויס־געשעפּט ביז צום לעצטן טראָפּן קראפט, און, ווי נאָר אָפּגעגעסן, אזוי פאלן זיי אנידער און שלאָפן איַין ווי געהארגעטע. אזוי שלאָפן זיי א גאנצע נאכט, ניט איבערקערנדיק זיך אפילע אף דער צווייטער זיַיט, ביז די באלעבאָסטע פון דער דירע וועקט זיי ניט אוף, זיי זאָלן ניט פאר־שפּעטיקן צו דער ארבעט.

איך איינער נאָר שלאָף נערוועז און אומרויִק: איך בין שוין העכער דריַי כאדאָשים אָן ארבעט און בין שוין שולדיק פאר עטלעכע וואָכן דירעגעלט פאר מיַין ווינקל. איך זע, דעריבער, ווי וויַיט עס לאָזט זיך, אויסצומיַידן מיַין באלעבאָסטע.

נעכטן באנאכט האָב איך זיך אריַינגעשליַיכט, ווען די מיסיס איז שוין געשלאָפן. געדענקענדיק, אז איך דארף אינדערפרי ווידער ארויס־גאנווענען זיך פון שטוב אומבאמערקט, בין איך די גאנצע נאכט גע־שלאָפן אומרויִק, אָפּט אופגעכאפּט זיך און געקוקט צום פענצטער, צי איז מיר שוין ניט ציַיט אופצושטיין, קאָלזמאן די מיסיס שלאָפט נאָך.

די מיסיס, מיַין באלעבאָסטע, שריַיט ניט, ליארעמט ניט, מאָנט בא מיר ניט קיין דירעגעלט, טריַיבט מיך ניט פון מיַין ווינקל. זי רעדט בלויז. ניט צו מיר — צו דער וועלט רעדט זי וועגן מיר, רעדט, צעצויגן און נאָגנדיק.

ניט אָפּקערנדיק זיך אפילע פון דער מולטער וועש, איבער וועלכער זי שטייט איבערגעבויגן, אָדער פונעם קינדס קעפּל, וואָס זי האלט אין צוואָגן, סקריפּעט זי אף איר הייזעריק קעלכל:

— יעדער גרינער, יעדער שלימאזל מאכט א לעבן אין אמעריקע. בלויז ער איינער קאָן אין אמעריקע קיין לעבן ניט מאכן... מע דארף טאקע זיַין דער גרעסטער שלים־שלימאזל, מע זאָל אין אמעריקע ניט קאָנען מאכן קיין לעבן... ס'גייט מיר אין די רענט, אין די פאָר דאָלארעס רענט א וואָך גייט עס מיר?.. נאָר ווי איז עס א מענטש אזא טויגעניכץ,

מע זאָל ניט קאָנען מאַכן אַ לעבן אין אַמעריקע?.. אָט ווי איך בין אַן אומגליקלעכע אַלמאָנע, מאַך איך אויך אַ לעבן אין אַמעריקע!.. האַלט איך לאָדזשערס, וואַש איך זייער וועש, קאָך איך פאַר זיי, אַרבעט שווער, אָבער איך מאַך אַ לעבן... וואָס פאַר אַ שלימאַזל דאַרף מען זײַן, מע זאָל אין אַמעריקע ניט קאָנען מאַכן קיין לעבן...

אַזוי רעדט זי און רעדט, ביז איך הייב אָן צו פילן, אַז אויב איך וועל גלײַך ניט אַוועקגיין פון שטוב, וועל איך זי אַ כאַפּ טאָן פאַר איר דין העלדזל מיט די דיקע אָדערן און מאַכן זי שווײַגן...

איך כאַפּ דאָס היטל און לויף אַרויס. איר סקריפּענדיק קעלכל יאָגט מיך נאָך:

— וווּהין אײַלט איר זיך אַזוי, מיס־טער?.. די ביזנעס די גרויסע, מיס־טע־ער?..

ווענדנדיק זיך צו מיר, לייגט זי צו צו יעדן צווייטן וואָרט אַ דריטן: מיסטער, צעטיילנדיק דאָס וואָרט אין צוויי זילבן: מיס־טער, אַרײַנ־לייגנדיק אין דעם אַ באַזונדער בײַסיקע איראָניע: אויך מיר, הייסט עס, אַ מיסטער...

די לופט אין צימער איז געדיכט. אַ ניט־גוטקײַט קײַקלט זיך אונטער צום האַלדז. איך וואַרף אַ בליק אויף די שלאָפּנדיקע אַרום מיר און נעם זיך שטיל אָנטאָן. איך צי אויף זיך די הויזן פּאַרזיכטיק־פּאַרזיכטיק, ווי די פיס וואָלטן בא מיר געווען אין אָפענע ווונדן, וועלכע איך האָב מוירע אָנצורירן. איך האָב קיין מוירע ניט, אַז איך וועל אופוועקן מײַנע שכיי־נים אין צימער, — איך האָב מוירע, מײַן מיסיס זאָל זיך ניט אופכאַפּן...

מיט די אָפּגעטראָגענע שיך אין האַנט שלײַך איך זיך צו דער טיר, שפּרײַזנדיק אויף די שפּיץ פינגער, איך באַלאַנסיר, ווי איך וואָלט געגאַנ־גען אויף אַ קאַנאַט. דער דיל אונטער מײַנע פיס גיט אַ לײַכטן סקריפּ, און איך בלײַב שטיין, אײַנהאַלטנדיק דעם אָטעם און פאַרקרימענדיק זיך, ווי פון ציינווייטעק... איך גיי דורך בעשאָלעם דעם צימער, אין וועלכן עס שלאָפן צוויי מיידלעך־לאָדזשערקעס — איינע מיט געדיכטע רויטע האָר און מיט אַ ברייט פּאָנעם, באַשאָטן מיט קלײַען, די צווייטע —

א מאָגערע, א בלאַסע, מיט שווארצע האָר, צעשאָטענע איבערן ניט איבעריק רייִנעם ווײַסן קישן.

מײַן אויער איז געווענדט צום ווענטל, וואָס טיילט אָפּ דער מיסיסעס צימער פון דעם דורכגאנג־צימער. דאָרט איז שטיל, קיין שאָרך, קיין הוסט, קיין אָטעם. גאָט צו דאנקען, די מיסיס שלאָפט נאָך...

איך שפּרײַז אריבער די קיך־שוועל און שפּרינג אָפּ אהינטער, ווי מע וואָלט מיך א שטויס געטאָן אין דער ברוסט: מיט די ארבל פון דער שמוציקער קאָפטע, פארשארצט איבער אירע דארע, טונקעלע הענט, איז די מיסיס געשטאנען אין קיך, געקליבן פון פאָדלאָגע שטיקלעך שמוציק וועש און איינציקווײַז געוואָרפן עס אין זידנדיקן קעסל אויף דער פּליטע.

מײַן ערשטער געדאנק איז געווען: צוריק צו זיך אין צימער! נאָר די מיסיס האָט מיך שוין דערזען, כאָטש זי האָט, דאכט זיך, אין מײַן זײַט ניט געקוקט... זי האָט נאָך ניט באוויזן קיין וואָרט צו זאָגן, נאָר איך הער שוין, דאכט זיך, איר סקריפּענדיק קעלכל: „מע דארף טאקע זײַן דער גרעסטער שלימאזל, מע זאָל ניט קאָנען מאכן קיין לעבן אין אמעריקע“... איך גיב זיך א וואָרף פאָרויס, שפּרינג אריבער איבער דער קופּקע שמוציק וועש, און אין צוויי שפּרײַזן בין איך שוין אויף יענער זײַט טיר.

איר סקריפּענדיק נודנע קעלכל באגלייט מיך ארויס אויף די טרעפּ:

— ווּהין אײַלט איר אזוי אכצן וואָכן פארטאָג, מיס־טער? די ביזנעס די גרויסע, מיס־טע־ער?..

1906

# הערי ווינסטאָנס קאריערע




ער נאָמען פון דער גאס — אָרטשארד־סטריט האָט געקלונגען, ווי א שפּאָט, ווי א בייזע איראָניע: ווייניקער פון אלץ האָט אָרטשארד־סטריט דערמאָנט א פּרוכט־גאָרטן אין ווײַס־ראָזעווען פּרילינג־בלי, און געשמעקט האָט די גאס אויך ניט מיט פּריהארבסטיקע זיסע רייכעס פון א סאָד, באלאָדן מיט צײַטיקע פּרוכט. די גאס מיט דעם שיין־קלינגענדיקן נאָמען, וואָס רופט ארויס אסאָציאציעס וועגן גרינע ביימער, פרישער לופט, קילע שאָטנס און קוויקנדיקע אראָמאטן, האָט געבליט מיט מיסט־קאנען לענגאויס די טראָטוארן און געדופטעט מיט יענעם

ניט־אויסראָטבארן ספּעציפישן רייעך, וואָס איז אייגנטימלעך פאַר די קווארטאלן פון דער אָרעמקייַט אין אלע גרויסע שטעט פון דער קאַפּיטאַליסטישער וועלט. קורץ, אָרטשארד־סטריט איז געווען א געוויינלעכע גאַס פון „סלאַמס״ — פון האַלב־כאָרעווע הײַזער, וועלכע זײַנען פאַראַן ניט ווייניק אין דער „גרעסטער און רײַכסטער שטאָט פון דער וועלט״. אָבער געפינען א פּרײַע דירע אין אָרטשארד־סטריט איז געווען א סאַך שווערער, ווי אין די פּאלאַצאַרטיקע רײַכע הײַזער אַף פּארק־עווענין אָדער אַף ריווערסייד־דרייוו — די קווארטאלן פון די אויסדערוויילטע „אייבערשטע צען טויזנט״.

די האַלב־כאָרעווע הײַזער מיט די פינצטערע שמוציקע טרעפּ, דורכגעדרונגענע מיט רייכעס פון קיך־אָפּפאַל און נאַס וועש, זײַנען פון די קעלערס ביז די בוידעמס, ווי א מילגרוים מיט קערנדלעך, אָנגעפּיקעוועט געווען מיט אײַנוווינער פון „צווייטן סאָרט״: מיט נידעריק באַצאָלטע ארבעטער, מיט ארבעטלאָזע און האַלב־ארבעטלאָזע, מיט „ווײַסקאָלנערדיקע שקלאַפן״ — קליינע באַאַמטע מיט גרויסע פאַמיליעס, מיט קלערקן, מיט יאָרנלאַנג ארבעטלאָזע לערער, מוזיקאַנטן, אַקטיאָרן, זשורנאַליסטן, וואָס האָבן שטופּנווײַז אראָפּגענידערט צו די סלאַמס פון אָרטשארד־סטריט, און מיט טונקעלע פאַרשוינען, וואָס נאָר זיי אליין איז באַוווּסט דער קוואַל פון זייער פּאַרנאָסע.

אָרטשארד־סטריט האָט אויך פאַרמאָגט אירע „אייבערשטע צען טויזנט״, וועלכע האָבן פאַרנומען דירעס שוין ניט אין סלאַמס, נאָר אין סטאַנדאַרטע הײַזער, ווי קאַזאַרמעס, מיט א סאַך קליינע דירעס און מיט זייער ווייניק באַקוועמלעכקײַטן.

א טייל פון דעם דאָזיקן אייבערשטן שיכט וואָלט אפילו געקאָנט זיך פאַרגינען איבערצוקלײַבן זיך אין בעסערע דירעס, נאָר געוווינהײַט און, דעריקער, די מוירע פאַרן מאָרגעדיקן טאָג האָט זיי געהאַלטן צוגעשמידט צו די אַלטגעזעסענע ערטער: טאָמער בלײַבט מען מאָרגן אָן ארבעט, מיט וואָס וועט מען צאָלן פאַר דער בעסערער דירע? עמעס, דאַן וועט אויך ניט זײַן מיט וואָס צו באַצאָלן פאַר דער שלעכטער דירע אַף אָרטשארד־

סטריט. נאָר דאָ וועט, אין פאַל פון נויט, דער לענדלאָרד — דער הויז־אייגנטימער — עפשער ניט ארויסוואַרפן אַף דער גאַס אַן אַלטגעזעסענעם שאָכן, אויב מע וועט זײַן שולדיק פאַר אַ פּאָר וואָכן דירעגעלט. אַ שייַנע טרייסט, אָבער אַ גרונטלאָזע...

איינע פון אַזעלכע וווילהאָבנדיקע פאַמיליעס אַף אָרטשאַרד־סטריט איז געווען די מישפּאָכע ווינסטאָן.

קיינער האָט ניט געדענקט, אַז דייוו ווינסטאָן זאָל ווען־עס־איז זײַן אָן אַרבעט, אַפילע אין די ערגסטע צײַטן האָט ער געאַרבעט ניט ווייני־קער ווי דרײַ־פיר טעג אין דער וואָך.

אָרטשאַרד־סטריט איז מעקאַנע די ווינסטאָנס. אין די „ווײַבערשע קלובן", אַף די טרעפּ פאַרן הויז, דאָס באַליבטסטע אָרט, וווהין ווײַבער גייען ארויס אין די זומערדיקע אָוונטן כאַפּן אַ ביסל „פרישע לופט", אָדער אַפּן פלאַכן דאַך, ווו די אײַנוווינער פון די סלאַמס ראַ־טעווען זיך אין שטיקנדיקע זומערדיקע נעכט פון היץ און וואַנצן אין זייערע ענגע דירעלעך, — האָבן שכיינעס מיט גוטוויליקער קינע אָפט אַרומגערעדט די ווינסטאָנס.

— אַ גליקלעכע פרוי, די מיסיס ווינסטאָן: אַ קלייניקײַט, אַ מאַן, וואָס ווייסט ניט, וואָס הייסט אַ וואָך אָן אַרבעט!

— גייט ארײַן צו פּעני ווינסטאָן אין שטוב, וועט איר גלייבן, אַז איר זײַט ערגעץ אין אַ פּלעט אַף בראָדוויי: פּײַן מעבל, טעפּיכער, אַ פּאַטע־פאָן, וויגשטולן, אַן אײַז־אַלמער.

— אַלץ גענומען אַף וועכנטלעכע אויסצאָלונגען, — שטעלט ארײַן אַ ניט־פאַרגינערקע.

— גוט, אַז מע אַרבעט קעסיידער און ס'איז פאַראַן מיט וואָס צו צאָלן...

מיסיס ווינסטאָן האָט געהאַט איר אייגענע מיינונג וועגן איר גליק. זי האָט זיך ניט וואָס צו קלאָגן, איר דייוו איז אַ גוטער מאַן און אַ גוטער פאָטער צו זײַן קינד: ברענגט איר אין שטוב ארײַן ביזן לעצטן סענט. אַפילע אַף אַ פּעקל סיגאַרעטן נעמט ער דערנאָך בא איר... נאָר ווען אַף

אויסהאַלטן אַ פֿאַמיליע פֿון פֿיר דאַרף מען באַ איצטיקן יאָקרעס האָבן, שוין גאָר קאַרג, זעכציק דאָלער אַ וואָך, און ברענגען ברענגט איר מאַן פֿופֿציק דאָלער, און אָפֿט נאָך ווייניקער, דאַרט דיר, כ׳לעבן, גוט דער מוּיִעד, וויִאַזוי ווי־ניט־איז אויסצוקומען.

— וואָס מיינט איר, טײַערינקע, פֿון ראַכוועס צי פֿון פֿאַרגעניגן וועגן האַלט איך לאָדזשערס?

מיסיס ווינסטאָן האָט ניט געזאָגט דעם גאַנצן עמעס: די זעקס דאָלער אַ וואָך, וואָס זי באַקומט פֿון איר „לאָדזשער", האָט זי ניט צוגעלייגט צום מאַנס פֿאַרדינסטן, קעדיי „ווי־ניט־איז אויסצוקומען". דאָס איז אומ־באַרירבאַרער קאַפּיטאַל, וועלכן זי שפּאָרט אָפּ צו העלפֿן איר הערין „מאַכן אַ קאַריערע".

דער צוועלפֿיאָריקער הערי איז געווען די פֿרייד און די האָפֿענונג פֿון זײַנע עלטערן, דעריקער — פֿון זײַן מוטער.

הערי איז געבוירן געוואָרן און געוואַקסן אױף אָרטשאַרד־סטריט. דורך די פֿענצטער פֿון דעם דריטן שטאָק פֿונעם הויז האָט ער געקאָנט זען בלויז די סלאַמס מיט די פֿאַרשיידנפֿאַרביקע שילדן פֿון געוועלבלעך, וואַרשטאַטן, וועשערײַען, ביליקע רעסטאָראַנדלעך, וואָס האָבן, ווי נײַע לאַטעס אױף אַן אַלטן מאַלבעש, באַפֿלאַסטערט די שמוציק־גרויע ווענט פֿון די הײַזער. ער האָט געקאָנט זען די מיסט־קאַנען באַם ראַנד פֿון קעגנאיבערדיקן טראָטואַר; גאַסן־הענדלער מיט פֿאַרלעגענע פּראָדוקטן, אויסגעלייגטע אױף האַנט־וועגעלעך; אָפּגעצערטע, האַלב־אָרומגעריסענע טומלענדיקע קינדער, וואָס שפּילן זיך אינמיטן גאַס. יעדע דרײַ מינוט האָט זיך נאָענט, פֿאַרבײַ ווינסטאָנס פֿענצטער, מיט ליאַזג און טראַסק אַדורכגעטראָגן אַ צוג פֿון דער שטאָטישער עסטאַקאַדן־באַן און האָט אױף אַ רעגע אויסגעשלאָסן פֿון העריס בליק די אָפּגעשאַרפּעטע ווענט, די מיסט־קאַנען, די גאַסן־הענדלער און גופֿע די שײַן פֿון טאָג.

און ס׳איז געווען אַ רעטעניש: ווי קומט עס, אַז אַן אייניקל פֿון דעם האָמלער שנײַדער לייזער ווײַנשטיין, וועמען דאַכקעס און רעכטלאָזי־קײַט האָבן מיט העכער פֿופֿציק יאָר צוריק פֿאַרוואָרפֿן קיין אַמעריקע,

און א זון פון א „געבוירענעם פראָלעטאריער", ווי דייוו ווינסטאָן האָט זיך זעלבסט טיטולירט, א קינד פון אָרטשארד־סטריט־סלאמס, זאָל פון קליינוווייז אָן צייכענען און מאָלן דאפקע מאָנומענטאלע וואָלקן־קראַצערס, פרעכטיקע פאלאצן, העגגענדיקע בריקן, גראנדיעזע ארקעס, שפרודלדיקע פאָנטאנען — אזוינע זאכן, וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט געזען, סיידן עפשער אין קינאָ אָדער אין איליוסטרירטע זשורנאלן. ס'איז געווען א רעטעניש: ווי קומט עס צו דעם געזעצטן, ברייטפלייציקן, קנאפ רירעוודיקן דייוו ווינסטאָן א ייִנגל פון אזא איידעלן, מע קאָן זאָגן, אריסטאָקראטישן אויסזען — א שלאנקער, מיט א צארט געזיכט, מיט ברוינע, עטוואָס זיך זשמורענדיקע, ווי שטענדיק צו עפּעס זיך צוקוקנדיקע אויגן?

— ווי צוויי טראָפּן וואסער, די מאמע, — האָבן שכיינים געזאָגט.

נאָר אין דעם אָפּגעצערטן מידן פּאָנעם פון מיסיס ווינסטאָן איז שווער געווען צו געפינען שפורן פון אמאָליקער צארטקייט און שיינקייט.

הערי איז געווען דאָס וווּנדערקינד פון אָרטשארד־סטריט.

ווען מיסיס ווינסטאָן פלעגט מיט קלוימערשטיקער גרינגשעצונג באַווייזן פאר שכיינים, „מיט וואָס א קינד קאָן זיך פארנעמען", האָט דער „ווייבערשער קלוב" אין איין קאָל באשלאָסן, אז דאָס וואקסט א גרויסער מאָלער אָדער א בארימטער ארכיטעקטאָר.

— מירן נאָך אמאָל האָבן אונדזער אייגענעם פרענק לאָיד[1] בא אונדז אף אָרטשארד־סטריט, — האָבן פרייַנטלעכע שכיינעס בעוויעס געזאָגט.

— האָט קיין זאָרג ניט, אז הערי וועט ווערן בארימט און רייַך, וועט איר אים אף אָרטשארד־סטריט ניט זען. די פרענק לאָידס וווינען אף ריווערסייד־דרייוו אָדער אף דער פינפטער עוועניו...

— ווו ער זאָל ניט וווינען, איז אזא קינד אן אויצער פאר זייַנע עלטערן.

— איר וועט זען, מיסיס ווינסטאָן, אז הערי וועט נאָך אמאָל אייַער

[1] פרענק לאָיד ראַיט — א באוווסטער אמעריקאנער ארכיטעקטאָר.

גאַנצע פאַמיליע גליקלעך מאַכן, — האָט אָרטשאַרד־סטריט נעוויַעס געזאָגט.

מיסיס ווינסטאָנס האַרץ האָט זיך געברייטערט פון נאַכעס און פון שטאָלץ מיט איר טאַלאַנטפול קינד. איר האָט זיך אַזוי געוואָלט גלייבן, אַז „ער וועט נאָך אַמאָל גליקלעך מאַכן די גאַנצע פאַמיליע“, נאָר געזאָגט האָט זי פונדעסטוועגן:

— באַ פאַרמעגלעכע עלטערן וואָלט פון אַזאַ יינגל מיט דער צייַט עפשער טאַקע אויסגעוואַקסן אַ גרויסער אַרכיטעקטאָר אָדער אַ באַרימטער מאָלער, אָבער וואָס קאָנען אַזעלכע, ווי מיר, טאָן פאַר אים? ניט נאָר שיקן אים אין מאָלער־שול, צי אין אַן אַרכיטעקטור־קאָלעדזש, דינגען פאַר אים לערער, צי גאָר שיקן אים קיין יוראָפּ, ווי עס טוען רייַכע לייַט, — עטלעכע סענט אַף וואַטמאַן־פּאַפּיר און אַף אַ פּאָר טיוביקעס פאַרב איז מיר שווער אָפּצורייַסן פאַר אים.

— נישקאָשע, אַ טאַלאַנט וועט זיך שטענדיק דורכשלאָגן אַ וועג, — האָבן שכיינעס זי געמוטיקט.

מיסיס ווינסטאָן האָט שווער אָפּגעזיפצט.

— אוי, טייַערינקע, ווייניק טאַלאַנטן גייען פאַרלאָרן צווישן אונדזערע האָרעפּאַשנע מענטשן?

— איר ווייסט, וואָס איך וועל אייַך זאָגן, מיסיס ווינסטאָן, — האָט מיסיס מאַקפערסאָן, די ווינסטאָנס טיר־צו־טיר־שכיינע, אַמאָל, בייס אַ שמועס וועגן הערין, אַ זאָג געטאָן, — אָט נעמט צונויף אייַער העריס מאָלערייַען און באַווייַזט אונדזער פּראָפעסאָר מיסטער אָ'קייזי. ער וועט אייַך שוין זאָגן, צי איז אין אייַער באָיטשיק עפּעס פאַראַן, אָדער איר זאָלט זיך אַרויסשלאָגן פון קאָפּ דעם געדאַנק צו מאַכן פון אים אַ צווייטן פרענק לאָיד.

מיסיס מאַקפערסאָן, אַ שווערלייַביקע עלטערע פרוי, וואָס האָט נאָך פערציק יאָר לעבן אין אַמעריקע פאַרהיט איר שאָטלענדישן דיאַלעקט מיט די שאַרפע „ריישן“ און איר שאָטלענדישע געמיטלעכקייַט, איז געווען דער פון קיינעם ניט דערווייַלטער, נאָר פון אַלעמען אַנערקענטער

פרעזידענט פון דעם „ווײַבערשן קלוב" אינעם סטאַנדאַרטן הויז אױף אָרטשאַרד־סטריט, נומ. 114.

צו מיסיס מאַקפערסאָן זײַנען ווײַבער געקומען אויסריידן זייער שווער האַרץ, אַז אייצע האַלטן זיך וועגן פאַמיליע־איניאַנים, באַראַטן זיך וועגן אַ קינד, וואָס לאָזט זיך ניט דערציִען. און דעריבער, ווען מיסיס מאַק־פערסאָן האָט געזאָגט „ווײַזט העריס מאַלערײַען דעם פּראָפעסאָר אָ׳קיי־זי", האָט זיך עס פעני ווינסטאָן גלײַך געלייגט אפן סייכל. עס האָט זי בלויז געוווּנדערט, פאַרוואָס זי האָט אַליין ניט דערטראַכט זיך צו אַזאַ פּאַשעטן געדאַנק.

מיסטער אָ׳קייזי, אַ געוועזענער לערער אין אַן אַרכיטעקטור־קאָ־לעדזש, האָט אַראָפּגענידערט צו אָרטשאַרד־סטריט איבער זײַן טעווע צו פּראָטעסטירן. מיסטער דאָנאַלד אָ׳קייזיס אונטערשריפט איז שטענ־דיק געווען צווישן די ערשטע אונטער אַ פּראָטעסט קעגן נעגער־לינ־טשונג צי קעגן דיסקרימינאַציע פון „פּאַרביקע" און פרעמד־געבוי־רענע — קורץ גערעדט, אונטער יעדן גערעכטיקן פּראָטעסט, אונטער יעדן פּראָגרעסיוון אופרוף.

דער דירעקטאָר פון דעם אַרכיטעקטור־קאָלעדזש האָט ניט איין מאָל אופמערקזאַם געמאַכט אָ׳קייזין, אַז אַן אונטערשריפט פון אַ מיטגליד פונעם פּעדאַגאָגישן קאָלעקטיוו אין איין שורע מיט די אונטערשריפטן פון אַנאַרכיסטן, קאָמוניסטן, סאָציאַליסטן, פון אַלערליי צעדרייטע מוי־כעס און ניט־געוווּנטשענע עלעמענטן קאָמפּראָמעטירט דעם גוטן נאָמען פון איינעם פון די סאַמע רעספּעקטאַבלסטע לערן־אַנשטאַלטן אין לאַנד.

מיסטער אָ׳קייזי פלעגט דערויף ענטפערן, אַז זײַן געוויסן איז זײַן געוויסן, ניט קיינעמס, און אַז ער קלײַבט זיך ניט אָפּצוזאָגן פון זײַנע איבערצײַגונגען.

דאַן האָט מען אים געוואָרנט, אַז זײַן אונטערשריפט אונטער נאָך איין „רויטן" דאָקומענט וועט באַטראַכט ווערן, ווי אַן אונטערשריפט אונטער זײַן רעזיגנאַציע פון לערער־פּאָסטן אין קאָלעדזש.

און אַזוי איז געווען.

פון דאַן אָן זײַנען די טירן פון אַלע לערן־אַנשטאַלטן אין לאַנד געשלאָסן געוואָרן פאַר אים.

געשפּײַזט האָט זיך מיסטער אָ׳קייזי דערפון, וואָס ער האָט פון צײַט צו צײַט באַקומען אַרבעט אין בוי־קאָנטאָרן: קאָנטראָלירט און קאָרעגירט בוי־פּלענער.

די פּאַרדינסטן האָבן קוים געקלעקט אַף אַ באַשיידענער עקזיסטענץ אין אַ סטאַנדאַרטן הויז אַף אָרטשאַרד־סטריט.

ס׳האָט ניט לאַנג געדויערט, ווי אָרטשאַרד־סטריט האָט באַערט מיסטער אָ׳קייזין מיטן טיטל פּראָפעסאָר.

אָרטשאַרד־סטריטס טוישווים האָבן זיך געפילט שטאָלצער, וואָס זיי האָבן אַן אייגענעם פּראָפעסאָר אַף זייער גאַס.

הויך, מאָגער, אַ שטרענג פּנים מיט צוויי טיפע קנייטשן פון ביידע זײַטן מויל, געדיכטע האַלב־גראָווע האָר און טיף אײַנגעזונקענע גרויע אויגן אונטער אַראָפּהענגענדיקע געדיכטע ברעמען, — איז מיסטער אָ׳קייזי טאַקע מער ענלעך געווען אַף אַ פּראָפעסאָר אָדער אַף אַ שטרענגן ריכטער, ווי אַף אַן איינפאַכן לערער.

גלײַך און שטאָלץ האָט מיסטער אָ׳קייזי געשפּרײַזט איבער דער גאַס, באַגלייטנדיק יעדן טראָט מיט אַ קלאַפּ פון זײַן שטעקן אין טראָטואַר, ווי ער וואָלט דערמיט געזאָגט: איך האָב פּראָטעסטירט און וועל פּראָטעסטירן, אַלציינס, צי עס געפעלט וועמען אָדער עס געפעלט ניט...

מיסיס ווינסטאָן איז געווען אין אַ פאַרלעגנהײַט: ווי וועט זי גיין מיט אירע איניאָנים צום פּראָפעסאָר — זי קען דאָך אים אפילו ניט. און זי ווייסט ניט, ווי מע רעדט מיט אַ פּראָפעסאָר.

— נאַרישקײַטן! — האָט מיסיס מאַקפערסאָן זיך אַ בייזער געטאָן. — אָט ווי איר רעדט מיט מיר, אַזוי רעדט מיטן פּראָפעסאָר. אַ פּאָשעטער מענטש ביז גאָר, איינער פון אונדזעריקע, כאָטש אַ פּראָפעסאָר. אויב עס ציטערן בא אײַך אַזוי די קני, טאָ זאָל אײַער דייוו צו אים אַרײַנגיין.

אָבער דייוו האָט וועגן דעם אפילו ניט געוואָלט הערן.

— איך קען דעם פּראָפעסאָר, ווי דו, לעמאָשל. ער מיך — נאָך

וויניקער. איז וואָס וועל איך גיין דולן א פרעמדן מענטשן דעם קאָפּ מיט זאכן, וואָס קערן זיך צו אים ניט אָן? מאלע־וואָס קינדער שמירן אַלץ אָן, וועט יעדערער עס טראָגן צום פּראָפעסאָר?

מיסיס ווינסטאָן האָט זיך ניט באַרויקט.

— ביסט א טאטע צי ניט קיין טאטע? עס האנדלט זיך וועגן א קאריערע פארן קינד, וועגן אונדזער אַלעמענס גליק!..

דייווז האָבן דערעסן די נאָגעניש, און ער האָט נאָכגעגעבן:

— גוט. כ'וועל ווײַזן דעם פּראָפעסאָר דעם באָיס שמירערײַען, און טשעפּע זיך אָפּ פון מיר.

און אין איינעם א זונטיקדיקן פרימאָרגן האָט ער גענומען העריס אַלבאָמען און איז אוועק צום פּראָפעסאָר.

די טיר האָט אים געעפנט אַליין מיסטער אָ'קייזי. ער איז געווען אָן א רעקל. אין דער האנט האָט ער געהאַלטן א בלײַפעדער, א צווייטער בלײַפעדער האָט געשטעקט הינטער זײַן אויער.

צום שיפּועדיקן טיש איז צוגעפּעסטיקט געווען א בויגן וואטמאן־פּאַ־פּיר מיט א צייכענונג. דייוו האָט פארשטאנען, אז ער האָט געשטערט דעם פּראָפעסאָר אין זײַן ארבעט. ער איז געבליבן שטיין בא דער טיר.

— קומט ארײַן, קומט ארײַן, שאָכן! — האָט דער פּראָפעסאָר אים אײַנגעלאַדן. — זעצט זיך!

נאָר זעצן זיך איז געווען ניט אזוי גרינג: אַלע שטולן, די קאנאפּע, דאָס בעט זײַנען פארוואַלגערט געווען מיט רולאָנען פּאפּיר, מיט צונויפ־געוויקלטע און פאנאנדערגעוויקלטע צייכענונגען, מיט אַלבאָמען, ביכער, שאכטלעך מיט טיוביקעס פארב, מיט ווירעס, טריאַנגוליאטאָרס, רייס־שינעס, צירקולס, רייספעדערס. צווישן אָט די אַלע אטריבוטן פון דער פּראָפעסיע האָט זיך דאָ און דאָרט געוואַלגערט א שמוציק נאָזטיכל, א צעקנייטשטער קראגן, א פּאָר שקארפּעטן. אף אַלץ איז געלעגן א היפּשער שיכט שטויב. ס'איז ניט שווער געווען צו זען, אז א פרויען־האנט באַ־רירט זעלטן די נעסט פון דעם איינזאמען אַלטן.

באמערקט דייווס זוכנדיקן בליק, האָט מיסטער אָ'קייזי א שאר אראָפּ

געגעבן פונעם נאָענטסטן שטול גלײַך אַפּן דיל אַלץ, וואָס ס׳איז אַף אים געלעגן, און אַ זאָג געטאָן:

— איצט זעצט זיך און זאָגט, וואָס איך קאָן טאָן פאַר אײַך.

— איר וועט מיך אַנטשולדיקן, פּראָפעסאָר...

— אָ, נאָר אָן טיטלען, — האָט אָ׳קייזי אים איבערגעשלאָגן, — מיסטער אָ׳קייזי וועט גאַנץ גענוג זײַן.

— איך בעט קיין פאַריבל ניט האָבן, מיסטער אָ׳קייזי, איך האָב ניט געוואָלט אײַך באַאומרויִקן... נאָר מײַן מיסיס איז צו מיר צוגעשטאַנען... אונדזער באַי מאָלט אָפּ אַלץ, וואָס ער זעט און וואָס ער זעט ניט... נו, איז אָט... מיסיס ווינסטאָן איז צו מיר צוגעשטאַנען: ווײַז און ווײַז דעם פּראָפעסאָר... מיסטער אָ׳קייזין, מיין איך, זאָל ער זאָגן, צי וועט פון דעם באַי עפּעס אַרויסקומען... צי האָט ער טאַלאַנט... איז אָט...

— אַלע קינדער מאָלן, — האָט מיסטער אָ׳קייזי אַ בורטשע געטאָן, און גלײַך נאָכדעם אויסגעצויגן די האַנט צו די העפטן.

— ווײַזט נאָר, לאָמיר זען, וואָס ער האָט דאָרטן אָנגעמאָלט, אײַער יינגל.

מיסטער אָ׳קייזי האָט געבלעטערט אין העפט נאָך דעם צווייטן, אופמערקזאַם באַטראַכט די קינדערשע צייכענונגען, אַרויסלאָזנדיק פון צײַט צו צײַט קיין גאָרניט זאָגנדיקע קלאַנגען: „הם... הם!..“

ענדלעך האָט ער אָפּגעלייגט די העפטלעך אָן אַ זײַט:

— וואָס זאָל איך אײַך זאָגן, מיסטער ווינסטאָן... ווי איך האָב שוין באַמערקט: אַלע קינדער מאָלן... אײַער זון — הערי, האָט איר געזאָגט רופט מען אים... אײַער הערים מאָלערײַען זײַנען אויך ניט מער דערווײַל ווי קינדערשע מאָלערײַען. נאָר דער באַי האָט אין זיך, ווי מיר שײַנט, גוטע אָנגאַבן, מעגלעך, טאַלאַנט. דאָס וועט די צײַט באַווײַזן. אָבער אז אַן עמבריִאָן פון אַ טאַלאַנט זאָל זיך אַנטוויקלען אין אַ טאַלאַנט, פאָדערט זיך אַ סאַך לערע און אַ סאַך מי, דעריקער — מי. די איינפאַכסטע אייצע, וואָס איך וואָלט אײַך געקאָנט געבן, איז: איר זאָלט פאַר אים דינגען גוטע לערער, וואָס זאָלן אים צוגרייטן ווי געהעריק אין אַ קונסט־שול.

ווען ער וועט ענדיקן די קונסט־שול, אריַינגעבן אים אין קאָלעדזש, אין א קונסט־אקאדעמיע אָדער אין אן ארכיטעקטור־אינסטיטוט, וווהין זײַן נייגונג וועט באוויַיזן, דערנאָך שיקן אים אף א פּאָר יאָר קיין יוראָפּ — איטאליע, פראנקריַיך, גריכנלאנד... אָבער מיט אזא גוטער אייצע וואָלט איך ענלעך געווען אף יענעם דאָקטער, וואָס פּאראָרדנט א שווינדזיכ־טיקן ארבעטלאָזן, ער זאָל זיך ניט אָנשטרענגען בייס דער ארבעט, וואָס מער פּארברענגען אף דער פרישער לופט, וואָס בעסער דערנערן זיך און אויסמיַידן יעדע זאָרג און אופרעגונג... ס'איז נאריש, אָדער ציניש, אָדער ביידע זאכן צוזאמען. איך ווייס, אז מיַין אָנגעמערקטע פּראָגראם איז ניט פאר אן ארבעטער, אפילע ווען ער האָט שטענדיקע ארבעט. איז אָט וואָס: איר שיקט מיר אהער דאָס יינגל, איך וועל זיך מיט אים באַ־קענען, און אויב איך וועל זיך איבערצייַגן, אז דאָס איז בא אים ווירק־לעך א נייגונג, א לייַדנשאפט, ניט קיין פּארבייַגייענדיקע קינדערשע פּארוויַילונג, וואָס פארשווינדט צוזאמען מיט דער קינדהייַט, וועל איך אים העלפן מיט וואָס איך קאָן. און וויַיטער וועלן מיר זען. אויב עס וועט זיך בא אים ווירקלעך אנטוויקלען א טאלאנט, וועט אונדז עפשער געלינ־גען צו פּויעלן פאר אים א סטיפּענדיע אין אן ארכיטעקטור־קאָלעדזש. די צייַט וועט וויַיזן. נו, און איצט מוז איך ארבעטן, א דרינגענדיקע באשטעלונג.

* * *

דער פּלייַס, וואָס הערי האָט ארויסגעוויזן, האָט געפרייט מיסטער אָ'קייזין, און די דערפאָלגן פון דעם יאָר, וואָס ער באשעפטיקט זיך מיטן יינגל, האָבן אים אָנגענעם איבערראשט.

— דער באָי באזיצט אן איַינגעבוירענעם טאלאנט צו ארכיטעק־טור, — האָט מיסטער אָ'קייזי געזאָגט דער מיסיס ווינסטאָן, — אלץ, וואָס עס פאָדערט זיך פון אים, איז ארבעט, ארבעט און ארבעט.

מיסיס ווינסטאָן איז געווען די גליקלעכסטע מוטער אין דער וועלט.

דער פּראָפעסאָר אַליין זאָגט, אַז הערי באַזיצט טאַלאַנט! זי האָט שוין געזען איר ייִנגל — אַ באַרימטן אַרכיטעקטאָר, אַ צווייטן פראַנק לאָיד...

און פּלוצעם איז איר העריס וועג צו רום און רײַכקייט איבערגעריסן געוואָרן. ס'איז געשען דאָס, וואָס האָט די לעצטע צײַט אַלעמען אַזוי געשראָקן: דייוו איז געבליבן אָן אַרבעט. דאָס ערשטע מאָל פאַר אַ סאַך יאָרן — אינגאַנצן אָן אַרבעט.

איינמאָל אין אַ שאַבעס־פאַרנאַכט איז דייוו געקומען אַהיים, ווי שטענדיק אָפּגעגעבן דעם ווײַב זײַן וועכנטלעכן אַרבעטסלוין און מיט קלוימערשטער זאָרגלאָזיקייט אַ זאָג געטאָן:

— נו, פּעני, אָפּגעאַרבעט זיך...

דאָס געלט איז אַרויסגעפאַלן פון פּעניס הענט. זי האָט זיך מאַכטלאָז אַראָפּגעלאָזן אויפן שטול, מיט בלאַס געוואָרענע ליפּן שטיל געזאָגט:

— ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט... אַזאַ קריזיס... אַ סאַך אײַערע האָט מען הײַנט אָפּגעזאָגט?

— פרעג ניט... עס הייבט זיך ערשט אָן.

— וואָס וועלן מיר איצט טאָן, דייוו?

— נו, נו, פּעני, זײַ ניט אַזוי געפאַלן! האָב קיין מוירע ניט, כ'וועל לײדיק ניט אומגיין.

פּעניס הענט האָבן לײַכט געציטערט, איר גאַנצער אויסזען האָט אויסגעדריקט פאַרלאָרנקײַט.

— אַזויפיל אַרבעטלאָזע, דייוו... — האָט זי ווי צו זיך אַליין געמורמלט. — וואָס וועט מיט אונדז זײַן, דייוו? וואָס וועט זײַן מיט אונדזער הערין?

דייוו האָט ווילעריש אַ קלאַפּ געטאָן דעם ווײַב איבערן אַקסל:

— ניט געזאָרגט, פּעני! מירן ניט פאַרפאַלן ווערן! אַף אַ וואָך הויצאָע האָסטו? איז גרייט דערווײַל צום טיש. פאַראַן הענט, וועט זיך געפינען פאַר זיי אַרבעט, מירן פון הונגער ניט שטאַרבן.

דייוס איבערגעטריבענע האָפּערדיקייט האָט פּעניך ניט באַרויִקט.

— אזא יאַקרעס... און אזויפיל דרינגענדיקע וועכנטלעכע צאָלונגען: פאַרן מעבל, פאַר הערים וועלאָסיפּעד... דירעגעלט...

אָרטשארד־סטריט איז, ווי דייוו אליין, זיכער געווען, אז ער וועט זיך לאנג ליידיק ניט ארומדרייען.

א מענטש מיט גאָלדענע הענט: א פּרעזער, אן אינסטרומענטאליסט, א טאָקער. וואָס איר ווילט פאַר אן ארבעט קען דייוו טאָן, ניט איינס, איז דאָס אנדערע. דייוו איז קיינמאָל ניט געווען אָן ארבעט און וועט איצט אויך לאנג ליידיק ניט אומגיין.

— וואָס איז פאַראַן וואָס צו ריידן, אז קיין שום ארבעט איז פאַר אים ניט שווער... אזעלכע, ווי ער, גייען לאנג ניט אום ליידיק.

אָבער עס זייַנען אוועק וואָכן און כאדאָשים און דייוו איז אלץ אומ־געגאנגען אָן ארבעט.

דייוו איז גרייט געווען צו טאָן יעדע ארבעט, פאַר יעדן לוין, אָבער קיין ארבעט פאַר אים האָט זיך ניט געפונען.

ווינסטאָנס געמיטלעך דירעלע איז האלב אויסגעליידיקט געוואָרן. פריִער האָט מען ארויסגעפירט דאָס נאָך ניט אויסגעצאָלטע מעבל, דער־נאָך, איינס נאָך ס'אנדערע, די ניי־מאשין, די טעפּיכער, דעם וועלאָסי־פּעד — אלץ זאכן, וואָס אגענטן פון פארשיידענע פירמעס האָבן פריִער, ווען דייוו האָט געארבעט, קימאט מיט גוואלד אָנגעבונדן מיסיס ווינסטאָן, דערווייַזנדיק איר מיט אלע קויכעס, אז ס'איז א זינד פאַר זיך און פאַר גאָט אליין ניט פארשאפן זיך אזעלכע נייטיקע זאכן, „ווען איר קאָנט עס האָבן פאַר שפּאָט־ביליק און אף לייַכטע וועכנטלעכע אויסצאָלונגען, וואָס איר וועט זיי גאָר ניט פילן“...

מיט יעדער אוועקגענומענער זאך איז אוועקגענומען געוואָרן א שטיק פון מיסיס ווינסטאָנס הארץ. אזויפיל מי אוועקגעלייגט, פון אזויפיל זאכן זיך אָפּגעזאָגט — אָפּטמאָל פון דעם סאמע נייטיקסטן — צוליב אופבויען פאַר דער פאַמיליע א פייַנע נעסט, א באקוועם געמיטלעך הויז... און זי איז אזוי שטאָלץ געווען מיט איר היים! אלע זייַנען איר מעקאנע געווען...

און פאַר די אַלע זאַכן איז דאָך געוועזן קימאַט ווי אויסגעצאָלט: פאַר דעם מעבל — דרײַ פערטל פון דער פּרײַז שוין באַצאָלט, פאַרן וועלאָ־סיפּעד — דאָסגלײַכן, פאַר דעם טעפּיך אין „פּאַרלאָר" אײַנגאַנצן אַכט דאָלער ניט דערצאָלט, פאַר דער נײי־מאַשין — נאָך ווייניקער... אָבער וואָס איז די פּולע? איין דאָלער ניט דערצאָלט, איז די זאַך נאָך אַלץ ניט דײַנע! — זי געהערט דעם פּאַרקויפער, און ער נעמט זי אַוועק...

נאָך מער, ווי פאַר דער צעשטערטער נעסט, האָט פעני ווינסטאָנס האַרץ געבלוטיקט פאַר איר הערין, פאַר זײַן צוקינפטיקער „גלענצנדי־קער קאַריערע".

דער פּראָפעסאָר האָט ניט איין מאָל געזאָגט, אַז דער וועג פון העריס דערפאָלג ליגט דורך אַרבעט, אַרבעט און אַרבעט, און הערי האָט געאַר־בעט פלײַסיק, מע קאָן זאָגן — לײַדנשאַפטלעך. מע האָט אים מיט גוואַלד געדאַרפט אָפּרײַסן פון צייכן־טיש, צווינגען אים גיין אַ ביסל אויף דער פרײַער לופט, צי אין קינאָ, שפּילן מיט כאַווײרים פוטבאָל. און איצט? שוין וואָכן און כאָדאָשים, אַז ער האָט קיין בלײַשטיפט אין האַנט ניט גענומען.

ווי און ווען זאָל דאָס ייִנגל אַרבעטן, אַז ווי נאָר ער קומט פון שול, מוז ער לויפן אין גאַס פאַרקויפן אָוונט־צײַטונגען, קעדיי כאָטש וויפל ניט־איז אַרײַנברענגען אין שטוב...

די הילף, וואָס דייוו באַקומט פון זײַן יוניאָן, איז ניט גענוג אָנצו־זעטיקן די פאַמיליע, און אײַנגיכן ענדיקט זי זיך ביכלאַל אויף הײַנטיקס יאָר.

ווען הערי קומט שפּעט אין אָוונט אַהיים אַ מידער, אָפּט אַ דורכגע־נעצטער ביזן ביין, אַ הײזעריקער פון קעסיידערדיקן אויסשרײַען די סענסאַציעס פון טאָג, סטײַען אים שוין ניט קיין קויכעס ניט בלויז צו אַרבעטן, נאָר אפילו צו עסן.

מיט בענקענדיקע בליקן קוקט דאָס ייִנגל אויפן צייכן־ברעט: „כ'וועל אַ ווײַלע אָפּרוען און וועל דערנאָך אַרבעטן"... ער לייגט זיך צו אויף דער קאַנאַפּע און שלאָפט אײַן, ווי אַ דערהאַרגעטער.

די מוטער פירט אים א שלאָפנדיקן צום בעט, ציט פון אים אראָפּ דאָס אָנטאָן, פאַרשטעקט אַרום אים די קאָלדרע, ווי זי פלעגט עס טאָן, ווען ער איז נאָך געווען א קליינינקער. זי שטייט איבער אים, קוקט אויף זײַן אָפּגעצערט, אויסגעבלייכט פּאָנעם, און איר האַרץ ווערט צעריסן פון ווייטעק און שמערץ פאַר איר קינד...

דייוו איז געזעסן אויף א באַנק אין ראָטנער־סקווער, א קליין סעדל אין דער געגנט פון אָרטשאַרד־סטריט.

דער וועטער איז לאַכלוטן ניט געווען קיין פּאַסיקער צו זיצן אויף דער פרישער לופט. בידעריקע וואָלקנס זײַנען געהאַנגען איבער דער שטאָט. ס׳האָט געטריפט א דריבנע אײַנגעשפּאַרט רעגנדל; פון איסט־ריווער האָט געבלאָזן א קאַלטער ווינט. נאָר גיין אַהיים האָט זיך דייוון ניט געוואָלט.

א גאַנצן טאָג האָט ער אומזיסט געזוכט אַרבעט, וועלכע־ניט־איז אַרבעט.

ווידער קומען צו פּעגין מיט ליידיקע הענט... דייוו דערקענט ניט זײַן פּעגי: פריִער אַזא רויִקע, שטענדיק א געמיטלעכע און צאַרטע, גייט זי איצט שטענדיק אום א פאַרצאָרנטע, אַן אינערלעך צערייצטע. אויף זײַנער א פראַגע ענטפערט זי מיט א האַלב מויל, ווי אומגערן.

זי קריגט זיך ניט מיט אים, מאַכט אים ניט קיין פאָרוווּרפן, זי שווײַגט... זי קוקט בלויז אויף אים. פירט איבער איר בליק פון אים אויף העריין און פון העריין אויף אים, ווי זי וואָלט געזאָגט: „זע, וואָס פונעם קינד איז געוואָרן"... פּונקט ווי דאָס וואָלט געווען זײַן שולד.

וואָלט זי כאָטש אָנגעשריגן, אפילו אָנגעשאָלטן, וואָלט עס, דוכט זיך, געווען גרינגער, איידער איר שווײַגן.

אויפן צווייטן עק באַנק האָט זיך געוואַלגערט א נאָכמיטיק־צײַטונג, וואָס עמעצער האָט אוועקגעוואָרפן. דייוו האָט גענומען די צײַטונג און אָן איבעריקן אינטערעס געלייענט די קעפּלעך פון די טאָג־נײַס. „נאָך

פינף טויזנט ארבעטער פאר דער נאציאָנאַלער עלעקטרישער קאָמפּאַניע״ — האָבן גרויסע בוילעטע אויסיִעס אַראָפּגעשריגן פון דער צײַטונג.

אונטער דעם פּילזאַגנדיקן קעפּל איז אין א באַזונדער רעמל באַאריכעס דערציילט געוואָרן וועגן די גרויסע מײַלעס פון דער נײַער אוניווערסאַלער עלעקטרישער קיך, וואָס די נאציאָנאַלע עלעקטרישע קאָמפּאַניע האָט אָנגעהויבן אַרויסצולאָזן. דערנאָך איז מיטגעטיילט געוואָרן, אַז קעדיי באַפרידיקן דעם אַלץ וואַקסנדיקן נאָכפרעג פון די געברויכער אַף דער מאָדערנער ווונדער־קיך, איז די קאָמפּאַניע געצוווּנגען צו פאַרגרעסערן איר זאַוואָד און וועט באַשעפטיקן נײַע פינף טויזנט ארבעטער פון פאַרשיידענע ספּעציאַליטעטן. דער אופנעם פון פאַכלײַט האָט זיך שוין אָנגעהויבן.

דייווס מידקײַט, נידערגעשלאָגנקײַט, אַפּאַטיע איז אָפּגענומען געוואָרן, ווי מיט דער האַנט. פינף טויזנט ארבעטער פון אַלע ספּעציאַליטעטן! און ער ווייסט דאָך עטלעכע ספּעציאַליטעטן. ווי זשע איז מעגלעך, אַז פון פינף טויזנט ארבעט־פּלעצער זאָל זיך איין פּלאַץ ניט געפינען פאַר אים? מאָרגן פאַרטאָג וועט ער גיין זיך אָנבאָטן דער נאציאָנאַלער עלעקטרישער קאָמפּאַניע. א פרעזער, אַן אינסטרומענטאַליסט, א טאָקער, א מאָנטאַזשניק, אויב איר ווילט — אַן עלעקטראָמאָנטיאָר, ביטע!

אַן אופגעמונטערטער, א געמוטיקטער, האָט ער געײַלט אַהיים אָנזאָגן פעניין די גוטע בסורע.

ס׳איז נאָך געווען שטאָק־פינצטער, ווען דייוו האָט זיך אופגעהויבן פון בעט. שטיל, קיינעם ניט אופגעוועקט, איז ער אַרויס אין קיך, געײַלט אויסגעטרונקען א גלאָז טיי און אַף די שפּיץ פינגער זיך געלאָזט צו דער טיר.

— האָסט עפּעס געגעסן, דייוועלע? — האָט ער דערהערט פעניס שטילן רוף, — נעם כאָטש א פּאָר ריפּטלעך ברויט מיט מאַרגאַרין. ביז

אָוונט איז נאָך ווײַט. וועסט פאַרכאַלעשט ווערן... אין א גוטער שאָ, דיוואָל.

א וואַרעמקײַט האָט זיך צעגאָסן איבער דייווס האַרצן. א ספּאַזמע האָט צונויפגעדריקט זײַן האַלדז. שוין לאַנג, זייער לאַנג האָט ער ניט געהערט פון פּעניִן דעם צערטלעך־פאַרמינערטן נאָמען „דייוועלע"...

א קער געטאָן זיך צו פּעניִן, האָט ער שווײַגנדיק אָנגעוויזן מיט דער האַנט אפן פּעסט שלאָפנדיקן הערין. דאָס האָט געדאַרפט באַטײַטן: „זאָל בעסער בלײַבן פאַר אים". דערנאָך האָט ער ליבשאַפטלעך א שמייכל גע־טאָן צו דער פרוי, א פּאָך געטאָן מיט דער האַנט און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

א קאַלטער בײַסיקער ווינט האָט אים דורכגענומען ביז די ביינער, ווי נאָר ער איז אַרויס אין גאַס. ס'האָט גערעגנט — ניט גערעגנט, גע־שנייט — ניט געשנייט. הויך אַרום די עלעקטרישע לאָמפּן האָבן גע־ווירבלט שנייעלעך, נאָר צו דער ערד, האָט זיך געדאַכט, דערגרייכן זיי ניט. אונטער די פיס איז געווען נאַס, ווי נאָך א רעגן. די גאַס איז געווען שטיל און ליידיק.

דעם קאָלנער פון מאַנטל אויפגעשטעלט, די הענט טיף פאַרוקט אין די קעשענעס, האָט דייוו מיט שנעלע טריט געשפּרײַזט צו דער עסטאַ־קאַדן־באַן־סטאַנציע. צו דער פיק־שטונדע איז נאָך געווען ווײַט, נאָר די פּלאַטפאָרם איז גיך פאַרפולט געוואָרן מיט אַרבעטער. „ניט שוין זשע פאָרן עס אַלע צום זעלביקן זאַוואָד, וואָס איך?" — האָט דייוו מיט אומרו א טראַכט געטאָן.

„רייכערט „לאָקי סטרייק"! אַלע רייכערן „לאָקי סטרייק"!" — האָט מיט קלאַפּטערדיקע עלעקטרישע אויסיִעס אַראָפּגעשריגן די איבעראַל פאַר־פּאָלגנדיקע רעקלאַמע.

דייוו האָט דערפילט, אַז ער כאַלעשט רייכערן. נאָר וויפל ער האָט ניט געשאַרט אין די קעשענעס, האָט ער מער ווי צוואַנציק סענט ניט צונויפגעשאַרט — פּונקט אַזויפיל, וויפל עס קאָסט די רײַזע צום זאַוואָד און צוריק.

דייוו האָט געפּילט, אַז פּאַרייכערן מוז ער. מע קאָן אויסקומען אַ טאָג אָן עסן, אָבער ניט אָן רייכערן. ער וועט באַדאַרפֿן גיין נאָך דער אַרבעט צוריק אַהיים צופֿוס, נאָר אַ פּעקל סיגאַרעטן מוז ער קויפֿן.

איילנדיק איז ער צוגעלאָפֿן צום טאַבעק־סטענד, אַ וואָרף געטאָן אַ ניקל, אַ כאַפּ געטאָן אַ פּעקל סיגאַרעטן און זיך געלאָזט לויפֿן צום אָנקומענדיקן צוג.

דייוו האָט געמיינט צו זײַן דער ערשטער באַם זאַוואָד. נאָר ווען ער איז אַהין געקומען, האָט ער פֿאַר די נאָך געשלאָסענע טויערן פֿון זאַוואָד־הויף, שוין געטראָפֿן אַ גרויסע מענגע מענטשן.

מע איז אונטערן שפּאָר רעגנדל געשטאַנען כמורנע, שווײַגנדיקע. בלויז צײַטנווײַז זײַנען געפֿאַלן צו קיינעם ניט געווענדטע קורצע פֿראַזן:

— נו, אַ וועטער!..

— אַ זופּ בראַנדי אָדער שאָטלענדישן וויסקי אין אַזאַ וועטער איז פּונקט די זאַך...

— כאַטש אַ טעפּעלע הייסע קאַווע...

— ווער קאָן אָפּשפּאָרן פֿון זיך אַ סיגאַרעט, פֿרײַנט?

— ווי לאַנג נאָך וועלן זיי אונדז האַלטן אונטערן רעגן, די זין פֿון אַ צויג?

זיבן אַזייגער האָבן די טויערן זיך ענדלעך געעפֿנט, און די מענגע האָט, ווי אַ שטורמישער פֿלוס, זיך אַרײַנגעריסן אין הויף.

נאָך דעם, ווי די פֿאַרזאַמלטע זײַנען געשטאַנען נאָך אַ האַלבע שאָ אונטערן רעגן, איז פֿון זאַוואָד־קאָנטאָר אַרויס אַ הויכער דאַרער יונגער־מאַן מיט אַ פֿרישטשעוואַטן פּאָנעם און האָט הויך, אַפֿן קאָל אויסגעשריגן:

— די „נאַציאָנאַלע עלעקטרישע קאָמפּאַניע“ וועט הײַנט אָננעמען פֿיר און דרײַסיק אַרבעטער: צען עלעקטריקער, אַכט אַרומוויקלער, אַכט פֿאַרבער און לאַקירער, דרײַ שאָפֿערן און פֿינף שוואַרצאַרבעטער. די נעענטערע צו מיר אַרבעטער פֿון די אָנגערופֿענע פּראָפֿעסיעס גייען

אריַין איַינציקוויַיז אין קאָנטאָר, די איבעריקע קאָנען זיך פאַנאַנדערגיין. וועגן וויַיטערדיקן אופנעם פון העגט וועט געמאָלדן ווערן.

דער אוילעם האָט זיך א וויג געטאָן. ווי א גערויש פון ביימער אין א שטורעמווינט, האָבן זיך דערטראָגן אופגערעגטע, צערייצטע אויסרופן:

— הינטישע זין! „פינף טויזנט ארבעטער!..״

— א בלאָף פון אָנהייב ביזן סאָף!..

— א באַצאָלטע רעקלאַמע, און איך, הילצערנער קאָפּ וואָס איך בין, האָב עס אָנגענומען פאַר ריינעם עמעס, פאַר ערלעכער צייַטונג־אינפאָרמאציע!..

— און איך האָב לעכאטכילע געוווּסט, אז ס'איז א בלאָף, — האָט ווי שטענדיק און אומעטום זיך געפונען א „איך האָב פריִער אזוי געזאָגט״.

— אז דו ביסט אזא כאָכעם, פאַרוואָס זשע ביסטו אהער געקומען?

— צו זייַן רייך פאַר מייַן געוויסן און... פאַר מייַן וויַיב.

זידלענדיק און שילטנדיק די פאַרדאמטע בלוטזויגער, די בלאָפערישע צייַטונגען און דאָס אייגענע פון „גאָט פאַרדאמט לעבן״, האָט דער אוילעם גענומען זיך פאַנאַנדערגיין.

דייוון האָט ניט פאַרדראָסן, וואָס ער האָט אויסגעגעבן די לעצטע צען סענט אף סיגאַרעטן. דער וועג אהיים איז געווען זייער וויַיט, נאָר ער וואָלט געוואָלט, ער זאָל זייַן נאָך וויַיטער. קומען צו פעגין מיט גאָרנישט נאָך דעם, ווי ער האָט אין איר דערוועקט א האָפענונג, אז ענדלעך שטייען פאָר בעסערע טעג, — איז פאַר אים געווען פייַנלעך, ווי דער טויט.

ער איז געגאַנגען לאַנגזאַם, אָפּגעשעטעלט זיך לעבן וויטרינעס, ניט דורכגעלאָזט אפן וועג אהיים קיין איין אונטערנעמונג, ווּהין ער זאָל ניט אריַין פרעגן אף ארבעט; ער האָט געקלאַפּט אין די הינטערטירן פון רעסטאָראַנען: עפּשער פאָדערט זיך א הייצער, א געפּעסוואַשער, א שווארצארבעטער?

ניין, אין ערגעץ האָט מען זיך ניט גענייטיקט אין קיין „העגט״.

עס האָט שוין אָנגעהויבן טונקל ווערן, ווען דייוו, א טויט־מידער, א דורכגענעצטער ביזן ביין, האָט זיך דערשלעפּט אהיים.

פּעני האָט זיך געפּאָרעט בא דער פּליטע: איר אַלטע מוטער איז, ווי שטענדיק, געזעסן אין איר ווינקל באַם פענצטער און, ווי דאָסראָוו אַלטע פרויען, עפּעס געמורמלט פאַר זיך אַליין. הערי איז אין דער היים ניט געווען. זײַן נאס רעקל אפן שטול־ווענטל האָט זיך געטריקנט פארן גאז־פײַער.

הײַנט האָט הערי געהאט א גוטן טאָג — די אָוונט־צײַטונגען האָבן געבראַכט צוויי סענסאציעס: א פּופּצניאַריק יינגל האָט דערמאָרדעט זײַן מוטער מיט א האק און א קינאָ־שטערן פאָדערט א מיליאָן דאָלער פון איר געליבטן פאַר ברעכן זײַן צוזאָג צו כאַסענע האָבן מיט איר.

הערי איז הייזעריק געוואָרן, אויסשרײַענדיק די נײַס, די צײַטונגען זײַנען גיך אויסגעפּארקויפט געוואָרן ביז דער לעצטער, און ער איז אוועקגעלאָפן נאָך א צווייט פּעקל.

ווען דייוו איז ארײַן אין שטוב, האָט פּעני א קער געטאָן זיך מיטן פּאָנעם צו אים. זי האָט פארשפּאָרט אים פרעגן, צי ער האָט זיך גע־שטעלט ארבעטן. ס׳איז געווען גענוג א קוק טאָן אף זײַן פּאָנעם, אף דעם, ווי ער האָט מאַכטלאָז זיך אראָפּגעלאָזט אף דעם שטול בא דער טיר.

שווײַגנדיק האָט זי זיך אומגעקערט מיטן רוקן צום מאַן. א טרער איז געפאַלן פון איר אויג אף דער הייסער פּליטע, מיט שיפּערײַ א זאָד געטאָן און אויסגעטריקנט געוואָרן...

פּעני האָט ניט געקאָנט אָנהייבן ריידן מיטן מאַן — הייסן ארומוואשן זיך, איבערטאָן זיך אין טרוקענעם, זעצן זיך צום טיש. אין הארץ האָט געברויזט א שטורעם פון געפילן: מיטגעפיל צו דייוון, ראכמאָנעס צו זיך אַליין און מער פון אַלץ — גרענעצלאָזע ליבע, ווייטעק און צאַר פאַר איר קינד, צום געקריוודעטן און בארויבטן פון רום און גליק הערין.

זי האָט געפילט, אז אויב זי וועט איצט אָנהייבן ריידן, וועט זי אויס־ברעכן אין א היסטעריק און וועט עפּשער אָנריידן דייוון אזוינס, וואָס וועט איר דערנאָך אַליין ווי טאָן.

דייוו האָט א צי געטאָן מיט דער נאָז די לופט. ער קאָן שווערן, אז עס שמעקט מיט פלייש און בעבלעך.

ווו האָט פעני געקאָנט נעמען געלט אף פלייש מיט בעבלעך, בייס אינדערפרי איז איר גאנץ פארמעגן באשטאנען פון פינף און צוואנציק סענט? דעם גאנצן טאָג האָט דייוו קיין ביסן ניט געהאט אין מויל. ער האָט בלויז געריכערט. איצט, דערשמעקנדיק דעם רייעך פון הייס גע־קעכטס, האָט ער ערשט דערפילט, ווי הונגעריק ער איז.

ער האָט נאָכאמאָל איינגעעטעמט אין זיך דעם אפעטיט־רייצנדיקן רייעך און, ווי שולדיק אין עפעס, שטיל א פרעג געטאָן:

— כ׳וואָלט שווערן, אז עס שמעקט מיט פלייש און בעבלעך... ווו האָסטו גענומען דערויף געלט, פענילע?

— הערילע, דער שפייזער אונדזערער — ווײַ צו מײַנע יאָרן! — האָט געבראכט, — האָט זי, שטייענדיק צו אים מיטן רוקן, מיט טרערן אין דער שטים געענטפערט. — א גוטן טאָג הײַנט געהאט. א דאָלער מיט זעכציק סענט געבראכט אין שטוב ארײַן, א בראָך צו דער מאמען! איבערגעביטן דאָס נאסע רעקל און אוועקגעלאָפן נאָך א פרישן פאק צײַטונגען... האָב איך געקויפט א קענדל קאָנסערווירט פלייש מיט בעב־לעך... מע דארף געבן א קינד עסן... האלעוואי וואָלטן מײַנע אויגן בע־סער ניט געזען, וואָס פונעם קינד איז געוואָרן...

דייוו האָט ארויפגעלאָזט דעם קאָפּ, געשוויגן.

— נו, וואָס זיצסטו, ווי אן אָרעמאן בא דער טיר? — האָט פעני מיט אײַנגעהאלטענער צערייצטקײַט א זאָג געטאָן. — וואש זיך ארום, טו זיך איבער אין טרוקענעם און זעץ זיך צום טיש.

זיי האָבן נאָרוואָס אָנגעהויבן עסן, ווען דורך די אָפענע פענצטער האָבן פון דער גאס זיך דערטראָגן אויסגעשרייען פון צײַטונג־פארקוי־פער און איבער אלעמענס קוילעס העריס קלינגענדיקע שטים:

— „איוונינג ניוז“! „סטאר“! גרויסע סענסאציע! פּופּצניאָריקער באָי דערמאָרדעט מוטער מיט האק!.. מווי סטאר גרייס לעסלי פּאָדערט פון

מיליארדער ראָבערט נאָרטאָן מיליאָן דאָלער פאר ברעכן דאָס וואָרט...
„איוונינג ניוז"! „סטאר"! גרעסטע סענסאציע פון טאָג!..
מיסיס ווינסטאָן איז א פאל געטאָן מיטן קאָפּ אפן טיש.
— ווי איז דער מאמען!.. בעסער וואָלט איך דאָס ניט דערלעבט!..
„א צווייטער פרענק לאָיד"... א צײַטונג־פארקויפער... מײַן הערי — א צײַטונג־פארקויפער.... דאָס איז זײַן גלענצנדיקע קאריערע... — האָט זי, שטיקנדיק זיך מיט טרערן, געשלוכצט.
דייוו האָט, ווי א שולדיקער, אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.
די אלטע מוטער, ווי קיין זאך וואָלט ניט געשען, האָט זשעדנע גע־געסן דאָס קאָנסערווירטע פלייש מיט בעבלעך...

1957—1950

# א סגולע קעגן עלטער

(אן אינטערוויו מיט זיך אליין)



יך האָב שוין, באַרעכהאשעם, אזא מאזל, אז איך דערוויס זיך אָפּטמאָל פון לײַטן וועגן זיך אזוינס, וואָס מיר אליין איז ניט באוווסט. אזוי, צום בײַשפּיל — נאָך אין 1918 יאָר האָב איך זיך דערוווּסט פון די אמעריקאנער „פּייפּערס", אז „דעם קאָמיסארס רעכטע האנט אין יידישן קאָמיסאריאט באם נארקאָמנאץ איז דער יידישער שרײַבער וועג־דראָף", כאָטש מיר אליין איז ביז דאן באוווסט געווען, אז אין דעם נעמלעכן קאָמיסאריאט פארנעם איך בלויז דעם באשיידענעם פּאָסטן פון פאר־וואלטער מיט דער „סעקציע פון קאמף קעגן אנטיסעמיטיזם", דער פער־סאָנאל פון וועלכן איז באשטאנען פון איין פערזאָן — טאקע פון מיר גופע.

א יאָר שפּעטער, ווען איך בין באשטימט געוואָרן אלס פארוואלטער,

אָדער, ווי ס'האָט אין יענע יאָרן געהייסן, „נאַטשאַלניק" פונעם פּרעסע־אָפּטייל באַם פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר טראַנספּאָרט, האָב איך פון די זעלביקע „פּייפּערס" דערפאַרן, אַז „די סאָוועט־רעגירונג האָט באַשטימט דעם יידישן שרייבער ז. ווענדראָף אַלס פאָלקס־קאָמיסאַר, דאָס הייסט אַלס מיניסטער פאַר טראַנספּאָרט" — אַ פּאָסטן זייער אַ כאַשעווען, אָבער ניט נאָך מיינע שוואַכע קויכעס און שוין זיכער ניט לויט מיין ספּעציאַליטעט, שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס קיין איינער פון די פינף פאָלקס־קאָמיסאַרן, וועלכע האָבן פאַר דער צייט פון מיין אַרבעט אין דעם אָנגערופענעם קאָמיסאַריאַט זיך געביטן, האָבן אַפילו ניט געקלערט איבערצוגעבן מיר זייער פּאָסטן.

צוויי מאָל פאַר מיין קורץ־לאַנגן לעבן האָב איך פון לייטן זיך דערוווּסט, אַז איך בין, לוי־אַלייכעם, געשטאָרבן. איין מאָל מיט אַ נאַטירלעכן טויט, דאָס צווייטע מאָל — מיט אַן אומנאַטירלעכן: איך בין, ניט פאַר אייך געדאַכט, „צעשאָסן געוואָרן".

נאָך מיין ערשטן „טויט" זיינען אַ פּאָר כאַווײרים אַפילו געקומען מיט בלומען אָפּגעבן מיר דעם לעצטן קאָוועד (דעם לעצטן קאָוועד גיט מען אייך אָפּ בעקאָוועד גאָדל). נאָר, טרעפנדיק דעם מעס לעבעדיק, פאַרטאָן איבער אַ טעלער הייסע בלינצעס מיט קאַלטע סמעטענע, זיינען זיי אַוועק היפּש אַנטוישט: די שיינע רירנדיקע רעדעס, וועלכע זיי האָבן צוגעגרייט צו האַלטן אויף מיין פרישן קייווער, זיינען געבליבן ניט אויסגענוצט, אַוועק, ווי סע רעדט זיך, אין ניוועץ.

נאָך מיין צווייטן „טויט" איז שוין קיינער צו מיין לעוויייע ניט געקומען: איך און מיינע כאַווײרים זיינען דעמאָלט געווען אַ ביסל צו ווייט איינער פון די אַנדערע. נאָר קאָוועד האָט מען מיר, פונדעסטוועגן, אָפּגעגעבן: פאַר מיין גאַנץ לעבן האָב איך ניט געהאַט וועגן זיך אַזויפיל שוואָכים, ווי איך האָב געהאַט נאָך מיין „טויט".

טאַקע נאָר אַזאַ „פילאָסאָף", ווי איך, וואָס ווייסט דעם עמעסן ווערט פון שוואָכים, ניט נאָר נאָכן טויט, נאָר אַפילו באַם לעבן, — האָט געקאָנט ביישטיין דעם ניסאָיען ניט צו באַקומען קאָפּשווינדל פון גאַדלעס...

אַן ערעך מיט אַ יאָר צוריק האָב איך זיך דערוווּסט „פון אונדזערע מאָסקווער קאָרעספּאָנדענטן“, אַז איך בין „שטאַרק פאַרנומען“ מיט דער אַרבעט איבער מײַן „צווייטן באַנד זיכרוינעס“, וואָס וואָלט מיך זייער געפרייט, ווען מאַלאַכיי כאַבאַלע וואָלטן אין זייער צײַט ניט פאַרכאַפּט און פאַרניכטעט דעם גאַנצן מאַטעריאַל צו דעם צווייטן, דריטן און פערטן באַנד פון מײַנע זיכרוינעס, איבערלאָזנדיק מיר בלויז די נעמען — אַלע זייער שלאָגנדיקע, לאָקנדיקע נעמען, וואָס וואָלטן פאַרנאַרט דעם לייענער צו קויפן מײַנע ביכער.

און שוין גאָר ניט לאַנג האָט אַן אַמעריקאַנער קאָרעספּאָנדענט געלאָזט וויסן דער וועלט, אַז איך גרייט צום דרוק מײַנע „אויסדערוויילטע ווערק“, איבער וועלכע עס אַמפּערן זיך צוויי פאַרלאַגן. אפּאָנעם, אַז ביידע פאַרלאַגן ווילן אײַנער דעם צווייטן אָפּטרעטן דעם קאָווער צו דרוקן מײַנע „אויסדערוויילטע ווערק“.

מע קאָן דען אויסרעכענען, וואָס „אונדזערע אייגענע קאָרעספּאָנדענטן“ קאָנען אַלץ אָנשרײַבן וועגן אײנעם, וואָס האָט געהאַט דאָס גליק אָנצושטעכן זיך אויפן שפּיץ פון זייער פלינקער פעדער?

און דאָ, פאַרשטייט איר מיך, דערנענטערט זיך מײַן אַכציקיאָריקער געבורטסטאָג — אַ גוטע געלעגנהײַט פאַר וועלכן־ניט־איז „אייגענעם קאָרעספּאָנדענט“, וואָס וועט גראָד ניט האָבן עפּעס בעסערס וועגן וואָס צו שרײַבן, ווידעראַמאָל לאָזן וויסן דער וועלט וועגן דעם באַל־יוּויוול עפּעס אַזוינס, וואָס אים אַליין איז וועגן זיך ניט באַוווּסט, נאָר פאַרוואָס דער יובילייאַר וועט דאַרפן טראָגן די אַכרײַעס. האָב איך זיך מעיאַשעוו געווען: וואָס טויג מיר וואַרטן, ביז איך וועל לייענען וועגן זיך אַן אינטערוויו, וואָס קיינער האָט בײַ מיר ניט גענומען, בעסער וועל איך בײַ זיך אַליין נעמען אַן אינטערוויו, וועל איך, ווייניקסטנס, באַוואָרנט זײַן פון דערוויסן זיך וועגן מײַן פּערזאָן אומבאַוווּסטע פאַר מיר — אָנגענעמע אָדער אומאָנגענעמע — זאַכן.

פאַרטראַכט און געטאָן.

„דעם עלטסטן ייִדישן סאָוועטישן שרײַבער ז. װ ע נ ד ר אָ ף האָבן מיר ניט געטראָפן בא זײַן שרײַבטיש שטארק פארנומען מיט דער אר־בעט איבער זײַן צווייטן באנד זיכרוינעס", ווי ס׳האָט וועגן אים געשריבן איינער פון „אונדזערע אייגענע קאָרעספאָנדענטן", וועלכן ער האָט קיינמאָל אין די אויגן ניט געזען. דער אַלטער אוילעמהאזעניק איז אינמיטן העלן טאָג געלעגן ברייט צעלייגט אף א ווייכער קאנאפּע און, קאָנטיק, מיט גרויס האנאָע, געלייענט א בוך צוויי מאָל אזוי אַלט, ווי ער אַליין, און צוויי מאָל אזוי דיק, ווי דער באָבעס קאָרבן־מינכע, אונטער דעם געהוי־בענעם טיטל „עליגענט איפּיסלס", וואָס דער טײַטש דערפון איז „עלע־גאנטע בריוו". די זאמלונג פון די עלעגאנטע אָדער, אויב אײַך געפעלט בעסער, גאלאנטע עפּיסטאָליען הייבט זיך אָן מיט בריוו אזש פונעם אַלטרוימער ציצעראָן, וואָס איז שוין העכער צוויי טויזנט יאָר, ניט פאר אונדז געדאכט, ניפטער, און פארענדיקט זיך מיט די בריוו פונעם בא־רימטן אמעריקאנער פיזיקער און פּאָליטישן טוער בענדזשאמען פראנק־לין, דאטירט 1789, אויך א קײַמעלאָן פון 170 יאָר צוריק.

ווען מיר האָבן געפרעגט דעם כ׳ וועגדראָף: וואָס אינטערעסירט אים אין דעם דאָזיקן דרײַקילאָגראמאָוון אַלטן סייפער, האָט ער אונדז אָנגע־וויזן אפן סוב־טיטל פונעם בוך, וואָס לויטעט: „א רײַכע זאמלונג פון עלעגאנטע עפּיסטאָליען פאר דער פארפולקאָמעניש פון יונגע מענטשן און פאר אלגעמיינער פארווײַלונג", און באמערקט מיט א שמייכל:

— ווי איר זעט, איז דאָס בוך געשריבן ספּעציעל פאר מיר...

אף אונדזער פראגע, צי ליגט ער, ווײַל ער פילט זיך, כאָלילע, ניט מיט אלעמען, האָט אונדז דער כ׳ וועגדראָף געענטפערט, אז ער פילט זיך ניט קיין איין טאָג עלטער פון זײַן פּאַספּאָרט, נאָר ער ליגט, ווײַל דאָס לעבן האָט אים געלערנט, אז ליגן איז אין אלע צײַטן בעסער, ווי זיצן.

ווען מיר האָבן געזאָגט דעם כ׳ וועגדראָף, אז אין צוזאמענהאנג מיט זײַן אכציקיאָריקן געבורטסטאָג וואָלטן מיר געוואָלט האָבן מיט אים א

שמועס פאַר אונדזער צײַטונג, האָט דער כאָשעווער באַל־יויוואָל זיך א בייזער געטאָן:

— איך בין ניט קיין דיפּלאָמאַט, ניט קיין קולאַקן־העלד און ניט קיין פּרימאַ־באַלערינע, מע זאָל בא מיר נעמען אינטערוויוען פאַר דער פּרע־סע, נאָר אויב איר ווילט סטאַם שמועסן א ביסל וועגן „דיזן, דאזן, דאָס און יענץ" — מאַכטייסע!

— אַלזאָ, — האָבן מיר אָנגעהויבן אונדזער שמועס, — ווערט איר, הייסט עס, כ׳ ווענדראָף, אינגיכן אַלט אכציק יאָר?

דער כ׳ ווענדראָף האָט אַף אונדז א בליק געטאָן מיט זײַנע נאָך גאָר יונגע פּערציקיאָריקע אויגן (יעדער אויג צו פּערציק יאָר) פון אונטער זײַנע געדיכטע גרויע ברעמען (צווישן אונדז גערעדט, זײַנען די ברעמען באַם כ׳ ווענדראָף שיטערע און פון שטרוי־קאָליר, אָן איין גרויע האָר, נאָר ליטעראַרישע שיינקײַט פאָדערט, אז ווען מע שרײַבט וועגן אַן אַלטן מאַן, זאָל מען אים געבן „געדיכטע, גרויע" נאָך בעסער — „טאָלסטאָישע" ברעמען!) און א ביסל רוגזעדיק א זאָג געטאָן:

— ווער האָט אײַך געזאָגט, אז איך ווער אכציק יאָר אַלט? קאָן דען א מענטש ניט זײַן אכציק יאָר יונג?

ווען איך וואָלט געוואָלט א בארים טאָן זיך פאַר אײַך מיט מײַן באַ־האוונטקײַט אין דער אַלטער און נײַער וועלט־ליטעראַטור, וואָלט איך אײַך געקאָנט ציטירן 365 ארויסזאָגונגען פון גרויסע מענטשן — פון אריסטאָטעל ביז פּראָפעסאָר אויסלענדער, וועלכע באַשטעטיקן מײַן האַ־נאָכע, אז עלטער איז א באַדינגלעכער באַגריף. נאָר אַזוי ווי איך שרײַב ניט קיין סייפער „דיוורײ כאַכאָמים", נאָר איך שמועס מיט א קאָרעספּאָנ־דענט, וואָס וועט זיך מינאַסטאַם ניט אײַנהאַלטן און וועט דאָך איבער־געבן אונדזער שמועס אין די גאַזעטן, וועל איך דאָס מאָל זיך באַנוגע־נען מיט ציטירן מײַנע אייגענע טיפע געדאַנקען. פאַרשרײַבט זיי, אויב איר ווילט, זיי וועלן אײַך צוניץ קומען. איר קאָנט זיי אויסגעבן פאַר אײַערע אייגענע...

אַלט איז דער, ווער ס'איז קיינמאָל ניט יונג געווען, — זאָג איך, ז. ווענדראָף, — דער, וואָס האָט נאָך א טרער פאַר פרעמדע ליידן און א גוטן שמייכל פאַר פרעמדע פריידן, א קאָפּ צו דענקען און א האַרץ צו פילן, איז נאָך ניט אַלט. איך פאַרמאָג עס נאָך, גאָט צו דאַנקען, און זאָגט ניט, אַז איך בין אַכציק יאָר אַלט. ווער רעדט, ווען מע זאָל רעכע־נען בלויז די צייַט, וואָס איך האָב געלעבט מיט נוצן פאַר זיך און פאַר אַנדערע, בין איך נאָך גאָר א יונגערמאַנטשיק...

— זאָגט אונדז, כ' ווענדראָף, וואָס האָט אייַך מיטגעהאָלפן צו דער־לעבן אַזא טיפע עלטער... יוגנט?

אַלס סגולע פאַר אריכאס־יאָמים און יונגער עלטער האָבן מיר גע־דינט דרייַ זאַכן: מייַן שוואַך געזונט, מייַנע ברילן און מייַן גלויבן. וואָס קוקט איר מיך אָן, ווי איך וואָלט צו אייַך גערעדט טערקיש? ס'איז גאַנץ פּאָשעט, פּאָשעטער, ווי קאַבאָלע.

שוואַך געזונט לערנט אויס א מענטשן, צי ער וויל, צי ער וויל ניט, צו זייַן מעסיק אין זייַנע געוווינהייַטן, און מעסיקייַט איז א זיכערע סגו־לע צו אריכאס־יאָמים.

ווען איז עס גערעדט געוואָרן, ווען גלייַכצייַטיק מיט אייַער שוואַך געזונט פאַרמאָגט איר א געזונטן גייַסט, ווען איר טראָגט זיך ניט אַרום מיט אייַער שוואַכן געזונט, ווי מיט א פולן בעכער ווייַן אין די הענט אין שטענדיקער שרעק ניט צו פאַרלירן דערפון, כאָלילע, א טראָפּן; ווען איר לעבט א פולבלוטיק גייַסטיק לעבן; ווען איר לעבט מיט די אינטע־רעסן פון דער געזעלשאַפט, פון אייַער לאַנד, פון דער מענטשהייַט; ווען איר טרינקט דעם בעכער פון גייַסטיקע טייַנוגים ביזן דעק. ווען אָבער איר ווערט בלויז זייַן א ניאַנקע צו אייַער שוואַכן געזונט, ווערט אייַער לעבן — לענגער אָדער קירצער — זייַן פון קנאַפּן ווערט סייַ פאַר אייַך זעלבסט, סייַ פאַר לייַטן.

מייַן צווייטע סגולע איז, ווי געזאָגט, מייַנע ברילן.

מייַן גאַנץ באַוווסטזיניק לעבן האָב איך געקוקט אף דער וועלט ניט

דורך אָפּטישע, נאָר דורך אָפּטימיסטישע ברילן, געפּאַסט אין הומאָריס־טישע רעמלעך.

דאָך מיינט ניט, אַז דורך אַזעלכע ברילן זעט איר די וועלט אין גאַלע ראָזעווע פאַרבן. פאַרקערט, דורך זיי זעט איר דאָס לעבן אַזוי ווי עס איז. נאָר וואָס דען? איר זעט דעם צוזאַמענהאַנג פון זאַכן און דערשיי־נונגען, איר זעט, אַזוי צו זאָגן, געשעענישן, די געשיכטע אין איר באַווע־גונג, אין איר דיאַלעקטיק. ווען איר געדענקט, אַז קיין זאַך איז ניט אייביק, אַז אַלץ באַוועגט זיך, אַלץ ענדערט זיך, ווען איר געדענקט, אַז „נאָך יעדער דעצעמבער קומט ווידער דער מײַ", וועט איר קיינמאָל ניט פאַרלירן אײַער גוטע שטימונג, אײַער מוט.

אָפּטימיסטישע ברילן האַלטן אין אײַך אונטער אין די שווערסטע צײַטן דעם גלויבן אין דעם ענדגילטיקן זיג פון עמעס און יושער, גיבן אײַך קויעך איבערצוטראָגן די שווערסטע ניסיוינעס, וואָס קאָנען אויס־פאַלן אַף אײַער גורל.

דורך אַזעלכע ברילן זעט איר אויך די קאָמישע זײַט פון אייניקע טראַגעדיעס — אויך אַ גוטע סגולע פאַר אַריכאַס־יאָמים און יונגער עלטער.

נאָר די זיכערסטע סגולע דערצו איז גלויבן.

גלויבן אין מענטשן.

איך האָב פון טאָמיד אָן געגלייבט און גלייב אַדהײַנט, אַז דער מענטש איז דאָסראָוו בעסער, ווי זײַנע מײַסים.

ווי זאָגט עפּעס דאָרטן דער טיטאַן פון דער רוסישער ליטעראַטור — ל. טאָלסטאָי? „לויט די געזעצן פון דער נאַטור איז די שלאַנג באַשאַפן געוואָרן צו פּויזען, דער פויגל — צו פליִען, דער פיש — צו שווימען און דער מענטש — צו טאָן גוטס. און ווען מענטשן טוען איינע די אַנדערע שלעכטס, איז עס פּונקט אַזוי אומנאַטירלעך, ווי ווען דער פויגל וואָלט אָנגעהויבן פּויזען און דער פיש פליִען".

איך בין אַ הייסער כאָסיד פון טאָלסטאָי דעם געניִאַלן קינסטלער, און אַ קנאַפּער כאָסיד פון טאָלסטאָי דעם פילאָסאָף (וועגעטאַריִאַנישע פילאָ־

סאָפיע איז ניט פאַר מייַן מאָגן), נאָר אין דעם דאָזיקן פּראַט בין איך פולשטענדיק מאסקים מיט טאָלסטאָי דעם פילאָסאָף. איך גלייב אויך, אז בעטעווע איז דער מענטש מער גענייגט צו גוטס, איידער צו שלעכטס.

ניין, ניין, איך פאַרמאַך ניט די אויגן אף די רישעס, וואָס עס הערשט נאָך אין דער וועלט. נו, בעכיין? געוועזן צייַטן, ווען שוואָטים און פעלקער זייַנען אומגעקומען פון כאָלערע, פון טשומא, פון שווארצע פּאָקן, פון געלן פיבער, פון אלערליי מאגייפעס און פוראָניעס. דער מענטשלעכער פאַרשטאַנד, דאָס מענטשלעכע וויסן האָט באַפרייַט דערפון די מענטשהייַט.

דאָס זעלבע וועט געשען מיט סאָציאַלע פוראָניעס: פעלקער־פאַרשקלאַפונג, מענטשן־פייַנטשאַפט, קאַלטע מילכאָמעס און הייסע מילכאָמעס, אימפּעריאַליזם און קאָלאָניאַליזם, ראַסיזם, דיסקרימינאַציע און אַנדערע גרעסערע און קלענערע אָנשיקענישן וועלן מיט דער צייַט זייַן אַזאַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייַט, ווי ס'איז איצט טשומא און כאָלערע.

דאָס איז ניט קיין בלינדער גלויבן — דאָס איז אַ גלויבן, געבויט אף דער גאַנצער געשיכטע פון מענטשלעכן פּראָגרעס, אף דער געשיכטע פון דער מענטשהייַט.

די מענטשהייַט — צי זי וויל, צי זי וויל ניט — גייט פאָרויס, ניט צוריק. די גאַנצע מענטשלעכע קולטור, אַלע דערגרייכונגען, אַלע דערפינדונגען פון מענטשלעכן גייַסט פירן פאָרויס. פּרעסע, טעלעגראַף, טעלעפאָן, קינאָ, ראַדיאָ, טעלעוויזיע, אַוויאַציע, קאָסמישע ראַקעטן, אַטאָמקראַפט — דאָס זייַנען אַלץ מיטלען ניט פון דערווייַטערונג, נאָר פון דערנעענטערונג צווישן מענטשן. און דערנעענטערונג מיינט קעגנזייַטיקע דערקענונג, בעסערע פאַרשטענדיקונג. און בעסערע פאַרשטענדיקונג מיינט ענגערע פרייַנטשאַפט, גוטווינטשונג, שאָלעם.

נאָר מער פון אַלץ איז מייַן גלויבן געגרינדעט אף דעם ווּקס פונעם באַוווסטזייַן פון די מאַסן אין דער גאַנצער וועלט.

„אַ מעלוכע איז שטאַרק דורך דער באַוווסטזיניקייַט פון די מאַסן.

זי איז שטאַרק דאָך, ווען די מאַסן ווייסן אַלץ, ווען זיי קאָנען וועגן אַלץ אורטיילן, און ווען זיי גייען אױף אַלץ באַוווסטזיניק". — האָט די דאָזיקע אומענדלעך טיפֿע און ביז גאָר פּאָשעטע ווערטער פֿון דעם אומשטערב־לעכן לעניןבענגייע צו איין מעלוכע קאָנען דרייסט אָנגעווענדט ווערן בענגייע צו די מאַסן אין דער גאַנצער וועלט.

איינער אַ באַוווסטער אַגראָפּיזיקער האָט געזאָגט: „ס׳איז ניט פֿאַראַן קיין שלעכטער באָדן, — פֿאַראַן שלעכטע באַאַרבעטער פֿונעם באָדן". פֿאַראַפֿראַזירנדיק די דאָזיקע אַקסיאָמע, וואָלט איך געזאָגט:

— ניטאָ קיין שלעכט־געבאָרענע, פֿאַראַן שלעכט־געוואָרענע מענטשן.

אומגערעכטע סאָציאַלע אָרדענונג, שלעכטע סיסטעמעס, שלעכטע הערשער — האָט עס שאַפֿט אַ באָדן פֿאַר שלעכטע מײַסים פֿון מענטשן.

דורך מײַנע אָפּטימיסטישע ברילן זע איך דאָס, וואָס די ווײַטערדיקע דורות וועלן זען אױף דער וואָר אָן שום ברילן: די מאַסן אין דער גאַנצער וועלט וועלן ווערן אױף אַזױפֿיל באַוווסטזיניק, אַז זיי וועלן שאַפֿן אַזעלכע סיסטעמען און אַזאַ אָרדענונג, וווּ עס וועט ניט זײַן מער קיין באָדן פֿאַר שלעכטע מײַסים.

האָט דער דאָזיקער גלויבן אין מענטשן האָט מיר געהאָלפֿן אַפֿילו אין סאַמע דעק פֿון לעבן, צווישן מענטשלעכן אָפּפֿאַל, געפֿינען קערנדלעך מענטשלעך גאָלד.

ס׳מאַכט ניט אויס, וואָס עס קומט אײַך מאַנכעסמאָל אויס איבערצו־וואַשן גאַנצע טאָנען מענטשלעך זאַמד, ביז איר געפֿינט דאָס קערנדל מענטשלעך גאָלד.

די שײַן פֿונעם קערנדל גאָלד ווערט דערפֿון ניט פֿאַרטונקלט. פֿאַר־קערט, עס שײַנט און בלישטשעט נאָך העלער אַרויס פֿון צווישן דעם מיסט און אָפּפֿאַל.

האָט דער דאָזיקער גלויבן האָט מיר געגעבן קויכעס צו דערלעבן ביז טיפֿער יוגנט.

גלייבט אין מענטשן און האָט ליב מענטשן! אָן גלויבן און אָן ליבע

צום מענטש באקומט אלץ אין לעבן דעם טאם און די פארב פון גאל. און גאל איז ביטער.

ביטער, ווי גאל...

נאָר, דאכט זיך, אז פון א לײַכטן שמועס וועגן „דיזן, דאזן, דאָס און יענץ" הייבן מיר אָן צו פארקריכן אין פילאָסאָפיע און הויכער פּאָליטיק, און דאָס, האָב איך מוירע, איז ניט גוט פאר מײַן שוואכן געזונט.

— ווי מיר זעען, כ׳ ווענדראָף, — האָבן מיר באמערקט, — איז דער כיישעק צו לעבן און שאפן נאָך גאנץ שטארק בא אײַך?

— יאָ, איך בין בעטעווע נײַגעריק, און ס׳וואָלט געווען ציקאווע צו זען, וואָס פאר א פּאָנעם די וועלט וועט האָבן, ווען איך וועל זײַן הונדערט יאָר יונג. אידעאל וועט זי, מינאסטאם, אויך דאן ניט אויסזען, נאָר בעסער, ווי זי איז איצט, וועט זי זיכער זײַן.

אין דעם גלייב איך פעסט, ווײַל דאָס איז א געזעץ פון דער געשיכטע.

— כאווער ווענדראָף, — האָבן מיר צום סאָף פון אונדזער שמועס מיט זיך אליין געפרעגט, — פאר קאָרעוו זעכציק יאָר פון אײַער ליטעראריש־זשורנאליסטישער טעטיקײַט האָט איר אָנגעשריבן עטלעכע הונדערט דערציילונגען, און מינאסטאם א שיינע פּאָר טויזנט פארצייכענונגען, אַרטיקלען, פעליעטאָנען, קאָרעספּאָנדענצן אין ווער ווייסט וויפל צײַטונגען און זשורנאלן, איז קאָנט איר אונדז ניט זאָגן אין עטלעכע ווערטער, אין וואָס באשטייט אײַער שעפערישער מעטאָד, לאָזן אונדז, אזוי צו זאָגן, ארײַנקוקן אין אײַער שעפערישער לאבאָראטאָריע?

— מײַן שעפערישער מעטאָד איז זייער א פּאָשעטער: איך האָב שטענדיק געשריבן און שרײַב וועגן דעם, וואָס איך האָב געזען, וואָס איך האָב געטראכט, וואָס איך האָב געפילט, וועגן דעם, אין וואָס איך האָב געגלייבט. איך האָב געשריבן דעם עמעס אזוי, ווי איך האָב אים געזען, ווי איך האָב אים אופגענומען, ווי איך האָב אים פארשטאנען. אָט דאָס איז מײַן שעפערישער מעטאָד.

1957

## יוגנט — אונדזער אויצער



ריײַנט און באקאנטע האָבן צו מיר טיײַנעס:

— איר זײַט שוין, קיין איײַנהאָרע, אלט עטלעכע און אכציק, ביז הונ־דערט און צוואנציק, איר האָט געזען א וועלט, געלעבט אין פארשיידענע לענדער, געקומען אין באריר מיט אלערליי מענטשן — פון די סאמע אויסדערוויילטע אין מיזרעך־וואנט פון לעבן ביז די שטיפקינדער באם גוירל. איר האָט וואָס צו זאָגן אונד־זער יונגן דאָר. פארוואָס זשע זאָלט איר ניט שרײַבן קיין זיכרוינעס?

אָט די אייצעס ווערן געווײַנלעך באגלייט מיט דעם אלטן לידל

פונעם אלטן דאָר וועגן „הײַנטיקער יוגנט“: „אַ יוגנט אָן פּרינציפּן, אַ יוגנט, וואָס קלערט נאָר וועגן פאַרוויַילונגען, טענץ, קינאָ, ספּאָרט, מאָדעס, דער שוואַרציאָר ווייסט וועגן וואָס“.

אינדערעמעסן, ווער נאָך קאָן געבן יונגע מענטשן גוטע אייצעס, אויב ניט די, וועלכע זײַנען אַליין שוין ניט פּייִק צו באַווײַזן זיי אַ שלעכטן בײַשפּיל?..

דאָס טאַקע באַוועגט געוויסע אַלטע לײַט צו שרײַבן זיכרוינעס...

אָבער ניטאָ קיין מער נוצלאָזע זאַך, ווי געבן אייצעס, באַזונדערס — אומגעבעטענע אייצעס. אין מײַן גאַנץ לעבן האָב איך ניט באַגעגנט קיין מענטשן, וואָס זאָל מיר זאָגן אַ דאַנק פאַר אָן אומגעבעטענער אייצע, דערהויפּט, ווען איך ווײַז אים דערבײַ אָן די נאַרישקײַטן, וועלכע ער איז באַגאַנגען, אָף זײַנע כעסרוינעס, און לערן אים, וואָס ער דאַרף טאָן, דערצייל אים, וויאַזוי איך וואָלט אין אַזאַ פאַל געהאַנדלט, ברענג אים בײַשפּילן פון מײַן אייגענער גרויסער לעבנס־פּראַקטיק.

לעבנס־פּראַקטיק איז נוצלעך און ווערטפול, אָבער אייגענע, אַליין דעראָבערטע לעבנס־פּראַקטיק, ניט פרעמדע. וואָרעם וואָס אַזוינס איז לעבנס־פּראַקטיק? דאָס איז אַ סכום טאָעסן און פעלערן, וואָס מיר האָבן געמאַכט אין לעבן, נאַרישקײַטן, וועלכע מיר זײַנען באַגאַנגען, פאַר וועלכע מיר האָבן שפּעטער אין לעבן טײַער באַצאָלט און וועלכע וואָרענען, אַז מיר זאָלן קיינמאָל מער זיי ניט איבערכאַזערן. אָדער, פאַרקערט, לעבנס־פּראַקטיק — דאָס זײַנען קלוגע שריט, וואָס מיר האָבן געמאַכט, גוטע טאַטן, וואָס האָבן אַרויסגערופן ליב און אַנערקענונג פון אונדזערע מיטצײַטלער, און וועקן דעריבער אין אונדז דעם באַגער ווײַטער צו טאָן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל זײַן נוצלעך פאַר אונדז זעלבסט און פאַר דער געזעלשאַפט, אין וועלכער מיר לעבן. דעריבער, ווען די וויסנשאַפט — ביאָלאָגיע, ביאָפיזיק, ביאָכימיע, מעדיצין — וואָלט אַזוי ווײַט דערגרייכט, זי זאָל קאָנען אַלטע לײַט צוריק יונג מאַכן און דערבײַ זאָלן זיי פאַרהיטן זייער גאַנצע לעבנס־דערפאַרונג, וואָלטן די יונג געוואָרענע מענטשן בעשום־אויפן ניט איבערגעכאַזערט זייערע אַלטע פעלערן און

טאָעסן — זיי וואָלטן געמאַכט נײַע טאָעסן און באַגאַנגען נײַע גאַריש־קייטן... אין דעם טאַקע ליגט עפּשער דער גאַנצער כּיין און רייץ פון דער יוגנט — וואָג און טו, אַפילו ווען דו ריזיקירסט צו מאַכן דערבײַ אַ פעלער. געמאַכט אַ פעלער — פאַריכט אים, נאָר גיי פאָרויס, שטיי ניט אויף איין אָרט, דעראָבער אייגענע לעבנס־פּראַקטיק.

ביכלאַל געהער איך ניט צו די יעניקע, וועלכע זעען אין דער יוגנט בלויז כעסרוינעס. פאַרקערט, איך געפין, אַז די איצטיקע יוגנט איז אַנטוויקלטער, ענערגישער, טעטיקער, דרייסטער, מוטיקער און אונטער־נעמערישער, ווי מיר זײַנען געווען אין אונדזער יוגנט. פאַר דער איצטי־קער יוגנט ווערן קעסיידער געשטעלט גרויסע, פאַראַנטוואָרטלעכע אויפ־גאַבן, און זי פילט זיי אויס מיט ערע און ענטוזיאַזם. די יוגנט איז שטענ־דיק און אומעטום אויפן ערשטן אָרט. די יוגנט איז אין די ערשטע רייען, ווען עס קומט צו באַשיצן דאָס סאָציאַליסטישע היימלאַנד, די יוגנט בויט שטעט און דערפער, פאַבריקן און זאַוואָדן, דאַמבעס און עלעקטראָסטאַנ־ציעס. די יוגנט האָט אויפגעהויבן הונדערטער טויזנטער העקטאַרן נײַערד און געגעבן דעם לאַנד מיליאָנען טאָן שטאָל. די יוגנט בויט שאָסייען און לייגט דורך הונדערטמײַליקע קאַנאַלן, באַוואַסערט מידבאָריעס, פאַר־וואַנדלט זיי אין בליִענדיקער ערד.

אויף די נײַערד־סטעפּעס פון קאַזאַכסטאַן, אין די טונדרעס פון עקסטן צאָפן, אין די פאַבריקן און זאַוואָדן פון אוראַל און סיביר — אומעטום, ווו עס פאָדערן זיך געזונטע אַרבעטער־הענט, אויסדויער, ענטוזיאַסטן, געפינט איר די יוגנט אונדזערע.

יורי גאַגאַרין און גערמאַן טיטאָוו, די ערשטע קאָסמאָנאַווטן אין דער וועלט, וועמעס נעמען וועלן לעבן אין דורות, ווי אַ סימבאָל פון גע־וואַגטקײַט און העלדנמוט, — געהערן צו דער סאָוועטישער הײַנטצײַ־טיקער יוגנט.

ניין, איך האָב צו דער יוגנט קיין טײַנעס ניט. מיך פאַרדריסט בלויז, וואָס איך בין ניט אײנער פון איר.

עמעס, אַ נײַער דאָר גייט געוויינלעך ניט אין די דראָכים פון זײַנע

פֿאַרגענגער. איז אזוי ווײל צו דער יוגנט פֿון אַלע פֿריִערדיקע צײַטן, וואָס האָט זיך ניט געטאָפּטשעט אַף די שפּורן פֿון די עלטערן... א שיין פּאָנעם וואָלט די וועלט געהאט, ווען קינדער זאָלן גיין בלויז אין די טריט פֿון זייערע טאטעס און מאמעס. דאַן וואָלטן אין דער געשיכטע געפֿעלט די בלעטער פֿון די פֿראנצויזישע רעוואָליוציעס און פֿון דער פּאַריזשער קאָמונע; קינדער פֿון רוסישע אדעליקע וואָלטן ניט ארויס אַפֿן סענאט־פּלאץ אין פּעטערבורג פֿאָדערן פֿון ניקאָלײַ דעם ערשטן א קאָנסטיטוציע; פּויערים וואָלטן נאָך אַלץ געווען לײַב־אייגענע פֿון רײַכע פּריצים; די ראָמאנאָוו־דינאסטיע וואָלט נאָך אדהײַעם געזעסן אַפֿן טראָן און געהערשט איבער דעם „פֿינצטערן“ פֿאָלק. ווען די יוגנט וואָלט ניט אויסגעטראָטן קיין נײַע וועגן, וואָלט ניט פֿאָרגעקומען די גרעסטע געשעעניש אין דער וועלט־געשיכטע — די אָקטיאבער־רעוואָליוציע, מיר וואָלטן פֿון זיך ניט אראָפּגעוואָרפֿן דעם יאָך פֿון קאפּיטאל און קאָלאָניאַליזם, די וועלט וואָלט אויסגעזען, ווי זי האָט אויסגעזען מיט פֿיל צענדליקער און הונדערטער יאָרן צוריק, אזוי ווי זי האָט אויסגעזען אין די צײַטן פֿון אונדזערע טאטעס, זיידעס און עלטערזיידעס. אונדזערע ייִדישע באָכערים וואָלטן נאָך אַלץ „שטודירט“ אַף טאַנדעטנע שנײַדערס אָדער דארדעקע־מעלאמדים, און אונדזערע ווילע כיינעוודיקע מיידלעך וואָלט מען נאָך צו זעכצן יאָר געגאָלט די קעפּ און פֿארביטן זיי די שיינע האָר מיט טשיפּעקעס. אַלץ וואָלט געווען ווי אין די „גוטע אַלטע צײַטן“...

איך ווײל אָבער ניט באַפּוצן די יוגנט מיט קאָלירטע פֿעדערן, באַפֿארבן מיט העלע פֿארבן, לאקירן זי. אז איר מאָלט א פּרעכטיקן דעמב אַף א זוניקער לאָנקע, מוזט איר מאָלן אויך זײַן שאָטן. אָן דעם וועט דאָס בילד זײַן ניט רעאַליסטיש, ניט פֿולקום. ס'איז קיין סאָד ניט, אז צווישן דער יוגנט זײַנען פֿאראַן „סטיליאגעס“, „פּיזשאָנעס“, „פּאצעטן“, „ביטניקעס“, צי ווי זיי הייסן דאָרטן, — יוגנטלעכע, וואָס מיינען, אז שמאָלע הויזן ביז די קנעכל, שפּיצאסטע שיך און העמדער מיט א זאָאָלאָגישן גאָרטן — דאָס איז ציוויליזאציע, אז אויסער דזשאז איז קיין

מוזיק ניטאָ. ראָק־און־ראָל הייסט בא זיי קולטור, „קאָמיקס" און „בעסט־סעלערס" — ליטעראַטור. פאַראַן יוגנטלעכע מיט א ליַיכטער באַציִונג צו פּרויען. מיר באַגעגענען נאָך מיידלעך, וואָס גלייבן, אז פלירט — דאָס איז ליבע, ליבע — דאָס איז „סעקס", מיידלעך, וואָס שטייען ניט אָפּ פון זייערע יינגלעך ניט אין רייכערן, ניט אין טרינקען, ניט אין קיין שום אנדערע „פאַרגעניגנס" און פאַרוויַילונגען.

פון איינעם און דעם זעלבן מאַטעריאַל קאָן מען בויען אי א קולטור־פּאַלאַץ, אי א טורמע — עס ווענדט זיך אין די בויער, ניט אין דעם מאַטעריאַל.

עס איז א באַוווּסטער פאַקט, אז דאָסראָוו „סטיליזירטע" יינגלעך און מיידלעך, ליידיקגייערס און פּוסטעפּאַסניקעס זיַינען קינדער פון גוט באַצאָלטע ספּעציאַליסטן, „פאַראַנטוואָרטלעכע טוער", וואָס „האָבן קיין ציַיט ניט" צו פאַרנעמען זיך מיט דער דערציִונג, נאָר וועלכע זאָרגן דערפאַר, אז בא די זינדלעך און טעכטערלעך זאָל זיַין שטענדיק גענוג טאַשן־געלט אף צו באַפרידיקן אלע פאַרלאַנגען — דערלויבטע און ניט־דערלויבטע. „איבערגעגעבענע, הייס ליבנדיקע" מאַמעס ציטערן איבער די קינדער, גיבן נאָך אלע זייערע קאַפּריזן, היטן, דער פאָטער זאָל, כאָלילע, זיך ניט דערוויסן, אז דער זון אָדער די טאָכטער האָט באַקומען אין שול א שלעכטן באַל. אַזעלכע מאַמעס און טאַטעס דערציִען ניט אין זייערע קינדער קיין ליבע צו אַרבעט, צו מענטשלעכער מי, קיין רעספּעקט צו זיך און צו ליַיטן.

קינדער ווערן ניט געבוירן שלעכט און צעלאָזן. מע מאַכט זיי שלעכט און צעלאָזן. טאָ לאָמיר ניט וואַרפן די גאַנצע שולד אף דער יוגנט.

און נאָך דאַרפן מיר געדענקען, אז א מענטש איז ניט קיין שמעטערלינג. א שמעטערלינג, וואָס ווערט געבאָרן אין א זוניקן זומער־פרימאָרגן און שטאַרבט א פּאָר שאָ פאַר זון־אונטערגאַנג פונעם זעלביקן טאָג, גייט אוועק פון דער וועלט מיט דעם גלויבן, אז דער טאָג איז אייביק, אז אייביק שיַינט די זון. א מענטש אָבער לעבט גענוג לאַנג, באַגעגנט אוממ־פאַרמיַידלעך אין זיַין לעבן שטורעמס און פינצטערע כמאַרעס, דונערס

און בליצן, שנייען און בייזע ווינטן, ליכטיקע טעג און פינצטערע נעכט. פריִער אָדער שפּעטער וועט דאָס לעבן זיך אַריַינמישן אין דער דער־ציִונג פונעם יוגנטלעכן. ער וועט אופהערן שוועבן פון איין פארגעניגן־בלימל צום צווייטן, ער וועט, ווי עס רעדט זיך, קומען צום סייכל. דאָס הייסט ניט, אַז מע דארף זיך פאַרלאָזן אַפן נאַטירלעכן גאנג פון דער צייַט. אָבער גלייבן אין דער דערציִונג־קראַפט פונעם לעבן — דאָס איז אונדזער כּיוון.

לעשעם עמעס דארף איך זאָגן, אַז מייַן אייגענע יוגנט קאָן, צווישן אונדז גערעדט, ניט דינען אַלס מוסטער פאַר דער היַינטצייַטיקער יוגנט. איך וועל דעריבער ניט שרייַבן קיין זיכרוינעס, וואָס דאַרפן דינען ווי א מין וועגווייַזער. זאָל די יוגנט אויסטרעטן איר אייגענעם וועג פאָרויס. נאָר ווי א מענטש פון „פאַרפולקומטער עלטער", וואָס האָט א זיבן צענד־ליק פון זייַנע עטלעכע און אכציק יאָר, ווי עס רעדט זיך, „געריבן זיך צווישן מענטשן", — ווילט זיך מיר זאָגן מייַנע יונגע פרייַנט:

אויב עמעצן פון אייַך געפעלן הויזן 18 סאַנטימעטער שמאָל בעסער, איידער הויזן 28 סאַנטימעטער די ברייט, זאָל ער טראָגן געזונטערהייט שמאָלע הויזן, קאָלירטע העמדער און בונטע קראַוואַטן. מיר, „אַלטמאָ־דישע" אַלטע לייַט, זייַנען ניט קעגן דער מאָדע. מיר זייַנען בלויז קעגן בלינד נאָכמאכן פרעמדע מאָדעס. מיר זייַנען פאַר אַנטוויקלען אונדזער אייגענעם עסטעטישן געשמאַק. פּונקט ווי מיר האָבן אונדזער אייגענע סאָוועטישע מאָראַל און עטיק, ווילן מיר אויך האָבן אונדזער אייגענע סאָוועטישע עסטעטיק, אונדזער אייגענעם אויסוואַל פון מאָדעס.

פאַרקעמען די האָר היַינט ווי זשעראַר פיליפּ, מאָרגן ווי איוו מאָנ־טאַן, איבערמאָרגן — טראָגן צעשויבערטע האָר, ווי וואַן קליבערן, אָדער פאַרלאָזן זיך בערדלעך, ווי די קובינער יוגנטלעכע — מעכעטייסע. וויכטיקער אָבער איז ניט אויסערלעך, נאָר אינערלעך זייַן ענלעך אַף אייַערע אויסגעקליבענע באַליבטע מוסטערן.

אייַער יוגנט וועט איר שפּעטער אין לעבן שוין קיינמאָל מער ניט קאָנען איבערכאַזערן: פאַראַן זאַכן, וואָס גיבן זיך אייַן נאָר דאַן,

ווען מע איז יונג. די נוצלעכע מייַסים פון אײַער יוגנט וועט איר שפּע־טער שטענדיק דערמאָנען מיט פרייד און שטאָלץ, ווי אײַער ערשטע ליבע.

אין דער גראַנדיעזער בויונג פון אונדזער לאַנד, אין דער טיטאַנישער אַרבעט פון אופהייבן ניַיערד, אין דער וויסנשאַפט און אויך אין דעם קאַמף פאַר באַהערשן דעם קאָסמאָס באַטייליקט זיך די יוגנט פון אַלע סאָוועטישע פעלקער, דערונטער אויך די יידישע יוגנט. מיַין ווונטש איז, אַז דער אָנטייל פון אונדזער יוגנט אין די דאָזיקע היסטאָרישע אַרבעטן זאָל זיַין גרעסער, ווי ער איז געווען ביז איצט. דער עלטערער דאָר סאָ־וועטישע מענטשן האָט אָנגעהויבן די סאָציאַליסטישע איבערגעשטאַלטונג פון אונדזער לאַנד. איר דאַרפט אָט די אַרבעט פאַרענדיקן.

ניטאָ קיין גרעסערע באַפרידיקונג, ווי די באַפרידיקונג פון ערלעכער און נוצלעכער מי, און ניטאָ קיין מער ביטער געפיל, ווי דאָס געפיל פון אָן אומזיסט פאַרטאַכלעוועטער יוגנט, ווי דאָס באַוווסטזיַין, אַז איר לאָזט ניט איבער קיין שפּורן נאָך זיך אין לעבן.

צום שלוס ווילט זיך מיר זאָגן אונדזער יוגנט: היט זיך פון פריציַי־טיק אַלט ווערן. עלטער איז אַ רעלאַטיווער, אַ באַדינגלעכער באַגריף, — עס זיַינען פאַראַן אַלטע יוגנטלעכע און יונגע זקיינים. דער, וואָס לעבט מיט די אינטערעסן פון זיַין לאַנד, פון זיַין פאָלק, דער, וואָס שאַפט און בויט, דער, וואָס האָט אַ האַרץ צו העלפן זיַין כאַווער אין אַ נויט, אַ טרער פאַר פרעמדע ליידן און אַ גוטן שמייכל פאַר פרעמדע פריידן, — דער איז קיינמאָל ניט אַלט.

בלײַבט זשע יונג ביזן סאָף פון אײַערע טעג, מײַנע טײַערע יונגע פרײַנט.

1961

# ווי לאנג לעבט א מענטש



י דאָזיקע פראגע איז מיר געקומען אפן געדאנק, ווען איך האָב איבערגעלייענט א זאץ אין איינער אן ארבעט פון דעם גרויסן רוסישן געלערנטן מעטשניקאָוו. דער זאץ איז געווען פאר מיר ניט אינגאנצן קלאָר און האָט מיך געצווונגען זיך צו פארטראכטן.

„...יעדער מענטש, — שרייבט מעטשניקאָוו, — האָט זיין לעבנס־ציקל — ווער א לענגערן און ווער א קירצערן. ווען ער פארענדיקט זיין לעבנס־ציקל, פילט זיך דער מענטש פולשטענדיק באפרידיקט און ער ווארט רויִק אף זיין טויט".

אָט דער געדאנק האָט אופגעוועקט אין מיין זיקאָרן אן ארויסזאָגונג

פֿון א צווייטן געלערנטן — פֿונעם ענגלישן וויסנשאפֿטלער, פֿילאָסאָף־מאטעריאַליסט טאָמאס גאָבס, וואָס איז געבוירן געוואָרן מיט 257 יאָר פֿאר מעטשניקאָוון און האָט מיט העכער צוויי הונדערט יאָר צוריק באַהויפּט, אז „דער, וואָס זאָגט, אז דער טויט שרעקט אים ניט, — ליַיגט".

די ווידערשפּרעכיקע באהויפּטונגען פֿון צוויי גרויסע געלערנטע האָבן בא מיר ארויסגערופֿן א ריי מאכשאָוועס, ספּייקעס און פֿראגן, מיט וועלכע מיר ווילט זיך טיילן מיטן לייענער.

אויב איך האָב ריכטיק פֿארשטאנען, האָט מעטשניקאָוו אונטערן „לעבנס־ציקל" געמיינט ניט די פֿארשיידענע פּעריאָדן פֿון דעם מענטשנס לעבן — יוגנט, רײַפֿקײַט און עלטער, אויך ניט די צאָל אָפּגעלעבטע יאָרן, נאָר די „פּראָגראם" פֿון לעבן, וואָס דער מענטש האָט זיך אָנגעצייכנט. ווען די „פּראָגראם" איז אויסגעפֿילט, ווען דער מענטש האָט זיך אויסגעלעבט אזוי, ווי ער האָט געוואָלט, פֿילט ער זיך פֿולקום באַפֿרידיקט און ווארט רויִק אף זײַן טויט...

נו, מעטשניקאָוו איז געווען א גרויסער געלערנטער, א וועלט־בארימטער ביִאָלאָג, דער גרונטלייגער פֿון דער נײַער אין זײַן צײַט וויסנשאפֿט — געראָנטאָלאָגיע, די וויסנשאפֿט, וואָס פֿאָרשט די סיבעס, וועלכע פֿירן צו דער פֿארעלטערונג פֿונעם מענטשלעכן קערפּער, און די מיטלען צו פֿארלענגערן זײַן לעבן. איך בין ניט קיין געלערנטער, ניט קיין ביִאָלאָג, א קנאַפּער פֿילאָסאָף, דעריבער קלײַב איך זיך ניט אָפּצופֿרעגן די באהויפּטונג פֿון אזא קאָריפֿיי פֿון דער וויסנשאפֿט, ווי מעטשניקאָוו, ווי איך קלײַב זיך ניט פֿאסקענען, אז גערעכט איז געווען דער ענגלישער פֿילאָסאָף גאָבס, וואָס האָט געלעבט אין א צײַט, ווען די ביִאָלאָגישע וויסנשאפֿט איז נאָך געווען אין אירע ווינדעלעך און האָט ניט געקאָנט וויסן דאָס, וואָס מעטשניקאָוו האָט געוווּסט. איך וויל בלויז באמערקן, אז מיר דוכט זיך, אז קיין איין מענטש, ביפּראט א שעפֿעריִשער מענטש, האָט נאָך קיינמאָל ניט אויסגעפֿילט זײַן פּראָגראם ביזן סאָף, קיינמאָל נאָך ניט געשטעלט דעם לעצטן פּונקט אין זײַן לעצט פֿאר־טראכטער ארבעט. בא יעדן מענטש בלײַבט עפּעס ניט דערטאָן, ניט דער־

פירט ביזן סאָף... און נאָך: מיר ווילט זיך פרעגן: טײַערע לייענער, האָט איר שוין אמאָל געזען אַ מענטשן, וואָס זאָל מער ניט האָבן וואָס צו טאָן, ווי בלויז זיצן און וואַרטן רויִק אַף זײַן טויט? איך — ניט.

אפילע אין מאָמענטן פון לאַנגדויערנדיקע, אומדערטרעגלעכע פיזישע ליידן, ווען אַ מענטש בעט אַף זיך דעם טויט, מיינט ער טיף אין הארצן ניט אַ דערלייזונג פון לעבן דורך טויט, נאָר אַ דערלייזונג, כאָטש אַ דער־לײַכטערונג, פון זײַנע ליידן. מיט אַ ביסל קלענערע יעסורים איז ער שוין גרייט צו לעבן ווײַטער...

אגעוו, דאָס באַשטעטיקט מעטשניקאָוו אַליין. אין אַ צווייט אָרט דער־ציילט ער וועגן אַ פרוי, וואָס האָט קעסיידער גערופן דעם טויט, ווײַל זי האָט שוין מער ניט געקאָנט איבערטראָגן די יעסורים, וואָס זי האָט געליטן. נאָר ווען מע האָט איר געזאָגט, אַז זי קאָן געהיילט ווערן, האָט זי געבעטן ראַכמים, מע זאָל זי ראַטעווען. זי איז שוין גרייט געווען אַ ביסל לײַדן, אַבי לעבן...

מיר האָבן דאָך געזען, ווי אפילע אין דעם שוידערלעכסטן געהע־נעם — אין די היטלערישע טויט־לאַגערן, ווו מענטשן זײַנען אויסגע־שטאַנען די שרעקלעכסטע פיזישע און גײַסטיקע ליידן, האָבן זיי ניט געזוכט קיין דערלייזונג פון זייער פײַן אין טויט — זיי האָבן מיט די לעצטע קויכעס געקעמפט פאַרן לעבן, כאָטש זייער „לעבן“ איז, דוכט זיך, געווען ערגער, ווי דער טויט, וואָס האָט אַף שריט און טריט געלויערט אַף זיי. אזוי שטאַרק איז באַם מענטשן דער אינסטינקט פון לעבן!

מיר הערן קיינמאָל ניט, אַז מענטשן זאָלן זיך באַקלאָגן אַף זייער לאַנג לעבן, דערפאַר הערן מיר גאַנץ אָפט, ווי מענטשן באַדויערן: „אַך, ווי קורץ עס איז דעם מענטשנס לעבן!“

אָט דער קרעכץ אַף דער קורצקײַט פון מענטשנס לעבן איז, אַפאַ־נעם, אזוי אַלט, ווי די מענטשהײַט גופע. איר געפינט אים, אָט דעם „קרעכץ“, אין די פאָלקסמײַסעס, אין די לעגענדעס, אינעם פאָלקלאָר פון אַלע פעלקער. באַ יידן שפיגלט ער זיך אָפּ אויך אין די טפילעס. אמנוין פון מיינץ, וואָס איז, ווי מע גלייבט, געווען דער מעכאַבער פון

דער טפילע „ונתנה תוקף" (אונעסאנע טויקעף), האָט מיט וואָסערע 770 יאָר צוריק שוין געקרעכצט אַף דעם, וואָס דעם מענטשנס לעבן איז „ווי א שאָטן, וואָס גייט פאַרביַי, ווי א וואָלקן, וואָס פאַרשווינדט, ווי א ווינט, וואָס האָט א בלאָז געטאָן ווי א כאָלעם, וואָס שוועבט דורך", — מיט איין וואָרט, צו קורץ, עס זאָל זיך לוינען צו האָוון אַף דער וועלט...

און דאָ קומט אוף פון זיך אַליין די פראַגע: וואָס הייסט לאַנג לעבן און וואָס הייסט קורץ לעבן? עס זיַינען דאָך פאַראַן מענטשן, וואָס שטאַרבן יונג און לעבן לאַנג, אָדער וואָס שטאַרבן אין דער טיפער עלטער, און דאָך יונג. דאָס איז ניט קיין פּאַראַדאָקס, ניט קיין ווערטערשפּיל. דאָס איז א פאַקט, דיווירקלעכקיַיט.

פּושקין איז אומגעקומען צו 37 יאָר, לערמאָנטאָוו — צו 27, גריי־באָיעדאָוו — אפּן 34־טן יאָר פון זיַין לעבן, דער גרויסער דעמאָקראַט־רעוואָליוציאָנער בעלינסקי איז געשטאָרבן אין עלטער פון 37 יאָר, דער גרויסער קריטיקער און דענקער דאָבראָליובאָוו — צו 25 יאָר, פּיסאַ־רעוו — צו 28 יאָר; דער וועלט־באַרימטער ענגלישער דיכטער שעלי איז אוועק פון דער וועלט צו 30 יאָר, ביַיראָן — צו 36. דער גרויסער שאָטלענדישער פּאָעט־רעוואָליוציאָנער ראָבערט בערנס איז געשטאָרבן אין עלטער פון 37 יאָר. קאָן מען וועגן אזעלכע און ענלעכע צו זיי מענטשן זאָגן, אז זייער לעבן איז געווען קורץ, ווען זיי לעבן אין זייערע ווערק ביזן היַינטיקן טאָג און וועלן נאָך לעבן אין פיל קינפטיקע דורעס און דורעס? און אָט זיַינען עטלעכע פון א סאך נעמען פון מענטשן, וואָס האָבן דערלעבט ביז דער טיפער עלטער און זיַינען אוועק פון דער וועלט יונג! וויַיל פּונקט, ווי עס זיַינען פאַראַן אייביק גרינע ביימער, אזוי זיַינען פאַראַן אייביק יונגע מענטשן, ווי לאַנג זיי זאָלן ניט לעבן, בליַיבן זיי אַלץ יונג, — יונג אין גיַיסט.

דער גרויסער רוסישער שריַיבער לעוו טאָלסטאָי האָט אפּן אכטן צענדליק פון זיַין לעבן פאַרעפנטלעכט אזעלכע אייביקע ווערק, ווי „טכיַאס־האַמייסים", ווי די קלאַסישע דראַמע „דער לעבעדיקער מעס" און די וווּנדערלעכע דערציילונג „כאַדזשי מוראַט". דער וועלט־באַרימ־

טער רוסישער געלערנטער איוואן פאוולאָוו האָט זײַנע געניאַלע וויסנ־שאַפטלעכע ארבעטן וועגן דער טעטיקייט פון דער צענטראַלער נערוון־סיסטעם און זײַנע לעקציעס וועגן די גרויסע האַלב־קײַלעכן פון קאָפּ־מארך פארענדיקט צווישן דעם 74־טן און 78־טן יאָר פון זײַן לעבן. ער איז געווען טעטיק און האָט געשאַפן גרויסע וויסנשאַפטלעכע ווערטן ביזן טויט. געשטאָרבן איז ער אין עלטער פון 87 יאָר, פון א צופעליקער קראַנקײַט — פון א קרופּאָזער לונגען־אָנצינדונג.

געטע האָט געשריבן דעם צווייטן טייל פון זײַן אומשטערבלעכער דראַמאַטישער פּאָעמע „פאוסט" אין עלטער פון 80 יאָר. דער גרויסער ענגלישער געלערנטער טשאַרלז דאַרווין, דער שעפער פון דער טעאָריע וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער אָרגאַנישער וועלט, האָט געלעבט 73 יאָר און ביז די לעצטע טעג פון זײַן לעבן געשאַפן אַלץ נײַע וויסנשאַפטלעכע ווערק פון גרויסן ווערט. דער גלענצנדער שרײַבער, דראַמאַטורג און פּובליציסט בערנאַרד שאָו האָט געלעבט און געשאַפן ביז 94 יאָר.

דער ווונדערלעכער מײַסטער פון רענעסאַנס, דער מאָלער טיציאַן האָט געלעבט 99 יאָר. די גרעסטע הייך פון זײַן קונסט האָט ער דערגרייכט אין די לעצטע צוואַנציק יאָר פון לעבן. דאָסגלײַכן דער אומשטערבלעכער קינסטלער מיקעלאַנדזשעלאָ האָט צווישן דעם 80־טן און 90־טן יאָר פון זײַן לעבן געשאַפן זײַן גראַנדיעז בילד „דאָס געוויין איבער קריסטוסן", וואָס טרייסלט נאָך אַדהײַעם אויף מיט זײַן טראַגישקײַט.

צי קאָן מען זאָגן וועגן אַזעלכע מענטשן — און אַזעלכע מענטשן זײַנען פאַראַן אין אַלע דורות, — אַז זיי זײַנען געשטאָרבן אַלט? בעשום־אופן ניט! ווײַל קאָלזמאַן א מענטש שאַפט ווערטן, ביפראַט גרויסע ווערטן — מאַטעריעלע אָדער גײַסטיקע — איז ער יונג. און אין וועלכער עלטער ער זאָל ניט שטאַרבן, גייט ער אַלץ אוועק פון דער וועלט פאַר דער צײַט — יונג.

מיר, מענטשן פון אונדזער עפּאָכע, לעבן לאַנג. אפילו די, וואָס האָבן קוים דערגרייכט פופציק יאָר, האָבן זיך צוזאַמענגעשטויסן מיט אַזויפיל קאַטאַקליזמען, איבערקערענישן, געשעענישן, ענדערונגען — סײַ צום

וווילזיין פון דער מענטשהייט, סיי צום שאָדן אירן, וואָס וואָלט געגוג געווען אָנצופילן דריי הונדערט, פינף הונדערט יאָר פון דער געשיכטע.

ווען מע זאָל וועלן גראַפיש באַצייכענען די רעוואָליוציע, וואָס איז פאָרן לעצטן האַלבן יאָרהונדערט פאָרגעקומען אין דער טעכניק, אין דער וויסנשאַפט, וואָלט מען דעם אָנהייב פון דער דיאַגראַמע געדאַרפט באַצייכענען מיט אַן אַקער און באָראָנע, און דעם סאָף — מיט אַ טראַקטאָר און קאָמביין. פון איין זייט — אַן עראָפּלאַן, וואָס הייבט זיך אויף אַזש „העכער פונעם העכסטן מויער“ און פליט מיט דער מוירעדיקער שנעלקייט פון פופציק ווערסט אַ שאָ, פון דער צווייטער זייט — אַ הייַנטצייַטיקער לייַנער, וואָס שנייַדט אַדורך צווישן פרישטיק און אָונט־ברויט די העכער זעקס טויזנט מייַל צווישן מאָסקווע און ניו־יאָרק; פון איין זייט — אַ לופטבאַלאָן מיט אַ הענגענדיקן קאָרב, אין וועלכן עס וויגט זיך אַ דרייסטער פליִער, פון דער צווייטער זייט — אַ גיגאַנטישע קאָסמאָס־שיף מיט אַ קאָסמאָנאַווט, וואָס קרייַזט אַרום דעם ערד־קייַלעך, ספּוטניקעס, לוניקעס, ראַקעטן; פון איין זייט — אַ בוכהאַלטער, וואָס זיצט געבויגן איבערן טיש און קנאַקט אויף „שטשאָטעס“, פון דער צווייטער זייט — אַ קיבערנעטישע רעכן־מאַשין, וועלכע מאַכט אין איין שאָ דורך די אַרבעט, וואָס צענדליקער מאַטעמאַטיקער וואָלטן דאַרפן טאָן אַ גאַנצע וואָך; פון איין זייט — דער טויטער קערפּער פון אַ יונגן מענטשן, וואָס איז געשטאָרבן פון טובערקולאָז אָדער פון אַ האַרצפעלער, פון דער צווייטער זייט — אַ ספּאָרטסמען אויף לײַזשעס נאָך אַן אָפּעראַציע אויף זייַן האַרץ אָדער לונגען. אַזעלכע געמעלן וואָלט מען געקאָנט אָנצייכענען נאָך און נאָך.

מיר, מענטשן פון אונדזער עפּאָכע, האָבן איבערגעלעבט אין איין האַלבן יאָרהונדערט מער, ווי די מענטשן פון פריִערדיקע דורות האָבן דורכגעמאַכט אין משך פון עטלעכע יאָרהונדערט. הייסט עס, אַז מיר לעבן לאַנג, זייער לאַנג.

1963

# ז. ווענדראָף

א זעכצניאָריק באָכערל האָט אָן א פּרוטע אין קעשענע אוועקגעלאָזט זיך פון זײַן היימשטאָט סלוצק קיין לאָדזש, וואָס האָט אין יענע יאָרן געשעמט אלס „רוסי־שער מאנטשעסטער". דאָס באָכערל האָט געלעכצט נאָך ארבעט און בילדונג. צוויי שלעכטע מידעס האָבן אים אָבער געשטערט אײַנצוהאלטן זיך לאנג אף איין אָרט: ער האָט ליב געהאט צו שפּאסן און ריידן אנטקעגן. זײַנע באלעבאטים האָבן עס ניט געוואָלט דולדן. דאָס באָכערל האָט אָבער אויך ניט געוואָלט דולדן די מידעס פון די באלעבאטים, און אפן שוועל פונעם צוואנציקסטן יאָרהונדערט, אין 1900 יאַר, האָט ער פארעפנטלעכט זײַן ערשטע קאָרעספּאָנדענץ פון לאָדזש — „פאבריקאנטן אף וויזיט־קארטלעך". אף אזא אופן האָט ער דערלאַנגט די פרײַהײַט צו מעסטן גאנצע טעג די שטאָטישע טראָטוארן. דאָס איז געווען זײַן האָנאָראר.

קיין שרײַבער איז דאָס באָכערל נאָך ניט געוואָרן. אן ארויסגעטריבענער פון נאָך עטלעכע ערטער, האָט ער זיך געלאָזט קיין מאָסקווע. זײַן פארלאנג איז ווידער גע־ווען ארבעט און בילדונג. אָבער אויך דאָ האָט ער זיך לאנג ניט פארהאלטן; ער האָט ניט געקאָנט שאָלעם מאכן מיט דער ראָל פון א רעכטלאָזן האָז. האָט ער זיך אוועק־געלאָזט אין די „פרײַע" מעדינעס. פריִער קיין ענגלאנד, דערנאָך קיין אמעריקע; אָט דאָ וועט ער שוין געוויס האָבן ברויט און בילדונג. זײַן שטיקל ברויט האָט ער ווי־ניט־ווי פארדינט, ווײַל קיין שום ארבעט איז אים ניט געווען צו שווער, אָבער סיס־טעמאטישע בילדונג האָט זיך אים נאָך א היפּשע צײַט ניט אײַנגעגעבן צו באקומען. דערצו האָט ער זיך דערשלאָגן שפּעטער. האָט דער יונגער דאָוויד ווענדראָווסקי גע־שלונגען ביכער, אָן א שיר ארומגעפאָרן, לערנענדיק זיך באם לעבן גופע, און איז מיט יאָרן שפּעטער באלוינט געוואָרן פאר זײַן אײַנגעשפּארטקײַט מיט פרייד און צאר פון שאפן. ס'איז צוגעקומען אין דער יידישער ליטעראטור א שרײַבער — ז. ווענדראָף.

בײס זײַנע פּילצאָליקע וואָגלענישן האָט װענדראָף געשריבן און געדרוקט זיך. דאָס געזעענע און געפּרוּװטע האָט זיך געבעטן אַפן פּאַפּיר. די אופגעבראַכטקײַט אַפן הערשנדיקן אומרעכט האָט געזוכט איר אױסדרוק. אָבער קעדײ צו װערן א שרײַבער אינדערעמעסן, איז געװען נײטיק אומצוקערן זיך אין דער אַלטער הײם. און, װירקלעך, נאָכן קומען צוריק קײן רוסלאַנד, האָט ז. װענדראָף אין מעשעך פון קנאַפּע פינף יאָר, פונעם 1911 ביזן 1916, אַרױסגעגעבן זעקס ביכער דערצײלונגען.

די ערשטע אָנערקענונג האָט ז. װענדראָף באַקומען פאַר צװײ לאַכלוטן ניט ענלעכע װערק, װי פון פאַרשײדענע שרײַבער געשריבענע. דאָס איז געװען „פּראַװאַזשיטעלסטװאָ" — א סעריע גראָטעסק־פאַרצײכענונגען, פול מיט הומאָר, און א זײער טרױעריקע דערצײלונג, אָן א סימען אַפילע פון א שמײכל, באַטיטלט מיטן אומהײמלעכן נאָמען „אין דער פּרעמד".

נאָך „פּראַװאָזשיטעלסטװאָ" זײַנען געקומען דערצײלונגען װעגן קאָלערלײ מעשומאָדים, װעגן קלײנשטעטלדיקע פּראָזשעקטיאָרן, װעגן גװירים־מעיוכאָסים און אופּגעקומענע גװירים, װעגן דיפּלאָמירטע באַלעבעסלעך; נאָך דער דערצײלונג „אין דער פרעמד" זײַנען געקומען אױך אַנדערע דערצײלונגען װעגן דעם לעבן אין דער פרעמד, װוּהין די נױט און רעכטלאָזיקײַט האָט פאַרװאָרפן די פּילצאָליקע ייִדישע און ניט־ייִדישע אימיגראַנטן, װעגן זײער טרױעריקן גוירל אין די שװײץ־שאָפּן פון לאָנדאָן און ניו־יאָרק. ס'איז געקומען „זאָרעך און בולאַני", די דערצײלונג װעגן דעם אַלטן אױסגעדינטן סאָלדאַט און דעם אַלטן אױסגעהאָרעװעטן פערד, בײדע צוגעשמידטע צו אײן ראָד, און נאָך פיל דערצײלונגען װעגן אָרעמע מענטשן, װעמענס טרױמען עס װערן זײער זעלטן פאַרװירקלעכט („װען עס קומט צום לעבן", „זלאַטעס אומגליק" אא.).

װאָס זשע איז דער איקער אין װענדראָפס שאַפן? עפּשער איז זײַן אַרױסטריט באַלד אין אָנהײב אַף צװײ ליניעס א צופעליקער? עפשער האָט דער שרײַבער ניט געקאָנט זיך געפינען? נײן, װענדראָף איז זײער אָרגאַניש אין זײַן שאַפן, ער האָט פון די ערשטע טריט געפילט זיך באַרופן צו װײַזן בײדע זײַטן פון דער מאַטבײע.

װענדראָף געהערט ניט צו דעם מין שרײַבער־גאָלדשמידן. ניט קײן געטאָקטע אײדלשטײנער דאַרף מען זוכן אין זײַן פּראָזע. זײַן שרײַבערישער אופּטו ליגט אין עפּעס אַנדערש. אין װענדראָפן האָט זיך אַף א גליקלעכן אופן באַהעפט דער טאַלאַנט פון א פּובליציסט און בעלעטריסט. אין זײַנע אַרטיקלען איז צו געפינען גאַנצע שטיקער מײַסטערישע קינסטלערישע פּראָזע, פּונקט װי אין די דערצײלונגען איז צו געפינען פּובליציסטישע באַטראַכטונגען און אָפּװײַכונגען, דירעקטע, אַנטבלױזטע

אָפּשאַצונגען פון דעם פון אים געשילדערטן. „פּראוואָזשיטעלסטוואָ“ האָט געהאַט ביז גאָר א גרויסן רעזאָנאַנס. די דערציילונגען זײַנען איבערגעזעצט געוואָרן אף רוסיש, אייניקע פון זיי אף ענגליש און דײַטש, מיט אויסצוגן פון „פּראוואָזשיטעל־סטוואָ“ איז פון דער טריבונע פון דער צווייטער מעלוכע־דומע איליוסטרירט געוואָרן די רעכטלאָזיקײַט פון די ייִדישע פאָלקסמאַסן אין צארישן רוסלאַנד.

זייער ציִלגעווענדט, מיט גרויס אקשאָנעס האָט דער שרײַבער אָנגעהויפּט אין זײַנע ביכער דערציילונגען־פאַסירונגען. די סיטואַציעס, אין וועלכע דער פּאָליציייִשער שטיוול שלײַדערט ארײַן זײַנע פּערסאָנאַזשן, זײַנען איינע ווילדער און אומגעלומפּער־טער פון דער צווייטער: אויב א מיידל שטרעבט צו בילדונג, מוז זי זיך באַזאָרגן מיט א געלן בילעט אָדער פיקטיוו כאַסענע האָבן; אויב א מאַן וויל געבן ברויט זײַן ווײַב און קינדער, יאָגט זיך נאָך אים די פּאָליציי, ווי נאָך א גאַנעוו. ער איז געצוווּנ־גען אויסצובאַהאַלטן זיך אף בוידעמער, ארויסשפּרינגען אין די נעכט אין איינע וועש אפן פראָסט; אויב א מענטש באַגייט אפילע א העלדנטאַט און שטעלנדיק אין געפאַר דאָס לעבן, ראַטעוועט ער א ווילד־פרעמדן, וואָס טרינקט זיך, ווערט ער דערפאַר ניט באַלוינט, נאָר באַשטראָפט, ווײַל דער געזעץ פאַרבאָט אים צו וווינען אין דער שטאָט, ווו ער איז באַגאַנגען זײַן העלדנטאַט.

די באַדײַטונג פון „פּראוואָזשיטעלסטוואָ“ ווערט ניט אויסגעשעפּט מיטן פּראָ־טעסט קעגן נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג. אין זײַן ווערק האָט דער שרײַבער אופגע־שטעלט א שאַנד־מאָנומענט דעם „אויבער־אוריאַדניק ניקאָלײַ ראָמאַנאָוו“, וואָס אונטער זײַן הערשאַפט האָבן טויזנטער קלענערע אוריאַדניקעס „געטראָטן די רוסישע ערד“ מיט אירע ראַכוועסן, מיט אירע רײַכטימער, מיט איר פאָלק, מיט די בעסטע מענטשן פון פאָלק.

וויאַזוי זשע האָט די פראָנטאַלע פאַסירונג־צייכענונג זיך אײַנגעלעבט בא ווענ־דראָפּן מיט דער לירישער שטייגער־שילדערונג? דאָפּקע זייער וויל. אין „פּראוואָ־זשיטעלסטוואָ“ איז דער באַוולטער געשטעלט געוואָרן פּאָנעם־על־פּאָנעם מיט זײַן פאַרפאָלגער. דעם שרײַבערס ענערגיע איז דאָ געווען אָנגעווענדט אף צו ווײַזן, וואָס עס קאָן נאָר טרעפן אין צארישן רוסלאַנד. פונדאַנען איז געגאַנגען אזא ברייטע וואַריאַציע פון פאַסירונגען. אין די שטייגער־דערציילונגען ווערט דער באַוול־טער באַוויזן אין זײַן טאָגטעגלעכער עקזיסטענץ, מיט זײַן אינדיווידועלער פּסיכאָ־לאָגיע. דאָס איז די פאָרזעצונג פון דער פּראָבלעם „פּראוואָזשיטעלסטוואָ“. ס'איז דער טכום גופע. ווען מע נעמט אין באַטראַכט ביידע ליניעס אין ווענדראָפּס שאַפן, ווערט

פיל דײַטלעכער דער הויפּט־פּאַטאָס פונעם שרײַבער — ס׳גייט דאָ ניט בלויז אינעם ווײַן־רעכט, ס׳גייט אין רעכט אף לעבן.

און ווען נאָך דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט די ייִדישע אָרעמקייט מיט דער הילף פון דער סאָוועטנמאכט א ריס געטאָן זיך צו ערדארבעט, האָט דער שרײַבער אין דעם אײַנגעזען די באשטעטיקונג פון רעכט אף לעבן פאר זײַן פאָלק. דער פּראָדוקטיוויזירונג פון די ייִדישע פּאָלקסמאסן האָט ווענדראָף געווידמעט פיל באַגײַסטערטע פארצייכענונגען.

אין 1941 יאָר איז אין מאָסקווע דערשינען ווענדראָפס בוך „אפן שוועל פון לעבן“[1]. אין דעם בוך האָבן זיך הארמאָניש צונויפגעגאָסן ביידע הויפּט־שטראָמען פון זײַן שאפן. דער שרײַבער האָט זיך דאָ דערהויבן צו דעם איידעלן הומאָר, וואָס ניט נאָר ער לאכט אויס דאָס בייזע, ניט נאָר ער שפּיגלט אָפּ באשטימטע לעבנס־סיטואציעס, נאָר עס גייען אין אים אוף אויך שפּראָצן פונעם אלמענטשלעכן, אייביקן.

„א פערד איז דיר ניט קיין מענטש, א פערד האָט ליב לאסקע“, — זאָגט דאָס ווײַסרוסישע ייִנגל וואסקע לאָפּוך מיט דער באדאכטקייט, וואָס שטאמט פון ביטערער פויערשער דערפארונג („אפן וועג צום צויבער־לאנד“). דאָס בוך „אפן שוועל פון לעבן“ איז פול מיט גוטסקייט, מיט מילדקייט, מיט „לאסקע“ דאפקע צו מענטשן. דער שרײַבער, וואָס זײַן געווער איז דאָסראָוו געווען בייזע איראָניע, האָט דאָ געעפנט זײַן הארץ. קינדער פון די הינטערגעסלעך, יוגנטלעכע ארבעטער, וואָס פירן דורך דעם ערשטן שטרײַק, פּאַשעטע פאָלקסמענטשן — יידן, ווײַסרוסן, פּאָליאקן — זײַנען באהויכט מיט ליבע. איבערהויפּט איז עס שײַעך צו די קינדער — אין די געשטאלטן פון זיאמקען, פון וואסקען, פון פּאוויליקן איז פארקערפּערט די פּאָעזיע פון קינדהייט.

בא דעם אלעמען בלײַבט ווענדראָף טרײַ זײַן בייזקייט. מײַסטערהאפט זײַנען בא אים אָנגעמאָלט סײַ פאָרטרעטן פון „פּאטריארכאלע“ באלעבאטים, סײַ פון אונטערנעמער פון דער נײַסטער קאפּיטאליסטישער פאָרמאציע. זעלבסטהערשער אף זייערע פאבריקן, ענלעכע צו טפּיסעס, שטאָלצע אייגנטימער פון גרויסע סכוירע־לאגערן, ווערן זיי נישטיק און קליין בא דער באגעגעניש מיט א מעכטיקערן פון זיך, דער פארביסענער שאָוויניזם שטערט זיי ניט אָפּצוזאָגן זיך פון זייער נאציאָנאלער ווירדע, ווען עס האנדלט זיך וועגן א קונד, וואָס איז „ווערט“ א צען מיליאָן.

---

[1] אין אונדזער אויסגאבע גייען די דערציילונגען פונעם דאָזיקן בוך אין דער סעריע „אָנהייב וועג“.

װענדראָף האָט ליב דאָס פאָלק, און טאַקע דערפאַר איז אים פרעמד די סענטי־מענטאַלע היספּײַלעס פאַר יעדן איינעם, װאָס שטאַמט פון די אָרעמע שיכטן. פאַר־קערט, דער שרײַבער פאַרשטייט, אַז אין אַ געזעלשאַפט, װאָס איז געבױט אַף אומ־רעכט, גייט די דעמאָראַליזאַציע גאַנץ טיף:

אפילע אונטן, אין קעלער, װוּ „יונגען און מענטשן אַרבעטן אַלע גלײַך שװער און לעבן אַלע גלײַך שלעכט", אַפילע דאָרטן לעבט די באַדערפעניש צו האַלטן עמעצן אַ ביסעלע נידעריקער פון זיך („אַפּן געװוענטענעם אינדזל").

אָט די קנעכטישע פּסיכאָלאָגיע איז באַזונדערס אױסגעדריקט אין דעם געשטאַלט פון דעם אַרבעטלאָזן פישל קרוק, װאָס גייט פון שװעל צו שװעל זוכן אַרבעט. זײַן האַכנאָעדיקע זיסקײַט באַהאַלט אױס אַ פּאָטענציעלן רױבער. פישל קרוק כאַראַק־טעריזירט מיט זיך די קאַדרען פון קאַפּיטאַליזם, װאָס װערן װערבירט פון אונטן.

אַפילע אין דער שיינער שפּרינצל מיט איר קלוגיטשקן שמייכל איבער דעם יונגן אײַנבינדערס עקזאַלטירטער ליבע צו איר, פּונקט װי „זי װאָלט אַלט געװען װייניקסטנס צװיי מאָל זיבעצן", זעט דער שרײַבער ניט בלױז אַ פּראָזאַישע נאַטור. אין איר „פּריציײַטיקער פּראַקטישקײַט, געבוירן פון פּריציײַטיקער אַרבעט און שטענדיקער נױט", זעט ער אױך אַ מין גרימאַסע פון קאַפּיטאַליזם. ניט אומזיסט װערט שפּעטער דאָס מיידל מיט די „אומשולדיקע גרעטכען־אױגן" פאַרװאַנדלט אין דער „שװערלײַביקער מיסיס װינסטאָן, מיט אַ דרײַשטאָקיקן גױדער, מיט אַ פול מױל גאָלדענע ציין און מיט בריליאַנטענע רינגען אַף אַכט פון אירע צען פעטע פינגער" („גרעטכען פון בעסוילעם־געסל").

האַגאַם דאָס בוך „אַפּן שװעל פון לעבן" איז געשריבן אין דער ערשטער פּערזאָן און דערציילט װעגן די געשעענישן, װאָס האָבן, װאַרשײַנלעך, פּאַסירט מיטן שרײַבער גופע, איז עס דאָך ניט קיין טיפּיש אױטאָביאָגראַפיש װערק. ס'איז דאָ ניטאָ קיין קעסיידערדיקײַט אינעם דערציילן, קיין שטרעבונג צו פאַקטישער װאָרהאַפטיקײַט. דער שרײַבער, װאָס האָט פיל געזען אין זײַן לעבן, דערציילט װעגן דעם געזעענעם, שעפּנ־דיק כּיעס און שטאָף פון זײַן אייגענער קינדהײַט און יוגנט, פון זײַן נאָענטסטער אַרומרינגלונג. און דאָך קלערט דאָס בוך פיל אױף אין װענדראָף דעם מענטש און שרײַבער. דער יונגער העלד פונעם בוך, װאָס זײַן לעבנס־װעג פירט אים, דוכט זיך, פון דורכפאַל צו דורכפאַל, שפּאַנט פאַראַקשנט װײַטער און װערט קיינמאָל ניט באַ־זיגט מאָראַליש. אין זײַן בײזלעכער אײַנגעשפּאַרטקײַט, אין זײַן טראָציקײַט און דער איינצײַטיק עטװאָס איראָנישער באַציִונג צו זיך אַליין, אין דער אײַנגעבױרענער אָנ־פּניעסדיקער אָנשטענדיקײַט איז ער געװיס ענלעך צו זײַן שעפער. ניט נאָר אין דער

יוגנט, נאָר אויך איצט, ווײַל ס'איז זעלטן צו טרעפן א שרײַבער, וואָס זײַן פּערזענ־לעכקייט זאָל זײַן אזוי ענלעך צו דעם, וואָס ער שרײַבט, ווי דאָס איז צו מערקן בא ווענדראָפּן.

אויב מע זאָל גלייבן דעם קאַלענדאר, מוז מען מודה זײַן, אז ווענדראָף איז איצט אַלט נײַנציק יאָר; אויב מע זאָל גלייבן דעם שרײַבער גופא, איז ער איצט גאָר "יונג", נײַנציק יאָר, ווי עס זאָגט איידעס זײַן שארפזיניקער פעליעטאָן "א סגולה קעגן על־טער", געשריבן צום 80־יאָריקן יובילײ. דער סאָד פון ווענדראָפּס יונג זײַן באשטייט ניט דערין, וואָס פון דער נאטור איז דער שרײַבער געבענטשט מיט געזונט, ווענ־דראָפּס סגולה איז גײַסטיקע יוגנט, וואָס ווייַט ניט שטענדיק פאלט זי צונויף מיטן פיזישן עלטער פונעם מענטשן. ווען דער אידעאל פון א גליקלעכער עלטער זאָל זײַן אזא גאניידן, ווו "מע עסט און מע טרינקט און טאָן טוט מען גאָרנישט", וואָלט דאן ווענדראָף געווען דער אומגליקלעכסטער מענטש אף דער וועלט. זײַן סגולה באשטייט דאָך טאקע דערין, וואָס מיט אלע זײַנע כּושים, מיט זײַן גאנצן מענטשלעכן מעהוס איז ער קעגן אזא מין גאניידן. דערפאר טאקע איז גילטיק זײַן "סגולה קעגן עלטער", דערפאר טאקע איז ער פייִק אָנצושרײַבן אין דער טיפער עלטער אזא פארצייכענונג, ווי "יוגנט — אונדזער אויצער".

ביזן הײַנטיקן טאָג דערקענען מיר אין ווענדראָפּס ווערק אָט יענץ זעכציאָריק באָכערל, וואָס האָט אָן א פּרוטה אין קעשענע אװעקגעלאָזט זיך אין דער ווײַטער וועלט, לעכצנדיק נאָך ארבעט און בילדונג. מיר דערקענען דעם שרײַבער — דעם קונדעס, דעם אָפּלאכער, וואָס האָט אומדערמידלעך געפאָדערט פאר די אונטערדריקטע פאָלקסמאסן רעכט אף לעבן.

ריווקע רובין

# אינהאלט

## אונדזער גאס



## אָנהייב וועג

*Вендров З.*

*(Вендровский Давид Ефимович)*

НАША УЛИЦА

*(На еврейском языке)*

М. «Советский писатель» 1967 г. 560 стр.
Тем. план выпуска 1966 г.
*Редактор Р. Р. Рубина*
Художник *В. Б. Эльконин*
Худож. редактор *Е. Ф. Капустин*
Техн. редактор *Р. Я. Соколова*
Корректор *Б. А. Гершман*

Сдано в набор 14/XI 1966 г.
Подписано в печать 26/VI 1967 г.
А01562. Бумага 70×108¹/₃₂ № 1
Печ. л. 17¹/₂ + 1 вкл. (24,59) Уч. изд. л. 24,03
Тираж 7.500 экз. Заказ 2064.
Цена 95 коп.

Издательство «Советский писатель»
Москва К-9, Б. Гнездниковский пер. 10

Московская типография № 7 Главполиграфпрома
Комитета по печати при Совете Министров СССР
пер. Аксакова, 13

35–2064